# גראַף

# מאנטע קריסטא

— פון —

## אלכסנדר דיומא

איבערזעצט און בעאַרבייט

— פון —

## י. יאפפא.



היברו פאבלישינג קאמפאני
52־50 עלדרידזש סטריט, ניו יאָרק

## 1טעס קאַפּיטעל.

# מאַרסייל.—דיא אַנקונפט.

דען 24טען פעברואַר, 1815, האט דיא גלאָקקע פון דער קירכע נאָטרע־דאַם אַנגעזיקונדיגט די אַנקונפט פון דיא דריי־זעגעלדיגע שיף „פאַראַאָן", וועלכע איז געקומען פון סמירנע, טריעסט און נעוואהל. וויא געוויינליך זיינען געשטאַנען לעבען האפּפען נייגעריגע און האבען געזעהען וויא דיא שיף גייט צו צום ברעג.

דיא שיף האט געדאַרפט דורכגיין א שמאַלען און געפעהרליכען גאַנג, אבער דער רעגירער פון איהר איז געוועזען א מוטהיגער און ענטשלאָסענער מאַטראָז, וועלכער האָט פערשטאַנען זיין זאך. ער איז געגאַנגען אויף אַ קליין שיפעל פאַראויס און האָט געפיהרט דיא שיף.

ווען דיא שיף איז צוגעגאַנגען צום ברעג, איז דער יונגער מאַן אַראָפּ פון שיפעל און איז ארויף אויפ'ן גרויסען. אין דער זעלבער צייט האט ער געזעהען צוגייענדיג צום ברעג א מאַן, פאַר וועלכען ער האט אראָפּגענומען זיין הוט און האט זיך געשטעלט לעבען באָרד פון שיף. ער איז געווען א יונגער מאַן פון א יאָהר אכצעהן ביז צוואנציג, הויך, שלאַנק, מיט שיינע שווארצע אויגען און פעך־שווארצע האאר. אין דיעזער גאַנצער פערזאָן איז געוועזען יענע רוהיגע האלטונג און בעזאָנדערע ענטשלאָסענהייט, וועלכע מען איז געוויינט צו זעהען ביי מענשען, וועלכע זיינען געוויינט פון דער יוגענד אָן צו קעמפּפען מיט דיא גרעסטע געפאַהרען.

— אָה! דאָס זייט איהר, דאַנטעס! האט דער צוגעקומענער מאַן א געשריי געטהאָן. און וואָס איז עס ביי אייך פאַר א טרויעריגקייט אויפ'ן גאַנצען שיף?

— אַ גרויסער אונגליק, הערר מאָררעל! האָט געענטפערט דער יונגער מאַן; א גרויסער אונגליק, איבערהויפּט פאַר מיר. לעבען סיוויטאַוועשיא האבען מיר פערלאָרען אונזער בראַווען קאַפּיטאַן לעקלער.

— און דיא סחורה? האָט יענער שנעל געפרעגט.

— אלעס איז זאָנסט גליקליך אָנגעקומען, הערר מאָררעל; איהר וועט זיין צופריעדען מיט מיין ראַפּאָרט. אָבער דיעזער אָרימער קאַפּיטאַן לעקלער....

— וואָס האָט איהם דען פּאַסירט? האט מאָררעל געפרעגט, שוין שיינענד בערוהיגט, וואָס האט דען דעם אָרימען קאַפּיטאַן פּאַסירט?

— ער איז טויט.

— אריינגעפאַלען אין ים?

— ניין, מיין הערר. געשטאָרבען פון א געהיר'ן פיבער אין שרעקליכע ליידען. און אומקעהרענדיג זיך צו זיינע לייט האט דער יונגער מאַן א געשריי געטאָן:

— הע, יעדערער אויף זיין פּלאַץ, און אנקערט דיא שיף. דיא מאַטראָזען האָבען זיך א וואָרף געטאָן צו זייערע פּאָסטען. ווען דער יונגער מאַן האָט, מיט איין אויג פון א גוטען מאַטראָז, געזעהען אז יעדערער טוט זיין זאַך, האט ער זיך געווענדעט צו זיין אונטערהאַלטער.

— און וויא איז דער אונגליק געקומען? האט איהם מאָררעל געפרעגט.

— אויף גאנץ אונגעריכטעטער וויזע, אז מיר האָבען פערלאָזען נעאַפּעל, האָט דער קאַפּיטאַן לעקלער געהאט א לאנגע אונטערהאַלטונג מיט דעם קאָמענדאַנט פון פּאָרט און האט איהם פערלאָזען זעהר אויפגערעגט; אין פיער און צוואנציג שטונדען שפּעטער האט איהם געכאַפּט דער פיבער, און אין דריי טעג ארום איז ער געווען טויט.... מיר האבען איהם געמאכט דיא געוויינליכע בעערדיגונג; מיט א געוויכט פון זעקס און דרייסיג פונט אויף דיא פיס און אויפ'ן קאָפּף רוהט ער יעצט אין ים לעבען אינזעל פון על זשיגליאָ. מיר ברייננען זיין עהרען שווערד צו זיין אלמנה. עס איז טאקע ווערטה געווען, האָט דער יונגער מאַן מיט א טרויעריגען שמייכעל פאָרגעזעצט. צו זיין צעהן יאָהר אין מלחמה מיט דיא ענגלענדער, און נאכהער צו שטארבען, אזוי וויא יעדער מענש, אין זיין בעט.

דער יונגער מאַן האט דערויף געגעבען א בעפעהל, אז מען זאָל אראָפּלאָזען דיא זעגעל, זיין בעפעהל איז אויסגעפיהרט געוואָרען מיט דער פּינקטליכקייט פון א קריעג־שיף.

— ווען איהר ווילט יעצט ארויפגיין אויפ'ן שיף, הערר מאָררעל, האט דאַנטעס געזאָגט, ווען ער האט בעמערקט זיין אונגעדולדיג, אָט איז אייער געשעפטספיהרער העררן דאַנגלאַר וועלכער קומט ארויס פון זיין קאַיוטע, ער וועט אייך געבען אלע אויסקונד־שאַפטען איבער אונזער וועג. וואָס מיך אָנבעטרעפט, מוז איך אויפפּאַסען וויא מען אנקערט דיא שיף, און הייסען זיי אָנטאָן אין טרויער.

מאָררעל האט זיך עס ניט געלאָזען צוויי מאָל זאָגען. אויף דעם שטריק לייטער וואָס דאַנטעס האט איהם צוגעוואָרפען, האט ער ארויפגעקלעטערט אויפ'ן שיף וויא איין עכטער מאַטראָז און איז צוגעגאנגען צו דאַנגלאַר, וועלכער איז איהם געגאנגען ענטגעגען.

דער ניי־צוגעקומענער איז געווען א מאַן פון א יאָהר פינף זעכס און צוואנציג, מיט א פינסטערען געזיכט, אונטערטהעניג צו זיינע בעפעהלער, גראָב געגען זיינע בעדיענטע און אויסער דעם וואָס דיא מאַטראָזען האָבען פיינד געהאַט א געשעפטסמאַן, איז ער נאָך געווען שלעכט אנגעזעהען אלס פערזאָן פון אלעמען, וועלכע האָבען דאגעגען געליעבט און געאכטעט דאַנטעס.

— נו, הערר מאָררעל, האָט דאַנגלאַר געזאָגט, איהר מוזט שוין וויסען פון דעם אונגליק?

— יא, יאָ. ארימער קאַפּיטאַן לעקלער! ער וואַר אָ בראַווער און עהרליכער מאַן!

— איבערהויפּט איין אויסגעצייכענטער מאַטראָז, וועלכער איז אלט געוואָרען אי אזאַג רויסע הויז וויא מאָררעל און זאָהן, האָט דאַנגלאַר געענטפערט.

— אָבער, האָט מאָררעל געזאָגט, קוקענדיג אויף דאַנטעס וויא ער קאָמאַנדעוועט אויפ'ן שיף, מען דארף נאָר ניט זיין אלט, אום צו קענען א האַנדווערק. אָט זעהט דאַנטעס;

ער איז נאָך גאָר א יונגער מענש, אָבער מען דארף ניט האָבען קיין בעסערן מאטראָז וויא ער.

— יא, האָט דאנגלאַר געזאָגט, א וואָרף טאָנדיג א בליק פול מיט האס אויף דאנטעס, ער איז יונג, און ער האָט פאר קיין זאַך קיין מורא ניט; קוים איז דער קאַפּיטאַן געשטאָרבען, האָט ער שוין גענומען דיא פיהרונג פון שיף אָהנע וועמען א וואָרט צו פרעגען, און האט אונז געמאכט פערליערען אַנדערהאלבען טעג אויפ'ן אינזעל עלבע, אנשטאָט צו פאָהרען דירעקט נאָך מארסייל.

— וואָס אַנבעטרעפט דיא קאָמאנדירונג פון שיף, איז עס געווען זיינע פפליכט איבערצונעמען, דען ער איז געווען דער הילפס־קאַפּיטאַן, אָבער אז ער האָט זיך אָפּגע־האלטען אַנדערהאלבען טעג אויפ'ן אינזעל עלבע, האט ער געהאט אונרעכט. סיידען ער האָט געהאט עטוואָס צו פעררריכטען אין שיף.

— דאָס שיף האט זיך בעפונדען וואויל, אזוי וויא איך בעפינדע מיך וואויל, און אזוי וויא איך ווינש אייך, אז איהר זאָלט זיך בעפינדען, הערר מאָררעל; און דיעזע אַנדערהאלבען טעג זיינען פערלאָרען נאר דורך ריינעם קאפריז, ווייל עס האט זיך געוואָלט אפשטיינען אויף לאנד.

מאָררעל האט גערופען דאנטעס צו זיך; יענער האָט דערווייל געגעבען דיא לעצטע בעפעהלע אויפ'ן שיף.

— זעהט איהר, האָט דאנגלאַר געזאָגט, אויף מיין וואָרט, ער מיינט, אז ער איז שוין קאַפּיטאַן.

— און דאָס איז ער טאקע, האט מאָררעל געזאָגט.

— יא, אָבער אחוץ אייער זיגנעל און אייער קאָמפּאַניאָן'ס, הערר מאָררעל.

— און פאר וואס זאָל ער ניט בלייבען אויף דיעזען פּאָסטען? האט מאָררעל געזאָגט. ער איז נאך אפילו יונג, אָבער ער שיינט מיר צו זיין פעהיג און גענוג ערפאהרען דערצו. א וואָלקען איז אריבער איבער דאנגלאַר'ס געזיכט.

— פערצייהט מיר, הערר מאָררעל, האט דאנטעס געזאָגט צוגעהענדיג, יעצט אז דיא שיף איז שוין געאנקערט, בין איך אין גאנצען צו אייערע דיענסטען: איהר האט מיך דאכט זיך, גערופען?

דאנגלאַר האָט געטאָן א טריט צוריק.

— איך האב אייך געוואָלט פרעגען, צו וואָס איהר האט זיך אָפּגעשטעלט אויפ'ן אינזעל עלבע?

— איך ווייס עס ניט, מיין הערר; עס וואר אום צו ערפילען דעם לעצטען וואונש פון קאַפּיטאַן לעקלער, וועלכער האָט מיר פאר'ן שטארבען איבערגעגעבען א פּאַקעט פאר'ן גרויסען מארשאל בערטראַן.

— האָט איהר איהם דאָך געזעהען, עדמאָן?

— וועמען?

— דעם גרויסען מארשאל?

— יא.

מאָררעל האט זיך ארומגעקוקט און האט גענומען דאנטעס אָן א זייט.

— און וואָס מאכט דער קייזער? האָט ער מיט האסט געפרעגט.

— גוט, אזוי פיעל וויא מיינע אויגען האבען געקענט אורטהיילען.

— איהר האט אלזאָ דעם קייזער אויך געזעהען?

— ער איז אריינגעקומען, וועהרענד איך בין געוועזען ביים מארשאל.

— האָט איהר מיט איהם גערעט?

— דאָס הייסט, ער האט צו מיר גערעט, מיין הערר, האָט דאנטעס מיט א שמייכעל געענטפערט.

— און וואָס האט ער אייך געזאָגט?

— ער האט צו מיר גערעט וועגען שיף און וועגען איהרע מאנשאפט, און מיר שיינט, אז ער האט זיא געמיינט צו קויפען, אָבער אז איך האב איהם ערקלערט, אז איך בין ניט מעהר וויא א געהילפע און אז דאס שיף געהערט צו דיא שיפּאונטערנעהמער מאָררעל און זאָהן האָט ער אויסגערופען, אז ער קען דיעזען נאָמען, און דאָס ער האָט מיט איינעם פון אייער פאמיליע געדיענט אין איין פאָלק.

— זעהר ריכטיג! האט אויסגערופען מאָררעל, דאס איז געוועזען מיין פעטער. איהר האט גוט געטאָן, האָט ער אין א ווײלע ארום, אַנקלאָפּענדיג דעם יונגען מאן אויף דער פּלייצע, צוגעזעצט, וואָס איהר האט זיך אָפּגעשטעלט אויפ'ן אינזעל עלבע, אָבוואָהל עס קען אייך שאָדען, ווען מען וועט זיך דערוויסען, אז איהר האט איבערגעגעבען פון קאפּיטאן לעקלער א פּאקעט דעם מארשאל און איהר האט גערעט מיט'ן קייזער.

— אָבער וואס קען עס מיר שאָדען, ליעבער הערר, איך וויים אפילו ניט, וואָס אין דעם פּאקעט איז געוועזען, אונד דער קייזער קען דאָך ריידען צו וועמען ער וויל. אָבער ערלויבט מיר, האָט דאנטעס ווייטער געזאָגט, אָט קומען דיא צאָהל־בעאמטע.

— טהוט אייער זאך, מיין ליעבער דאנטעס.

דער יונגער מאן איז אוועקגעגאנגען און דאנגלאר איז צוגעגאנגען צו מאָררעל. ער האט איהם געפרעגט אויב ער האט איהם געגעבען א גוטען תירוץ וועגען דעם אָפּשטעל־ל'ען זיך אויפ'ן אינזעל און מאררעל האט געענטפערט, אז ער האט איהם געגעבען איין אויסגעצייכענטע אנטוואָרט.

— האָט ער אייך איבערגעגעבען א בריעף פון קאפּיטאן? האט דאנגלאר ווייטער געפרעגט.

— האט ער דען געהאט א בריעף צו מיר? האָט יענער געפרעגט.

— איך האב געגלויבט, אז אויסער דעם פּאקעט, האט איהם דער קאפּיטאן, איבערגעגעבען א בריעף אויך.

— פון וועלכען פּאקעט רעדט איהר, דאנגלאר?

— פון דעם, וועלכען דאנטעס האָט איבערגעגעבען אויפ'ן אינזעל.

— פון וואנען ווייסט איהר, אז ער האט איבערגעגעבען א פּאקעט אויפ'ן אינזעל?— דאנגלאר איז רויט געוואָרען.

— איך בין פערבייגעגאנגען דעם קאפּיטאנס קאיוטע, פון וועלכע דיא טהיר איז געוועזען האלב אָפּפען, האב איך געזעהען וויא ער האָט איבערגעגעבען דאנטעס'ן דעם פּאקעט מיט א בריעף.

— איך האב דעריבער מיט דאנטעס ניט גערעט, האט דער שיפאונטערנעהמער געזאגט. אויב ער האט א בריעף פאר מיר, וועט ער מיר איהם אפגעבען.

דאנגלאר האט זיך א ווײלע איבערלײגט און האט געבעטען מארעל, אז ער זאל דעריבער גאר ניט זאגען דאנטעס, דען עס קען זיין אז ער האט א טעות געהאט דערויף איז דאנטעס צוגעגאנגען. דאנגלאר האט אפגטרעטען.

מארעל האט דאנטעס געפרעגט, אויב ער איז שוין פערטיג אויפ'ן שיף, און דיעזער האט אהים געענטפערט אז אללעס איז שוין אין ארדנונג.

— ווילט איהר גיין צו אונז עסען דיענער?

— ענטשולדיגט מיר, הערר מארעל, ענשולדיגט מיר, איך בעט אייך, מיין ערסטער וויזיט געהערט מיין פאטער: פון דעסטוועגען דאנק איך אייך ניט וועניגער פאר דיא עהרע, וועלכע איהר מאכט מיר.

— זעהר ריכטיג, דאנטעס, זעהר ריכטיג. איך וויים אז איהר זייט א גוטער זון. אבער נאך דיעזער וויזיט וועט איהר קומען צו אונז.

— פערצייהט מיר נאך א מאל, הערר מארעל, נאך דיעזער וויזיט האב איך נאך איינע, וועלכע איז מיר ניט וויניגער טייער.

— אה! עס איז וואהר, דאנטעס: איך האב פערגעסען, אז אין דיא קאטאלאנס איז דא א פערזאן, וועלכע ערווארטעט אייך ניט מיט וויניגער א נגעדולד וויא אייער פאטער: דאס איז דיא שיינע מערסעדעס. דאנטעס האט געשמייכעלט.

— אזוי! אזוי! האט דער שיפאונטערנעהמער געזאגט. יעצט וואונדערט מיך שוין ניט, וואס זיא איז דריי מאל געקומען פרעגען נייעס וועגען „פאראאן"! צום טייפעל! עדמאן; איהר זייט גאר ניט צו בעדויערען; איהר האט א שיינע געליעבטע!

— זיא איז ניט מיין געליעבטע, מיין הערר, האט דאנטעס ערנסט געזאגט זיא איז מיין כלה.

— מאנכעס מאל איז דאס איינס און דאס זעלבע, האט דער שיפאונטערנעהמער געזאגט לאכענדיג.

— ניט פאר מיר, מיין הערר, האט דאנטעס געענטפערט.

— גוט, גוט, מיין טייערער עדמאן, האט דער שיפאונטערנעהמער פארטגעזעצט, איך וועל אייך מעהר ניט אויפהאלטען; דארפט איהר געלד?

— ניין, איך האב נאך מיין גאנצען געהאלט פאר דיא לעצטע דריי מאנאט.

— איהר זייט איין ארענטליכער, שפארזאמער יונגער מאן, דאנטעס.

— זעצט נאך צו, אז איך האב איין ארימען פאטער, הערר מארעל.

— יא, יא, איך וויים, אז איהר זייט א גוטער זון. גייט צו אייער פאטער: איך האב אויך א זון, און וואלט זעהר בייז געווען אויף יענעם, וועלכער וואלט איהם נאך א דריי מאנאטליכע רייזע צוריקגעהאלטען. יא, נאך עטוואס: האט אייך דער שטערבענדער לעקלער ניט געגעבען א בריעף פאר מיר?

— עס איז איהם געווען אונמעגליך צו שרייבען אבער דאס ערא̇ינ̣רט מיך, אז איך וועל ביי אייך דארפען בעטען אויף צוויי וואכען אורלויב.

— אודאי אויף חתונה צו האָבען?

— צו ערסט דאָס, און נאכהער צו פאָהרען אין פאריז.

— גוט, גוט, איהר האט צייט דריי מאָנאט, וועהרענד דעם אָפּלאָדען און אויפלאָדען פון שיף. אין דריי מאָנאט ארום, האט מאָררעל, אָנקלאַפּענדיג דאנטעס אויף דער פּלייצע, געזאגט, דארף פאראאָן האבען זיין קאפּיטאָן.

— זיין קאפּיטאָן! האט דאנטעס אויסגערופען מיט גלענצענדע אויגען פאר פרייד. נעמט זיך אין אכט, מיין הערר, דען איהר וועט האָבען צו פערענטפערען אויף דיא געהיימניסטע האָפנונג פון מיין הארץ. איהר ווילט מיך אלזאָ מאכען צום קאפּיטאן פון פאראאָן?

— ווען איך וואלט געווען אליין, מיין ליעבער דאנטעס, וואָלט איך אייך געזאָגט, אז איהר זייט עס שוין, אבער איך האב נאך א קאָמפּאניאָן אבער איך וועל עס שוין מאַכען.

— אָה! הערר מאָררעל, האט אויסגערופען דער יונגער זעעמאָן מיט טרערען אין דיא אויגען און אָנכאַפּענדיג דיא הענד פון דעם שיפאונטערנעהמער: הערר מאָררעל, איך דאנק אייך אין נאמען פון מיין פאָטער און מערסעדעס.

— גוט, שוין גוט, עדמאָן; געהט צו אייער מערסעדעס, און קומט שפּעטער צו מיר.

— ווילט איהר, אז איך זאל אייך ברייננען אויפ'ן לאנד?

— ניין, איך דאנק; איך מוז נאך בלייבען דאָ זיך אָפּצורעכענען מיט דאנגלאר. זייט איהר געווען צופריעדען מיט איהם וועהרענד דער רייזע?

— עס היינגט אָפּ וויא איהר שטעלט דיא פראגע. אויב אלס קאמעראד, איז ניין, דען פון דער צייט אָן, זייט איך האב מיט איהם געהאט א קליינעם שטרייט און איך האב איהם פאָרגעשלאגען דיעזען שטרייט אויסצוגלייכען אויפ'ן אינזעל מאָנטע־קריסטאָ, וועלכען ער האט אָפּגעשלאָגען, האט ער מיך פיינט. אויב איהר פרעגט מיך דאס אלס געשעפטס־פיהרער, האב איך געגען איהם גאר ניט וואס אויסצוזעצען.

— זאָגט מיר אָבער, האט מאָררעל געפרעגט, דאנטעס, ווען איהר וואלט געווען דער קאפּיטאָן פון פאראאָן, וואלט איהר בעהאלטען דאנגלאר אויפ'ן שיף?

— קאפּיטאָן אָדער געהילפע, הערר מאָררעל, וואלט איך אלע מאל געשעצט דיא מענשען, וועלכע האבען דאס פערטרויען פון מיינע שיפאונטערנעהמער.

נאך אייניגע פריינדליכע ווערטער האט דער יונגער מאן גענומען אָפּשיעד פון שיפאונטערנעהמער און איז ארונטערגעשפרונגען אין א קליין שיפעל, אין וועלכען עס זיינען געזעסען צוויי מאטראָזען.

דער שיפאונטערנעהמער האט איהם שמייכלענדיג געפאָלגט מיט דיא אויגען ביז צום ברעג; ער האט איהם געזעהען ארויפשפּרינגענדיג אויפ'ן באָרד און וויא ער איז פערשוואונדען אין מיטען פון דער פאָלקס־מאסע, וועלכע געפינט זיך דאָ פון 5 אוהר מאָרגענס ביז 9 אָבענדס.

זיך אומדרייענדיג, האט דער שיפאונטערנעהמער געזעהען דאנגלאר, וועלכער האט בלומרשט געוואָרט אויף זיינע בעפעהלע און וועלכער האט אבער אין דער ווירקליכקייט אויך געפאלגט מיט דיא אויגען דעם יונגען מאטראָז. נאָר עס איז געווען א גרויסער אונטערשיעד אין דעם אויסדרוק פון דיא ביידע בליקע, וועלכע האבען געפאָלגט דעם יונגען מאן.

## 2טעס קאפיטעל.

## דער פאָטער און דער זון.

לאָמיר לאזען דאנגלאר זיך ארומטראגענדיג מיט שלעכטע ראכע־געדאנקען און ווכענדיג פלענער אונטערצוהעצען דעם שיפּאונטערנעהמער געגען זיין קאמראד, און לאָמיר פאָלגען דאנטעס, וועלכער האט נאכדעם, אז ער איז דורכגעלאפען דיא גאנצע קאנ־ביערע, געגומען דיא נאר גאס און איז אריין אין א קליין הייזעל, וועלכע איז געשטאנען לינקס פון מעיאן אלעע; ער איז שנעלל ארויפגעשפּרונגען דיא פיער עטאזשען דורך דיא דונקלע טרעפּ, מיט איין האנד זיך האלטענדיג פאר'ן געלענדער און מיט דער אנדערער צודריקענדיג דאס קלאפּענדע הארץ, און האט זיך אָפּגעשטעלט פאר א קליינע האלב אָפענע טהיר, וועלכע האט געלאָזען זעהען דעם הינטער גרונד פון א קליינעם צימּמער.

דיזעס צימער איז געוועזען, וועלכעם דאנטעס פאטער האט בעוואהנט.

דיא נאַכריכט פון „פאַראאָן'ס" אנקונפט איז נאך צום אלטען מאן ניט געקומען. ער איז געשטאנען אויף א שטהול און האט מיט א ציטערענדע האנד צורעכטגעמאכט דיא בלומען בוימלעך, וועלכע האבען זיך געשלינגעלט אין דער הויך איבער'ן גאנצען פענסטער.

פלוצלינג האט עד דערפיהלט, וויא איינער האט ארומגענומען זיין גאנצען קער־פער, און א וואויל בעקאנטע שטימע האט הינטער איהם אויסגעשריען: — מיין פאטער מיין פאטער!

דער אַלטער האט אַרויסגעשטויסען א געשריי, און דערזעהענדיג זיין זון, איז ער געווארען בלויך און האט אנגעפאנגען צו ציטערען; ער איז געפאלען אין זיינע ארם.

— וואס איז דיר פאטער? האט דער יונגער מאן אונרוהיג אויסגעשריען, ביזטו פיעלייכט קראנק?

— ניין, ניין, טייערער עדמאָן, מיין זון, מיין קינד; אבער איך האב דיך ניט ער־ווארטעט, און דיא פרייד, דיא פלוצליכע איבערראשונג.... אָה! עס האט זיך מיר אויס־געדאכט אז איך שטארב!

—אבער קום צו זיך, מיין פאָטער! דאס בין איך; דו זעהסט דאך, אז דאס בין איך! מען זאגט אז פרייד טוט קיין שאדען ניט, און דער פאר בין איך אונערוואַרטעט געקומען. זעה, מיין פאטער, שמייכעל א ביסעל צו מיר, אנשטאט מיך אזוי אָנצוקוקען מיט צו מישטע אייגען. איך בין צוריקגעקומען, און מיר וועלען זיין גליקליך.

אה, דאס איז גוט, מיין קינד! האט דער אַלטער אָנגעפאנגען; אבער וויא וועלען מיר זיין גליקליך? ועסטו מיך דען מעהר ניט פערלאָזען? זעה, דערצייל מיר דיין גליק!

— זאל מיר דער הימּמעל פערצייהען, האט דער יונגער מאן געזאגט, דאס איך מאך מיין גליק מיט דעם טרויער פון א פאמיליע. אבער איך האב דיעזען גליק ניט גע־ווינשט דער בראווער קאפּיטאַן לעקלער איז טויט, און דורך דיא פּראטעקציאן פון הערּרן מאָררעל, וועל איך וואהרשיינליך האבען זיין פּלאץ. פערשטעהסטו, מיין פאטער? צו צוואנציג יאהר א קאפּיטאָן! מיט הונדערט נאפּאָלעאָנס געהאלט און מיט א פּראצענט פון געשעפט! ניט וואהר, נאך מעהר וויא איין ארימער מאטראָז וויא איך, האט גע־קענט האפען,

— יא מיין זון, יא, האט דער אלטער געזאגט, עס איז ווירקליך גליקליך.

— אלזא וויל איך, אז פאר'ן ערסטען געלד, וואס איך וועל אפנעמען, זאלסו האַ־בען אַ קליין הייזעל מיט א גארטען פון דיינע בלומען.... אבער וואס איז דיר, פאטער, דו ביסט אונוואהל?

— געדולד, געדולד! עס וועט אריבערגייען. און דיא קרעפטען האבען דעם אל־טען פערלאזען. ער איז געפאהלען אויף הינטער.

— וואָס איז דיר, מיין פאָטער! ווילסט א גלאָז וויין? טרינק א ביסעל, דאס וועט דיך אויפמונטערן. וואו איז דיין וויין?

— ניין, איך דאנק, זוך ניט; איך ברויך ניט, האט דער אלטער געזאָגט, צוריק־האלטענדיג זיין זון.

— גוט, גוט, פאָטער; צייג מיר, וואו דער וויין שטייט. ער האט דערווײלע אויפגעמאכט דריי שאפעס.

— אומזיסט.... האט דער אלטער געזאָגט, עס איז ניטאָ קיין וויין.

— וואס, ניטאָ קיין וויין! האט דאנטעס אויסגעשריען בלייך ווערענדיג, און שוין גוט בעטראכטענדיג דיא איינגעפאלענע און געלע באקען פון דעם אלטען און דיא ליידיגע שאפעס; וואָס, ניטאָ מעהר קיין וויין! האט דיר דען געפעהלט געלד, פאָטער?

— עס האט מיר גארניט געפעהלט, וויל דו ביסט דאך שוין דאָ, האט דער אלטער געזאָגט.

— פון דעסטוועגען, האָט דאנטעס געמורמעלט אָפווישענדיג דעם שוויס, וועלכער האט גערונען פון זיין שטערן, פון דעסטוועגען האב איך דיר איבערגעלאָזען, מיט דריי מאָנאט צוריק, צוויי הונדערט פראנק פאר מיין אוועקפאָהרען.

— יאָ יאָ, עדמאָן, עס איז וואהר, אָבער דו האסט פערגעסען. אז אוועקפאָהרענדיג האסטו געלאָזען א קליינעם חוב פאר אונזער שכן קאדרוס; ער האט מיך אן דעם דערמאָנט, און ער האט מיר געזאָגט, אז אויב דו וועסט ניט צאהלען, וועט ער זיך לאָזען בעצאהלען דורך העררן מאררעל. אלזאָ, קענסטו פערשטיין. אז איך האב מורא געהאט, אז דאס זאל דיר ניט שאדען....

— נו, און?

— און איך האב איהם בעצאָהלט.

— אָבער, האט דאנטעס אויסגעשריען, איך בין דאך איהם שולדיג געווען הונדערט און פערציג פראנק!

— יאָ, האט דער אלטער, אויסגעשטאמעלט.

— און פון דיא צוויי הונדערט פראנק, וואָס איך האב דיר געלאָזען האסטו איהם בעצאָהלט?

דער אלטער האט געמאכט א צייכען מיט'ן קאָפף.

— דאָס הייסט אז מיט זעכציג פראנק האסטו געלעבט דריי מאָנאט! האט דער יונגער מאן געמורמעלט.

— דו ווייסט דאָך, וויא ווייניג איך דאַרף האט דער אלטער געזאָגט.

— אָה, פערצייהע מיר! האט דאנטעס אויסגעשריען, זיך ווארפענדיג דעם אלטען צו דיא פיס.

— וואָס טהוסטו?

— אָה! דו האָסט מיר צוריסען דאָס הארץ.

— אָבער יעצט איז אלעס פערגעסען, האט דער אלטער מיט א שמייכעל געזאָגט, דען דו ביזט דאָך דאָ.

— יאָ יעצט בין איך דאָ, מיט געלד און מיט א שיינע צוקונפט. נאָ, נעהם פאָטער; שיק קויפען וואָס דו ווילסט. ער האט דערביי אויסגעטרייסעלט זיינע קעשענעס אויפ'ן טיש, פון וועלכע עס זיינען ארויסגעפאלען א אנדערהאלבען דוצענד גאָלדשטיקער. וועהרענד דעם האט איינער אָנגעקלאַפט אין טהיר און קאדרוס איז אריינגעקומען. ער וואר א מאַן פון א יאָהר פינף זעכס און צוואנציג, מיט א שווארצען קאָפּף און בעוואקסענעם געזיכט. ער האט געהאלטען אין האנד, אלס שניידער, א שטיק שטאָף, וועלכען מען דארף אומ־ווענדען. ער איז גלייך צוגעגאנגען צו דעם יונגען דאנטעס.

— נו, ביזט שוין צוריקגעקומען, עדמאָן? האט ער געזאגט מיט א טיעפער מאר־סיילער אויסשפּראכע און מיט א בריינען געלעכטער, וועלכער האט בעוויזען זיינע ווייסע ציין וויא עלפענבוים.

— וויא איהר זעהט, נאכבאר קאדרוס, און איך בין בערייט אייך צו זיין דיענסטבאר מיט עטוואס, האט דאנטעס געענטפערט מיט א שטימע, אין וועלכער דער אונווילען נעגען איהם האט זיך שלעכט פערדעקט.

— איך דאנק, איך דאנק; מיר פעהלט קיין זאך ניט. איך בין צופריעדען, וואָס דו ביזט צוריקגעקומען. איך האב עס ערפאהרען דורך דאנגלאר, וועלכען איך האב בעגעגענט. און וויא גייט מען עס ניט דריקען די׳א האנד פון א גוטען פריינד!

— דאָס איז זעהר שיין, האט דער אלטער געזאָגט, זיך ווענדענדיג צו זיין זוהן; ער האט אונז אזוי ליעב.

— געוויס האב איך אייך ליעב, און איך אכטע אייך; איבערהויפּט זיינען יעצט עהרליכע לייט זעהר זעלטען! אבער מיר שיינט, מיין יונג, אז דו ביזט רייך געוואָרען, האט קאדרוס פאָרטגעזעצט, בעטראכטענדיג מיט פונק עלנדע אויגען דאָס גאָלד אויפ'ן טיש.

— ווייס איך, האט דאנטעס, וועלכער האט דיעזע בליקע בעמערקט, גלייכגילטיג געזאָגט, דאס געלד געהערט מיין פאָטער. נו, פאָטער, נעהם צו דאס גאָלד און מאך דערפון דיין געברויך; סיידען אונזער גוטער שכן וועט דארפען האבען דערפון, קענסטו איהם געבען.

— ניין, מיין יונג, האט קאדרוס געענטפערט, בעהאלט דאס געלד פאר אייך, איך דארף ניט.... איך האב געהערט, אז דו ווערסט שוין קאפּיטאן. איך גראטולירע דיר. דאס וועט מאכען פרייד אלע דיינע פריינד, און איך ווייס איינע דאָרטען, הינטער דיא פעסטונג סאנט ניקאָלאס, וועלכע וועט ניט האָבען קיין שמערצען איבער דיזע נאכריכט.



— מערסעדעס האָט דער אלטער געזאגט.

— יא, מיין פאטער, און מיט אייער ערלויבניס. וואָלט איך וועלען יעצט אריבערגיין אין דיא קאטאלאָנס.

— גיי מיין קינד, האט דער אַלטער דאנטעס געזאָגט, און זיי גליקליך מיט דיין פרוי אזוי וויא איך בין גליקליך. מיט מיין זון!

— זיין פרוי! האט קאדרוס געזאָגט, זיא איז עס נאך ניט, דאכט זיך מיר!

— ניין, אבער אָהנע אלע צווייפעל, וועט זיא עס באלד זיין.

— שאט ניט, שאט ניט, פון דעסטוועגען האסטו גוט געטאָן, וואָס דו האָסט זיך צוגעאיילט.

— פאר וואָס איז?

— ווייל מערסעדעס איז א שיינע מיידעל, און ביי שיינע מיידלעך פעהלען ניט קיין ליבהאָבער; איבערהויפט דיעזע. זיי גייען איהר נאך דוצענד ווייז.

— גייט, האט דאנטעס געזאָגט ניט אהן א געוויסע קלעמונג אין הארצען, איך האָב א בעסערע מיינונג איבער פרויען פון אייך, איבערהויפט איבער מערסעדעס. אויב איך וועל זיין קאפיטאָן אָדער ניין, בין איך איבערצייגט, אז זיא וועט מיר בלייבען טריי.

— גוט, זעהר גוט, פון דעסטוועגען שאט ניט, אז דו זאָלסט זיך בעאיילען, און איהר אָנזאָגען דיינע האָפנונגען.

— איך גיי, האָט עדמאָן געזאָגט. ער האט ארומגעארעמט זיין פאָטער געגריסט קאדרוס, און איז ארויסגעגאנגען.

קאדרוס איז נאך א ווײלע געבליעבען און האט אויך באלד גענומען אבשיעד פון אלטען. אויפ'ן גאס האט איהם ערווארטעט דאנגלאר.

— וואָס הערט זיך? האט ער דיר דערציילט פון זיינע האָפנונג צו ווערן קאפיטאָן.

— ער רעט דעריבער, אזוי וויא ער וואָלט עס שיין געווען.

— געדולד! האט דאנגלאר געזאָגט, מיר שיינט, אז ער איילט זיך צו שנעל.

— עס וואָלט זעהר גוט געווען, האט קאדרוס געזאָגט, אז ער זאל עס ניט זיין, דען דאמאלס וועט מען צו איהם גאר ניט קענען צוטרעטען.

— דאָס הייסט, ווען מיר ווילען, קען ער עס ניט זיין, און קען נאך זיין ווייניגער וואָס ער איז. אָבער לאָמיר עס לאָזען. זאָג מיר איז ער נאך אלץ פערליעבט אין דיא שיינע קאטאלאנקע?

— מעהר וויא אימּמער. ער איז אהין געגאנגען, אָבער איך האָב מורא, אז ער זאל דאָרטען ניט האָבען איין אָפּשניט.

— ערקלער מיר, וואָס דו מיינסט דערמיט, האט דאנגלאר מיט האסט געזאָגט.

— גאנץ בעשטימט ווייס איך נאָך ניט, אָבער איך זעה שוין פון א צייט, או ווען מערסעדעס גייט אין שטאָט און פון שטאָט, בעגלייטעט זיא א געזונטער יונג פון קאטאלאָן, מיט שווארצע אויגען, מיט א רויטע הוט, זעהר ברונעט, זעהר לעבעדיג, און וועלכען זיא רופט, איהר „קוזין".

— אה זעהר שיין! און דו גלייבסט, אז דיעזער קוזין ליעבט זיך אין איהר?

— איך מוז עס גלייבען דען צו וועלכען טייפעל געהט נאָך א געזונטער יונג פון איין און צוואנציג יאהר א יונגע מיידעל פון זיבענצעהען?

— און דו זאָגסט, אז דאַנטעס איז געגאַנגען אין דיא קאַטאַלאַנס?

— ער איז אַוועק פאַר מיר.

— לאָמיר אויך גיין אהין. מיר וועלען זיך זעצען אַן א זייט, און ביי א גלאַז מאַ־לאַגא וועלען מיר ווארטען אויף נייס.

— ווער וועט אונז זיי געבען?

— מיר וועלען זיין אויפ'ן וועג. און אויף דאַנטעס געזיכט וועלען מיר דערקענען, וואָס עס האט פאסירט.

— און ביידע זיינען שנעל אוועקגעגאַנגען אין דיא בעשטימטע ריכטונג. ווען זיי זיינען דאָרטען אָנגעקומען, האבען זיי זיך געהייסען געבען א פלאַש ווייַן מיט צוויי גלעזער.

דער ווירטה, „פאָטער פאַנפיל", האט זיי געזאָגט, אז פאר צעהן מינוטען איז דאַנטעס פארביי־געגאַנגען. זיי האבען זיך אוועקגעזעצט אויפ'ן גראָז און האבען געוואַרט.

3טעס קאפיטעל.

## דיא קאַטאַלאַנס.

א הונדערט פוס פון דעם פּלאַטץ, וואו דיא צוויי פריינד זיינען געזעסען און האָ־בען געטרונקען זייער וויין, האט זיך ארויסגעזעהען פון אונטער א באַרג דער דאָרף פון דיא קאַטאַלאַנס.

מיט א פאר הונדערט יאהר צוריק איז אהער געקומען פון שפּאַניען א געהיימ־ניספּאָלע קאָלאָניע מענשען. מען האט ניט געוואוסט ווער און פון וואנען זיי זיינען; זיי האבען געבעטען ביי דער מאַרסיילער דומע, אז מען זאל זיי ערלויבען צו בויען א דאָרף אויף דיעזען פּלאַץ; מען האט זיי ערלויבט, און זיי האבען זיך אויסגעבויט וואָהנונ־גען. יאהרען זיינען פערגאַנגען, דיא דורות זיינען אויסגעשטאָרבען, און דיא אבשטאמער פון יענע איינוואנדערער האבען בעהאלטען דיזעלבע שפּראַכע, דיזעלבע זיטען, דיזעלבע געוואהנהייטען; זיי האבען זיך ניט געמישט אין דיא איינגעלעגענהייטען פון שטאט און האבען זיך ניט משדך געווען וויא נור צווישען זיך. — דאס זיינען געווען דיא קאַטאַלאַנס.

דיא לעזער מוזען מיט אונז יעצט אריינגעהען אין דיא איינציגע לאַנגע גאַס פון דיי־זען דאָרף און איינטרעטען אין א קליין שפּאַנישען הייזעל. א שיינע, יונגע מיידעל מיט פּעך שווארצע האָאר, מיט א פּאָאר אויגען וויא דיא שטערען, איז געשטאַנען אָנגע־שפּאַרט אַן פענסטער און האט אין דיא פינגער פאַנאַנדערגענומען בלומען; איהערע ארם זיינען געווען ביז דיא עלענבויגען נאַקעט און האבען אויסגעזעהען וויא געטאָקט פון ווייסען מירמעלשטיין.

דריי טריט פון איהר איז געזעסען אויף א שאָקעל שטהול א גרויסער יונגער מאַן פון א יאהר צוואַנציג ביז צוויי און צוואַנציג און האט זיא בעטראַכט מיט א בליק, אין וועלכען עס האט זיך אפּגעשפּיגעלט אונרוהע און פּערדרוס; זיינע אויגען האבען געפרעגט, אבער דער ענטשלאָסענער און שאַרפער בליק פון דער יונגער מיידעל האבען אונטער־דריקט זיינע פראַגעס.

— זעהט, מערסעדעס, האט דער יונגער מאַן געזאָגט, אט איז י"ט, און עס איז גראָדע צייט צו מאַכען א חתונה, ענטפערט מיר.

— איך האב אייך שוין הונדערט מאל געענטפערט, פערנאַן און איהר מוזט ווירק־ליך זיין א פיינד פון זיך זעלבסט, דאס איהר פרעגט מיך ווידער!

— גוט! זאגט עס מיר צום הונדערטסטען מאהל, איך בעט אייך, זאגט עס מיר ווידער, כדי איך זאל ענדליך גלויבען. זאגט עס מיר נאך א מאל, אז איהר שלאָגט אָפּ מיינע ליעבע. גיט מיר צו פערשטייען, אז איהר שפּיעלט זיך מיט מיין גליק, דאס מיין לעבען און מיין טויט זיינען פאר אייך גאר ניט. אָה! אָה! צו האבען צעהן יאהר געטרוימט, מערסעדעס, צו ווערען אייער מאַן, און צו פערלירען דיעזע האָפּפנונג, וועלכע איז דאס איינציגע ציעל פון מיין לעבען.... שרעקליך!

— וויינינגסטענס האב איך אייך ניעמאָלס געגעבען דיעזע האָפּפנונג, פערנאַן, האט מערסעדעס געענטפערט; אין דיעזע בעציהונג האט איהר מיר קיינע קאָקעטרייע פאָרצוואַרפען: איך האב אייך ליעב וויא א ברודער, אבער פערלאַנגט פון מיר ניעמאָלס עט־וואָס אנדערס וויא ברידערליכע פריינדשאַפט, דען מיין הארץ געהערט אנאנדערען. האב איך אייך דאס ניט איממער געזאגט, פערנאַן?

— יא, איך וויים עס גוט, מערסעדעס, האט דער יונגער מאַן געענטפערט; יא, איהר האט געהאט דיעזע גרויזאמע אפענהייט געגען מיר, אבער האט איהר פערגעסען, אז ביי דיא קאַטאַלאַנס איז דא א הייליגעס געזעץ צו הייראטהען צווישען זיך?

— איהר האט א טעות, פערנאַן; עס איז קיין געזעץ, עס איז א געוואָהנהייט, און ווייטער ניט, און איהר דארפט זיך ניט בעמיהען צו ציהען נוטצען פון דיעזער גע־וואהנהייט, איהר האט געצווינגען גורל צו ווערען א סאָלדאַט, און דאס וואס איהר זייט איצטער פריי, איז עס מעהר ניט וויא א גנאַדע, ניט היינט, איז מארגען, קען מען אייך רוּ־פען אונטער דיא מיליטער, און וואס וועט איהר טאָן מיט מיר, דאס הייסט, מיט איין אָרימע מיידעל, א יתומה, וועלכע בעזיצט ניט מעהר וויא איין איינגעפאלענע חורבה, אין וועלכער עס הענגען עטליכע שטריקלעך פון איין אויסגעניצטע פישנעץ, א קלענליכע ירושה פון מיין פאטער און מוטער? שוין א יאהר, אז מיין מוטער איז געשטארבען, און בערעכענט דאך, פערנאַן, אז איך לעב כמעט פון עפענטליכע אונטערשטיצונג! מאנכעס מאל מאכט איהר זיך, אז איך בין אייך נוצליך, און דאס איז, אום צו טהיילען מיט מיר אייער פישפאַנג; איך נעם עס אן, פערנאַן, ווייל איהר זייט דער זון פון מיין פאָטערס ברודער, ווייל מיר זיינען צוזאמען אויפגעצויגען געווארען, און וואס נאך מעהר פון אלעם איז, ווייל, ווען איך וואלט עס אייך ענטזאגט, וואלט עס אייך געמאכט פיעל שמער־צען. אבער איך ווייס גאנץ גוט, אז דיא פיש, וואס איך גיי פערקויפען, איז ניט מעהר וויא א נדבה.

— און וואס קימערט עס מיך, מערסעדעס? וויא פערלאָסען און וויא ארעם איהר זייט, זייט איהר מיר דאך טייערער וויא דעם רייכסטען באנקירס טאכטער פון מארסייל. וואס דארפען מיר דען האבען! איין אורדענטליכע פרוי, א גוטעווירטהין. און וואו קען איך געפינען א בעסערע אין דיעזער בעציהונג?

— פערנאַן האט מערסעדעס געענטפערט שאָקלענדיג דעם קאָפּ, איך בין א שלעכטע ווירטהין, און מען קען ניט בלייבען טריי צום מאַן, ווען מען ליעבט אנאנדערען.

שטעלט זיך צופריעדען מיט מיינע פריינדשאפט, און איך קען אייך מעהר ניט פער־שפרעכען וויא דאס.

— איך פערשטיי, האט פערנאן געזאגט, איהר ווילט ניט טהיילען מיט מיר מיינע ארעמקייט, אבער איך פערשפרעך אייך צו ווערען רייך.

— איהר קענט עס ניט, פערנאן, איהר זייט א סאלדאט. און דאס וואס איהר זייט נאך דא, איז ווייל עס איז נאך ניט קיין מלחמה. פאלגט מיך און בלייבט א פישער, דען דורך אייערע חלומות ווערט אייער צושטאנד נאך אונטרעגליכער, און פון מיר קענט איהר מער וויא פריינדשאפט ניט פערלאנגען.

— גוט, מערסעדעס, איך וועל ווערען א מאטראז, אנשטאט דיא פישער קליי־דער פון מיין פאטער, וועלכע איהר פעראכטעט אזוי, וועל איך אנטהאן דיא שיינע מאטראזען קליידער. ניט וואהר, אום אייך צו געפעלען, מוז מען אנטאן דיעזע קליידער?

— וואס ווילט איהר דערמיט זאגען? האט מערסעדעס מיט א שארפען בליק געפרעגט.

— איך וויל דערמיט זאגען, מערסעדעס, דאס איהר זייט אזוי הארט און גרויזאם געגען מיר, ווייל איהר ערווארטעט איינעם, וועלכער טראגט אזא קאסטיום, אבער דער, וועלכען איהר ערווארטעט, איז פיעלייכט גלייכגילטיג, און ווען ער איז עס ניט, איז עס דער ים פאר איהם.

פערנאן! האט מערסעדעס אויסגערופען. איך האב אייך געהאלטען פאר א גוטען מענשען, אבער איהר האט מיך גענארט! גוט, איך בעהאלט מיך ניט, איך ערווארטע און איך ליעב דעם, וועלכען איהר מיינט, און אויב ער וועט ניט קומען, וועל איך זאגען, אז דער, וועלכען איהר בעשולדיגט, דאס ער איז גלייכגילטיג צו מיר, אז ער איז טויט מיך ליעבענדיג.

דער יונגער מאן האט געמאכט א צארניגע בעוועגונג.

— איך פערשטיי, פערנאן; דערפאר וואס איך ליעב אייך ניט, וועט איהר ציעהען אייער מעסער געגען זיין קינזשאל! אבער וואס קען עס אייך נוצען? איהר וועט פערלי־רען מיינע פריינדשאפט, ווען איהר וועט זיין בעזיעגט, און מיינע פריינדשאפט וועט זיך פערוואנדלען אין האסס, ווען איהר וועט זיעגען. אבער איהר זייט ניט אזוי שלעכט, פער־נאן, איהר וועט מיך ניט מצער זיין. ליעבט מיך וויא א שוועסטער. איבריגענס, ווארט פערנאן. האט זיא צוגעזעצט מיט טרערין אין דיא אויגען. איהר האט ערסט געזאגט, אז דער ים איז פאלש, און עס איז שוין פיער מאנאט, אז ער איז אוועק; זייט פיער מא־נאט האב איך שוין געגונג שטורעמס געציילט!

פערנאן איז געבליבען אונבעריהרט; ער האט ניט געזוכט צו טריקענען דיא טרע־רען, וועלכע האבען גערונען איבער מערסעדעס באקען; און דאך וואלט ער פאר יעדע טרער געגעבען א גלאז פון זיין בלוט; אבער דיעזע טרערען האבען גערונען פאר אנאנ־דערען. ער האט זיך אויפגעהויבען, ער האט געמאכט עטליכע שריט אין שטוב און האט זיך געשטעלט געגען מערסעדעס מיט פינסטערע אויגען און מיט געבייילטע הענד.

— נאך א מאל, מערסעדעס, איז עס פעסט ענטשלאסען?

— איך האב ליעב עדמאָן דאַנטעס, האט דיא יונגע מיידעל געזאגט קאַלט, און קיין אנדערער וועט ניט זיין מיין מאַן.

— און איהר וועט איהם עוויג ליעבען?

— אזוי לאנג וויא איך וועל לעבען.

— פערנאַן האט ענטמוטהיג אראבגעלאָזעז דעם קאָפּף, ער האט ארויסגעלאזען א זיפץ, וועלכער האט געגליכען צו א קרעכץ; פלוצלינג האט ער אויפגעהויבען דעם קאָפּף, די ציין צוזאממענגעפּרעסט, דיא נעזלעכער פעררימען:

— אבער ווען ער איז טויט?

— ווען ער איז טויט, וועל איך שטארבען.

— אבער ווען ער האט אייך פערגעסען?

„מערסעדעס״! האט א פריידיגע שטימע אויסגערופען פון דרויסען, „מערסעדעס״

אה, האט דיא יונגע מיידעל אויסגעשריען רויט ווערענדיג פאר פרייד און שפּרינגענדיג פאר ליעבע, זעהסטו, אז ער האט מיך ניט פארגעסען; אט איז ער; זיא איז צוגעשפּרונגען צו דער טהיר, וועלכע זיא האט אויפגעמאכט שרייענדיג:

— אהער, עדמאָן! אט בין איך!

פערנאַן איז געוואָרען בלייך און האט געציטערט; ער האט צוריקגעטראָטען, וויא א רייזענדער, וועלכער דערזעהעט פאר זיך א שלאנג; ער האט זיך אנגעשטויסען אן א שטהול או האט זיך געזעצט.

עדמאָן און מערסעדעס זיינען זיך געלעגען אין דיא אָרעם. פון גרויס גליק און פרייד האבען זיי פערגעסען אויף דיא גאנצע וועלט, נור איינציגע אונפערשטענדליכע ווערטער, וועלכע דריקען אויס אין אזעלכע מאמענטען פרייד און שמערץ האבען זיך געלאזען הערען.

פלוצלינג האט עדמאָן בעמערקט דאס פינסטערע געזיכט פון פערנאַן, וועלכער איז געזעסען בלייך און דראָהענד. אונווילענדיג האט זיך דער יונגער מאן גענומען פיר זיין מעסער.

— אה פערצייהעט, האט דאַנטעס געזאגט פערציהענדיג דיא ברעמען, איך האב גאר ניט געוואוסט, אז מיר זיינען דריי. און אומקעהרענדיג זיך צו מערסעדס, האט ער נאפרעגט: ווער איז דיעזער הער?

— ער וועט זיין אייער בעסטער פריינד, מיין קוזין, ער איז מיין ברודער; עס איז פערנאַן, דאס הייסט, דער מאַן, וועלכען איך ליעב, נאך אייך, מעהר וויא אלעם אויף דער וועלט. אהנע אוועקצולאזען מערסעדעס, האט דאַנטעס געררייכט פארנאַן דיא האנד, אבער יענער איז געבליבען קאַלט וויא א מצבה דאַנטעס האט דאן געפיהרט זיינע אויגען פראַגענד פון דיא צוטומולטע מערסעדעס אויף דעם דראָהענדען פערנאַן. דיעזער בליק האט איהם אלעס ערקלערט. דער צאָרן האט איהם ערגריפען.

— איך וואלט ניט געקומען מיט אזא האסט, ווען איך וואלט געוואוסט, אז איך וועל ביי אייך טרעפען א פיינד.

— א פיינד! האט מערסעדעס אויסגעשריען, א פיינד זאגסטו, עדמאָן! ווען איך וואלט דאס געגלויבט, האט זיא געזאגט א ווארף טאָענדיג א פייערדיגען בליק אויף

פערנאַן, וואלט איך דיר גענומען אונטערן ארעם און וואלט מיט דיר אוועק אין מאַרסייל, אהנע אומצוקעהרען זיך אין דיעזעס הויז. פערנאַן'ס אויגען האבען א בליץ געטאן.

— און ווען דיר זאל טרעפען איין אונגליק, מיין עדמאָן, האט דיא יונגע מיידעל פאַרטגעזעצט מיט דער זעלבער קאלטקייט, וועלכע האט פערנאַנען געגעבען צו פערשטיין, אז זיא האט בעגריפען זיינע פינסטערע געדיינקען, ווען דיר זאל טרעפען איין אונגליק, וועל איך ארויפשטייגען אויפ'ן אינזעל מאַרזשאַן און איך וועל מיך אראפּוואַרפען מיט'ן קאפּ אויף דיא פעלזען.

פערנאַן איז געוואָרען שרעקליך בלייך.

— אבער דו האסט א טעות, עדמאָן, האט זיא פאַרטגעזעצט, דו האסט דאָרט ניט קיינע פיינדע; עס איז פערנאַן, מיין ברודער, וועלכער וועט דיר רייכען וויא איין ערגעבענער פריינד דיא האנד.

ביי דיעזע ווערטער האט דיא יונגע מיידעל געוואָרפען איהרע בליקע אויף דעם קאַטאַלאַן, וועלכער איז, וויא בעצויבערט פון דיעזען בליק, צוגעגאנגען צו דאַנטעס און האט איהם גערייכט דיא האנד, אבער קוים האט ער אנגעריהרט עדמאָן'ס האנד, האט ער געפיהלט, אז דאס איז געוועזען איבער זיינע קרעפטען, און ער איז ארויסגעלאפען פון הויז.

— אָה! האט ער אויסגערופען, לויפענדיג וויא א משוגענער און האלטענדיג דיא הענד אין דיא האָאָר, אָה! ווער וועט מיך בעפרייען פון דיעזען מאַן? מיין אונגליק! מיין אונגליק!

— הע, קאַטאַלאַן! הע, פערנאַן! וואוהין לויפסטו? האט א שטימע געזאגט.

דער יונגער מאַן איז געבליבען שטיין, ער האט זיך ארומגעקוקט און האט דערזעהען קאַדרוס און דאַנגלאַר זיצענדיג אויפ'ן גראז.

— הע! האט קאַדרוס געזאגט, פאר וואס ווילסטו ניט צוקומען? האסטו אזוי קיין צייט ניט, דאס דו קענסט אפילו ניט זאגען גוט מארגען צו דיינע פריינד?

— איבערהויפּט ווען זיי האבען נאך א פולע פלאַש ווייז לעבען זיך, האט דאַנגלאַר צוגעזעצט.

פערנאַן האט אנגעקוקט דיא ביידע מענער מיט ווילדע אויגען, און האט גאר ניט געענטפערט.

ער שיינט צו זיין גאנץ צוטומעלט, האט דאַנגלאַר געזאגט צו קאַדרוס'ן א קוועטשטאנדיג זיין קניע. איז עס מעגליך, אז מיר האבען א טעות געהאט אין אונזער רעכענונג און דאַנטעס וועט זיעגען?

— צום טייפעל! דאס מוז מען זעהען, האט קאַדרוס געזאגט, און זיך אומגעקעהרענדיג צום יונגען מאַן; נו, זאג נאר, קאַטאַלאַן, ווילסטו זיך אמאָל ענטשליסען? האט ער געזאגט.

פערנאַן האט אפּגעווישט דעם שווייס, וועלכער האט גערונען פון זיין שטערן, און איז אונטערגעגאנגען אונטערן דעכעל; דאס האט געשייגט א ביסעל צו בערוהיגען זיין זינען און דיא פרישקייט האט א ביסעל אפּגעלעבט זיין קערפּער.

— גוט מארגען, האט ער געזעגט. דאכט זיך, אז איהר האט מיך גערופען, ניט וואהר? און ער איז גיכער אנידערגעפאלען וויא זיך געזעצט.

— איך האב דיך גערופען, ווייל דו ביסט געלאפען וויא א משוגענער און איך האב מורא געהאט, אז דו זאלסט זיך ניט אריינווארפען אין ים, האט קאדרוס לאכענדיג געזאגט.

— פערנאן האט ארויסגעלאזען א קרעכץ, וועלכער האט געגליכען צו א שלוכץ, און האט געלאזען פאלען זיי קאפף אויף דיא הענד, וועלכע זיינען געלעגען אויפ'ן טיש ארום וועלכע זיי זיינען שוין געזעסען.

— גוט פערנאן, איך וועל דיר זאגען; דו זעהסט אויס וויא איין אפגעשמיסענער ליעבהאבער, האט קארדוס מיט א גרויסען געלעכטער געזאגט.

— וויים איך וואס! האט דאנגלאר צוגעלייגט; אזא יונג וויא ער קען ניט זיין אונגליקליך אין דער ליעבע, ער מוז זיין קראנק.

— איך בין ניט קראנק, האט פערנאן געענטפערט קריצענדיג מיט דיא ציין.

— איך וועל דיר זאגען, האט קארדוס א ווינקטאנדיג מיט'ן אויג צו דאנגלאר, געזאגט, פערנאן ליעבט מערסעדעס, און וויא מיר שיינט, ליעבט מערסעדעס נאר דאנטעס.

— נו, און וואס נאך? האט פערנאן געזאגט אויפהויבענדיג דעם קאפף, ער האט געזוכט צו ווענמען אויסצולאזען זיין הארץ. האט זיא קיין רעכט ניט צו ליעבען וועמען זיא וויל?

— אָהַ, דו ווערסט שוין בייז! איך האב גערעכענט, אז דיא קאטאלאנס לאזען זיך אזוי לייכט ניט אוועקנעמען זייערע געליבטע פון אונטערען נאז. איבערהויפט זאגט מען אז דו פארשטייסט צו נעמען ראכע אויך, און דו ביזט שרעקליך אין דעם.

— דיא פערליעבטע זיינען קיין מאל ניט שרעקליך האט פערנאן מיט א מיטלייר־דיגען שמייכעל געענטפערט.

— ער איז צו בעדויערן, האט דאנגלאר מיט א בעדויערענדע שטימע געזאגט. ער האט געוויס גערעכענט, אז דאנטעס וועט ניט אזוי שנעל קומען אדער ער וועט זיין טויט.

— איך רעכען, האט קאדרוס געזאגט, אויף וועלכען דער וויין האט שוין אנגע־פאנגען צו ווירקען, אז דאנטעס אנקומען מאכט נאר פאר איינעם אויך קיין פערגעניגען; ניט וואהר, דאנגלאר?

— ניין, דו זאגסט וואהר, און איך רעכען אז זיין קומען וועט איהם בריינגען אונגליק.

— אבער וואס מאכט עס, האט קאדרוס ווידער געזאגט, זיך אנגיסענדיג צום צעהנטען מאל זיין גלאז, וועהרענד דאנגלאר האט קוים אנגעריהרט זיין גלאז, דערווייל איז דאנטעס געקומען און וועט חתונה האבען מיט מערסעדעס.

— און ווען איז דיא חתונה? האט דאנגלאר געפרעגט, בעטראכטענדיג פערנאן, אויף וועלכען קאדרוס ווערטער זיינען געפאלען וויא הייסער בליי.

— אה! זי האט נאך ניט שטאטגעפונען! האט פערנאן געמורמעלט.

— אבער זיא וועט שטאטפינדען! האט קאדרוס געזאגט, אזוי וואהר, וויא דאנ־

טעם וועט זיין דער קאפיטאן פון „פאראאן“; ניט וואהר דאנגלאר?

דאנגלאר איז פערטרייסעלט געווארען ביי דיעזער אונערווארטעטער אטאקע. ער האט זיך אומגעקערט צו קאדרוס, אום צו לעזען אויף זיין געזיכט, אויב ער האט עס געזאגט מיט א מיין, אבער ער האט מעהר ניט געזעהען וויא פערגאסענע אויגען מיט וויין און א פערשיקערטע געזיכט

— נו, לאמיר אלזא טרינקען, האט ער געזאגט, אויף דיא געזונדהייט פון דעם קאפיטאן עדמאן דאנטעס, דעם מאן פון דיא שיינע מערסעדעס!

קאדרוס האט אויסגעטרונקען זיין פולע גלאז און פערנאן האט זיינע געגעבען א זעץ אן דער ערד.

— אהא, אהא! זעהט דארטען, האט קאדרוס געזאגט, דו האסט בעסערע אויגען פערנאן; זעהסטו ניט דארטען א פאר פאלק? צום טייפעל! זעה וויא זיי קושען זיך.

אין דער טהאט האט זיך טאקע געגעהענד צו זייער געגענד א ליעבענדעס פארעל, און דאס ווארען דאנטעס און מערסעדעס. קאדרוס האט זיי אנגעפאנגען צו רופען.

— הע, עדמאן! ביזט שוין שטאלץ געווארען; דו זעהסט ניט דיינע פריינד?

— ניין, מיין טייערער קאדרוס, איך בין ניט שטאלץ געווארען; איך בין גליקליך, און גליק מאכט בלינד.

— א גוט מארגען, מאדאם דאנטעס, האט קאדרוס געזאגט צו מערסעדעס.

— איך בין עס נאך ניט, האט יענע מיט ערנסט געענטפערט, אבער איך וועל עס באלד ווערן.

— אלזא, מיר וועלען באלד האבען א האכצייט, מיין הערר דאנטעס, האט דאנגלאר געזאגט גריסענדיג דיא יונגע לייט.

— באלד וויא מעגליך. איך רעכען, אז מארגען איבערמארגען. איהר זייט איינגע־לאדען, הערר דאנגלאר, און דו אויך קאדרוס.

— און פערנאן אויך, האט קאדרוס מיט א פערשכורטען לאבען געזאגט, איז פערנאן אויך איינגעלאדען?

— דער ברודער פון מיין פרוי, און מיין ברודער, האט עדמאן געזאגט, איז געוויס איינגעלאדען.—פערנאן האט געעפענט דעם מויל צו ענטפערן, אבער דיא שפראכע איז איהם געבליעבען שטעקען אין האלז.

— היינט בעשטימונג, מארגען פערלאבונג, באלד חתונה, צום טייפעל! איהר גייט שנעל, קאפיטאן.

— מיין ליעבער, דאנגלאר, האט דאנטעס געזאגט לאכענדיג, איך בין עס נאך ניט.

— אבער איהר וועט עס באלד ווערען, דען אין דריי מאנאט דארף „פאראאן“ אפגעהען.

— יא, אין דריי מאנאט ארום מוז איך אפפאהרען, אבער בעפאר מוז איך ערסט זיין אין פאריז. דערפאר אייל איך זאך אזוי.

— אין פאריז? און וואס וועט איהר דארטען טאן, דאנטעס?

— איך האב א הייליגע זאך צו ערפיללען, וואס דער אונגליכער קאפיטאן לעקלער האט מיר פערטרויט.

— יא, יא, איך פערשטיי, האט דאנגלאר געזאגט אין דער הויך,—און צו זיך אליין האט ער געזאגט: אין פאריז? אודאי אפצוגעבען דעם בריעף, וועלכען דער גרויס־מארשאל האט איהם איבערגעגעבען. צום טייפעל! דיעזער בריעף גיט מיר א טייערע אידעע! אה, דאנטעס! ווארט מיין פריינד, ביזט נאך ניט קיין קאפיטאן.... און אומקעהרענדיג זיך צו דאנטעס, וועלכער האט זיך שוין דערווייטערט, האט דאנגלאר צוגערופען!

— גליקליכע רייזע!

— א דאנק, האט עדמאן געענטפערט דורך א פריינדליכען נייג מיט'ן קאפף. און דיא צוויי ליעבענדע האבען פארטגעזעצט זייער וועג, רוהיג און פריילוך וויא צוויי טייבעלעך.

4טעס קאפיטעל.

## דער קאמפלאט.

ווען דאנטעס מיט מערסעדעס זיינען שוין געווען ווייט, האט זיך דאנגלאר געווענדעט צו פערנאן.

— אלזא איהר ליעבט מערסעדעס, האט ער צו איהם געזאגט.

— איך פערגעטער זיא.

— און איהר רייסט זיך דיא האר אנשטאט צו זוכען א מיטעל. צום טייפעל! איך האב אנאנדערע מיינונג געהאט פון אייערע לייט.

— וואס ווילט איהר אז איך זאל טאן?

— הערט, האט דאנגלאר געזאגט; איהר שיינט מיר צו זיין א בראווער יונג, און דער טייפעל זאל מיך נעמען! ווען איך וועל אייך ניט העלפען! אבער....

— איהר ווילט מיר העלפען, און איהר זאגט: „אבער“....

מיר דאכט זיך, האט דאנגלאר געזאגט, אז אום אייך צו העלפען, דארף דאנטעס ניט הייראטען דיא, וולכע איהר ליעבט.

— דער טויט קען זיי נאר שיידען, האט פערנאן געענטפערט.

— לאמיר אננעמען אז צווישען זיי דאנטעס און מערסעדעס איז א געפענגניס מויער, וועלען זיי ניט מעהר און ניט ווייניגער געשיידעט וויא פון א קבר מצבה.

— יא, האט דער שכורער קאדרוס געזאגט מיט א געבראכענע צונג, און ווען מען קומט ארויס פון געפענגניס, הייסט מען עדמאן דאנטעס, מען נעמט ראכע.

— דאס שאט ניט, האט פערנאן געענטפערט.

— אבער פאר וואס וועט מען דאנטעס איינזעצען אין געפענגניס? ער האט ניט געגנבעט, און ניט געמארדעט.

— שווייג, האט דאנגלאר געזאגט.

— איך וויל ניט שווייגען, האט קאדרוס געזאגט. איך וויל ניט אז מען זאל איינזעצען דאנטעס אין געפענגניס. איך האב איהם ליעב. אויף דיינע געזונדהייט דאנטעס? און ער האט אראפגעשלונגען נאך א גלאז וויין.

— דאנגלאר האט געקוקט, וויא קאדרוס ווערט אלץ שכורער, און ער האט זיך געווענדט צו פערנאן.

— אלזא, מיין פריינד, ווען מען זוכט, געפינט מען,

— וויא איך זעה, האט פערנאַן געזאָגט, האט איהר אויך א האסס געגען דאַנטעס, וואס איהר ווילט מיר העלפען.

— איך? איך האב גאר ניט געגען דאַנטעס. קיין האַס, אויף מיין וואָרט! איך זעה אייך אונגליקליך, און איך וויל אייך העלפען. און טאָמער מיינט איהר, אז איך טו עס פון מיינט וועגען, בין איך אייך מוחל אין גאנצען. זאָגענדיג דאס, האט ער זיך געוואָלט אויפהויבען. פערנאַן האט אָנגעכאפּט איהם פאר'ן האנד.

— ניין, בלייבט! וואס קימערט עס מיך, פאר וועמען איהר טהוט עס, אבי איך זאָל געהאלפען ווערן. זאָגט מיר וואס איך זאָל טאָן, איך וועל אלעס טאָן, נור ניט טויטען, דען מערסעדעס וועט זיך טויטען, ווען מען וועט הרגנען דאַנטעס.

— קאַדרוס, וועלכער איז געלעגען אנגעשפּארט מיט'ן קאָפּף אויפ'ן טיש, האט אויפגעהויבען דעם קאָפּף און האט אנגעקוקט דאַנגלאַר מיט פערגלעזערטע אויגען.

— הרגנען דאַנטעס! ווער וויל איהם דאָ טויטען? איך וויל ניט, אז מען זאָל איהם טויטען, ווייל ער איז מיין פריינד. ער האט מיט מיר געוואָלט צוטהיילען זיין געלד, אזוי וויא איך האב געוואָלט טהיילען מיין געלד מיט איהם. איך וויל ניט, אז מען זאָל טויטען דאַנטעס.

— און ווער רעט דאָ פון טויטען, עזעל! זעהסט ניט, אז עס האנדעלט זיך נור וועגען איין איינפאכען שפּאַס; טרינק אויף זיין געזונד!

— יאָ יאָ, אויף זיין געזונד.... אויף דיין געזונד, דאַנטעס!

— וואו איז דער מיטעל.... דער מיטעל? האט פערנאַן געזאָגט.

— קעלנער גיעב אהער א טינט און פעדער! האט דאַנגלאַר אויסגערופען.

— א טינט און פעדער! האט פערנאַן געמורמעלט.

— יאָ, איך בין א געשעפטסמאַן און אָן טינט און פעדער קען איך גאר ניט מאַכען. דער קעלנער האט געבראַכט דאס פערלאַנגטע.

ווען מען זאָל וועלען דענקען, האט קאַדרוס געזאָגט ארויפליינענדיג זיין האנד אויפ'ן פאַפּיער, אויב עס גיעבט א זיכערע זאַך צו טויטען א מענש, וויא איהם אפּצולויערען לעבען ברעג פון וואַלד און איהם צו ערמאָרדען, האב איך אלע מאל מעהר מורא געהאט פאר טינט און פעדער, וויא פאר א שווערד און פיסטאָלעט.

— דער הונד איז נאך ניט שכור, האט דאַנגלאַר געזאָגט. גיסט איהם אָן, פערנאַן. דיעזער האט עס געטאָן און יענער האט אויסגעטרונקען.

— נו, האט פערנאַן געזאָגט, אז ער האט געזעהען, אז דער איבעריגער פערשטאַנד פון קאַדרוס האט אָנגעפאנגען צו פערשווינדען, נו, און?

— און ווען נאך דער רייזע, וואס ער האט געמאכט אויפ'ן אינזעל עלבע, וואלט איהם ווער עס איז מסור'ן אלס באָנאַפּאַרטיסטען אגענט....

— איך וועל איהם מאַסור'ן, איך! האט דער יונגער מאַן לעבהאַפט אויסגערופען.

— אלזאָ: מען דארף עס מאַכען אזוי, אז מען זאָל ניט וויסען, פון וואנען עס איז געקומען, דען ווען דאַנטעס זאָל ארויס פון געפענגניס וועט איהר שלעכט אָפּשניידען, און ווען ער זאָל אפילו ניט ארויס, וועט אייך מערסעדעס האסען, און איהר וועט פערפעהלען אייער ציעל. מען מוז מאַכען אזוי, און זאָגענדיג דאס, האט דאַנגלאַר גענומען דיא פעדער

אין דער לינקער האנד און האט אויפגעשריעבען אייניגע ציילען אויף אזא ארט, דאס עס וואר אונמעגליך צו פערגלייכען מיט זיין ווירקליכער האנדשריפט. ער האט זיי איהם פאַרגעלעזען מיט א שטילער שטימע.

„הערר קעניגליכער פּראָקוראָר! איהר זייט בענאכריכטיג דורך א פריינד פון טהראָן און רעליגיאָן, דאס א מאַן, נאָמענס עדמאָן דאַנטעס, הילפס־קאַפּיטאַן אויף דער שיף „פאַראַאָן", וועלכער איז היינט געקומען פון סמירנא און האט פּאַססירט נעאַפּעל און פּאָרטאָפערראַיאָ, איז בעאויפטראגט פון מורא מיט א בריעף פון נאַפּאָלעאָן אן דעם באָנאַפּאַרטיסטישען קאָמיטע אין פּאַריז.

„דיא בעווייזע פון זיין פערברעכען קען מען האבען ווען מען וועט איהם ארעטירען, דאַן וועט מען געפינען דעם בריעף ביי איהם אדער ביי זיין פאָטער, אדער אויפ'ן שיף „פאַראַאָן".

— זעהט איהר האט דאַנגלאַר געזאָגט, מען דארף דיעזען בריעף נור צוזאמענ־לייגען און אויפשרייבען דיא אדרעססע: „אן דעם קעניגליכען פּראָקוראָר", און אלעס איז געמאכט. דאַנגלאַר האט שפּיעלענדיג אויפגעשריעבען דיא אדרעססע.

— יאָ, אלעס איז געמאכט! האט קאַדרוס אויסגערופען, וועלכער האט מיט דיא לעצטע כחות פון זיין פערשטאנד פערפאָלגט דיא לעזונג פון בריעף, יאָ אלעס וועט זיין געמאכט: נור, עס וועט זיין א שורקעריי. און ער האט אויסגעצויגען דיא האנד צו נעמען דעם בריעף.

— איך מאַך עס צום שפּאַס, האָב איך דיר דאָך געזאָגט, האט דאַנגלאַר געזאָגט, אָפּשטויסענדיג קאַדרוס האנד, און איך זעלבסט וואָלט זיך געערגערט, ווען עס וואלט דאַנטעס פּאַסירט אייִן אונגליק. דיעזער גוטער דאַנטעס! אָט זעהסטו.... ער האט גענומען דעם בריעף, האָט איהם צוקנייטשט אין האנד און האט איהם ארונטערגע־ווארפען אונטערן טיש.

— אָט אזוי! האט קאַדרוס אויסגערופען. דאַנטעס איז מיין פריינד און איך וויל, אז עס זאל איהם קיין לייד ניט געשעהען.

— נו, יעצט לאָמיר גיין אהיים, האט דאַנגלאַר געזאָגט צו קאַדרוס. אננעמענדיג זיין האנד.

— קום האט קאַדרוס געזאָגט, זיך קוים אויפהויבענדיג. און דו גייסט ניט פערנאַן?

— איך גיי אין אנאנדער וועג.

קוים זיינען דיא צוויי ארויס פון צעלט, האט זיך פערנאַן וויא א וואָלף א וואָרף געטאָן אויפ'ן צוקנייטשטען בריעפעל, האט איהם אריינגעשטעקט אין טאַשע און איז ארויסגעלאָפען.

— יעצט איז שוין פארטיג, האָט דאַנגלאַר געמורמעלט, ווען ער האט געזעהען פערנאַן ארויסלויפענדיג.

## 5טעס קאַפּיטעל.

## דיא פערלאָבונגס מאָהלצייט.

אויף מארגען נאך דער פערשווערונג איז געוועזען א שיינער טאג. דיא זון האט גע־שיינט העל און שיין. דיא מאלצייט איז געוועזען צוגעברייטעט אין א גרויסען זאל פון דער

הויז, וואו דיא פערשווערונג איז געווען, דער זאל איז געווען אויפ'ן ערשטין עטאזש און עס וואר בעלייכטעט דורך פינף אדער זעכס גרויסע פענסטער. אין דער לייננ פון אלע פענ־סטער אין דרויסען האט זיך געצויגען א לאנגע הילצערנע באליוסטראַדע (גאניק).

אבוואהל דיא מאלצייט איז געווען אנגעקינדיגט פאר צוועלף א זייגער, איז שוין פון עלף אן דיא באליוסטראַדע געווען אנגעפילט מיט אונגעדולדיגע געסט.

דאס זיינען געווען דיא אָנגעזעהענע מאַטראַזען פון „פאַראַאָן'' און איינינע סאל־דאטען, דאַנטעס פריינד, אלע האבען זיך אויסגעפוצט צו עהרע פון דיא פערלאבטע. דער קלאנג איז ארומגעגאנגען, דאס מאררעל וויל מאכען א גאנצען פאראד צו דער חתונה פון זיין הילפסקאַפּיטאַן, אבער ביי זיי איז עס געווען אזא גרויסע עהרע פאר דאַנטעס, וואס זיי האבען גאר ניט געוואגט אין דעם צוגלויבען.

וועהרענד דעם איז אנגעקומען דאַנגלאַר מיט קאַדרוסען, און דאַנגלאַר האט בעשטעטיגט דעם קלאנג, דען ער האט אין דיעזען פריהמארגען געזעהען מאָררעל און ער האט איהם געזאגט, אז ער וועט קומען אנטהייל נעמען אין דעם מאהלצייט.

אין דער זעלבער צייט איז מאָררעל אריינגעקומען. ער איז געווען בעגריסט מיט א דאָננערענדען הורראַ פון זיינע מאַטראָזען, וועלכע האבען איהם זייער געליעבט. באלד וויא ער איז אריינגעקומען זיינען דאַנגלאַר און קאַרדוס געגאנגען אנזאגען דער חתן כלה, אז מאָררעל איז שוין דא. אויפ'ן וועג האבען זיי בעגעגענט א קליינע גרופּע, וועלכע, איז זיי געקומען ענטגעגען. דיא קליינע גרופּע איז בעשטאנען פון פיער יונגע מיידלעך, פריינ־דינען פון מערסעדעס. וואס האבען בעגלייטעט דיא כלה וועלכע דאַנטעס האט געפיהרט אונטערן אָרעם. לעבען דיא פערלאבטע איז געגאנגען דער אלטער דאַנטעס און הינטער זיי איז געגענגען פערנאַן מיט זיין בייזען שמייכעל.

ניט מערסעדעס און ניט דאַנטעס האבען געזעהען דיעזען בייזען שמייכעל. דיא ארימע קינדער זיינען געווען אזוי גליקליך, דאס זיי האבען מעהר ניט געזעהען דיא שטראַהלענדע זון מיט דעם שיינעם הימעל.

דאַנגלאַר און קאַדרוס האבען בעגריסט דאַנטעס פריינדליך און האבען איהם גע־דריקט פריינדליך דיא האנד, נאכהער האט דאַנגלאַר זיך צוגעזעצט צו פערנאַן און קאר־דוס צום אלטען דאַנטעס און זיי זיינען אלע געגאנגען צוזאמען.

אזוי באלד וויא דיא גרופּע איז דערזעהען געווארען פון דעם הויז, איז מאָררעל ארויסגעגאנגען זיי ענטגעגען. ווען דאַנטעס האט געזעהען אז מאָררעל גייט, האט ער אוועקגעלאזען מערסעדעס ארעם און האט איהם אריינגעלייגט אין מאָררעל'ס. דיעזער איז צוערסט ארויפגעגאנגען אויף דיא באליוסטראַדע, און פון דארטען אין צימער, וואו דיא מאהלצייט איז שוין געווען אנגעגרייט.

מערסעדעס האט זיך געזעצט צווישען דאַנטעס פאטער און פערנאַן, וועלכער איז געווען בלייך וויא א טוך, און דאַנטעס האט זיך געזעצט צווישען מאָררעל און דאַנגלאַר.

עס האט אנגעפאנגען צו ווערען לעבענדיג ארום טיש: דער גוטער וויין האט אנ־געפאנגען צו מאכען זיין וועג ארום טיש, און דיא געזיכטער האבען אנגעפאנגען צו ווערען לעבעדינער. נאר פערנאַן'ס געזיכט איז געווען ערנסט און אלע ווילע האט דער שווייס

גערונען פון זיין שטערען. דער אנבליק פון דיא צוויי גליקליכע יונגע לייט האבען איהם געשטאכען זין הארץ מיט גליהענדע שפיזען. קאַדרוס איז צו איהם צוגעגאנגען.

— דיא ווארהייט דיר צו זאגען, האט קאַדרוס געזאגט, איז דאַנטעס א בראווער יונג און ווען איך זעה איהם זיצענדיג לעבען זיין כלה, זאג איך מיר אז עס איז שאדע איהם צו מאכען דעם שפּאס, וועלכען איהר האט נעכטען אונטערנומען.

— דו זעהסט דאך, האט דאַנגלאַר, וועלכער איז אויך צוגעקומען, געזאגט, אז דערפון איז גאר ניט געווארען, און צווייטענס זעהסטו דאך, אז פערנאַן איז יעצט דער בעסטער פריינד פון דאַנטעס.

קאַדרוס האט א קוק געטאן אויף פערנאַן, ער איז געווען בלייך וויא א מת.

— גייען מיר? האט זיך געהערט דיא זיסע שטימע פון מערסעדעס, אט שלאגט צוויי אוהר, און אום צ:ויי און א פיערטעל ערוואַרטעט מען אונז.

— יאַ, יאַ, לאמיר גיין! האט דאַנטעס געזאגט, זיך שנעל אויפהויבענדיג־

— לאמיר גיין! האבען אלע געסט ווידערהאָלט.

אין דענזעלבען אויגענבליק האט דאַנגלאַר א קוק געטאן אויף פערנאַן, און האט געזעהען וויא ער האט געקוקט אין פענסטער. פלוצלינג איז ער ארויפגעפאלען אויף'ן שטהול און אין דענזעלבען אויגענבליק האבען זיך געהערט שווערע טריט אויף דיא טרעפּ, פערמישט מיט הויכען געשפּרעך און מיט דעם קלאַפּ פון געוועהר. אלע זיינען געבליבען שטיל און האבען אנגעשפּיצט דיא א:ערן.

דאס גערוייש האט זיך גענהענט. דריי קלעפּ האבען זיך דערהערט אין טהיר. איי־נער האט אנגעקוקט דעם אנדערן מיט פערוואונדערטע אויגען.

— אין נאמען פון געזעץ! האט געשריען א שטארקע שטימע, אויף וועלכער קיי־נער האט ניט געענטפערט.

באלד האט זיך דיא טהיר געעפענט און א פּאָליציי קאָמיסאר מיט זיין רויטער שארף ארומגעגארטעלט איז אריינגעקומען, בעגלייטעט פון פיער בעוואפנעטע סאָלדאַ־טען מיט זייער קאָרפּאָראַל, דיא אונרוהע האט זיך דא פערוואנדעלט אין שרעק.

— וואס זאל עס בעדייטען? האט דער שיף פאבריקאנט געפרעגט, גייענדיג ענ־טגעגען דעם קאָמיסאר. וועלכען ער האט געקענט; איהר האט געוויס א טעות.

— אויב עס איז דא א טעות, העררר מאָררעל, האט דער קאָמיסאר געענרפערט, מעגט איהר מיר גלויבען, אז ער וועט זיין אויסגעגליכען; דער וויל האב איך אבער א בעפעהלס ארעסט; און אבוואהל איך טו עס מיט בעדויערן, מוז איך: ווער איז פון אייך, מיינע הערערן, עדמאָן דאַנטעס?

אלע אויגען האבען זיך א ווארף געטאן אויף דעם יונגען מאן, וועלכער איז אפילו צומישט געווארען, האט אבער בעהאלטען זיין שטאלץ און איז פארגעטרעטען.

— דאס בין איך, מיינע הערערן, וואס פערלאנגט איהר פון מיר?

— עדמאָן דאַנטעס, האט דער קאָמיסאר געזאגט, איך ארעטיר אייך, אין נאמען פון דעם געזעץ!

— איהר ארעטירט מיך! האט עדמאָן מיט א לייכטער בלייכקייט געזאגט, אבער פאַר וואס ארעטירט איהר מיך?

— איך ווייס עס ניט, מיין הערר, אבער אייערע ערסטע אונטערזוכונג וועט אייך עס געבען צו וויסען.

מאָרעל האט געזעהען, אז דא איז גאר ניט געווען וואס צו מאכען; א קאָמיסאר, ארומגעגארטעלט מיט זיין שארף איז ניט קיין מענש, דאס איז א קאלטע, טויבע שטומע סטאטוע פון געזעץ.

דער אלטער מאן, דאנגען, האט זיך א ווארף געטאן צום אָפּיציר: עס געבען זאַכען, וועלכע דאס הערץ פון א פאטער אדער פון א מוטער וועלען ניעמאלס פערשטיין. ער האט געבעטען, ער האט געוויינט, אבער זיינע טרערען האבען ניט געהאלפען. זיינע פערצווייפלונג איז געווען זא גרויס, דאס דער קאָמיסאר איז געווען דערפון גערירהרט.

— בערוהיגט זיך, האט ער געזאגט, אויב עס איז נאר דא די קלענסטע מעגליכקייט, וועט אייער זון בעפרייט ווערען.

— אהא! וואס זאל דאס בעדייטען? הזט קאַדרוס מיט צוזאמענגעצויגענע ברעמען געפרעגט ביי דאַנגלאַר, וועלכער האט געשפיעלט דעם איבערראשטען.

— וואס ווייס איך? האט דאַנגלאַר געזאגט, איך בין אזוי וויא דו: איך זעה וואס עס גייט דא פאָר און איך פערשטיי גאר ניט.

קאַדרוס האט געזוכט מיט די אויגען פערנאַן: ער איז פערשוואונדען. די גאנצע סצענע פון נעכטען איז איהם יעצט געקומען פאר די אויגען. ווער וואלט געקענט זאגען, אז דיעזער טרויעריגער פארפאַל וועט אראפציהען דעם שלייער, וועלכער איז געפאלען צווישען זיין נעדעכטניס און זיין שכרות.

— אָה, אָה! האט ער געזאגט מיט א בייזע שטימע, זאל עס זיין די פאָלגע פון אייער נעכטיגען שפאס, דאַנגלאר? דאן איין אונגליק צו דעם, ווער עס האט איהם געמאכט, דען דער שפאס איז זייער א טרויעריגער.

— עס הויבט זיך גאר ניט אן! האט דאַנלאַר אויסגערופען; אין געגענטהייל, דו ווייסט דאך אז איך האב צוריסען דאס פאפיער.

— דו האסט עס ניט צוריסען. האט קאַדרוס געזאגט; דו האסט עס נור אריינגעווארפען אין ווינקעל, און דאס איז אלעס,

— שווייג, דו האסט גאר ניט געזעהען, דו ביזט געווען שכור.

— וואו איז פערנאַן? האט קאַדרוס געפרעגט.

— וואס ווייס איך? מסתמא אוועקגעגאנגען אין זיינען געשעפטען, אבער וואס שטייען מיר דא? מען דארף גיין טרייסטען די בעטריבטע, און ער איז צוגעגאנגען צום אלטען דאַנטעס און צו מערסעדעס, וועהרענד מען האט אוועקגעפיהרט עדמאָן.

אונטען איז שוין געשטאנען אנגעגרייט א וואגען, אין וועלכען דאַנטעס איז איינגעשטיגען. נאך איהם זיינען אהין אריין צוויי סאָלדאטען מיט'ן קאָמיסאר, די טהירל האט זיך צוגעמאכט און דער וואגען האט גענומען דעם וועג נאך מארסייל.

— אדיע, דאַנטעס! אדיע, עדמאָן! האט געשריען מערסעדעס.

דער געפאנגענער האט געהערט דיעזען לעצטען געשריי, וועלכער איז ארויס וויא א יאָמערגעשריי פון דער צוריסענער הארץ פון זיין כלה; ער האט ארויסגעשטעקט דעם

קאָפּף דורכ'ן פענסטערל און האט געשריען: צום ווידער זעהען, מערסעדעס! און דער וואגען איז באלד פערשוואונדען.

— ווארט אויף מיר דא, האט מארעל געזאגט, איך פאהר שוין נאך מארסייל און איך ברייננ אייך באלד נייס.

נאך דיעזען דאָפּעלטען אפפאהרען האט אלע אנוועזענדע אנגעכאפּט א מין שטר מער שרעק. דער אלטער און מערסעדעס זיינען איינינע צייט געזעסען געשיידעט, יעדערער אין זיין שמערץ; ענדליך האבען זיך זייערע אויגען בעגעגענט; זיי האבען זיך עדרקענט וויא צוויי אָפּפער געשלאגען פון איין קלאפּ, און האבען זיך געווארפען איינער דעם אנ־דערן אין דיא ארעם.

— הערר מאָררעל קומט! האט מען אויסגעשריען. מערסעדעס און דער אלטער פאטער זיינען איהם געלאפען ענטגעגען, מאָררעל איז געוועזן שטארק בלייך.

— נו! האבען אלע אויסגעשריען אין איין קול.

— מיינע פריינדע האט געענטפערט דער שיפ אונטערנעהמער שאָקלענדיג דעם קאָפּף, דיא זאך איז וויכטיגער וויא מיר האבען געגלויבט.

— אָך, הערר! האט אויסגעשריען מערסעדעס, ער איז אונשולדיג.

— אבער מען בעשולדיגט איהם אלס באנאפּארטיסטישער אגענט, האט מאָר־רעל צוגעזעצט.

דיא יעניגע, וועלכע קענען דיא פערהעלטניסע אין פראַקרייך, פון יענער צייט, וייסען וועלכע שרעקליכע בעשולדיגונג דאס איז געוועזן.

מערסעדעס האט אויסגעשטויסען א געשריי: דער אלטער איז געפאלען אין א שטהול.

— אָה! האט קאַדרוס געמורמעלט, איהר האט מיך גענארט, דאַנגלאַר; אבער איך וועל ניט לאזען שטארבען דיעזען אלטען און דיעזע יונגע מיידעל פון שמערצען. איך גיי זיי אלעם דערציילען.

— שווייג דו עזעל! האט דאַנגלאַר אויסגעשריען אנכאפּענדיג איהם פאר'ן האנד, אדער איך גאראנטיר פאר דיר אויך ניט. פון וואנען ווייסט דו, אז עס איז ניט אמת? דאַנ־טעס איז דאך געוועזן אויפ'ן אינזעל עלב; ווען מען וועט ביי איהם געפינען וועלכע בריעף וועט דער אויך בעגראבען ווערען, ווער עס וועט זיך פאר איהם אננעמען.

קאַדרוס האט פערשטאנען, אז דאַנגלאַר האט רעכט; ער האָט איהם אנגעקוקט מיט שרעק און שמערצען און אום צו מאכען א שריט פאָראוים האט ער געמאכט צוויי צוריק.

— לאמיר ווארטען, אלזא, האט ער געזאגט.

— יאָ לאמיר ווארטען, איז ער אונשולדיג, וועט ער זיין פריי; איז ער שולדיג, לוינט זיך ניט איינצוטונקען פאר א פערשווערער.

— קום, לאמיר אוועקגיין פון דאנען; איך קען דא ניט בלייבען לייננער.

— יא קום, האט דאַנגלאַר געזאגט, ערפרייט, וואס ער האט געפונען א געלעג־נענהייט אפּצוטרעטען פון דאנען.

זיי זיינען אוועק.

פערנאַן איז געבליבען דיא שטיצע פון דער יונגער מיידעל, ער האט מערסעדעס גענומען אונטערן אָרעם און האט זיא אוועקגעפיהרט אין דיא קאַטאַלאַנס. דאַנטעס פריינדע האבען אוועק געפיהרט דעם אלטען אהיים.

דער קלאנג האט זיך באלד פערברייטעט וועגען דאַנטעס ארעטירונג און יעדערער האָט עס זיך אויסגעלייגט אויף זיין אָרט. מאָררעל האט אנגעיאגט דאַנגלאַר און האט איהם געפרעגט, אויב ער קען עס אננעמען, אז דאַנטעס זאל זאַ וואס טאָן, דאַנגלאַר האט איהם דערויף געגעבען א צוויידייטיגע ענטפער.

— אָרימער דאַנטעס, האט קאַדרוס געזאגט, ער וואר אזא בראַווער יונג.

— גוט, אבער איך בין דערווייל געבליבען אהן א קאַפּיטאַן, האט מאָררעל געזאגט, און דיא שיף דארף אוועקגיין,

— ביז וואנען דאַנטעס וועט ארויס וועל איך איבערנעמען דיא פיהרונג פון שיף, האט דאַנגלאַר געזאגט: איהר ווייסט דאך, אז איך קען זיך מעסטען מיט'ן בעסטען שיפסקאַפּיטאַן.

— זעהר גוט, דאַנגלאַר, נעמט איבער דיא פיהרונג, איך בערעכטיג אייך דערצו, אבער זעהט, אז אלעס זאל זיין אין ארדנונג.

— זייט רוהיג, הערר מאָררעל; אבער וואלט מען פילייכט קענען זעהען דעם טהייערן עדמאָן?

— איך וועל עס אייך באלד זאגען; איך וועל זעהען צו ריידען מיט דעם פּראָקוראָר ווילפאָרט, וועלכען איך קען אביסעל, פילייכט וועל איך פון איהם בעקומען דיא ערלויבניס. ער איז אפילו א פערברענטער ראַיאַליסט. אבער א מענש איז ער דאך, און איך גלויב ניט, אז ער זאל זיין שלעכט.

— ניין, האט דאַנגלאַר געזאגט, אבער איך האב געהערט, אז ער איז עהרגייציג, און דאס איז זעהר ענליך צו יענעם.

— אבער מיר וועלען זעהן; געהט אויפ'ן שיף, דאַנגלאַר, איך וועל אויך באלד קומען.

ער איז אוועק, און קאַדרוס באלד נאך איהם.

— גוט, האט דאַנגלאַר צו זיך געזאגט, דיא זאכען גייען וויא איך האב פאָראויסגעזעהען. אט בין איך שוין קאַפּיטאַן, קאַדרוס וועט שווייגען. עס הענגט יעצט אָפּ פון דער גערעכטיקייט, אז דאַנטעס זאל בעפרייט ווערען. אך, וואס! האט ער מיט א שמייכעל צוגעזעצט, דיא גערעכטיקייט איז גערעכטיקייט און איך פערלאָז זיך אויף איהר.

און דערמיט איז ער אוועק צום שיף „פאַראַאָן" איבערצונעהמען דיא פיהרונג פון איהר.

## 6טעס קאַפּיטעל.

## דער קעניגליכער פּראָקוראָר.

אין איינע פון דיא גרעסטע הייזער אין דער שטראַסע גראַנדקור האט מען אויך געפייערט א פערלאָבונג אבער אנשטאט לייטע אויס דעם פאָלק, מאַטראָזען, סאָלדאטען, זיינען דא געוועזען דיא האַנדלענדע פערזאָנען, מענשען אויס דער מאַרסיילער „פיי־

נער" געזעלשאפט. דא זיינען געוועזען פערזאמעלט אלע פערבּרענטע ראָיאליסטען און פיינדע פון נאַפּאָלעאָן, וועלכער איז יעצט געוועזען אויפ'ן אינזעל עלבע.

דאס הויז האט געהערט צום אַלטען מארקיז מעראָן מיט זיין שיינער טאכטער, רענעי, האט זיך עס יעצט פערלאָבּט דער קעניגליכער פּראָקוראָר ווילפאָרט.

דאס געשפּרעך איז דא געווען וועגען נאַפּאָלעאָן און דעם יעצטיגען קעניג לואיס דען אכצעהנטען. אלע, נאַטירליך, האבּען פערדאמט נאַפּאָלעאָנען, ווייל ער האט פערטריבּען דיא מארקיזען און גראפען פון זייערע שלעסער, און האבּען געגלויבּט דעם קעניג לואיס, ווייל ער האט זיי צוריק אריינגעבּראכט אין זייערע רייכטהימער. עס איז דאהער קיין וואונדער ניט, דאס דיא אלטע מארקיזע האט געזאגט צו ווילפאָרט, אז ווען איהם וועט זיך מאכען א פערשווערער געגען דעם קעניג אונטער דער האנד, זאל ער איהם בעהאנדלען מיט דער גאנצער שטרענגקייט פון געזעץ.

— ליידער, מאַדאַם, ווייס איך ניט, אויבּ דיא שטרענגקייט וועט העלפען געגען דיא פערשווערער. נאַפּאָלעאָן איז ניט ווייט פון דאנען, און מיר זיינען ניט זיכער, אז ער זאל ניט קומען צוריק.

— איך האבּ געהערט, האט דער גראף סאלוויע געזאגט, אז דער הייליגער קאנגרעס וויל איהם פערשיקען אויפ'ן אינזעל סענט העלענע, דארטען וועט ער שוין ניט זיין ארומגערינגעלט פון דיא זייניגע, און ער וועט שוין ניט קענען קומען צוריק. מיך וואונדערט מעהר ניט, וויא מען האט איהם אַזוי לאנג געלאזען זיצען אויף דעם אינזעל עלבּע, ער זאל מאכען נייע פערשווערונגען.

— אונגליקליכער ווייזע האט ווילפאָרט געזאגט, קען מען יעצט נאַפּאָלעאָנען ניט אנריהרען, דען מיר האבּען דיא אפּמאכונג פון 1814, און דיא ערלויבּט עס ניט, ביז מען וועט האבּען דיא בעשטימונג פון דיא איבּעריגע מלוכות.

— מען דארף ניט קוקען אויף דיא אפּמאכונג האט דיא מארקיזע געזאגט, ווען עס האנדעלט זיך וועגען א געפאהר. איז דער קעניג א קעניג, מוז ער האנדלען, ווען ניט, איז ער קיין קעניג ניט. איז דער פּראָקוראָר א פּראָקוראָר דארף ער האנדלען נאך דעם. ער מוז פערהיטען דעם אונגליק איידער ער קומט נאך.

— ליידער, מאַדאַם, האט ווילפאָרט מיט א שמייכעל געזאגט, קומט דער פּראָקוראָר אימער, ווען דאס אונגליק איז שוין געשעהן.

— דאן דארף ער איהם פערריכטען.

— איך מוז אייך נאך זאגען, מאַדאַם, אז מיר בעררינכטען ניט דעם אונגליק; מיר נעמען ראכע פאר איהם, און דאס איז אלעס.

— יאָ האט געזאגט א שיינע מיידעל, דיא טאכטער פון דעם גראף סאלוויע, זעהט עפּעס אויפצופיהרען א גרויסען פּראצעס, ווערהענד מיר וועלען זיין אין מאַרסייל. איך האבּ נאך קיין מאל ניט געזעהען קיין געריכט פון געשוואָרענע, מען זאגט, אז עס איז אינטערעסאנט.

— און דאס איז אינטערסאנט, פריילין, האט דער פּראָקוראָר געזאגט. אנשטאט א נאכגעמאכטע טראגעדיע, זעהט מען א וואהרע דראמע; אנשטאט געשפּילטע שמערצען, זעהט מען רעעלע שמערצען. דער מענש, וועלכער געפינט זיך דארטען, גייט ניט,

ווען דער פארהאַנג פאלט, אהיים צוא זיין פאמיליע און זיך רוהיג לייגען אין בעט, אום אויף מארגען ווידער דאס זעלבע אנצופאנגען, זאנדערן ער גייט אין געפענגניס, וואו ער געפינט דעם הענקער. אלזא איהר זעהט, דאס פיר דיא נערוועזע פערזאנען, וועלכע זור כען עפעקטען, איז ניט קיין בעסערער שפעקטאקעל, וויא דיעזער. זייט רוהיג, פריילין, ביי דער בעסטער געלעגענהייט וועל איך אייך פערשאפען דיעזען פארגעניגען.

— ער מאכט אונז שוידערן.... און ער לאכט, האט רענעי געזאגט בלייך ווע־רענדיג.

— וואס ווילט איהר, עס איז א דועל.... איך האב שוין פינף אדער זעקס מאל אויסגעשפראכען דיא טויטעס שטראף.... און ווער ווייס, וויפיעל קינזשאלען זיינען יעצט געגען מיר געריכטעט?

— אָה, הימעל! האט רענעי געזאגט נאך מעהר ערשראקען, זאגט איהר עס ערנסט, הערר וויללפאַרט?

— מען קען ניט ריידען ערנסטער, פריילין, האט דער יונגער מאַגיסטראַט גע־זאגט מיט א שמייכעל אויף דיא ליפען. און מיט דיעזען שיינעם פּראָצעס, מיט וועלכען דאס פריילין וויל בעפריעדיגען איהרע נייגעריקייט און איך וויל בעפריעדיגען מיין עהר־גייץ וועט זיך דיא לאגע נאך פערשערפערן, דען דא וועט זיין א פּראָצעס אויף טויט, ווייל יעדער סאָלדאט פון נאפּאָלעאָן, וועלכער וועט קומען אונטער מיינע הענד, וועט געוויס זיין איינער, וועלכער וועט פערדינען דעם טויט. איבעריגענס מוז עס אזוי זיין, דען אהנע דעם וועט אונזער פּראָפעסיאָן גאר ניט ווערטה זיין. איך זעלבסט, ווען איך זעה אויפלאַמען אין דיא אויגען פון דעם אנגעקלאַקטען א פייער פון פערצווייפלונג, פיהל איך מיך ערמוטהיגט, איך ווער ערהיצט; עס איז ניט מעהר קיין פּראָצעס, עס איז א שלאכט; איך קעמפּף געגען איהר זיא פערטהיידיגט זיך, איך פערדאפּעל מיינע קראַפט, און דער קאַמפּף ענדיגט, וויא אלע שלאכטען, דורך א זיעג אדער א נידערלאגע. אט דאס הייסט קעמפּפען פאר'ן געריכט! דאס איז דיא געפאהר, וועלכע בריינגט דעם רוהם. איין אנ־געקלאגטער, וועלכער שמייכעלט נאך מיינע בעשולדיגונג, מאכט מיך מיינען, אז איך האב שלעכט גערעדט, דאס וואס איך האב געזאגט איז שוואַך, אהנע ענערגיע, אונגע־ניעגענד. בעדענקט דאך דעם שטאלץ פון א פּראָקוראָר, וועלכער איז איבערצייגט פון דיא שולדיגקייט פון דעם אַנגעקלאַקטען, ווען ער זעהט דעם אנגעקלאַגטען בלעקענען און זיך בויגענדיג אונטער דער משא פון דיא בעווייזע און אונטער דער געוויכט פון דער גלענצענדער שפּראכע! דיעזער קאַמפּף בויגט זיך, ער וועט פאללען....

— רענעי האט אויסגעשטויסען א לייכטען געשריי.

— אט דאס איז א מאַן, וועלכען מיר דאַרפען! האבען אללע געזאגט. ווען עס זאל יעצט קומען א פערשווערער, וועט ער זיין ווילקאָמען.

— און איך ווינש, האט רענעי געזאגט, אז הערר ווילפאַרט זאל נור האבען קליי־נע גנבים'לעך, און באנקראטלעך צו משפט'ען.

— עס איז גראדע, האט ווילפאַרט לאַבענדיג געזאגט, אזוי וויא איהר זאלט ווינ־שען א דאָקטאָר, ער זאל נור האָבען קראנקע פאַר שפּאַנישע פליגען און קליינע געשווירלעך.

אין געגענטהייל, ווען איהר ווילט, אז איך זאל בלייבען קעניגליכער פּראָקוראָר. מוזט איהר מיר ווינשען נאָר גרויסע פּראָצעסען.

אין דיעזען מאָמענט איז פּונקט אזוי וויא זיין וואונש וואלט דערהערט געווארען, אריינגעקומען א דיענער און האט איהם עפּעס געזאָגט אויפ'ן אויער. וויללפאָרט האט זיך ביי אלעמען ענטשולדיגט און איז ארויסגעגאנגען. אין א ווייל ארום איז ער ווידער אריינגעקומען, און זיין געזיכט האט געשטראהלט.

רענעי האט איהם בעטראכט מיט ליעבע, דען מיט זיינע בלויע אויגען, מיט זיינע מאטע געזיכטספארבע, מיט זיינע שווארצע באקענבערדלעך, איז ער ווירקליך געווען איין עלעגאנטער און שיינער יונגער מאן. דער גאנצער גייסט פון דער יונגער מיידעל האט געשיינט צו הענגען אויף זיינע ליפּען, אום צו הערען, וועגען וואס ער איז פּלוצ־לונג ארויסגעגאנגען.

— זעהט איהר, פריילין, האט וויללפאָרט געזאגט, איהר האט פריהער געוואלט האבען א מאן א דאקטאר, איך האב מיט דעם דאקטאר דיעזע עהנליכקייט, דאס איך האב קיין מאל ניט דיא צייט פאר מיר, מען קומט מיך אוועקנעמען פון אייך, אפילו אין דער צייט פון מיינער פערלאבונג.

— און פיר וועלכע אורזאכע האט מען אייך געשטערט, מיין העדר? האט דיא שיינע יונגע מיידעל געפרעגט מיט לייכטער אונרוהע.

— צום בעדויערן! פאר א קראנקען, ווען איך זאל גלויבען אן דעם, וואס מען זאגט מיר, וועלכער איז זעהר געפעהרליך: דיזעס מאָל איז עס א שווערער פאל: דיא קראנקהייט שמעקט מיט עשאַפאָט.

— הימעל! האט רענעי אויסגערופען בלייך ווערענדיג.

— אין אמת! האט דיא גאנצע פערזאמלונג געזאגט אין איין קול.

— עס שיינט, אז מען האט גאנץ איינפאך ענטדעקט א קליינע באָנאָפּארטי־סטישע פערשווערונג

— איז עס מעגליך? האָט דיע מארקיזע געזאָגט.

— אָט איז דער בריעף פון דער איינציגע. וויללפאָרט האָט געלעזען:

„דער הערר קעניגליכער פּראָקוראָר ווערט בענאכריכטיגט דורך א פריינד פון טרהאָן און דער רעליגיאָן, דאס א מאן, נאמענס עדמאָן דאנטעס, הילפסקאפּיטאן אויפ'ן שיף „פאראאָן“ איז היינט פריה געקומען פון סמירנאַ דורך נעאפּעל אין פּארטאָ־פעראיאָ; ער איז בעאויפטראגט פון מורא מיט א בריעף פיר דעם באָנאפּארטיסטישען קאמיטעט אין פאריז.

„מען קען האבען דעם בעוויז פון זיין פערברעכען, ווען מען וועט איהם ארעטי־רען; דען מען וועט דעם בריעף געפינען ביי איהם אדער ביי זיין פאטער, אדער אויף דיא שיף „פאראאָן“.

— אבער דער בריעף איז דאך אדרעסירט צום קעניגליכען פּראָקוראָר, האט רע־נעי געזאָגט, און ניט צו אייך.

— יא, אבער ער איז ניטא, האט דעם בריעף אויפגעמאכט זיין סעקרעטער, און ער האט שוין געמאכט דעם ארעסט, און דער קעניגליכער פּראָקוראָר בין איך יעצט.

— אלזאָ, האָט מען דעם פערברעכער ארעטירט, האָט דיא מאַרקיזע געזאָגט.

— דאס הייסט, דעם בעשולדיגטען, האט רעגעי צוגעזעצט.

— יאָ, מאדאם, און אויב מען וועט געפינען דיעזען בריעף, איז, אזוי וויא איך האב שוין געהאט דיא עהרע צו זאָגען פריילין רעגעי, דער קראנקער איז זעהר קראנק.

— און וואו איז דיעזער אונגליקליכער? האט רעגעי געפרעגט.

— ער איז ביי מיר.

— געהט, מיין פריינד, האט דיא מאַרקיזע געזאגט, פערפעהלט ניט אייערע פפליכט זיצענדיג מיט אונז, ווען דער דיענסט פון קעניג רופט אייך אוועק; געהט וואו אייער פפליכט רופט אייך.

— אך, הערר וויללפאָרט! האָט רעגעי געזאָגט צוזאמענלייגענדיג דיא הענד, זייט בארעמהערציג; היינט איז דער טאָג פון אונזער פערלאָבונג!

— וויללפאָרט האט געמאכט א רונדע ארום טיש און איז צוגעגאנגען צו דעם שטהול, וואו דיא יונגע מיידעל איז געזעסען, און אָנשפארענדיג זיך אָן שטהול האט ער געזאָגט:

— אום אייך צו ערשפאָרען איינע אונרוהע, אדער פיין וועל איך אלעס טהאָן, טהייערע רעגעי; אבער ווען דיא אנצייגען זיינען ריכטיג, ווען דיא בעשולדיגונג איז וואהר, וועט מען מוזען אפשניידען דיעזע שלעכטע באָנאַפּארטיסטישע גראז.

רעגעי האט געשוידערט ביי דעם וואָרט „אָפּשניידען“, דען וועגען דער גראז, וועלכער עס האט זיך געהאנדעלט אָפּצושניידען איז געווען א קאָפּף.

— נאַ, נאַ, האט דיא מאַרקיזע געזאָגט, הערט ניט וואס דיא קליינע מיידעל זאָגט אייך, וויללפאָרט זיא וועט זיך שוין געוועהנען. און דיא מאַרקיזע האט איהם אויסגעשטרעקט איהר טרוקענע האנד וועלכע ער האט געקושט, זאָגענדיג צו רעגעי מיט דיא אייגען: „דיין האנד וואלט איך ליבער קושען“.

— זעהר טרויעריג! האט רעגעי געמורמעלט.

— אין דער טהאט, פריילין, האט דיא מאַרקיזע געזאגט, זייט איהר זעהר קינדיש. איך וואלט מיר נאר וועלען פרעגען, וואס האט דאס שיקזאל פון דעם לאנד צו טהאָן מיט אייערע פאנטאזישע געפיהלען און מיט אייערע געפיהלען פון הערצען.

— אך, מוטער! האט רעגעי געמורמעלט.

— פערצייהעט א שלעכטע ראָיאַליסטקע, מאדאם מאַרקיזע, איך פערשפרעך צו ערפילען מיינע פפליכט אלס פראָקוראָר נאך דעם געוויסען, דאס הייסט צו זיין שרעקליך שטרענג.

אבער אין דער זעלבער צייט, ווען ער האט אלס מאגיסטראט געשפראכען צו דער מאַרקיזע, האט ער פון דער זייט, אלס חתן געזאָגט מיט דיא אויגען צו זיין כלה:

— זייט רוהיג, רעגעי: צו גונסטען פון אייער ליעבע וועל איך האבען נאכזיכט.

רעגעי האט אויף דיעזען בליק געענטפערט, דורך איהר זיסעסטען שמייכעל, און וויללפאָרט איז ארויסגעגאנגען מיט דעם גן־עדן אין הארצען.

## 7טעס קאַפּיטעל.

## דיא אונטערזוכונג

קוים איז וויללפאָרט ארויסגעגאנגען פון זאַל, האט זיך זיין פרייליכע מאַסקע פער־וואַנדעלט אין דיא שטרענגע האַלטונג פון א פּראָקוראָר. א מאַן פון דיזער פּראָפעסיאָן דאַרף קענען זיין א גוטער אַקטיאָר.

זשעראַר פאָן וויללפאָרט איז געווען אין דיזען מאָמענט דער גליקליכסטער מענש אין דער וועלט. א חוץ דעם, וואס ער איז געווען רייך, האט ער באַקליידעט דיא גרעסטע שטעלע פון דיא מענשען, וועלכע האבען צו זאגען איבער דעם אנדערענס שיקזאַל; ער איז געגאַנגען הייראַטהען א מיידעל, וועלכע ער האט געליעבט. וועמעס פאַמיליע איז גע־ווען דיא אנגעזעהנסטע אין קעניגליכען האָף פון יענער צייט, און וועלכע האט איהם געבראַכט איבער א האַלבען מילליאָן נדן. ווער איז געווען גליקליכער פיר איהם אין דיזער מינוט. פון זיינע גליקזעליגע געדאנקען איז ער אבער באַלד אראָפּגעפאַלען פון הימעל אויף דער ערד מיט איהר גאנצען מאַטעריעלען לעבען. ביי דער טהיר האט ער געטראָפען שטייענדיג א פּאָליציי קאָמיסאַר. וועלכער האט אויף איהם געוואַרט. דיזער האט איהם דערצעהלט פון דאַנטעס ארעסט, און האט איהם געבעטען אז ער זאָל איהם געבען דערצעהלען איבער דיא פערשווערונג.

וויללפאָרט האט דעם קאָמיסאַר דערצעהלט, אז ער וויים נאָך ניט פון קיינע פערשווערונג, און ער וועט זעהן דיא זאַך צו אונטערזוכען. אין גאנג האבען זיי אנגע־טראָפען מאָררעל, וועלכער איז שנעל צוגעגאנגען צום פּראָקוראָר. ער האט איהם געבע־טען, אז ער זאָל וואס מעהר מענשליכער בעהאַנדלען דעם געפאַנגענען און ער גלויבט ניט אז דאַנטעס זאָל זיין פעהיג צו וועלכען פערברעכען.

אָבוואָהל מאָררעל האט צו וויללפאָרט זעהר פריינדשאַפטליך געשפּראָכען, האט דיזער איהם געענטפערט קאַלט, דאס ער וועט נור טאָן זיינע פּפליכט, דען ער האט מאָררעל געקענט אלס באָנאַפּאַרטיסט. לעבען זיין הויז האט ער זיך קאַלט גענייגט צו מאָררעל און איז אריינגעגאנגען צו זיך, און האט געלאָזען* דעם צוטומעלטען שיפס איי־גענטהימער שטעהען אין דרויסען.

זיין פּאָרציממער איז געווען פול פון זשאַנדאַרן און פּאָליציי אגענטען צווישען וועלכע איז געשטאַנען, ארומגערינגעלט פון פלאַמענדע און פערהאַסטע בליקען, רוהיג און אונ־בעוועגליך דער געפאַנגענער.

וויללפאָרט איז דורכגעגאנגען דעם צימער, האט א וואָרף געטהאָן א שאַרפען בליק אויף דאַנטעס, און נאכדעם, אז ער האט צוגענומען פון איין אגענט א פּאַקעט, האט ער געהייסען, אז מען זאָל איהם אריינפיהרען דעם געפאַנגענען.

וויא שנעל דער בליק פון ווילפאָרט איז געווען, האָט עס שוין פאַר איהם גענוגט אום זיך צו מאַכען איין אידעע איבער דעם מענשען, וועלכען ער האט געהאַט צו אונ־טערזוכען. ער האט דערקענט דעם פערשטאַנד אין דיזען ברייטען און אָפענעם שטערן, דעם מוטה אין דיזען שאַרפען אויג און דיא צוזאַמענגעצויגענע ברעמען, און דיא אָפענ־הייט אין דיזע דיקע און האַלב אָפענע ליפּפען, וועלכע האבען געלאָזען זעהען צוויי ווייסע רייהען ציינער וויא עלפענביין.

א ווײַלע נאָך וויללפאָרט איז דאַנטעס ארײַנגעגאַנגען. דער יונגער מאַן איז געװען בלייך אבער רוהיג און שמײכלענדיג. ער האָט פײַן בעגריסט זײַן ריכטער, און האָט געזוכט א שטוהל מיט די אויגען, אזוי וויא ער וואָלט געוועזען ביי זײַן שיפּס־קויפמאַן מאָררעל אין הויז. ערסט ווען ער האָט דערזעהען וויללפאָרטס געזיכט, האָט ער דערפיהלט, אז ער געפינט זיך פאַר'ן געריכט.

— ווער זייט איהר און וויא הייסט איהר, האָט איהם וויללפאָרט געפרעגט בלעטערענדיג דיא נאָטיצען, וועלכע דער אגענט האָט איהם דערלאַנגט ביי זײַן אַרײַנגאַנג און וועלכע זיינען אין איין שעה געוואָרען זעהר גרויס: א בעוויז, וויא שנעל דיא פּערדאָרבענהייט פון דיא שפּיאָנערײַ קלעפּט זיך צום קערפּער פון דעם אונגליקליכען, וועלכען מען רופט אנגעקלאַגטער יעדערער שרײַבט נור צו אײַניגע צײַלען.

— איך הייס עדמאָן דאַנטעס, מײַן העררר, האָט דער יונגער מאַן געענטפערט מיט א רוהיגע און פעסטע שטימע; איך בין הילפסקאַפּיטאַן פון שיף „פאַראַאָן“, וועלכע געהערט צו דיא העררען מאָררעל און זאָהן.

אויף דיא פראַגע וויא אַלט, האָט דאַנטעס געענטפערט, נײַנצעהן יאהר. וואָס האָט ער געטהאָן וועהרענד מען האָט איהם ארעטירט, האָט ער געענטפערט מיט איין עררעגטע שטימע, אז ער האָט געפײַערט זײַנע פערלאָבונג.

— איהר האָט געפײַערט אײַערע פערלאָבונג? האָט וויללפאָרט, געגען זײַן ווילען שווידערענדיג, געפרעגט.

— יאָ, מײַן העררר, און שטעה אין בעגריף מיך צו פערהייראַטהען מיט א מיידעל, וועלכע איך ליעב שוין פון דריי יאהר.

וויא פערשטיינערט וויללפאָרט איז געוועזען, דיעזע אָפפענהייט, דיעזע ווייכע שטימע פון דאַנטעס האָט איהם געריהרט, דאָס האָט איהם ערינערט אין זײַן אייגענעם גליק מיט זײַן כלה.

— רעדט ווייטער האָט ער געזאָגט צו דאַנטעס.

— וואָס ווילט איהר, אז איך זאָל אײַך זאָגען. פרעגט מיך, איך וועל אײַך אויף אַלעם ענטפערען. נאָר איך מוז אײַך זאָגען, האָט ער מיט א שמייכעל צוגעזעצט, אז איך ווייס זעהר ווייניג.

— האָט איהר געדיענט אונטער נאַפּאָלעאָן?

— איך האָב געדאַרפט אײַנגעצויגען ווערען אין מיליטערישען זעע־דיענסט, ווען ער איז געפאַלען.

— מען זאָגט, אז אײַערע פּאָליטישע מיינונגען זיינען שאַרף; איז עס וואהר? האָט וויללפאָרט געפרעגט, אָבוואָהל ער האָט דערפון גאָר ניט געהערט. ער האָט איהם בלאָז געוואָלט שטעלען דיעזע פראַגע.

— מײַנע מיינונגען, העררר? ליידער! איך שעם מיך צו זאָגען, אבער איך האָב קיין מאָל ניט געהאַט דאָס, וואָס מען רופט פּאָליטישע מיינונגען. איך בין אַלט נײַנצעהן יאהר און איך האָב דיא עהרע אײַך צו זאָגען, אז איך בין ניט בעשטימט פיר קיין ראָלע צו שפּיעלען. דאָס ביסעל וואָס איך בין און וואָס איך וועל זײַן, האָב איך העררן מאָררעל צו פערדאַנקען. און דעם האַלב זיינען מײַנע פריוואַט מיינונגען: איך האָב ליעב

מיין פאטער, איך רעספעקטיר הערין מאָררעל און איך פערגעטער מיין כלה מערסעדעס. אָט דאס איז, מיין הערר, אלעס, וואס איך קען זאָגען פאר דער גערעכטיקייט, און וויא איהר זעהט, איז עס זעהר וועניג אינטערעסאנט פאר איהר.

וועהרענד דאַנטעס האט גערעדט, האט וויללפאָרט בעטראכט זיין אפפענעס און עהרליכעס געזיכט. ער האט זיך דערמאָנט אָן רענע'ס ווערטער, אז ער זאל האבען נאכזיכט מיט דעם בעשולדיגטען. „אויסגעצייכענט, האט ער ביי זיך געטראכט, אָט איז א בראווער יונג. דורך וועלכען איך וועל זיך קענען אויספיינען פאר מיין כלה". זיין געזיכט איז געווארען לעבענדיג.

— האט איהר פיליכט וועלכע פיינדע? האט וויללפאָרט געפרעגט.

— איך, פיינדע? איך בין גליקליך דאס מיין קליינער שטאנד שאפט מיר ניט קיינע פון זיי. וואס מיין כאראקטער אנבעטריפט, איז אפשר א ביסעל היציג, אבער איך האב איהם אימער געזוכט צו בעזענפטיגען געגען מיינע אונטערגעאָרדענטע. איך האב א צעהן צוועלף מאטראָזען אונטער מיין בעפעהל, זאל מען זיי פרעגען, מיין הערר, וועלען זייא אייך זאגען, אז זיי ליעבען און רעספעקטירען מיך ניט וויא א פאטער, דען דערצו בין איך צו יונג, אבער וויא איין עלטערן ברודער.

— ווען ניט קיינע פיינדע, אפשר האט איהר בענייד‍ער: מיט ניינצעהן יאהר זייט איהר געווארען קאפיטאן; איהר הייראטה דיא שענהנסטע מיידעל, און דאס איז א זעלטענער גליק אויף אונזער ערד, וועלבער מוז מאכען בענייד‍ער און אויפערזיכטיגע.

— איהר האט רעכט. איהר מוזט בעסער קענען דיא מענשען וויא איך, און דאס איז מעגליך; אבער ווען דיעזע בענייד‍ער זאלען זיין צווישען מיינע פריינדע, איז בעסער, אז איך זאל עס ניט וויסען, דען איך וועל זיי פערשפאָרען צו האסען.

— איהר האט אונרעכט, יונגער מאַן, מען מוז אלע מאל קוקען ארום זיך מיט קלאָרע אויגען. און דעם אמת געזאגט, שיינט איהר מיר צו זיין איין עהרליכער און בראַווער יונגער מאַן. איך וועל דאהער געגען דיא רעגלען פון דעם געזעץ אייך העלפען צו פערשאפען ליכט אין דער זאך, וועלכע בריינגט אייך פאר מיר: קענט איהר דיעזעס שרייבען? ער האט דערביי ארויסגעצויגען א בריעף פון קעשענע און האט איהם געצייגט דאַנטעס. דיעזער האט בעטראכט דעם בריעף.

— ניין, מיין הערר, איך קען ניט דיעזע האנדשריעפט; זיא איז פערשטעלט. פון דעסטוועגען איז זיא רעגעלמעסיג געשריעבען, און דאס האט געמוזט מאכען א זיכערע האנד. איך בין זעהר גליקליך. האט ער צגעזעצט דאנקבאר אנקוקענדיג וויללפאָרט, דאס איך האב צו טהאָן מיט אזא מאַן וויא איהר, דען מיין בענייד‍ער מוז טאקע זיין א וואהרער פיינד.

— אין דעם בליץ פון דיא אויגען, וועלכער האט געגעבען א שיין, וועהרענד דער יונגער מאַן האט געזאגט דיא לעצטע ווערטער, האט וויללפאָרט געקענט בעמערקען, וועלכע פלאמענדע ענערגיע איז געווען בעהאלטען אונטער דער פריהערדיגער ווייכקייט.

— יעצט אלזאָ, האט דער פראָקוראָר געזאגט, דערצעהלט מיר אלעס פריי און אפפען, וואס האט איהר פאר א פערוואנדשאַפט מיט דיעזען געהיימען בריעף; אבער ניט וויא פאר א ריכטער, זאנדערן וויא פאר א מענשען, וועלכער אינטערעסירט זיך

זאגען אייך. מיט דיעזע ווערטער האט וויללפאָרט אויסגעוואָרפען דעם בריעף פון זיך מיט ווידערווילען.

דאַנטעס האט איהם דערצעהלט דיא גאנצע געשיכטע, וויא דער קאפּיטאַן לעקלער האט איהם פאר'ן טויט איבערגעגעבען א בריעף פאר'ן גרויס-מארשאל אויף דער אינזעל עלבע וועלכען ער זאל איינגעהענדיג איבערגעבען אין פאריז; דאס ער האט זיך אונטערנומען דיא זאך אויסצופיהרען, און ענדליך וויא מען האט איהם ארעטירט.

— יאַ, יאַ, עס איז זעהר ריכטיג, האט וויללפאָרט געמורמעלט, און אויב איהר זייט שולדיג, איז עס ניט מעהר וויא אויס אונבעזאָנענהייט; אויך איז דיעזע אונבעזאָנענהייט גערעכטפערטיגט וועגען דער פפליכט צום קאפּיטאַן לעקלער. גיעבט מיר דעם בריעף, וועלכען איהר האט בעקומען אויף דער אינזעל עלבע און גיעבט מיר אייער עהרענוואָרט, אז איהר וועט קומען צום געריכט, ווען מען וועט אייך רופען, און איהר קענט זיך געהן צו אייערע פריינדע.

— איך בין אלזאָ פריי, מיין הערר! האט דאַנטעס אויסגערופען אין איבערמאָס פון זיינע פריידע.

— יאַ גיעבט מיר נור דעם בריעף.

— דער בריעף מוז זיין דא, דען מען האט איהם ביי מיר צוגענומען מיט מיינע אנדערע פאפּיערען, ווען מען האט מיך ארעטירט.

— וואַרט דא א ביסעל, האט וויללפאָרט געזאָגט צו דאַנטעס, זיך אויפהויבענדיג; צו וועמען איז דער בריעף אדרעסירט?

— אן העררען נואַרטיע, קאָק-העראָן גאַס, אין פאריז.

ווען א בליץ וואלט וויללפאָרט געטראפען, וואלט ער ניט געמאַכט אויף איהם אזא ווירקונג, וויא דיעזע אדרעססע. ער איז ארייננעפאלען אין שטול, און זיך האלב אויפהויבענדיג, האט ער גענומען דאס בינדעל פאפּיער, וועלכעס איז געלעגען אויפ'ן טיש. מיט פיבערהאפטע שנעלינקייט האט ער איהם אויפגעבונדען און האט פון דאָרט ארויסגעצויגען דעם בריעף.

— הערר נואַרטיע, קאָק-העראָן גאַס נומער 13, האט ער געמורמעלט ווערענדיג אימער בלייכער. (נואַרטיע וואר וויללפאָרטס פאטער, א פערברענטער באָנאפּאַרטיסט).

— קענט איהר איהם? האָט דאַנטעס פערוואונדערט געפרעגט.

— ניין, האט וויללפאָרט האסטיג געענטפערט; א טרייער דיענער פון קעניג קען ניט קיינע פערשווערער.

— האַנדעלט עס זיך וועגען א פערשווערונג? האט דאַנטעס געפרעגט מיט שרעק. יעדענפאלס קען איך אייך זאגען, אז איך האב עס ניט געוואוסט, דאס איך פיהר אזא בריעף.

— יאַ האט וויללפאָרט מיט א דומפּפע שטימע געזאגט; אבער איהר האט גע־וואוסט צו וועמען ער איז אדרעסירט.

— אום אפּצוגעבען דעם בריעף אין אייגענע הענד, מיין הערר, האב איך עס אהנע צווייפעל געדארפט וויסען.

— און איהר האט קיינעם ניט געצייגט דיעזען בריעף? האט וויללפאַרט וויזאָגט איהם לעזענדיג און אימער מעהר בלייך ווערענדיג, וואס מעהר ער האט געלעזען.

— קיינעם, ביי מיינער עהרע!

— קיינער וויים ניט, אז איהר האט געהאט אזא בריעף.

— קיין מענש אין דער וועלט, אויסער דעם, ווער עס האט מיר איהם געגעבען.

וואס מעהר וויללפאַרט האט זיך גענעהענט צום שלוס פון בריעף, מעהר איז זיין געזיכט פינסטערער געוואָרען, זיינע ליפּען זיינען געוואָרען וויים, זיינע הענד האבען געציטערט: זיינע ווילדע אויגען האבען דאַנטעס געמאכט א טרויעריגען פארגעפיהל. ווען ער האט געענדיגט לעזען, האט וויללפאַרט געלאזען זינקען דעם קאפּף אין זיינע הענד און איז געבליבען א ווײַלע אהנע שפּראַכע.

— וואס איז אייך? האט דאַנטעס מיטליידיג געפרעגט. איהר זייט אונוואהל? וויללפאַרט האט ניט געענטפערט, אבער אין א ווײַלע ארום האט ער אויפגעהויבען זיין בלייכעס און פערצעהערטעס געזיכט און האט נאך אמאל דורכגעלעזען דעם בריעף.

— און איהר זאָגט, אז איהר ווייסט ניט וואס אין דעם בריעף איז געשריעבען? האט וויללפאַרט ווידער געפרעגט.

— אויף מיינע עהרע, איך זאג נאך אמאָל, מיין הערר, אז איך וויים ניט, האט דאַנטעס געזאגט. אבער וואס איז אייך, איהר זייט אונוואָהל, זאל איך אנקלינגען?

— ניין, האט וויללפאַרט געזאגט, זיך שנעל אויפהויבענדיג, ריהרט זיך ניט, זאגט ניט קיין וואָרט: איך האב דא צו געבען בעפעהלען, ניט איהר.

— מיין הערר. האט דאַנטעס בעליידיגט געזאגט, איך האב עס געוואלט טהאָן פון אייערטוועגען.

— זארגט זיך ניט וועגען מיר, זארגט וועגען אייך.—אה! ווען ער וואלט געוואוסט, אז דיעזער נאָרטיע איז מיין פאטער, בין איך אויף עוויג פערלארען, אויף עוויג! האט ער צו זיך געמורמעלט. הערט. אייער אונטערזוכונג איז צו שווער פאר מיר, שוועדער וויא איך האב גערעכענט, עבענפאלס מיט אייער בעפרייאונג. אייער זאך מוז איבערנעמען איין אונטערזוכונגס ריכטער. אונטערדעסען האט איהר געזעהען וויא איך האב געגען אייך געהאנדעלט.

— אָה, איך דאנק אייך! האט דאַנטעס אויסגערופען; איהר האט געגען מיר געהאנדעלט וויא א פריינד, ניט וויא קיין ריכטער.

— אלזאָ איך מוז אייך נאך בעהאלטען א קורצע צייט אַלס געפאנגענער, דיא גרעסטע בעשולדיגונג געגען אייך איז דיעזער בריעף, איהר זעהט.... ביי דיעזע ווערטער איז וויללפאַרט צוגעגאנגען צום ברענענדען קאמין און האט אריינגעווארפען דעם בריעף אין דיא פלאַמען, וועלכע האבען איהם גלייך פערצעהרט. און איהר זעהט, האט ער פארטגעזעצט, איך האב דיא בעשולדיגונג פערניכטעט. אלזאָ, נאָך דיעזער טהאט קענט איהר האבען צוטרויען צו מיר, ניט וואהר?

— אָה, מיין הערר! וויא גוט איהר זייט. בעפעהלט, איך וועל געהארכען.

— איהר וועט בלייבען דאָ ביז אבענד, עס קען זיין, אז אַנאַנדערער וועט אייך

אונטערזוכען, זאגט אלעס, וואס איהר האט מיר געזאגט, אבער קיין ווארט פון דעם בריעף.

— לייקענט אפ אין גאנצען דעם בריעף, ווען מען וועט אייך פרעגען, און איהר זייט גערעטעט.

— איך וועל אפלייקענען, האט דאנטעס געזאגט.

— שווערט עס מיר. דאנטעס האט אויפגעהויבען דיא האנד און האט געשווארען. וויללפארט האט אנגעקלונגען און דער פאליציי קאמיסאר איז אריינגעקומען. יענער האט איהם עפעס געזאגט אויפ'ן אויער און דיעזער האט אנייג געטהאן מיט'ן קאפף.

געהט מיט דעם הערען, האט וויללפארט געזאגט צו דאנטעס, דיעזער האט זיך פערנייגט, ער האט א לעצטען דאנקבארען בליק געטהאן אויף וויללפארט און איז ארויסגעגאנגען.

קוים האט זיך דיא טהיר צוגעמאכט, איז וויללפארט כמעט אונמעכטיג אריינגעפאהלען אין שטהול. אה! מיין פאטער, מיין פאטער, האט ער געמורמעלט, וועסטו נאך אלע מאהל זיין א הינדערניס אין מיין גליק אין דיעזער וועלט, און מוז איך עוויג קעמפפען געגען דיינע פערגאנגענהייט. פלוצלינג איז ער אויפגעשפרונגען, איין אונערווארטעטע ליכט איז ערשיענען אין זיין גייסט און זיין געזיכט האט זיך אויפגעהייטערט.

— יא, אזוי איז עס, האט ער געזאגט, דיעזער בריעף, וועלכער האט געדארפט זיין מיין אונגליק, וועט זיין מיין גליק, אויף, וויללפארט, צו דער ארבייט!

באלד דארויף איז דער פראקוראר ארויסגעגאנגען און איז שנעל אוועק צו זיין כלה.

8טעס קאפיטעל.

## דער שלאס פון איף.

ווען דאנטעס מיט'ן קאמיסאר זיינען ארויס פון צימער, האט דער קאמיסאר געגעבען א וואונק צו צוויי זשאנדארן, וועלכע האבען גענומען דאנטעס צווישען זיך און האבען איהם ארויסגעפיהרט. נאכדעם, אז זיי זיינען דורכגעגאנגען פיעלע לאנגע דונקעלע קארידארען, האט דער קאמיסאר מיט א האמער אין א שווערע טהיר געגעבען דריי קלעפ, וועלכע האבען אפגעהילכט פאר דאנטעס, אזוי וויא מען וואלט געגעבען אויף זיין הארצען; דיא טהיר האט זיך אויפגעמאכט, און דיא זשאנדארען האבען דאנטעס לייכט אריינגעשטויסען אין צימער, וועלכער איז אפילו געווען ריינליך, אבער פערזעהען מיט פעסטע אייזענס. דיא טהיר האט זיך באלד ווידער פערשלאסען און דאנטעס איז געבליעבען אליין.

דאנטעס האט יעצט ערפיהלט אז ער איז אין געפענגניס. ער האט אנגעפאנגען צו שווידערן; דונקעלע געדאנקען האבען אומשוועבט זיין גייסט. דאך האט ער זיך ערינערט אן דיא פערשפרעכונג פון וויללפארט און ער האט זיך בערוהיגט. פיער שטונדען איז ער אזוי געזעסען: עס איז שוין געווען דונקעל, דער טאג איז נאך געווען ניט גרויס; עס איז געווען דעם ערסטען מערץ.

ענדליך געגען צעהן אוהר אבענדס, ווען דאנטעס האט שוין אנגעפאנגען צו פערלירען דיא האפפנונג, האט זיך דערהערט א גערויש אין קארידאר, באלד דערויף האבען

זיך דערהערט טריט און א געקלאפעריי און דיא גרויסע אייזערנע שלעסער האבען זיך אויפגעשלאָסען און דיא טהיר האט זיך מיט א שווערען קרעכץ אויפגעמאכט. פיער־זשאנדארן מיט ברענענדע פאקלען זיינען אריינגעקומען. דאנטעס איז זיי געגאנגען ענטגעגען, ער האט גערעכענט, אז מען איז איהם געקומען רופען פון וויללפאָרט. ער האט עס געפרעגט איין זשאנדאר און דיעזער האט איהם בעיאהט דיא פראגע.

דאנטעס האט ווייטער ניט געוואלט פרעגען, דען ער האט געוואוסט, אז מען דארף אן זשאנדאר אין דיענסט ניט שטעלען קיין פראגען. ער איז אלזאָ מיט פריידע נאכגעגאנגען דיא זשאנדארן, אין דער האפפנונג, אז ער וועט בעפרייט ווערען. אין דרויסען איז געשטאנען א געפענגנים וואגען און מען האט איהם געהייסען אריינשטייגען אין איהם.

דאנטעס האט געוואלט מאכען אייניגע ווידערערדען, אבער דיא זשאנדארן האבען איהם אהין אריינגעשטויסען און דיא טהירל האט זיך צוגעמאכט. ער האט ניט געהאט און האט ניט געקענט האבען דיא קלענסטע מעגליכקייט צו מאכען דיא גרינגסטע ווידערשטרעבונג; אין איין אויגענבליק איז ער געזעסען אין א ווינקעל, צוויי זשאנדארן פון איין זייט און צוויי ענטגעגען איהם.

א קורצע צייט איז דער וואגען געפאהרען דורך דיא נאכט, ביז ער האט זיך אפגעשטעלט לעבען א הויפטוואכע, וועלכע איז געווען לעבען ברעג פון וואסער. א דוצענד סאָלדאטען מיט גאלדענע געוועהר זיינען געקומען דעם וואגען ענטגעגען.

— איז עס פיר מיר? האט זיך דאנטעס געפרעגט, ווען ער האט דערזעהען דיעזע וואכע, אבער דיא אנטווארט איז באלד געקומען, דען וויא ער איז ארויס פון וואגען, האבען זיך דיא סאָלדאטען אויסגעשטעלט אין צוויי רייהען און האבען איהם געמאכט א וועג צום וואסער. דיא זשאנדארן האבען איהם צוגעפיהרט צו א שיפעל.

דיא ערסטע בעוועגונג פון דעם געפאנגענעם, ווען ער האט דערפיהלט דיא פרישע לופט, איז געווען פול פריידע. דיא לופט איז כמעט דיא פרייהייט. ער האט זיא מיט דער פולער ברוסט איינגעאָטהעמט, באלד פון דעסטוועגען האט ער געגעבען א זיפץ, ווען ער האט ערקענט זיין לאגע.

דיא שיפעל, אויף וועלכער ער איז ארויפגעשטיגען מיט דיא זשאנדארן האט זיך שוין פון א היפשע ווילע געשאָקעלט אויפ'ן וואסער. דאנטעס האט שוין מעהר ניט אויסגעהאלטען.

— אבער וואוהין פיהרט איהר מיך? האט ער א זשאנדאר געפרעגט.

— איהר וועט עס באלד וויסען, האט איהם יענער געענטפערט.

ווילדע געדאנקען האבען איהם אָנגעפאנגען צו לעכערן דעם מוח. וואוהין פיהרען זיי מיך— האט ער געטראכט. ווען ער וואָלט געווען א שווערער פערברעכער, וואָלט ער דאָך געווען געשמיעדט אין קייטען, און דערצו האט איהם דער פראָקוראָר פערשפראָכען אז ער וועט ניט דערמאָנען נוארטיע'ס נאמען, קען איהם גאר ניט שאדען, און דעם בריעף האט ער דאך אויך פערברענט. דיעזע געדאנקען האבען איהם בערוהיגט, און ער האט רוהיג אפגעווארט דעם סוף. ער האט אנגעפאנגען צו קוקען ארום זיך. ער האט געזעהען וויא זיי שיפען פארביי דיא קאטאלאנס. איין ליכטעל האט ער געזעהען דארטע

ברענען, און דאס איז געוועזן ביי זיין מערסעדעס אין הייזעל. ווען ער וואלט געגעבען א געשריי, וואלט זיא דערהערט, אבער ער האט זיך געשעמט פאר דיא זשאנדארן.

דאס ליכטעל איז פערשוואונדען און דאס שיפעל איז ארוים אויפ'ן גרויסען וואַסער. אַנשטאָט דיא רודערס, האט מען יעצט אנגעצויגען א זעגעל, און דיא שיפעל איז געפלויגען אין דיא דונקעלע נאכט.

טראָץ זיינער פעראכטונג צו דיא זשאנדארן זיי צו שטעלען פראגעס, האט זיך דאנטעס געגעהנט צו איינעם און האט אנגענומען זיין האנד.

— קאמעראד, האט ער צו איהם געזאגט, אין נאמען פון אייער אייגענעם געוויסען אלס סאָלדאט, בעשווער איך אייך, אז איהר זאלט האבען מיטלייד מיט מיר. איך בין דער קאפיטאן דאנטעס און איין עהרליכער פראנצויז. אבוואהל איך בין בעשולדיגט איך וויים ניט וועגען וועלכען פעררעאטה: וואוהין פיהרט איהר מיך? זאָגט עס מיר און איך שווער אייך ביי מיין וואָרט אלס זעעמאן, דאס איך וועל מיך ערגעבען אין מיין שיקזאל.

דער זשאנדאר האט זיך געקראצט הינטערן אויער און האט אנגעקוקט זיין קאמעראד, יענער האט איהם געגעבען א מאך מיט'ן קאָפּף. וויא איינער זאגט, „קענסט איהם זאגען; מיר זיינען שוין ניט ווייט פון ציעל.

— איהר זייט א זעעמאן, און איהר ווייסט ניט וואו איהר זייט. קוקט זיך נור גוט ארום.

דאנטעס האט אויפגעהויבען דיא אויגען, און האט געקוקט וואוהין דיא שיפעל געהט. פון וויטענס האט ער געזעהען פאר זיך א גרויסע מעכטיגע שווארצע סקאלע, אויף וועלכער איז געשטאנען דער פינסטערער שלאָס פון איף. דיעזע שרעקליכע פאָרמע, דיעזעס געפענגניס, ארום וועלכער עס הערשט אזא טיעפער גרויען, דיעזע פעסטונג, וועלכע איז שוין זייט דריי הונדערט יאהר א שרעקען פאר מארסייל, איז פלוצלונג ערשיענען פאר דאנטעס, וועלכער האט גאר אן איהר ניט געדאכט, און האט אויף איהם געמאכט דעם איינדרוק, אזוי וויא אויף א פעראורטהיילטען צום טויט דער עשאפאָט.

— וואָס! האט ער אויסגעשריען, דער שלאָס פון איף! אַהין פיהרט מען דאך נאר גרויסע שטאאטס פערברעכער! וואס האב איך דען געטהאָן? און וויא קען מען מיך פיהרען אהין אָהנע יעדע אונטערזוכונג אהנע יעדען פערהער, און דערצו נאך געגען דעם ווילען פון הערר׳ען וויללפאָרט?—

זאגענדיג דאס, האט דאנטעס מיט דיא שנעלליגקייט פון א בליץ, געוואלט אריינשפרינגען אין וואסער, אבער דער זשאנדאר, וועלכער האט געהיט יעדע בעוועגונג פון איהם, איז נאך געוועזן שנעלער וויא ער, און ער האט איהם אנגעכאפט; אין איין מינוט איז דאנטעס געלעגען אויף דעם באָדען פון שיפעל, און דיא קניען פון דיא זשאנדארן זיינען געלעגען אויף זיין ברוסט.

— אָט דאס איז דיין זעעמאַן'ס וואָרט! האט דער זשאנדאר געזאגט. יעצט ווען דו וועסט מאכען דיא קלענסטע בעוועגונג, יאָג איך דיר אריין א קוגעל אין קאָפּף. ביי דיזע ווערטער האט ער איהם צוגעליינט דיא ביקס צום קאָפּף.

דאנטעס האט שוין געוואלט מאכען א בעוועגונג, אום פטור צו ווערען פון לע־

פען, ער האט זיך אבער איבערלייגט, דען ער האט נאך אלץ ניט פערלארען דיא האָפ־נונג אין וויללפּאָרט. באלד דערויף האט זיך דאס שיפעל גענעבען א העפטיגען שטויס אָן ברעג. א שטריק איז ארויפגעפלויגען אויפ'ן שיפעל, און דאנטעס האט געוואוסט, אז מען איז אנגעקומען צום ציעל.

צעהן מינוטען שפּעטער איז שוין דאנטעס געווען הינטער דיא מויערן פון דעם שרעקליכען געפענגניס. מען האט איהם אריינגעפיהרט אין איין אונטעראירדישען זאל, פון וועלכען דיא וועגד זיינען געווען נאס, א שטיקעל אויל־לעמפּעל האט בעליכטען דעם טרויעריגען רום, און האט דאנטעס געצייגט זיין פיהרער, איין ארט געפענגניס־וועכטער מיט א נעמיינעם און גראבען אויסזעהען.

— דאס איז אייער צימער פאר היינטיגע נאכט, האט ער געזאָגט צו דאנטעס, דער גאָווערנער שלאפט שוין. עס קען זיין, אז מארגען וועט מען איהם אייך אומוועק־סלען. דערווייל, אָט האט איהר ברויט מיט א קריגעל וואסער; דאָרטען איז שטרוי; דאס איז אַלעס, וואס א געפאנגענער קען ווינשען. גוטע נאכט!

און נאך איידער דאנטעס האט נאך צייט געהאט אויפצומאכען דעם מויל און זיך ארומצוקוקען, איז שוין דער וועכטער געווען אין דרויסען און האט צוגעמאכט דיא טהיר. דאן האט ער זיך געפונען אין דער פינסטערניס און אין דער שטילקייט, וועלכע איז גע־ווען אזוי שטום וויא דיא פעלזען וועגט, פון וועלכע ער האט געפיהלט דיא אייזיגע קעלט דריקענדיג אויף זיין ברענענדען שטערען.

ווען דיא ערסטע ליכט שטראהלען פון טאג האבען אנגעפאנגען איינצודרינגען אין דיעזען קערקער, איז דער וועכטער געקומען מיט דעם בעפעהל צו לאזען דעם געפאנגע־נעם אויפ'ן פלאץ וואו ער איז געווען. דאנטעס איז געשטאנען אויפ'ן זעלבען פלאץ, וואו דער וועכטער האט איהם געלאזען. עס האט געשיינט, אז א אייזערנע האנד האט איהם דארטען צוגעשמיעדט; נור זיין טיעפעס אויג, וועלכעס איז געווען אומוועבט פון דעם נאסען טוי פון זיינע טרערען, האט געקוקט אויף דער ערד און האט געטראגען אין זיך לעבען. ער איז געשטאנען אונבעוועגליך און האט זאגאר ניט בעמערקט, וויא דער וועכ־טער איז אריינגעקומען. דער וועכטער האט זיך ארום איהם ארומגעדרעהט, און האט איהם געמוזט אנריהרען. דאנטעס האט גענעבען א שוידער און האט א טרייסעל גע־טהאָן מיט'ן קאָפּף.

— איהר האט גאר ניט געשלאָפען? האט איהם דער וועכטער געפרעגט.

— איך וויים ניט. האט דאנטעס געענטפערט. דער וועכטער האט איהם פער־וואונדערט אנגעקוקט.

— ווילט איהר גאר ניט עסען? האט דער וועכטער פארטגעזעצט.

— איך וויים ניט, האט דאנטעס וויעדער געענטפערט.

— ווילט איהר עפּעס?

— איך וויל זעהען דעם גאָווערנער.

דער וועכטער האט א קנייטש געטהאָן מיט דיא פּלייצעס און איז ארויסגעגאנגען. דאנטעס האט אויסגעשטרעקט דיא הענד צו דער טהיר, אבער דיא טהיר האָט זיך פערמאכט. דאן האט זיין ברוסט געשיינט זיך צו צורייסען אין א לאנגען שלוכצען. דיא

טרערען, זועלכע האבען איבערפילט זיין ברוסט, זיינען ארויס וויא צוויי טייכען פון זיינע אויגען; ער איז נעפאלען מיט'ן קאָפּף צו דער ערד, און איז אזוי א לאנגע צייט געלעגען. זיין גאנצער לעבען האָט דורכפאסירט זיין קאָפּף, און ער האט זיך געפרעגט, וועלכען פערברעכען האט ער, נאך אזוי יונג, בעגאנגען, אום אזוי הארט בעשטראפט צו ווערען.

אזוי איז פערגאנגען דער גאנצער טאג. ער האט קוים אנגעריהרט דיא ברויט און וואסער. ער איז ארומגעגאנגען אין זיין געפענגניס וויא א ווילדע חיה אין שטייג. איבער־הויפּט האט איהם איין געדאנקען געמאכט אויפשפרינגען. וועהרענד דעם פיהרען אויפ'ן וואסער, איז ער אין זיין אונוויסענהייט פון זיין לאגע, געבליעבען אזוי רוהיג; ער וואלט געקענט צעהן מאָהל זיך ארייננווארפען אין וואסער, און אזוי וויא ער איז געווען א גוטער שווימער, וואלט ער צוגעשוואומען צו א ברעג, פון דארטען וואלט ער אנטלאָפען נאך אויסלאנד, און וואלט נאכגעשיקט נאך זיין מערסעדעס און זיין פאטער, און ער וואלט געקענט גליקליך לעבען; וועהרענד יעצט איז ער געפאנגען אין דעם שרעקליכען געפענג־ניס פון איף, אהנע צו וויסען וואס זיין פאטער און וואס מערסעדעס מאכט, און נאר צו ליעב דעם, וואס ער האט געגלויבט אין דעם וואָרט פון וויללפאָרט. עס איז געווען אום משוגע צו ווערען.

אזוי האט זיך דאנטעס ארומגעוואלגערט אויפ'ן ביסל שטרוי ביז אויף מאָרגען, ווען דער וועכטער איז אריינגעקומען. אויף דיא פראגע, אויב ער וויל עפּעס, האט איהם דאנטעס ווייטער געענטפרעט, אז ער וויל זעהען דעם גאָווערנער.

— הערט, האט דער וועכטער, וועלכער האט בעקומען עטוואס מיטלייד מיט דעם אונגליקליכען, שוין מיט א ווייכערע שטימע געזאגט, דאס וואס איהר פערלאנגט איז אונמעגליך. עס איז נאך קיין מאָל ניט געווען, אז דער גאָווערנער זאָל קומען אין דער צעלע פון א געפאנגענעם; זייט אבער פערניפטיגט. עס קען זיין, אז וועהרענד אייער שפאצירען אויפ'ן הויף זאלט איהר איהם בעגעגענען, דען קענט איהר איהם פרעגען; אויב ער וועט ענטפערן, איז עס זיין זאַך.

— און וויפעל קען איך ווארטען אויפ'ן צופאל, אז איך זאל איהם בעגעגענען?

— ווער וויים. א חודש, דריי, זעכס, און פיעלייכט א יאהר.

— דאס איז צו לאנג, האט דאנטעס געזאָגט: איך וויל איהם שוין זעהען.

דרינגט דאך ניט אזוי מיט אייער אונמעגליכען פערלאנגען, דען אין צוויי וואכען וועט איהר משוגע ווערען.

— מיינסטו עס? האט דאנטעס געזאגט.

— געוויס, משוגע; דיא משוגעת פאנגט אלע מאָל אזוי אן. מיר האבען דא א ביישפיעל. מיר האבען דאָ אין דיעזען צימער געהאט א גייסטליכען, וועלכער האט אנ־געבאָטען דעם גאָווערנער א מיליאָן, ביז ער איז געווארען משוגע.

— און וויא לאנג איז עס שוין, אז ער האט פערלאָזען דיעזען צימער?

— צוויי יאהר.

— האט מען איהם פריי געלאָזען?

— ניין, מען האט איהם איינגעשפארט אין א פינסטערן חדר.

— הער, האט דאנטעס געזאָגט. איך בין ניט משוגע, און איך וויל דיר ניט

אָנבאָטען קיין מיליאָן, ווייל איך האב ניט, אבער איך וועל דיר געבען פינף טאלער ווען דו וועסט מיר אוועקטראָגען א צעטעל צו א מיידעל אין דיא קאטאַלאַגס.

— צו וואס זאל איך טהאָן דיא נארישקייט. ווען מען כאַפּט מיך, פערליער איך מייז פּלאַץ, וועלכער ברייננט מיר איין טויזענד טאלער א יאהר, א חוץ זייטיגע איינקינפטע און שפּייזע.

— גערענק־זשע, ווען דו טהוסט עס ניט, וועל איך אין איין שעהנעם טאג טיט דיעזען ביינקעל דיר צו שפּאַלטען דעם קאָפּף און איך וועל ארויס.

— דער וועכטער איז באלד ארויסגעגאנגען און איז געקומען צוריק מיט פיער סאָלדאטען, און האט געהייסען אין נאמען פון גאָווערנער אראָפּפיהרען דעם געפאנגענעם מיט איין עטאַזש ניעדריגער. „מען מוז דעם משוגענעם אריינזעצען צווישען דיא משוגעים". דאַנטעס האט זיך געלאָזען פיהרען וויא א קינד. מען האט איהם אריינגעפיהרט אין א פינסטערע צעללע פופצעהן שטופּען ניעדריגער. דיא טהיר האט זיך צוגעמאַכט, און דאַנטעס איז געגאנגען טאַפּענדיג מיט דיא הענד פאר זיך, ביז ער האט אָנגעטאַפּט דיא וואנד. ער האט זיך אוועקגעזעצט אין א ווינקעל און איז געבליעבען אונבעוועגליך.

דער וועכטער האט געהאט רעכט: עס האט זעהר ווייניג געפעהלט אז דאַנטעס זאל משוגע ווערען.

## 9טעם קאַפּיטעל.

## עדמאָן דאַנטעס און דער משוגענער.

מאָנאטען, פיעל מאָנאַטען זיינען פערגאנגען און דער אונגליקליכער דאַנטעס האָט אלץ געשמאַכט אין זיין לעבעדיגען קבר. לואיס דער אַכטצעהנטער איז פעריאָגט געוואָרען פון פראַנקרייך, נאַפּאָלעאָן דער ערשטער איז צוריק ארויף אויפ'ן טראָן, ער איז ווידער פערשיקט געוואָרען אויפ'ן אינזעל, לואיס דער אַכטצעהנטער איז צוריק ארויף אויפ'ן טראָן—און עדמאָן דאַנטעס האָט אלץ געשמאַכטעט אין ק'ַרקער.

זיין אַלטער אָרימער פאָטער האָט ניט געקענט אַריבער טראָגען דיא שיידונג פון זיין געליעבטען זון, און ער איז אין פינף מאָנאַט ארום נאָך דאַנטעס ארעסט געשטאָרבען. זיין כלה דיא שיינע מערסעדעס האט אויסגעוויינט איהרע אויגען נאך איהר געליעבטען און איז כמעט אריינגעפאַלען אין א מין שטומפּפזין פון גרויסען שמערץ און ליידען.

דער גוטהערציגער שיפס אונטערנעהמער מאָרעל איז געלאָפען צום פּראָקוראָר ווילפאָר טאָג טעגליך וועגען דאַנטעס און ער האָט איהם אזוי לאנג געפיהרט, ביז עס איז איהם מיאוס געוואָרען גייענדיג און ער האָט אויפגעהערט. דער שניידער קאדרוס, איז געוועזן דער איינציגער וועלכער האָט עפּעס געקענט טאָן פאר דאַנדעס'ן אָבער ער האָט מורא געהאַט פאר דאַנגלאַר און ער האָט פערטרונקען זיין עגמת נפש אין וויין.

נאָר דאַנגלאַר האָט זיך געפרייט, וואָס זיין ווערק איז איהם אזוי גוט געלונגען און ער איז פּטור געוואָרען פון דאַנטעס. ער האט געהאט א זיכערע שטעלע און איז געוועזן דער קאַפּיטאַן פון דער שיף פאַראַאָן. פערנאַן האָט זיך אויך געפרייט מיט דאַנ־

טעם פערשוואונדען, דען ער האָט נאָך ביז יעצט פון דער אונגליקליכער מערסעדעס קיין ליעבע ניט געקענט ערוואַרטען, האָט ער יעצט געקענט לייכט האָפען, אז מיט דער צייט וועט זיא ווער'ן זיין פרוי.

אונגעפעהר א יאהר נאָך לואיס דעם אכטצעהנטען צוריקקומען אין פראַנקרייך, האָט דער גענעראַל אינספעקטאָר וויזיטירט דיא געפענגניסען.

דאַנטעס האָט אין זיין גרוב געהערט עפּעס רודערענדיג זיך איבער איהם אבער ער האָט ניט געוואוסט וואָס עס איז. דאָס איז געווען דער אינספעקטאָר וועלכער האָט נאָכגעזעהען איינע נאָך איינע דיא צעלען און האָט געפרעגט דיא געפאַנגענע אויב זיי ווער'ן גוט בעהאַנדעלט. אַלע האָבען איהם געענטפערט אז זיי ווער'ן זעהר שלעכט גע־נעהרט און זיי פערלאַנגען דיא פרייהייט.

דער אינספעקטאָר האָט זיי געפרעגט, אויב זיי האָבען עפּעס אַנאַנדער פערלאַנ־גען, און דיא געפאַנגענע האָבען געשאָקעלט מיט דיא קעפּ. וואָס קען א געפאַנגענער מעהר פערלאַנגען וויא דיא פרייהייט?

— עס איז ניטא וואס צו הערן. האָט דער אינספעקטאָר געזאגט צום דירעקטאָר פון געפענגניס, וועלכער האָט איהם בעגלייטעט. האָט איהר עפּעס אַנדערע געפאַנגע־נע? האָט ער איהם געפרעגט.

— יא, מירה אָבען געפעהרליכע און משוגענע געפאַנגענע, וועלכע מיר האַלטען אין בעזונדערע גריבער.

— לאָמיר גיין זעהען דיזע געפאַנגענע, האָט דער אינספעקטאָר געזאגט.

— איך וועל פריהער הייסען צושיקען צוויי מאַן, דען דיזע געפאַנגענע זיינען גע־פעהרליך. זיי קענען א מאָל הרגענען א מענשען כדי מען זאָל זיי פערמשפּטען צום טויט.

— נו, מאַכט וויא איהר פערשטייט, האָט דער אינספעקטאָר געענטפערט.

און טאַקע באַלד זיינען געקומען צוויי סאָלדאַטען. מען האָט אנגעפאַנגען אראָפּ צו שטייגען דיא טרעפּ, וועלכע האָבען אזוי געשטונקען פון דער פערפעסטערער לופט, איין אונגעוויינטער מענש מיט דעם האָט געקענט דערשטיקט ווערען.

— צום טייוועל! האָט דער אינספעקטאָר אויסגערופען אויף העלפט וועג. וועלכער שווארץ יאהר קען דאָ לעבען?

— א שרעקליכער פערשווערער, וועלכער איז אונז רעקאָמאַנדירט געוואָרען אלס זעהר א געפעהרליכער מענש.

— וויא לאַנג איז ער שוין דאָ?

אונגעפעהר א יאהר, האָט דער דירעקטאָר געענטפערט.

— זיצט ער דיא גאַנצע צייט אין דיזער גרוב?

— ניין, צייט ער האָט געוואָלט טויטען זיין וועכטער.

— אַלזאָ מוז דער מענש זיין א משוגענער? האָט דער אינספעקטאָר געזאָגט.

— נאָך ערגער וויא דאָס, ער איז א טייוועל.

— ווילט איהר, אז מען זאָל איהם בערוהיגען, האָט דער אינספעקטאָר געזאָגט צום דירעקטאָר.

— עס האט קיין צוועק ניט, מיין הערר, ער איז שוין גענוג געשטראָפט. יעצט איז ער שוין כמעט משוגע און באלד וועט ער אין גאנצען אראָפּ פון זינען.

— עס איז בעסער פאר איהם, אז ער וועט אין גאנצען משוגע ווערן, דאן וועט ער ניט ליידען.

— איהר האט זעהר רעכט, מיין הערר, האט דער דירעקטאָר געענטפערט. אייער מיינונג ווייזט, אז איהר פערשטייט דיא זאך. מיר האבען דאָ נאך א געפאנגענעם, וועלכער איז אָפּגעטהיילט פון דעם מיט א צוואנציג פוס און צו וועלכען מען דארף צו־קומען דורך אנאנדער גאנג. דאס איז איין אלטער גייסטליכער, וועלכער זיצט שוין דאָ פון דעם יאהר 1811, און ביי וועלכען דער קאָפּ האט זיך צומישט אין יאהר 1813. דעם מאן קען מען מעהר קערפערליך ניט דערקענען. ער וויינט, ער לאכט; ער ווערט מאָגער, ער ווערט פעט. ווילט איהר איהם זעהן פריהער וויא יענעם? זיין משוגעת מאכט פריילעך און איהר וועט זיך ניט פיהלען אומעטיג לעבען איהם.

— איך וועל זיי זעהען ביידען. לאָמיר פריהער אריינגיין צום ערשטען.

— זעהר גערן, האט דער דירעקטאָר געזאָגט, און ער האט געגעבען א צייכען צום שליסער, אז ער זאל עפענען.

ביי דעם סקריפּ פון דער אייזערנער טהיר, האט זיך דאַנטעס אויפגעהויבען. ער איז געלעגען אין א ווינקעל און האט געקוקט אויף דיא ליכט, וועלכע איז אריינגעקומען דורך א שפּאלט אין זיין גרוב. ווען ער האט דערזעהען איין אונבעקאנטען מענשען מיט צוויי סאָלדאטען, האט ער גערעכענט, אז א גרויסער בעאמטער איז געקומן פון זיינטוועגען.

דיא סאָלדאטען האָבען אָנגעשטעלט זייערע ביקסען, כדי ער זאל זיך ניט א וואָרף טאָן אויפ׳ן אינספּעקטאָר. דער אינספּעקטאָר אליין האט אָפּגעשפּרונגען אָן א זייט.

דאַנטעס האט דאן געזעהען, אז מען האט איהם פערשווארצט ביי דעם בעאמטען און ער האט צוזאמענגענומען זיין גאנצע קראפט און האט דעם אינספּעקטאָר דערציילט זיין געשיכטע.

דער אינספּעקטאָר האט איהם אין גאנצען אויסגעהערט און ער האט זיך געזעגנט צום דירעקטאָר, און האט צו איהם געזאגט שטילערהייט:

— — דער מענש איז שוין געוואָרען גאנץ וויך. דער פּחד האט איהם געמאכט פאר א מענשען. דאן האט ער זיך געווענדט צו דאַנטעס.

— אלזאָ וואס פערלאנגט איהר?

— איך פרעג, וועלכען פערברעכען האב איך בעגאנגען, איך פערלאנג. אז מען זאל מיר געבען ריכטערס, איך פערלאנג, אז מיין פּראָצעס זאל אונטערזוכט ווערן. דאן פערלאנג איך, אז מען זאל מיך שיסען אויב איך בין שולדיג, אדער מען זאָל מיך פריילאָזען, ווען איך בין אונשולדיג.

— האט איהר גוט צו עסען? האט דער אינספּעקטאָר געפרעגט.

— איך גלויב אז יאָ; איך וויים גארניט. דאס קימערט מיך ווייניג, אבער וואס עס דארף קימערן ניט מיך אונגליקליכען געפאנגענעם, זאנדערן דיא מענער פון גערעכטיג־

קייט, איז אויסצוגעפינען, פאר וואס איין אונשולדיגער מענש ווערט געהאלטען אין א פינסטערן קערקער נאָר ווענען א נידערטרעכטיגע פאלשע מסירה.

— איהר זייט היינט זעהר ווייך, האט דער דירעקטאָר געזאגט, ניט אלע מאָל זייט איהר אזוי געווען. איהר האט אנדערש געשפראָכען, מיין פריינד, דעם טאָג ווען איהר האט געוואָלט הארגענען דעם וועכטער.

— עס איז אמת, מיין הערר, האט דאנטעס געזאָגט, און איך בעט הערצליך אז דער מאַן זאל מיר מוחל זיין, וועלכער איז געווען אלע מאָל גוט צו מיר. אבער וואס ווילט איהר? איך בין געווען משוגע, ווילד....

— און איהר זייט עס ניט מעהר?

— ניין, מיין הערר, דיא געפאנגענשאפט האט מיך צובויגען און צובראָכען און פערניכטעט. עס איז שוין אזא צייט וויא איך בין דאָ!

— אזוי לאנג? ווען זייט איהר ארעטירט געוואָרען? האט דער אינספעקטאָר געפרעגט.

— דען 28טען פעברואר, 1815, צוויי א זייגער נאך האלבען טאָג.

— יעצט האָבען מיר דען 30טען יולי 1816. עס זיינען זיעבענצעהן מאָנאט וויא איהר זייט דאָ.

— זיעבענצעהן מאָנאט! האט דאנטעס אויסגערופען. אַך מיין הערר, איהר ווייסט ניט וואס דאס איז זיעבענצעהן מאָנאט אין קערקער. דאס זיינען זיעבענצעהן יאָהר, זיעבענצעהן דרות; איבערהויפט פאר א מענשען וויא איך, וועלכער האט געדארפט הייראטהען א געליעבטע מיידעל, פאר וועמען דאס גליק איז געשטאנען פאר דער טהיר, און פלוצלונג פאלט ער אראפ פון דער העלער ליכטיגער וועלט אין א פינסטערן און ווייסטען תהום, און ער וויים ניט אויב דיא וועלכע ער האט געליעבט ליעבט איהם נאך און אויב זיין אלטער אונגליקליכער פאָטער לעבט נאָך. זיעבענצעהן מאָנאט געפענגניס פאר א מענשען, וועלכער איז געוויינט געווען מיט דיא לופט פון דיא ימים און מיט דיא שיפען אין דיא שטורעמ׳ס, מיין הערר, זיעבענצעהן מאָנאט קערקער פאר אזא מענשען איז מעהר וויא דיא גרעסטע שטראָף, וועלכע א מענש קען נאָר אויסטראכטען! האט אלזאָ מיט־לייד מיט מיר, גוטער הערר! איך בעט ניט קיין געשענק, זאָנדערן גערעכטיגקייט. ריכטער וויל איך, מיין הערר, נאָר ריכטער! מען קען דאָך ניט אָפּזאָגען א מענשען צו געבען א ריכטער, ווען דער מענש איז שולדיג אין עפּעס.

— גוט, האט דער אינספעקטאָר געזאָגט, מען וועט זעהען. דען האט ער זיך געווענדט צום דירעקטאָר.

— ווייסט איהר, דער אָרימער טייוועל מוז ליידען. אז מיר וועלען זיין אויבען וועט איהר מיר ציינען דעם בוך, און איך וועל זעהען פאר וואס ער זיצט.

— געוויס, האט דער דירעקטאָר געענטפערט. אבער איהר וועט געפינען אז ער איז א געפעהרליכער פערברעכער.

— מיין הערר, האט דאנטעס ווייטער געזאָגט, איך וויים אז איהר קענט מיך ניט בעפרייען, אבער איהר קענט פאָרברייננען מיין זאך פאר דיא רעגיערונג און מען זאל

אונטערזוכען פאר וואָס איך זיין. איך בעט נאר א ריכטער ווייטער ניט. אָה וויא שמערצליך עס איז צו זיצען אזוי לאנג אין קערקער און מען וויים ניט פאר וואָס!

— לייכט מיר צו און לאָמיר ארויסגיין, האט דער אינספעקטאָר געזאָגט.

— הערר! האט דאנטעס געשריען, איך זעה, אז איהר האט מיטלייד מיט מיר, מיין הערר, זאָגט מיר, אז איך זאָל האָפען.

— איך קען אייך דאס ניט זאגען, האט דער אינספעקטאָר געענטפערט, איך קען אייך נאר פערשפרעכען דורכצוקוקען אייערע אַקטען.

— אָה דאנק, מיין הערר. בין איך פריי, בין איך געראטעוועט.

— ווער האט אייך אַרעטירט, האט דער אינספעקטאָר געפרעגט.

— הערר ווילפאָר. זעהט זיך מיט איהם און טוט פאר מיר, האט דאנטעס געענטפערט.

— הערר ווילפאָר איז שוין ניטאָ פון א יאָהר אין מארסייל, ער איז אין טולוז.

— אך, יעצט וואונדער איך מיך שוין ניט, מיין איינציגער בעשיצער איז אוועק.

— האט אפשר הערר ווילפאָר עפּעס געגען אייך? האט דער אינספעקטאָר געפרעגט.

— גאָרניט. ער איז נאר געוועזען פריינדליך צו מיר.

— אלזאָ קען איך מיך פערלאָזען אויף דאס וואס ער האט צוגעשריעבען צו אייערע אַקטען?

— פאָלשטענדיג, מיין הערר, האט דאנטעס געענטפערט.

— גוט, ווארט אויף אַנטוואָרט, האט דער אינספעקטאָר געזאָגט.

דיא טהיר פון דאנטעס גרוב האט זיך ווידער צוגעמאכט, אבער ער איז געבליעבען צוריק מיט נייע פריילּיכע האָפנונגען.

— לאָמיר יעצט גיין זעהען דער אנדערן, האט דער אינספעקטאָר געזאָגט, איך וויל שוין פּטור ווערן פון דיזע גריבער. וואס איז דיא משוגעת פון דעם גייסטליכען?

— א וואונדערבארע משוגעת! האט דער דירעקטאָר געענטפערט. ער האט זיך איינגעבילדעט, אז ער האט א גרויסען אוצר. אין דעם ערשטען יאהר פון זיין געפאנגענ־שאפט האט ער אָנגעבאָטען דער רעגיערונג א מיליאָן, אז מען זאָל איהם פריי לאָזען; דעם צווייטען יאָהר צוויי מיליאָן, דעם דריטען דריי מיליאָן און אזוי ווייטער ער איז שוין פינף יאהר דאָ. ווען ער וועט אייך זעהען, וועט ער אייך אָפּרופען אָן א זייט און וועט אייך אָנבאָטען פינף מיליאָן פאר זיין פרייהייט.

— זעהר איין אינטערעסאנטע זאך, האט דער אינספעקטאָר געזאָגט. און וויא הייסט דיזער מיליאָנער?

— דער פריסטער פאריא.

ריידענדיג אזוי זיינען זיי צוגעקומען צו דער צעלע פון דעם גייסטליכען. דער שליסער האט אויפגעמאכט דיא טהיר און אלע זיינען אריין אין צעלע.

אין מיטען צימער איז געלעגען כמעט א נאקעטער מענש און האט געצייכענט מיט א שטיקעל קאלך פון דער וואנט אויף דער ערד. ער איז געוועזען אזוי בעשעפטיגט מיט זיין צייכענען, דאס ער האט אפילו ניט אויפגעהויבען דעם קאָפּ, ווען דיא טהיר

האט אָנגעפאנגען צו סקריפּען. ערשט ווען דיא ליכט איז אריין אין צימער האט ער אויפגעהויבען דעם קאָפּ. ווען ער האט דערזעהען דיא גאנצע קאמפּאניע האט ער זיך שנעל אויפגעהויבען און האט זיך בעדעקט מיט זיינע לומפּען.

— וואס פערלאנגט איהר, האט דער אינספּעקטאָר צו איהם געזאָגט.

— איך, מיין הערר? האט דער גייסטליכער פערוואונדערט געזאָגט, איך פערלאנג גאָרניט.

— איהר פערשטייט מיך ניט. איך בין געשיקט פון דער רעגיערונג פרעגען דיא דיא געפאנגענע אויב זיי דארפען עפּעס, אדער זיי קלאָגען זיך איבער עפּעס.

— אויב אזוי, האט דער פּריסטער אויסגערופען, האָף איך, אז מיר וועלען שוין צורעכט קומען.

דאָ האָט דער פּריסטער דעם אינספּעקטאָר דערציילט, אז ער איז געבעאָרען אין איטאליען און דאס 1811 איז ער אין פראנקרייך אַרעסטירט געוואָרען, ער ווייס ניט פאר וואס און פון יענער צייט אָן איז ער אין דיזע גרוב. דאן האט ער דעם אינספּעקטאָר דערציילט, אז ער האט א גרויסען אוצר פערבאָרגען און ער וועט געבען ביז זעקס מיליאָן ווען דיא רעגיערונג וועט איהם בעפרייען.

דער אינספּעקטאָר האט זיך געוואונדערט וויא דער מענש האט געשפּראָכען וויא א קלאָרער און גאָרניט .וויא א משוגענער, אָבער דער דירעקטאָר האט איהם אלע מאָל אונטערגעברומט אין אויער, אז ער רעט שוין אזוי פון פינף יאָהר.

— גיט מען אייך עסען? האט דער אינספּעקטאָר אין מיטען דרינען געפרעגט.

— מיין הערר, האט דער גייסטליכער געזאָגט. וואס האט איהר צו פערלירען? גייט אויף דעם אָרט וואו איך וועל אייך זאָגען און פּרופט זוכען. איך בלייב דאך דאָ.

— איהר ענטפערט מיר ניט אויף מיין פראגע, האט דער אינספּעקטאָר געזאָגט מיט אונגעדולד.

— און איהר ענטפערט מיר ניט אויף מיינע, האט דער פּריסטער פאַריאַ גע־ענטפערט מיט כעס. זייט פערפלוכט וויא דיא אנדערע, וועלכע האבען מיר ניט געוואָלט גלויבען. גייט, איך האב מעהר גאָרניט וואָס צו זאָגען. און דער אלטער האט זיך ווייטער אנידערגעזעצט צייכענען.

— וואס מאכט ער דארטען? האט דער אינספּעקטאָר געפרעגט ווען זיי זיינען ארויסגעגאנגען.

— ער ציילט זיין אוצר, האט דער דירעקטאָר געענטפערט.

אזוי האט זיך געענדיגט דיא געשיכטע פאַרן פּריסטער פאַריאַ. דער פּועל יוצא פון דער וויזיט איז געווען, דאס מען האט בעשטעטיגט, אז ער איז א משוגענער. ער איז געבליעבען איין אויבינער געפאנגענער.

וואס עדמאָן דאנטעס אָנבעלאַנגט, האט דער אינספּעקטאָר געהאלטען וואָרט. ביין ארויסגיין האט ער זיך געלאָזען ווייזען דעם נעפּענגנים בוך. ער האט געפונען דאנטעס אקטען, און דערביי האט ער געפונען א בעמערקונג פון דעם פּראָקוראָר ווילפאָר, אז דאנטעס איז א געפעהרליכער פערשווערער געגען דעם קעניג און ער דארף זעהר שטרענג בעוואכט ווערן.

דאס איז געוועזן געווען געגוג, אז דער אינספעקטאָר זאל נאך צושרייבען:

„עס איז גאָרניט צו מאכען".

דערמיט איז דאַנטעס געווען פערמשפּט אויף אויביגען קערקער.

נאך דעם אינספעקטאָרס אוועקגאנג האט עס דאַנטעס אבער ניט געפיהלט, אין געגענטהייל, ער האט נאך אָפּגעלעבט. צייט ער איז געווען אין געפענגניס האט ער פערגעסען צו רעכענען דיא צייט. דער אינספעקטאָר האט איהם געגעבען דעם דאַטום און ער האט מיט א שטיקעל צעמענט פון דער וואנד אויפגעקריצט אויף דער וואַנד 30טען יולי, 1816. פון דיזער צייט אָן האט ער יעדען טאָג געמאכט א צייכען אונטערן דאַטום, כדי ער זאל מעהר ניט פערלירען דיא צייט, און ער זאל אלע מאָל וויסען דעם דאַטום.

טעג זיינען אוועק, דאַן וואָכען און דאַן מאָנאַטע און דאַנטעס האט אלץ געוואַרט, אז דער אינספעקטאָר זאל איהם בעפרייען. עס איז אוועק א יאָהר, און דאַנטעס האט שוין פערלאָרען דיא האָפנונג. דער דירעקטאָר איז אוועק און עס איז געקומען אנאנדערער אויף זיין פּלאַץ, און דיזער איז געווען צו פויל צו קענען אלע געפאנגענע מיט'ן נאָמען. ער האט זיי געגעבען נומערן, און עדמאָן דאַנטעס האט שוין געהייסען נומער 34.

## 10טעם קאפּיטעל.

# דער נומער 34 און נומער 27.

עדמאָן דאַנטעס האט אויסגעליטען אלע שמערצען, וועלכע א שטערבליכער מענש קען נאר איבערטראָגען. אין אָנפאנג פון זיין געפאנגענשאפט האט ער נאָך מיט שטאָלץ געפאָרדערט זיין פרייהייט, דאַן האט ער געבעטען און שפּעטער האט ער שוין אויפגעהערט צו בעטען אויך. ער האט זיך דערמאָנט, אז זיין מוטער האט איהם א מאָל געלערנט בעטען צו גאָט. ער האט דאַן אָנגעפאנגען צו בעטען גאָט, אז ער זאל איהם בעפרייען פון זיינע צרות, און בעטענדיג האט ער אין דעם געפונען איין ערלייכטערונג. ער פלעגט בעטען גאָט אין דער הויך און פלעגט מיט איהם ריידען און ער האט ערוואר־טעט פון גאָט זיין פרייהייט. אבער יאהרען זיינען פערגאנגען און גאָט האָט איהם ניט בעפרייט, ביז ער האט ענדליך פערלאָזען דיא געדולד און האט אָנגעפאנגען צו פלוכען.

אזוי זיינען אוועק פינף יאָהר און ער איז אלץ געלעגען אין זיין פינסטערן גרוב. דאַן איז געקומען דיא פערצווייפלונג. דאַנטעס האט אָנגעפאנגען צו קלערן ארום נעמען זיך דעם לעבען. און אזוי באלד וויא ער האט בעקומען דעם געדאנקען איז ער בּיי איהם געוואָרען פעסטער און פעסטער, ביז ער איז געקומען צום פּונקט צו נעמען זיך דאס לעבען. ער האט פריהער געדאכט ארום היינגען זיך, אבער פאר א מאַטראַז איז הענגען זעהר א שענדליכער טויט, האט ער געקלערט ארום אנאנדערן און איז געקומען צום פערהונגערן זיך.

דיזער טויט איז פאר איהם געווען דער בעסטער און ער האט זיך גענומען גלייך זיין פּלאַן דורכצופיהרען. ער האט זיך אונטערגענומען אכט טאָג ניט צו עסען. פיער טעג האט ער שוין ניט געגעסען, און ער איז שוין געווען האלב טויט. ער איז געלעגען אויף זיין

בעטעל מיט'ן פנים צום וואנד און האט שוין ניט געפיהלט קיין הונגער און קיין דורסט. ער האט געפיהלט אז זיין ענדע איז שוין נאָהענט.

פלוצלונג האט ער דערהערט, אז מען קראצט פון יענער זייט מויער. דאס איז געוועזן, וויא איינער וואלט איהם אויפגעוועקט צום לעבען. ער האט אויפגעהויבען דעם קאָפּ אום בעסער צו הערן. עס איז געוועזן א רייבען מיט א אינסטרומענט דיא וואנד.

וויא אָפּגעשוואכט דאנטעס איז געוועזן, האָט איהם דיזער קלאַפּען געגעבען נייען לעבען. ער האָט בעקומען קראַפט צו קלערן און האָט געדענקט וואָס דער קראַצען קען בעדייטען, דריי שעה האָט ער זיך צוגעהערט צו דעם קלאַפּען און ער האָט פערשטאַנען, אז דאָס מוז זיין אזא געפאנגענער וויא ער, וועלכער וויל זיך בעפרייען.

דער וועכטער האָט איהם געבראכט דינער. יעדעס מאָל אין דיא פיער טעג ווען דער וועכטער איז צו איהם צוגעגאַנגען און האָט איהם געפרעגט וואָס איהם פעהלט און פאר וואָס ער עסט ניט, האט זיך דאנטעס אומגעקעהרט אין זיין בעטעל צום וואנד און האָט איהם ניט געענטפערט. דעם מאָל אָבער האָט דאנטעס מורא געהאט, אז דער וועכטער זאל ניט דערהערען דעם קראַצען פון יענער זייט וואנד. ער האָט זיך אויפגעהויבען און האָט גערעט מיט א הויכער שטימע איבער דיא שלעכטע עסען, איבער דיא פערשטיקטע לופט און זא ווייטער, ביז דער וועכטער האָט איהם אריינגעגאָסען זיין הייסע עסען און איז ארויסגעגאַנגען. גליקליכער ווייזע האט דער וועכטער געמיינט, אז דאנטעס רעט פון היץ. דען זאָנסט וואָלט איהם זיין בענעהמען אויפגעפאלען.

ווען דער וועכטער איז ארויסגעגאנגען, איז דאנטעס צוגעגאַנגען צום טיש און האָט מיט איין צוג אויסגעטרונקען דיא הייסע זופּ. דיא ברויט האָט ער נאָך דערווייל ניט געגעסען, ער האָט מורא געהאט, אז עס וועט איהם שאדען. דאנטעס האָט געפיהלט, אז א נייער לעבען איז אין איהם אריין. ער האָט יעצט גאנץ דייטליך געהערט דיא קלעפּ פון יענער זייט.

פלוצלינג איז איהם אריין א שרעקליכער געדאנק אין קאָפּ. אפשר איז דער קלאַפּער ניט קיין געפאנגענער, זאָנדערן איין ארבייטער, וועלכער מאכט עפּעס צורעכט. ער האָט גלייך געוואָלט וויסען וויא דיא זאַך איז. ער האָט בערעכענט אָנצוקלאַפּען אין וואנד. ווען דאָס איז איין ארבייטער, וועט ער א ווײלע סטאָפּען דיא ארבייט און וועט גלייך וויעדער אָנפאנגען. איז עס אָבער א געפאנגענער, וועט ער זיך דערשרעקען פאר'ן קלאַפּ און וועט אויפהערן צו ארבייטען אויף א לייננגערע צייט.

ער האָט אָפּגעקראַצט א שטיק צעמענט פון דער פייכטער וואנד און האָט דערלאנגט א פּאָר קלעפּ אין וואנד. דיא ארבייט פון יענער זייט האָט גלייך אויפגעהערט. דאנטעס האט געוואַרט א שעה, צוויי און דריי, און דער קלאַפּען האָט ניט אנגעפאַנגען נאָך א מאָהל. יעצט איז דאנטעס געוועזן זיכער, אז דער ארבייטער איז געוועזן א געפאַנגענער. זיין הארץ האָט געשפּרונגען פאר פרייד.

ביז יעצט איז איהם אין דיא געדאַנקען ניט געקומען זיך צו זוכען צו בעפרייען. דיזער געפאנגענער האָט אין איהם אריינגעגעבען א נייען לעבען. ער האָט אָנגעפאַנגען ארומצולויפען אין זיין צעלע וויא א שכורער. ער האָט אויפגעגעסען זיין ברויט מיט דעם הונגער פון א וואָלף. ער איז אלע מאָל געלאָפּען הערן צו דער וואנד, אָבער אלעס איז

געוועזן רוהיג. דער טאָג יז פערגאַנגען, דאַן דיא נאַכט, און וועלכער דאַנטעס האָט קיין אויג ניט צוגעמאַכט, און עס האָט זיך מעהר ניט געהערט. אזוי זיינען פערגאַנגען דריי מעת לעת און ער האָט גאָר ניט געהערט. וואָס דער וועכטער האָט געבראַכט האָט ער איינגעשלונגען.

אויף דער דריטער נאַכט האָט ער געהערט א נייע קראַצעריי, אבער אויף אַנ־אנדער פּלאַץ. א סימן אז דער געפאַנגענער האָט מורא געהאַט צו גראָבען אויף דעם זעלבען פּלאַץ און האָט אָנגעפאַנגען אויף אַנאַנדערן.

דאַנטעס האָט זיך בעשלאָסען איהם קומען צו הילף. ער האָט געוואַרט ביז דער וועכטער האָט געמאַכט אַוועק זיין לעצטען גאַנג און ער האָט אָפּגערוקט זיין בעטעל. ער האָט געזוכט עפּעס א זאַך, מיט וועלכע ער האָט געוואָלט אָנפאַנגען צו גראָבען דיא מויער. ער האט אבער קיין זאַך ניט געזעהען.

ער האט געהאַט אין זיין צעלע א בעט, א טיש, א שטוהל, איין עמער און א קרוג. עס איז פּאַר איהם געוועזן נאָר איין זאַך: צוברעכען זיין קרוג און מיט דיא שטי־קער אנפאַנגען דיא ארבייט. ער האָט לאַנג ניט געטראַכט און האָט א וואַרף געטאַן דעם שטיינערנעם קרוג אַן דער ערד. ער האָט אויסגעזוכט דריי שפּיציגע שטיקער און האָט זיי בעהאַלטען אין זיין בעט. וועגען דעם צובראָכענעם קרוג האָט ער זיך ניט גע־דאַרפט מאַכען קיינע געדאַנקען, דען עס איז ניט קיין נייעס, אז א טאָפּ ווערט צו־בראָכען.

דאַנטעס האָט קוים דערוואַרט דיא נאַכט און האָט אַנגעפאַנגען צו ארבייטען, אבער אין דער פינסטער האָט ער וועניג וואָס געקענט מאַכען, האָט ער געוואַרט אויפ'ן טאָג.

דער טאָג איז געקומען און דער וועכטער איז אריין אין צעלע. דאַנטעס האָט איהם דערציילט, אז ער האָט אונגערן צובראָכען דעם קרוג. דער וועכטער האָט גע־ברומט און האָט איהם געגעבען א נייען קרוג.

דאַנטעס האָט זיך גענומען צו דער ארבייט און אין א פּאָר שטונדען אַרום האָט ער אָפּגעקראַצט פון דער פייכטער וואַנד א ביסעל צעמענט. דיא ארבייט איז געגאַנ־גען זייער לאַנגזאַם און אין צוויי יאָהר וואָלט ער אויף דער אַרט געקענט מאַכען א לאָך פון מעהרערע פוס דיא טיף. ער האָט דאַן גערעכענט, דאָס ווען ער וואָלט אנגעפאַנגען צו גראָבען אין אַנפאַנג פון דיא זעקס יאָהר, וואָס ער איז דאָ, וואָלט ער שוין אפשר געוועזן פריי. דיזער געדאַנקען האָט איהם געגעבען מעהר מוטה צו גיין צו דער ארבייט. אין דריי טעג איז איהם געלונגען ארויסצונעמען דעם צעמענט פון דער וואַנד און צו צו־קומען צו א גלאַטען שטיין.

יעצט האָט ער פּאַר זיך געהאַט א גרויסען שטיין, וועלכען ער האָט געמוזט ארויס־ציהען פון דער וואַנד. ער האָט געפּרופט מיט ביידע הענד אָבער עס איז געוועזן אונ־מעגליך צו ריהרען דעם שטיין פון אָרט. דער שטיק קרוג איז צובראָכען געוואָרען ווען ער האָט איהם אריינגערוקט אין שפּאַלט צווישען דיא שטיינער. ער איז געבליעבען שטיין און האָט ניט געוואוסט וואָס ער זאָל טאָן. דער שוויס האָט איהם גערונען פון

שטערן. ער האָט אזוי שווער געארבייט און יעצט גייט זיינע גאנצע ארבייט פערלאָרען און ער וועט ניט קענען ווייטער גראָבען.

פלוצלינג איז זיין פנים לעבענדיג געווארען און א שמייכעל האט זיך בעוויזען א יף זיינע ליפען. דער וועכטער פלעגט איהם ברייננגען עסען אין א בלעכענער פענדעל מיט איין אייזערנע הענטעל. דיזע הענטעל האָט ער געדארפט. ווען מען וואָלט ביי איהם נעבעמען צעהן יאהר פון זיין לעבען פאר דיזע הענטעל, וואָלט ער געגעבען.

ווען דאנטעס פלעגט אָפּעסען זיין דינער, פלעגט ער אין דער פענדעל וואשען זיין טעלער, און ווען דער וועכטער פלעגט קומען אבענד פלעגט ער דיא פענדעל צונעמען.

אבענדס האט דאנטעס אנידערגעשטעלט זיין טעלער לעבען טהיר, ווען דער וועכטער איז אריינגעקומען אבענדס האָט ער אויף איהר ארויפגעטראטען און האָט זיא צובראָכען. דעם מאָל האָט שוין דער וועכטער גארניט געהאט צו דאנטעס'ן, דען ער האט זיא אליין צוקוועטשט. האט ער געזאָלט קוקען וויא ער גייט.

דער וועכטער האָט א ברום געטאן און האט געקוקט וואו ער זאל אויסגיסען דיא סופ.

— לאָזט מיר איבער דיא פענדעל, האט דאנטעס צו איהם געזאָגט, ווען איהר וועט מיר מאָרגען ברייננגען דינער וועט איהר זיא צונעמען. דער ראטה איז געווען א גוטער פאר' וועכטער, דען ער איז געווען פויל און עס האט זיך איהם ניט געוואָלט ארויפגיין און אראפגיין צוריק. ער האָט געלאָזען דיא פענדעל.

דאנטעס האָט געציטערט פון פרייד. ער האָט שנעל אויפגעגעסען זיין סופ מיט'ן שטיקעל פלייש. דערנאָך האָט ער אפגעווארט א שעה און האָט זיך פערזיכערט אז דער וועכטער וועט ניט קומען, האט ער אפגערוקט דיא בעט און האט זיך גענומען צו דער ארבייט. ער האָט אריינגעשטעקט דעם אייזען אין דער שפארינע און האט אנגעפאנגען ארום צו ארבייטען דעם שטיין. אין א שטונדע ארום איז דער שטיין געווען דרויסען. דער לאָך איז געווען אויף אנדערהאלבען פוס אין דורכשניט.

דאנטעס האָט צוזאמענגענומען דעם צעמענט און האָט איהם פערגראבען אין א ווינקעל פון זיין צעלע.

דאנטעס האָט גערעכענט, אז אין דער פריה וועט מען ביי איהם צונעמען דיא פענדעל, האט ער געארבייט א גאנצע נאכט מיט דעם גרעסטען פלייס. פארטאָג האָט ער אריינגעלייגט דעם שטיין אויף זיין פלאץ און האט אוועקגעשטעלט דיא בעט אויף איהר פלאץ.

דער וועכטער איז געקומען און האט געבראכט דעם פריהשטיק, וועלכער איז בעשטאנען אין א שטיק ברויט. ער האָט איהם אנידערגעלייגט אויפ'ן טיש.

— נו, איהר ברייננגט מיר ניט קיין אנדער טעלער? האָט איהם דאנטעס געפרעגט.

— ניין, האט דער וועכטער געענטפערט. איהר צוברעכט אלעס. איך וועל אייך לאָזען דיא פענדעל, וועלכע איהר וועט שוין ניט צוברעכען.

דאנטעס הארץ האָט אָנגעהויבען אזוי שטארק צו קלאפען פאר פרייד, דאס דער וועכטער האט עס געדארפט הערן. איין זאך האָט איהם געוואונדערט, דאס צייט ער־

האט אנגעפאנגען צו גראבען האט יענער אויפגעהערט. פון דעסטוועגען האט דאס ביי איהם ניט צוגענומען דעם מוטה און ער האָט זיך געזאגט, אז יענער קומט ניט צו איהם, וועט ער גיין צו יענעם. ער האט זיך גענומען צום גראָבען טאג און נאַכט.

אזוי האָט ער געגראָבען דריי מעת לְעת כסדר אָהן אָפּרוה. אויפ'ן פערטען טאָג נאָך זיין שווערער ארבייט האט ער אנגעשטויסען אויף א היענדערונג. ער האָט געטאַפּט דעם געגענשטאנד וועלכער האָט איהם ניט געלאָזען גיין ווייטער און ער האט געזעהען אז ער איז געקומען געגען א גרויסען באלקען. דיזער באלקען האט אין גאנצען פערדעקט דעם לאָך, וועלכען ער האָט אויסגעגראָבען. יעצט האָט מען געדארפט גראָבען אונטען אדער איבערן באַלקען. דער אונגליקליכער יונגער מאן האט גאר ניט גערעכענט אויף אזא הינדערונג.

— אך, איך אונגליקליכער! האט ער אויסגעשריען. אזוי פיעל יאהר האב איך דאָ געפינסטערט, און איך האב שוין בעקומען א שטיקעל האָפנונג, זאל עס יעצט פער־לאָרען גיין!

— ווער קלאָגט דאָרטען איבער פערלאָרענע האפנונג, האט זיך פּלוצלינג דער־הערט א שטימע וויא פון אונטער דער ערד.

דאַנטעס האט געפיהלט אז דיא האָר שטעלען זיך איהם אויפ'ן קאָפּ.

— אך, האט ער געמורמעלט, איך הער א מענשליכע שטימע.

עס איז אוועק פיער, פינף יאהר, אז ער האט נאר געהערט ריידענדיג זיין וועכ־טער, און פאר'ן געפאנגענעם איז דער וועכטער קיין מענש ניט; דאָס איז א לעבעדיגע טהיר צוגעזעצט צו דער אייזערנער טהיר. דאס איז א שטאַנג פון פלייש צוגעטשעפּעט צו א שטאנג פון אייזען.

— אין הימעלס נאמען, האט דאַנטעס אויסגערופען, מענש! רעט נאך א מאל און לאזט מיך הערען אייער שטימע. ווער זייט איהר?

— ווער זייט איהר אליין? האָט דיא שטימע געפרעגט.

— איין אונגליקליכער געפאנגענער, האט דאַנטעס געענטפערט.

— פון וועלכען לאנד זייט איהר און וויא הייסט איהר?

— איך בין א פראַנצויז און הייס עדמאָן דאַנטעס.

— וויא לאַנג זייט איהר דאָ?

— צייט דען 28 פעברואר 1815.

— וואָס פאר א פערברעכען האט איהר בעגאנגען?

— איך בין אונשולדיג, האט דאַנטעס געענטפערט.

— אָבער אין וואס בעשולדיגט מען אייך?

— דאָס איך האב געהאלפען נאַפּאָלעאָן דעם ערשטען צוריקקומען אין פראנקרייך.

— וואס זאָגט איהר? איז דען נאַפּאָלעאָן ניט מעהר אויפ'ן טראָן?

— ניין, אָבער וויא לאנג זייט איהר דאָ?

— פון 1811. האט יענער געענטפערט.

דאַנטעס האט געגעבען א שוידער. דיזער מאַן איז געוועזען מיט פיער יאָהר לענגער וויא ער אין דיזער גרוב.

— גראָבט ניט מעהר, האט דיא שטימע ווייטער געזאָגט; זאָגט מיר נאָר וויא הויך האט איהר געגראָבען?

— גלייך מיט דער ערד, הינטער מיין בעט.

— וואוהין גייט אייער צימער?

— אויף א קאָרידאָר.

— אך, האט יענער אַ זיפץ געטאָן, איך האב געהאט א טעות אין מייז רעכענונג. איך האב געגלויבט, אז איך גראָב דיא וואנד פון דער אויסען מויער, וועלכע גייט צום ים.

— און וואס וואלט געווען, אז עס וואָלט אייך געלונגען?

— וואָלט איך זיך אַ וואַרף געטאָן אין וואסער און וואלט צוגעשוואומען צו איין אינזעל. און יעצט איז אלעס פערלאָרען. מאכט צו אייער גרוב און זייט רוהיג. ערווארטעט פון מיר נייעס.

— זאָגט מיר ווייניגסטענס ווער איהר זייט?

— איך בין.... איך בין נומער 27. זאָגט מיר וויא אַלט זייט איהר.

— איך ווייס אז איך בין געוואָרען ניינצעהן יאָהר ווען איך בין געקומען אהער. דאס איז געווען דעם 18טען פעברואר 1815.

— נאָך ניט אין גאנצען זעקס און צוואנציג יאהר, האט יענער געמורמעלט. אין דיזע יאָהרען איז מען נאָך ניט קיין פערבּרעכער.

— אָה ניין, איך שווער אייך ביי מיין לעבען, אז איך וועל מיך גיכער לאָזען שניידען אין שטיקער איידער איך זאָל אייך פערראַטהען.

— זעהר גוט, איך גלויב אייך. באלד וועל איך קומען צו אייך. איך וועל אייך דאס געבען צו וויסען.

— אבער איהר וועט מיך ניט פערלאָזען. מיר וועלען צוזאמענקומען און מיר וועלען ריידען איבער אלעס וואס אייך איז ליעב און טייער.

— איך בין אליין אויף דער וועלט, האט יענער געענטפערט.

— דאן וועט איהר מיך ליעבען. ווען איהר זייט יונג וועל איך זיין אייער קאמעראד, ווען איהר זייט אלט וועל איך זיין אייער זון. איך האב א פאָטער, וועלכער דארף אלט זיין אכטציג יאהר, ווען ער לעבט נאָך.

— גוט, האָט דער געפאנגענער געענטפערט, ביז מאָרגען.

דאנטעס האָט אָפּגעלעבט. דיא פרייד זיינע איז געווען אזוי גרויס, דאס ער האט געפונען מיט וועמען צו ריידען, אז ער איז ארומגעלאָפען אין זיין צעלע וויא א משוגענער. ווען דער וועכטער וואָלט יעצט געקומען און וואָלט אָפּגערוקט דיא בעט, וואלט ער איהם צושמעטערט דעם קאָפּ. מען וואלט איהם דערפאר געטויטעט, אבער ער וואלט בעסער געוואָלט שטארבען איידער מען זאל ענטדעקען זיין ארבייט.

דיא נאכט איז געקומען און דאנטעס האָט געהאָפט, אז זיין נייער פריינד וועט קומען מיט איהם ריידען, אבער ער האט אומזיסט געווארט, ער איז ניט געקומען. אויף מאָרגען, ווען דער וועכטער איז פערביי געגאנגען, האט ער דערהערט דריי קלעפּ אין וואנד. דאנטעס איז גלייך צוגעפאלען צו דער עפענונג.

— זייט איהר דאס? האט דאנטעס געפרעגט. אָט בין איך.

— איז אייער וועכטער שוין פערבייגעגאנגען? האָט יענער געפרעגט.

— יא, האט דאנטעס געענטפערט, און ער וועט ערשט קומען אווענד. מיר האָבען 12 שעה פריי.

— איך קען אלזאָ טאָן, האָט יענער געזאָגט.

— געוויס, געוויס, איך בעט אייך, אז איהר זאלט ניט זאמען.

— באלד האט זיך דיא ערד אנגעפאנגען צו בעוועגען און א מאסע איז אריינגעפאלען אין לאָך, וועלכע דאנטעס האט אויסגעגראָבען. דאן האָט זיך אין דער טיפקייט פון דער גרוב בעוויזען א קאָפּ, אקסלען, דאן דער גאנצער קערפער פון א מאן, וועלכער איז מיט גרויסער געשווינדקייט ארויס פון גרוב.

## 11טעס קאַפּיטעל.

## דער איטאליענישער געלעהרטער.

דאַנטעס האָט גענומען אין זיינע אָרעם דעם נייען פריינד, אויף וועלכען ער האָט אזוי לאנג און אזוי אונגעדולדיג ערווארטעט. ער האט איהם צוגעצויגען צום פענסטער, כדי דער שטיקעל שיין זאָל איהם בעלייכטען.

דאָס איז געווען א קליינער מאן מיט ווייסע האר, מעהר פון ליידען וויא פון אלטקייט. ער האָט געהאַט א פּאָר שארפע אויגען און זיין שווארצע באָרד איז איהם געפאלען ביז אויף דיא ברוסט. זיין געזיכט איז געווען אין קארטשעס און פון זיין שטערן האט זיך געגאסען שוויים. זיינע קליידער זיינען געווען אזוי צוריסען, דאס מען האָט ניט געקענט וויסען, פון וועלכער פארב זיי זיינען אמאָל געווען. ער האט אויסגעזעהען פון א יאהר פינף און זעכציג, אבוואהל זיינע בעוועגונגען האָבען בעוויזען אויף פיעל יונגער.

דאַנטעס ערציילונג האבען אויף דעם אלטען געמאכט א זיסע ווירקונג. דעם ערשטען מאל, צייט דיא פיעל יאהרען וויא ער ליעגט אין קערקער האט ער געהערט א פריינדליכע שטימע.

— לאָמיר פריהער זעהען, האָט דער אלטער געזאָגט, אויב עס איז דא מיטלען צו פערבאָרגען פאר דעם וועכטער'ס אויגען דעם סימן פון מיין דורכגאנג אהער.

ער האט זיך איינגעבויגען און האט מיט דעם שטיין פארשטעקט דיא לאָך.

— דיזער שטיין איז זעהר אונפּראקטיש ארויסגענומען געוואָרען. האט איהר דען קיין געצייג ניט?

— און איהר, האָט דאנטעס מיט פערוואונדערונג געפרעגט, האָט איהר דען געצייג?

— איך האב מיר עטליכע געמאכט. אויסער א פייל. זאנסט האב איך אלעס וואס איך דארף, א צוואנג, א ציעהער, א הייבער.

— אָה, איך וואלט זעהר וועלען זעהען דיא ווערקצייג פון אייער מיהע און געדולד, האט דאַנטעס געזאגט.

— אָט איז מיין הייבער, האט דער אלטער געזאגט, און האָט ארויסגעצייגען א שארפע קלינג איינגעפאסט אין א הילצערנע הענטעל.

— מיט וואָס האָט איהר עס געמאַכט? האָט דאַנטעס געפרעגט.

— מיט דיא אייזענס פון מיין בעט. מיט דיזען הייבער האָב איך זיך צוגעגראַבען ביז אהער, אונגעפעהר א פופציג פוס.

— פופציג פוס! האָט דאַנטעס מיט א שוידער אויסגעשריען.

— יא, דאס איז אונגעפעהר דער וועג וואס איך האָב דורכגעגראָבען ביז אהער. איך האָב געהאט א פאלשע רעכנונג. איך האָב אויסגערעכענט, אז ביז דער דרויסען מויער איז פערציג פוס, און צום סוף האָב איך גענומען א קרומען וועג. יעצט זיינען אלע מיינע האפנונגען צו אנטלויפען פערלאָרען. נאָך אמאל אזא ארבייט צו אונטער־נעמען איז אונמעגליך.

דאַנטעס האָט בעטראַכט דעם וואונדערבארען אלטען, וועלכער האָט מיט אזוי פיעל העלדענמוטהה געארבייט לאנגע יאהרען פאר זיין בעפרייאונג, און יעצט נעמט ער אן דיזען אונגליק אזוי לייכט.

— ווילט איהר מיר איצטער זאגען ווער איהר זייט, האָט דאַנטעס צו איהם גע־זאגט.

— איך בין דער גייסטליכער פאַריאַ, געפאנגען אין דיזער גרוב פון 1811, און מען האָט מיך ארעסטירט וויל איך האָב גענומען אנטהייל אין א פאליטישע פערשווערונג. און פאר וואס זייט איהר איינגעשפארט געווארען?

— מען האָט מיך בעשולדיגט, דאס איך האָב גענומען אנטהייל אין דעם קאמפף פאר נאפאָלעאָן I.

אין א ווייל ארום האָט דאַנטעס ווידער געזאגט.

— אָבער פאר וואָס ווילט איהר ניט נאָך אמאָל אנפאנגען צו זוכען א מיטעל זיך צו בעפרייען.

— אָבער ווייסט איהר וואָס איך האָב שוין ביז יעצט געטאן, אום איך זאל נאָך אמאל אנפאנגען? ווייסט איהר אז איך האָב געדארפט האבען פיער יאהר צו מאכען דיא געצייג, וועלכע איך האָב? ווייסט איהר, אז פון צוויי יאָהר אָן גראָב איך און קראַץ דיא ערד, וועלכע איז הארט וויא גראַניט שטיין. ווייסט איהר, אז איך האָב געמוזט ארויסציהען שטיינער וואָס איך וואלט אין דער פרייהייט קיין מאָל ניט געקענט ריהרען פון אָרט.

ווייסט איהר, אז איך בין שוין געווען אין דער פולער האָפנונג, אז מיין ארבייט וועט באַלד געלינגען. ווייסט איהר אַז אום צו בעהאַלטען דיא אויסגעגראָבענע ערד האָב איך געמוזט אויסגראָבען א בעזונדערן גאנג צו א ליידיגען טרעפ, וואו איך האָב אריינ־געווארפען דיא ערד. איך זאג אייך, אז איך בין שוין זאט צו גראָבען, און איך וועל מעהר ניט אָנפאנגען.

— און וויא וועט זיין, אז איך האָב עפּעס געפונען? האָט דאַנטעס געזאָגט.

— וואָס האָט איהר געפונען? האָט דער אַלטער מיט א צווייפעל געזאָגט.

— דורך דעם קארידאר, וועלכען איהר האָט געגראָבען, האָט מען נאָר צו גראָבען א צעהען פוס ביז דער אויסערליכער מויער. ווען מיר וועלען אנקומען אהין, דארפען מיר נאָר טויטען דעם וואַך סאַלדאַט און מיר זיינען פריי צום ים.

— ניין מיין פריינד, אלץ דינג קען איך טאָן אָבער ניט טויטען א מענשען.

— וואָס! ווען עס האנדעלט זיך וועגען אונזער לעבען, זאלען מיר קוקען אויף יענעמס?

— נו, פאר וואָס האָט איהר ניט געהארגעט אייער וועכטער און האט ניט אָנ־געטאָן זיינע קליידער און זייט ניט אנטלאָפען.

— ווייל דער געדאנקען איז מיר ניט געקומען דערויף.

— ניין, ניט דערפאר. נאר ווייל איהר קענט ניט הרגענען א מענשען. און דאָ־רום איז עס אייך ניט געקומען אויפ'ן זינען. און דען האָט דער גייסטליכער פאָרטגע־זעצט, צייט דיא עלף יאהר וואָס איך בין אין געפענגניס האָב איך נאָכגעדענקט אַן אלע בעריהמטע ענטלויפערייען פון דיא געפענגניסען און זעלטען האָט איינער פון זיי געלונגען. צום ענטלויפען דארף מען ווארטען אויף א געלעגענהייט. לאמיר אלזא ווארטען דערויף.

— און איהר האָט נאָך געדולד צו ווארטען.

— איך בין אלע מאל געווען בעשעפטיגט.

— בעשעפטיג! מיט וואס זייט איהר געווען בעשעפטיגט?

— איך האב שטודירט און געשריעבען.

— האָט מען אייך געגעבען ביכער און שרייבצייג?

— ניין, איך האב עס מיר אליין געמאכט.

— דאנטעס האט אָנגעקוקט דעם אלטען מיט ערשטוינען. עס האט זיך איהם ניט געגלויבט, וואס יענער האט געזאָגט.

— ווען איהר וועט אריינקומען צו מיר, וועל איך אייך צייגען, וואס איך האב געמאכט און וויא איך האב געשריעבען.

— איך וואָלט שוין וועלען אריינגיין צו אייך, האט דאנטעס מיט אונגעדולד געזאָגט.

— נו, קומט מיט מיר, האט דער אלטער געזאָגט, און ער איז אריינגעקראָכען אין קאָרידאָר. דאנטעס איז איהם נאָכגעקראָכען. דער קאָררידאָר איז געווען גענוג גרויס, אז א מענש זאל קענען לייכט קריכען אין איהם. ווען זיי זיינען דורכגעקראָכען דעם קאָררידאָר האט זיך דאנטעס אויפגעשטעלט און האט בעטראכט דעם אָרט וואו ער איז געווען. אויפ'ן ערשטען קוק האט ער גאָרניט געזעהען בעזאָנדערס.

— נו, האט דאנטעס געזאָגט, יעצט צייגט מיר אייערע זאכען. דער גייסטליכער איז צוגעגאנגען צום אלטען אויווען און האט ארויסגענומען מיט זיין מעסער א קאכעל.

— וואָס ווילט איהר פריהער זעהען? האט ער צו דאנטעס געזאָגט.

— ווייזט מיר אויף וואָס איהר האט געשריעבען.

— פאפיא האט ארויסגעצויגען פיער גרויסע פאפיערען. ער האט זיי אויפגעקייקעלט און דאנטעס האט געזעהען אז זיי זיינען געווען אין גאנצען פערשריבען מיט א פיינער האנדשריפט.

— זעהט איהר, האט ער געזאָגט צו דאנטעס, דאָ זיינען פיער גרויסע ביכער, ווען מען זאָל זיי דרוקען וועלען זיי האבען א גרויסען ווערטה.

— אָבער פון וואָס האט איהר געמאכט דיא פאפיער? האט דאנטעס געפרעגט.

— פון מיינע העמדער. איך האב אזא מאטעריאל, מיט וועלכען איך האב זיי געמאכט שטייף וויא א פאפיער.

— נו, און טינט און פעדער?

— פעדערן האב איך מיר געמאכט פון פיש ביינדלעך, און טינט פון דער סאזשע פון דיזען אלטען אויווען.

— און מיט וואס האט איהר פערשניצט דיא פעדערן?

— אט מיט דעם מעסערל, האט דער אלטער געזאגט און האט איהם געצייגט א שטיקעל אייזען, וועלכער איז געווען שארף וויא א ראזיר מעסער.

דאנטעס האט בעטראכט אלע זאכען און האט אלץ מעהר בעוואונדערט דעם אלטען אייזערנעם מאן.

— יעצט וואונדערט מיך נאך א זאך, האט דאנטעס געזאגט. האט איהר דען געהאט גענוג צייט דאס אלעס צו מאכען אין דיא קורצע טעג.

— איך האב בענוצט דיא נעכט אויך.

— דיא נעכט! קענט איהר דען זעהן וויא א קאץ ביי נאכט?

— ניין, איך האב מיר פערשאפט ליכט.

— וויא אזוי? האט דאנטעס געפרעגט מיט געדעסערן ערשטוינען.

— איך האב אפגעשיילט דיא פעטס פון דיא פלייש, וואס מען גיט מיר און האב דערפון געמאכט איין אייל לעמפעל. א קנויט האב איך מיר געמאכט פון לייוונט.

— און מעטשעס וואו האט איהר גענומען.

— איך מאך זיך קראנק און בעט שוועבעל צום איינרייבען זיך, און דערפון מאך איך פייער. דאס איז נאך ניט אלעס, האט דער אלטער ווייטער געזאגט, און ער האט אפגערוקט דיא בעט און האט פון דארטען ארויסגענומען א שטיין און פון הינטערן שטיין האט ער ארויסגעצויגען א שטריק לייטער אויף פינף און צוואנציג פוס דיא לענג און גענוג שטארק.

— וואו האט איהר גענומען דיא שטריק לייטער?

— איך האב עס געמאכט פון מיינע העמדער און ליילעכער.

— דא איז דאך עפעס גענייט אויך, וואו האט איהר גענומען א נאדעל.

— מיט דיזער נאדעל, און פאריא האט ארויסגענומען פון זיינע אפגעריסענע לומפען א לאנגען פישביין נאך מיט איינגעצויגענעם פאדים.

דאנטעס האט בעטראכט דיזען וואונדערבארען מאן, און ער האט געקלערט פיליכט, וועט ער איהם קענען ערקלערן דיא אורזאכע פון זיין אונגליק.

— איבער וואס קלערט איהר, האט איהם דער אלטער געפרעגט, ווען ער האט בעמערקט, אז ער איז פערטראכט.

— איך קלער אן דעם, אז איהר האט מיר דערציילט פון אייער לעבען און פון מיינעם ווייסט איהר גארניט.

— אייער לעבען, יונגער מאן, איז צו קורץ, אז ער זאל האבען דורכגעמאכט גרויסע עראייגניסע.

— מיין לעבען שליסט אין זיך איין א גרויסען אונגליק, האט דאנטעס געזאגט, איין

אונגליק, וועלכען איך האב ניט פערדינט, און איך וואָלט וועלען זיך רעכענען מיט דיא מענשען, וועלכע האבען מיך געבראכט אין דעם אונגליק.

— דאן דערציילט מיר אייער געשיכטע, האט פאריא געזאָגט.

דאנטעס האט איהם דערציילט זיין גאנצע געשיכטע ביז מען האט איהם ארעטירט. פאריא האט איהם אויסגעהערט און האט איהם אין א ווילע ארום געפרעגט:

— ווייסט איהר וועמען אייער אונגליק האט געקענט בריינגען נוצען?

— קיינעם ניט. וואס בעדייט אזא קליינער מענשעל וויא איך?

— ענטפערט ניט אזוי, דען אין דיזען ענטפער פעהלט לאָגיק און דענקען. האט איהר געדארפט ווערן קאפיטאן?

— יא, האט דאנטעס געענטפערט.

— האט איהר ניט געהאלטען צו הייראטען א שיינע יונגע מיידעל?

— געוויס, האט דער יונגער מאן ווידער געענטפערט.

— יעצט הערט זיך צו גוט. האט איינער געוואָלט האבען אז איהר זאָלט ניט ווערן קיין קאפיטאן פון „פאראָן"? האט איינער געוואָלט האבען, אז איהר זאָלט ניט הייראטען דיא שיינע מערסעדעס?

— ניין, איך בין געליעבט פון אלעמען אויפ'ן שיף. נאר איינער איז מיר געווען א שונא. איך האב איהם א מאָל גערופען אויף א דועל און ער האט עס ניט אָנגענומען.

— וויא הייסט דער מאַן?

— דאנגלאר, האט דאנטעס געענטפערט.

— בשעת איהר האט גערעט מיט הערן מאָרעל האט איינער געקענט הערן אייער אונטערהאלטונג.

— יא, ווייל דיא טהיר איז געווען האלב אָפען.... א, ריכטיג. דאנגלאר איז פערבייגעגאנגען פונקט אין דער צייט, ווען איך האב געהאלטען דעם קאפיטאן לעקלער'ס בריעף אין האנד.

— גוט, האט פאריא געזאָגט, וואו האט איהר געהאלטען דעם בריעף?

— אין א בריעפטאשע, וועלכע איך האב געלאָזען אויפ'ן שיף.

— האָט דאנגלאר געזעהען וויא איהר האט געהאלטען דעם בריעף?

— יא, האָט דאנטעס געענטפערט.

— קענט איהר זיך דערמאָנען אין וועלכער ארט דער איינציגע בריעף איז גע־שריבען געוואָרען?

— יא, דער פראָקוראָר האט מיר איהם געוויזען. דאנטעס האט דאָ פאָרגעלעזען אויסווייניג דעם בריעף, וועלכען ער האט געזעהען ביים פראָקוראָר.

— עס איז קלאָר וויא דער טאָג, האט פאריא געזאָגט, דאנגלאר איז דער מסור.

דער אַלטער האט גענומען זיין פעדער און האט אויפגעשריבען עטליכע ווערטער מיט דער לינקער האנד און האט עס געוויזען דאנטעס.

— איז אייך דיזע האנדשריפט בעקאנט? האט ער געפרעגט.

— אָה, וויעגס, האט דאנטעס אויסגערופען, דאָס איז דיזעלבע האנדשריפט.

— עס איז ווייל אלע האנדשריפטען מיט דער לינקער האנד זיינען גלייך.

— יעצט לאָמיר גיין ווייטער. האט עס ועמען געקענט אינטערעסירען, אז איהר זאָלט ניט הייראַטען דיא שיינע מערסעדעס?

— יא, א יונגען מאַן, וועלכער האט זיא געליעבט. ער הייסט פערנאַן און איז א קאַטאַלאַן.

— דענקט איהר, אז ער איז געווען פעהיג אַנצושרייבען דיזען בריעף?

— ניין, דיזער וואָלט בעסער אריינגעשטאָכען א מעסער.

— קען דאַנגלאר דיזען פערנאַן.

— פאר מיין האָבצייט האב איך זיי געזעהען זיצענדיג צוזאמען לעבען א שיינק און לעבען זיי איז געווען א דריטער, א שניידער מיט'ן נאָמען קאַדרוס.

— יעצט וואָלט איך וועלען וויסען, ווער עס האט אייך אונטערזוכט, ווען איהר זייט געווען ארעטירט. האט אייך אונטערזוכט דער קעניגליכער פּראָקוראָר אדער זיין געהילפע.

— דער געהילפע.

— וויא אלט איז ער?

— א יאָהר אכט און צוואנציג.

— ער קען נאך ניט זיין פערדאָרבען, אבער עהרגייציג. האט איהר איהם אלעס דערציילט?

— איך האב איהם אלעס דערציילט.

— איז ער געווען גוט צו אייך אדער שטרענג?

— ער איז געווען זעהר גוט צו מיר. צום בעוויז האט ער פאר מיר אין דיא אויגען פערברענט דעם בריעף, פאר וועלכען מען האט מיך ארעטירט.

— דער מענש קען זיין דער שרעקליכסטער שורקע אויף דער וועלט.

— איהר מאכט מיך שוידערן, האט דאַנטעס געזאָגט. דיא וועלט מוז זיין פול מיט טיגערס און קראָקאָדילען.

— געוויס, נאר דיא טיגערס און דיא קראָקאָדילען אויף צוויי פיס זיינען געפעהר־ליכער פאר דיא פיער פיסיגע. לאָמיר גיין ווייטער. צו וועמען איז געווע'ען דער בריעף אדרעסי'רט?

— צו א. מ. נוארטיע, קאָק העראָן גאַס נומ. 13, אין פּאריז.

— נוארטיע, נוארטיע? האט דער גייסטליכער געמורמעלט. דער נאמען קומט מיר פאָר בעקאַנט. און וויא הייסט דער פּראָקוראָר?

— ווילפאָר הייסט ער.

— דער גייסטליכער האט זיך צולאכט.

— אזוי קלאָר וויא יענער שיין פון טאָג איז, אזוי קלאָר איז מיר דיא גאנצע גע־שיכטע. ווייסט איהר אונגליקליכער יונגער מאַן, ווער דער נוארטיע איז? ער איז דער פאָטער פון ווילפאָר. יעצט פערשטייט איהר שוין פאר וואָס ער האָט פערברענט דעם בריעף און ער האט אייך געבעטען, אז איהר זאָלט ניט דערמאָנען דעם נאָמען פון זיין פאָטער?

— ווען א בליץ וואלט דאַנטעס געטראָפען, וואָלט ער ניט געווען אזוי איבער־

ראשט וויא ביי דיזע נייעס. ער האט זיך אויפגעהויבען און האט ארומגעכאפט דעם קאָפּ מיט ביידע הענד, אזוי וויא ער זאל ניט צושפּרינגען. יעצט איז איהם אויפגעגאנגען א ליכט איבער דיא פאלשע האנדלונג געגען איהם פון דעם פּראָקוראָר ווילפאָר.

— אָה, האָט ער אויסגערופען, איך מוז יעצט זיין אליין און איבער קלער'ן דאָס אלעס. ער איז אריין צו זיך אין צימער און האָט זיך אריינגעוואָרפען אין בעט. ער האָט זיך ארומגעקייקעלט א לאנגע צייט אויפ'ן געלעגער, און דאן האָט ער זיך פער־שוואָרען צו נעמען שרעקליכע נקמה פון זיינע פיינד. א שטימע האָט איהם ארויסגע־צייגען פון זיין לאגע. דאָס איז געווען פאריא, וועלכער האָט איבערגעוואַרט דעם וועכ־טער, איז איהם געקומען רופען אויף סאָפּער. פאריא פלעגט בעקומען זונטאג א ביסעל ווין צו סאָפּער.

דאנטעס איז מיט איהם מיטגעגאנגען. אויף זיין פּנים איז געלעגען א שטרענגע און ענטשלאָסענע מינע. פאריא האָט עס בעמערקט.

— אויף אייער פּנים שטייט יעצט געשריעבען ראכע, האָט דער אלטער צו דאנ־טעס געזאָגט.

— לאָמיר בעסער ריידען פון אנאנדער זאך, האט דאנטעס געענטפערט.

דער אלטער האָט ניט גערעט דעריבער. ער האָט אָבער א לאנגע צייט גערעט צום יונגען מאַן איבער זאכען, וועלכע ער האָט קוים פערשטאַנען.

— פאַר וואָס זאָלט איהר מיך ניט לערנען וואָס איהר קענט, האָט דאנטעס צום אלטען געזאָגט. ווען איהר וועט מיך לערנען, פערשפּרעך איך אייך אז איך וועל קיין מאָל ניט ריידען וועגען ענטלויפען.

— גוט מיין קינד, האָט דער אלטער געזאָגט. איך וועל אייך לערנען וואס איך קען. צו דיא קענטניסע וואָס איך האָב, קען איך נאָך פינף שפּראַכען און ווען איהר וועט זיין פלייסיג, וועט איהר אין צוויי יאהר קענען גענוג אום צו זיין א געבילדעטער מענש.

— מעהר ניט אין צוויי יאהר! האָט דאנטעס אויסגערופען, דאן לאָמיר שוין אָנפאַנגען.

פון דיזען אבענד אָן האָבען דיא געפאַנגענע אנגעפאַנגען צו לערנען. א יאהר איז אוועקגעגאַנגען און דיא געפאַנגענע האָבען עס גארניט בעמערקט. דאנטעס איז געוואָ־רען א גאַנץ אַנדער מענש. ער האָט געהאַט א קלאָר'ען און געזונטען פערשטאַנד און ער האָט געלערענט אין א יאהר וואָס דער אלטער האָט גערעכענט, אז ער וועט דאר־פען האָבען דערצו צוויי יאהר.

טראָץ דיזער געשמאַקער בעשעפטיגונג האָט דאנטעס בעמערקט, אז פאריא ווערט אלץ אומעטיגער און טרויעריגער. ער האָט איהם געפרעגט דיא אורזאכע דערפון, און דער אלטער האָט איהם געענטפערט, אז ער וויל זיין פריי.

— נו, לאָמיר אָנפאַנגען עפּעס צו טאָן.

— ווען איהר וועט מיר פערשפּרעכען, אז איהר וועט ניט טויטען דעם וואך סאָל־דאַט, סיידען אין דער גרעסטער נויט.

— איך האָב יעצט א פּלאַן וויא צו גראָבען. דיא אַרבייט דאַרף געדויערען אי־בער א יאהר ביז מיר וועלען צוקומען צו דער אויסען וואַנד.

— דאַן לאָמיר זיך גלייך נעמען צו דער אַרבייט, האָט דאַנטעס געזאָגט. פּאַריא האט איהם געוויזען דעם פּלאַן אוןביידע געפאַנגענע האָבען זיך גענומען גלייך צו דער אַרבייט.

אין א צייט פון פופצען מאָנאט זיינען זיי שוין געווען ביי דער וואַנד. אַלעס איז גליקליך אָפּגעגאַנגען. דיא ערד וואָס זיי פלעגען אויסגראָבען פלעגען זיי גוט צוטרייבען און פלעגען עס דורכוואַרפען דורך דאַנטעס פענסטערל און דער ווינד פלעגט עס צוטראָגען. עס איז זיי נאָר געבליעבען ארויסצונעמען א קליינעם באַלקען און זיי זאָלען זיין אויפ'ן קאָרידאָר, וועלכער גייט צום ים.

איין אבענד, ווען דאַנטעס איז שוין געווען אין זיין צעלע האט ער דערהערט א געשריי פון זיין אַלטען פריינד. ער איז שנעל אריין אין זיין צעלע און האָט איהם גע־טראָפען שטייענדיג אין מיטען צימער, בלייך, דער שוויס אויפ'ן שטערן און דיא הענד צוזאַמענגעקוועטשט.

— וואָס איז אייך! האָט דאַנטעס אויסגעשריען.

— שנעל, שנעל! האָט דער גייסטליכער געזאָגט, הערט מיך אויס. איך פיהל אז איך בין פערלאָרען. באַלד וועלען מיך כאַפּען דיא קרעמפּף און איך וועל בלייבען ליגען וויא טויט. ביי מיר אין בעט ליעגט א פלעשעלע. איהר וועט מיר אויפמאַכען דיא ציין מיט אַ מעסער און איהר וועט מיר אריינגיסען עטליכע טראָפּען, דאַן קען זיין אז איך וועל אָפּלעבען.

ריידענדיג אזוי האָט דער אַלטער אָנגעפאַנגען צו שרייען און איז אנידערגעפאַלען, ער האָט זיך אָנגעפאַנגען שרעקליך צו וואַרפען און איז געבליעבען ליגען וויא טויט. דאַנ־טעס האָט גענומען דיא פלעשעל און האָט דעם אַלטען אויפגעמאַכט דיא ציין מיט'ן מעסער און האָט איהם אריינגעגאָסען עטליכע טראָפּען צווישען דיא ציין.

א שטונדע איז פערגאַנגען און דער אַלטער האָט זיך נאָך ניט גערירט. דאַן האָט ער בעמערקט וויא זיינע באַקען האָבען בעקומען פאַרב און פאַריא האט אנגעפאַנ־גען אפּצולעבען.

— גערעטעט! גערעטעט! האָט דאַנטעס אויסגעשריען אויסער זיך פאַר פרייד. דערוויל איז דער זייגער געוואָרען זיעבען, עס האָבען זיך געהערט דיא טריט פון דעם וועכטער. דאַנטעס האָט געגעבען א שפּרונג אין דער עפענונג און איז שוין געווען ביי זיך אין צעלע. ער האָט שנעל פעררוקט דעם שטיין און האָט זיך געזעצט אויפ'ן בעטעל. קוים האָט ער דאָס געטאָן איז דער וועכטער געקומען מיט'ן סאַפּער. וויא באַלד ער איז נור ארויסגעגאַנגען און זיינע טריט זיינען פערשטומט געוואָרען איז ער שוין געווען ביין אַלטען אין צעלע. דער אַלטער איז געווען וואָך אָבער זעהר שוואַך און האָט ניט געקענט ריהרען מיט קיין אבר.

— איהר וועט מוזען אַליין אַנטלויפען, מיין יונגער פריינד, איך מוז שוין בליי־בען דאָ.

— ניין, איהר וועט ניט בלייבען דאָ, האָט דאַנטעס געענטפערט, מיר וועלט

ביידע ענטלויפען. עס איז ניט געבליעבען פיעל צו טאָן. ווען איהר וועט זיך א ביסעל אויסרוהען וועלען מיר גיין צו דער ארבייט.

— ניין מיין קינד, איך וועל שוין מעהר ניט ארבייטען. עס האָט מיר אָפּגענר מען א האנד מיט א פוס און איך קען זיך ניט ריהרען.

— וועל איך וואַרטען א מאָנאט, צוויי ביז איהר וועט געזונד ווערן.

— איך וועל קיין מאל ניט געזונד ווערן מיין פריינד. ווען מיך האָבען דיא קרעמפּף צום ערשטען מאָל געכאַפּט, האָב איך זיך אין א האלבע שטונדע ארום געקענט אליין אויפהויבען. צום צווייטען מאָל האָט מיר אָפּגענומען א האַנד און א פוס און ווען דער שלאַג וועט מיך טרעפען דעם דריטען מאָל וועל איך זיין אין גאַנצען פּאַראַליזירט אָדער גלייך טויט. אַלזאָ, וויא איהר זעהט, מיין קינד, איז דאָס בעסטע פאר אייך, אז איהר זאלט אליין זוכען דיא פרייהייט.

— איך שווער אייך, ביי אַלעס וואָס מיר איז הייליג, אַז איך וועל אייך ניט פער־לאָזען, סיידען אַז איהר וועט זיין טויט. דער אַלטער האָט איהם געררייכט דיא האנד און האָט צו איהם געזאָגט מיט א ווייכער שטימע.

— איך דאַנק אייך מיין קינד, איהר האט איין עדעלע הארץ. יעצט גייט און רוהט זיך אויס און קומט מאָרגען פריה, איך האב אייך צו פערטרויען א וויכטיגע זאך. דאַנטעס האָט געדריקט דעם אַלטענ'ס האנד און איז אריין צו זיך.

## 12טעם קאַפּיטעל.

## דער אוצר.

ווען דאַנטעס איז אויף מאָרגען אריינגעקומען צו פאַריאַ האָט ער איהם געפונען זיצען אויף זיין בעט. דער אַלטער האָט געהאַלטען א שטיקעל אַלטע פּאַפּיער אין האַנד. ער האָט געצייגט דאַנטעס'ן דעם פּאַפּיער. דיזער האָט עס גענומען אין האנד און האָט דאָרטען געפונען געשריעבען מיט פערצייטיגע בוכשטאַבען און ער האָט גארניט פער־שטאַנען.

— איהר פערשטייט דאָ גארניט, האָט צו איהם פאַריאַ געזאָגט, און פון דעסט־וועגען איז דער שטיקעל פּאַפּיער ווערטה א גרויסען אוצר.

דאַנטעס האָט זיך דערשראָקען, ער האָט געגלויבט אַז דער אַלטער ווערט שוין ווייטער משוגע און רעט פו איי אוצר. דער אַלטער האָט פערשטאַנען נאָך זיין געזיכט וואָס ער דענקט און ער האָט צום יונגען מאן געזאָגט:

— איהר ווילט מיך אויך האַלטען פאר משוגע? דאָס טוט מיר זעהר וועה. דאָך הערט מיך אויס. פון א געוויסען קארדינאַל ספּאַדאַ איז געבליעבען א גרויסער אוצר, נאָך וועלכען פיעלע קעניגע פון ראָם האבען געאַקערט דיא וועלט. דורך א צו־פאַל איז מיר אריינגעפאַלען א שטיקעל פּאַפּיער אין דיא הענד, וועלכע איז געוועזען דיא צוואה פון קאַרדינאַל ספּאַדאַ. דער שטיקעל פּאַפּיער איז געוועזען א טהייל פערברענט, און דורך פיעלע מיהע און ניט דערשלאָפענע נעכט איז מיר געלונגען צו טרעפען וואָס עס פעלט צו דעם פערברענטען געשריפט. און דאָס האָב איך ארויסגעפונען.

„איך ערקלער מיין פּלעמעניק גידיי ספּאַדאַ, דאָס איך האָב פערגראָבען אויף

דעם אינזעל מאָנטע קריסטאָ מיין פערמעגען אין גאָלד, דיאַמאַנטען וויא צוויי מילליאָן רוימישע דוקאַטען. ער וועט געפינען אויפ'ן אינזעל א הייל פון דער ים זייט רעכטס. צוויי עפנונגען פיהרען אין דעם הייל. ווען ער וועט מאכען צוואַנציג טריט פון דעם אריינגאַנג אין דער הייל, וועט ער זעהען רעכטס א בערגעל פון קליינע שטיינער. ער וועט אָפּשאַרען דיא שטיינער און וועט גראָבען א צוויי פוס אין דער ערד וועט ער גע־פינען א גרויסען קאַסטען און אין דער קאַסטען ליעגט דער אוצר, וועלכער בעלאַנגט צו איהם.

סעזאר ספאדא.

דען 25 אפריל 1498.

— נו, יעצט פערשטייט איהר שוין, האָט דער אַלטער געזאָגט צו דאַנטעס.

— דאָס איז דיא צוואה פון קארדינאַל ספאדא, נאָך וועלבער מען האָט אזוי גע־אקערט דיא ערד.

— יאָ, טויזענד מאָל יאָ! האָט פאַריאַ מיט היץ געזאָגט.

— איז אפשר דאָ יורשים אויף דיזען אוצר?

— ניין, האָט דער אַלטער געענטפערט, ער האָט קיינע יורשים. יעצט בע־לאַנגט דער אוצר צו אונז ביידען. און אז איך וועל שטאַרבען וועט ער בעלאַנגען צו אייך אליין.

— וויפיעל בעטרעפט דער אוצר?

— צוויי מיליאָן דוקאַטען. דאָס איז דרייצעהן מיליאָן פראַנק.

— דיזער אוצר געהערט צו אייך מיין פריינד, האָט דאַנטעס געזאָגט, און איך האָב קיין רעכט ניט אויף איהם.

— איהר זייט מיין זון, דאַנטעס! האָט דער אַלטער אויסגעשריען. איהר זייט דאָס קינד פון מיין געפאַנגענשאַפט. דער הימעל האָט אייך מיר צוגעשיקט מיך צו טרייסטען אין מיין געפאַנגענשאַפט. איהר האָט מיך געטרייסט און געליבט וויא א פאָ־טער און איך ליעב אייך וויא א טרייען קינד.

און פאַריאַ האָט צו דאַנטעס אויסגעשטרעקט דיא ארעם און דיזער האָט זיך צו איהם א וואָרף געטאָן אויפ'ן האלז מיט הייסע טרערען אין דיא אויגען.

13טעס קאַפּיטעל.

## פאַריאַס טויט און דאַנטעס פרייהייט.

צייט פאַריאַ האָט דאַנטעס דערציילט פון אוצר, האָבען זיי ביידע נאָר גערעט וועגען דעם. פאַריאַ האָט דאַנטעס געלערענט וויא ער זאָל זיך בענעהמען אין לעבען ווען ער וועט זיין פריי און וויא ער זאָל נעמען דעם אוצר. דאַנטעס האָט זיך גוט איינגעלערענט דעם פּלאַץ וואו דער אוצר איז געלעגען און דאן אָט פאַריאַ פער־ברענט דאָס פּאַפּיערעל כדי עס זאָל ניט אריינפאַלען אין פרעמדע הענד.

אזוי איז פערגאַנגען נאָך א צייט און דיא געפאַנגענע האָבען זיך געטרייסט איי־נער דעם אַנדערן אין זייער געפאַנגענשאַפט. איין אבענד, ווען דאַנטעס איז שוין געוועזען ביי זיך אין צעלע האָט ער דערהערט א קלאָגענדיגע שטימע, וועלכע איז געקומען פון פאַריאַס צעלע. עס האָט איהם געשיינט, אז דער אַלטער רופט איהם. ער איז שנעל

אראָפּ פון בעט און איז אריין צום אַלטען. ער האָט איהם געטראָפען ליגענדיג אין בעט און ער איז געווען שרעקליך בלייך. דאַנטעס האָט זיך זעהר דערשראָקען און האָט איהם געפרעגט וואָס איהם איז.

— מיין ליעבעס קינד, האָט דער אַלטער געענטפערט, איך פיהל, אז איך וועל יעצט בעקומען נאָך א מאָל דיא קרעמפּף. און דאָס וועט זיין דאָס לעצטע מאָל, דען איך וועל שוין מעהר ניט קענען אריבערטראָגען און איך וועל שטאַרבען.

— וואָס רעדט איהר פון שטאַרבען! האָט דאַנטעס פערצווייפעלט אויסגעשריען, איהר וועט לעבען און איך וועל אייך רעטען.

— דער אַלטער האָט מיט א טרויעריגע מינע געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, און האָט איהם ווייטער ערקלערט, אז עס איז אומזיסט, ער מוז יעצט שטאַרבען.

— אבער איהר האָט דאָך נאָך דאָס פלעשעלע מיט דיא טראָפּפען. איך וועל אייך נאָך אמאָל אריינשפּריצען.

— איהר קענט מיר נאָך א מאָל שפּריצען, אָבער איך גלויב ניט, אז דאָס וועט מיר העלפען. קלערט יעצט ארום זיך, ליעבער דאַנטעס. לאָזט מיך שטאַרבען, איך האָב גענוג געלעבט. איהר זייט נאָך יונג. איהר וועט פון דאַנען ארויס און איהר וועט נאָך זיין גליקליך. פערגעסט נאָר ניט דעם אינזעל מאָנטע קריסטאָ.

— ניין, איהר וועט ניט שטאַרבען! האָט דער יונגער מאַן אויסגערופען אין פער־צווייפלונג, איך וועל אייך רעטען. און דאַנטעס איז געפאַלען אויף דיא קניע און האָט אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אָן בעט.

— הערט מיך אויס, וואָס איך זאָג אייך. דער אוצר עקזיסטירט. איך זעה איהם מיט מיינע אויגען. געפינט איהם און נעמט איהם צו, איהר האָט גענוג געליטען.

א שרעקליכער קראַמפּף האָט איהם געפּאַקט און זיין גאַנצער קערפּער איז צונויף געצויגען געוואָרען וויא מיט אייזערנע שרויפען.

— אדיע, אדיע, האָט דער אַלטער געמורמעלט אויסשטרעקענדיג צו דאַנטעס דיא הענד.

— נאָך ניט, נאָך ניט! האָט דיזער געשריען. פערלאָזט מיך ניט! און ער האָט אָנגעפאַנגען צו שרייען נאָך הילפע.

— שטיל שטיל! האָט דער קראַנקער געמורמעלט, דען איהר זייט פערלאָרען ווען מען וועט קומען, און איהר וועט מיך ניט קענען רעטען,

— איהר האָט רעכט. אָ יאָ, איך וועל אייך רעטען. אָבער איהר ליידעט יעצט שטאַרק.

— ניין, איך לייד יעצט ווייניגער. דען איך האָב ניט מעהר דיא קראַפט שטאַרק צו ליידען. אבער איך זעה קלאָר דעם טויט. ער קומט.... זייט געזונד.... אדיע.... פערגעסט ניט מאָנטע קריסטאָ.... ער האָט זיך געפּרופט אויפהויבען צום לעצטען מאָל און איז צוריקגעפאַלען. דיא שרעקליכע קריזיס איז געקומען און דער אַלטער איז גע־בליעבען ליגען שטיל.

דאַנטעס האָט א ווײַלע געוואַרט, דאַן האָט ער גענומען דיא פלעשעל און האָט איהם אריינגעגאָסען עטליכע טראָפּפען צווישען דיא ציין. ער האָט געוואַרט א פערטעל

שעה און ווען ער האט געזעהען, אז דער אלטער ריהרט זיך ניט, האט ער איהם אריינגעגאָסען דיא גאנצע פלעשעל אין מויל. דאס האט געמאכט א שרעקליכע ווירקונג. דער אלטער האט געגעבען א קרעכץ און איז באלד ווידער געבליעבען שטיל מיט אָפענע אויגען.

דאנטעס האט געווארט א שטונדע, צוויי און מעהר און דער אלטער איז געלעגען און האט זיך ניט געריהרט. ער איז געווען טויט.

א שרעקליכער געפיהל האט דאנטעס'ן ערגריפען. ער האט יעצט געזעהען, אז ער איז געבליעבען אליין און אז ער האט פערלאָרען דעם בעסטען פריינד אין דער וועלט. ער האט זיך א ווארף געטאָן איבער דעם טויטען און האט געיאָמערט וויא א קינד. א לאנגע צייט איז ער אזוי געלעגען, ביז ער האט זיך געגעבען א כאפ אויף און איז אריינגעלאָפען וויא א משוגענער אין זיין צעלע. עס איז אויך געווען דיא העכסטע צייט, דען דער וועכטער איז באלד־ געקומען. ווען דער וועכטער איז אוועק פון זיין צעלע איז דאנטעס אריינגעקראָכען אין קאָררידאָר און ער האט געוואָלט הערן, וואס עס וועט זיך טאָן ביים טויטען אין צעלע.

באלד האָט ער דערהערט דיא איבערראשונג פון דעם וועכטער, און א ווייל שפעטער האָט ער געהערט וויא דער דירעקטאָר איז געקומען מיט סאָלדאטען און ער האָט געהייסען שפריצען וואסער אויפ'ן טויטען. דער דירעקטאָר האָט געשיקט נאָכ'ן דאָקטאָר און דיזער האָט ערקלערט, אז דער אלטער איז טויט. דאן האָט דאנטעס געהערט וויא מען האָט גערעט וועגען א זאק און אז צעהען א זייגער אווענד זאל מען איהם צונעמען. איינער איז געגאנגען נאך א זאק און ווען ער איז געקומען צוריק, האָט עס געדוירט א קורצע צייט און אלע זיינען ארויסגעגאנגען און מען האט פערשלאָסען דיא צעלע.

דאנטעס איז דאן אריין אין פאריא'ס צעלע. ער האט געזעהען אויפ'ן בעט ליעגענדיג א זאק, אין וועלכען זיין איינציגער פריינד איז געווען איינגענייט. ער איז געבליבען שטיין לעבען דעם מת וויא א סטאטוע און הייסע טרערען האבען זיך געגאָסען פון זיינע אויגען. יעצט איז ער געבליעבען אליין אויף דער וועלט און אין א פינסטערן קערקער. וואלט ניט בעסער געווען, אז ער זאל אויך גיין אהין וואו דער אלטער איז געגאנגען? דאן וואָלט ער אויף איין מאָל פטור געוואָרען פון זיינע ליידען, און פון פינסטערן קערקער.

דער געדאנקען זיך צו נעמען דאס לעבען איז איהם אריין טיעף אין מוח און ער האט געקלערט, וועלכען טויט ער זאל זיך געבען.

פלוצלונג האבען זיינע אויגען אויפגעבליצט.

— ווער האט מיר אריינגעשיקט דיזען היילינגען געדאנקען! האט ער אויסגערופען. אזוי וויא ער האט דאס אויסגערופען, האט ער אויפגעטרענט דעם זאק און האָט ארויס־ גענומען דעם טויטען. ער האט איהם אריינגעטראָגען צו זיך אין צעלע און האט איהם אריינגעלייגט צו זיך אין בעט. ער האט איהם צוגעדעקט, כדי אז דער וועכטער וועט קומען זאל ער מיינען, דאס ער ליגט אין בעט. דאן איז ער אריין צוריק אין דעם אלטען'ס צימער און האט ארויסגענומען דעם אלטען'ס נאָדעל און פאָדעם און זיין שארפען מעססער און האט זיך אריינגעלייגט אין זאק און האט איהם צוגענייט פון אינעווייניג.

ער האט געוועבענט, ווען מען וועט איהם ארויסטראָגען פון געפענגניס אויפ'ן בית עולם, וועט ער אויפ'ן וועג אויפשניידען דעם זאק און וועט ארויסשפּרינגען און וועט אנטלויפען. ווען דיא סאָלדאטען וועלען איהם נאכלויפען, וועט ער בענוצען זיין מעסער.

ביז צעהן א זייגער איז ער אזוי געלעגען אין זאק און פערשיעדענע שרעקליכע געדאנקען האבען געלעכערט זיין מוח. טאָמער וועט מען זיך כאפּען ווער עס ליעגט אויף זיין בעט, אדער טאָמער וועלען דיא סאָלדאטען אָנטאפּען ווער עס ליעגט אין זאק. דערצו האט איהם געפּייניגט דער הונגער און דורשט.

ענדליך האט זיך אויפגעמאכט דיא טהיר און צוויי סאָלדאטען זיינען אריין מיט א לאַנטערנע אין האנד. זיי זיינען צוגעגאנגען צום זאק און יעדער האט איהם גענומען פאר איין ענד און זיי האבען איהם אויפגעהויבען. זיי האבען נאָך געלאכט איבער איהם, אז ער איז אזוי שווער.

דיא סאָלדאטען האבען איהם ארויסגעטראָגען פון געפענגניס און דאַנטעס האט צום ערשטען מאָל צייט אזוי פיעל יאָהר דערפיהלט פרישע לופט. דיא לופט איז אלץ געוואָרען פרישער און דאַנטעס האט דערהערט דעם רויש פון ים. מען האט איהם דאן אראָפּגעלאָזען אויף דער ערד און מען האט איהם אָנגעבונדען א שווערן שטיין צו דיא פיס.

א שוידער איז דאַנטעס'ן אריבער איבער'ן גאנצען קערפּער. ער האט יעצט גע־וואוסט, אז מען טראָגט איהם אריינוואַרפען אין ים. ער האט גענומען שטייפער דעם מעסער אין האנד. באלד האט ער געפיהלט וויא מען האט איהם אפּגעטראָגען נאָך א פינף טריט און מען האט איהם צושאָקעלט און דאן געגעבען א לאָז אראָפּ.

וויא שנעל דאַנטעס איז אראָפּגעפלויגען איז עס פאר איהם געווען איין עוויגקייט ביז ער איז געקומען צום וואסער. דער בליץ שנעלער פאַל און דיא קאַלטע וואסער האבען ביי איהם ארויסגעריסען א געשריי, וועלכער איז באלד פערשטיקט געוואָרען אין וואסער.

וויא באלד דאַנטעס האט זיך דערפיהלט אין וואסער האט ער מיט איין שניט פון זיין מעסער אויפגעטרענט דעם זאק און האט בעפרייט זיין קערפּער פון לייוונט דאן האט ער מיט איין איבערנאטירליכער קראַפט איבערגעשניטען דיא שטריק פון זיינע פיס און מיט א גוטען שטויס איז ער ארויף אויפ'ן וואסער. ער האט זיך אבער באלד אונטער־געטונקט כדי מען זאל איהם פון אויבען ניט בעמערקען. אזוי האט ער געמאכט עטליכע מאָל ביז ער איז געווען ווייט פון דעם שרעקליכען שלאָס. ער האט גערעכענט, אז זיין געשריי האט געמוזט געהערט ווערן פון דיא סאָלדאטען און זיי האבען געמוזט קוקען אין וואסער, פון וואנען דער געשריי איז געקומען.

דאַנטעס האט מורא געהאט, טאָמער האט ער אין דער צייט וואס ער איז געלעגען אין קערקער פערגעסען צו שווימען. ער האט אבער גלייך געפיהלט, אז ער איז דער־זעלבער אויפ'ן וואסער, וויא ער איז א מאָל געווען. יעצט האט ער געדאַרפט וויסען וואו ער איז ערגעץ אין דער וועלט און וואוהין ער זאל שווימען. ער האט געוואוסט, אז עטליכע מייל פון שלאָס האבען זיך געפונען צוויי אינזלען, אבער עס איז געווען פינסטער

און ער האט ניט געוואוסט וועלכען וועג צו נעמען. ער האט זיך דאן גענומען שווימען אויף גליק.

דער שטורם איז געווען גרויס און דאס וואסער קאלט, און דאס האט איהם געהינדערט צו שווימען פאָרווערטס. ער איז שוין געווען איבער א שטונדע אויפ'ן וואסער און ער האט נאך פאר זיך גאָרניט געזעהען וואו ער וועט זיך קענען אויסרוהען. מעהר וויא נאך א שעה אויפ'ן וואסער וואלט ער ניט געקענט אויסהאלטען. ער איז געשוואומען נאך א האלב שעה און ער האט שוין אָנגעפאנגען צו פערליערען דיא האָפנונג. ער איז געשוואומען נאך א פערטעל שעה און זיינע כחות האבען אָנגעפאנגען צו ווערן שוואכער און שוואכער. פלוצלונג האט ער דערפיהלט ערד אונטער דיא פיס. ער האט זיך ארומגעקוקט וואו ער איז דאָ אין דער וועלט און ער האט געזעהען אז ער איז ארויף אויף א גרויסען פעלז.

דאַנטעס איז ארויף אויפ'ן פעלז און האט אָנגעפאנגען צו זוכען איין אָרט וואו ער זאל זיך קענען בעהאלטען פון שטורעם. ער האט ניט לאנג געזוכט און האט געפונען א גרויסע עפענונג אין וועלכע ער האט זיך געקענט פערדעקען פון ווינד.

א גאנצע צייט איז ער אזוי געלעגען אין דער עפענונג ביז דער שטורעם האט זיך אָנגעפאנגען צו שטילען און האט זיך כמעט אין גאנצען געלייגט. עס איז שוין געווען פינף א זייגער פאר טאָג.

ווען עס איז געוואָרען ליכטיגער, האט ער בעמערקט פון וויטען זעגלען פון א שיף. דאַנטעס האט אָפגעלעבט. דען אין א פּאָר שעה ארום וועט מען זיך כאַפּען אין שלאָס איף, אז ער איז ענטלאָפען, וועט מען שיקען שיפען איהם צו זוכען און מען וועט איהם געווים געפינען. און דאָ האט איהם געפייניגט דער הונגער און דורשט און עס האט איהם געוואָרפען פון קעלט. דארום האט ער געקוקט אויף דיא שיף וויא אויף א רעטער פון טויט.

דיא שיף איז ניט געגאנגען צום פעלז וואו ער איז געווען, זאָנדערן זיא איז געגאנגען פערביי. ווען ער וואלט געמאכט צייכענס פון דאנען און וואלט געשריען וואלט מען פון שיף ניט געזעהען און ניט געהערט. ער האט געמוזט שווימען ענטקעגען איהם, דאן וועט מען איהם זיכער זעהען און מען וועט איהם אויפנעמען. ער האָט זיך גלייך געלאָזען שווימען צום שיף, און ווען ער איז געווען ניט וויט פון איהר, האט ער אָנגעפאנגען צו שרייען און מאכען צייכענס.

מען האט איהם בעמערקט פון שיף און מען האט געשיקט א קליין שיפעל איהם אויפצונעמען. ביז דיא שיפעל איז צו איהם צוגעגאנגען האט ער דערוויילע פערלאָרען דיא קרעפטען און ווען ער האט שוין געהאלטען ביין אונטערגיין האט מען איהם אריינגעצויגען אין שיפעל, וואו ער איז געבליעבען אונמעכטיג.

ווען דאַנטעס איז געקומען צו זיך, האט ער זיך געפונען אויפ'ן שיף און דיא מאַטראָזען האבען איהם געגעבען צו טרינקען בראַנפען. דאַנטעס איז באלד געקומען צו זיך.

— ווער זייט איהר? האט איהם דער קאַפּיטאַן פון שיף געפרעגט.

— איך בין א מאַטראָז, האט דאַנטעס אין שלעכטען איטאַליעניש געענטפערט,

אונזער שיף איז צובראכען געוואָרען געגען יענעם פעלז. מיר דאכט זיך אז פון אונזער גאנצער מאנשאפט בין איך נאר אליין געבליעבען לעבען. ווען איינער פון אייערע מאט־ראָזען וואָלט מיך ניט געכאַפּט פאר דיא האָר, וואלט איך אויך געווען טויט.

— דאָס בין איך געווען, האט זיך אָפּגערופען א יונגער מאטראָז מיט א פריינד־ליכען געזיכט. און איך מוז אייך זאָגען, אז אייער לאנגער באָרד און אייערע לאנגע האָר האָבען מיך באלד אָפּגעשטויסען אייך צו רעטען, דען איהר האט אויסגעזעהען וויא א רויבער.

דאַנטעס האט זיך דערמאָנט, אז צייט ער איז געווען אין געפענגניס האט ער זיך ניט געשאָרען דיא האָר.

— יאָ, האט ער געזאָגט, איך האב א מאָל אין געפאהר געשוואָרען, אז איך זאָל טראָגען צעהן יאהר ניט געשאָרענע האָר. און גראדע היינט איז דער טאָג ווען דיא צעהן יאהר ענדיגען זיך.

— און וואס זאלען מיר יעצט טאָן מיט אייך? האט דער קאַפּיטאָן געפרעגט.

— איך בין א גוטער מאטראָז און איך בין זעהר בעקאנט מיט'ן ים. איך וואָלט אייך געקענט צוניץ קומען.

— מיר וועלען באלד זעהען. האט דער קאַפּיטאַן געזאָגט. און ער האט איהם געהייסען גיין צום רודער.

דאַנטעס איז געגאנגען צום רודער און האָט אָנגעפאנגען צו פיהרען דיא שיף מיט א זיכערע האנד.

— וואו גייט אייער שיף? האט ער געפרעגט דעם קאַפּיטאָן.

— מיר גייען אין ליוואָרני.

— איך קען אייך מאַכען דעם וועג קירצער, האט דאַנטעס געזאָגט.

זאָגענדיג דאס האט ער געגעבען בעפעהלען און דיא מאטראָזען האבען איהם געפאָלגט. דיא שיף האט אָנגעפאנגען צו פליהען וויא א פויגעל און אלע אויפ'ן שיף האבען איהם בעוואונדערט.

אין מיטען דרינען האבען זיך דערהערט קאַנאָנען שאָסען פון שלאָס איף. דאַנטעס איז בלייך געוואָרען. ער האט זיך אָבער באלד געפאַסט.

— וואס שיסט מען דאָס? האט דער קאַפּיטאָן געפרעגט, וועלכער האט בעמערקט דאַנטעס בלייך ווערן.

— א געפאנגענער איז אודאי ענטלאָפען האט דאַנטעס געענטפערט גאנץ קאַלט־בליטיג.

— אויף יעדען פאַל, האָט דער קאַפּיטאָן געמורמעלט, ווען דאָס איז אפילו ער, איז וואס? ער איז א גוטער מאטראָז און אזא דאַרף איך.

דאַנטעס האָט זיך אנידערגעזעצט לעבען רודער און האָט געקוקט אויפ'ן שלאָס איף.

— וועלכען דאטום האָבען מיר היינט? האָט ער געפרעגט דעם יונגען מאַטראָז

— דען 28 פעברואר, האָט יענער געענטפערט.

— און וועלכען יאָהר? האָט ווידער דאַנטעס געפרעגט,

— וואָס הייסט וועלכען יאהר? איהר ווייסט ניט וועלכער יאהר היינט איז?

— יא, איך האָב געהאַט אזא שרעקליכע נאַכט, דאָס איך האָב פערלאָרען מיין געדעכטניס.

— עס איז היינט 1828, האָט דער מאַטראָז געזאָגט.

עס איז געווען גראַדע פערצעהן יאהר וויא דאַנטעס איז געזעסען אין קערקער. ער איז אריין אין שלאָס איף צו ניינצעהן יאהר און איז אַרויס א מאַן פון דריי און דרייסיג.

א טרויעריגער שמייכעל האָט זיך בעוויזען אויף זיינע ליפּען. ער האָט זיך גע־פרעגט וואָס איז געוואָרען פון מערסעדעס, וועלכע האָט געמוזט מיינען, אז ער איז טויט. דאַן האָט א בליץ פון ראַכע אויפגעשיינט אין זיינע אויגען, דענקענדיג אן דיא דריי מע־נער, וועמען ער האָט צו פערדאַנקען זינע לאַנגע יאהרען פון קערקערשאַפט.

דאַן האָט ער נאָך א מאל געשוואָרען ראַכע געגען וועלפאָר, דאַנגלאַר און פער־נאַן. און יעצט איז דיזע ראַכע שוין געווען זיכער, דען קיין שיף וואָלט ניט געקענט כאַפּען דיא שנעלע שיף, אויף וועלכער ער איז יעצט געווען.

## 14טעם קאַפּיטעל.

## דער אינזעל מאָנטע קריסטאָ.

עס האָט ניט לאַנג גענומען, אז דאַנטעס זאָל וויסען אויף וואָס פאַר א שיף ער געפינט זיך. עס איז געווען א קאָנטרעבאַנד שיף. דיא ערשטע צייט האָט דער קאַפּי־טאַן דאַנטעס'ן ניט געטרויט, דען עס האָט געקענט לייכט זיין, אז דיא רעגיערונג האָט פערקליידעט איהרען איין אַגענט, אום אויסצופאָרשען וואָס עס טוט זיך צווישען דיא קאָנטרעבאַנדער. באַלד אָבער האָט ער איינגעזעהען, אז ער האָט א טעות און אז דאַנ־טעס איז א וואהרער מאַטראָז.

ווען דיא שיף איז געקומען אין ליוואורן, האָט דאַנטעס געוואָלט וויסען אויב ער האָט זיך אויף אזוי פיעל פערענדערט אין דיא פערצעהן יאָהר, אז זיינע פריינד זאָלען איהם ניט דערקענען. אין ליוואורן האָט ער געהאַט א פריינד א באַרבער און ער איז צו איהם געגאַנגען זיך אָפּשניידען זיינע לאַנגע האָר און דיא באָרד. דער באַרבער האַט איהם אנגעקוקט פערוואונדערט, וואָס ער איז געווען אזוי פערוואַקסען, אבער פון דער־קענען איז גאָר קיין רייד ניט געווען.

ווען דאַנטעס האָט זיך אראָפּגענומען דיא האָר האט ער זיך געקויפט א מאַט־ראָזען קאָסטיום און איז צוריקגעגאַנגען אויפ'ן שיף. דער קאַפּיטאַן און דיא מאַטראָזען האָבען איהם קוים דערקענט.

דער קאַפּיטאַן האָט געבעטען דאַנטעס'ן, אז ער זאָל ביי איהם בלייבען אויפ'ן שיף און דאַנטעס האָט זיך אונטערגענומען צו בלייבען נאָר דריי מאָנאַט, דאַן זאָל ער זיין פריי.

וועהרענד דיזע דריי מאָנאַט איז דיא שיף עטליכע מאל פערביי געפאָהרען דעם אינזעל מאָנטאָ קריסטאָ, און ביי יעדען מאָל האָט דאַנטעס הארץ געקלאַפּט צום צו־שפּרינגען ווערן. וויא גערן וואָלט ער שוין געוואָלט זיין אויף איהם! זיין גאַנצער דענ־

קען און טראכטען איז יעצט געװען צו האָבען דעם פערמעגען. װען ער איז געװען אין קערקער האָט ער נאר געטראכט ארום דער פרייהייט, יעצט װען ער האט גענאסען דיא פולע פרייהייט און ער האָט זיך געפונען אין זיין עלעמענט פון ימים און שטורעמס, יעצט איז איהם דיזער ארימער לעבען ניט איינגעגאנגען, ער האָט געװאָלט זיין רייך און מעכטיג, אום זיך צו קענען רעכענען מיט דיא, װעלכע האָבען ביי איהם אװעקגענומען פערצעהן יאהר פון זיינע בעסטע יאהרען און אלעס װאָס איהם איז געװען ליעב און טייער.

דער אינזעל מאָנטאָ קריסטאָ איז געװען זיין קרייז און זיין שארפער שװערד, מיט װעלכע ער האָט זיך פאָרגענומען זיינע פיינד צו פערניכטען.

זיין צוקינפטיגע מאכט איז געלעגען אויף דער אינזעל, ער האָט נאָר געדארפט גיין און זיא נעמען. אבער װיא זאל ער צוקומען צום אינזעל? װארטען האָט ער געלערנט, און געדולד האט ער אויך געהאט גענוג, עס האט זיך נאר געהאנדעלט װעגען א געלעגענהייט.

דאנטעס האט געהאפט, אז אין דער צייט פון דיא דריי מאנאט, װאס ער װעט זיין אויפ'ן שיף, װעט זיך געפינען א געלעגענהייט צו צוקומען צום אינזעל, און דיא דריי מאָנאַט האָבען זיך באלד געענדיגט און דיא געלעגענהייט איז נאך אלץ ניט געקומען. ער האט זיך פארגענומען צו דינגען א פישער שיפעל און זיך לאָזען צופיהרען. געלד האָט ער געהאט געשפארט דערויף.

װעהרענד דאנטעס האט זיך ארומגעטראגען מיט דיזע געדאנקען, איז זייער שיף אנגעקומען אין ליװאורן. דאָ האט דיא שיף געדארפט אויפנעמען זייד און סאמעט קאָנטרעבאנד. דער קאפיטאן האט דאנטעס ערקלערט, אז דעם מאל װעלען זיי האָבען א רייכע רייזע, און עס װעט אויסקומען פאר יעדען מאטראָז א שיינער חלק געלד. ער מוז אבער דיא סחרה אפלייגען ערגעץ אויפ'ן װעג, ביז עס װעט קומען אויפ'ן פלאַץ. דיא סחורה דארף איבערנעמען א גרויסע שיף. דארום האָט ער קיין בעסערן פלאַץ ניט געפונען פאר אפצולייגען דיא סחורה, װיא אויפ'ן פוסטען אינזעל מאָנטע קריסטאָ.

דאנטעס האָט שיעור ניט געגעבען א שפרונג פאר פרייד װען ער האָט דאס דער־הערט. ער האָט זיך אבער בעהערשט און האָט דעם קאפיטאן גלייכגילטיג געענטפערט, אז זיין פלאן איז זעהר א גוטער.

אויף מארגען איז דיא שיף אָפגעגאנגען. דער װינד איז געװען א גוטער און אי עטליכע טעג זיינען זי געװען אינזעל לעבען מאָנטע קריסטאָ.

דיא גרויסע שיף האָט שוין אויף זיי געװארט. מען האָט באלד אָנגעפאנגען אי־בערצולאדען דיא קליינע שיף אין דיא גרויסע.

װען א קענער אויף מענשען װאָלט זיך איינגעקוקט אין דאנטעס װאָלט ער גלייך בעמערקט, אז עפעס גייט אין איהם פאָר. דאנטעס האט ניט גערוהט. ער איז ארומגעלאָפען אויפ'ן אינזעל װיא א הולער און ער האָט געװאָלט זעהן דיא היילען, װעל־כע זיינען געװען אנגעצייגט אין דער צואה. ער האט אבער גארניט געזעהען. דער גע־דאנקען, טאמער איז דיא צואה ניט אמת, האט איהם ארויסגעטריבען א קאלטען

שוויים אויפ'ן פנים. ער האָט אבער געמוזט בעהאלטען זיין אויפרעגונג, אום מען זאל עס ניט מערקען.

ער האָט קוים דערלעבט ביז מארגען פריה. ער האָט דאן געזאגט, אז ער האָט חשק צו גיין שיסען א ווילדע ציעג און האָט גענומען א ביקס מיט פולווער און בליי. א יונגער מאטראָז האָט אבער געוואלט דורכאויס מיט איהם מיטגיין. ער האָט איהם ניט געקענט ענטזאגען, ווייל ער האָט מורא געהאַט, אז מען זאל עפּעס ניט מערקען און איז מיט איהם געגאנגען.

דאַנטעס איז געלונגען צו שיסען א יונגע ציעג. ער האָט זיא איבערגעגעבען דעם יונגען מאטראָז און האָט איהם אנגעזאגט, אז מען זאל זיא בראטען, ער וועט אונטער־קומען, אז דער בראטען וועט זיין פארטיג.

ווען דער מאטראָז איז אוועק, איז דאַנטעס געגאנגען זוכען דיא הייל אויף דעם פּלאַץ וואו עס איז געוועזען אנגעצייכנט. ער האָט געפונען דעם פּלאַץ, ער האָט אָבער קיין הייל ניט געזעהען. אויף דעם פּלאַץ זיינען געוועזען אנגעוואקסען בוימער. אין דעם האָט זיך דערהערט א שאָס פון א ביקס, דאָס איז געוועזען א סיגנאל, אז דאַנטעס זאל קומען עסען דעם בראטאן.

דאַנטעס האָט גענומען גיין אהין. אלע האָבען איהם געזעהען שפּרינגענדיג איבער דיא פעלזען און האָבען בעוואונדערט זיין געשיקטקייט. פּלוצלינג האָבען דיא מאטראָזען געזעהען וויא ער האָט זיך אויסגעגליטשט און איז אראָפּגעפאלען פון פעלז. אלע האָבען זיך א לאָז געטאָן צו איהם.

דאַנטעס איז געלעגען א צובלוטיגטער לעבען א פעלז און איז געוועזען כמעט אונ־מעכטיג. אלע מאטראָזען וועלכע האָבען איהם זעהר געליעבט האָבען זיך געגעבען אלע מיהע און האָבען איהם געבראכט צו זיך. זיי האָבען איהם געוואלט צוטראגען צום לאָ־גער, האָט ער געבעטען, אז מען זאל איהם לאָזען דאָ, דען דאָס שטערן מאכט איהם פיעל שמערצען. דיא מאטראָזען האָבען איהם געלאָזען דא און זיינען געגאנגען עסען. נאכ'ן עסען זיינען זיי וויעדער געקומען. זיי האָבען געזעהען אז דאַנטעס האָט נאך מעהר געליטען וויא פריהער.

— לאָמיר איהם ארויפטראָגען אויפ'ן שיף, האָט דער קאפּיטאַן געזאגט. אבער דאַנטעס האָט געענטפערט, אז ער וועט בעסער שטארבען, איידער ער וועט זיך לאָזען אָנמאכען שמערצען מיט'ן טראָגען.

— אבער דו קענסט דאָך ניט בלייבען אויפ'ן אינזעל אליין. דו וועסט דאָך שטאר־בען פאר הונגער.

— איהר וועט מיר איבערלאָזען אויף א פּאָר טעג צו עסען. איך רעכען, אז אין אפּאר טעג וועל איך זיין געזונד, וועל איך מיר שוין העלפען. אין דער צייט וועט פער־בייגיין א פישער שיף וועט זיא מיך מיטנעמען. לאָזט מיר נאר איבער א ביקס, פּולווער און און האָק, מעהר דארף איך ניט.

עס האָט ניט געהאָלפען קיין צוריידען. דאַנטעס איז געבליעבען ביי זיינעם. דיא שיף האָט דא לייגנער ניט געקענט בלייבען, און זיך זאמען אומזיסט האָט אויך קיין

צוועק ניט געהאַט, האט מען איהם געמוזט נאכגעבען. מען האט איהם געלאזען וואס ער האט פערלאנגט און אלע זיינען אוועק צום שיף.

— עס איז זאנדערבאר, האט דאַנטעס צו זיך געזאגט מיט א געלעכטער, דאס מען געפינט צווישען אזעלכע מענשען, מענשען מיט געפיהל און ערגעבענהייט. ער האט זיך דאן לאנגזאם אוועקגעשלעפט אויף א הויכען פעלז און האט געווארט ביז דיא שיף וועט זיין וויט אויפ'ן ים. אין א צייט פון א שעה איז דיא שיף אין גאנצען פער־שוואונדען.

דאן האט זיך דאַנטעס אויפגעהויבען מיט דיא שנעלקייט פון א ווילדען הירש, וועלכער שפרינגט איבער די פעלזען און איז געלאפען צו דעם פּלאץ, וואו ער האט גע־זוכט דיא הייל.

— און יעצט, האט ער אויסגערופען זיך דערמאנענדיג אן דער געשיכטע פון טויזענד און איין נאכט. פעלזען טהיר, עפען זיך!

מיט דיזע ווערטער האט ער גענומען דיא האק, וועלכע מען האט איהם געלאָזען און האַט אָנגעפאַנגען אפצוהאקען דיא קליינע ביימלעך. אין א פּאר שטונדען זיינען דיא ביימליך געלעגען אויף דער ערד און אויף דעם פלאץ האט זיך געוויזען א געמאכטע מויער. דאַנטעס האַט זיך גענומען צו דער מויער, אבער עס איז געווען אונמעגליך זיא צו ריהרען פון אָרט. ער האט זיך דאן דערמאנט אָן זיין פולוועד. ער האַט לאנג ניט געטראכט און האַט אויסגעהאקט א לאָך אין מויער און האט זיא אנגעשטאפּט מיט שטיינער און פולווער. א שטיקעל לייוועגט האט ער געמאכט פּאר א קנויט און האט זיא אנגעצונדען. ער האט אפּגעטראטען פון דעם פּלאץ און אין א מינוט ארום האט זיך דערהערט א שרעקליכער קלאַפּ און דיא מויער איז אויפגעפלויגען אין דער לופטען.

ווען דאַנטעס איז נאך דעם צוגעגאנגען האט ער געזעהען, אז אויף דעם פּלאץ פון דער מויער איז געווען א גרויסע עפנונג. דאַנטעס אויפרעגונג איז געווען אזוי גרויס דאס ער איז געבליבען שטיין וויא א צומישטער.

— דאס איז אלזא דיא עפנונג, וועלכע בעהאַלט דעם אוצר? האט דאַנטעס צו זיך געזאגט. ער איז געשטאנען מיט אויסגעגלאצטע אויגען און האט ניט געטרויט זיך אליין וואס ער זעהט.

א לאנגע צייט איז ער אזוי געשטאנען ביז ער איז ענדליך געקומען צו זיך. ער האט בעקומען זיינע גאנצע זעלבסטבעהערשונג און האט זיך אראפּגעלאזען אין דער הייל.

אנשטאט צו געפינען א פינסטערע הייל מיט פערשטיקטע לופט וויא ער האט גערעכענט, האט דאַנטעס געפונען א הייל מיט לופט לעבער און גענוג ליכט, אום צו זעהען וואו מען געפינט זיך. ער האט אבער ניט געזעהען דאס וואס ער האט געזוכט. דאַנטעס איז א ווילע געבליבען שטיין וויא א קאלטע מצבה. דער געדאנקען טאמער איז דיא גאנצע געשיכטע מיט דעם אוצר איין אויסגעטראכטע זאך, האט איהם ארויס־געטריבען א קאלטען שווייס אויפ'ן שטערן. ער האט זיך אבער גלייך דערמאנט, אז פּאריא האט איהם דערציילט פון א צווייטע הייל. אָבער קיין צייכען פון א צווייטער הייל איז דא ניט געווען.

ער האַט גלייך גענומען קלאפּען מיט דער האק אין דיא וואנד און האט דער־

פיהלט אין דער ענטגעגען געזעצטער וואנד אז זיא האט אפגעגעבען א פוסטען קלאנג. ער האט זיך גענומען צו דער וואנד און אין א האלבע שטונדע האט ער געמאכט א לאך גרויס גענוג דורכצוקריכען. דיא עפנונג האט געפיהרט אין א צווייטע פינסטערע הייל.

דאנטעס איז אריין אין דער הייל און האט געזוכט אין א ווינקעל דעם בערגעל שטיינער, וועלבער האט געזאלט פערדעקען דעם אוצר. ער איז צוגעגאנגען צום בערגעל שטיינער און האט איהם אוועקגעשארט פון ארט, דאן האט ער זיך גענומען צו דער ערד. ביין פופצעהנטען אדער זעכצעהנטען קלאפ האט זיך זיין האק אנגעשטויסען גע־גען אייזען. ער האט גענומען האקען א ביסעל ווייטער און ער האט ווייטער באגעגענט אייזען.

— עס איז א הילצערנער קאסטען בעשלאגען מיט אייזען, האט ער געזאגט.

דאנטעס איז ארויסגעלאפען פון דער הייל און האט אריינגעבראכט א טרוקענעם שטיק בוים, וועלכען ער האט אנגעצונדען. ער האט דאן געזעהען אז ער האט קיין טעות ניט געהאט. עס איז געווען א קאסטען פון האלץ בעשלאגען מיט אייזען און האט געהאט צוויי פוס ברייט און דריי פוס דיא לייננ.

דאנטעס האט דעם קאסטען ארומגעגראבען און האט איהם געמאכט פריי. ער איז געווען דורכאויס אין זיגלען מיט דעם סטעמפ פון קארדינאל ספאדא. ער האט געפרופט אויפמאכען דעם קאסטען אהן דער האק, אבער ער האט גלייך איינגעזעהען, אז עס איז ניט פאר זיינע קרעפטען. ער האט דאן גענומען דיא האק און האט זיא אריינגערוקט צווישען דעקעל. דורך עטליכע גוטע דריק איז דער דעקעל אויפגע־שפרונגען.

א שרעקליכער פיבער האט דאנטעס'ן געפאקט. ער האט גענומען דיא ביקס און האט זיא געשטעלט לעבען זיך. ער האט צוגעמאכט דיא אויגען און האט געמאכט וויא דיא קינדער, וועלבע ווילען זעהען ביינאכט דיא שטערי ליכטיגער אין שיינשידיגער, ווען זיי מאכען נאכהער אויף דיא אויגען.

דריי אבטהיילונגען האבען געבלישצעט אין קאסטען.

אין דעם ערשטען האבען געשיינט גאלדענע דוקאטען, אין צווייטען זיינען געווען שטיקער גאלד, אין דעם דריטען, וועלכער איז געווען האלב פול, האט דאנטעס געשארט מיט דיא הענד דיאמאנטען, פערלען, רובינס, וועלכע האבען געבלישצעט איינע פון אנ־דערן וויא דיא שטערן אין הימעל.

דאנטעס האט זיך אויפגעהויבען און האט אנגעהויבען ארומצולויפען אין דער הייל וויא א מענש, וועלכער ווערט משוגע. ער איז ארויסגעשפרונגען אויף א פעלז און האט געקוקט אויפ'ן ים. ער האט גארניט בעמערקט. ער איז געווען אליין מיט זיינע אונער־מעסטליכע רייכטהימער, וועלבע האבען איהם געהערט. ער האט זיך אבער ניט גע־גלויבט אויב ער חלומט ניט. ערשט אין א גוטע פאר שטונדען האט ער זיך בערוהיגט.

ער האט זיך דאן גענומען ציילען זיין פערמעגען. עס זיינען געווען טויזענד שטאנ־גען גאלד, יעדערער צו דריי פונט אין געוויכט; דאן האט ער איבערגעציילט פינף און

צוואנציג טויזענד דוקאטען, יעדערער צו אכציג פראנק. דאן האט ער איבערגעמאסטען צעהן הויפענס דיאמאנטען און פערלען פון דער טייערסטער קוועלע.

דיא נאכט איז געקומען. דאנטעס האט איבערגעבאפט פון דעם וואס מען האט איהם געלאזען און האט זיך געלייגט שלאפען ביי דער עפענונג פון דער הייל.

15טעם קאפיטעל.

## דער אונבעקאנטער.

דער טאג איז געקומען. דאנטעס האט שוין אויף איהם לאנג געווארט מיט אפענע אויגען. וויא עס איז געווארען טאג, איז ער ארומגעלאפען דיא אינזעל און אלעס איז געוועזן רוהיג.

עדמאן איז דאן אריין אין דער הייל און האט אנגעפילט דיא פאקעטס מיט איידעלשטיינער און האט צוגעמאכט צוריק דיא הייל, אז מען זאל ניט זעהען דעם איינ־גאנג. ער האט יעצט געקלערט אריינצוקומען צווישען מענשען און צו געניסען זיינע רייכטהימער. מיט דעם קוקען אליין אויף זיין אוצר איז ער ניט זאט געווארען.

אויפען זעקסטען טאג איז געקומען דיא שיף, אויף וועלכער ער איז געוועזן. ער האט זיך געמאכט, אז ער איז נאך עטוואס קראנק, אבער גיין האט ער שוין געקענט. דיא שיף איז געגאנגען אין ליוואורן.

אין ליוואורן האט דאנטעס פערקויפט פיער קליינע שטיינדלעך פאר צוואנציג טויזענד פראנק. אויף מארגען האט דאנטעס געקויפט א קליינע שיף, וועלכע ער האט געשיינקט דעם יונגען מאטראז וואס האט איהם גערעטעט דאס לעבען. דיזער מאטראז האט געהייסען יאקאפא. ער האט איהם נאך דערצו געגעבען א ביסעל געלד ער זאל זיך קענען דינגען מענשען צום שיף. דאס האט ער געטאן מיט דער בעדינגונג, אז ער זאל פאהרען אין מארסייל און זאל זיך נאכפרעגען אויף לואיס דאנטעס, וועלכער וואוינט אין דיא אלעעס מיילהאן און אויף א יונגע מיידעל מיט'ן נאמען מערסעדעס, וועלכע געפינט זיך אין דעם דארף פון דיא קאטאלאנס.

יאקאפא האט געמיינט, אז ער חלום'ט. דאנטעס האט איהם געמוזט ערקלערן אז ער האט בעקומען א גרויסע ירושה און ער איז יעצט זעהר רייך.

אויף מארגען איז יאקאפא אוועק אויף זיין שיף אין מארסייל. ער האט געדארפט ברייגגען א ענטפער פאר עדמאן דאנטעס אויפ'ן אינזעל מאנטע קריסטא. דענזעלבען טאג איז דאנטעס אוועק אין ענגלאנד. דארטען האט ער געקויפט א נייע קליינע שיף פאר זעבציג טויזענד פראנק, מיט דער בעדינגונג אז מען זאל איהם מאכען א געהיימען צימער אין שיף און מען זאל דיא שיף אזוי צובערייטען, אז איין מענש זאל אויף איהר קענען פאהרען. צו מארגען האט דיא שיף געדארפט פארטיג ווערן. דערפאר האט עס דאנטעס בעצאהלט פאר'ן שיף 60 טויזענד אנשטאט פערציג, וואס איז פריהער געוועזן דיא ווערטה פון דער שיף.

אויף מארגען איז דיא שיף אפגעגאנגען פון בארד. עס האבען זיך צוזאמענגענומען א מאסע מענשען צו זעהען וויא איין מענש וועט פאהרען מיט א שיף. ווען דיא שיף איז אפגעגאנגען פון ברעג, האט דער געזאגט, אז ער פאהרט און שפאניען, דער האט

געזאָגט, אז ער פאָהרט אין קאָרסיקא, און קיינעם איז ניט איינגעפאלען, אז ער פאָהרט צום אינזעל מאָנטע קריסטאָ.

אויפ'ן צווייטען טאָג געגען אווענד איז דאַנטעס אָנגעקומען צום אינזעל מאָנטע קריסטאָ. דער אינזעל איז געוועזן פוסט. קיינער האט איהם ניט בעטראַכטען ווערענד ער איז ניט געווען. אויף מאָרגען האט דאַנטעס איבערגעטראָגען דעם גרויסען אוצר אויף זיין שיף און האט איהם בעהאלטען אין דעם געהיימען צימער.

זיעבען טעג האט זיך דאַנטעס ארומגעדרייט ארום אינזעל און האט אויסגעלערנט אלע זיינע פערבאָרגענסטע ווינקלע. אויפ'ן אכטען טאָג, האט דאַנטעס געזעהען צו־קומען א שיף צום אינזעל. דאס איז געווען יאַקאָפּאָ. דאַנטעס האט געגעבען א סיגנאַל, וועלכען יאַקאָפּאָ האט געענטפערט און אין צוויי שעה שפעטער איז ער געווען לעבען אינזעל. יאַקאָפּאָ האט איהם געבראכט א טרויעריגע נאַכריכט.

דער אלטער דאַנטעס איז געווען טויט. מערסעדעס איז געווען פערשוואונדען.

דאַנטעס האט אויסגעהערט דיא נייעס מיט א רוהיגען געזיכט, אבער באלד איז ער ארויף אויפ'ן אינזעל און האט קיינעם ניט געהייסען איהם נאָכגיין. צוויי שטונדען שפע־טער איז ער געקומען.

צוויי מענער פון יאַקאָפּאָס שיף זיינען אריבער אויף זיין שיף, און ער האט גע־געבען א בעפעהל צו זעגלען נאך מארסייל. דעם טויט פון זיין פאָטער האט ער ערוואר־טעט, אבער וואָס איז געוואָרען פון מערסעדעס?

דאַנטעס האט קיינעם ניט געקענט פערטרויען מיט דעם נאָכפרעגען זיך און ער האט זיך ענטשלאָסען אליין צו פאהרען. ער איז געווען זיכער, אז מען וועט איהם ניט דערקענען. איבערהויפט האט ער יעצט געהאט אלע מיטלען זיך צו מאַסקירען. איין פריה מאָרגען איז ער אריין אין מארסייל מיט זיין שיף און הינטער איהם אקאָפּאָ'ס. ער האט זיך אָפּגעשטעלט אויף דעם פּלאַץ, פון וואנען דיא זשאנדארן האבען איהם אוועקגעפיהרט אין דעם שרעקליכען שלאָס איף.

דאַנטעס האט א ביסעל א ציטער געגעבען, ווען א זשאנדאר איז צוגעפאָהרען אויף א שיפעל צו זיין שיף. דאַנטעס האט איהם געצייגט דעם ענגלישען פּאס, וועלכען ער האט געקויפט אין ליוואָרן.

דיא ערשטע זאך וואס דאַנטעס האט בעגעגענט ווען ער איז ארויף אויפ'ן ברעג, איז געווען א מאַטראָז פון פאראָאָן, וועלכער איז א מאָל געווען אונטער זיין בעפעהל. דאַנטעס האט געוואלט וויסען צו דער מאן וועט איהם דערקענען. ער איז גלייך צוגע־גאנגען צו איהם, און האט איהם עפּעס געפרעגט. דער מאַטראָז האט איהם געענטפערט און ער האט גאָרניט אנגעהויבען אפילו צו דענקען, אז ער איז עדמאָן דאַנטעס.

דאַנטעס האט דערלאנגט דעם מאַטראָז א מטבעה פאר זיין ענטפער. א מינוט שפּעטער איז איהם דער מאַטראָז נאָכגעלאָפען. דאַנטעס האט זיך אומגעקעהרט.

— פערצייהט מיר, מיין הערר, איהר האט געמוזט האבען א טעות. איהר האט מיר מסתמא געוואלט געבען פערציג סו און איהר האט מיר דערלאנגט א דאָפּעלטען נאפּאָלעאָן.

— **א יאָ, איהר האט רעכט**; איך האב טאקע א טעות געהאט, נאר אזוי וויא

**איהר זייט אזא אָרענטליכער מאַן, גיב איך אייך נאָך איינעם, כדי איהר זאָלט מיט** אייערע קאַמעראַדען טרינקען אויף מיין געזונדהייט.

דער מאַטראָז איז געווען אזוי פערוואונדערט איבער דאַנטעס, דאס ער האט אפילו פערגעסען איהם צו בעדאַנקען. ער האט איהם אָנגעקוקט אוועקגייענדיג און האט געמורמעלט.

— ער מוז אודאי זיין איין אינדישער פּרינץ.

דאַנטעס האט פאָרטגעזעצט זיין וועג. יעדער טריט וואס ער האט געמאַכט האט א קוועטש געטאָן זיין הארץ. אַלע עראינערונגען פון זיין יונגען לעבען זיינען יעצט פאַרגעקר־מען פאַר זיינע געדאַנקען. יעדע גאַס, יעדער ווינקעל האט איהם דערמאָנט אַנאַנדער זאַך פון זיין קינדערלעבען. ווען ער האט זיך גענעהענט צו דיא אַלעעס פון מיילהאַן האט ער געפיהלט וויא זיינע פיס בייגען זיך און ער איז שיעור ניט ארונטערגעפאַלען אונטער דיא רעדער פון א וואַגען. ענדליך איז ער געקומען צו דעם הויז וואו זיין פאָטער האט געוואוינט. פיעלעס איז דאָרטען געווען געענדערט.

ער האט זיך אָנגעשפּאַרט אָן א בוים און איז א לאַנגען צייט געשטאַנען פּער־טראַכט קוקענדיג אויף דעם אויבערשטען עטאַזש פון דעם הויז. ענדליך איז ער צוגע־גאַנגען צו דער טהיר און איז אריין אין הויז. ער האט געפרעגט א דירה צו דינגען. דער הויזקיפּער האט איהם געענטפערט, אז אַלעס איז פערדונגען. דאָך האט דאַנטעס איהם געבעטען אז ער זאָל איהם ארויפפיהרען אויפ'ן פינפטען שטאָק, ער זאָל בעזעהען דיא צוויי צימערן. דאָרטען האבען געוואוינט א יונגע פּאָר פאָלק און זיי האבען איהם ערלויבט אריינגיין צו זיי אין דיא צימערן.

דאַנטעס האט גאָרניט געפונען אין דיא צימערן, וואס זאָל איהם דערמאָנען אָן זיין פאָטער, נאָר דיא ווענד זיינען געווען דיא זעלבע. גרויסע טרערען האבען זיך געקייקעלט פון זיינע אויגען. דיא פּאָר פאָלק האבען בעטראַכט דעם בלייכען און שטרענגען מאַן וויינענדיג און האבען זיך געוואונדערט. דאָך האבען זיי איהם ניט געשטערט און זיינען ארויסגעגאַנגען איהם לאָזענדיג וויינען.

ווען דאַנטעס איז ארונטער אויפ'ן צווייטען עטאַזש האט ער געפרעגט אויב דער שניידער קאַדרוס וואוינט נאָך דאָ. דער הויזקיפּער האט איהם געענטפערט, אז ער וואוינט אין באָקער.

דאַנטעס איז אראָפּ אונטען און האט געפרעגט וואו דער לענדלאָרד פון דעם הויז וואוינט. ער איז גלייך אוועק צו איהם און האט ביי איהם אָפּגעקויפט דיא הויז פאַר פינף און צוואַנציג טויזענד פראַנק. מיט צעהן טויזענד פראַנק מעהר וויא זיא איז ווערטה געווען. ווען ער וואָלט פערלאַנגט פאַר'ן הויז א האַלבען מיליאָן וואָלט ער איהם געגעבען.

אין דענזעלבען טאָג האט דאַנטעס געלאָזען וויסען דיא יונגע פּאָר פאָלק, וועלכע האבען בעוואוינט זיין פאָטער'ס צימערן, אז זיי קענען זיך אויסקלייבען, וועלכע צימערן זיי ווילען אין הויז, נאָר זייערע זאָלען זיי איהם ליידיג מאַכען. נאַטירליך האבען דיא פּאָר פאָלק מיט פרייד איינגעווילינגט אין דעם בייט און האבען גלייך אריבערגעצויגען.

איבער דיזער געשיכטע האט מען א גאַנצע אַכט טאָג גערעט אין דער גאַנצער

געגענד פון דיא אלעעס מיילהאַן און מען האט זיך געוואונדערט איבער דעם זאָנדערבאַרן מאַן. וואָס עס האט אבער נאך מעהר איבערראשט דיא גאנצע נאכבארשאפט, איז דאס דער מאַן איז געווען ביי איין ארימען פישער און דערפאר וואס יענער האט איהם דערציילט פון פערשיעדענע מענשען, וועלכע זיינען אין פערלויף פון דיא לעצטע פופצעהן יאָהר געשטאָרבען אדער פערשוואונדען, האט ער איהם געשיינקט א נייע פישער שיפעל און נאך געלד אויך.

## 16טעס קאפיטעל.

## דיא קרעטשמע לעבען בריק.

אויף דעם וועג צווישען בעלגארד און באָקער האט זיך געפונען א קליינע קרעטשמע. דער מאַן, וועלכער האט געהאלטען דיא קרעטשמע, איז געווען א מענש פון א יאהר פערציג, גרויס, דאַר און נערוועזע, מיט א פּאָר שאַרפע אייגען און א שפּיציגען נאָז און שאַרפע ציין פון א וואָלף. דיזער מאַן איז אונזער אַלטער בעקאנטער, דער אמאָליגער שניידער קאַדרוס. זיין פרוי האט אויסגעזעהען גראָדע וויא ער.

קאַדרוס פלעגט שטיין גאנצע טעג פאר דער טהיר פון זיין קרעטשמע און פלעגט קוקען אויב א רייזענדער פאָהרט.

שטייענדיג אזוי פאר דער טהיר האט ער געזעהען פון וויטענס קומענדיג א רייטער. דער רייטער איז געווען א גייסטליכער אָנגעטאָן אין שווארצען און מיט א דריישפּיציגען העט אויפ'ן קאָפּ. ווען דער גייסטליכער איז צוגעקומען צו דער קרעטשמע און איז אראָפּגעקראָכען פון פערד, האט א גרויסער הונד אָנגעפאנגען צו בילען.

— האט קיין מורא ניט, מיין הערר, ער בילט נאָר אָבער ער בייסט ניט. וואָס ווינשט איהר, הערר פריסטער, איך בין צו אייער דיענסטען. דער גייסטליכער האָט בעטראכט דיזען מאַן מיט גרויסע אויפמערקזאמקייט. דאַן האט ער געפרעגט מיט א געבראָכענע איטאליענישע שפּראכע:

— זייט איהר ניט הערר קאַדרוס?

— יאַ, מיין הערר, האט קאַדרוס פערוואונדערט געענטפערט, איך בין קאַדרוס.

— האָט איהר ניט אמאָל געוואוינט אין דיא אלעעס מיילהאַן און זייט איהר ניט א שניידער?

— יאָ, אבער עס איז מיר שלעכט געגאנגען וועגען דיא היצען. אָבער ווילט איהר אפשר א גלאָז וויין, הערר פריסטער.

— יאָ, גיט מיר א פלאש פון אייער בעסטען וויין.

קאַדרוס איז אראָפּגעגאנגען אין קעלער און איז באַלד געקומען מיט א פלאש וויין.

— איהר זייט אליין? האט דער גייסטליכער ביי קאַדרוס'ן געפרעגט, און האט איהם אזוי בעטראכט.

— איך בין פערהייראַט. איהר מוזט געפינען, אז איך ביז אָרעם. וואָס ווילט איהר? ווען מען איז א עהרליכער מאַן, איז שווער צו זיין רייך.

— אויב עס איז ריכטיג איז גוט, דען פריהער אדער שפּעטער ווערט דער עהרליכער מאַן בעלאָהנט און דער אונעהרליכער בעשטראָפט.

— איהר רעט אזוי, מיין הערר, ווייל איהר זייט א גייסטליכער.

— איהר האט אונרעכט, וואס איהר רעט אזוי, האט דער גייסטליכער געזאגט, עס קען זיין, אז איך אליין וועל אייך בעווייזען וואס איך זאג.

— וואס מיינט איהר דערמיט? האט קאדרוס פערוואונדערט געפרעגט.

— איך וויל זאגען, אז איך מוז צוערשט וויסען אויב איהר זייט דער, מיט וועמען איך האב צו טאן.

— וועלכע בעווייזע ווילט איהר, אז איך זאל אייך געבען?

— האט איהר געקענט אין יאהר 1814 אדער 1815 א מאטראז מיט'ן נאמען דאנטעס?

— דאנטעס! געוויס האב איך געקענט דעם ארימען עדמאן. ער איז געווען איינער פון מיינע בעסטע פריינד. קענט איהר איהם, ליעבער הערר? ווייסט איהר וואס פון איהם איז געווארען? איז ער פריי?

— ער איז געשטארבען א געפאנגענער אין שרעקליכע ליידען.

א שרעקליכע בלייכקייט האט בעדעקט קאדרו'ס פנים. דער גייסטליכער האט בעמערקט וויא ער האט אפגעווישט א טרער.

— ארימער עדמאן! האט ער געמורמעלט.

— עס שיינט, אז איהר האט דאנטעס זעהר ליעב געהאט, האט דער גייסטליכער געזאגט.

— אה יא, איך האב איהם זעהר געליעבט, אבוואהל איך האב מיר פארצור־ווארפען, וואס איך האב איהם מקנה געווען אין זיין גליק. האט איהר דעם ארימען יונג געקענט?

— מען האט מיך גערופען צו איהם, ווען ער האט געהאלטען ביין שטארבען, ווייל עס איז ניט געווען קיין אנדער גייסטליכער.

— פון וואס איז ער געשטארבען? האט קאדרוס געפרעגט.

— פון וואס שטארבט מען אין קערקער? פון ליידען. וואס עס איז דא זאנדערבאר איז, דאס ער האט מיר געשווארען פאר'ן טויט, אז ער ווייס ניט פאר וואס ער איז געווען געפאנגען.

— עס איז אמת, מיין הערר, ער האט עס ניט געקענט וויסען, דער ארימער יונג.

— ער האט מיך געבעטען, אז איך זאל עס נאכפארשען. א רייכער ענגלענדער, וועלכער איז געזעסען מיט איהם צוזאמען און איז בעפרייט געווארען פון געפענגנים ווען לואיס דער אכטצעהנטער איז ארויף אויפ'ן טראן, האט איהם איבערגעלאזען א דיאמאנט פון גרויסען ווערטה, פופציג טויזענד פראנק, און דיזען דיאמאנט האט מיר דאנטעס איבערגעגעבען, אז איך זאל איהם פערקויפען און צוטהיילען דאס געלד צווישען זיינע פריינד.

ביי דיזע ווערטער האט דער גייסטליכער ארויסגענומען פון קעשענע א קליין קעסטעלע אין וועלכער עס האט געבלישצעט א דיאמאנט איינגעפאסט אין גאלד. קארדוס איז שיעור פערבלענדעט געווארען, ווען ער האט דערזעהען דעם טייערן שטיין,

— דיזער שטיין איז ווערטה פופציג טויזענד פראַנק? האט קאדרוס געפרעגט.

— אָהן דעם ראַם, האט דער גייסטליכער געענטפערט.

— און ווער זיינען דיא פריינד?

— איינער הייסט קאדרוס, האט דער גייסטליכער געזאָגט, דער צווייטער הייסט דאַנגלאַר און דער דריטער פערנאַן. קאדרוס האט געשפרונגען פאר אויפרעגונג.

— וואַרט, האט דער גייסטליכער געזאָגט, שלאָגט מיר ניט איבער. דיא פיערטע איז געוועזן זיינע א כלה און זיא האט געהייסען...! איך האב פערגעסען איהר נאָמען.

— מערסעדעס, האט קאדרוס אונטערגעבראָכען.

— יאַ, מערסעדעס. דאַן איז נאָך געוועזן א פינפטער טהייל. דאָס איז זיין פאָטער. אָבער אזוי וויא איך האב ערפאַרען אז ער איז טויט, בלייבען נאָר פיער חלקים. איך וואָלט נאָר וועלען וויסען וויא דער אַלטער איז געשטאָרבען. דאַרטען, וואו איך האָב געפרעגט, האט מען מיר ניט געקענט זאָגען.

— איך קען עס אייך דערציילען. ווער וויים עס אזוי גוט וויא איך? מיר האָבען ביידע געוואוינט אין איין הויז.

— אַלזאָ פון וואס איז ער געשטאָרבען? האט דער גייסטליכער געפרעגט.

— דער אָרימער מאַן איז געשטאָרבען פון הונגער.

— פון הונגער! האט דער גייסטליכער אויסגעשריען, און איז אויפגעשפרונגען פון זיין שטוהל. פון הונגער! א הונד, וועלכער טרייבט זיך ארום אויפ׳ן גאַס, געפינט איינעם, וועלכער גיט איהם א שטיקעל ברויט, און א מענש, וועלכער לעבט צווישען מענשען זאָל שטאַרבען פאר הונגער! אָה, עס איז אונמעגליך!

— אָבער עס איז דאָך אמת, האט קאדרוס געזאָגט.

— און דו האסט אונרעכט, האט געזאָגט א שטימע פון דיא טרעפּ.

ביידע מענער האָבען זיך אומגעקוקט און האָבען געזעהען קאדרוס קראַנקע ווייב זיצענדיג אויף דיא טרעפּ און האלטענדיג דעם קאָפּ אין דיא הענד.

— וואָס מישטו זיך אין פרעמדע זאכען? האט צו איהר קאדרוס געזאָגט, דער הערר פרעגט מיך עפּעס און איך ענטפער איהם.

— דו ענטפערסט און דערנאָך וועסטו האָבען צרות.

— איהר האט ניט וואס מורא צו האָבען, מאַדאַם, האט דער גייסטליכער געזאָגט, איך גיב אייך מיין וואָרט, אז עס וועט אייך גאָרניט שאַדען, לאָז ער גאָר אָפען דערציילען.

— איך וואָלט אייך דערציילען, אָבער איך האב מורא פאר דיא פריינד, וועלכע זיינען יעצט געוואָרען מעכטיג און רייך.

— פון וועלכע פריינד רעט איהר? האט דער גייסטליכער געפרעגט.

— פון דאַנגלאַר און פערנאַן.

— אַלזאָ ווילט איהר מיר דערציילען דיא גאַנצע געשיכטע? איהר ווילט דאָך מסתמא האָבען אייער טהייל פון דאַנטעס דיאַמאַנט?

— איבערלייג זיך גוט, איידער דו טוסט עס, האט זיין פרוי געזאגט אראפגייענ־דיג פון דיא טרעפ.

— איך האָב מיך שוין בעשלאָסען, האָט קאדרוס געענטפערט. פון וואנען זאל איך אנפאנגען?

— דערציילט מיר פריהער, וויא איז דער אלטער דאנטעס געשטאָרבען פון הונגער.

— גוט, האָט קאדרוס געענטפערט.

## 17טעס קאפיטעל.

## דיא ערציילונג.

— עס איז זעהר א טרויעריגע געשיכטע, האט קאדרוס אנגעפאנגען.

— ביז מען האט דאנטעס'ן ארעטירט, האט מיר דאנטעס דערציילט, פאנגט אָן פון דאנען.

— ווען מען האָט דאנטעס'ן ארעטירט איז מאָרעל געלאָפען צום פּראקוראָר וויל־פאָר טאָג טעגליך און האט גאר ניט געפועלט. דער אלטער איז פון דעם טאג אן ניעדערגעשלאָגען געוואָרען און איז ניט ארויסגעגאנגען פון שטוב. ער פלעגט דיא גאנ־צע צייט יאמערן. מערסעדעס פלעגט ביי איהם זיין שטונדען לאנג און פלעגט איהם אויך טרייסטען. דער אַלטער איז אַלץ שוואכער געוואָרען ביז מען האָט איהם געמוזט שיקען א דאָקטאָר. צו לעצט האט ער דעם דאקטאר אויך ניט צוגעלאזען.

— אבער איהר האט דאך געוואוינט אין דען זעלבען הויז, האט דער גייסטליכער געזאָגט, זייט איהר קיין מאל צו איהם ניט ארייפגעגאנגען?

— איך האב איין מאל געוואלט צו איהם ארויפגיין, האָט ער מיך ניט ארויפ־געלאָזען. איך מוז אייך זאגען דעם אמת, אז ער האט מיך ניט ליעב געהאט.

דער אַלטער האט ניט געוואלט נעמען דיא מעדיצין און האט ניט געגעסען. מיט א פאר טעג שפעטער איז ער געשטארבען—פון הונגער.

דער גייסטליכער איז ארומגעגאנגען אין שטוב און האט געווישט דער שוייס פון שטער'ן.

— לאָמיר יעצט גיין צו דיא מענשען, וועלכע האבען געטייטעט דעם זון און האבען ארייגעטריבען דעם פאטער אין טויט דורך פערצווייפלונג, האט דער גייסטליכער געזאגט כמעט מיט א בעפעהל. ווער זיינען זיי?

— צוויי מענער, מיין העהר. איינער דורך ליעבע און איינער דורך עהרגייץ. דאָס זיינען פערנאן און דאנגלאר.

— אין וועלכער ארט האבען דיזע לייט געהאנדעלט געגען עדמאן דאנטעס?

— זיי האבען איהם געמסרט, אז ער איז א באָנאפּאַרטיסטישער אגענט.

— און וועלכער פון דיא ביידע איז דער שולדיגסטער?

— ביידע, מיין העהר, איינער האט געשריעבען דעם בריעף און דער אנדערער האט איהם אוועקגעטראגען אויף דיא פּאָסט. דאנגלאר האט געשריעבען דעם בריעף מיט דער לינקער האנד און פערנאן האט איהם אוועקגעשיקט.

— אָבער וואו זייט איהר געווען! האט דער גייסטליכער אויסגערופען.

— איך? ווער האט אייך דערציילט, אז איך בין דארטען געווען.

דער גייסטליכער האט איינגעזעהען, אז ער איז פערקראכען צו ווייט.

— קיינער האט מיר ניט געזאגט, האט ער אונטערגעכאפּט, אבער איהר האט דאך געמוזט זיין דערביי, אז ניט, פון וואנען וואלט איהר דאס געוואוסט.

— עס איז אמת, האט קאדרוס געזאָגט מיט א פערשטיקטער שטימע, איך בין געווען דערביי.

— און איהר האָט צוגעלאָזען אזא נידערטרעכטיגקייט! האט דער גייסטליכער געזאגט. דאן זייט איהר זייער חבר.

— מיין הערר, האט קאדרוס געזאגט, זיי האבען מיר אזוי אנגעשכורט, דאס זיי האבען מיך איינגערעדט אז דאס איז נאר א שפּאס.

— אבער אויף מאָרגען, ליעבער הערר, אבער אויף מארגען, וועהרענד איהר האט געזעהען וויא מען ארעטירט דאַנטעס'ן. פאר וואס האט איהר געשוויגען?

— ווייל איך האב מורא געהאט פאר דאַנגלאר. ער האָט געזאָגט אז איך וועל זיך מישען וועט מען מיך אויך אָננעמען פאר איין אַגענט פון נאפּאָלעאָן.

— איך פערשטיי, האט דער גייסטליכער געזאָגט, איהר האט זיי געלאָזען טאָן וואס זיי ווילען.

— אָה, איהר ווייסט ניט מיין הערר, וואָס איך האָב פון יענער צייט אויסגעליטען. מיין געוויסען האט מיר ניט געלאָזען רוהען טאָג און נאכט. און פון יענער צייט אן זיינען אלע אונגליקען אויף מיר געקומען. און קאדרוס האט געלאָזען הייננען דעם קאָפּ אין א וואהרען חרטה האָבען.

— איהר האט מיר דערציילט פון א פּאָר, האט דער גייסטליכער אין א ווײלע ארום געזאגט. יעצט דערציילט מיר פון הערר מאָרעל. ווער איז דער מאָן?

— ער איז געווען דער אייגענטהימער פון שיף פאראאָן, דער בעל הבית פון עד־מאָן דאַנטעס.

— און וועלכע ראלע האט ער געשפּיעלט אין דיזער טרויעריגער געשיכטע? האָט דער גייסטליכער געפרעגט.

— דיא ראלע פון איין עהרליכער מאן. ער איז געלאָפען טאָג טעגליך וועגען דעם ארימען דאַנטעס. ער האָט געבעטען ער האָט געשריען, ביז מען האט איהם אליין שרעקליך פערפאָלגט אלס באָנאפּארטיסט. ווען דער אַלטער דאַנטעס איז קראַנק געווען, פלעגט ער גיין צו איהם אלע טאָג און האָט איהם געטרייסט. ער האט איהם געגעבען א דאָקטאָר און אלעס נייטיגע און ווען ער איז געשטאָרבען האט ער געלאָזען א רייכע בייטעל מיט געלד אויפ'ן אויוועך צו צאהלען זיינע חובות. דעם בייטעל האב איך מיר ערוואָרבען.

— און לעבט ער נאָך, דיזער מאָרעל? האט דער גייסטליכער געפרענט.

— יא, האט קאדרוס געענטפערט.

— אויף דיזער ארט מוז דער מענש זיין א בעלוינטער און גאָט; ער מוז זיין רייך און גליקליך?

— ער איז גליקליך אזוי וויא איך, מיין הערר, און נאך מעהר, ער האלט צו פער־לירען זיין עהרליכען נאמען.

— וויא אזוי איז עס געקומען?

— נאך פינף און צוואנציג יאהר עהרליכע ארבייט, נאך דעם, אז ער האט זיך ערוואָרבען איין עהרענוועדטהען פּלאץ אין דער קויפמאנשאפט פון מארסייל, איז הערו מאָרעל רואינירט געוואָרען ביז'ן גרונד. ער האט פערלאָרען פינף גרויסע שיפען אין צוויי יאָהר. ער האט דורכגעמאכט דריי שרעקליכע באנקראָטען, און ער האט יעצט זיין גאנצע האָפנונג אין פאראָאָן, וועלכע דאנטעס האט קאָמאנדירט. דיא שיף דארף יעצט קומען מיט זיידענע סחורה. ווען עס זאל יעצט טרעפען דיא שיף איין אונגליק, איז ער פערלאָרען.

— האט ער א פרוי און קינדער? האט דער גייסטליכער געפרעגט.

— יא, ער האט א פרוי, איז זיא א הייליגע. ער האָט אויך א טאָכטער, וועלכע האָט א חתן און זיינע עלטערן לאזען איהם ניט צו צו הייראטהען איין ארימע מיידעל. ער האט א זון איז ער א לייטענאנט אין דער ארמעע. אבער דאס אלץ מאכט זיין לאגע ניט ווייכער. ווען דער אָרימער מענש וואלט געווען אליין וואלט ער זיך גענומען דאס לעבען.

— עס איז שרעקליך! האט דער גייסטליכער געמורמעלט.

— זעהט איהר וויא גאָט בעלוינט דיא גוטסקייט, מיין הערר, האט קאדרוס גע־זאָגט. קוקט, איך האב קיין מאל קיין שלעכטס ניט געטאָן, אויסער דאס, וואָס איך האָב אייך דערציילט. איך בין אין דער שרעקליכסטער נויט. איך האב געזעהען שטאר־בען מיין ערשטע פרוי אין פיבער און איך האב איהר ניט געקענט העלפען. איך בין געשטאָרבען פאר הונגער אזוי וויא דאנטעס פאָטער, וועהרענד פערנאָן און דאנגלאר קייקלען זיך אין גאָלד.

— וואָס איז געוואָרען פון דאנגלאר? האט דער גייסטליכער געפרעגט.

— דאנגלאר האט פערלאָזען מארסייל. אויף איין עמפפעלונג פון הערר מאָרעל איז ער אנגעקומען אין א שפאנישער באנק. אין דער צייט פון שפאנישען קריעג איז ער געווען א מערקענדער און איז געוואָרען רייך. ער האט דאן אָנגעפאנגען צו האנדלען גרויס און זיין פערמעגען האט זיך פערצעהנפאכט. ער האט געהייראט א האָף דאמע און מען האט איהם געמאכט פאר א באראָן. יעצט הייסט ער באראָן דאנגלאר. ער האט א האָטעל אין רי דע מאָן בלאָן. ער האט צעהן פערד אין זיינע שטאָלען, זעקס לאַקייען אין זיינע פארצימערן און איך ווייס ניט וויפיעל מיליאנען אין זיין קאסע.

— און וואָס איז געוואָרען פון פערנאָן? האט דער גייסטליכער געפרעגט מיט א זאנדערבארער בעטאָנונג.

— מיט דעם איז א גאנץ אַנדערע געשיכטע.

— אָבער וויא האט געקענט א מענש ערווערבען א פערמעגען, וועלכער איז געווען איין אָרימער פישער אָהן מיטלען, אָהן בילדונג? איך מוז אייך געשטיין אז דאס בעגרייף איך ניט.

— עס איז אמת, אבער איך וועל אייך גלייך ערקלערן דיא געשיכטע. פערנאַן איז איינגעטרעטען אין מיליטער. ער האט בייגעוואָהנט דיא שלאַכט פון ליני.

דיא נאַכט נאך דער שלאַכט, האט איהם דער גענעראַל פאָרגעשלאָגען, אז ער זאל מיט איהם מיטגיין זיך צו פעראייניגען מיט דיא ענגלענדער. ער איז מיט איהם מיטגעגאנגען.

נאך דעם קריעג איז פערנאַן צוריקגעקומען אין פראנקרייך אלס לייטענאַנט. וועהרענד דעם קריעג אין שפּאַניען אין 1823 איז ער געוואָרען קאַפּיטאַן. שפּעטער איז ער געשיקט געוואָרען אין מאדריד צו שטודירען דעם גייסט פון דעם שפּאַנישען פאָלק. דאָרטען האט ער זיך צוזאמענגעטראָפען מיט דאַנגלאַר, וועלכער איז שוין געווען רייך און האט געהאט א גרויסע שטעלונג אין דער געזעלשאַפט. אין דעם נעכסטען קריעג האט ער געפיהרט זיין רעגימענט דורך א בעקאַנטען פּלאַץ פאר איהם און האט גע־בראַכט גרויסע נוצען דורך זיינע מאַנעווערס. דערפאר איז ער געמאַכט געוואָרען פאר א הויפּטמאַן און האט בעקומען דעם עהרענקרייץ מיט דעם טיטעל פון א גראַף.

— מערקווירדיג! מערקווירדיג! האט דער גייסטליכער געמורמעלט.

— יא, אָבער הערט ווייטער; דאס איז נאך ניט אלעס. נאך דעם שפּאַנישען קריעג האט זיך אָנגעפאַנגען דער קריעג צווישען גריכענלאַנד און דער טירקיי. פערנאַן איז אוועק אין גריכענלאַנד און האט זיך געשטעלט אין דיענסט אונטער דעם נאָמען פון גראַף מאָרסערף ביי דעם גענעראַל אלי פּאַשאַ. וויא איהר ווייסט איז אלי פּאַשאַ געטייטעט געוואָרען, אָבער פאר'ן טויט האט ער בעלוינט פערנאַן מיט א גרויסע סומע געלד. פערנאַן איז געקומען צוריק אין פראנקרייך מיט דעם טיטעל פון א גענעראַל לייטענאַנט.

— און וואס איז היינט? האט דער גייסטליכער געפרעגט.

— היינט, האט קאַדרוס געזאָגט, בעזיצט ער א פּראַכטפאָלען האָטעל אין רי די העלדער 27.

דער גייסטליכער האט אויפגעמאַכט דעם מויל, און איז געשטאַנען א ווילע וויא א מענש, וועלכער טרויט זיך ניט, אבער זיך שטארק צוזאמעננעמענדיג, האט ער געזאָגט:

— און מערסעדעס? מען האט מיר פערזיכערט, אז זיא איז פערשוואונדען.

— פערשוואונדען, האט קאַדרוס געזאָגט, יא, אזוי וויא דיא זון פערשווינדט אום אויף מאָרגען נאך שענער צו לייכטען.

— האט זיא אויך ערוואָרבען א פערמעגען? האט דער גייסטליכער מיט א ביטערן שמייכעל געפרעגט.

— מערסעדעס איז איצטער דיא גרעסטע דאַמע פון פּאַריז.

— דערציילט ווייטער, האט דער גייסטליכער געזאָגט. מיר שיינט, אז איך הער דיא דערציילונג פון א חלום. אבער איך האב שוין געזעהען אזעלכע וואונדערבאַרע זאַכען, אז דאס וואס איהר דערציילט מיר וואונדערט מיר וויינינגער.

— מערסעדעס האט געטראָפען א שרעקליכער קלאַפּ דער ערעסט פון דאַנטעס. זיא איז געלאָפען צום פּראָקוראָר ווילפאָר, זיא האט געטרייסט דאַנטעס פאָטער, דאן

**איז פערנאַן אוועק, וועלכען זיא האט גערעכענט פאר א ברודער, ניט וויסענדיג וועלכע נידערטרעכטיגקייט ער האט בעגאנגען.**

דריי מאָנאט זיינען פערלאָפען, דריי מאָנאט פון טרערען און פיין. קיינע נייעס פון דאַנטעס און קיינע נייעס פון פערנאַן. פאר דיא אויגען האט זיא נאר געהאט דעם אלטען דאַנטעס, וועלכער איז אויסגעגאנגען פון פערצווייפלונג.

איין אווענד אין איהר שרעקליכען ליידען איז פאר איהר ערשינען פערנאַן אין דער אוניפאָרמע פון א לייטענאנט. מערסעדעס האט זיך מיט איהם דערפרייט וויא מיט א ברודער. זיא האט יעצט געהאט פאר וועמען אויסצוגיסען איהר פערביטערטע הארץ.

דער אַלטער איז געשטאָרבען, וויא איך האב אייך געזאָגט; ווען ער וואלט געלעבט, קען זיין אז זיא וואָלט קיין מאָל ניט געוואָרען דיא פרוי פון אנאנדערן. דען ער וואלט איהר געמוסרט אין אונטרייהייט. פערנאַן האט עס פערשטאנען. ווען ער האט דערהערט פון דעם אַלטען'ס טויט איז ער צוריקגעקומען. יעצט איז ער געווען קאַפּיטאַן. ביי זיין ערשטער רייזע האט ער צו מערסעדעס ניט גערעט קיין וואָרט פון ליעבע. ביי דער צווייטער רייזע האט ער איהר דערמאָנט, אז ער ליעבט זיא.

מערסעדעס האט איהם געבעטען נאך זעקס מאָנאט צו ווארטען און צו בעוויינען עדמאָן דאַנטעס'ן.

זעקס מאָנאט שפּעטער, האט קאַדרוס פאָרטגעזעצט, האט דיא האָכצייט שטאָט־געפונען אין דער קירכע פון אַקול.

דאָס איז דיזעלבע קירכע, אין וועלכער עדמאָן האָט מיט איהר געזאלט חתונה האבען, האט דער גייסטליכער געמורמעלט. דא איז נאר געווען א נייער חתן און ווייטער נאָרניט.

— מערסעדעס האט אלזאָ חתונה געהאט. האט קאַדרוס וויעדער אָנגעפאנגען, און אָבוואָהל אין אלעמעס אויגען איז זיא געווען רוהיג, האָט זיא דאך געחלשט, ווען זיא איז פערבייגעגאנגען דעם פּלאַץ, וואו זיא פלעגט זיך צוזאמענקומען מיט דאַנטעס'ן. ווען מען וואָלט אריינגעקוקט בשעת מעשה אין איהר הארץ, וואָלט מען געוויס געזעהען, אז זיא ליעבט נאָך עדמאָן דאַנטעס.

פערנאַן איז געווען גליקליך אבער ניט רוהיג, דען ער האט מורא געהאָט, אז דאַנטעס וועט צוריקקומען. ער האט אלזאָ ניט געוואָלט בלייבען ביי דיא קאַטאלאַנס. אכט טעג נאך דער חתונה זיינען זיי אוועק.

— האט איהר געזעהען מערסעדעס נאָך אמאָל?

— יאָ, אין דער צייט פון דעם שפּאַנישען קריעג אין פּענאַן, וואו פערנאַן האט זיא געלאָזען. זיא האט דאַן געבילדעט איהר זון אַלבערט.

דער גייסליכער האָט געגעבען א ציטער.

— איהר זון זאָגט איהר? אבער אום צו בילדען איהר זון האט זיא דאך אליין געמוזט זיין געבילדעט. און וויא מיר שיינט, האט עדמאָן דערציילט, אז זיא איז געווען דיא טאָכטער פון א פּראָסטען פישער און האט ניט געהאט קיין ערציהונג.

— אָח, האט קאַדרוס געזאָגט, האט ער שלעכט געקענט זיין כלה. מערסעדעס

האט געקענט ווערן א קעניגין, מיין הערר, ווען דיא קרוין וואלט געקענט געזעצט ווערן אויף שיינע קעפּ. זיא האט געלערנט צייכענען, זיא האט געלערנט מוזיק, זיא האט אלעס געלערנט. איבריגענס, צווישען אונז גערעט, גלויב איך אז זיא האט עס אלעס געטאָן אום זיך נאר צו צושטרייען, אום צו פערגעסען דאס וואס זיא האט געהאט אין קאָפּ און אום צו שטילען דאָס וואס זיא האט געהאט אויפ'ן הארצען. און איך גלויב, אז זיא איז ניט גליקליך, טראָץ איהר רייכקייט.

— פאר וואס מיינט איהר עס אזוי? האט דער גייסטליכער געפרעגט.

— ווען עס איז מיר געוועזען זעהר שלעכט און איך האב זיך דערמאָנט אָן מיינע אללע פריינד, בין איך געגאנגען צו דאנגלאר. ער האט מיך אפילו ניט צוגעלאָזען צו זיך. איך בין געווען ביי פערנאן האט ער מיר ארויסגעשיקט הונדערט פראנק דורך זיין לאקיי.

— האט איהר קיינעם פון זיי ביידען ניט געזעהען?

— מאדאם מאָרסערף, אדער מערסעדעס, האט מיך געזעהען. ווען איך בין ארויסגעגאנגען איז צו מיינע פיס געפאלען א בייטעל מיט געלד. אין דעם בייטעל זיינען געווען אכט הונדערט פראנק. ווען איך האט מיך אומגעקוקט, האב איך געזעהען מער־סעדעס, וועלכע האט פערמאכט דעם פענסטער.

— און וואס הערט זיך מיט דעם פראָקוראָר ווילפאָר?

— איך ווייס ניט. איך ווייס נאר, אז נאך דער ארעסטירונג פון דאנטעס האט ער געהייראַט פריילין סענט מעראן און ער האט באלד פערלאָזען מארסייל. מסתמא איז ער אויך אזוי רייך און גליקליך וויא פערנאן און דאנגלאר, נאר איך אליין בין גע־בלייבען ארעם און אונגליקליך.

— איהר האט א טעות מיין פריינד. אייער צייט איז אויך געקומען, אז עס זאל אייך זיין בעסער. ביי דיזע ווערטער האט דער גייסטליכער ארויסגענומען פון טאש דעם דיאמאנט און איהם דערלאנגענדיג קאדרוס'ן האט ער געזאָגט:

— נאט מיין פריינד, נעמט דעם דיאמאנט, דען ער געהערט אייך.

— וויא, צו מיר אליין! האט קאדרוס אויסגערופען. אָה, מיין הערר, שפּאסט איהר ניט פון מיר?

— דיזער דיאמאנט האט געדארפט צוטהיילט ווערן אויף פינף חלקים. ער האט אבער יעצט מעהר ניט וויא איין פריינד. נעמט דעם שטיין און פערקויפט איהם. ער איז ווערטה פופציג טויזענד פראנק, איך פערזיכער אייך, און איך האָף אז דיזע סומע וועט זיין גענוג, אז איהר זאלט פערבעסערן אייער לאגע.

— אָ מיין הערר, האט קאדרוס געזאָגט אויסשטרעקענדיג איין האנד און ווישענ־דיג דעם שווייס פון פנים מיט דער אנדערער, אָה מיין הערר, מאכט ניט קיין שפּאס פון איין אונגליקליכען מענשען.

— איך ווייס וואס עס הייסט אונגליק און איך שפּאס דערפון ניט. נעמט דעם שטיין, אָבער דערפאר....

קאדרוס, וועלכער האט שוין אָנגעריהרט מיט דער האנד דעם שטיין, האט זיא שנעל צוריקגעצויגען. דער גייסטליכער האט געשמייכעלט.

- דער פאר, האט ער געזאָגט, זאָלט איהר מיר געבען דעם רויטען בייטעל, וועלכען מאָרעל האט געלאָזען ביי דעם אלטען דאנטעס אויפ'ן אויווען.

קאדרוס, וועלכער איז געווען אלץ מעהר פערוואונדער, איז צוגעגאנגען צו איין שראנק און האט פון דאָרטען ארויסגענומען א געשטריקטען רויטען זיידענעם בייטעל און האט איהם דערלאנגט דעם גייסטליכען.

דער גייסטליכער האט צוגענומען דעם בייטעל און האט קאדרוס'ן געגעבען אנשטאָט דאָס דעם דיאמאנט.

— אָה, איהר זייט איין עהרליכער מאן! האט קאדרוס אויסגערופען, דען קיינער האט דאָך ניט געזעהען, וויא דאנטעס האט אייך געגעבען דעם שטיין.

— גוט, האט דער גייסטליכער צו זיך געזאָגט, דו וואָלסט עס אויך געטאָן, דו. און ער האט זיך אויפגעהויבען און האט גענומען זיינע הענטשקעס.

— נו לעבט וואָהל, האט ער געזאָגט צו קאדרוס. איך ווינש אז דער שטיין זאָל אייך ברייגנען גליק.

זאָגענדיג דאָס האט ער געלאָזען זיצען דעם צוטומעלטען קאדרוס און איז ארויס. ער האט זיך גלייך געזעצט אויף זיין פערד און איז אוועקגעריטען.

ווען קאדרוס האט זיך אומגעדרייט, האט ער געזעהען שטייענדיג לעבען זיך זיין פרוי, נאָך בלייכער וויא אלע מאָל.

— איז עס מאקע אמת, וואס איך האב געגעהרט? האט זיא געזאָגט.

— וואָס? אויב ער האט מיר געגעבען דעם דיאמאנט, האט קאדרוס מיט גרויס פרייד געזאָגט. נו, געוויס, אָט איז ער.

דיא פרוי האט איהם א ווילע בעטראכט, דאן האט זיא מיט א דומפפע שטימע געזאָגט:

— און ווען ער איז א פאלשער? קאדרוס איז בלייך געוואָרען און האט זיך א שאָקעל געגעבען.

— פאלש, האט ער געמורמעלט, פאלש.... און צו וואָס האט דיזער מאן מיר געדארפט געבען א פאלשען דיאמאנט.

— צו האבען דיין סעקרעט אומזיסט, אייזעל!

קאדרוס איז געבליבען שטיין וויא פערשטיינערט פון דיזער בעהויפטונג.

— אָה, האט ער געזאָגט, אָנטאָנדיג זיין העט, מיר וועלען דאָס באלד וויסען. איך לויף גלייך אויף דעם יאָהרמארק אין באָקער, דאָרטען זיינען דאָ פאריזער דובעלירער און איך וועל ווייזען דעם דיאמאנט. אין צוויי שעה ארום וועל איך זיין צוריק. און ער איז ארויסגעלאָפען.

— פופציג טויזענד פראנק! האט דיא פרוי געמורמעלט, ווען זיא איז געווען אליין, דאָס איז געלד.... אבער קיין פערמעגען איז עס ניט.

### 18טעם קאפיטעל.

## דער בוך פון געפעננניס.

אויף מאָרגען נאך דער געשיכטע, וועלכע איז בעשריעבען אין פאָריגען קאפיטעל

איז צום סיטי מעיאָר פון מארסייל געקומען א מאַן פון א יאָהר דרייסיג, צוויי און דרייסיג, וועלכער האט געשפּראָכען מיט איין ענגלישען אַקסענט

— מיין הערר, האט ער צ'ם מעיאָר געזאָגט, איך בין ד'ר ערשטער קלערק פון דאס הויז טהאָמסאָן און פרענש פון רוים. זייט צעהן יאהר שטייען מיר אין פערבינדונג מיט דער הויז מאָרעל אונד זאהן פון מארסייל. מיר האבען זו הונדערט טויזענד פראנק איינגעלייגט אין זיינע ביזנעס, און מיר זיינען זעהר אונרוהיג דעריבער, דען מיר האבען געהערט אז דאס הויז איז רואינירט. איך קום דעריבער עקסרא פון רוים אום ביי אייך נאָכצופרעגען זיך.

— מיין הערר, האט דער מעיאָר געענטפערט. איך וויים זעהר גוט, אז צייט פינף יאָהר פערפאָלגט דאס אונגליק הערר מאָרעל, אבער איך קען אייך ניט זאָגען אויף ריכטיג וויא זיינע געשעפטען שטייען. ווען איהר וועט מיך פרעגען, אויב הערר מאָרעל איז איין עהרליכער מאַן, וועל איך אייך זאָגען, אז ער איז דער בראוסטער מאַן פון אלע, וועלכע איך קען. אויב איהר ווילט וויסען וויא זיינע געשעפטען שטייען, גייט צום אינספּעקטאָר פון דיא געפענגניסען, הערר באָוויל, וועלכער האט אריינגעלייגט אין מאָרעל'ס געשעפט איבער צוויי הונדערט טויזענד דאָלאר, ער וועט אייך געוויס זאָגען וויא עס האלט מיט מאָרעל'ן. אויב שלעכט, דארף ער עס בעסער וויסען פאר אנאנדערן.

דער קלערק האט בעדאנקט דעם מעיאָר און איז ארויסגעגאנגען.

הערר באָוויל איז געווען ביי זיך אין קאַבינעט. ווען דער קלערק איז צו איהם אריינגעקומען איז ער געבליעבען שטיין א ווילע, עס האט איהם געשיינט, אז ער האט דעם אינספּעקטאָר שוין א מאָל געזעהען. וואס דעם אינספּעקטאָר אָנבעטרעפט, איז ער געווען איז אזא פערצווייפעלטער לאַגע, דאס ער האט ניט געהאט אין זינען זיך צו דערמאָנען עפּעס פון אמאָליגע צייטען.

דער ענגלענדער האט איהם געשטעלט דיזעלבע פראגען, מיט דערזעלבען קאַלט־בליטינקייט וויא דעם מעיאָר.

— אָה, קיין הערר! האט באָוויל אויסגערופען, אייערע בעפירכטונג איז ליידער זעהר ריכטיג, און איהר זעהט אין מיר א פערצווייפעלטען מענשען. איך האב געהאט צוויי הונדערט טויזענד פראנק ביי מאָרעל'ן אין געשעפט; דיזעס געלד האב איך געדארפט געבען נדן מיין טאָכטער, ביי וועלכער עס האט געדארפט זיין דיא חתונה אין פערצעהן טעג ארום. דיזעס געלד האט ער מיר גערארפט צאהלען דיא העלפט פון 15טען פון דיזען מאָנאט און דיא אנדערע העלפט דעם 15טען פון אנדערן מאָנאט. און מיט א האלבע שעה פריהער איז ביי מיר געווען הערר מאָרעל און האט מיר געזאָגט, אז זיין שיף דער פאַראַאָן איז דען 15טען ניט געקומען און עס וועט זיין פאר איהם אונמעגליך מיר צו צאהלען דאס געלד אין דער בעשטימטער צייט.

— און איהר רעכנט, אז איהר וועט שווער בעקומען דאָס געלד? האט דע' ענגלענדער צו איהם געזאָגט.

— דאס הייסט, אז איך רעכען עס פאר פערלאָרען.

— נו, און איך קויף עס ביי אייך אָפּ.

— איהר וועט אודאי ג'ולען האָבען א געוואלטיגען פראָצענט?

— ניין, איך גיב אייך צוויי הונדערט טויזענד פראנק. אונזער הויז, האט דער ענגלענדער געזאָגט מיט א געלעכטער, מאכט ניט קיין פראָצענט ביזנעס.

— און וויא ווילט איהר צאהלען דאס געלד?

— קעש, און דער ענגלענדער האט ארויסגעצויגען פון פאַקעט א פּאַק בילעטען, וועלכע האבען בעטראָפען צוויי מאָל אזוי פיעל, וויפיעל באָוויל האט געדארפט בעקומען.

א בליץ פון פרייד האָט א גלאַנץ געגעבען אייף באָווילס געזיכט. פון דעסטוועגען האט ער זיך צוזאמענגענומען און האָט געזאָגט:

— מיין הערר, איך מוז אייך וואָרנען, דאָס אָהן אלע צווייפעל וועט איהר מעהר ניט בעקומען וויא זעקס פראָצענט פון דיזער סומע.

— דאָס גייט מיך ניט אָן, האָט דער ענגלענדער געענטפערט. דאָס גייט אָן דיא הויז טהאָמסאָן אונד פרענש, אין וועמ'ס נאָמען איך האנדעל. אפשר האט זיא אינטערעס צו פערניכטען א קאָנקורענט. וואָס וויים איך. איך וועל אייך אויסציילען דאָס געלד, אבער איהר מוזט מיר דערפאר טאָן א געפעליגקייט.

— זאָגט, וואָס פערלאַנגט איהר פון מיר?

— איהר זייט אינספעקטאָר פון געפענגניסען?

— מעהר וויא פערצעהן יאהר.

— איהר האָט מסתמא א בוך פון דיא אריינגעקומענע און ארויסגעקומענע געפאנגענע?

— געוויס האב איך דעם בוך.

— אין דיזען בוך מוזען זיין דיא אַקטען פון יעדען געפאַנגענעם?

— געוויס האט יעדער געפאַנגענער זיינע אַקטען.

— זעהר שיין. איך בין ערצויגען געוואָרען אין רוים דורך איין ארימען גייסטליכען, וועלכער איז פּלוצלינג פערשוואונדען. איך האָב דערנאָך ערפאהרען, אז ער איז איינגעקערקעט אין שלאָס איף, און איך וואָלט וועלען וויסען אויף וועלכער ארט ער איז געוועזען געשטאָרבען.

— וויא האָט ער געהייסען? האָט דער אינספעקטאָר געפרעגט.

— דער גייסטליכער פאַריא.

— אָה, איך דערמאַן זיך זעהר גוט! האט באָוויל אויסגערופען. ער איז געוועזען א משוגענער.

— וואָס פאַר א ארט משוגענער איז ער געוועזען?

— ער האָט בעהויפּטעט, אז ער בעזיצט א גרויסען אוצר און ער האָט אנגעבאָטען דער רעגיערונג געוואלטיגע סומען געלד, ווען מען וועט איהם ארויסלאָזען פון געפענגניס.

— אָרימער טייוועל! און ער איז טויט?

— יא מיין הערר. עס זיינען אין דעם זעקס, זיעבען מאָנאט, אין לעצטען פעברואר.

— איהר האט א גוטען זכרון, וואָס איהר געדיינקט אזוי גוט יעדער ברעקעלע.

— איך געדיינק עס, וויל מיט דעם טויט פון דעם גייסטליכען איז פערבונדען א זאָנדערבארע געשיכטע.

— מעג איך פילייכט וויסען דיא געשיכטע? האט דער ענגלענדער געפרעגט מיט א טאן, וועלכער האט גארניט געפאסט פאר א גלייכגילטיגען ענגלענדער.

— אָה יאָ, מיין העררר. דיא צעלע פון דעם גייסטליכען איז געווען דערוויטערט אויף פופציג פוס פון א צעלע, אין וועלכער עס איז געזעסען א געפעהרליכער פערשווערער געגען דעם קעניג. איך האָב געהאט דיא געלעגענהייט איהם צו זעהען אין 1816 אדער אין 1817. איך וועל קיינמאל ניט פערגעסען זיין געזיכט.

דער ענגלענדער האט געשמייכעלט שטילער הייט.

— אלזאָ, דיא צוויי צעלען זיינען געווען דערוויטערט פופציג פוס איינע פון דיא אנדערע....

— יא מיין העררר. האט העררר באוויל ווייטער געזאגט. און עס שיינט, אז עדמאָן דאנטעס—אזוי האט געהייסען דער געפעהרליכער געפאנגענער—האט געהאט געצייג, דען מען האט געפונען א דורכגעגראבענעם קארידאר, דורך וועלכען דיא צוויי געפאנגענע פלעגען צוזאמענקומען.

— וואהרשיינליך האבען זיי עס געמאכט אום צו ענטלויפען?

— ריכטיג, אבער אונגליקליכער ווייזע פאר דיא געפאנגענע איז עס זיי ניט געלונגען. דער גייסטליכער פאריא איז אטאקירט געוואָרען פון קרעמפּף און איז געשטאָרבען.

— איך פערשטיי. דאס האט געמוזט מאכען א סוף פון זייער פּלאן צו ענטלויפען, האט דער ענגלענדער געזאגט.

— פאר דעם טויטען, אבער ניט פאר דעם לעבענדיגען. אין געגענטהייל, דער טויטער האט פערהאלפען דאנטעס'ן ענטלויפען. ער האט אודאי געדאכט, אז מען בעגראבט דיא טויטע אויף א בית עולם, דען ער האט ארויסגענומען דעם טויטען פון זאק און האט זיך אריינגעלייגט אויף זיין פּלאץ און האט זיך פערנייט פון אינעווייניג. דעם טויטען האט ער אריינגעטראגען צו זיך אין בעט. גליקליכער ווייזע האָט ער אליין בעפרייט דיא רעגירונג פון א געפעהרליכען מענשען.

— וויא אזוי? האט דער ענגלענדער געפרעגט.

— וואס פערשטייט איהר דא ניט? דער שלאָס איף האט ניט קיין בית עולם. מען ווארפט אריין דיא טויטע גאנץ איינפאך אין ים מיט א שטיין פון דרייסיג פונט אויף דיא פיס. אזוי האט מען געמאכט מיט דעם לעבענדיגען עדמאָן דאנטעס. שטעלט זיך פאר וויא דער אָרימער ענטלויפער, וועלכער האט גערעכענט בעפרייט צו ווערן, האט זיך פּלוצלינג געפונען אין א קאלטע באד!

און דער אינספּעקטאָר האָט זיך צולאכט. דער ענגלענדער האט אויך געלאכט, אבער אונטער דיא ציין.

— אלזאָ, לאָמיר גיין ווייטער, האט ער געזאגט צום אינספּעקטאר. איך בעט אייך איהר זאָלט מיר צייגען דעם בוך.

— אָה, יאָ ענטשולדיגט מיר, איך האב זיך פערררעט, קומט אריין צו מיר אין קאבינעט, וועל איך אייך צייגען דעם בוך. און ביידע מענער זיינען אריין אין אינספּעקטארס קאבינעט.

ער האט דאנטעס'ן דערלאנגט דעם בוך א'ן אליין האט ער זיך געזעצט לעזען א צייטונג, ביז דער ענגלענדער וועט דורכקוקען דעם בוך. דיזער האט לייכט געפונען דיא אקטען פון דעם גייסטליכען. ער האט דארטען ניט פיעל געקוקט און איז אריבער צו עדמאן דאנטעס אקטען. ער האט דארטען געפונען פערצייכענט דיא גאנצע געשיכטע פון זיין ארעסט און דאן האט ער געפונען צוגעשריעבען פון ווילפארס האנד, אז דאנטעס איז א געפעהרליכער פערברעכער און מען מוז איהם שטארק היטען. ער האט אויך גע־פונען דעם מסירה בריעף פון דאנגלאר אנגעקלעפט אן קלאט. ער האט פאמעלעך אפגעריסען דעם בריעפעל און האט איהם אריינגעלייגט צו זיך אין טאש. דער אינ־ספעקטאר איז געוועזען פערטיעפט אין לעזען און האט געלאזען דעם ענגלענדער בלעטערן דעם בוך.

— איך דאנק אייך, האט דער ענגלענדער געזאגט צוקלאפענדיג דעם בוך. איך בין בעפרידיגט. יעצט וועל איך האלטען מיין ווארט. שרייבט מיר נאר אויף א רעסיט אויף דאס געלד און איך וועל אייך דערוויל אפציילען.

באלד איז דער ענגלענדער אוועק פון גליקליכען אינספעקטאר.

19טעם קאפיטעל.

## מארעל'ס הויז.

דיא וואס האבען פריהער געקענט מארעל'ס הויז און האבען זיא יעצט געזעהן, וואלטען זיא אין איהר געפונען א גרויסע ענדערונג. אנשטאט וואס פריהער האט דא אלעס געשטראהלט פון צופרידענהייט איז יעצט פערזאומערט און פערחושכט. פון דיא פילע דיענער זיינען יעצט געבליעבען נאר צוויי, וועלכע זיינען אין דער הויז אלט געווארען. דיא גאנצע האפנונג פון מארעל איז יעצט געוועזען דער פאראאן, וועלכער האט געדארפט קומען פון קאלקוטא.

אויף מארגען נאך זיין פערהאנדלונג מיט באוויל, איז דער ענגלענדער געקומען צו מארעל. איינער פון דיא צוויי קלערקס, א יונגער מאן מיט'ן נאמען עמאנועל האט דעם ענגלענדער עמפפאנגען.

עמאנועל האט געוואלט אליין אפפטור'ן דעם ענגלענדער, אבער דיזער האט דורכאויס געוואלט זעהען הערר מארעל'ן. עמאנועל האט אריינגערופען דעם צווייטען קלערק מיט'ן נאמען קאקלע, און האט איהם געזאגט, אז ער זאל אריינפיהרען דעם ענג־לענדער צו הערר מארעל.

אויפ'ן וועג האבען זיי בעגעגענט א שיינע יונגע מיידעל פון א יאהר זעכצעהן.

— איז הערר מארעל ביי זיך אין קאבינעט? האט איהר קאקלע געפרעגט.

— איך גלויב, אז דער פאטער איז ביי זיך אין צימער, האט דיא יונגע מיידעל געענטפערט, מעלדעט אן דעם העררן.

— עס איז ניט נייטיג מיך אנצומעלדען, פריילין, דען הערר מארעל קען מיך ניט. פיהרט מיך אזוי אריין צו איהם.

מארעל איז געזעסען איבער א געשעפטס בוך און האט איהם געבלעטערט. וועהרענד

ער האט געזעהען אריינגיין דעם פרעמדען האט ער צוגעמאכט דעם בוך. ער האט איהם געבעטע'ן זיצען און האט זיך דאן אויך געזעצט.

פערצעהן יאהר האבען פיעל געענדערט דעם קויפמאן. ער איז יעצט אלט געווען א יאהר פופציג. זיינע האר זיינען וויים געווארען. זיין שטערן האט בעקומען קארטשעס. זיין פריהערדיגער שארפער און לעבעדיגער בליק איז געווען קאלט און ציטערנדיג, אזוי וויא ער וואלט מורא געהאט פאר יעדען מענשען.

דער ענגלענדער האט איהם בעטראכט מיט א זאנדערבארע נייגעריגקייט. דאס האט נאך מעהר צוטומעלט מארעל'ן און ער האט געזאגט:

— מיין העררע, איהר האט געוואלט מיט מיר ריידען?

— יא, מיין העררע, איהר מוזט דאך געווים וויסען פון וועמען איך קום.

— פון דער הויז טהאמסאן אונד פרענש, אזוי וויא מיר האט מיין קאסירער געזאגט.

— עס איז ריכטיג, מיין מעררע. דיא הויז טהאמסאן און פרענש דארף היינטיגען מאנאט צאהלען אין פראנקרייך איבער פיער הונדערט טויזענד דאלאר און זיא האט מיך געשיקט דערויף קאלעקטען געלד. דיא הויז קען אייער פינקטליכקייט אין צאהלען און זיא האט צונויפגענומען, וועלכע פאפיערען זיא האט נאר געקענט אום ביי אייך איינצוקאלעקטען.

מארעל האט גענעבען א טיעפען זיפץ און איז אריבערגעפארען מיט דער האנד איבערן געזיכט.

— אלזא, מיין העררע. איהר האט פאפיערען אויף מיר?

— יא, מיין העררע, אויף א זעהר גרויסע סומע.

— אויף וועלכע סומע? האט מארעל געפרעגט און האט געטרייט צו מאכען זיין שטימע זיכערער.

— ערשטענס האב איך דא א פעקעל, האט דער ענגלענדער געזאגט ארויסציהענדיג פון פאקעט דיא פאפירען פון באוויל אויף צוויי הונדערט טויזענד פראנק. דערקענט איהר דיזע אונטערשריפט.

— יא, מיין העררע, ער האט עס ביי מיר אריינגעלייגט אויף פיער און האלב פראצענט פאר פינף יאהרען.

— יעצט האב איך א קוויטונג פון אייך, וועלכע איך האב געקויפט פון אנאנדערן. דאס איז אויף דריי און דרייסיג טויזענד פראנק. און דא האב איך נאך איינעם אויף אונגעפעהר פינף און פופציג טויזענד פראנק. אין אלעמען קנאפע דריי הונדערט טויזענד פראנק.

עס איז אונמעגליך צו בעשרייבען דיא ליידען פון מארעל, וועהרענד יענער האט איהם געמאכט דעם חשבון.

— דריי הונדערט טויזענד פראנק! האט ער געמורמעלט מיט א ציטערדיגע שטימע.

— יא, מיין העררע, און איך מוז אייך זאגען, אז עס גייען ארום וועגען אייך גאר־ניט קיין פרייליכע ריידערייען.

ביי דיזע הארטע ווערטער איז מאַרעל שרעקליך בלייך געוואָרען.

— מיין הערר, שוין פיער און צוואנציג יאהר וויא איך האב איבערגענומען מיין געשעפט פון מיין פאָטער, האט מאַרעל געזאגט. ביז יעצט האט נאך דיא הויז מאַרעל אונד זאָהן קיינעם ניט פערפעהלט צו צאהלען.

— איך וויים עס. אבער לאמיר ריידען אָפען אלס עהרליכע מענער. ווען איהר ווייטער אויך צאהלען מיט דער זעלבער פינקטליכקייט?

— איך וועל אייך ענטפערן מיט דער זעלבער אָפענהייט, האט געזאגט מאַרעל מיט מעהר זיכערהייט. מיינע גאנצע האָפנונג איז מיין שיף פאראאָן. ווען איין אונגליק זאָל דער שיף טרעפען....

דאָ האבען זיך א גאָס געטאָן טרערען פון דעם אונגליקליכען מאַרעל.

— און ווען איין אונגליק זאל זיא טרעפען? האט דער ענגלענדער געזאָגט.

— דאָן.... דאָן וועל איך ניט קענען צאָהלען.

— האָט איהר גאר קיין פריינד ניט? האָט דער ענגלענדער געפרעגט.

מאַרעל האָט ביטער געשמייכעלט.

— מיין הערר, אין ביזנעס איז ניטא קיינע פריינד, איהר מוזט עס וויסען אזוי גוט וויא איך.

— ווען האט געדאַרפט קומען אייער שיף? האט דער ענגלענדער געפרעגט.

— שוין מיט פופצעהן טעג צוריק. איך ציטער, אז עס איז איהר פאסירט איין אונגליק.

— וואָס איז דאָרטען, האט דער ענגלענדער געזאָגט אנשפיצענדיג דיא אויערן, וואס איז דאָרטען פאר א גערודער?

— אָה, וואָס איז שוין ווייטער? האט מאַרעל בלייך ווערענדיג אויסגעשריען.

און אין אמת איז עפּעס געווען א גערודער אויף דיא טרעפּ פון קאָרידאָר.

מאַרעל האט זיך אויפגעהויבען אויפצומאכען אבער דיא קרעפטען האבען איהם פערלאָזען און ער איז צוריקגעפאלען אין שטוהל.

דיא צוויי מענער זיינען געבליעבען פּנים צו פּנים. מאַרעל האט געציטערט אין אלע גלידער און דער ענגלענדער האט איהם בעטראַכט מיט דעם אויסדרוק פון גרעסטען מיטלייד. דער געטומעל האט אויפגעהערט, אָבער מאַרעל האט עפּעס ערוואַרטעט. דער געטומעל האט געמוזט עפּעס בעדייטען.

א זייטען טהיר האט זיך אויפגעמאכט און ער האט געזעהען אריינקומען זיין טאָכטער בלייך און בעגאָסען מיט טרערן. מאַרעל האט זיך אויפגעהויבען ציטערענדיג און זיך אָנשפּארענדיג אָן שטוהל, דען ער האט ניט געהאט קיין קראַפט צו שטיין. ער האט געוואָלט פרעגען אבער עס האט איהם אָפּגענומען דיא שפּראַך.

— אָה, מיין פאָטער, פערצייהע מיר, דיין קינד, דאס איך מוז דיר אָנזאָגען א טרויעריגע בשורה, האט זיא געזאגט צונויפלייגענדיג דיא הענד.

מאַרעל איז געוואָרען טויט בלייך. יוליע זיין טאָכטער האט זיך איהם אריינגע־וואָרפען אין דיא ארעם.

— אָה, מיין פאָטער, מוטה, האט זיא געזאָגט, מוטה!

דער פאראָן איז אלזאָ אונטערגעגאנגען? האט ער געזאָגט מיט א פערשטיקטער שטימע.

— דיא יונגע מיידעל האט ניט געענטפערט, אָבער זיא האט געגעבען א צייכען מיט'ן קאָפּ, דאס עס איז אזוי וויא ער מיינט, און האט אוועקגעלייגט איהר קאָפּ אויף זיין ברוסט.

— און דיא מענשען?

— געראַטעט, האט זיא געענטפערט, געראַטעט דורך א שיף פון באָרדאָ, וועלכע איז יעצט אָנגעקומען אין מארסייל.

מאָרעל'ס געזיכט האט אָפּגעלעבט.

— וויינינגסטענס האט דער אונגליק נאָר מיר אליין געטראָפען, האט ער געמורמעלט.

וויא קאַלט דער ענגלענדער איז געווען, האט א טרער אראָפּגערונען פון זיין געזיכט.

— זאָלען דיא מאַטראָזען אריינקומען, דען איך פערשטיי, אז זיי מוזען זיין דאָ, האט מאָרעל געזאָגט.

קוים האט ער אויסגערעט דיזע ווערטער, איז מאַדאַם מאָרעל אריינגעגאנגען. הינטער איהר האט מען געזעהען דיא פערברענטע געזיכטער פון א זיעבען, אַכט מאַטראָזען האלב נאַקעט. ביי דעם אָנבליק פון דיזע מענשען האט דער ענגלענדער געגעבען א ציטער, ער האט געמאַכט א טריט, וויא צו גיין זיי ענטקעגען, אבער ער האט זיך צוריקגעהאלטען און האט זיך צוריקגעצויגען אין א טיפען ווינקעל פון צימער.

— קומט צו נעהענטער, פּענעלאָן, האט מאָרעל צו איין אַלטען מאַטראָז געזאָגט, און דערציילט מיר וויא דער אונגליק האט פּאַסירט. דער אַלטער מאַטראָז, וועלכער איז געווען געבראָנזט פון דער זון איז צוגעגאַנגען דרייענדיג דיא העט אין האַנד.

— גוט מאָרגען, הערר מאָרעל, האט ער געזאָגט, אזוי וויא ער וואלט געווען ערשט נעכטען פון מארסייל.

— גוט מאָרגען מיין פריינד, האָט מאָרעל געזאגט מיט א שמייכעל אונטער זיינע טרערען. און וואו איז דער קאַפּיטאַן?

— ער איז געבליעבען אין פּאַלמאַ קראַנק. אָבער עס וועט גאָרניט זיין, איהר וועט איהם זעהן דאָ אין א פּאָר וואָכען.

— עס איז גוט, יעצט דערציילט ווייטער, האט מאָרעל געזאָגט.

פּענעלאָן האט אריבערגעלייגט זיין טשו טעבעקאָ פון דער לינקער זייט מויל אין רעכטען, ער האט אנידערגעלייגט דיא האַנד אויפ'ן מויל, ער האט זיך אומגעדרייט און האט דערלאנגט א שפּיי פון זיין טשו טעבעקאָ אין צווייטען צימער און האט פאָרגעטראָטען מיט איין פוס.

— אלזאָ מיין הערר, האט ער אָנגעפאנגען, זיינען מיר געוועזן צווישען דיא אינזלען בלאַן און באָיאַדאָר. דער ווינד איז געווען א לייכטער און דיא שיף איז געגאנגען גוט. דער קאַפּיטאַן גאָומאַר איז צו מיר צוגעגאנגען, ווען איך בין געשטאנען ביים רודער און האט מיר אָנגעוויזען אויף א שוואַרצען וואָלקען, און ער האט מיך געפרעגט וואס דאס

בּעדייט. איך האָב איהם געענטפערט, אז איך קוק שוין אויך אויף דעם און איך בּין זיכער, אז עס וועט זיין א שרעקליכער שטורם. דער קאַפּיטאַן איז געוועזן מיינער מיינונג און האט געגעבען בעפעהל אויפ'ן שיף צו זיין גרייט פאר'ן שטורם.

עס האט ניט לאנג געדויערט און דער שטורעם האט אָנגעפאנגען. ער איז אלץ געוואָרען שטארקער און שטארקער און דיא שיף האט אָנגעפאנגען צו ווערן אין געפאהר. באלד האט זיך דערהערט א שרעקליכער קנאק אין שיף. דער קאַפּיטאַן האט מיך ארונטערגעשיקט אונטען זעהען וואס עס האט פּאסירט.

ווען איך בּין אראָפּ אונטען האָב איך שוין דארטען געפונען דריי פוס וואסער. מען האט זיך געכאפּט צו דיא פּומפּען, אבער עס איז שוין געוועזן שפּעט. פון דעסטוועגען האבען אלע געארבּייט בּיז עס איז שוין געוועזן אונמעגליך, דען אין איינינע מינוטען האט דיא שיף געדארפט אונטערזינקען.

— צו דיא שיפלעך! האט דער קאַפּיטאַן קאָמאנדירט. מיר האבען געטאָן אונזער פּפליכט אום צו רעטען דיא שיף, יעצט דארף מען רעטען דיא מענשען.

— הערט, הער מאָרעל, האט פּענעלאָן פאָרטגעזעצט, מיר האבּען געליעבּט דעם פאראָאָן, אבער אזוי שטארק וויא א מאטראָז האט ליעב זיין שיף, האט ער זיין הויט פון דעסטוועגען מעהר ליעב. מיר האבען זיך אלזאָ דאס ניט געלאזען זאגען צוויי מאל און מיר האבּען זיך גענומען צו דיא שיפלעך, און מיר זיינען אלע אכט אריין. דער קאַ־פּי־אַן איז אריין דער לעצטער.

אזוי וויא מיר זיינען אראָפּ פון שיף, האט איהר דעק געפּלאַצט מיט א שרעק־ליכען קלאַפּ. צעהן מינוט שפּעטער האט דיא שיף אינטערגעטונקט דעם פאָרדערסטען טהייל, דערנאך דעם הינטערסטען, דערנאך האט זיך דיא שיף אנגעהויבען צו דרייען וויא א הונד, וועלכער וויל כאַפּען זיין עק, און דאן, גוטען אווענד קאָמפּאניע, בררראו!.. און דער פאראָאָן איז פערשוואונדען אויף אויבּיג.

וואס אונז בּעטרעפט, זיינען מיר געוועזן דריי טעג אויפ'ן וואסער הונגעריג און דורסטיג און מיר האבען שוין געקלערט צו ווארפען גורל, וועמען אויפצועסען צווישען זיך. דאָ איז אָנגעקומען דיא שיף זשיראָנדען און האט אונז אויפגענומען. אָט דאס איז דיא געשיכטע, הערר מאָרעל, אויף דעם עהרענוואָרט פון א מאטראָז! וואס זאָגט איהר קאמעראדען?

איין אלגעמיינער געמורמעל פון צושטימונג האט בעוויזען, אז דער אלטער האט ריכטיג דערציילט דיא געשיכטע.

— גוט, מיינע פריינד, איך האָב געוואוסט, אז דער אונגליק וועט טרעפען מיך אליין. יעצט זאָגט מיר וויפיעל קומט אייך?

— ווייס איך, הערר מאָרעל, לאָמיר דערפון ניט ריידען.

— אין געגענטהייל, לאָמיר יא ריידען דעריבּער, האט מאָרעל געזאָגט מיט א טרויעריגען שמייכעל.

— דען זאָל זיין, עס קומט אונז פאר דריי מאָנאט.... האט פּענעלאָן געזאָגט.

— קאָקלע, צאהלט צו צוויי הונדערט פראַנק יעדען פון דיזע בּראווע לייט.

— איין אנדער צייט, מיינע פריינד, וואלט איך אייך נאך געגעבען צו צוויי הונ־דערט פראנק בעלאָהנונג, אבער ליידער האב איך יעצט גארניט.

— וויא באלד אזוי, הערר מאָרעל, האט פּענעלאָן געזאָגט איבערבייטענדיג זיין טשו טאַבּעקאָ אויף דער אנדערער זייט באק און א שפּיי געבענדיג אין אנדערן צימער, וועלען מיר אייך ווארמען אונזער געלד.

— ניין, מיינע פריינד, האט מאָרעל געזאָגט מיט א ריהרענדע שטימע, נעמט, נעמט אייער געלד און אז איהר וועט טרעפען א גוטען פּלאַץ נעמט איהם אָן.

ביי דיזע ווערטער האט פּענעלאָן שיעור ניט דערשלונגען זיין טשו טאַבּאקאָ.

— וואָס רעט איהר, מיין הערר! האט ער אויסגערופען מיט א דערשטיקטער שטי־מע, איהר שיקט אונז אוועק. זייט איהר אונצופרידען מיט אונז?

— ניין, מיינע פריינד, איך בין צופריעדען מיט אייך, אבער איך האב מעהר קיין שיפען ניט און איך דארף ניט קיין מאטראָזען.

דיא מאטראָזען האבען אראָפּגעלאָזען דיא קעפּ.

— אבער ווען איהר האט קיין שיפען ניט, האט איהר דאך קיין געלד אויך ניט, האט פּענעלאָן געזאָגט, דארפען מיר קיין געצאהלט ניט. ווען איהר וועט האבען וועט איהר אונז בעצאהלען.

— גענוג, גענוג, מיינע פריינד, איך קען עס ניט פערטראָגען. צאהלט אויס דיא מ[illegible]נער זייער געלד, האט ער געזאָגט צו עמאנועל'ן דעם קאסירער.

— וויניגסטענס, אויף וויעדער זעהען, האבען דיא מאטראָזען געזאָגט.

— יאָ, מיינע פריינד. איך האָף עס וויניגסטענס, גייט.

עמאנועל איז ארויסגעגאנגען און נאך איהם דיא מאטראָזען.

— יעצט, האט מאָרעל געזאָגט צו זיין פרוי און טאָכטער, לאָזט מיך אליין מיט דעם הערר'ן; איך האב מיט איהם א רעכענונג.

ער האט אָנגעצייגט מיט דיא אויגען אויף דעם ענגלענדער, וועלכער איז געשטאַ־נען אין ווינקעל אזוי וויא א סטאטוע און האט בייגעוואהנט דיא גאנצע סצענע.ביידע פרויען האבען א קוק געטאן אויף דעם ענגלענדער און ווען זיי זיינען איהם פערבייגע־גאנגען האט דיא יונגע מיידעל איהם אנגעקוקט מיט א בעטענדיגען בליק, וועלכער האט געדארפט אריינטרעטען טיעף אין זיין הארצען, אויף וועלכען ער האט געענטפערט מיט א זיסען שמייכעל. דיא ביידע מענער זיינען געבליבען אליין.

— נו, מיין הערר, האט מאָרעל געזאָגט צום ענגלענדער, איהר האט אלעס געהערט; איך האב אייך מעהר ניט וואס צו זאגען.

— איך האב געזעהען, מיין הערר, אז אייך האט געטראָפען א נייער אונפערדינ־טער אונגליק, און דאס גיט מיר דעם וואונש אייך צו זיין געפעליג.

— אָה, מיין הערר! האט מאָרעל אויסגערופען.

— אלזאָ, לאָמיר זעהען, האט דער ענגלענדער פאָרטגעזעצט, איך בין איינער פון אייערע גרעסטע קרעדיטאָרס. ווילט איהר, אז איך זאל אייך ווארטען מיט'ן צאהלען?

— דאָס וואָלט מיר רעטען מיין עהרע און אויך מיין לעבען.

— וויפיעל צייט פערלאנגט איהר?

— צווייא מאָנאַט, האָט מאָרעל קוים זיך געטרויט צו זאָגען.

— גוט, האָט דער פרעמדער געזאָגט, איך גיב אייך דריי מאָנאַט צייט. היינט האָבען מיר דעם 5טען יוני.

— יאַ, האָט מאָרעל געענטפערט.

— אַלזאָ, פרישט מיר אָפּ דיזע אַלע וועקסלען פאַר׳ן 5טען סעפּטעמבער, עלף א זייגער אין דער פריה, וויא דער זייגער איז איצטער. איך וועל קומען צו אייך אין דיזער צייט.

— איך וועל אייך ערוואַרטען, האָט מאָרעל געענטפערט.

דיא וועקסלען זיינען געוועזען אָפּגעפרישט און דער ענגלענדער האָט גענומען אָפּ־שיעד פון מאָרעל.

אויף דיא טרעפּ האָט ער בעגעגענט יוליען, וועלכע האָט אויף איהם געוואַרט.

— אָה, מיין הערר! האָט זיא געזאָגט צוזאַמענלייגענדיג דיא הענד.

— פרייליין, האָט דער פרעמדער געזאָגט, איין טאָג וועט איהר פון מיר בעקו־מען א בריעף אונטערגעצייכענט „סימבאַד דער מאַטראָז". טוט פּונקט פאַר פּונקט אַלעס וואָס וועט שטיין אין בריעף, ווען עס זאָל אייך אפילו וואָס פאַרקומען זאָנדער־באַר. פערשפּרעכט איהר מיר דאָס?

— איך שווער עס אייך, האָט דיא יונגע מיידעל געענטפערט.

— דאַן, אַדיע פרייליין. בלייבט אַלע מאָל גוט און טריי אַזוי וויא איהר זייט און איך האָף, אַז איהר וועט הייראַטען אייער עמאַנועל.

יוליע האָט ארויסגעלאָזען א קליינעם געשריי און איז געוואָרען רויט וויא א קאַרש, און זיא האָט זיך אָנגעכאַפּט פאַר דער פּאַרענצע פון דער טרעפּ אום ניט אראָפּצופאַ־לען. דער פרעמדער איז אוועק זיא גריסענדיג מיט׳ן האַנד. אין הויף האָט ער בעגע־גענט דעם אַלטען פּענעלאָן, וועלכער האָט געהאַלטען זיין געלד אין דיא הענד.

— קומט מיט מיר מיין פריינד, האָט צו איהם דער ענגלענדער געזאָגט, איך האָב מיט אייך עפּעס צו ריידען.

## 20טעס קאַפּיטעל.

## דער 5טער סעפּטעמבער.

צייט דער ענגלענדער האָט געגעבען מאָרעל׳ן דריי מאָנאַט צייט איז א נייער לעבען איינגעטרעטען אין מאָרעל׳ס הויז. ער האָט יעצט געקענט צאָהלען דיא קליינע חובות און ער האָט שוין געהאַט רוהע. אַזוי איז אַוועקגעגאַנגען איין מאָנאַט און דער צווייטער. אָבער וואָס א טאָג מעהר עס איז פערגאַנגען האָט זיין זאָרג אָנגעפאַנגען מעהר צו וואַקסען.

מאָרעל האָט געהאָפט, אַז אין דיא דריי מאָנאַט וועט ער קענען קריעגען קרעדיט און ער וועט קענען בעצאָהלען דעם גרויסען חוב אין 5טען סעפּטעמבער, אָבער אַלע באַנקהייזער האָבען פאַר איהם פאַרשלאָסען דיא טהירען צייט ער האָט פערלאָרען דעם פאַראַאָן. אַזוי האָט יעדער טאָג פאַר איהם געבראַכט מעהר דאגות און זאָרג און ער האָט שוין אָנגעפאַנגען צו פערצווייפלען. זיין איינציגע האָפנונג איז געוועזען צו פאַהרען

צו זיין אלטען דיענער, דאנגלאר, וועלכער איז דורך איהם גליקליך געוואָרען, אז ער זאל פון איהם קריעגען הילפע. ער איז געפאָרען נאך פאריז וועגען דעם און איז צוריקגעקומען א צובראָכענער, דען ער האט זיך נאָך נידעריג געמאכט און ער האט פון דאנגלאר גארניט בעקומען.

ווען ער איז צוריקגעקומען פון פאריז האט ער גארניט גערעט ער האט נאר וויינענדיג אומארעמט זיין פרוי און זיין טאָכטער און האָט געדריקט דיא האנד עמא־נועל'ן און האָט זיך איינגעשלאָסען אין זיין קאבינעט. ער האט געהייסען אריינקומען זיין אלטען קלערק קאָקלע.

— דיזעס מאל, האט מארעל געזאָגט, זיינען מיר פערלאָרען.

יוליע האט געשריעבען צו איהר ברודער מאקסימיליאן, וועלכער איז געווען אפי־צער אין דער ארמעע, אז ער זאל וואס אם שנעלסטען קומען, דען דער יונגער מאן האָט געהאט איין גרויסען איינפלוס אויף זיין פאטער.

מאקסימיליאן איז געקומען, אבער מעהר וויא טרייסטען האט ער זיין פאטער ניט געקענט. דיא גרויסע סומע געלד האט ניט געקענט געשאפט ווערן.

דער פינפטער סעמפטעמבער האט זיך גענעהענט און מארעל איז געווארען אלץ נידערגעשלאגענער. ער איז ארומגעגאנגען וויא א צומישטער, און פלעגט זיך שטענדיג פערשפארען ביי זיך אין צימער.

— גיב אכטונג אויף דעם פאטער און לאז איהם ניט אליין, האט דיא מוטער געזאָגט צו מאקסימיליאן, און דיזער האט געטאן וויא דיא מוטער האט איהם געזאגט.

דער פינפטער סעמפטעמבער איז געקומען. מארעל איז ארומגעגאנגען מיט א פינסטערן געזיכט, וועלכע האט ניט בעוויזען אויף גוטעס. דער זון איז פון איהם ניט אפגעטראטען.

ווען יוליע האט געוואלט ארויפגיין צו איהר פאטער, האט זיא געטראפען א פרעמדען מענש אויף דיא טרעפ.

— זייט איהר ניט פריילין יוליע? האָט ער זיא געפרעגט, מיט א געבראָכענעם איטאליעניש.

— וואָס ווילט איהר, מיין העררר? איך קען אייך ניט.

— לעזט דיזען בריעף, האָט דער מאן צו איהר געזאָגט דערלאנגענדיג איהר א בריעף. עס האנדעלט זיך וועגען דער רעטונג פון אייער פאָטער.

דיא יונגע מיידעל האט ביי איהם שנעל צוגענומען דעם בריעף און האט אויפגע־ריסען דעם קאָנווערט, און האָט איהם שנעל דורכגעלעזען:

„גייט גלייך אין דיא אלעעס מיילהאן אין דער הויז נומ. 15. פרעגט ביי דעם הויזקיפער אויף דיא צימערן פון פינפטען שטאָק. גייט אריין אין צימער און איהר וועט זעהען אויפ'ן קאמין א געשטריקטען ביימעל. נעהמט איהם צו און טראגט איהם אוועק אייער פאָטער.

„עס איז זעהר וויכטיג אז עס זאל זיין פאר עלף א זייגער.

„איהר האָט מיר פערשפראָכען צו פאָלגען אין אלעס, איך דערמאן אייך אן דעם.

„סימבאד דער מאטראָז“.

דיא יונגע מיידעל האָט אויסגעשטויסען א געשריי פון פרייד און זיא האָט געזוכט דעם מאַן איהם אויסצופרעגען, אבער ער איז שוין ניט געווען. זיא האט גענומען נאָך א מאָל לעזען דעם בריעף און האָט דאָרטען געפונען נאָך א שטיקעל צוגעשריעבען, און זיא האָט געלעזען:

„עס איז זעהר וויכטיג, אז איהר זאלט אליין גיין, און טאָמער וועט איהר גיין נאָך מיט וועמען, וועט אייך דער הויזקיפּער ניט ארויפלאָזען.

דיא לעצטע ווערטער האָבען ערוועקט פערדאכט ביי דער יונגער מיידעל. זיא האָט זיך בעשלאָסען צו פרעגען איין עצה.

גייענדיג האט זיא בעגעגענט עמאנועל'ן. זיא האט איהם דערציילט, וואס דער ענגלעלענדער האט איהר פערשפּראָכען און פון דעם יעצטיגען בריעף.

— מען דארף אהין גיין, האט עמאנועל געזאגט. איך וועל אייך בעגלייטען.

— אָבער האט איהר דען ניט געלעזען דעם שלוס פון בריעף?

— איהר וועט זיין אליין. איך וועל אויף אייך ווארטען אויף דעם קאָרנער פון גאס. ווען איהר וועט גלייך ניט אראָפּקומען, וועל איך ארויפגיין.

— אלזאָ, איהר זאָגט, אז מען דארף גיין?

— געוויס, האָט עמאנועל געענטפערט. פערגעסט ניט, אז עס האנדעלט זיך וועגען דעם לעבען פון אייער פאטער.

— דאן לאָמיר שוין גיין, האט דיא יונגע מיידעל געזאגט, און זיי זיינען ביידע שנעל אוועק.

אין דיזער צייט איז מאקסימיליאן אריינגעקומען צו זיין פאָטער אין צימער. ווען דיזער האָט דערזעהען זיין זון איז ער צוטומעלט געוואָרען און האט עפּעס בעהאלטען שנעל אונטער זיין ראק. מאקסימיליאן האט עס בעמערקט און איז טויט בלייך געוואָרען.

— ליעבער פאָטער! האט ער אויסגערופען, צו וואָס דארפט איהר דיא פּיסטאָ־לעטען אונטער אייער ראָק.

— מאקסימיליאן, האט מארעל געענטפערט אנקוקענדיג שארף זיין זון, דו ביסט איין עהרעמאן, קום איך וועל דיר זאָגען.

מאָרעל מיט זיין זון זיינען אריינגעגאנגען אין זיין קאבינעט. ווען זיי זיינען געווען אין צימער האט מארעל אנידערגעלייגט דיא פּיסטאָלעטען אויפ'ן טיש און האט געוויזען זיין זון דעם געשעפטסבוך.

נאָך דעם בוך האט מארעל נעדארפט בעצאהלען אין דריי שטונדען ארום דיא דריי הונדערט טויזענד פראנק דעם ענגלענדער. מאקסימיליאן איז געבליעבען וויא פער־שטיינערט.

— האָט איהר אלעס שוין געפּרופט, אום דעם אונגליק צו פערמיידען, פאָטער?

— אלעס, האט מארעל געענטפערט.

— דאס הייסט, אז באלד וועט אונזער הויז פערלירען איהר עהרליכען נאמען.

— בלוט וואשט אפּ דיא אונעהרע.

— איך פערשטיי אייך מיין פאטער, האט מאקסימיליאן געזאגט, און ער האט [illegible]געשטויגען דיא הענד צו דיא פּיסטאלעטען. איינער פאר מיר אויך.

מאַרעל האט אפּגעהאלטען זיין האנד.

— און דיין מוטער.... און דיין שוועסטער.... ווער וועט זיי ערנעהרען?

א שוידער איז דורכגעלאָפען דורך דעם גאנצען קערפּער פון דעם יונגען מאַן.

— ליעבער פאטער, פארגעס ניט, אז דו הייסט מיר לעבען.

— יא, איך זאג עס דיר, האט מארעל געזאגט, ווייל עס איז דיין פליכט. דו האסט א רוהיגען און שטארקען גייסט, מאקסימיליאן. דו ביסט ניט קיין געוועהנליכער מענש. איך הייס דיר גאר ניט און איך בעפעהל דיר גארניט. איך זאג דיר נאר, אז דו זאלסט דיא זאך גוט בעקלערן, אזוי וויא דו וואלסט געווען א פרעמדער און דאן אורטהייל.

דער יונגער מאן האט זיך א ווײַלע איבערגעלייגט, דאן האט ער ארונטערגענומען זיינע עפּאָלעטען.

— גוט, האט ער געזאָגט רייכענדיג דיא האנד מאָרעל'ן, שטארב אין פריעדען, מיין פאטער! איך וועל לעבען.

מאָרעל האט געמאכט א בעוועגונג, אום זיך צו ווארפען זיין זון צו דיא פיס, אבער יענער האט איהם אויפגעכאפּט אין זיינע ארעם, און זייערע ביידע עדעלע הערצער האבען געקלאפּט צוזאמען.

— דו ווייסט דאך, מיין זון, אז איך בין דא גארניט שולדיג. מאקסימיליאן האט געשמייכעלט.

— איך ווייס, מיין פאטער, אז איהר זייט פון דיא עהרליכסטע מענער, וועלכע איך האב א מאל געקענט.

— דאס איז אלעס, וואס איך האב פון דיר געוואלט הערן, יעצט גיי צו דיין מוטער און צו דיין שוועסטער.

דער יונגער מאן איז געבליבען שטיין און האט ניט געקענט ארויסגיין.

— הער, מיין זון, האסטו מיר ניט אליין געזאָגט, אז עס איז בעסער דער טויט וויא צו זיין בעפלעקט מיט איין אונעהרליכען נאָמען?

— אָ יא, יא, האט דער יונגער מאן געזאָגט, יא. און דריקענדיג מיט היץ זיין פאָטער צו זיין ברוסט, האט ער געזאָגט:

— טו מיין פאָטער, און איז ארויסגעלאָפען פון צימער.

ווען זיין זון איז ארויס, איז מאָרעל געבליבען זיצען ביים טיש. עס איז געווען נאך זיעבען מינוט צו עלף, ווען דער ענגלענדער האט געדארפט קומען. ער האט אָנגעגרייט דיא פּיסטאָלעטען און האט געציילט דיא סעקונדען פון זייגער. דיא ווייזערס זיינען שוין געשטאנען ביי עלף. עס האבען זיך דערהערט שטימען, דער קרעדיטאָר איז דאָ.

מאָרעל האט א שוידער געגעבען. דער שווייס איז איהם ארויס אויפ'ן פּנים. ער האט אויפגעהויבען דעם פּיסטאָלעט און האט צוגעלייגט צום מויל. אין דיזען אויגענבליק האט ער דערהערט דיא שטימע פון זיין טאָכטער.

— פאטער, ליעבער פאטער! האט זיא געשריען, געראַטעוועט! געראַטעוועט! און זיא האט זיך אריינגעווארפען דעם פאָטער אין דיא ארעם, האלטענדיג דער רויטען זיידענעם ביַיטעל אין דיא הענד.

— וואס געוועזען! האט מארעל אויסגערופען, און נעמענדיג דעם בייטעל און דיא העגר האט ער געגעבען א ציטער, דען א שוואכע ערינערונג איז איהם אריין אין קאפ, אז דער בייטעל האט געהערט א מאל צו איהם.

אין דעם בייטעל איז געלעגען פון איין זייט דער וועקסעל אויף דיא דריי הונדערט וויזער פראנק, וועלכער איז געווען אונטערגעשריבען אין דער אנדערער זייט איז געלעגען א דיאמאנט פון דיא גרויס פון א ניסעל מיט א שטיקעל פאפיער, אויף וועלכען עס ווארען א פאר ווערטער: „יוליע'ס נדן".

מארעל איז אריבערגעפאהרען מיט'ן האנד איבערן געזיכט. ער האט געמיינט אז ער חלומט. אין דיזער מינוט האט דער זייגער געשלאגען עלף.

יעדער קלאנג פון זייגער האט אויף איהם געווירקט וויא מיט א שטאלענעם האמער איבער זיין הארץ.

— ערקלער מיר מיין קינד, האט מארעל געזאגט, וואו האסטו געפונען דעם בייטעל?

— אין נומער 15 אין דיא אלעע פח מיילהאז, אויפ'ן אויווען אין א צימער פון פינפטען שטאק.

— אבער דיזער בייטעל, האט מאראל אויסגערופען, געהערט דאך ניט דיר!

יוליע האט דערלאנגט דעם פאטער דעם בריעף, וועלכען זיא האט איז דער פריה בעקומען.

— און דו ביזט אליין געווען דארטען? האט מארעל געזאגט, ווען ער האט דורכגעלעזען דעם בריעף.

— עמאנועל האט מיך בעגלייט און האט אויף מיר געווארט אויפ'ן גאס, אבער וואונדערבארער ווייזע האב איך איהם צוריקגייענדיג ניט געפונען.

— הערר מארעל! האט א שטימע געררופען פון דיא טרעפ, הערר מארעל!

— דאס איז זיין שטימע, האט יוליע געזאגט.

אין דער זעלבער צייט איז אריינגעשטירצט עמאנועל אין צימער מיט א צוהיצטע געזיכט פון פרייד.

דער „פאראאן"! האט ער אויסגעשריען, דער „פאראאן"! מען מעלדעט אז דער פאראאן איז אנגעקומען.

מארעל איז צוריקגעפאלען אין שטוהל. דיא קרעפטען האבען איהם פערלאזען; זיין פערשטאנד האט ניט געקענט בעגרייפען אויף א מאל אזעלכע וואונדערבארע און אונגלויבליכע זאכען. אין דעם איז אריינגעקומען זיין זון.

— ליעבער פאטער, האט ער געזאגט, וואס האסטו געזאגט, אז דער פאראאן איז אונטערגעגאנגען? ער איז דאך אריין אין מארסייל.

— אבער עס איז דאך אונמעגליך! האט מארעל אויסגערופען.

— אבער וואס עס איז ניט געווען אונמעגליך, איז דער בייטעל, וואס ער האט געהאלטען איז דיא הענד, דער בריעף און דער גרויסער דיאמאנט.

— דען, מיינע פריינד, האט מארעל געזאגט, לאמיר גיין זעהען, און לאמיר [illegible] איבערצייגען.

אין עטליכע מינוטען זיינען אלע געווען ביין פארט. א גרויסע מאסע מענשען איז דארטען געווען פערזאמעלט. מען האט געמאכט א וועג פאר מארעל'ס פאמיליע.

— דער פאראאן! דער פאראאן! האבען אלע שטימען געשריען.

און אין אמת'ן איז געשטאנען לעבען ברעג א שיף מיט דעם נאמען „דער פא־ראאן". גראדע אזוי געבויט וויא דער אלטער און מיט דער זעלבער סחורה. דער קא־פיטאן גאמאר האט קאמאנדירט און דער אלטער פענעלאן האט געגריסט מארעל'ן.

יעצט איז ניט געווען מעהר צו צווייפלען. דיא גאנצע שטאט האט געזעהען דאס, וואס עס האט זיך ניט געוואלט גלויבען.

וועהרענד מארעל האט זיך געקושט מיט זיין זון אונטער דיא אפלאדיסמענטען פון דער גאנצער שטאט, איז געשטאנען א מאן אן א זייט; ער האט געטראגען א שווא־רצע בארד און האט בעטראכט דיזע סצענע מיט א גליקליכען שמייכעל. ער האט געמור־מעלט דיזע ווערטער:

— זיי גליקליך, דו עדעלעס הערץ, זיי גליקליך פאר אלעס גוטעס, וואס דו האסט געטאן און וועסט טאן. און מיט א פריידען מינע איז ער אוועק. ער איז צוגעגאנגען צום ברעג און האט אויסגערופען דריי מאל.

— יאקאפא! יאקאפא! יאקאפא!

א קליין שיפעל איז צוגעפאהרען און האט איהם אויפגענומען. דאן איז ער צוגע־פאהרען צו א גרויסער שיף, אויף וועלכער ער איז ארויף מיט דער לייכטקייט פון א געשיקטען מאטראז. פון דער שיף האט דער מאן נאך א מאל א קוק געטאן אויף מא־רעל'ן און ער האט געזעהען וויא ער האט געוויינט פאר פרייד.

— און יעצט, האט דער אונבעקאנטער געזאגט, אדיע גוטסקייט, מענשליכקייט, דאנקבארקייט.... אדיע צו אלע וויכע געפיהלען.... ביז יעצט האב איך בעלוינט דאס גוטע.... יעצט דארף מען זיך נעמען צו שטראפע דיא שלעכטע.

ביי דיא ווערטער האט ער געגעבען א צייכען און דיא שיף איז אוועק.

20טעס קאפיטעל.

## סימבאד דער מאטראז.

אם ענדע פון יאהר 1838 האבען זיך אין פלארענס געפונען צוויי יונגע לייט פון דער העכסטער געזעלשאפט אין פאריז. איינער איז געווען דער גראף אלבערט מאר־סערף און דער אנדערער דער באראן פראנץ ד'עפיניי. עס איז צווישען זיי געווען אפגע־רעט בייצואוואהנען דעם קארנעוואל פון דענזעלבען יאהר איי רוים, וואו אלבערט האט שוין געוואוינט פיער יאהר.

אזוי וויא עס איז ניט לייכט בייצואוואהנען א קארנעוואל אין רוים, ווענען דיא וואהנונגען, האבען זיי געדונגען צוויי רומס אין א האטעל פאר פינף און צוואנציג פראנק א טאג.

פאר דעם קארנעוואל איז אלבערט אוועק אין נעאפאל און פראנץ איז געבליעבען אין פלארענס.

נאך דעם, אז פראנץ האט דורכגעמאכט אלע פערגעניגענס אין פלארענס,

האט זיך איהם פערגעלוסט צו מאכען א רייזע אויף דער אינזעל עלבע, וואו נאפאלעאן איז א מאל געווען פערשיקט. ער האט געדונגען א קליין שיפעל פון פיער מאן און איז אוועק אהין. צוריקפאהרענדיג, האט איהם דער פיהרער פון שיפעל געפרעגט אויב ער וויל פאהרען יאָגען ווילדע ציגען אויף דער אינזעל מאָנטע קריסטאָ, צייגענדיג מיט'ן האנד אויף דער אינזעל, וועלכע זיי זיינען פערבייגעפאהרען.

— וואס איז עס פאר איין אינזעל? האט פראנץ געפרעגט.

— עס איז א ליידיגע אינזעל פון לויטער פעלזען. צייטענווייז דיענט דער אינזעל פאר איין אפּהאלט פּלאץ פאר קאנטרעבאנדיסטען.

— אזוי, האט פראנץ געזאָגט, קען מען אונז אויך אָננעמען פאר אזעלכע, ווען מען וועט אונז דאָרטען פּאקען.

— ווער וועט אונז דאָרטען פּאקען? און צווייטענס קענט איהר דאך זאגען ווער איהר זייט, וועט מען אייך אפּלאזען.

— נו, פארט צו דעם אינזעל מאנטע קריסטא. זאל זיין אזוי, האט פראנץ נאך א קורצע איבערלייגונג געזאגט.

דיא שיפעל האט גענומען איהר וועג צו דער אינזעל מאָנטע קריסטאָ. עס איז שוין געווען פינסטער ווען זיי האָבען זיך גענעהענט. ווען מען איז שוין געווען גענוג נאָ־הענט צו איהר האט זיך געזעהען לייכטען א פייער.

— וואָס איז דאס פאר א פּייער? האט פראנץ געפרעגט.

— איך וועל אייך באלד זאָגען, האט דער פיהרער מיט דעם נאמען געטאנאָ געענטפערט. ווען דיא שיפעל איז צוגעגאנגען צום ברעג איז געטאנאָ אראָפּ און איז אוועק וואו דער פייער האט געברענט. אין א קורצע צייט ארום איז ער געקומען צוריק.

— דאס זיינען זעקס מאן, האט ער געבראכט איין ענטפער צו פראנץ, וועלכע גע־הערן צו א געוויסען סימבאד דער מאטראָז.

— ווער איז דער סימבאד דער מאטראָז? האט פראנץ געפרעגט.

— דאס ווייס קיינער ניט, אבער ער מוז זיין איין ארומרייזענדער פּרינץ, וועלבער האט זיין שלאָס אויף דיזער אינזעל.

— זיין שלאָס! האט פראנץ ערשטוינט אויסגערופען. וואו זעהט מען דאָ א שלאָס?

— דעם שלאָס קען מען ניט זעהען, דען ער איז אין א הייל, און קיינער קען אהין ניט צוקומען. מען זאגט, אז ער איז אינעווענינ אזוי שוין, דאס עס קען זעלטען געבען אזא אויף דער וועלט.

— איהר מוזט מיר דערציילען א מעשה פון טויזענד און איין נאכט, האט פראנץ געזאָגט.

— איך וואלט עס אויך געמיינט, האט געטאנאָ געענטפערט, ווען א מאטראָז וואָלט עס ניט געזעהען מיט דיא אויגען.

— און לאָזט דיעזער סימבאד דער מאטראָז אימעצען צו צו זיך? האט פראנץ מיט איין אונגעדולד שמייכעל געפרעגט.

— דאס קען איך אייך גלייך זאגען, האט געטאנאַ געזאגט. זאל איך ניין פרע־גען ביי דיא זעקס לייטע?

— נייט פרעגט, איך בין נייגעריג צו וויסען דיא געשיכטע פון טויזענד און א״ן נאכט.

דער פיהרער איז גלייך אוועק און איז געקומען אין א פערטעל שעה ארום צוריק.

— איינער פון זיי איז געגאנגען אָנפרעגען, און דער הערר האט געענטפערט, אז ער וועט אייך איינעמען פאר א פיינעם גאסט, ווען איהר וועט זיך לאָזען פיהרען צו איהם מיט פערבונדענע אויגען. פראנץ האט זיך א ווילע איבערלייגט און האט דאן איינגעוויליגט. געטאנאַ האט איהם צוגעפירט צו דיא זעקס פערזאן. צוויי פון זיי זיינען געווען בערויט איהם צו פיהרען צו זייער העררן. פראנץ האָט זיך געלאָזען פערבינדען דיא אויגען, און מען האט איהם אוועקגעפיהרט.

ווען פראנץ האט געמאכט א הונדערט טריט, האט ער געפיהלט, אז ער לאָזט זיך אראָפּ אין א הייל. דיא לופט האט זיך געביטען אין א פרישע לופט פון פארפומע, דאן איז ער אראפּגעגאנגען עטליכע טרעפּלעך און דיא פיהרער האָבען איהם געלאָזען שטיין. א מינוט איז געווען שטיל דאן האט ער דערהערט לעבען זיך א שטימע אין פראנצויזישער שפראך:

— איהר זייט מיר ווילקאָמען, מיין הערר, און איהר קענט אראפּנעמען דיא טיכעל פון דיא אויגען.

וויא מען קען לייכט פערשטיין, האט זיך פראנץ דאס ניט געלאָזען זאָגען צוויי מאָל. ער האט אראפּגענומען דיא טיכעל און האט זיך געפונען לעבען א מאן פון א יאהר אכט און דרייסיג, פערציג. אָנגעטאָן אין טולוזישע שיינע מאטראזען קליידער.

דער מאן האט געהאט א בלייכע געזיכט, אבער ער איז געווען שיין. זיינע אייגען זיינען געווען לעבעדיג און שטעכענד. זיין נאָז איז געווען איין אדלער נאז און האט גע־צייגט א ריינעם גריכישען טיפּ. זיינע ציין זיינען געווען וויים וויא עלעפענדביין און זיינע ליפּען זיינען געווען בעדעקט מיט שיינע, שווארצע וואָנצעס. דיא בלייכקייט פון דיזען מאן איז ניט געווען קיין איינפאכע, זאנדערן עס האט אויסגעזעהען, אז דער מאן איז געלעגען א לאנגע צייט אין א גרוב. אָבוואָהל ער איז געווען ניט פון הויכען וואוקס, איז ער געווען שטארק געבויט און האט געהאט קליינע הענד און פיס.

אָבער וואָס פראַנץ׳ן האט נאך מעהר געוואונדערט, איז דיא פּראכטפּאָלע מעבלי־רונג פון דעם צימער. דער גאנצער צימער איז געווען בעצויגען מיט טירקישען שטאָף אין גלענצענדער רויטער פארב און באַרדירט מיט גאלד.

אין דיא ווינקלען זיינען געלעגען הויכע דיוואנעס ארומגעלייגט מיט פערשיעדענע געוועהרען. אין מיטן צימער איז געהאנגען א לאמפּ פון ווענעציאנישען גלאז, פון הער־ליכע פארבען און פאָרמע. ענטקעגען דער אריינגאנגס טהיר, דורך וועלכער פראנץ איז אריינגעגאנגען, איז געווען נאך א טהיר, וועלכע האט געפיהרט אין א צווייטען צימער גרויסארטיג בעלייכטעט.

דער ווירטה האט געלאָזען פראנץ׳ן שטיין א ווילע אין בעוואונדערונג און דאן האט ער צו איהם געזאגט:

— איך בעט אייך טויזענד מאל אום פערצייהונג, מיין הערר, פאר דיא מאסרע־געלען וואס מען האט געגען אייך גענומען ביז איהר זייט צוגעקומען צו מיר. אבער אזוי וויא דיזע אינזעל איז דיא מעהרסטע צייט פוסט און דער סעקרעט פון דיזער וואהנונג וואלט געווען בעקאנט, וואלט איך געפונען אלעס צושטערט. דער שאדען וואלט מיך ניט געהארט, אבער איך וואלט פערלארען דעם פלאץ, וואו איך וויל זיך אמאל אויף־האלטען ווייט פון דער וועלט. יעצט וועל איך זוכען צו פערבעסערען דיא אונאנגענעמ־ליכקייט וואס איהר האט געהאט דורך א גוטען סאפער און א פיינע בעט.

— מיין ווערטהער ווירטה, האט פראנץ געענטפערט, אייער ענטשולדיגונג איז איבריג. איך האב אלע פאל געזעהען, אז מען פערבינט דיא אויגען דיא מענשען, וועל־כע גייען אריין אין דיא בעצויבערטע שלעסער.

— ווען איך וואלט געווען פארבערייטעט, האט דער ווירטה ווייטער געזאגט, אויף אייער ווערטהען בעזוך, וואלט איהר דא אלעס גאנץ אנדערש געפונען. יעצט מוזט איהר אננעמען אלעס פאר גוט. אלי, איז שוין אלעס געגרייט?

כמעט אין ד'ענזעלבען אויגענבליק האט זיך דיא טהיר אויפגעמאכט און א שוואר־צער נעגער וויא קויל האט געגעבען א וואונק זיין העררן, אז ער קען אריינקומען אין שפייזע צימער.

— יעצט וואלט איך אייך וועלען בעטען, איהר זאלט מיר זאגען וויא איך זאל אייך רופען. איך פערלאנג ניט פון אייך, אז איהר זאלט מיר זאגען אייער ריכטיגען נאמען, ווען איהר ווילט ניט. מיך רופט מען סימבאד דער מאטראז.

— און אזוי וויא איך בין יעצט אין דעם צושטאנד פון אלאדען מיט דעם צויבער לאמפ, קענט איהר מיך רופען אלאדען. און איך וועל דיינקען, אז איך בין דער אלא־דען פון טויזענד און איין נאכט.

— אלזא, הערר אלאדען. איהר האט דאך געהערט, אז אלעס איז שוין געגרייט. בעט איך אייך אז איהר זאלט מיר נאכגיין. סימבאד האט אויפגעמאכט דיא טהיר און ביידע זיינען אריין אין שפייזע צימער.

פראנץ איז געגאנגען פון איין בעוואונדערונג צו דער אנדערער. דיזער צימער איז געווען ניט ווייניגער שוין פון דעם ערשטען. דיא וועגד און אלעס זיינען געווען פון דעם ריינסטען מירמעל שטיין. ווייטער צו דער וואנד צו זיינען געשטאנען צווייא סטא־טוען מיט קערב אויף דיא קעפ, וועלכע זיינען געווען אנגעפיהלט מיט דיא טייערסטע פרוכטען.

אויפ'ן טיש זיינען געשטאנען דיא טייערסטע שפייזען. דיא טאצען זיינען געווען פון זילבער און דיא טעלער פון ריינסטען פאיאנס. פראנץ האט זיך געריבען דיא אויגען אויב ער חלומט ניט. אלי האט בעדיענט צום טיש. פראנץ האט דעם ווירטה געמאכט א קאמפלימענט איבער זיין געשיקטען דינער.

— יא, האט סימבאד געענטפערט, עס איז איין ארימער טייוועל, ווען איך האב גערעטעט דאס לעבען. דערפאר איז ער מיר אויך טריי. אלי איז צוגעגאנגען צו זיין הערר און האט איהם א קוש געטאן דיא האנד.

— דארף איך אייך פרעגען, הערר סימבאד, וויא דיא געשיכטע האט פאסירט.

— גאַנץ איינפאַך, האט דער ווירטה געענטפערט. עס שיינט, אז ער האט זיך צופיעל ארומגעטריעבען לעבען פּאַלאַץ פון דעם סולטאַן פון טוניס. דער פאר איז ער פערראורטהיילט געוואָרען, אז מען זאל איהם אָפּשניידען דיא צונג און איהם אָפּהאַקען א האנד און דעם קאָפּ. איך האב אלע מאָל חשק געהאט צו האבען א שטומען דינער. דער צופאל האט געוואָלט, אז איך זאָל זיין דערביי, וויא מען האט איהם געדאַרפט אָפּשניידען דיא צונג. איך האב אָפּגעוואָרט ביז מען האט איהם אָפּגעשניטען דיא צונג, דאַן האב איך איהם אפּגעקויפט פון סולטאַן פאר א גוטע שווערד און א מעסער. פון יענער צייט אָן איז ער ביי מיר. דאָס איז דיא געשיכטע.

פראַנץ איז א ווײלע געווען פערזונקען אין געדאנקען, און האט געקלערט וואס זאָל ער דענקען פון אזא גרויזאמע גוטסקייט, וועלכע ער האט יעצט געהערט פון ווירטה.

— און איהר רייזט ארום דיא וועלט אונטער דעם נאָמען פון א מאַטראָז?

— יא, דאס האב איך א מאָל געשוואָרען, ווען איך האב ניט געהאפּט, אז איך וועל עס אויספיהרען. אָבוואָהל סימבאַד האט דיזע ווערטער געזאָגט גלייכגילטיג, האבען זיינע אויגען געגעבען א שפּריץ מיט א ווילדען פייער.

איהר האט פיעל געליטען, מיין הערר? האט פראַנץ געזאָגט.

סימבאַד האט געגעבען א שוידער און האט איהם שאַרף אָנגעבליקט.

— אין וואָס זעהט איהר דאס?

— אין אלעס, האָט פראַנץ געענטפערט: אין אייער שטימע, אין אייער בליק, אין אייער בלייכקייט, און זעלבסט אין אייער לעבען, וואָס איהר פיהרט.

— איך! איך פיהר דעם גליקליכסטען לעבען, א וואהרען לעבען פון א פּאַשאַ. ווען עס געפעלט מיר א פּלאַץ בלייב איך דאָרטען, געפעלט ער מיר ניט, גיי איך אוועק. איך בין פריי וויא א פויגעל; איך האב אזעלכע פליגעל וויא ער. דיא לייטע וועלכע זיינען ארום מיר, פאָלגען מיר אויף א צייכען פון פינגער. צייטענווייז לאָך איך פון דיא מענשליכע גערעכטיגקייט און נעם ביי איהר צו א באַנדיט, וועלכען זיא זוכט; א פערברעכער, וועלכען זיא פערפאָלגט. ווייטער האב איך מיינע גערעכטיגקייט. איך משפּט וויא איך וויל. אָה, ווען איהר וואלט פערזוכט פון מיין לעבען, וואָלט איהר קיין אנדערן ניט געוואלט און איהר וואלט ניט אריינגעטרעטען אין דער וועלט, סיידען איהר וואָלט האבען א וויכטיגע זאך אויסצופיהרען.

— איהר מיינט מיינען ראַכע, האט פראַנץ געזאָגט.

דער אונבעקאנטער האט אין איהם אריינגעשטאָכען זיינע אויגען, אום צו לעזען זיינע געדאנקען אין הארצען.

— און פאר וואס מיינט איהר עס ראַכע? האט ער געפרעגט.

— וויל איהר שיינט מיר צו זיין א מענש, וועלכער איז פערפאָלגט דורך דיא געזעלשאַפט און האט מיט איהר אָפּצומאַכען א שרעקליכע רעכענונג.

— איהר האט א טעות, האט סימבאַד געזאָגט מיט א זאָנדערבאַרען שמייכעל.

— רעכענט איהר א מאָל צו זיין אין פּאַריז? האט איהם פראַנץ געפרעגט.

— יא, אָבער איך וויים נאָך ניט ווען.

— אלזאָ, ווען איהר וועט דאָרטען זיין, זאלט איהר מיך בעזוכען און איך וועל איך אזוי אויפנעמען וויא איהר האט מיך אויפגענומען.

— גוט, איך נעם אָן אייער איינלאַדונג און איך וועל אייך בעזוכען.

דער סאפּער איז דערווייל געגאנגען זיין וועג. אלי האט דאן אריינגעבראַכט נאָכ־שפּייזען, וועלכע פראַנץ האט נאָך אויף זיין לעבען ניט געזעהען. נאכ'ן עסען האט מען אריינגעבראכט פארביידען ארגולעטען און ביידע האבען זיך געלייגט אויף דיא דיוואַנעס און האבען גערייכערט.

ווען פראַנץ האט דורכגערייכערט א האלבען ארגולעט, האט זיין גאנצען קערפּער אָנגעכאַפּט א זיסע שוואכקייט און ער האט אנגעפאנגען צו טרוימען דיא זיסעסטע חלומות אין זיין לעבען. דער לעבען אין גן עדן איז געווען א גארניט גענען דיא חלומת, וועלכע ער האט געפיהלט נאָך דעם רויכען.

ווען פראַנץ האט זיך איפגעכאַפּט פון זיין טרוימען, האָט ער געזעהען, אז ער ליענט אויף ווייכע בלעטער צווישען פעלזען.

ער איז אויפגעשטאנען און האט געמאכט עטליכע טריט. דאן האט ער אָפּגע־פרישט זיין געזיכט מיט דעם טוי פון דיא פייכטע שטיינער. ער איז דאן ארויס פון דיא פעלזען און איז צוגעגאנגען צום ברעג. דארטען זיינען געזעסען זיינע מאַטראָזען און האבען געלאכט.

זיינע געדאנקען האבען אָנגעפאַנגען קלאָרער צו ווערן און ער האט זיך אָנגעפאנגען צו דערמאָנען וויא ער איז אריינגעקומען אין דער הייל, וויא ער האט געגעסען און וויא ער האט גערויכט. איהם האט זיך יעצט געדאכט, אז ער האט אלעס געזעהען נאר אין חלום. ער איז דאן צוגעגאנגען צו דיא מאַטראָזען. ווען דיזע האבען איהם געזעהען צר גייענדיג האבען זיי זיך אויפגעהויבען. דער פיהרער איז צו איהם צוגעגאנגען.

— דער הערר סימבאַד האט מיר געהייסען אייך איבערגעבען זיינע קאָמפּלימענטען: ער האט געבעטען, אז איהר זאָלט איהם פערצייהען, וואס ער איז אוועקגעפאהרען אָהנע צו זאָגען אייך אדיע. וויכטיגע אנגעלעגענהייטען האבען איהם אוועקגערופען און ער האט קיין צייט ניט געהאט דאס צו טאָן.

— אַה, מיין טהייערער געטאַנאָ, האט פראַנץ געזאָגט, איז עס אלזאָ אלעס ריכטיג. עקזיסטירט דער מענש, וועלכער האט מיך אויפגענומען אויף דיזער אינזעל און האט מיך קעניגליך בעהאנדעלט, און וועלכער איז אוועק וועהרענד איך האב געשלאָפען.

— עס איז אזוי אמת אז ער עקזיסטירט, האט געטאַנאָ געענטפערט, אז אָט איז זיין שיף, וועלכע גייט דאָרטען אויף אלע זעגלען, און ווען איהר וועט נעמען אייער שפּעקטיף צו דיא אויגען, וועט איהר אָהנע צווייפעל דערקענען אייער ווירטה, וועלכער שטייט דאָרטען צווישען זיינע מאַטראָזען.

— פראַנץ האט ארויסגענומען פון פּאַקעט זיין שפּעקטיף און האט געקוקט אויפ'ן ים. געטאַנאָ האט קיין טעות ניט געהאט. פראַנץ האט געזעהען דיא שיף און אויף איהר איז געשטאנען דער געהיימער אונבעקאַנטער און האט אויך געהאלטען א שפּאַקטיף אין דיא הענד. ער איז געגאנגען אָנגעטאָן אין דיא זעלבע קליידער וואס נעכטען. ער האט געהאלטען א טיכעל אין האַנד און האט מיט איהר געגריסט פראַנץ'ן. דיזער האָט

אויך געמאכט צו איהם מיט זיין טיכעל. אין א קורצע צייט ארום איז דיא שיף פער־שוואונדען פון דיא אויגען. פראַנץ האט דאן געבעטען געטאַנאָ, אז ער זאל איהם פיהרען צו דעם פּלאַץ וואו דיא הייל געפינט זיך.

— איך פערשטיי וואס איהר ווילט, האט געטאַנאָ געזאָגט, איהר ווילט געפינען דעם איינגאנג פון דעם אונטערערדישען פּאַלאַץ. עס איז א שאָד אייער צייט, דען איך האב אויך א מאָל געוואָלט געפינען דעם אריינגאנג. איך האב געזוכט דריי נעכט און עס איז געווען אומזיסט. נאָר אויב איהר ווילט אויך פּרובירען געפינען קומט איך וועל אייך אהין צופיהרען.

געטאַנאָ האט איהם צוגעפיהרט צו דעם פּלאַץ, וואו ער איז געשלאָפען און האט איהם געהייסען זוכען. פראַנץ האט געזוכט און געטאַפּט איבער צוויי שעה און האט גאָרניט געפונען.

פראַנץ איז געווען אין איין ערגערליכער שטימונג. ער האט זיך געווענדט צו געטאַנאָ מיט דער פראַגע:

— איהר האט דאָך מיר געזאגט, אז סימבאַד דער מאַטראָז פאָהרט נאך מאַלאַגא און צום סוף איז זיין שיף גאר אוועק צו פּאָרטאָ ווּעקהיא?

— ווייל ער האט ביי זיך אויפ'ן שיף געהאט צוויי באַנדיטען, וועלכע ער וויל דאָרטען אָפּזעצען. ער קען א מאָל מאַכע פופציג מיילען אומוועג, אום צו בעפרייען איין אריטען טייוועל.

— אבער אזעלכע געשעפטען קענען איהם מאַכען א בייז לעבען מיט דיא רעגיערונגען?

— הע, הע! האט געטאַנאָ לאַכענדיג אויסגערופען. וואס פרעגט ער נאך דיא רעגיערונגען. ער לאַכט פון זיי. לאָז מען איהם נאַביאָגען. ערשטענס איז זיין שיף ניט קיין שיף, עס איז א פויגעל. און צווייטענס, וואו ער וועט אָפּשטייגען, וועט ער געפינען פריינד, וועלכע וועלען איהם דיענען.

וואס פון דעם איז קלאָר. איז אז פראַנץ ווירטה איז געווען אין פערבינדונג מיט דיא קאָנטרעבאַנדיסטען און מיט באַנדיטען פון אלע ברעגען פון מיטעל לענדישען ים.

פראַנץ האט דאן ערקלערט דעם פיהרער פון שיפעל, אז ער האט ניט מעהר וואס צו טאָן אויפ'ן אינזעל מאָנטע קריסטאָ און ער זאל פאָהרען צוריק אין פלאָרענס. אין א פאָר שטונדען שפּעטער איז דיא שיף אָפּגעגאַנגען.

צוויי און א האלב טעג האט יעצט געדויערט פראַנץ רייזע אויפ'ן וואסער. אויפ'ן דריטען טאָג איז ער געווען אין פלורענס. ער איז פערפאָהרען ווידער אין דענזעלבען האָטעל, וואו ער האט געטראָפען דעם יונגען גראף אלבערט מאָרסערף וואַרטענדיג אויף איהם.

## 21טעם קאַפּיטעל.

## דיא רוימישע באַנדיטען.

אויף מאָרגען האבען פראַנץ מיט אלבערט'ן אפּגערעט צו פאָהרען אין אבענד זעהען דיא ראַזוואַלינעס פון סענט פיערע. זיי האבען בעשלאָסען ארויסצופאָהרען דורך דעם טויער דעל פּאָפּאָלאָ און אריינפאָהרען דורך דעם טויער סאַן געאָוואַני.

ווערענד דער וואָגען האט שוין געדארפט קומען זיי נעמען, איז ארויפגעקומען דער האָטעל ווירטה פּאסטריני מיט א פערזאָרגטען געזיכט.

אַלבערט האט עס בעמערקט און האט איהם געפרעגט, וואס ער ברייננט פאר א טרויעריגע נייעס.

— איך האב געהערט, אז איהר ווילט פאָהרען זעהען איל קאָלאָסעאָ?

— יא, מיין פריינד, האט פראַנץ געענטפערט.

— האט איהר גארניט געהערט פון דעם בעריהמטען באנדיט לוגי וואמפּא?

— ניין, האט פראַנץ געענטפערט.

— עס איז ניט וואָס צו הערן, האט אַלבערט געזאָגט, דיא באנדיטען געשיכטען זיינען נאָר אין חולם.

— אָבער וואס האט דער באנדיט צו טאָן מיט אונזער פאָהרען? האט פראַנץ געזאָגט.

— ער האט אזוי פיעל צו טאָן, האט דער ווירטה פּאסטריני געענטפערט, דאס איהר וועט פון איין טויער ארויספאָהרען און אין דעם אנדערן וועט איהר ניט אריינ־פאָהרען.

— פאר וואָס? האט פראַנץ געפרעגט.

— ווייל איהר וועט זיין אין דיא הענד פון דיא באנדיטען.

— וואס דערציילט איהר אונז דאָ פאר א געשיכטען, האט אַלבערט געזאָגט. עס זעהט אויס פונקט אזוי וויא איהר וואלט איהם קענען.

— געוויס קען איך איהם פערזענליך און זיין געשיכטע, האט פּאסטריני גע־ענטפערט.

— אזוי, האט פראַנץ געזאָגט, דאַן וואָלט איך זיא וועלען קענען.

— איך קען זיא אייך דערציילען, ווייל איך קען לוגי וואמפּא פון קינדווייס אויף. איין מאָל בין איך אריינגעפאלען צו איהם אין דיא הענד, און אזוי באלד וויא ער האט מיך דערקענט האט ער מיך פריי געלאָזען און האט מיר נאך געשיינקט א גוטען זייגער.

— ווייזט דעם זייגער, האט אַלבערט געזאָגט.

פּאסטריני האט ארויסגענומען דעם זייגער פון טאש און האט איהם דערלאנגט אַלבערט'ן.

— צום טייוועל! האט אלבערט אויסגערופען, ער איז פונקט וויא מיין זייגער, און ער האט ארויסגעצייגען זיין זייגער פון טאַש. ער האט מיר געקאסט דריי טויזענד פראַנק.

— נו, פאנגט אן אייער געשיכטע, האט פראַנץ געזאגט. און פּאסטריני האט אנגעפאנגען.

— לוגי וואמפּא איז א פּאסטוך'ס א זון און איז געבארען אין דער גראַפ־שאפט פון פּאלעסטרינע. לוגי האט אויך געפּאסעט שאָף. נאָך אלס קינד האט ער זיך אויסגעצייכענט דורך זיין מוטה און זיין שאַרפען פערשטאנד. ווען ער איז אלט געווען זייען יאהר האט זיך דער פּריסטער פון דאָרף אונטערגענומען איהם צו לערנען לעזען. אין דריי מאָנאט האט ער געקענט לעזען.

וויא באלד לוני האט געקענט לעזען, האט ער געוואלט שרייבען אויך. דער פריסטער האט איהם געלערנט שרייבען און אין דריי מאנאט האט ער געקענט שרייבען.

דיזע וואונדערבארע פעהיגקייטען אין דעם יונגען באי האט דעם פריסטער זעהר פעראינטערעסירט און ער האט עס דערציילט דעם גראף. דער גראף האט איהם גע־הייסען עסען מיט זיינע דינער און ער האט איהם נאך געגעבען צוויי פיאסטערס א חודש. פון דעם געלד האט זיך גודי געקויפט ביכער, פאפיער, טינט און פעדער און ער האט אנגעפאנגען צו לערנען. איבער הויפט האט ער געהאט פעהיגקייט צום צייכענען און צום שניצען.

ער פלעגט טאג און נאכט שניצען פון האלץ דיא פיינסטע זאכען. מיט וואמפא האט צוזאממען געפאסט דיא שאף א יונגע מיידעל טערעזע, און זיי זיינען צוזאמען גע־וואקסען. אזוי זיינען זיי געוואקסען צוזאמען ביז טערעזע איז אלט געווארען זעכצעה יאהר און גודי זיעבענצעהן יאהר.

אין דיזער צייט האט מען זעהר פיעל אנגעפאנגען צו ריידען פון א באנדע רויבער אין דיא געגענדען פון רוים. עס פעהלט דיא רויבער אמאל א הויפטמאן, אבער ווען א הויפטמאן מעלדעט זיך א מאל, פעהלט איהם ניט קיין באנדע.

דער הויפטמאן פון דיזער באנדע איז געווען דער בעריהמטער קוקומעטא, וועלכער האט שוין ניט איין מאל געליפערט א וואהרע שלאכט מיט מיליטער. איין טאג האט ער גערויבט א יונגע מיידעל פון א דארף. דאס געזעץ ביי דיא באנדיטען איז, אז ווער עס קריגט א מיידעל געהערט זיא איהם און דערנאך ווארפען אלע צווישען זיך גורל און ווער עס געווינט זיא, דעם געהערט זיא. שפעטער בענוצען זיך אלע מיט איהר. ווען דיא עלטערן זיינען רייך קענען זיא דיא גערויבטע פערזאן אויסלייזען.

דיא יונגע מיידעל, וועלכע דער הויפטמאן האט גערויבט, האט געהאט א חתן צווישען דער באנדע. ער האט געהייסען קארליני.

ווען ער האט זיך דערוואוסט, אז קוקומעטא האט גערויבט זיין כלה, איז ער גע־גאנגען צו איהם און האט איהם געבעטען, אז ער זאל פריילאזען דיא מיידעל. ער האט געהאפט אז ער וועט איהם ניט ענטזאגען, ווייל ער האט איהם א פאאר מאל גערע־טעט דאס לעבען.

ווען ער האט געזעהען אז דער הויפטמאן קניטשט זיך, האט ער איהם געזאגט, אז דער מיידעלס פאטער איז רייך און ער וועט זיא אויסקויפען. דער הויפטמאן האט נאכ'ן שיין נאך איינגעוויליגט.

קאראין איז דאן געלאפען צו דער מיידעל און האט פון איהר גענומען א בריעף צו איהר פאטער, אז ער זאל שיקען געלד פאר איהר אויסלייזונג. מיט דעם בריעף איז קארליני געלאפען צו איהר פאטער און האט איהם איבערגעגעבען דעם בריעף דורך א פאסטוך. דער אלטער האט געדארפט קומען צוועלף א זייגער ביינאכט מיט'ן געלד און אפנעמען זיין טאכטער.

ווען קארליני איז געקומען צוריק און האט געפרעגט ביי דיא באנדיטען וואו דיא מיידעל איז, האבען איהם יענע געענטפערט מיט א בייזען געלעכטער, אז ער זאל זיא זוכען ביים קאפיטאן. קארליני איז געווארען בלייך וויא א מת. ער האט פארגעפיהלט

זאס דאס בעדייט. ער איז אוועקגעלאָפען וויא א ווילדער זוכען דעם הויפטמאַן, און האט איהם געפונען ליעגענדיג אונטער א בוים, און לעבען איהם איז געלעגען זיין כלה אונמעכטיג.

ווען קוקומעטאַ האט געזעהען קומענדיג קארליני איז ער אויפגעשטאַנען און האט גענומען צוויי פיסטאלעטען אין דיא הענד.

דיא צוויי מענער זיינען געשטאַנען איינער געגען דעם אנדערן וויא צוויי טיגערען, וועלכע ווילען זיךווארפען איינער אויף דעם אנדערן, אבער אין א ווייל ארום האט קארליני אראָפּגעלאָזען דיא האנד און האט זיך אומגעדרייט און איז שטילער הייט אוועקגעגאַנגען. קוקומעטא איז דאַן אוועק אין לאגער און האט אנגעזאגט דער באנדע דיא שמחה, אז זיי קענען שוין ווארפען גורל צווישען זיך ועמען דיא מיידעל זאל גע־הערן. איינער פון דער באַנדע האט דיא מיידעל געוואונען און ער איז זיא געגאַנגען נעמען. ער איז אבער באלד געקומען צוריק א בלייכער און האט דערציילט, אז דיא מיידעל ליעגט א דערשטאָכענע.

אלע האבען גלייך געוואוסט, אז דאס איז קארליני׳ס ארבייט. און אזוי וויא עס וואלט גארניט פאסירט האבען זיי זיך איינגעוויקעלט אין זייערע מאנטלען און האבען זיך געלייגט שלאָפען.

באלד איז געקומען דער פאָטער פון דער מיידעל מיט דעם געלד.

— גייט נעמט אייער טאכטער, האט צו איהם קוקומעטא געזאגט, דאָרטען אונ־טער א בוים, וואו קארליני איז מיט איהר.

דער אלטער איז אוועק אהין. דיא לבנה האט געשיינט העל און דער אלטער האט שוין פון וויטענס געזעהען דיא שרעקליכע סצענע. קארליני איז געזעסען אויף דער ערד און ביי איהם אין שויס איז געלעגען דיא קאָפּ פון דער ערמארדעטער מיידעל, א מעסער האט געשטעקט אין איהר ברוסט.

קארליני האט דעם אונגליקליכען פאָטער דערציילט, אז ער האט זיא געטוידעט, כדי זיא זאל ניט אריינפאלען אין דיא הענד פון דער גאַנצער באנדע. דער אלטער האט דעם יונגען באנדיט בעדאנקט. דאַן האבען זיי אויסגעגראבען א גרוב און האבען דיא יונגע מיידעל בעערדיגט. א האלבע שטונדע שפעטער האט מען געפונען דעם פאָטער היינגענדיג אויף דעם בוים, אונטער וועלכען זיין קינד איז ערמאָרדעט געוואָרען. דער יונגער באנדיט האט דאַן געשוואוירען ראכע ביי דיא צוויי טויטע.

ער האט אבער זיין שבועה ניט געקענט האלטען, דען מיט עטליכע טעג שפעטער איז ער געפאלען ביי א שלאכט צווישען סאלדאטען און דיא באנדיטען. ער איז אָבער געפאלען ניט פון א סאָלדאט, זאָנדערן אין געטומעל, איז ער פון הינטען ערמאָרדעט געוואָרען פון קוקומעטא, וועלכער האט געהערט וויא ער האט געשוואוירען ראכע געגען איהם.

אזעלכע געשיכטען דערציילט מען פיעל פון דעם שרעקליכען רויבער קוקומעטאַ. נודי וואמפא און טערעזא פלעגען זעהר אָפט ריידען וועגען דיזען באנדיט. אונטער דער צייט איז נודי אלט געווארען צוואַנציג און טערעזע נייצעהן יאהר און זיי האבען שוין גערעט וועגען חתונה.

איין טאָג ווען זיי זיינען געווען ביי זייערע שאָף לעבען וואַלד, איז צו זיי אָנגעלאָפען אַ מאַן און האָט זיי געבעטען, אַז זיי זאָלען איהם בעהאַלטען, דען ער איז געווען פערפאַלגט פון רייטערס. גודי האָט ניט לאַנג געקלערט און האָט איהם בעהאַלטען אין אַ בעקאַנטע הייל, וועלכע ער פלעגט בענוצען. און מאָקע באַלד זיינען אַנגעלאָפען פיער קאַראַבינער און האָבען געפרעגט ביי גודי אויב ער האָט ניט געזעהען פערביילויפענדיג דעם בעריהמטען רויבער קוקומעטאָ.

וויא איבעראַשט גודי איז געווען ביי דיזער נאַכריכט, איז ער פון דעסטוועגען ניט צוטומעלט געוואָרען און ער האָט געענטפערט אַז ער האָט ניט געזעהען. דיא סאָלדאַטען האָבען איהם אָנגעבאָטען דריי טויזענד פראַנק, אָבער ער איז געבליעבען ביי זיינס און האָט נאָך אַ מאַל געזאָגט, אַז ער האָט דעם רויבער ניט געזעהען.

ווען דיא קאַראַבינער זיינען אוועק, האָט גודי וואַמפּאַ אויפגעמאַכט דעם שטיין פון דער הייל און האָט דעם באַנדיט ארויסגעלאָזען. דיזער האָט וואַמפּאַן געשיינקט אַ בייטעל גאָלד און איז אוועק אין וואַלד. ער האָט אָבער דערביי ניט פערגעסען צו וואַרפען פייערדיגע בליקען אויף טערעזען. וואַמפּאַ האָט עס בעמערקט און האָט געשוויגען.

מעהרערע טעג זיינען פערגאַנגען צייט קוקומעטאָ איז אוועק. דער קאַרנאַוואַל האָט שוין באַלד געדאַרפט זיין און דער באַראָן סאַן פעליס האָט געגעבען אַ באַל פאַר אָרעם און רייך צוזאַמען. אויך וואַמפּאַ און טערעזא האָבען אַנטהייל גענומען אין באַל.

אַ יונגער גראַף האָט געטאַנצט מיט טערעזען, און וואַמפּאַ האָט געמערקט וויא טערעזע האָט זיך גוט צוגעהערט וואָס דער גראַף האָט צו איהר גערעט.

ווען זיי זיינען געווען אין דערהיים האָט לוגי געפרעגט ביי טערעזען, וואָס זיא האָט געטראַכט בשעת זיא האָט געטאַנצט מיט דעם פיינעם קאַוואַליער.

— איך האָב געטראַכט, האָט זיא אָן חכמות געענטפערט, אַז איך וואָלט אוועקגעגעבען דיא העלפט פון מיין לעבען פאַר אַזאַ קאָסטיום וויא דעם גראַף'ס טאָכטער האָט געטראַגען.

— וואָס האָט דיר דערויף געענטפערט דיין קאַוואַליער?

— אַז איך דאַרף איהם נאָר זאָגען אַ וואָרט וועל איך עס האָבען.

— גוט, דו וועסט עס האָבען פון מיר.

דיא יונגע מיידעל איז געווען ערשטוינט און האָט אויף איהם אויפגעהויבען דיא אויגען, אָבער זיין געזיכט איז געווען אַזוי פינסטער און שרעקליך, דאָס דיא ווערטער זיינען איהר אָפּגעשטאָרבען אויף דיא ליפּען. איבריגענס, איז לוגי, ווען ער האָט געזאָגט דיזע ווערטער, אוועקגעגאַנגען. ווען ער איז אין גאַנצען פערשוואונדען, איז זיא אוועק אַהיים זיפצענדיג.

אין דער זעלבער נאַכט האָט געברענט דעם גראַף'ס הויז. דער פייער איז געווען אַזוי גרויס, דאָס דעם גראַף'ס טאָכטער איז שיעור ניט פערברענט געוואָרען. ווען איין אונבעקאַנטער מאַן וואָלט זיא ניט ארויסגעטראָגען פון ברענענדיגען הויז, וואָלטען פון איהר געבליעבען קוילען. דער רעטער איז דאַן פערשוואונדען און מען האָט ניט געוואוסט ווער דאָס איז געווען.

אויף מאָרגען נאָך דער שריפה, ווען דיא פּאַאר פאַלק זיינען זיך צוזאַמענגעקומען

האט גודי גענומען טערעזען פאר'ן האנד און האט זיא ארייגעפיהרט אין הייל. דאָר־טען האבען געברענט צוויי ליכט ארום א פיינעם טואלעטען טיש מיט א שפיגעל און אויף'ן, טיש זיינען געלעגען האלז בענדער פון פערלען און טייערע בראָשען בעזעצט מיט דיאמאנטען. אויף א שטוהל איז געלעגען טהייערע קליידער.

טערעזע האט ארויסגעשטייסען א ווילדען פריידען געשריי און האט זיך א וואָרף געטאָן אויף דיא טהייערע זאכען, פערגעסענדיג אפילו גודי'ן צו בעדאנקען. זיא האט זיך גלייך גענומען פוצען.

וואמפא איז דערווייל ארויסגעגאנגען און האט צוגעמאכט דיא הייל, דען ער האט געזעהען אנקומען א רייטער. ווען דער רייטער האט בעמערקט לוגי'ן איז ער צוגערי־טען צו איהם אין גאלאָפּ.

דער רייזענדער האט געפרעגט ביי לוגי'ן דעם וועג, און דיעזער איז גלייך אָן פיעל צו ריידען געגאנגען פארויס און האט נעהייסען דעם רייזענדען איהם נאכגיין.

ווען וואמפא איז געקומען צו עטליכע קרייץ וועגען האט ער אויסגעשטרעקט דיא האנד און האט געזאגט צום רייזענדען:

— אָט איז אייער וועג. איהר וועט יעצט קיין טעות ניט האבען.

— און אָט האסטו דיין בעלאָהנונג, האט דער רייטער געזאָגט, איהם דערלאנ־גענדיג עטליכע מטבעות.

— איך דאנק, האט לוגי געזאָגט אוועקציהענדיג זיין האנד. איך טו א געפעליג־קייט, אבער איך פערקויף זיא ניט.

— אבער ווען דו נעמסט ניט אָן קיין בעלאָהנונג, ועסטו דאָך וויינגסטענס אָננעמען א פרעזענט.

— אָה, דאָס איז אנאנדער זאך.

— גוט, אלזאָ, נא דיר דיזע צוויי דימענטלעך, וועסטו דערפון מאבען פאר דיין כלה אָווירינגלעך, האט דער רייזענדער געזאָגט.

— דאָן נעמט פון מיר אלס פרעזענט דיזען דאָלך. איך האב אליין געשניצט דיא הענטעל און ער איז גוט.

— גוטי איך נעם אָן. וויא הייסטו? האט דער רייזענדער געפרעגט.

— איך, הייס לוגי וואמפא, האט ער מיט שטאָלץ געענטפערט, און וויא איז אייער נאָמען.

— איך האט דער רייזענדער געזאָגט, איך הייס סימבאַד דער מאטראָז.

פראנץ דיעפּיניי האט געגעבען א געשריי פון איבערראשונג.

— וואס האט אייך אזוי איבערראשט דער נאָמען? האט איהם אלבערט געפרעגט.

פראנץ האט ניט געענטפערט. דער נאָמען סימבאַד דער מאטראָז האט איהם דערמאָנט יענע נאכט אויפ'ן אינזעל מאָנטע קריסטאָ.

— דערציילט ווייטער, האט פראנץ געזאָגט צום האָטעל ווירטה.

— וואמפא, האט דער ווירטה פאָרגעזעצט, האט אריינגעלייגט דיא שטיינער אין פאקעט און האט זיך געלאָזען גיין צו דער הייל. פּלוצלונג האט ער דערהערט א געשריי אום הילפע און מען האט גערופען זיין נאָמען.

ער האט זיך אומגעקוקט פון וואנען דער געשריי איז געקומען און האט געזעהען, וויא א מאן האט געהאט טערעזע אויף דיא פלייצעס און איז מיט איהר געלאָפען אין וואלד. וואמפא האט געזעהען, אז דער מאן איז שוין געווען וויט פון איהם און איהם צו דעריאָגען וואָלט געווען שווער. ער האט צוגעלייגט דיא ביקס צו דיא פלייצעס און האט א ווייל געציעלט, דאן האט עס געגעבען א קנאַל. דער רויבער פון מיידעל האט זיך גענעבען א שאָקעל און איז געפאלען מיט זיין לאסט.

וואמפא איז גלייך צוגעלאָפען צו טערעזען זעהען אויב זיא האט זיך ניט בעשעדיגט פאלענדיג. טערעזע האט גאָרניט געשאט. ער האט דאן א קוק געטאָן אויף דעם רויבער און צו זיינער איבערראשונג האט ער אין איהם דערקענט דעם רויבער הויפט־מאן קוקומעטאָ. ער איז געווען טויט.

וואמפא איז א ווייל געשטאנען און האט בעטראכט דעם טויטען באנדיט. קיין מוסקעל אויף זיין געזיכט האט זיך ניט גערירהרט. דאן האט ער זיך געווענדט צו טערעזען און האט ערשט יעצט בעמערקט, אז זיא איז געווען אָנגעטאָן אין דיא קליידער און דעם ציערונג פון דעם גראַף'ס טאָכטער.

— אהא, האט ער געזאָגט, דו ביזט אָנגעטאָן. איך וועל זיך אויך באלד אָנטאָן. ביי דיזע ווערטער האט ער גענומען דעם טויטען באנדיט און האט איהם אריינגעטראָגען אין דער הייל.

טערעזע איז געבליעבען דרויסען.

ווען א צווייטער רייזענדער וואלט יעצט פארבייגעפאָהרען וואלט ער געזעהען א זאָנדערבארע זאך: א פאשטושקע היטענדיג איהרע שאָף אין א קלייד פון קאשימיר, אין גאָלדענע אוירינגלעך, מיט א האלזבאנד פון פערלען, בראָשען אין דיאמאנטען און אנדערע טייערע שטיינער.

באלד איז ארויסגעקומען וואמפא אָנגעטאָן אין דיא שיינע קליידער פון קוקומעטאָ. ווען טערעזע האט איהם דערזעהען האט זיא ארויסגעשטויסען א געשריי פון בעוואונדערונג. וואמפא איז געווען וואונדערבאר שיין.

— יעצט, האט ער געזאָגט צו זיין כלה, ווילסטו מיט מיר טהיילען מיין שיקזאל?

— יא, האט דיא מיידעל אויסגערופען מיט היץ.

— ווילסטו מיט מיר מיטגיין וואו איך וועל גיין?

— אפילו אין עק וועלט, איז געווען דער ענטפער.

— דען נעם מיין ארעם און קום. דען מיר דארפען ניט פערליערען קיין צייט. און ביידע זיינען נעגאנגען צום וואלד. וואמפא האט געקענט גאנץ גוט אלע ווינקלען פון וואלד און פון דער גאנצער אומגעגענד.

זיי האבען מארשירט גענען אָנדערהאלבען שטונדען דורך דעם וואלד, ביז זיי זיינען געקומען צווישען בערג. דאָרטען זיינען זיי אָפגעהאלטען געוואָרן פון א בעוואפענטען מאן. וואמפא האט איהם דערציילט, אז ער גייט צו דער באנדע, און יענער האט איהם אהין צוגעפיהרט. ער האט דאן געגעבען דריי געשריי פון א פויגעל און באלד האבען זיך וואמפא און טערעזע געפונען ארומגערינגעלט פון א צוואנציג באנדיטען.

— אָט איז א יונגער מאַן, וועלכער וועט מיט אייך ריידען, האָט דער באַנדיט געזאָגט צו זיי.

— און וואָס ווילסטו? האָט דער עלסטער פון זיי געפרעגט ביי וואַמפּאַ'ן.

— איך וויל אייך זאָגען, אַז עס איז מיר מיעוס געוואָרען צו זיין א פּאַסטוך.

— דאָס הייסט, אַז דו ביזט געקומען צוטרעטען צו אונז, האָט דערזעלבער געזאָגט.

— יאַ, אבער איך האָב ביי אייך אַנאַנדער זאַך צו בעטען.

— און וואָס ווילסטו ביי אונז בעטען? האָבען דיא באַנדיטען פערוואונדערט געפרעגט.

— איך בין געקומען צו אייך, אַז איהר זאָלט מיך אָננעמען פאַר א הויפּטמאַן, האָט דער יונגער מאַן געזאָגט.

דיא באַנדיטען האָבען ארויסגעשאָסען א געלעכטער.

— און וואָס האָסטו אַזוינס אויפגעטאָן, אַז דו ווילסט האָבען דיזען פּלאַץ? האָט איינער געזאָגט.

איך האָב אונטערגעצונדען דיא הויז פון גראַף סאַן פעלים, אום צו געבען קליידער פאַר מיין כלה.

א שטונדע שפּעטער איז לוי וואַמפּאַ געווען דער הויפּטמאַן פון דער באַנדע אויף דעם פּלאַץ פון קוקומעטאָ.

— אַלזאָ און דיזער לוגי וואַמפּאַ איז עס יעצט אַזוי בעריהמט אין דער גאַנצער געגענד? האָט פראַנץ געפרעגט.

— מען ציטערט, ווען מען הערט זיין נאָמען. האָט דער ווירטה געענטפערט.

— און וואו איז דיא פּאָליציי? זיא קען געגען איהם נאַרניט מאַכען?

— מען קען איהם ניט קריגען. ער איז בעפריינדעט מיט אַלע פּאַסטוכער פון דעם געגענד. ער איז א פריינד מיט אַלע קאָנטרעבאַנדיסטען. זוכט מען איהם דאָ, איז ער גאָר דאָרטען. זוכט מען איהם אויף איין אינזעל, איז ער גאַר אין שטאָט.

— און וואָס טוט ער מיט דיא געפאַנגענע? האָט פראַנץ געפרעגט.

— ער גיט א געוויסע צייט פאַר אויסלייזונג, און ווען מען ברייננט איהם ניט דיא פערלאַנגטע סומע, ווערט דער געפאַנגענער ערמאָרדעט.

— אַלזאָ פאָהרען מיר האָט אַלבערט פראַנץ'ן געפרעגט.

— געוויס. וואָס איז עס פאַר א פראַגע?

באַלד האָט מען געמעלדעט דעם וואָגען און ביידע האָבען זיך אין איהר אריינגעזעצט.

## 22טעס קאַפּיטעל.

## אין דיא רואינען.

דיא יונגע לייט זיינען ארויסגעפאָהרען פון טויער און זיינען צוגעפאָהרען צו דיא ראַזוואַלינעס. דאָרטען זיינען זיי אראָפּ פון וואָגען און זיינען אריין אין דיא רואינען. זיי האָבען זיך לאַנג ארומגעדרייט צווישען דיא רואינען ביי דעם שיין פון דער לבנה, און האָבען בעוואונדערט דיא מאָנומענטען פון דיא אַלטע רוימישע צייטען.

אלבערט האט זיך אפגעטהיילט פון פראנץ און איז געוועז דערווייטערט פון איהם. פראנץ האט זיך געזעצט אויף א שטיין און האט בעטראכט דיא צייכענס פון אמאליגע רוימישע גרויסקייט.

אזוי וויא ער איז דאָ געזעסען פערזונקען אין געדאנקען, האט ער דערהערט ניט ווייט פון איהם א קלאפּ פון א שטיין. ער האט זיך שנעל אויפגעהויבען און האט זיך בעהאלטען אונטער א זייל. ער האט דאן געקוקט פון וואנען דער קלאפּ איז געקומען און האט געזעהען א מאן ארויפקומענדיג פון איין אונטערשטע טרעפּ.

דער מאן איז געוועזן איינגעוויקעלט אין א לאנגען מאנטעל און זיין ברייטער הוּט האט פערדעקט זיין האלבעס געזיכט. ער האט געטראָגען שווארצע איינגע הויזען און איז געגאנגען אין לאק שטיוועל. דאס האט בעוויזען, אז דער מאן האט געהערט צו דער אריסטאָקראַטיע. דער מאן האט געשיינט צו ווארטען אויף וועמען און פראנץ האט פון זיין בעהאלטער פון איהם ניט אראפּגעלאָזען דיא אויגען.

אין א פּאָר מינוטען ארום איז פון דער אנדערער זייט ערשינען נאך א מאן, און ווען ער האט בעמערקט דעם ערשטען איז ער גלייך צוגעגאנגען צו איהם.

— ענטשולדיגט מיר, עקסעלענץ, וואס איך בין געקומען מיט א פּאָר מינוטען צו שפּעט. א וויכטיגע זאך האט מיך אָפּגעהאלטען, האט דיזער געזאָגט צום ערשטען מאן.

— איהר זייט ניט געקומען צו שפּעט. עס איז ריכטיג צייט.

— איך קום איצטער פון שלאָס סענט אנזש, און איך האָב געהאט פיעל מיהע ביז איך האב געשפּראכען מיט בעפּאָ.

— וואָס איז עס פאר א בעפּאָ?

— ער איז א דיענער פון געפענגניס, וועלכען איך צאָהל געהאלט, אום צו וויסען וואס עס הערט זיך ביי זיינער הייליגקייט דעם פּאפּסט.

— אָה, איך זעה, אז איהר זייט א מאן פון פּארזיכט, מיין טייערער.

— וואָס ווילט איהר, עקסעלענץ, מען קען ניט וויסען וואָס עס קען פּאסירען. עס קען זיין, אז איך זאל אויך א מאל געפּאקט ווערען וויא דער ארימער פּעפּינאָ, און איך וועל אויך דארפען האבען איינעם וואס זאל מיך ארויסראטעווען פון געפענגניס.

— קורץ, וואס האט איהר זיך דערוואוסט?

— דינסטאג צוויי א זייגער וועלען זיין צוויי הינריכטונגען, אזוי וויא עס איז דיא געוואָנהייט אין ראָם פאר א גרויסען יום טוב. איין פערארורטהיילטער וועט זיין דער־קוועטשט און דער אנדערער וועט געקעפּט ווערן. דער ערשטער האט ערמארדעט א פּריסטער, וועלכער האט איהם ערצייגען, און דער אנדערער איז דער ארימער פּעפּינאָ.

— וואָס ווילט איהר, מיין פריינד, איהר מאַכט דער רעגיערונג אזוי פיעל טראָבעל, דאס מען וויל אייך געבען א לעהרע.

— אָבער פּעפּינאָ געהערט אפילו ניט צו דער באַנדע. ער איז איין ארימער פּאסטוך, וואָס האָט נאר בעגאנגען זיין פערברעכען דערמיט, דאס ער האט אונז געליפערט שפּייז.

— נו, דערמיט איז ער דאך אייער חבר. איבּריגענס וויל דיא רעגיערונג מאכען מיט איהר הינריכטונג דעם פאָלק פערגעניגען.

— זיא האט אבער ניט גערעכענט דעם פערגעניגען, וואס איך וועל איהר פערשאפען.

— מיין ליעבער פריינד, מיר שיינט, אז איהר זייט בערייט צו בעגיין וועלכע דומהייט.

— איך בין בערייט אויף אלעס, אום דעם ארימען טייוועל צו בעפרייען. עס וואלט געוועזען פון מיין זייט א טרוסאסט (פייגהייט), ווען איך זאל ניט טאן עטוואס פאר דעם ארימען טייוועל.

— און וואס וועט איהר טאן? האט איהם דער מאן אין מאנטעל געפרעגט.

— איך וועל אוועקשטעלען א צוואנציג מאן ארום דעם עשאפאט, און אויף א געגעבענעם סיגנאל וועלען זיך אלע א ווארף טאן מיט דיא קינזשאלען אויף דער וואכע און וועלען בעפרייען דעם געפאנגענעם.

— אייער פלאן איז זעהר א ריזיקאנטער; מיין פלאן איז א בעסערער.

— און וועלכער פלאן איז אייערער, עקסעלענץ?

— איך וועל געבען צעהן טויזענד פיאסטער, אז מען זאל אפלייגען פעפינאס הינריכטונג אויף א יאהר און נאך פאר טויזענד פראנק וועל איך איהם בעפרייען פון געפענגניס.

— אלזא גוט, פרובירט איהר אייער פלאן און איך וועל טאן מיינס. ווען אייער פלאן זאל ניט געלינגען, דאן וועל איך טרייען מיינעם.

— זאל זיין אזוי, ווען עס מאכט אייך פערגעניגען.

— פערגעסט ניט אז איבערמארגען איז דינסטאג. איהר האט נאך איין טאג צו האנדלען.

— פאר מיר איז גענוג איין טאג, האט דער הערר געענטפערט.

— ווען איהר וועט געלינגען, עקסעלענץ, וויא וועל איך עס וויסען?

— דאס איז גאנץ איינפאך. איך האב געדונגען דיא לעצטע דריי פענסטער פון קאפע הויז ראספאלי. דיא צוויי פענסטער פון עק וועלען זיין בעצויגען מיט געלען זייד און דער מיטעלסטער וועט זיין בעצויגען מיט ווייסען און מיט רויטען א קרייץ.

— און מיט וועמען וועט איהר צושיקען דיא בעפרייאונג?

— שיקט מיר איינעם פון אייערע לייט פערקליידעט אין א מאנאך און איך וועל איהם עס געבען. אין זיינע קליידער וועט ער לייכט צוקומען צום פיהרער פון דער וואכע, און ער וועט איבער געבען צום תליון. דערוויילע לאזט אנזאגען פעפינאן, וואס מען טהוט פאר איהם ער זאל דערוויילע ניט שטארבען פון שרעק, און מען זאל פאר איהם ניט מאכען קיין אומזיסטע עקספענסעס.

— הערט, עקסלענץ, האט יענער געזאגט, איהר ווייסט, אז איך בין אייך זעהר ערגעבען, ניט אמת?

— איך האף עס וויניגסטענס, האט עקסעלענץ געענטפערט.

— גוט אלזא, ווען איהר וועט רעטען פעפינאן, וועט עס זיין אין דער צוקונפט מעהר וויא ערגעבענהייט, עס וועט זיין געהארכזאמקייט.

— גיב אכטונג וואס דו זאגסט, מיין ליעבער! עס קען זיין, אז איך וועל דיך

א מאל אָן דעם דערמאָנען. דען עס קען זיין, אז איין טאג וועל איך דיך האבען נייטיג....

— גוט, עקסעלענץ. איהר וועט מיך געפינען אין דער נייטיגער שטונדע, אזוי וויא איך האב אייך יעצט געפונען. ווען איהר זאָלט זיין אין עק וועלט און איהר וועט מיר שרייבען טו דאָס, וועל איך עס טאָן.

— זעהר גוט, איך וועל עס גערדיינקען.

— וויא וועט זיין, עקסעלענץ, אז אייער פּלאן וועט ניט געלינגען? וויא וועל איך עס וויסען?

— דריא דריי פּענסטער וועלען זיין בעצויגען מיט געלען שטאָף.

— און וואָס וועט זיין דאַן?

— דאַן, מיין פריינד, געבריוכט אייערע קינזשאַלען. איך וועל זיין דערביי און וועל צוזעהען וויא איהר וועט עס מאַכען.

— אדיע, עקסעלענץ, איך פערלאָז זיך אויף אייך. פערלאָזט איהר זיך אויף מיר.

ביי דיזע ווערטער איז דער מאַן פערשוואונדען דורך א טרעפּ און דער מאַן אין מאַנטעל האט נאָך מעהר פערוויקעלט זיין געזיכט און איז ארויס פון דיא רואינען.

אין א מינוט ארום האט פראַנץ דערהערט רופענדיג זיין נאָמען. דאָס איז געווען אַלבערט, וועלכער האט איהם געזוכט. ער איז צו איהם גלייך צוגעגאַנגען. אַפּאַר מינוט שפּעטער זיינען זיי געפאָהרען אין האָטעל.

ווען ביידע יונגע לייט זיינען געווען אין זייערע צימערס, האָבען ביידע געהאט פערשיעדענע געדאַנקען. אַלבערט האט געטראַכט וויא צו פערברייינגען דעם מאָרגענדיגען אבענד. און פראַנץ האט געהאט גאַנץ אַנדערע געדאַנקען.

פון דיא צוויי מענשען, וועלכע ער האָט געזעהען אין דיא רואינען, איז איינער איהם געווען גאַנץ פרעמד, אבער מיט דעם אנדערן איז עס געווען אנאַנדער זאַך. ווען פראַנץ האט אפילו ניט געקענט אונטערשיידען זיין געזיכט, ווייל ער איז געווען אין שאַטען און ער איז געווען פערדעקט מיט א ברייטען העט, אבער דער קלאַנג פון זיין שטימע האט ער געהערט ניט צום ערשטען מאָל און אזא שטימע פערגעסט מען ניט. עס איז געווען דיא איינענע שטימע וואָס אין דער הייל פון דער אינזעל מאָנטע קריסטאָ.

פראַנץ איז אלזאָ געווען איבערצייגט, אז דער מאַן איז ניט געווען קיין אנדערער וויא סימבאַד דער מאַטראָז. פערשיעדענע געדאַנקען האָבען זיך געדרייט אין זיין מוח. ער האט דיא גאַנצע נאַכט ניט געקענט שלאָפען. ערשט פיער א זייגער פאַרטאָג איז ער איינגעשלאָפען.

אויף מאָרגען דעם גאַנצען טאָג האט מען זיך פארבערייטעט צו גיין אין אָפּערא הויז. צו דער בעשטימטער צייט זיינען זיי געווען אין זייער לאָזשע. מען האט דיזע נאַכט געשפּיעלט א גרויסאַרטיגע ראָלע און דיא ערשטע צוויי אַקטען איז פראַנץ געווען פערטיפט אויף דער בינע. ביים אָנפאַנג פון דריטען אַקט האט אַלבערט בעמערקט אין א לאָזשע אנטקעגען זיי זעהר א שיינע דאַמע.

— בעטראַכט נאָר דיזע שיינהייט, האט ער געזאָגט צו פראַנץ'ן צייגענדיג אויף דער ענטקעגענדיגער לאָזשע, א וואהרע גריכישע געטין.

פראנץ האט א קוק געטאן אויף יענער לאַזשע און האט בעטראכט דיא פרוי, אין א מינוט ארום האט ער אויפגעמאכט גרויס דיא אויגען. ער האט בעמערקט אין יענער לאַזשע אין ווינקעל שטייענדיג א מאַן, וועלכער איז איהם פאַרגעקומען בעקאַנט, און ווען ער האט זיך בעסער איינגעקוקט האט ער אין איהם דערקענט דעם מאַן פון דער אינזעל מאָנטע קריסטאָ. ער איז געוועזן אזוי איבערראַשט, דאס ער האט ניט ווילענדיג אויסגערעט:

— אלזאָ דיזער מאַן וואָהנט אין רוים! איך מוז דורכאויס וויסען ווער ער איז.

— פון וועמען רעט איהר? האט איהם אַלבערט געפרעגט.

— פון דעם מאַן אין יענער לאַזשע.

— וואס איז מיט יענעם מאַן, האט אַלבערט געפרעגט.

— איך קען אייך נאך ניט זאגען. איך וויים נאך אליין ניט. אבער עס קען זיין וואָס עס וויל און איך מוז וויסען ווער ער איז. ער קומט מיר צו געהיים פאָר.

אַלבערט האט ניט פערשטאַנען וואס מיט איהם איז און וואס ער מיינט מיט דעם מאַן. ער האט זיך ענטשלאָסען אין פראַנץ'ן ניט צו דרינגען מיט פראגען ביז ער וועט איהם אליין דערציילען.

ווען זיי זיינען געקומען אהיים האט פראַנץ ווידער געטראַכט וועגען דעם וואונדערבארען מאַן מיט'ן בלייכען געזיכט.

23טעם קאַפּיטעל.

## דיא הינריכטונג.

אויף מארגען זיינען דיא ביידע יונגע לייט צוזאַמענגעקומען און זייער ערשטע רייד איז געוועזן וויא צו קריגען א וואָגען, אום צו קענען בייוואָהנען דיא הינריכטונג. דער האָטעל ווירטה האט זיי פערשפּראָכען צו פערשאַפען א וואָגען און זיי האבען עס אויף איהם געוואַרט. באלד איז דער ווירטה אריינגעקומען.

— וואס הערט זיך? האט איהם פראַנץ געפרעגט.

— איך האב געפונען א בעסערע זאך וויא איהר ווינשט.

— לאָמיר שוין הערן, וואָס דאָס איז.

— ווייסט איהר, אז דער גראַף פון מאָנטע קריסטאָ וואוינט מיט אייך אויף איין קאָררידאָר?

— געוויס וויים איך, האט אַלבערט געענטפערט, ווייל מיר האבען איהם צו פערדאנקען אונזער שיינע לאַזשיע.

— אַלזאָ, דער גראַף וויים וואס אייך פעהלט און ער האט פאר אייך אָנגענרייט צוויי פּלעצער אין זיין וואָגען און צוויי פלעצער אין זיינע פענסטער.

— ווער איז דער גראַף מאָנט קריסטאָ? האט פראַנץ געפרעגט.

— א זעהר גרויסער מאַגנאַט פון סיציליען אָדער פון מאַלטאַ? איך וויים ניט אזוי ריכטיג, אבער אַדעל וויא א בּאַרגהעז און רייך וויא א גאָלד מינע.

— מיר שיינט, ווען דער מאַן איז אזוי גרויס וויא דער ווירטה שילדערט איהם, האָט ער אונז געדארפט שיקען איינלאַדונגען, האט אַלבערט געזאָגט.

אין דיזער מינוט האט מען אַנגעקלאַפּט אין טהיר. א דינער אין א רייכע ליווּרע איז אריינגעקומען אין צימער.

— פון גראף מאַנטע קריסטאָ פאר באַראָן ד'עפּינייַ און פאר גראף אלבערט מאָרסערף, האט ער געזאָגט. און ער האט דערלאנגט דעם ווירטה צוויי קארטען, וועלכע דיזער האט איבערגעגעבען דיא צוויי יונגע לייט.

— דער הערר גראף מאַנטע קריסטאָ, האט דער דינער וויטער געזאָגט, האט אייך געלאָזען פרעגען אויב ער קען אייך מאָרגען פריה בעזוכען אלס שכן.

— זאגט דעם גראף, האט פראנץ געזאָגט צום דינער, אז מיר אליין וועלען איהם מאָרגען בעזוכען. דער דינער איז ארויסגעגאנגען.

אויף מאָרגען א זייגער נייען אין דער פריה זיינען שוין ביידע יונגע לייט געווען אָנגעטאָן און האבען געפרעגט דעם ווירטה אויב זיי קענען שוין אריינגיין צום גראף מאַנטע קריסטאָ.

— אָה געוויס, האט דער ווירטה געענטפערט. דער גראף מאַנטע קריסטאָ איז געוויינט זעהר פריה אויפצושטיין און איך בין זיכער, אז ער איז שוין וואך פון צוויי שטונדען.

— דען לאָמיר גיין, האט אלבערט געזאָגט. און אלע דריי פּערזאָן זיינען ארויס פון צימער. דער ווירטה איז געגאנגען פאָרויס און האט אָנגעקלונגען. א דינער האט אויפגעמאכט און האט זיי געבעטען אריינגיין.

זיי זיינען פערבייגעגאנגען צוויי צימערן, וועלכע וואָרן גרויסארטיג מעבלירט און דעקאָרירט און זיי זיינען אריינגעקומען אין א דריטען צימער, וועלכער איז נאך געווען שענער פאר יענע צוויי. דער דינער האט זיי געבעטען זיצען און איז געגאנגען אָנמעלדען דעם גראף. זיי האבען לאנג ניט געוואַרט, דען באלד איז דער גראף אריינגעקומען.

אלבערט איז איהם ענטקעגען געגאנגען. אָבער פראנץ איז געבליבען וויא צוגעשמיט צו זיין פּלאַץ.

דער וואס איז אריינגעקומען איז ניט געווען קיין אנדערער וויא דער מאַן אין מאַנטעל אין דיא רואינען, דער אונבעקאַנטער אין טהעאטער, און דער געהיימער ווירטה פון אינזעל מאַנטע קריסטאָ.

— מיינע הערען, האט מאַנטע קריסטאָ געזאָגט אריינקומענדיג, פערצייהט מיר וואס איך האב אייך געלאָזען ווארטען. איך האב געוואלט קומען צו אייך, נאר איך האב גערעכענט, אז עס וועט זיין צו פריה.

— מיר דאנקען אייך טויזענד מאל, הערר גראף, האט אלבערט געזאגט, פאר דיא געפעליגקייט וואס איהר טוט אונז. ווען איהר וואלט אונז ניט צופארגעקומען מיט אייערע פריינדליכקייט, וואלטען מיר געמוזט נעמען א שווערען וואָגען, און דאס איז נאך א פראגע, אויב מיר וואלטען איהם בעקומען.

— אין געגענטהייל, מיינע הערען, האט דער גראף געזאָגט זיי בעטענדיג זיצען, ווען דער אייזעל פּאַסטריני וואלט מיר פריהער געזאגט, אז איהר זייט אין פערלעגענהייט, וואלט איהר פערשפּאָרט צו זאָרגען. מיר מאכט עס דעם גרעסטען פערגעניגען, דען איך בין אליין און דאס מאַכט מיר קיין פערגעניגען ניט. איך פריי מיך זעהר וואס איך האב

געמאכט אייערע בעקאנטשאפט. יעצט וועל איך האבען מיט וועמען צו פערברייננגען דיא צייט.

ביידע יונגע לייט האבען זיך פערבייגט. פראנץ האט נאך ניט געפונען א וואָרט צו ריידען. ער האט גאנץ גוט געוואוסט אז דער גראף קען איהם אויך, נאָר אזוי וויא יענער האט זיך געמאכט ניט ווישענדיג האט ער ניט געוואלט אָנפאנגען. ער האט גע־ווארט אויף א געלעגענהייט. דאך האט ער זיך בעשלאָסען צו מאכען מיט איהם א געשפרעך, וועלכער זאל איהם פיהרען צו זיין ציעל.

— הערר גראף, האט ער געזאָגט, איהר האט אונז אָנגעבאָטען א פלאץ אין אייער וואָגען און א פלאץ אין אייערע פענסטער, קענט איהר אונז אפשר פערשאפען א פלאץ אויף דעל פאָפאָלאָ?

— אָ יא, עס איז ריכטיג. וועט דארטען ניט זיין א הינריכטונג?

— יא, האט פראנץ געענטפערט, זעהענדיג, אז ער קומט אליין דערצו צו וואָס ער וויל.

— אָ ווארט, דאכט זיך, אז איך האב נעכטען געזאָגט צו מיין געשעפטס־פיהרער, אז ער זאָל זאָרגען וועגען אייך. עס קען זיין, אז איך זאל אייך בעווייזען דיזען דיזען קליינעם דיענסט אויך. ער האט דערביי דריי מאָל א ציה געגעבען דעם גלעקעל.

א מאן פון א יאהר פינף און פערציג איז אריינגעקומען און ער האט געשיינט צו פאסען אקוראט צו דעם, וועלכער האט איהם אריינגעפיהרט אויף דעם אינזעל מאָנטע קריסטאָ. דער מאן האט זיך געמאכט, אז ער קען איהם גארניט. פראנץ האט פער־שטאנען, אז עס איז געווען איין אָפּגעמאכטע זאך.

— הערר בערטוציאָ, האט צו איהם דער גראף געזאָגט, האט איהר מיר בע־שטעלט א פענסטער אויף פלאס דעל פאָפאָלאָ, וויא איך האב אייך געזאָגט?

— יא, עקסעלענץ, האט בערטוציא געענטפערט.

— איהר מאכט זיך צו פיעל טראָבעל פון אונזערטוועגען, האט אלבערט געזאָגט.

— אין גאנצען נישט, האט דער גראף געענטפערט, דאס מאכט מיר פערגעניגען. איהר וועט עס מיר אָפּדינען ווען איך וועל זיין אין פאריז.... בערטוציא, ברייננגט מיר איין אפישע וועגען דער הינירכטונג.

— איך האָב איינע, האט פראנץ געזאָגט דערלאנגענדיג דעם גראף איין אפישע

— איך דאנק. אלזאָ איך האב שוין, בערטוציא, דעקט דעם טיש פאר דריי פערזאָן צום דינער. איהר וועט דאך מיר מאכען דיא עהרע צו שפייזען מיט מיר דיי־נער? האט דער גראף צו דיא צוויי יונגע לייט געזאָגט. יענע האבען איינגעווילינגט.

נאך דינער איז אריינגעקומען אין צימער א לאקיי און האט געמעלדעט דעם גראף, אז א מאן ווארט אויף איהם אין פאָרדער צימער. דער גראף האָט זיך ענטשולדיגט פאר דיא צוויי יונגע לייט און איז ארויסגעגאנגען.

עס האָט ניט לאנג געדויערט און דער גראף איז געקומען צוריק. ער האט זיי געזאָגט, אז אלעס איז שוין בערייט און זיי קענען פאָהרען איינעמען זייערע פלעצער. דער וואָגען איז שוין געשטאנען אונטען און אלע דריי האבען זיך אין איהם אריינגעזעצט. באלד זיינען זיי געווען לעבען פאליי ראָספאָלי.

פראַנץ אויגען זיינען געווען אויף דיא פענסטער. ער האט ניט פערגעסען דיא צייכענס, וועלכע זיינען געגעבען געוואָרען אין דיא רואינען.

— וועלכע זיינען אייערע פענסטער? האט פראַנץ געפרעגט מיט א גאַנץ נאַטירליכען טאָן.

— דיא לעצטע דריי האט דער גראַף גלייכגילטיג געענטפערט.

— פראַנץ האט ווידער בעטראַכט דיא פענסטער. דיא פענסטער זיינען געווען בעצייגען מיט געלען זייד און דער מיטעלסטער מיט ווייסען זייד און אין מיטען מיט א רויטען קרייץ.

דער מאַן אין מאַנטעל האט געהאַלטען וואָרט, און יעצט איז שוין גאָר קיין צווייפעל ניט געווען: דער מאַן אין מאַנטעל איז גראַף מאָנטע קריסטאָ.

אלע דריי זיינען באַלד ארויף אויף'ן צווייטען שטאָק וואו דיא פענסטער זיינען געווען און האבען פערנומען זייער פּלאַץ. פון דאַנען האט מען איבערגעזעהען דעם גאַנצען פּלאַץ מיט דעם עשאַפאָט און מיט דיא גרויסע מאַסע מענשען ארום איהם.

צוויי מאַן זיינען געזעסען לעבען דער מאַשין, וואו מען לייגט אריין דעם פערמשפטענס קאָפּ און האבען דאָרטען געגעסען. איינער פון זיי האט ארויסגעצויגען א ברעט און האט פון דאָרטען ארויסגענומען א פלעשעל וויין און האט פון איהר געטרונקען און האט דערלאַנגט דעם אַנדערן. דיזע צוויי מענער זיינען געווען דיא געהילפען פון תליון.

נאָר ביי דיזען אָנבליק האט פראַנץ געפיהלט אז דיא האָר שטעלען זיך איהם קאַפּויר.

באַלד האט זיך געזעהען גייענדיג א מחנה סאָלדאַטען און צווישען זיי זיינען געגאַנגען דיא צוויי פערמשפּטע צום טויט. דיא פרויען האבען אויפגעהויבען זייערע קינדער אין דער הויך כדי זיי זאָלען זעהען דעם שרעקליכען ספּעקטאַקל.

הינטער דיא גלחים איז געגאַנגען א שטאַרקער מאַן כמעט גאַנץ נאַקעט, נאָר א קורצע פּאָר הייזען האבען בעדעקט זיין לייב. אָן דער זייט האט ער געטראָגען א גרויסען מעסער און אויף איין אַקסעל האט ער געטראָגען א שווערען שטיק אייזען. דאס איז געווען דער תליון.

דיא צוויי פעראורטהיילטע זיינען געגאַנגען מיט פערבונדענע אויגען.

פּעפּינאָ איז געגאַנגען מיט א זיכערן טריט; ער האט אודאי געמוזט עטוואס וויסען פון דעם, וואָס איהם האט ערוואַרטעט. אַנדרעאַ איז געווען אונטערגעהאַלטען פון צוויי גלחים פוןביידע זייטען.

פראַנץ האט געפיהלט נאָר ביי דיזען אָנבליק, אז דיא פיס בייגען זיך איהם. ער האט בעטראַכט אַלבערט'ן. דיזער איז געווען בלייכער וויא זיין העמד. נאָר דער גראַף איז געווען רוהיג. עס האט נאָך געשיינט אז זיינע בלייכע באַקען האבען בעקומען א רויטע פאַרבּ. זיין נאָז האט זיך פערנאַנדער געלאָזען, אזוי וויא ביי א ווילדע חיה, וועלכע דערשפּירט בלוט, און זיינע האַלב אָפענע ליפּען האָבען געלאָזען זעהען זיינע ווייסע קליינע ציין, שפּיציג וויא ביי א רויבפויגעל.

און פון דעסטוועגען האט זיין געזיכט געהאט דעם אויסדרוק פון א זיסען שמיי־בעל, וועלכען פראנץ האט ביי איהם קיין מאל ניט געזעהען.

דערווייל זיינען דיא פעראורטהיילטע געגאנגען אלץ נעהענטער צום עשאפאט. פעפינא איז געווען א שיינער יונג פון א יאהר פיער, פינף און צוואנציג. ער האט געטראגען הויך דעם קאפ, און האט געשיינט צו פיהלען פון וועלכער זייט זיין בעפרייאונג וועט קומען.

אנדרעא איז געווען פעט און קורץ. זיין ווילדע געזיכט האט ניט געציינט וויא אלט ער איז. ער האט געקענט פון דעסטוועגען אלט זיין א דרייסיג יאהר. ער איז ניט געגאנגען, ער האט זיך געשלעפט.

— מיר שיינט, האט פראנץ געזאגט צום גראף, אז איהר האט מיר געזאגט, דאס איין הינריכטונג וועט זיין?

— איך האב אייך געזאגט דיא ווארהייט. האט דער גראף קאלט געענטפערט.

— אט זיינען דאך אבער צוויי פעראורטהיילטע.

— יא, אבער איינער פון זיי גייט אין טויט און דער אנדערער האט נאך לאנגע יאהרען צו לעבען.

— אבער ווען עס וועט קומען פאר איינעם א ערלייזונג, וועט עס שוין זיין צו שפעט.

— און אט קומט דיא ערלייזונג. קוקט, האט דער גראף געזאגט.

און אין אמת'ן, האט מען טאקע געזעהען לויפענדיג צום עשאפאט א מאנאך. ער האט זיך פריי דורכגעשלאגען דורך דיא סאלדאטען און איז צוגעקומען צום תליון און האט איהם דערלאנגט א באפיער.

דער תליון האט איבערגעגעבען דעם פאפיער דעם גלח און דיזער האט הויך פארגעלעזען אז דער פאפסט האט איינעם פון דיא צוויי פעראורטהיילטע געשיינקט דאס לעבען און דיא פרייהייט.

— פאר וועמען? האט אנדרעא אויסגערופען אויפהויבענדיג דעם קאפ.

פעפינא איז געבליעבען רוהיג און שטום. ער האט קוים געצויגען דעם אטהעם.

— דיא בעפרייאונג איז פאר פעפינא, האט דער פיהרער פון דער וואכע געזאגט.

— פאר וועמען? פאר פעפינא! האט אנדרעא אויסגערופען. און פאר וואס פאר איהם און ניט פאר מיר? מיר האבען געדארפט צוזאמען שטארבען; מען האט מיר פערשפראכען, אז ער וועט שטארבען פריהער פון מיר! מען האט קיין רעכט ניט מיך צו טויטען פריהער פאר איהם. איך וויל ניט שטארבען אליין! איך וויל ניט!

און ער האט זיך ארויסגעריסען פון דיא הענד פון דיא גלחים; ער האט זיך געװארפען און געריסען וויא א געבונדענער אקס.

דער תליון האט געגעבען א צייכען צו זיינע צוויי געהילפען און דיזע האבען זיך אויף איהם א ווארף געטאן.

— וואס איז דארטען? האט פראנץ דעם גראף געפרעגט.

— וואס דארטען איז, האט דער גראף געזאגט. פערשטייט איהר ניט, אז יענע בעשעפענים וויל ניט שטארבען אהן דעם צווייטען. ווען מען וואלט איהם איצטער פריי

גלאָזען, וואָלט ער דעם בעפרייטען צוריסען מיט דיא נעגעל וויא א טיגער א שעפּס. אָה מענשען! מענשען! משפחה פון קראָקאָדילע! האט דער גראף אויסגערופען אויפהויבענדיג דיא קולאקעס געגען דער מאסע ארום עשאפאט, וויא ניעדריג איהר זייט!

דיא צוויי געהילפען האבען זיך געקייקעלט מיט זייער אָפפער אין מיסט, ווערענד דיזער האט געשריען: „ער מוז שטארבען! איך וויל אז ער זאָל שטארבען, מען האט קיין רעכט ניט מיך צו טויטען אָהן איהם"!

— קוקט, קוקט, האט דער גראף פאָרטגעזעצט אננעמענדיגביידע יונגע לייט פאר דיא הענד, קוקט, דען ביי מיין לעבען, עס איז מערקווירדיג. אָט איז א מענש, וועלכער האט זיך שוין איבערגעגעבען צו זיין שיקזאל, ער איז שוין געגאנגען צום עשאפאָט. ער איז אפילו געגאנגען אין טויט וויא א פייגלינג, עס איז וואהר, אבער ער איז געגאנגען אין טויט. ווייסט איהר וואס איהם האט געגעבען קראפט? ווייסט איהר וואס איהם האט געטרייסט? ווייסט איהר וואס עס האט איהם געמאַכט אָנגעמען זיין היגריכטונג מיט געדולד? ווייל אנאנדערער האט געדארפט טהיילען זיין שיקזאל, ווייל אנאנדערער איז געגאנגען שטארבען וויא ער, ווייל אנאנדערער האט געדארפט שטארבען פריהער פאר איהם! פיהרט צוויי שעפסען צו שלאכטען, צוויי אָקסען אין שלאכט הויז, און גיט איינעם פון זיי צו פערשטיין, אז זיין חבר וועט ניט שטארבען, דער שעפס וועט דאן מעקענען פאר פרייד און דער אָקס וועט ברומען פאר פערגעניגען; אבער דער מענש, דער מענש, וואס האט דיא שטימע צו אויסדריקען זיינע געדאנקען, וואס וועט זיין דער געשריי פון איהם ווען ער וועט הערן, אז זיין חבר איז גערעטעט? א פלוך! עהרע צו דעם מענשען, צו דיזען מייסטער ווערק פון דער נאטור, צו דיזען קעניג פון דער שעפפונג!

און דער גראף האט ארויסגעשטויסען א געלעכטער, אבער א פורכטבארען געלעכטער, וואָס האט געוויזען, אז ער האט שרעקליך געליטען, אום אזוי צו לאכען.

וועהרענד דעם האט דער קאמפף געדויערט אויפ'ן עשאפאט. עס איז געווען שרעקליך צו זעהען. ביידע געהילפען האבען געטראגען אנדרעא צו דער מאשין און דער גאנצער פעבעל האט געשריען: צום טויט! צום טויט!

פראנץ האט זיך א ווארף געטאָן צוריק פון פענסטער, אבער דער גראף האט איהם אָנגענומען פאר'ן ארעם און האט איהם צוגעהאלטען צום פענסטער.

— קוקט צו דעם ספעקטאקעל, האט ער צו איהם געזאגט, ער איז גרויסארטיג.

— אבער דיא ווערטער זיינען שוין כמעט געווען איבריג, דען פראנץ איז שוין געווען וויא צוגעשמיט צום פענסטער דורך דעם שוידעהאפטען בילד וואס ער האט געזעהען. דיא צוויי געהילפען האבען דעם קרבן אוועקגעשטעלט אויף דיא קניע און דער תליון איז געשטאנען אָן א זייט. אויף א צייכען פון איהם האבען דיא געהילפען אָפּגעטראָטען. דער פעראורטהיילטער האט זיך געוואלט אויפהויבען, אבער ער האט עס ניט געקענט כאָן און דער שווערער אייזען איז אראָפּ אויף זיין לינקער שלייף. מען האט דערהערט א שטומען ברומען און דער קרבן איז געפאלען וויא א געשלאכטעטער אָקס מיט'ן פנים ארויף. דאן האט דער תליון אראָפגעלאָזען דיא אייזערנע מאסע, ער האט ארויסגעצויגען זיין מעסער און מיט איין שניט האט ער איהם אויפגעמאכט דעם האלז. דאן האט ער

זיך ארויפגעשטעלט אויף זיין בויך און האט איהם אָנגעפאנגען צו טרעטען מיט דיא פיס. ביי יעדען טריט האט עס דערלאנגט א שפריץ בלוט פון דעם פערוואונדעטען האלז.

דעם מאָל האט שוין פראנץ ניט געקענט אויסהאלטען און ער איז אָפגעשפרונגען פון פענסטער און איז אנידערגעפאלען האלב אונמעכטיג אויף א שטוהל. אלבערט האט פערמאכט דיא אויגען און האט זיך אָנגעהאלטען מיט ביידע הענד אָן פענסטער.

דער גראף איז געשטאנען און איז געווען צופריעדען מיט דעם ספעקטאקל.

23טעם קאפיטעל.

## צווישען דיא רויבער.

א פאָר טעג נאך דער שרעקליכער עראייגניס איז אלבערט אוועק אליין שפאצירען און איז ניט געקומען צו דער צייט צוריק. פראנץ האט אויף איהם געווארט צום דינער און ער איז אלץ ניט געקומען; פראנץ איז געווארען זעהר אונרוהיג און האט ניט געוואוסט וואס איבערצוקלערן. אין דעם איז אריינגעקומען דער האָטעל ווירטה און האט איהם אָנגעמעלדעט, אז א מאןווארט אויף איהם מיט א בריעף פון גראף אלבערט מאָרסערף.

— פאר וואס ברייגגט ער ניט דעם בריעף אהער?

— ער וויל ניט. ער ווארט אויף אייך אויפ'ן גאס.

פראנץ האט זיך גלייך אָנגעטאָן און איז ארונטערגעגאנגען ער האט זיך ארומגעקוקט און האט דערזעהען פון יענער זייט גאס א מאן איינגעוויקעלט אין א לאנגען מאנטעל. ווען ער האט געזעהען פראנצ'ן צוגיין האט ער צו איהם אָנגעפאנגען צו ריידען.

— וואס ווינשט איהר פון מיר, עקסעלענץ?

— זייט איהר עס, וואס האט מיר געבראכט א בריעף פון גראף מערסערף?

— וואוינט איהר אין פאסטריני'ס האָטעל?

— יא, האט פראנץ געענטפערט.

— זייט איהר דער רייזע קאָמפאניאָן פון דעם גראף?

— איך בין עס.

— וויא איז דער נאמען פון אייער עקסעלענץ?

— דער באראָן פראנץ ד'עפיניי.

— אלזאָ דער בריעף איז ריכטיג צו אייך.

— דארף מען ענטפערן אויף דעם בריעף? האט פראנץ געפרעגט צונעמענדיג דעם בריעף.

— יא, אייער פריינד ווארט אויף איהם.

— דען קומט צו מיר ארויף, וועל איך אייך געבען דעם ענטפער.

— עס איז מיר ליעבער דאָ צו ווארטען, האט דער שליח לאכענדיג געזאָגט.

— פאר וואָס? האט פראנץ געפרעגט.

— אייער עקסעלענץ וועט עס בעגרייפען, ווען איהר וועט דורכלעזען דעם בריעף.

— וועל איך אייך דאָ טרעפען?

— גאַנץ בעשטימט, האָט יענער געענטפערט.

פראַנץ איז ארויפגעגאַנגען צו זיך און האט איבערגעלעזען דעם בריעף און דאס האט עס [illegible]:

„טייערער פריינד, אזוי באלד וויא איהר וועט ערהאלטען דיעזען בריעף זאלט איהר אזוי גוט זיין און אויפמאכען מיין שופ קעסטעל און איהר זאלט ארויסנעמען מיין געלד. מאַמער איז ווייניג זאלט איהר צולייגען אייערע און איהר זאלט געבען דעם בריינ־גער פון מיין בריעף פיער טויזענד פיאסטער. עס איז זעהר נייטיג, אז איך זאל באלד האבען דאס געלד.

„איך וועל אייך ניט פיעל בעטען, דען איך וויס, אז איהר וועט מיין וואונש ערפילען.

„איך גלויב יעצט אין איטאליענישע באנדיטען

„אייער פריינד,

אלבערט מאָרסערף“.

איבער דעם בריעף זיינען געשטאַנען עטליכע שורות אין איטאַליעניש:

ווען איך וועל ניט האבען זעקס א זייגער אין דער פריה דיא פיער טויזענד פיאסטער וועט דער גראף אלבערט מאָרסערף אויפהערן צו לעבען.

„לוגי וואמפּא“.

יעצט האט שוין פראַנץ פערשטאַנען, אין וועלכע הענד אלבערט איז אריינגע־פאלען. עס איז ניט געווען צו פערלירען קיין צייט. ער איז אריינגעגאַנגען אין אלבערט׳ס צימער און האט אויפגעמאכט זיין סעקרעטערקע און האט פון דארטען ארויסגענומען דעם פּאָרטעפייל מיט געלד. ער האט דאָרטען געפונען אויף זעקס טויזענד פיאסטער פאפירען, אויף וועלכע ער איז שולדיג געווען דריי טויזענד. עס האט אלזאָ געפעהלט טויזענד פיאסטער. ער אליין האט מיטגענומען ווייניג געלד, דען ער האט מעהר ניט גערעכענט וויא צו פערבלייבען אין פלאָרענס אכט טאָג.

ער האט אָנגעפאנגען צו קלערן וואו ער זאל אריינגיין לייען דאס געלד. פלוצלונג האט ער זיך דערמאָנט אָן גראף מאָנטע קריסטאָ. ער האט גלייך גערופען דעם ווירטה און האט איהם געפרעגט אויב דער גראף איז אין דערהיים. דיזער האט איהם געענט־פערט, אז ער איז ערשט געקומען.

— זייט אזוי גוט און שיקט אריין פרעגען, אויב איך מעג איצטער צו איהם אריינקומען.

דער ווירטה איז ארויסגעגאַנגען און איז באלד געקומען צוריק, און האט איהם געזאָגט, אז דער גראף ערוואַרטעט איהם.

— וועלכער ווינד ברייננט אייך צו מיר אין דיזער שטונדע? האט צו איהם דער גראף געזאָגט, ווען ער איז אריין צו איהם אין צימער. אפשר רופט איהר מיך צו סאפּער, וועט עס זיין זעהר פריינדליך פון אייך.

— ניין, איך קום צו אייך רעדען וועגען זעהר א וויכטיגע זאך.

— א וויכטיגע זאך? האט דער גראף געזאָגט איהם שאַרף אָנקוקענדיג.

פראנץ האט איהם דערלאנגט אלבערט'ס בריעף.

— האט איהר דאס געלד, וועלכע מען פערלאנגט?

— עס פעהלען מיר טויזענד פיאסטער.

דער גראף האט אויפגעמאכט זיין סעקרעטערסע, וועלכע איז געווען פול מיט געלד.

— נעמט וויפיעל איהר דארפט האט דער גראף געזאגט צו פראנץ'ן.

— איז עס טאקע נייטיג צו געבען דאס געלד לוגי וואמפא'ן? האט פראנץ גע־פרעגט שארף אנקוקענדיג דעם גראף.

— איך מיין עפעס אזוי, האט דיזער געענטפערט. איהר ווייסט דאך וואס דיא לעצטע עטליכע שורות זאגען.

— איך מיין ווען מיר וואלטען גיין צו לוגי וואמפא, וואלט ער אונז ניט ענטזאגט צו בעפרייען אלבערט'ן אהן אויסלייזונגס געלד.

— איך זאל גיין? וואס האב איך צו טאן מיט דיזען באנדיט?

— האט איהר ניט בעפרייט פעפינא? האט פראנץ געזאגט.

— אהא! אהא! און ווער האט עס אייך געזאגט.

— וואס מאכט עס אויס? אבי איך ווייס.

דער גראף איז א ווײלע געבליעבען שטיין און זיין שטערן האט זיך געלייגט אין פאלטען.

— און ווען איך וועל גיין צו וואמפא, וועט איהר מיך בעגלייטען?

— ווען מיינע בעגלייטונג וועט אייך ניט זיין אונאנגענעהם.

— זאל זיין. דער וועטער איז שיין און א שפאציער הינטער רוים וועט ניט זיין שלעכט.

— דארף מען מיטנעמען געוועהר, געלד? האט פראנץ געפרעגט.

— עס איז ניט נייטיג. וואו איז דער מאן וואס האט אייך געבראכט דעם בריעף?

— ער איז אויף דער גאס אוןווארט אויף איין ענטפער.

— איך וועל איהם אריינרופען, האט דער גראף געזאגט.

— עס איז אומזיסט, ער וועט ניט אריינגיין.

— צו אייך, קען זיין; אבער צו מיר וועט ער ארויפגיין. און דער גראף איז צוגע־גאנגען צום פענסטער און האט געגעבען א געוויסען פייף.

דער מאן פון מאנטעל איז אפגעטראטען פון וואנד און איז אריין אין מיטען גאס.

— סאליט! האט דער גראף געזאגט מיט א בעפעהלענדען טאן. דער שליח האט גלייך געהארכט. ער איז שנעל אריין אין הויז און אין א פאר סעקונדען איז ער געווען אין גראף'ס צימער.

— אה, דאס ביסטו! פעפינא? האט דער גראף געזאגט.

אהן איין ענטפער האט ער זיך אווארף געטאן אויף דיא קניע און האט געקושען דעם גראף'ס הענד.

— שטיי אויף, האט דער גראף צו איהם געזאגט, און ענטפער מיר אויף מיינע פראגען! פעפינא האט א ווארף געטאן א מיסטעריאישען בליק אויף פראנץ.

— אָה דו קענסט ריידען אין געגענוואַרט פון דיזען הערן. ער איז מיין פריינד.

— איהר קענט ריידען אין מיין געגענוואַרט, האָט פראַנץ אויך געזאָגט, איך בין א תּרייגד פוו גראַף.

— דען פרעגט מיך, עקסעלענץ, האָט פעפּינאָ געזאָגט זיך ווענדענדיג צום גראַף, איך וועל אייך ענטפערן.

— וויא קומט דער גראַף אַלבּערט מאָרסערף אין דיא הענד פון לוּגי?

— טערעזע, דיא געליעבטע פון וואַמפּאַ איז געפאָהרען ווערענד דעם קאַרנעוואַל אין איין אָפענע קאַרעטע און זיינע עקסעלענץ האָט זיא געזעהען און האָט געמיינט, אַז זיא איז א גרויסע דאַמע, האָט ער געוואָלט מאַכען איהרע בעקאַנטשאַפט. ער האָט איהר צוגעוואָרפען בלומען און זיא האָט דערויף געוואָרט. עס האָט ניט לאַנג געדויערט און זיינע עקסעלענץ האָט פון איהר בעקומען א בריעף, אין וועלכען זיא האָט איהם איינגעלאַדען צו קומען צו דיא רואינען פון סענט־סעבּאַסטיען, וואו זיא וועט אויף איהם וואַרטען. דער גראַף איז געקומען און אָנשטאָט דיא שיינע טערעזע האָט ער דאָרטען געטראָפען א דוצענד פון אונזערע לייט, וועלכע האָבען איהם זעהר העפליך געבעטען צו זיך. אָט דאָס איז דיא געשיכטע.

— נו, וואָס זאָגט איהר צו דער געשיכטע? האָט זיך דער גראַף געווענדט צו פראַנץ'ן.

— איך זאָג, אַז איך וואָלט זיא געפונען זעהר זאָנדערבּאַר, ווען עס וואָלט געטראָפען אַנאַנדערן און ניט אַלבּערט'ן.

— דיא זאַך איז אָבער, האָט דער גראַף געזאָגט, ווען איהר וואָלט מיר ניט געפונען אין דערהיים, וואָלט דיזער שפּאָס געקאָסט טייער אייער פריינד, אָבער יעצט וועט ער אָפּקומען מיט א קליינעם שרעק.

— וועלען מיר איהם טאַקע גיין אָפּנעמען? האָט פראַנץ געזאָגט.

— געוויס, און טאַקע שוין. און דער גראַף האָט געהייסען דעם דינער, אַז ער זאָל פאַרפיהרען א געשפּאַנטען וואָגען פאַר דער טהיר. דער גראַף האָט אַרויסגענומען זיין זייגער.

— האַלבּ איינס א זייגער, האָט דער גראַף געזאָגט, מיר האָבען גענוג צייט אָנצוקומען אין דיא רואינען.

באַלד איז ער מיט פראַנץ אַרונטערגעגאַנגען און הינטער זיי איז געגאַנגען פעפּינאָ. פאַר דער טהיר איז געשטאַנען א וואָגען און אויף דיא קאָזלעס איז געזעסען דער שוואַרצער אַלי, אין וועלכען פראַנץ האָט דערקענט דעם שוואַרצען דינער פון דער הייל אויף דער אינזעל מאָנטע קריסטאָ. ביידע זיינען אַריין אין וואָגען און פעפּינאָ האָט זיך געזעצט לעבען אַלי.

ווען זיי זיינען געקומען צום טויער סענט־סעבּאַסטיען, האָט דער וועכטער זיי ניט געוואָלט דורכלאָזען. מאָנטע קריסטאָ האָט איהם געצייגט איין ערלויבּניס פון דעם גובערנאַטאָר פון רוים, אַז ער מעג אַריינפאָהרען און אַרויספאָהרען ווען ער וויל. נאַטירליך האָט דער וועכטער גלייך אויפגעמאַכט דעם טויער.

ווען זיי זיינען צוגעפאָהרען צו דיא רואינען, האָט פראַנץ בעמערקט א וואַכע

לעבען וואנד, וועלכער האט געוואָלט צוגיין צום וואָגען, אָבער פעפּינאָ האט איהם גע־געבען א צייכען און ער איז אוועק צוריק אויף זיין פּלאץ.

ביי דיא רואינען זיינען אלע אראָפּ פון וואָגען און זיינען אריין אין דיא רואינען. געגען צעהן מינוטען זיינען זיי געגאנגען דורך פערשידענע היילען ביז זיי זיינען געקומען צו א מין האָל, וועלכער איז געווען ברייט און הויך, וואו א הונדערט מענשען האבען געקענט אריין. אָן א זייט איז געווען א קלענערער האל, אין וועלכען עס זיינען געשטאַ־נען פיער קאָלאָנעס. אויף איין קאָלאָנע איז געשטאַנען א לעמפּעל און אויף דער צוויי־טער איז געזעסען א מאַן דעם קאָפּ אָנגעשפּארט אויף דיא הענד און פאַר איהם איז געלעגען איין אָפענער בוך.

דאָס איז געווען לוגי וואמפּא. ארום איהם זיינען געלעגען צוליינט מעהרערע באַנ־דיטען איינגעוויקעלט אין זייערע מאַנטלען און האבען געשיינט צו שלאָפען.

וואמפּא איז געווען אזוי פערטיפט אין זיין לעזען, אז ער האט ניט געהערט וויא דער גראַף און פראַנץ זיינען אריין אין האָל. א וואכע האט זיי דערזעהען פון וויטען און האט געגעבען א געשריי. וואמפּא האט זיך געגעבען א כאַפּ אויף און האט זיך גע־נומען פאַר דער ביקס. אין איין אויגענבליק זיינען צוואַנציג ביקסען געווען אויף זיי אָנ־געשטעלט.

— וואָס איז, האט דער גראַף רוהיג געזאָגט, מיין ליעבער וואמפּא, איהר מאַכט עס אזוי פיעל טראָבעל וועגען א פריינד?

— ארונטער מיט דיא געווער! האט וואמפּא קאָמאנדירט צו זיינע לייט, און וועהרענד יענע האבען עס געטאַן, האט וואמפּא אראָפּגענומען זיין העט.

— פערצייהט מיר, גראַף. איך בין אזוי ניט געווען פאָרבערייטעט אויף אייער ווערטהען בעזוך, דאס איך האב אייך ניט דערקענט.

— עס שיינט, אז איהר האט אין אלע זאכען א שלעכטען זיכרון, וואמפּא, האט דער גראַף געזאָגט. און ניט נאָר איהר פערגעסט דאס געזיכט פון מענשען, זאָנדערן אויך דיא בעדינגונגען וואָס איהר מאַכט מיט זיי.

— און וועלכע בעדינגונגען האב איך פערגעסען, העדר גראַף? האט דער באַנ־דיט געפרעגט, מיט א טאָן, וועלכער האט געוויזען, אז ער וויל פערבעסערען זיין פעהלער.

— האָבען מיר דען ניט אָפּגעמאַכט, אז ניט נאָר מיין פערזאָן אליין זאָל זיין הייליג פאַר אייך, זאָנדערן מיינע פריינד אויך!

— און וועלכען פעהלער האָב איך בעגאַנגען געגען דיזע בעדינגונג?

— איהר האט דיזען אווענד פערנאַרט צו זיך דעם גראַף אַלבערט מאָרסערף. דיזער יונגער מאַן. האט דער גראַף פאָרטגעזעצט מיט א טאָן, וועלכער האט געמאַכט שוידערן פראַנץ'ן. איז איינער פון מיינע פריינד. און דיזער יונגער מאַן וואוינט מיט מיר אין איין הויז, און ער איז אכט טאָג ארומגעפאהרען אין מיין וואָגען. פון דעסטוועגען האט איהר איהם געפאַנגען און האט פון איהם נאָך גענומען א בריעף אויף אויס־לייזונג.

— פאַר וואָס האט איהר מיר דאס ניט געמעלדעט? איהר, חברה, האט

אַט... געזאָגט צו זיינע באַנדיטען מיט א דאָנער שטימע. פאר וואס מוז איך יעצט זיין ...דיג פאר דעם הערר גראף, וועלכער האלט אונזער אלעמעס לעבען אין זיינע הענ ? ביי אלע העלען! ווען איך וואלט דיינקען אז איינער פון אייך האט געוואוסט ווער דער געפאַנגענער איז, וואלט איך איהם מיט מיינע אייגענע הענד צושמעטערט דעם ליאַפּ!

— זעהט איהר, האט דער גראף צו פראַנץ'ן געזאָגט, איך האב אייך דאך געזאגט, אז דא מוז זיין וועלכער טעות.

— איהר זייט ניט אליין? האט וואמפּא געזאָגט מיט אונרוהע.

— איך בין מיט דעם מאַן, צו וועלכען איהר האט געשיקט דעם בריעף, און וועמען איך האב געוואָלט צייגען, אז לוגי וואמפּא איז א וואָרטסמאַן.

— אָבער וואו איז אַלבערט? האט געפרעגט דער גראף ארומקוקענדיג זיך, איך זעה איהם ניט.

— דער געפאַנגענער איז דאָרטען, האט וואמפּא געזאָגט צייגענדיג מיט דער האַנד אויף א פּערטיפונג אין דער מויער. איך וועל איהם אליין גיין אָנמעלדען, אז ער איז פריי. קומט מיט מיר, האט ער געזאגט צום גראף און צו פראַנץ'ן.

וואמפּא איז געגאַנגען פאראויס און דיאביידע מענער זיינען איהם נאָכגעגאַנגען. זיי זיינען ארויפגעגאַנגען עטליכע טרעפּלעך און וואמפּא האט אויפגעמאכט א טהיר אין דער וואנד. זיי זיינען אריין אין א קליינעם צימער און דורך דעם שיין פון א קליינעם לאָמפּ האבען זיי געזעהען אלבערט'ן ליגענדיג אויף דער ערד איינגעוויקעלט אין א מאַנטעל און פעסט שלאָפענדיג.

— אָהאָ, האט דער גראף געזאָגט מיט א שמייכעל, גאָר ניט שלעכט פון א מענשען, וועלכער האט געדאַרפט זיבען א זייגער אין דער פריה געשאסען ווערן.

וואמפּא האט בעטראַכט אלבערט'ן מיט א געוויסע בעוואונדערונג.

— איהר האט רעכט, הערר גראף, האט ער געזאגט, זיינע עקסעלענץ דארף זיין אייערער א פריינד. דאן האט ער זיך גענעהענט צום שלאָפענדיגען און אנגריהרענדיג זיין פּלייצע האט ער געזאגט:

— עקסעלענץ! ווילט איהר אזוי גוט זיין אויפשטיין?

אַלבערט האט אויסגעצויגען זיינע אָרעמס, ער האט אָפּגעריבען זיינע אויגען און האט זיי אויפגעמאַכט.

— אה, דאס זייט איהר, הויפּטמאַן. סאַקראַמענט, איהר וואָלט בעסער געטאַן ווען איהר וואלט מיך געלאָזען שלאָפען. איך האב געהאט א פיינעם חלום. מיר האט זיך געחלומט, אז איך האב געטאַנצט מיט דער גרעפין גודא. ער האט א קוק געטאַן אויף זיין זייגער.

— עס איז ערשט האלב צוויי פארטאג, האט ער געזאגט, צו וואס האט איהר מיך איזוי פריה אויפגעוועקט?

— אייך צו זאָגען, אז איהר זייט פריי, עקסעלענץ.

— מיין ליעבער, האט צו איהם אלבערט געזאגט, ווען איהר וואלט מיך געלאָזען

נאך א ווײלע שלאָפען, וואלט איך געענדיגט מײן גאלאפּ און איך וואלט אײך גע־
דאנקבאר מײן גאנצען לעבען.... האט מען דען אײנגעצאהלט מײן אויסלײזונג געלד?

— נײן, עקסעלענץ.

— הײנט וויא בין איך פרײ?

— אײנער, וועמען איך קען קײן זאך ניט אָפּזאָגען, איז געקומען אײך אפּנעמען.

— דיזער אײנער מוז זײן זעהר פרײנדליך וואס ער איז געקומען ביז אהער. אל־
בערט האט זיך ארומגעקוקט און האט דערזעהען פראנץ'ן.

— וויא, דאס זײט איהר, מײן ליעבער פראנץ! אײער טרײהײט צו מיר האט
אײך געבראכט ביז אהער?

— ניט איך, האט פראנץ געענטפערט, אבער אונזער שכן, דער הערר גראף
מאָנטע קריסטאָ.

— אָ, הערר גראף, האט אלבערט לוסטיג געזאגט, איהר טוט זעהר פיעל פאר
מיר, איך וועל אײך זײן עביג דאנקבאר. זאָגענדיג דאס האט ער גערײכט דעם גראף
דיא האנד. דיעזער האט א שוידער געגעבען אײדער ער האט איהם דערלאנגט זײן
האנד. ער האט זיא איהם אבער דאך געגעבען.

— הערר לוגי, האט אלבערט צו וואמפּא געזאגט, דארף איך עפּעס טאָן אײדער
איך נעם אָפּשיעד פון אײך?

— גאָרניט, האט דער באנדיט געענטפערט. איהר זײט פרײ וויא דיא לופט.

— אין דיזען פאל אלזאָ, ווינש איך אײך א פרײליכען און גוטען לעבען. קומט
מײנע הערען, קומט.

און בעגלײטעט פון פראנץ און דעם גראף האבען זײ גענומען ארויסגײן פון דיא
רואינען. דער הויפּטמאן האט זײ בעגלײטעט מיט א פאקעל אין דיא הענד. ווען זײ
זײנען געווען בײן ארויסגאנג האט זיך וואמפּא געווענדעט צום מאָנטע קריסטאָ.

— און יעצט, הערר גראף, בעט איך אײך נאך א מאל אום פערצײהונג. איך
האף אז איהר וועט אויף מיר ניט זײן בײז אויף דעם וואס עס איז פאָרגעפאלען.

— נײן, מײן ליעבער וואמפּא, האט דער גראף געענטפערט. איהר האט אײער
זאך אויסגעגלײכט וויא א בראווער מאן.

באלד זײנען אלע דרײ געווען אויפ'ן וועג צו זײער האטעל.

ווען פראנץ איז געווען אין זײן צימער, האט ער געקלערט ארום דעם שוידערן פון
גראף מאנטע קריסטאָ, ווען ער האט דערלאנגט אלבערט'ן דיא האנד.

## 24טעס קאפּיטעל.

## דער צוזאמענקונפט.

אויף מאָרגען ווען אלבערט איז אויפגעשטאנען איז זײן ערשטער פאָרשלאג געווע־
צו פראנץ'ן, אז זײ זאלען גײן צום גראף מאָנטע קריסטאָ און איהם נאך א מאָל בעד־
דאנקען פאר זײנע געפעלינגקײט. פראנץ האט אפילו ניט געוואלט גײן, אבער ער האט
ניט געוואלט לאָזען גײן צו איהם אלבערט'ן אלײן און ער איז מיט איהם מיטגעגאנגען.

— הערר גראף, האט אלבערט געזאגט צו מאָנטע קריסטאָ, ווען זײ זײנען געווע־

צ'י איהם אין צימער, איך קום אייך נאך א מאל בעדאנקען פאר אייערע גוטסקייט צו מיר פון נעבטען. איך וועל קיין מאל ניט פערגעסען, אין וועלכען געפאהר איך וואלט געווען אהן אייער הילף און איך וועל געדענקען, אז איך בין אייך כמעט שולדיג מיין לעבען.

— מיין ליעבער שכן, איהר איבערטרייבט דיא זאך, האט דער גראף לאכענדיג געזאגט. עס האנדעלט זיך דא ניט וועגען לעבען, נאר וועגען א פאר ארימע טויזענד פראנק.

— איך זאג אייך פון דעסטוועגען, אז איהר האט מיך פערפליכטעט, און איך בעט אייך פאר מיר און פאר מיינע פריינד און בעקאנטע, אז אויב איך קען אייך מ'ט עפעס דינען, קענט איהר זיך אויף מיר פערלאזען. מיין פאטער, דער גראף מארסערף איז א געבארענער שפאניער און האט א הויכע שטעלונג אין פראנקרייך און אין שפאניען. איך און אלע וואס מיך ליעבען וועלען זיין צו אייער דינסט.

— גוט, האט דער גראף געזאגט, איך מוז אייך זאגען דיא וואהרהייט, אז איך האב ערווארטעט אייער אנגעבאט און איך נעם איהם אן מיט'ן גאנצען הארצען. איך האב אייך שוין געוואלט בעטען וועגען א געפעליגקייט.

— וועלכע? האט אלבערט געפרעגט.

— איך בין נאך קיין מאל ניט געוועזען אין פאריז, און איך וויל אייך בעטען, אז ווען איך וועל זיין דארטען זאלט איהר מיך אריינפיהרען אין דער פאריזער געזעלשאפט.

— אה, מיט דעם גרעסטען פערגעניגען! ווען איהר וועט זיין אין פאריז, וועל איך זיין אין גאנצען צו אייערע דינסטען.

— איך דאנק אייך הערצליך, ליבער שכן, און איך וועל רעכענען אויף אייך. ווען וועט איהר זיין אין פאריז?

— איך רעכען צו זיין אין דערהיים, האט אלבערט געענטפערט, אין צוויי אדער דריי וואכען ארום; העכסטען אין פיער וואכען.

— גוט, איך גיב אייך דריי מאנאט צייט. איהר זעהט, אז איך גיב אייך גענוג צייט.

— און אין דריי מאנאט ארום וועט איהר אנקלאפען ביי מיר אין טהיר?

— ווילט איהר, אז עס זאל זיין טאג פאר טאג, שטונדע פאר שטונדע?

— אויסגעצייכענט! זאל זיין אזוי.

— דען קוקט אויף דעם קאלענדאר, און דער גראף האט געוויזען מיט דער האנד אויפ'ן קאלענדאר אויפ'ן וואנד. היינט איז דער 21טער פעברואר, און עס איז האלב עלף א זייגער. ווילט איהר מיך ערווארטען דען 21טען מאי אום האלב עלף א זייגער אין דער פריה?

— אויסגעצייכענט! האט אלבערט אויסגערופען, איך וועל צוגרייטען דעם דינער.

— וואו וואוינט איהר?

— רי העלדער 27, האט אלבערט געענטפערט.

דער גראף האט ארויסגענומען א ביכעל פון טאשע און האט געשריעבען: רי העלדער 27, דען 21 מאי, אום האלב עלף אין דער פריה.

— און יעצט, האט דער גראף געזאגט, זייט זיכער, אז איך וועל זיין פינקטליך אין דער צייט.

— וועל איך אייך נאך זעהען פאר'ן אפפאהרען? האט אלבערט געפרעגט.

— ווען פאהרט איהר? האט דער גראף געפרעגט.

— איך פאהר מארגען אין דער פריה.

— דען מוז איך אייך זאגען אדיע, דען איך מוז זיין אין נעאפעל און איך וועל ערשט זיין זונטאג צוריק. און איהר, האט דער גראף געפרעגט פראנץ'ן הערר באראן, פאהרט איהר אויך אוועק?

— יא, איך פאהר אין ווענעדיג און איך וויל דארטען פערברייינגען א יאהר אדער צוויי.

— אלזא וועלען מיר זיך ניט טרעפען אין פאריז?

— איך גלויב אז איך וועל ניט האבען דיא עהרע.

— אלזא, מיינע הערען, גליקליכע רייזע, האט דער גראף געזאגט צו דיא צוויי פריינד זיי רייכענדיג דיא האנד.

דאס איז געווען דאס ערשטע מאל, וואס פראנץ האט אנגעריהרט דיא האנד פון דיזען מאן. ער האט געגעבען א שוידער, דען זיא איז געווען קאלט וויא ביי א מת.

— אלזא, דען 21טען מאי, אום האלב עלף אין דער פריה, האט אלבערט געזאגט.

— דען 21טען מאי, אום האלב עלף, רי העלדער, האט דער גראף געענטפערט.

דערויף האבען ביידע יונגע לייט געגריסט דעם גראף און זיינען ארויסגעגאנגען.

— וואס איז מיט אייך? האט אלבערט געזאגט צו פראנץ'ן, ווען זיי זיינען געווען ביי זיך אין צימער, איהר האט אזא בעזארגטע מינע?

— יא, האט פראנץ געענטפערט, איך מוז אייך זאגען דעם אמת, אז דער גראף איז א זאנדערבארער מענש, און איך קוק מיט זארג אויף אייער צוזאמענקונפט אין פאריז.

— איהר זייט משוגע. וואס האט איהר געגען איהם? קענט איהר איהם דען פון פריהער.

— יא, דורך א זאנדערבארען צופאל. איך וועל עס אייך דערציילען, אבער איהר מוזט מיר פערשפרעכען ניט צו ריידען א ווארט דעריבער צו קיינעם.

— איך פערשפרעך אייך דאס, האט אלבערט געזאגט.

— דאן האט פראנץ איהם דערציילט פון דער הייל אויפ'ן אינזעל מאנטע קריסטא און פון סימבאד דעם מאטראז, פון זיין שיף, און וויא ער האט אויסגעהערט דעם געשפרעך צווישען איהם און נאך א מאן וועגען פעפינא'ס בעפרייאונג. און וויא ער האט איהם געזעהען אין טהעאטער, און דאן זיין מאכט איבער דיא באנדיטען.

אלבערט האט געשפאנט אויסגעהערט און האט געזאגט.

נו, וואס זעהט איהר דא וואונדערבארעס? ער איז זעהר א רייכער מאן און ער האט ליעב אזא ארט לעבען. און צווייטענס האט דער מענש מיר טובות געטאן, פאר וואס זאל איך דענקען איבער איהם שלעכטעס? דער מאן פערלאנגט, אז איך זאל

איהם אריינפיהרען אין דער געזעלשאפט, פאר וואס זאל איך ניט טאן פאר איהם אזא קלייניגקייט, וועהרענד ער האט מיר געראטעוועט דאס לעבען?

— אבער איהר ווייסט ניט ווער דער מענש איז, פון וואנ'ען ער קומט און וואוהין ער גייט.

— האט ער מיך דאס געפרעגט, ווען ער איז געגאנגען צווישען דיא רויבער מיך צו בעפרייען? גייט, ליעבער פראנץ, איהר טוט א מענשען אונרעכט, וואס ער האט עס ניט פערדיענט.

— שליסליך, האט פראנץ געזאגט, מאכט וויא איהר פערשטייט, מיין ליעבער אלבערט, אבער פאר מיר איז דער גראף א זאנדערבארער מענש.

אייף מארגען זיינען ביידע יונגע לייט אוועקגעפאהרען יעדערער אין אנאנדער וועג. אבער פאר'ן אריינשטייגען אין וואגען האט אלבערט איבערגעגעבען דעם דינער זיין קארטע פאר מאנטע קריסטא, וואו עס איז געשטאנען איבער דיא ווערטער „גראף אלבערט מארסערף“ אנגעשריעבען מיט א בלייפעדער: „21 מאי, אום האלב עלף א זייגער ריי העלדער“.

## ענדע פון ערשט'ן טהייל.



# גראף מאנטע קריסטא.

## איבערזעצט און בעארבייטעט פון פראנצויזיש

פון י. יאפפא.

## צווייטער טהייל

### 1טער קאפיטעל.

### גראף מאָרסעף'ס הויז.

גראף מאָרסערף'ס הויז אין העלדער גאס איז געווען א פּראַכטפאָלע געביידע. וואס דיא אַרכיטעקטורע האט געקענט שאַפען וואר אנגעווענדט אויף דיזער הויז. דיא פאסאַד איז געווען פערציערט מיט פיגורען און אָרנאַמענטען. גרויסע בוימער האבען ארומגערינגעלט דיא הויז וויא א בעסעדקע. אלבערטס וואָהנונג איז געווען א פּאַוויליאָן, וועלכער האט געהאט עטליכע רומען און איין אויסגאנג פון דער אנדערער זייט גאַס. זיינע צימערן זיינען געווען אויסגעפּוצט מיט דעם טייערסטען לוקסוס און אלבערט האט דארטען געלעבט וויא א טערקישער פּאשא. ער איז געווען פריי וויא א פויגעל אין וואלד און האט זיך געקענט פערשאַפען אלע פערגעניגענס וואס א מענש קען זיך נאר ווינשען. ער איז געווען ביי דער מוטער דער שווארצאַפּעל פון אויג און וואס ער האט געוואלט האט ער ביי איהר געפּועלט.

עס איז געווען דען 21טען מאי אין דער פריה. אלבערט איז געזעסען אין צימער און ארום איהם זיינען געלעגען א בארג מיט מאָרגען צייטונגען, וועלכע ער האט געבלעטערט און האט ניט געלעזען. עס איז איהם געווען זעהר לאנגווייליג און ער האט שוין ניט געוואוסט מיט וואס צו פערברייננגען דיא צייט. היינט האט ער ערווארטעט דעם גראף מאַנטע קריסטאָ, אבער ביז האלב עלף איז נאך געווען ווייט. ער האט געגעבען א בעפעהל דעם דינער אז צו דיזער צייט זאל זיין פארטיג דער דינער און אלעס זאל זיין אָנגעגרייט.

אין דיזער צייט האט זיך א לייכטער קאַליאַס אָפּגעשטעלט לעבען זיין גאס טהיר און דער לאַקיי האט אָנגעמעלדעט לוסיען דעבראי. א הויכער יונגער מאַן, א בלאָנדער, פיין אָנגעקליידעט איז אריינגעקומען און האט געדריקט אלבערט'ן דיא האנד. ביידע יונגע לייט זיינען געווען גוט בעפריינדעט און באלד האט זיך צווישען זיי אָנגעפאנגען א פריינדליכער געשפּרעך.

— אָה, וויא בין איך אייך מקנה, טייערער גראף, האט דעבראי געזאָגט צו אלבערט'ן, וואס איהר האט גארניט וואס צו טאָן. איהר ווייסט ווירקליך ניט וויא אייער גליק צו שעצען!

— און וואס טהוט איהר, מיין ליעבער? האט אלבערט געזאָגט מיט איין איראָ־נישען שמייכעל. איהר זייט סעקרעטער ביי א מיניסטער, און רייבט זיך דאָרטען ארום

דיא פאפירען. איהר האט פינף און צוואנציג טויזענד פראנק נאר איינע פראַצענט א יאָהר. מען האט אייך אָנגעבאָטען צעהן טויזענד פראנק פאר א פערד און איהר האט נים געוואָלט אוועקגעבען. איהר האט איין איינגעם שניידער, א שטענדיגען זיץ אין דער אָפּערא הויז און אנדערע טהעאטערע. איז עס ניט פיעל ארבייט?

— אבער לאָמיר דאס אוועקלייגען, האט דעבראי געזאָגט. איהר ערוואַרטעט אימעצען היינט?

— יאָ, א נייע בעקאַנטשאַפט.

— וואס קען עס זיין פאר מיר פאר א נייס. סיידען ער קומט פון עק וועלט.

— אפשר נאך פון ווייטער, האט אלבערט געזאָגט.

דער לאַקיי איז אריינגעקומען און האט אָנגעמעלדעט הערר באַשאַן. גלייך דערויף איז אריינגעקומען איין עלעגאַנט געקליידעטער יונגער מאַן. באַשאַן איז געווען איין אלגע־מיין בעקאַנטער זשורנאַליסט אין פּאַריז.

צווישען דיא דריי יונגע לייט איז באלד געוואָרען א לעבעדיגער געשפּרעך איבער פערשיעדענע געגענשטענד און אויך איבער דעם, אז אלבערט הייראַט דאַנגלאַר׳ס טאָכ־טער און קריעגט צוויי מיליאָן נדן.

באלד איז אָנגעקומען א נייע פערזאָן. דאס איז געווען מאַקסימיליען מאָרעל. יעצט קאַפּיטאַן אין דער אַרמעע. מאָרעל איז געווען איין שיינער יונגער מאַן מיט איין עדעלע און גוטהערציגע געזיכט און איז געווען פון אלעמען געליעבט. אלע האבען זיך געפרייט מיט זיין קומען.

באלד איז אָנגעקומען נאך א יונגער מאַן, דער באַראָן שאַטאָ־רענאָ און דיא אונטערהאלטונג איז נאך לעבעדיגער געוואָרען. שאַטאָ־רענאָ האט דערציילט וויא מאָרעל האט איהם גערעטעט דאס לעבען אין א שלאַכט און מאָרעל איז געווען דער העלד פון אונטערהאלטונג.

— איך ערוואַרטע אויך מיין רעטער, האט אלבערט געזאָגט, אבער ער האט מיר גערעטעט דעם לעבען ניט אין א שלאַכט וויא מאָרעל שאַטאָ־רענאָ.

— אבער פון וואנען קומט אייער רעטער? האט דעבראי נאך א מאָל געפרעגט.

— איך וויים ווירקליך ניט. ווען איך האב איהם פאר דריי מאָנאט איינגעלאַדען איז ער געווען אין ראָם, און ווער וויים וואו ער איז געווען פון יענער צייט אָן.

— מיינט איהר, אז ער זאל זיין פּינקטליך? האט דעבראי געפרעגט.

— איך גלויב איהם פּינקטליך אוי פעהיג צו אלעס.

— אלזאָ פאַסט אויף, מיר האבען נאך צעהן מינוטען צו האלב עלף.

— גוט, אין דיזער צייט וועל איך אייך עפּעס דערציילען איבער מיין גאַסט.

דאָ האט אלבערט דערציילט וויא ער איז אין רוים געכאַפּט געוואָרען פון דיא באַנדיטען און וויא זיי האבען פון איהם פערלאַנגט פיער טויזענד דוקאַטען אויסלייזונג געלד. און וויא ער האט געשריעבען פראַנץ׳ן און ער איז געקומען.

— און פראַנץ איז געקומען מיט דיא פיער טויזנד דוקאַטען? צום טייוועל! ניט אומזיסט הייסט מען באַראָן ד׳עפּיניי!

— ניין, ער איז איינפאך געקומען מיט דעם גאַסט, וועלכען איך וועל אייך יעצט פאָרשטעלען.

— אייער גאַסט מוז אודאי זיין א גיבור.

— ניין, ער איז א מאַן פון מיין געשטאַלט.

— מסתמא איז ער געוועזען בעוואפענט ביז אין דיא ציין?

— ער האט אפילו ניט געהאט ביי זיך קיין שפּילקע.

— האט ער געוויס בעצאהלט אייער אויסלייזונגס געלד?

— ער האט נאר געזאגט צוויי ווערטער אויפ'ן אויער דעם אטאמאַן און איך בין געוועזען פריי.

— מען האט איהם נאך אודאי געהייסען זיך ענטשולדיגען וואס ער האט אייך געפאנגען?

— זעהר ריכטיג, האט אַלבערט געזאגט.

— דער מענש מוז אודאי זיין דער מלאך גבריאל?

— ניין, דאס איז איינפאך דער גראַף פון מאָנטע קריסטאָ.

— עס איז ניטאָ קיין גראַף מאָנטע קריסטאָ צווישען דעם אדעל, האבען א פּאָר געזאָגט.

— איך האב געהערט, האט מאָרעל געזאגט, אז עס איז דאָ א קליינער אינזעל, וועלכער רופט זיך מאָנטע קריסטאָ.

— אזוי איז עס. עס איז מעגליך, אז דער גראַף האט געקויפט דעם אינזעל און רופט זיך אויף זיין נאָמען.

— אייער גראַף מוז אלזאָ זיין רייך?

געוויס מוז ער זיין רייך. האט איהר געלעזען „טויזענד און איין נאכט״? מיט מיין גראַף איז אזוי וויא דארטען ווערט דערציילט פון פּרינצען. ער רופט זיך אויך „סימבאַד דער מאַטראָז״ און האט א הייל פול מיט גאָלד.

— האט איהר געזעהען דיזע הייל? האט באָשאָן געפרעגט.

— איך ניט, אבער פראַנץ האט זיא געזעהען. מען האט איהם אהין אראפּגעפיהרט מיט פערבונדענע אויגען, און ער איז געוועזען בעדינט פון שטיומע און פון געטליך שיינע פרויען.

— דאס האט זיך פראַנץ'ן געמוזט חלומען, האט דעבראַי געזאגט מיט א גע־לעכטער.

— איך האב עפּעס געהערט דעריבער, האט מאָרעל געזאָגט, פון איין אלטען מאַטראָז פּעלעטאָן.

— אה, איך דאנק אייך, הערר מאָרעל, וואס איהר קומט מיר צו הילף, יעצט וועלען דיא אונגלויביגע ניט אזוי לאכען.

עס איז געוואָרען א געררייד צווישען אלעמען און עס איז געבליבען, אז קיין גראַף מאָנטע קריסטאָ עקזיסטירט ניט.

דער זייגער האט געשלאָגען האלב עלף.

— ניטאָ קיין גראַף מאָנטע קריסטאָ, האט דעבראַי געזאגט, אָט שלאָגט האלב עלף.

— זייט זיך מודה, אז איהר האט געהאט א חלום, האט באַשאַן געזאָגט, און לאָמיר גיין עסען.

— דער זומען פון דער קלונג פון דעם זייגער איז נאך ניט פערגאנגען וויא דיא טהיר האט זיך אויפגעמאכט און דער דינער האט אויסגערופען:

— זיין עקסעלענץ, דער גראף מאָנטע קריסטאָ!

אלע האבען אויפגעשפרונגען ביי דיזען נאָמען, אזא איינדרוק האט אויף זיי געמאכט דיא ערציילונג פון אַלבערט'ן. אַלבערט אליין האט זיך ניט געקענט איינהאלטען פון איין אינעוועניגסטע אויפרעגונג.

מען האט ניט געהערט צופאהרען א וואָגען אויפ'ן גאַס און ניט דעם סקריפּען פון דער טהיר. דער גראף איז ערשינען אויף דער טהיר. ער איז געווען אָנגעטאָן נאָך דער לעצטער מאָדע. ער האט געשיינט צו זיין אלט ניט מעהר וויא א יאָהר פינף און דרייסיג.

דער גראף איז אריין אין צימער מיט א שמייכעל און איז גלייך צוגעגאנגען צו אַלבערט'ן און האט איהם געדריקט דיא האנד.

— דיא פּינקטליכקייט, האט מאָנטע קריסטאָ געזאָגט, איז דיא צירונג פון מענשען. אבער ניט אלע מאָל קען זיא זיין ביי א רייזענדען. איהר וועט מיר ענטשולדיגען, מיין טייערער גראף, וואס איך בין ניט געווען פּינקטליך אויף א צוויי, דריי סעקונדען. פינף הונדערט מייל איז ניט לייכט צו מאכען, איבערהויפּט אין פראנקרייך וואו מען ווערט אלע מאָל געשטערט פון דיא בעאַמטע.

— הערר גראף, האט אַלבערט געענטפערט, איך בין יעצט געווען ביים אָנמעלדען אן אייניגע פון מיינע פריינד אייער קומען און איך וועל האבען דיא עהרע אייך זיי פאָרצושטעלען. אָט איז דער גראף שאַטאָ־רענאָ; הערר קסיען דעבראַי, סעקרעטער פון מיניסטער; הערר באַשאַן א שרעקליכער זשורנאַליסט און ענדליך הערר מאַקסימילען מאָרעל, קאַפּיטאַן.

ביי דיזען נאָמען האט מאָנטע קריסטאָ, וועלכער האט ביז יעצט געגריסט קאַלט אונוויללענדיג געבען א טריט פאָראויס און א קליינע רויטקייט איז וויא א בליץ אריבער איבער זיין געזיכט.

אַלבערט האט געריהמט מאָרעל אלס א מוטהיגען מאַן און א גוטהערציגען.

— אה, דער הערר האט א גוט הארץ, האט מאָנטע קריסטאָ געזאָגט, דעסטאָ בעסער!

דיזער אויסרוף, וועלכער איז געקומען פון זיין געדאנקען און ניט פון אַלבערט'ן, האט אַלעמען איבערראַשט, איבערהויפּט מאָרעל'ן, וועלכער האט פערוואונדערט אָנגעקוקט דעם גראַף. אבער זאָגענדיג דאס איז זיין שטימע געווען אזוי ווייך און זאנפט, דאס אַלבערט האט ניט געקענט בייז ווערען.

דער דינער האט אָנגעמעלדעט אז דער טיש איז געגרייט. אלע זיינען אריינגעגאנגען אין שפּייזע צימער.

דער גראף מאָנטע קריסטאָ איז געווען א קליינער עסער און האט יעצט אויך ווייניג געגעסען. אַלבערט האט עס איהם געזאָגט.

— ווען איך וואלט וויסען, אז דיא עסען'ס פון דרי חעלדער וועלען אייך ניט שמעקען

און איך וואלט וויסען וואס איהר האט ליעב צו עסען, וואלט איך געלאָזען מאכען נאך אייער געשמאַק.

— ווען איהר וואלט מיך נעהענטער געקענט, מיין הערר, האט מאַנטע קריסטאָ געענטפערט מיט א שמייכעל, וואלט איהר זיך ניט אזוי געזאָרגט פון מיינעט וועגען, א מענשען, וועלכער האט אָפט געלעבט מיט מאקאראָנעס אין נעאפעל, מיט פאָלענטא אין מילאן, מיט אָלא פאָדרידא אין וואלענס, מיט פילאָ אין קאָנסטאנטינאָפּאָל, מיט קאריק אין אינדיען און מיט נעסטען פון שוואלבען אין כינא. פאר אזא מענשען וויא איך איז ניטאָ קיין קיך. איך עס פון אלעס אין איבעראל; נאר איך עס ווייניג. דאס וואס איהר רופט יעצט ווייניג איז שוין ביי מיר צו פיעל. און דאס איז דערפאר וויל איך האב פון נעכטען אין דער פריה נאך גארניט גענעסען.

— וואס, פון נעכטען אין דער פריה! האבען אלע אויסגערופען. איהר האט פיער און צוואנציג שטונדען ניט געגעסען?

— ניין, האט מאַנטע קריסטאָ געענטפערט, איך בין אראָפּ פון וועג און ביז וואנען איך האב זיך נאכגעפרעגט האט עס גענומען א לאנגע צייט, און איך האב ניט געוואלט פערלירען קיין צייט בײן אראָפּשטייגען צו עסען.

— האט איהר געוויס גענעסען אין וואָגען? האט אלבערט געזאָגט.

— ניין, איך האב געשלאָפען. אזוי וויא איך טו אלע מאָל ווען איך בין פויל צו עסען.

— דאָן קענט איהר בעפעלען דעם שלאָף? האט מאָרעל געפרעגט.

— אונגעפעהר, האט דער גראף געענטפערט.

— דאס וואלט געווען גוט פאר אונז סאָלדאטען, וועלכע האבען ניט אלע מאָל וואָס צו עסען און נאך ווייניגער צום טרינקען. דאס איז דאך מסתמא אזא רעצעפט?

— זעהר א זיכערער רעצעפט, אבער נאר פאר אזא מענשען וויא איך, און ווען מען זאל געבען איין עטוואס גרעסערע פאָרציע, קען מען דערמיט איינשלעפערן א גאנצע אַרמעע סאָלדאטען אויף אייביג.

— און דארף מען וויסען וואס דאס איז פאר א רעצעפט? האט דעבראי געפרעגט.

— געוויס, פארוואס ניט, האט מאָנטע קריסטאָ געענטפערט. איך מאך ניט דערפון קיין געהיימנים. עס איז א געמיש פון רייגעם אָפּיאום און האטשי. מען מישט דערפון צונויף צווי גלייכע טהיילען און מען מאכט דערפון אזא ארט פילען, וולכע מען שלינגט ארונטער. צעהן מינוטען שפעטער פיהלט מען דיא ווירקונג. פרעגט ביי באראָן ד'עפּיניי, ער האט דערפון איין מאל פערזוכט.

— אבער טראָגט איהר עס אלע מאָל ביי זיך? האט באָשאן געפרעגט מיט איין אונגלויבינע מינע.

— אלע מאָל, האט מאָנטע קריסטאָ געענטפערט.

— וועט איהר ניט פעריבעל האבען, ווען איך וועל אייך בעטען צו ווייזען דיזע פילען, האט באָשאן געזאָגט, וועלכער האט געגלויבט צו כאפען דעם פרעמדען ביי א ליגען.

— ניין, מיין הערר, איך וועל ניט פעראיבעל האבען, האט מאָנטע קריסטאָ גע־

ענטפערט, און ער האט ארויסגעצויגען פון טאשע א קליינע קעסטעלע אויסגעהאקט אין א מייערען שטיין, וועלכער איז געווען איינגעפאסט אין גאָלד. ער האט אויפגעמאכט דיא פושקעלע און האט פון איהר ארויסגענומען א קייקעלע דיא גרויס פון איין ארבעס און אויך דיא פארב פון א גרינעם ארבעס. אין פושקעלע זיינען געווען נאך פיער אזעלכע. דיא פושקעלע איז ארומגעגאנגען דעם גאנצען טיש און מען האט ניט אזוי געקוקט אויף דיא פילען וויא אויף דיא פושקע.

— דעם ערשטען מאָל זעה איך אזא שטיין, האט גראף שאטאָ רענאָ געזאָגט, אבוואָהל מיין מוטער האט זעהר טייערן ציערונג.

— איך האב געהאט דריי אזעלכע, האט דער גראף ווידער אָנגעפאנגען, איינעם האב איך געשיינקט דעם סולטאן, וועלכער האט איהם אָנגעבראכט אויף זיין שווערד, און איינעם האב איך געשיינקט דעם פאפסט. דעם דריטען האב איך בעהאלטען פאר זיך און האב איהם געלאָזען אויסגראָבען. ער האט אפילו פערלאָרען דיא העלפט פון זיין ווערטה. דערפאר אבער איז ער זעהר בעקוועם פאר דער פושקעלע, וואס איך האב פון איהם געוואלט מאכען.

יעדערער האט בעטראכט מאָנטע קריסטאָ מיט בעוואונדערונג. ער האט גערעט מיט אזא איינפאכהייט, דאס עס איז געווען קלאָר, אז ער זאגט אמת, אדער ער איז געוועזן משוגע. דיא פושקעלע האט פון דעסטוועגען בעוויזען, אז עס איז דאך ריכטיג.

— און וואס האבען אייך דיא גרויסע הערען געגעבען פאר אייער געשיינק? האט דעבראי געפרעגט.

— דער סולטאן האט בעפרייט א פרוי, האט דער גראף געענטפערט, און דער פאפסט האט געשיינקט א מענשען דעם לעבען.

— איז עס ניט פעפינאָ, וועלכען איהר האט בעפרייט פון טויט? האט אַלבערט אויסגערופען.

— עס איז מעגליך, האט מאָנטע קריסטאָ געענטפערט מיט א שמייכעל.

— הערר גראף, איהר קענט זיך גארניט פארשטעלען, וועלכען פערגעניגען איהר מאכט מיר ווען איך הער אייך אזוי ריידענדיג, האט אַלבערט געזאגט. איך האב אייך פאָרגעשטעלט פאר מיינע פריינד אלס צויבערער פון ,,טויזענד און איין נאכט", אלס א כשוף מאכער פון דיא אלטע צייטען, אבער דיא פאריזער ווילען אין קיין זאך ניט גלויבען. זאָגט זיי אליין, הערר גראף, אז ווען ניט איהר, וואלט איך געדארפט ווארטען אויף תחית המתים און וואלט זיי ניט געקענט טראַקטירען מיט דעם דינער.

— אה, האט מאָנטע קריסטאָ געזאָגט, איהר האט דאך מיר פערשפראָכען ניט צו ריידען וועגען דיזער קלייניגקייט.

— ניט איך! האט אַלבערט אויסגערופען. עס האט געמוזט דערציילען אנאנדערער, וועמען איהר האט אויך געמוזט טאָן גוטעס וויא מיר. אבער איך בעט אייך, לאָמיר יא ריידען דעריבער. איך וויל דאן קלאָרער וויסען וואס איך וויים און איך וועל וויסען וואס איך וויים ניט.

— אבער מיר שיינט, האט דער גראף שמייכלענדיג געזאָגט, אז איהר האט אין

דיזער געשיכטע געשפיעלט א וויכטיגע ראָלע, אום צו וויסען אזוי גוט וויא איך, וואס עס האט זיך פאסירט.

— ערלויבט איהר מיר צו דערציילען וואס איך וויים? האט אלבערט געפרעגט.

— פאר וואס ניט, האט מאַנטע קריסטאָ געענטפערט.

אלבערט האט דאן דערציילט דיא גאנצע געשיכטע וויא ער איז ארעטירט געווארען, ביז מאַנטע קריסטאָ האט איהם אויסגעלייזט. יעצט האט מען מאַנטע קריסטאָ געפרעגט וויא אזוי ער קען לוגי וואמפא, און וועלכען איינפלוס ער האט אויף איהם.

— עס איז זעהר איינפאך, מיינע העררען, האט מאַנטע קריסטאָ געענטפערט. איך האט געקענט וואמפא צייט צעהן יאָהר. ווען ער איז נאך געווען גאנץ יונג און ער איז נאך געווען א פאסטוך האב איך איהם געשיינקט עפעס א גאָלדענע מטבעה און דערפאר האט ער מיר געשיינקט א דאָלך. שפעטער, עס קען זיין אז ער האט מיך ניט דערקענט, האט ער מיך געוואָלט נעמען געפאנגען, אבער איך האב איהם געפאנגען מיט זיינע צוועלף לייט. איך וואלט איהם געקענט איבערגעבען דעם געריכט, אבער איך האט איהם פריינעלאָזען מיט זיינע לייט.

— אודאי מיט דער בעדינגונג, אז זיי זאלען מעהר ניט כאפען קיין פיש, האט דער זשורנאליסט לאכענדיג געזאָגט.

— ניין מיין הערר, האט מאַנטע קריסטאָ געענטפערט. מיט דער איינפאַכער בעדינגונג אז זיי זאלען אלע מאל מיך רעספעקטירען און זיי זאלען רעספעקטירען מיינע בעקאנטע.

דער געשפרעך האט נאך געדויערט לאנג וועגען דעם, דאן האט מען געשפראָכען וועגען אלבערט'ס כלה.

— איז עס ניט דעם באראָן דאנגלאר'ס טאָכטער? האט מאַנטע קריסטאָ געפרעגט.

— קענט איהר דען דעם באראָן? האט אלבערט געזאָגט.

— ניין, איך קען איהם ניט, האט דער גראף איינפאך געענטפערט, אבער איך וועל איהם באלד קענען, דען איך האב א קרעדיט ביי איהם פון דיא הייזער ריטשארד און בלאונט פון לאָנדאָן, ארשטיין און עסקעלערס פון וויען און טהאָמסאָן און פרענש פון רוים.

— דערמאָנענדיג דעם לעצטען נאָמען האט מאַנטע קריסטאָ א שטילען קוק געטאָן אויף מאקסימיליען מאָרעל. ווען ער האט דערמיט געמיינט צו מאכען א ווירקונג אויף מאָרעל'ן, האט ער קיין טעות ניט געהאט; מאקסימיליען האט געגעבען א ציטער אזוי וויא איין עלעקטרישער שטראָם וואלט איהם געטראָפען.

— טהאָמסאָן און פרענש, האט ער געזאָגט. קענט איהר דיזע הויז, מייז הערר?

— דאס זיינען מיינע באנקירען פון רוים, האט דער גראף רוהיג געענטפערט. קען איך אייך טון עפעס דינען ביי זיי?

— אָה, הערר גראף, איהר קענט אונז אפשר העלפען אין אונזער אומזיסטען נאָכפאָרשען. דיזע הויז האט אונז א מאָל געצייגט א גרויסען דיענסט, און זיא האט אונז אלע מאָל געלייקענט, אז זיא האט עס געטאָן.

— דען וועל איך זעהען עפעס צו טאָן אין דעם. האט דער גראף געזאָגט.

— אָבער לאָמיר דאס אוועקלייגען, האט אלבערט מאַרסערף געזאָגט. מיר דאַרפען זוכען א וואהנונג פאר'ן גראף. ווער האט עפּעס רעכטס אין אויג, מיינע העררען?

— אין פאָבורג סען זשערמען, וועט דער גראף געפינען א שיינעם האָטעל, צווישען הויף און גאָרטען, האט שאטאָ־רענאָ געזאָגט.

— הערט איהם ניט הערר גראף, האט דעבראַי געזאָגט. קוואַרטירט זיך איין אין שאָסע ד'אַנטען; דאס איז דער ריכטיגער צענטער פון פאַריז.

— בולוואַר דע ל'אָפּערא, האט באָשאַן געזאגט, דאָרטען קענט איהר וואוינען וויא א טערקישער פּאשא.

— און איהר שלאָגט גאר ניט פאר? האט שאטאָ־רענאָ געזאָגט צו מאָרעל'ן.

— איך האב געוואַרט ביז איהר וועט ענדיגען אייער פאָרשלעגע, האט דער יונגער מאַן געענטפערט מיט א שמייכעל, מאָמער וועט וועלכער געפעלען דעם גראף. נאָר אזוי וויא ער שווייגט, וועל איך איהם אָנבאָטען א וואָהנונג אין א קליינעם פּראַכטפאָלען האָטעל, וועלכען מיין שוועסטער האט געד.נגען אין מעליי גאס.

— איהר האט א שוועסטער? האט מאָנטע קריסטאָ געפרעגט.

— יא מיין הערר, און א בראַווע שוועסטער.

— איז זיא פערהייראַט? האט דער גראף וויטער געפרעגט.

— עס איז שוין באלד נייען יאָהר.

— איז זיא גליקליך?

— אזוי גליקליך, וויא א מענש קען זיך נאר ווינשען. זיא האט געהייראַט דעם מאַן, וועלכען זיא האט געליבט און וועלכער איז אונז געבליבען געטריי אין אונזער אונגליק. זיין נאָמען איז עמאַנועל הערבאָ. איך וואוין יעצט אויף א קורצע צייט ביי מיין שוועסטער, און דער הערר גראף וועט זיין פון אונז בעדינט מיט'ן גרעסטען רעספּעקט, ווען ער וועט אונז בעעהרען מיט זיין בעזוך.

— וואָס! האט מאָרסערף אויסגערופען, איהר ווילט מיט אייער קליין הייזעל צופריעדען שטעלען סימבאד דעם מאַטראָז, וועלכער איז געקומען זעהען פאַריז!

— אָה, איך רעכען, אז דער הערר גראף וועט זיין מיט אונז צופריעדען, האט מאַקסימיליאַן מיט א שמייכעל געענטפערט. מיר זיינען אלע לוסטיגע מענשען און דער גראף וועט אויך דערביי קענען זעהען פאַריז וויפיעל ער וועט וועלען.

— איך דאנק אייך זעהר, הערר מאָרעל, האט מאָנטע קריסטאָ געענטפערט. איך וועל אייך בעזוכען און איך וועל מיך שעצען גליקליך, ווען איהר וועט מיך פאָרשטעלען פאר אייער שוועסטער און אייער שוואָגער. איך קען אבער ניט אָננעמען דעם אָנבאָט פון קיינעם פון דיזע העררען, ווייל איך האב שוין איין אָנגעגרייטע וואָהנונג.

— וואָס! האט מאָרסערף אויסגעשריען, איהר וועט אראָפּשטייגען אין א האָטעל? דאס וועט זיין צו פּראָסט פאר אייך.

— האב איך מיך געפיהלט ניט גוט אין רוים? האט מאָנטע קריסטאָ געפרעגט.

— שיינע זאך! אין רוים האט איהר זיך געלאָזען קאָסטען פופציג טויזענד פּיאַסטער פאר'ן אויספּוצען א וואָהנונג, אבער איך גלויב, אז איהר וועט עס ניט טאָן נאך א מאָל אין פּאַריז.

— ניט דאס געלד האלט מיך אָפּ, האט מאַנטע קריסטאַ געענטפערט, אבער איך האב בעשלאָסען צו האבען אין פּאַריז א הויז פאר מיר אליין, דאס הייסט, אז עס זאל זיין מיין אייגענע הויז. איך האב פאַרויסגעשיקט מיין הויז דינער און ער האט שוין פאר מיר געקויפט א הויז און האט זיא מעבלירט.

— האט איהר דען א דינער, וועלכער קען פּאַריז, האט באַשאַן געפרעגט.

— ער קומט גלייך מיט מיר צום ערשטען מאָל אין פּאַריז. ער איז א שווארצער און איז שטום, האט מאַנטע קריסטאַ געזאָגט.

— דאן איז עס אלי? האט אלבערט געפרעגט, ווערענד אלע זיינע געווען זעהר איבערראַשט.

— יא, מיין הערר, עס איז אַלי זעלבסט, מיין שטומער נעגער, וועלכען איהר האט געזעהען אין רוים, גלויב איך.

— אָה, געוויס, האט מאָרסערף געענטפערט, איך געדענק נאך גאנץ גוט. אָבער וויא האַט איהר זיך געשאפט מיט איין אראבער, אז ער זאל אייך קויפען א הויז אין פּאַריז, און מיט א שטומען, אז ער זאל איא מעבלירען? ער האט דאך געמוזט מאכען אַלץ פערקעהרט, דער אָרימער טייוועל.

— איהר האט א טעות, ליעבער הערר. איך בין זיכער, אז ער האט אויסגעזוכט אלעס נאך מיין געשמאַק; דען איהר ווייסט דאָך, אז מיין געשמאַק איז ניט גלייך מיט אלעמעס. ער איז געקומען אין פּאַריז מיט אכט טאָג פריהער פאר מיר. ער איז געלאָפען איבערן שטאָט מיט דעם געפיהל פון א הונד, וועלכער גייט אליין אויף דער יאגד. ער קען מיינע קאַפּריזען, מיינע פאַנטאַזיען, מיין בעדארף, און ער האט אלעס געמאכט נאך מיין וואונש. ער האט געוואוסט, אז איך דארף היינט קומען צעהן א זייגער אין דער פריה און ער האט אויף מיר געווארט פון נייען א זייגער אָן לעבען שטאָט טויער און האט מיר איבערגעגעבען דיזען פּאַפּיער. דאס איז מיין נייער אַדרעס. איהר קענט איהם לעזען. און ער האט דערלאנגט אַלבערט'ן א פּאַפּיער.

— שאַן־זעליזע, 30, האט מאָרסערף געלעזען.

— דאס איז דאר עפּעס גאר וואונדערבאר! האט זיך באַשאַן ניט געקענט איינ־האלטען אויסצורופען.

— און גאנץ פּרינץ מעסיג, האט שאַטאָ־רענאָ צוגעזעצט.

— וויא אזוי; איהר קענט ניט אייער הויז? האט דעבראַי געפרעגט.

— ניין, האט מאַנטע קריסטאַ געזאגט. איך האב דאך אייך געזאָגט, אז איך האב ניט געוואלט פערזאמען דיא בעשטימטע צייט. איך האב געמאכט מיין טואלעט אין וואָגען און בין אראָפּגעקראָכען לעבען דער טהיר פון דיזער הויז.

דיא יונגע לייט האבען זיך אָנגעקוקט. זיי האבען ניט געוואוסט, אויב מאַנטע קריסטאַ שפּילט דאָ ניט קיין קאָמעדיע. אָבער אלעס וואס ער האט גערעט, איז געווען מיט אזא איינפאכער איבערצייגנ:ער מינע, דאס מען האט אויף קיין פאל ניט געקענט אָננעמען, אז ער זאָגט ליגען. איבריגענס, צו וואס האט ער גערארפט זאָגען ליגען?

— אויף אזא אָרט, האט באַשאַן געזאָגט, מוז מען זיך שוין צופריעדען שטעלען

און דער גראף צייגען א קלענערן דינסט. אלס זשורנאליסט קען איך איהם עפענען אלע טהעאטערן פון פאריז.

— איך דאנק אייך, מיין הערר, האט מאנטע קריסטא מיט א שמייכעל גוזאגט. מיין געשעפטספיהרער האט מיר שוין גערונגען לאזשעס אין אלע טהעאטערן.

— איז אייער געשעפטספיהרער אויך איין אראבער און א שטומער? האט דעבראי געפרעגט.

— ניין, א גאנץ איינפאכער קארסיקאנער. איהר מוזט איהם דאך קענען, הערר מארסערף?

— איז עס ניט דער בראווער בעטרוציא, וועלכער פערשטייט אזוי גוט צו דינגען פענסטערס?

— ריכטיג. און איהר האט איהם געמוזט זעהן ביי מיר ווען איך האב אייך איינגעלאדען צו מיר אויף דינער. ער איז א בראווער מאן, וועלכער איז געווען האלב סאלדאט, האלב קאנטרעבאנדיסט און שליסליך פון אלץ ביסעל. איך וויל ניט שווערען, אז ער האט שוין א מאל ניט געשפיעלט מיט זיין מעסער.

— און דיזען בראווען מאן האט איהר אויסגעזוכט פאר אייערן א געשעפטספיהרער! האט דעבראי געזאגט, וויפיעל גנבעט ער ביי אייך א יאהר?

— ביי מיינער עהרע, אז ניט מעהר וויא אנאנדערער, האט דער גראף געזאגט. איך בין זיכער אין דעם. אבער ער טוט זיין זאך. ער קען ניט קיין אונמעגליכקייט, און איך האלט איהם.

— דאן האט איהר אלעס, האט שאטא־רענא געזאגט. איהר האט א פארטיגע מעבלירטע הויז אין שאן זעליזע; איהר האט א געשעפטספיהרער דינער. נאר א געליבטע פעהלט אייך.

אלבערט האט געשמייכעלט. ער האט זיך דערמאנט אן דער שיינער יונגער גריכין, וועלכע ער האט געזעהען אין רוים מיט מאנטע קריסטא אין טהעאטער.

— איך האב נאך בעסער וויא דאס, האט מאנטע קריסטא געזאגט. איך האב א שקלאווין. איהר דינגט אייערע געליבטעס אין טהעאטער און איך האב מיינע געקויפט אין קאנסטאנטינאפאל. עס האט מיך אפילו געקאסט פיעל טייערער, אבער איך האב מיט איהר קיין זארג ניט.

— אבער וויסט איהר דען ניט, האט דעבראי לאכענדיג געזאגט, אז אזוי באלד א שקלאוו בעטרעט דאס פראנצויזישע לאנד, איז ער פריי?

— ווער וועט עס איהר זאגען, האט מאנטע קריסטא געפרעגט.

— יעדער איינער קען עס איהר זאגען.

— זיא רעט נאר אין דער ראמאנישער שפראך.

— דען איז עס אנאנדער זאך.

פאר'ן אוועקגיין האט דעבראי געזאגט צו אלבערט'ן:

— איך וועל היינט ריידען מיט'ן מיניסטער וועגען דעם גראף און איך מוז וויסען ווער ער איז.

— נעמט זיך אין אכט, האט מאַרסערף געזאָגט, דיא קליגסטע האבען זיך געמוזט אָפּזאָגען דערפון.

— אָהאָ! מיר האבען דריי מיליאָן פראנק פאר אונזער פּאָליציי. עס איז אמת, אז דאס געלד איז שוין פריהער אוועקגעגאנגען, אבער אלץ וועט זיך נאך געפינען א פופציג טויזענד פאר דיזער זאך.

— און ווען איהר וועט וויסען ווער ער איז, וועט איהר מיר דערציילען?

— איך פערשפּרעך עס אייך, האט דעבּראי געזאָגט.

איינינע מינוט שפּעטער זיינען זיך אלע צוגאנגען, און נאר אלבערט מיט מאָנטע קריסטאָ זיינען געבּליבען.

## 2טער קאַפּיטעל.

## דיא פאָרשטעלונג.

ווען מאָנטע קריסטאָ און אלבערט זיינען געבליבען אליין, האט איהם אלבערט געוויזען אלע זיינע צימערן, ביז זיי זיינען געקומען צום שלאָף צימער. אין דיזען צימער האט מאָנטע קריסטאָ געזעהען א בילד פון א פרוי, וועלכע האט צוגעצויגען זיין אויג און ער איז צוגעגאנגען נעהענטער צום בילד.

דאס איז געווען א פרוי, פון א יאהר פינף און צוואנציג מיט ברוינער הויט פארב און מיט אויגען פון פייער. זיא האט געטראָגען דיא קליידער פון א קאטאלאנער פישערין. זיא האט געקוקט אויפ'ן ים און דער שאָטען פון איהרע מאַיעסטעטישע געשטאלט האט זיך אָפּגעשלאָגען אויפ'ן הינטערגרונד פון בילד.

אין צימער איז געווען דונקעל, זאָנסט וואלט אלבערט בעמערקט דיא שרעקליכע בלייבקייט אויף מאָנטע קריסטאָ'ס געזיכט און ער וואלט געקענט זעהען דעם ציטערן פון אלע זיינע גלידער. א ווייל איז ער אזוי געשטאנען לעבען בילד, דאן האט ער געזאָגט צו אלבערט'ן מיט א גאנץ רוהיגע שטימע.

— איהר האט א שיינע געליבטע, גראף. און דיזער באַל קאָסטיום, וואהרשיינליך, קליידעט איהר אויסגעצייכענט.

— אָה, ליעבער גראף, דעם טעות וואלט איך אייך קיין מאָל ניט מוחל געווען, ווען איך וואלט ניט געוואוסט, אז איהר קענט ניט מיין מוטער. זיא האט זיך אראָפּגענומען פאר אכט יאָהרען און דאס בילד הייננט אימער ביי מיר, דען וויא מיר שיינט איז דער פאָטער מיט איהם ניט צופרידען. דער בילד איז מיר זייער טייער. עס איז ניטאָ קיין איין מאָל, ווען דיא מוטער איז דאָ אין זאל און זאל אויף איהם ניט קוקען, אדער זיא זיא זאל ניט וויינען קוקענדיג אויף איהם. אבער וואס דערצייל איך אייך אזעלכע זאכען, וועלכע אינטערעסירען אייך ניט. איך האב שוין אָנגעזאגט מיינע עלטערן וועגען אייער קומען. וואָס איהר האט פאר מיר געטאָן וויסען זיי, און זיי ערוואַרטען אייך מיט אונגעדולד. קומט איך וועל אייך פאָרשטעלען פאר זיי.

מאָנטע קריסטאָ האט זיך פערנייגט אָהן צו ענטפערן און אלבערט האט געהייסען א דינער זיי אָנמעלדען ביי זיינע עלטערן. דער דינער איז געגאנגען פאראויס און אלבערט מיט'ן גראף זייען איהם נאָכגעגאנגען.

זיי זיינען דורכגעגאנגען פיעלע צימערן ביז זיי זיינען אריין אין עמפפאנגס זאל. דארטען איז פאר מאַנטע קריסטאַ אויפגעפאלען א בילד, ביי וועלכען ער האט זיך אפגעשטעלט. דאס איז געווען א בילד פון א מאן פון א יאָהר אכט און דרייסיג. ער האט געטראגען א גענעראלס אוניפאָרמע מיט דאָפעלטע עפּאָלעטען און מיט דיא גרעסטע מעדאלען.

מאַנטע קריסטאַ האט בעטראכט דעם בילד אזוי וויא דעם בילד פון דער פישערין און איז געווען פערזונקען אין גדאנקען. אין דעם האט זיך אויפגעמאכט דיא טהיר און דער גראף מאָרסערף זעלבסט איז אריינגעקומען. מאַנטע קריסטאַ האט איהם געזעהען צוקומען צו זיך און האט ניט געמאכט קיין טריט ענטקעגען איהם. מען וואלט געקענט שווערן, אז זיינע פיס זיינען געווען צוגעשמיט צו דער ערד, אזוי וויא זיינע אויגען זיינען געווען צוגעשמיט צו דער געזיכט פון גראף מאָרסערף.

— פאָטער, האט דער יונגער מאן געזאָגט, איך האב דיא עהרע אייך פאָרצר שטעלען דעם הערן גראף מאַנטע קריסטאַ, דעם גוטהערציגען פריינד, וועלכען איך האב געהאט דאס גליק צו בעגעגנען אין א צייט פון גרויסער נויט, וויא איהר ווייסט.

— דער הערר איז ווילקאָמען צווישען אונז, האט דער גראף מאָרסערף געזאָגט גריסענדיג מאַנטע קריסטאַ מיט א שמייכעל. ער האט אונזער הויז געטאָן א גרויסען דינסט מיט דעם וואס ער האט אונז צוריקגעגעבען אונזער איינציגען יורש און דערפאר זיינען מיר איהם שולדיג דיא גרעסטע דאנקבארקייט.

זאָגענדיג דאס האט מאָרסערף געבעטען מיט דער האנד דעם גראף זיצען און האט זיך אליין אויך געזעצט.

ווען מאַנטע קריסטאַ האט זיך געזעצט, האט ער געטרייט צו בעהאלטען דעם אויסדרוק פון זיין געזיכט אונטער דיא גרויסע פאָרהאנגען, וועלכע זיינען געהאנגען איבער זיין קרעסלע, און אין דערזעלבער צייט צו בעטראכטען דאס געזיכט פון מאָרסערף, אויף וועלכען עס איז געווען צו לעזען א גאנצער בוך פון געהיימע ליידען.

— דיא גרעפין, האט מאָרסערף געזאגט, איז געווען ביי איהר טואלעט ווען אלבערט האט איהר אָנגעמעלדעט אייער קומען. אין צעהן מינוטען ארום וועט זיא זיין דאָ.

— עס איז פיעל עהרע פאר מיר, האט מאַנטע קריסטאַ געזאָגט, אז דעם ערשטען טאָג וואס איך בין אָנגעקומען אין פאריז בעגעגען איך זיך מיט א מאַן, וועלכער האט אזא גרויסען נאָמען דורך זיין פערדיינסט און וועמען דאס גליק האט ניט אומזיסט גע־טראָפען, און וועלכער וואלט נאך געקענט ווערן מארשאל פון פראנקרייך, ווען ער וואָלט נאר געוואלט.

— אָה, האט מאָרסערף געענטפערט א ביסעל רויט ווערענדיג. איך האב מיין נאָמען און מיין גליק פערדינט אין שלאכטפעלד און איך האב עס ניט פערלאנגט. איך האב פערלאָזען דעם דינסט, ווייל איך וויל ניט מעהר קיין פערדינסטען און יעצט בין איך געווארען א פּאָליטיקער נאר אויס ריינעם פּאטריאָטיזמוס.

— איהר פאנגט יעצט אָן א נייעם לעבען פאר'ן פאטערלאנד, מיין הערר, האט מאַנטע קריסטאַ געזאגט מיט היץ, און איהר פערלאנגט שוין קיין פערדיענסט, זאָנדערן

איהר ווילט נאר זיין ניצליך אייער לאַנד.... אָה, מיין הערר! אָט דאס איז ווירקליך שיין; איך וועל נאך זאָגען מעהר, עס איז ערהאבען!

מאַרסערף איז א ביסעל בלייך געוואָרען. ער האט ניט פערשטאנען אין וועלכער מיינונג ער האט עס געזאָגט. מאָנטע קריסטאָ האט בעמערקט זיין ענדערונג אויף זיין געזיכט און האט באלד אָנגעפאנגען אנאנדער געשפרעך.

— ווען איך וואלט ניט מורא האבען דעם גראף צו בעלעסטיגען, האט דער גענעראל געזאָגט, וואלט איך איהם געפיהרט אין סענאט. היינט איז זעהר א אינטערעסאנטע זיצונג פאר דעם, וואס איז ניט בעקאנט מיט אונזערע היינטיגע סענאטאָרען.

— איך וואלט אייך זיין זעהר דאנקבאר, מיין הערר, ווען איהר וואלט מיך אנאנדער מאָל איינלאַדען; אבער היינט האט מען מיר געגעבען די עהרע צו זעהען די גרעפין און איך וועל זיא ערווארטען.

— אָט איז מיין מוטער! האט אַלבערט אויסגערופען.

מאָנטע קריסטאָ האט זיך שנעל אומגעדרייט און האט טאקע געזעהען מאדאם מאַרסערף שטייענדיג אויף דער שוועל פון דער טהיר. זיא איז געשטאנען בלייך און אונבעוועגליך, און ווען מאָנטע קריסטאָ האט זיך אומגעדרייט צ איהר מיט'ן פנים, האט זיא אָנגעשפארט איהר ארעם אָן דער טהיר אום ניט אנידערצופאלען. זיא איז דארטען געשטאנען אייניגע סעקונדען און זיא האט געהערט די לעצטע ווערטער פון מאָנטע קריסטאָ.

ער האט זיך אויפגעהויבען און האט זיך שטילערהייט פערנייגט פאר איהר.

— אבער וואס איז אייך מאדאם! האט איהר מאן אויסגערופען. האט אייך פיעלייכט די ווארעמקייט פון דאנען געשאט?

— וואס איז דיר, מיין מוטער! האט אַלבערט אויסגערופען צולויפענדיג צו מערסעדעס.

זיא האט זיי ביידען בעדאנקט מיט א שמייכעל.

— ניין, האט זיא געזאָגט, אבער איך בין געווארען אויפגערעגט, ווען איך האב דערזעהען צום ערשטען מאָל דעם, אָהן וועמען מיר וואלטען יעצט געווען אין טרערן און אין טרויער. מיין הערר, האט די גרעפין פאָרטגעזעצט צוגייענדיג מיט דעם שטאָלץ פון א קעניגין, איך בין אייך שולדיג דעם לעבען פון מיין זון, און פאר דיזע גרויסע טובה בענש איך אייך, און איך פיהל מיך גליקליך וואס איך האב די געלעגענהייט אייך דאס צו זאָגען פערזענליך.

דער גראף האט זיך פערנייגט נאך א מאָל און טיפער וויא דעם ערשטען מאָל. ער איז געווען נאך בלייכער וויא מערסעדעס.

— מאדאם, האט ער געזאָגט, דער הערר גראף און איהר דאנקט מיר פאר גאָר א קליינינקייט. רעטען א מענשען, פערשפאָרען אנמש נפש א פאָטער, צו שוינען די געפיהלען פון א פרוי, דאס איז ניט קיין גרויסעס ווערק; עס איז מעהר ניט וויא מענשליבקייט.

אויף דיזע ווערטער, וועלכע זיינען געזאָגט געוואָרען זעהר וויך און מיט פיינקייט, האט מאדאם מאַרסערף געענטפערט מיט א טיפער שטימע:

— עס איז א גרויסער גליק פאר מיין זון, מיין הערר, צו האבען אייך פאר א פריינד, און איך שעץ מיך גליקליך פאר דיזע אויסוואהל.

צעהן מינוט שפעטער האט מאַנטע קריסטאָ גענומען אָפּשיעד פון דעם גראַף און דיא גרעפין מאָרסערף.

— מיין טייערער גראַף, האט אַלבערט צו מאַנטע קריסטאָ געזאָגט, ווען דיזער האט געהאלטען ביים אוועקגיין, אויב איהר ווילט מיר טאָן דעם פערגעניגען, בעט אין אייך, אז איהר זאלט זיך בעדינען מיט מיינע פערד און וואָגען. איך וועל אייך הייסען פאָרפיהרען מיין עקיפּאַזש.

— איך דאנק אייך טויזענד מאָל פאר אייערע פריינדליכקייט, גראַף, האט מאַנטע קריסטאָ געזאָגט, אבער איך גלויב, אז מיין געשעפטספיהרער בערטוציאָ האט בענוצט דיא פיער שטונדען צייט וואס איך האב איהם געגעבען, און איך וועל געוויס איצטער געפינען א געשפאַן פאר אייער טהיר.

אַלבערט איז שוין געוועהן געוויינט צו זעהען פון דעם גראַף וואונדערבארע זאכען, דעריבער האט ער יעצט אויך ניט געצווייפעלט אין זיינע רייד. ער האט אבער געוואלט זעהען מיט דיא אויגען וויא זיינע בעפעהלען ווערן אויסגעפיהרט. ער האט דעם גראַף בעגלייט ביז דער גאַס טהיר.

מאַנטע קריסטאָ האט קיין טעות ניט געהאט. אזוי וויא ער איז אריין אין מאָרסערף'ס פאָרצימער איז צו איהם צוגעגאנגען זיין לאַקיי און האט איהם אויפגעמאכט דיא גאַס טהיר, פאר וועלכע עס איז געשטאנען איין עקיפּאַזש מיט א פּאָר טייערע פערד.

— מיין יונגער הערר, האט מאַנטע קריסטאָ געזאגט צו אַלבערט'ן. איך וויל אייך איצטער ניט איינלאַדען צו זיך, ווייל ביי מיר איז נאָך ניט אלעס אין אָרדנונג פער געסט. שיינקט מיר איין טאָג צייט, ביז איך וועל אלעס איינשטאַלירען, דאן וועט איהר ביי מיר זיין א טייערער גאַסט.

— ווען איהר בעט ביי מיר איין טאָג, הערר גראַף, בין איך רוהיג; עס וועט ניט זיין מעהר א הויז, עס וועט זיין א פּאַלאַץ וואס איהר וועט מיר ציינען. איהר מוזט אודאי האבען גייסטער אין אייער דינסט.

— דענקט אזוי, האט מאַנטע קריסטאָ געענטפערט אריינשטייגענדיג אין עקיפּאַזש, דאס וועט מיר מאכען א נאָמען ביי דיא דאַמען. נאָך דיזע ווערטער איז ער אריין אין וואָגען און דיא פערד זיינען אוועק אין גאַלאָפּ.

ווען אַלבערט איז אריין אין צימער האט ער געטראָפען זיין מוטער זיצענדיג אין א קרעסלע פערזונקען אין געדאנקען. ער האט בעמערקט לעבען איהר א פלעשעל מיט עסיג. דאס האט איהם זעהר בעאונרוהיגט.

— וואס פעהלט דיר, מוטער? האָסטו שמערצען! האט ער אויסגערופען.

— ניין, מיין זון. דיא בלומען מאכען מיר קאָפּ שמערצען.

— וועל איך זיי גלייך הייסען ארויסטראָגען. דו זעהסט טאקע אויס שלעכט, שוין ווען דו ביזט אריינגעקומען, ביזטו געווען זעהר בלייך.

— איך בין געווען בלייך זאָגסטו, אַלבערט?

— דו ביזט געווען זעהר בלייך, און איך מיט'ן פאָטער האבען זיך דערשראָקען.

— האט דען דער פאָטער דיר עפּעס געזאָגט דעריבער? האט מערסעדעס שנעל געפרעגט.

— ניין, אבער ער האט דאס דיר אליין געזאגט.

— איך געדיינק דאס ניט, האט מערסעדעס געזאגט.ביידע האבען דאן א לענגערע ווײלע געשוויגען.

— וואס איז עס פאר א נאָמען מאָנטע קריסטאָ? האט מערסעדעס ווידער אָנגעפאנגען. איז עס א פאמיליען נאָמען, א נאָמען פון לאַנד, אדער איין איינפאַכער טיטעל?

— איך גלויב, ליעבע מוטער, אז עס איז א טיטעל. ער האט געקויפט א קליינעם אינזעל און רופט זיך אויף זיין נאָמען.

— ער האט פראכטפאָלע מאניערען, וועדליג איך האב געזעהען, האט דיא גרעפין געזאָגט.

— און אזוי פראכטפאָל, ליעבע מוטער, דאס איך האב עס נאך ניט געזעהען פון קיין אדעלמאַן ביז יעצט.

דיא גרעפין האט זיך א ווײלע פערטראַכט, דאן האט זיא ווידער אָנגעפאנגען:

— ליעבער אַלבערט, אלס מוטער וועל איך דיר שטעלען א פראגע. קענסטו גוט דעם גראף? גלויבסטו אז ער איז דאס, וואס ער שיינט צו זיין?

— און וואס שיינט ער צו זיין?

— דו זאגסט, אז ער איז א גאַנץ גרויסער מאַן.

— איך זאָג, אז מען האלט איהם פאר אזעלכען.

— און וואס דענקסטו דעריבער? האט דיא גרעפין געפרעגט.

— איך האב פון איהם געזעהען אזעלכע וואונדערבארע זאכען, דאס איך קען גאר ניט באפּען צו דענקען ארום וואס ער איז. איך וואלט זאגען, אז ער איז איינער פון יענע אונגליקליכע, וועלכער איז געווען פערפאלגט פון דער געזעלשאפט און יעצט האט ער בעקומען איין איבערנאטירליכע קראפט, וועלכע מאכט איהם העכער פון דיא מענשען.

— וואס מיינסטו דערמיט?

— איך זאג, אז מאָנטע קריסטאָ איז א פוסטע אינזעל, אויף וועלכער אלע פערוואָרפענע מענשען האלטען זיך אויף און צאָהלען אָפּגאַבען צום גרויסען הערין, וועלכער ערלויבט זיי אויפצוהאלטען זיך אויף זיין אינזעל.

— דאס איז מעגליך, האט דיא גרעפין געזאָגט פערטראַכטערהייט.

— אבער וואס קימערט מיך וואס ער איז און ווער ער איז אבי ער איז א מאַן, מיט וועלכען מען קען פערקעהרען און מען האט פון איהם פערגעניגען.

— און וויא אלט קען זיין דער גראף? האט מערסעדעס געפרעגט מיט א טאָן, אזוי וויא זיא האט פיעל אינטערעס צו וויסען זיינע יאָהרען.

— ער וועט זיין א פינף, זעקס און דרייסיג יאָהר.

— אזוי יונג! עס איז אונמעגליך, האט זיא וויא אליין צו זיך געזאָגט.

— דאך איז עס אמת, ליעבע מוטער. דריי אדער פיער מאָל האט ער מיר געזאָגט

אז אין דער און אין דער צייט איז ער אלט געווען פינף יאהר, אין אנאנדער צייט צעהן יאהר און נאך אין אנאנדער צייט ווידער צוועלף יאהר. מיך האבען עפּעס דיזע צייטען אינטערעסירט און איך האב מיר געמערקט דיא דאטום'ס. דאן האב איך צונויף גערעכענט און האב געפונען, אז ער איז מעהר ניט אלט וויא איך האב דיר געזאגט. און דען האסטו דאך געמוזט מערקען וויא זיינע אויגען זיינען לעבעדיג, וויא זיינע האר זיינען שווארץ, און וויא זיין בלייכער שטערן האט קיין איין קאָרטש ניט. דער עלטער פון דיזען מענשען איז זאָנדערבאר און ער שיינט ניט צו האבען קיין עלטער. דיא גרעפין האט אראָפּגעלאָזען דעם קאָפּ וויא אונטער שווערע געדאנקען.

— און דיעזער מענש האט דיך ליעב בעקומען, אלבערט? האט זיא געפרעגט מיט א שוידער.

— איך גלויב עס, מוטער, האט אלבערט געענטפערט.

— און דו.... ליעבסטו איהם אויך?

— ער געפעלט מיר, מוטער, טראָטץ דעם וואס פראנץ האט מיר איהם געטרייט פאָרצושטעלען פאר א מאַן פון יענער וועלט.

דיא גרעפין האט נעגעבען א שטאַרקען שוידער.

— אלבערט, האט זיא געזאָגט, איך האב דיר אלע מאָל געוואָרנט פאר נייע בעקאנטשאפט. יעצט ביזטו ערוואקסען און קענסט מיר שוין געבען עצות. דאך זאג איך דיר נאך א מאָל: זיי קלוג, אלבערט.

— ערשט, ליעבע מוטער, מוז איך וויסען, איידער איך נעם אָן דיין עצה, פאר וועמען איך זאל מיך היטען. דער גראף שפּיעלט ניט, ער טרינקט נאר וואסער מיט עטליכע טראָפּען וויין; דער גראף איז אזוי רייך, דאס ער דארף פון מיר ניט לייען קיין געלד. אלזאָ וואס האב איך זיך צו היטען פאר איהם?

— דו האסט רעכט מיין קינד, האט דיא גרעפין געזאגט, מיין שרעקען זיך איז א נארישקייט, איבערהויפּט געגען א מענשען, וועלכער האט דיר גערעטעט דאס לעבען. האט דיין פאָטער איהם גוט אויפגענומען, אלבערט?

— זעהר פיין, ליעבע מוטער, און דען האט דער גראף איהם אזוי געליובט און איז מיט איהם אזוי געווען היימיש, אזוי וויא ער וואלט איהם געקענט צייט דרייסיג יאָהר. יעדער וואָרט פון דעם גראף האט אזוי געקיצעלט דעם פּאָטער, האט אלבערט לאַכענדיג פאָרטגעזעצט, דאס ער האט איהם געבעטען, אז ער זאל מיט איהם גייען אין סענאט.

דיא גרעפין האט ניט געענטפערט. זיא איז געווען אזוי פערזונקען אין געדאנקען, דאס איהרע אויגען האבען זיך פערשלאָסען. דער יונגער מאַן איז געשטאַנען ענטקעגען איהר און האט זיא בעטראַכט מיט א ליעבען בליק פון א טרייען קינד. ער האט גערעכענט אז זיא שלאָפט און איז פּאמעלאך אוועקגעגאנגען.

— דיזער טייפעל פון א מאַן, האט ער געמורמעלט שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ, וועט מאכען א רעש אין פאריז, אזוי וויא איך האב איהם געזאָגט. א גוטען סימן דערפון האב איך, אז מיין מוטער האט איהם בעמערקט, מוז ער זיין זעהר בעמערקענס ווערטה.

## 3טער קאַפּיטעל.

## הערר בעטרוציאַ.

**וועהרענד** דיזער צייט איז מאַנטע קריסטאַ אנגעקומען צו זיך א היים. זעקס מינוטען האט געדויערט דער וועג. איז דיזע זעקס מינוטען האבען א פינף און צוואַנציג יונגע לייט פון דער הויכער אריסטאָקראַטיע געזעהען זיין געשפּאַן, וועלכען זיי האבען ניט געקענט האבען.

מאַנטע קריסטאָ׳ס הויז, וועלכע דער שטומער אַלי האט געקויפט איז געווען א וואונדערבארער פּאַלאַץ. ער איז געשטאנען אויף א פרייען פּלאַץ און איז געווען ארומ־גערינגעלט פון א וואלד מיט געדיכטע בוימער. ווען זיין עקיפּאַזש איז צוגעפאָהרען האט זיך דער טויער אויפגעמאַכט, און קוים זיינען דיא לעצטע רעדער פון וואָגען אריין אין טויער, האט זיך דער טויער צוגעמאכט.

לעבען פּאָדיעזד האבען איהם ערוואַרטעט צוויי מענער: איינער אַלי און דער אנדערער בעטרוציאַ. אַלי׳ס געזיכט האט געגלענצט פאר פרייד, ווען ער האט דערזעהען דעם גראַף און בעטרוציא האט זיך טיעף פערנייגט פאר׳ן גראַף און האט איהם געהאלפען אראָפּשטייגען פון וואָגען.

— איך דאַנק אייך, בעטרוציאַ, האט דער גראַף געזאָגט אראָפּשטייגענדיג פון וואָגען. איז דער נאָטאַריוס שוין דאָ?

— ער איז אין קליינעם זאַל, עקסעלענץ, האט בעטרוציאַ געענטפערט.

— און דיא וויזיטען קאַרטען, וועלכע איך האב אייך געהייסען לאזען גראַווירען?

— דיא קאַרטען זיינען שוין פארטיג און איינע האב איך שוין אוועקגעטראָגען צום באַראָן דאנגלאַר אין 7 שאָסע ד׳אַנטען. דיא איבריגע קאַרטען זיינען ביי אייערע עקסע־לענץ אין שלאָף צימער.

באלד איז מאַנטע קריסטאָ געווען אין קליינעם סאלאָן ביי דעם נאָטאַריוס.

— זייט איהר דער נאָטאַריוס, וועלכער וויל מיר פערקויפען דאס הויז אין דער קאָנטרי? האט מאַנטע קריסטאָ געפרעגט.

— יא, הערר גראַף, האט דער נאָטאַריוס געענטפערט.

— האט איהר מיטגעבראַכט דיא אַקטען?

— אָט זיינען זיי, האט דער נאָטאַריוס געענטפערט.

— זעהר גוט. און וואו איז דיא הויז, וועלכע איך קויף? האט מאַנטע קריסטאָ געפרעגט זיך ווענדענדיג האלב צום נאָטאַריוס און האלב צו בעטרוציאַ.

דער געשעפטספיהרער האט געמאכט א צייכען, אז ער וויס ניט. דער נאָטאַריוס האט פערוואונדערט אָנגעקוקט מאָנטע קריסטאָ.

— וואס הייסט! דער הערר גראַף וויס ניט וואו דיא הויז געפינט זיך, וועלכע ער קויפט?

— ניין, כלעבען, האט דער גראַף געענטפערט.

— דער הערר גראַף קען זיא גארניט?

— און וויא צום טייוועל זאל איך זיא קענען? איך בין ערשט היינט געקומען אין פאַריז און איך בין דאָ נאך קיין מאל ניט געווען.

— דאן איז עס אנאנדער זאך, האט דער נאָטאריוס געענטפערט. דיא הויז וועלכע איהר קויפט געפינט זיך אין אָטויל.

ביי דיזען נאמען איז בעטרוציאָ בלייך געוואָרען.

— און וואו געפינט זיך אָטויל? האט מאָנטע קריסטאָ געפרעגט.

— צוויי טריט פון דאנען, הערר גראף, האט דער נאָטאריוס געזאגט. עטוואס נאך פאסי; אין א פראכטפאָלער געגענד אין מיטען פון בולאָניער וואלד.

— אזוי נאָהענט! האט מאָנטע קריסטאָ אויסגערופען, און דאס רופט איהר אין דער קאָנטרי, הערר בעטרוציאָ! וואו זיינען געווען אייערע אויגען?

— איך! האט בעטרוציאָ אויסגערופען. איך האב דיא הויז ניט אויסגעזוכט. זאל זיך זיינע עקסעלענץ גוט דערמאָנען ווען ער האט געשיקט קויפען.

— אה, ריכטיג. יעצט דערמאָן איך זיך. איך האב געלעזען אין א צייטונג איין אנאָנסע, וואו עס איז געשטאנען: „א הויז אין דער קאָנטרי צו פערקויפען".

— עס איז נאך צייט האט בעטרוציאָ שנעל געזאָגט. און ווען אייער עקסעלענץ וויל, וועל איך גלייך זוכען א הויז אין דער קאָנטרי.

— ניין, בלעבען, האט דער גראף געלאסען געזאגט. ווען איך האב שוין דיא הויז וועל איך זיא נעמען.

— און דער הערר האט רעכט, האט דער נאָטאריוס געזאָגט, וועלכער האט ניט גע־וואלט פערליערען זיינע פראָצענטען. און ער האט אָנגעפאנגען צו לויבען דיא הויז ביז'ן הימעל.

דער האנדעל איז באלד געווען אָפגעמאכט פאר פינף און פופציג טויזענד פראנק, און מאָנטע קריסטאָ האט בעקומען דיא פאפיערען און דיא שליסעל פון הויז. ווען דער נאָטאריוס און בעטרוציאָ זיינען ארויסגעגאנגען, האט מאָנטע קריסטאָ ארויסגענומען פון פאקעט א בריף־טאש און האט דארטען איינינע מינוט געבלעטערט, ביז ער האט געפונען וואס ער האט געוואלט. דאן האט ער פערגלייכט וואס ביי איהם איז געווען געשריבען אין ביכעל מיט דיא אקטען:

— אָטויל, לאַ פאָנטיין גאס 28. עס איז ריכטיג דאס, האט ער געזאָגט. יעצט מוז איך וויסען דיא געשיכטע אקוראט, און אין א שטונדע וועל איך עס וויסען.

— בעטרוציאָ! האט ער א געשריי געטאָן א קלאפטאָנדיג מיט א שטאָל אָן א גלעקעל. בעטרוציאָ איז גלייך געקומען.

— בעטרוציאָ, האט צו איהם דער גראף געזאגט, האט איהר מיר ניט א מאָל געזאָגט, אז איהר האט געררייזט אין פראנקרייך?

— איז געוויסע טהיילען פון פראנקרייך, עקסעלענץ.

— קענט איהר דיא אומגעגענד פון פאריז?

— ניין, עקסעלענץ, ניין, האט דער געשעפטספיהרער געענטפערט אין ריינע צי־טערנעש, וועלכע דער גראף האט בעמערקט.

— עס איז שאדע וואס איהר קענט ניט דיא אומגעגענד פון פאריז, דען אזוי

וויא איך וויל היינט גיין זעהן מיין הויז און איהר וועט מיט מיר מיטגיין, וואלט איהר מיר געקענט זיין ניצליך אין עפּעס.

— אין אָטויל! האט בעטרוציאַ אויסגערופען בלייך ווערענדיג וויא דער טויט. איך זאל גיין אין אָטויל!

— און וואָס איז דא אזוי זיך צו וואונדערן? האט דער גראַף געפרעגט. ווען איך גיי מוזט איהר דאך אויך גיין; איהר זייט דאך מיין געשעפטספיהרער. בעטרוציאַ האט אראָפּגעלאָזען דעם קאָפּ און האט געשוויגען.

— הייסט פאָרפיהרען מיין געשפּאַן, בעטרוציאַ! אין א קורצע צייט ארום איז בעטרוציאַ אריינגעקומען און האט געמעלדעט, אז דיא פערד שטייען פאר דער טהיר.

— נו, נעמט אייער העט און אייערע הענשקעס, האט מאָנטע קריסטאָ געזאָגט צום געשעפטספיהרער.

— פאָהר איך דען מיט מיט אייער עקסעלענץ? האט בעטרוציאַ אויסגערופען.

— אָהנע צווייפעל. איהר מוזט דאך דארטען האלטעי אין אָרדנונג, ווייל איך רעכען דאָרטען צו וואוינען.

עס וואלט געווען געגען דער נאַטור ניט צו פאָלגען דעם בעפעהל פון גראַף. אלזאָ האט בעטרוציאַ שוין מעהר ניט געמאכט קיינע איינוועגדונגען און האט געמוזט מיטפאָהרען.

4טעו קאַפּיטעל.

# דיא הויז פון אָטויל.

מאָנטע קריסטאָ האט בעמערקט, אז וואס מעהר זיי האבען זיך גענעהענט צו אָטויל אלץ מעהר האט בעטרוציאַ געציטערט.

— איהר וועט לאָזען אָפּהאלטען דעם וואָגען אין לאַ פאָנטיין גאס 28, האט מאָנטע קריסטאָ געזאָגט אנקוקענדיג אונערבארמהערציג בעטרוציאַ.

דער שוויים האט ארויסגעטראָטען אויף בעטרוציאַ'ס געזיכט, פון דעסטוועגען האט ער געפאָלגט. און זיך, איינבויגענדיג צום קוטשער האט ער אויסגערופען:

— לאַ פאָנטיין גאס, 28!

דיזע הויז האט זיך געפונען אויפ'ן עק דאָרף. וועהרענד דעם פאָהרען איז עס גע־וואָרען נאכט און שווארצע וואלקענס האבען בעדעקט דעם הימעל. עס האט געוויזען אויף א שטורעמדיגע נאכט. דער וואָגען האט זיך אָפּגעשטעלט און דער לאַקיי האט אויפגעמאכט דיא טהירעל.

— נו, גייט איהר גארניט ארונטער, בעטרוציאַ? האט דער גראַף געזאָגט. אָן וואס דענקט איהר דען היינטיגען אווענד?

בעטרוציאַ איז אראָפּגעשפּרונגען פון וואָגען און האט אונטערגעהאלטען דעם גראַף דיא אַקסעל, אז ער זאל זיך אָנשפּארען אָן איהם. דער גראַף איז ארויס פון וואָגען.

— קלאַפּט אָן און מעלדעט מיך אָן. בעטרוציאַ האט אָנגעקלאַפּט און דיא טהיר האט זיך אויפגעמאכט און דער הויזקיפּער איז ארויסגעקומען.

— וואָס איז דארטען? האט ער געפרעגט.

— דאס איז אייער נייער הערר, מיין בראוועער מאַן, האט דער לאַקיי געזאגט, און ער האט דעם הויזקיפּער געוויזען דעם פּאַפּיער פון נאַטאריוס.

— דיא הויז איז אלזאָ פערקויפט? האט דער הויזקיפּער געפרעגט. און דיזער הערר וועט זיא בעוואָהנען?

— יא, מיין פריינד, האט דער גראַף געזאָגט, און איך וועל זעהען, אז עס זאל אייך ניט פערדריסען אייער אלטער בעל הבית.

— אָה, ליעבער הערר, האט דער הויזקיפּער געזאגט, איך האב ניט נאך וואס פיעל צו בּיינקען, דען מיר זעהען איהם זעהר זעלטען. עס איז שוין מעהר וויא פינף יאָהר וויא ער איז ניט געקומען. און ער האט, כלעבען, גוט געטאָן, וואס ער האט פערקויפט א הויז, וועלכע האט איהם גארניט איינגעבּראכט.

— און, וויא האט געהייסען אייער אלטער בעל הבית? האט מאָנטע קריסטאָ געפרעגט.

— דער הערר מאַרקיז סען מעראַן. ער האט געוויס ניט גענומען פאר דיא הויז וואס זיא האט איהם געקאָסט.

— דער מאַרקיז סען מעראַן, האט מאָנטע קריסטאָ געזאָגט. מיר שיינט, אז דער נאָמען איז מיר ניט אונבעקאנט. מאַרקיז סען מעראַן....

— איין אלטער אדעלמאַן, האט דער הויזקיפּער ווייטער געזאגט. ער האט געהאט איין איינציגע טאָכטער, וועלכע האט געהייראַט העררןווילפאָר, וואס איז געווען פּראָ־קוראָר אין מאַרסייל.

מאָנטע קריסטאָ האט בעטראכט בּעטרוציאָ, וועלכער איז געווען ווייסער וויא דיא וואַנד אָן וועלכער ער האט זיך אָנגעשפּאַרט, אז ער זאל ניט אומפאַלען.

— איז דיזע טאָכטער ניט געשטאָרבען? האט מאָנטע קריסטאָ געפרעגט. עס שיינט מיר אז איך האב עפּעס געהערט דערפון.

— יאַ, מיין הערר, צייט איין און צוואנציג יאָהר, און פון דיזער צייט אָן האבען מיר דעם אָרימען טייערען מאַרקיז מעהר ניט געזעהען וויא א דריי מאָל.

— איך דאנק אייך. גיט מיר פייער, בּראַוועער מאַן.

— זאל איך אייך בעגלייטען? האט דער הויזקיפּער געפרעגט.

— ניין, עס איז ניט נייטיג. בּעטרוציאָ וועט מיר לייכטען, און מאָנטע קריסטאָ האט בעגלייטעט דיזע ווערטער מיט א פּאָר גאָלדשטיקער, וועלכע האבען פאָרגעבּראכט א גאַנצען זאַק מיט ברכות און בעוואונדערונג,—נעמט אראָפּ א לאַנטערנע פון וואָגען בּעטרוציאָ, און צייגט מיר דיא צימערן.

דער געשעפטספיהרער האט געפאָלגט אָהן א וואָרט צו ריידען, אבער עס איז געווען לייכט צו זעהען אָן דעם ציטערן פון זיין האנד, אין וועלכער ער האט געטראָגען דיא לאַנטערנע, וואס עס האט איהם געקאָסט דער פאָלגען. מען איז דורכגעגאנגען א אונטערן עטאַזש, איין ערשטען עטאַז, וועלכער איז בעשטאנען פון א זאל פון באָד צימערן און צוויי שלאָף צימערן. פון איין שלאָף צימער איז מען געקומען צו א טרעפּ, וועלכער האט געפיהרט אין גאָרטען.

— אהאַ, אָט איז איין אויסגאנג טרעפּ. דאס איז זעהר בעקוועם. לייכט מיר צו,

הערר בעטרוציאָ, און גייט פאָראויס, און לאָמיר גיין וואו דיא טרעפ פיהרט אונז.

— ער גייט אין גאָרטען, הערר גראַף.

— און פון וואנען ווייסט איהר דאס, זייט אזוי גוט?

— דאס הייסט, אז ער דארף גיין אהין.

— גוט, לאָמיר זיך דערפון איבערצייגען.

בעטרוציאָ האט געגעבען א זיפץ און איז געגאנגען פאָראויס. דיא טרעפ איז טאקע געגאנגען ביז'ן גאָרטען. ביי דער אויסענטהיר איז בעטרוציאָ געבליבען שטיין.

— נו, וואס שטייט איהר, בעטרוציאָ? האט דער גראַף געזאָגט.

אבער צו וועמען ער האט עס געזאגט איז געשטאנען וויא א פערמשפטער צום טויט און האט געציטערט אין אלע גלידער.

— נו, וואס איז! האט דער גראַף ווייטער געדרענגט.

— ניין, ניין! האט בעטרוציאָ אויסגערופען אָנשפּארענדיג זיך אָן וואנד, ניין הערר, איך גיי ניט ווייטער עס איז אונמעגליך!

— וואס זאל דאס בעדייטען, האט דער גראַף געזאגט מיט א שאַרפער שטימע.

— איהר זעהט דאך, הערר, אז דאס איז אוננאַטירליך! האט בעטרוציאָ אויסגערופען. איהר האט געדארפט קויפען אין פאַריז א הויז און עס איז אויסגעקומען גראדע אין אָטויל, און אז איהר האט זיא געקויפט אין אָטויל, דארף דיא הויז זיין אין לאַפאָנטיין נאָם 28. אך, עקסעלענץ! פאר וואס האב איך אייך ניט דערציילט דארטען; איהר וואָלט געוויס ניט געדרונגען, אז איך זאל מיטקומען. איך האב געגלויבט, אז דעם גראַף'ס הויז וועט ניט זיין דיזע, און גראדע אין דיזער הויז איז געשעהען א מאָרד!

— אָה! אָה! האט מאָנטע קריסטאָ אויסגערופען. וואָס רעט איהר, דומער מענש! פערקאָבטער קאָרסיקאנער! נאר געהיימניס אדער אבערגלויבען! נעמט נאר דיא לאַנטערנע און לאָמיר בעקוקען דעם גאָרטען. מיט מיר וועט איהר דאך קיין מורא ניט האָבען, האָף איך!

בעטרוציאָ האט גענומען דיא לאַנטערנע און האט געפאָלגט. דיא נאכט איז געוועזען דונקעל און אָבוואָהל דיא לבנה האט געטרייט צו שיינען, דאך האט זיא ניט געקענט קעמפפען געגען דיא געדיכטע שווארצע וואָלקענס, וועלכע האבען זיך ארום איהר געזאמעלט. דער געשעפטספיהרער האט געוואלט גיין לינקס.

— ניט אהער, האט מאָנטע קריסטאָ געזאגט, צו וואס דארפען מיר גיין מיט דיא אלעען? אָט דא האבען מיר א שיינע סטעזשקע. גייט פאָראויס.

בעטרוציאָ האט אָפגעווישט דעם שוויס פון שטערן, ער האט אבער געפאלגט. פון דעסטוועגען האט ער אלץ געבויגען לינקס. מאָנטע קריסטאָ האט אין געגענטהייל געבויגען רעכטס. אָנקומענדיג צו געדיכטע בוימער האט ער זיך אָפגעשטעלט. דער געשעפטספיהרער האט זיך ניט איינגעהאלטען.

— גייט אוועק פון דאנען, מיין הערר, גייט אוועק, איך בעט אייך תחנונים! איהר זייט גראדע אויף דעם פלאַץ!

— אויף וואס פאר א פלאַץ?

— אויף דענזעלבען פּלאַץ, וואו ער איז געפאלען.

— מיין טייערער בעטרוציאַ, האט מאַנטע קריסטאָ געזאגט לאַכענדיג, קומט צו זיך, איך הייס אייך. מיר זיינען דאָ ניט אויף א פלאַץ פון באַנדיטען. מיר זיינען דאָ אין א גארטען, וועלכער איז פערנאכלעסיגט געוואָרען און מען דארף איהם רייניגען.

— בלייבט ניט דאָ, העררר! בלייבט ניט דאָ! איך בעט אייך.

— איך גלויב, אז איהר ווערט משוגע, בעטרוציאָ. איך וועל אייך אריינשפארען אין א דול־הויז.

— אך, עקסעלענץ, האט בעטרוציאָ געזאָגט צוזאמענגלייענדיג דיא הענד, דאס אונגליק איז געשעהען.

מאַנטע קריסטאָ האט איהם א ווײלע בעטראכט, דאן האט ער געזאָגט:

— דער גייסטליכער בוזאָני האט מיך אלזאָ אָפּגענארט, ווען ער האט אייך נאך זיין רייזע אין פראנקרייך, אין 1829, צו מיר געשיקט מיט איין עמפּפעהלונגס בריעף, אין וועלבען ער האט אייך פאר מיר אזוי געלויבט. איך וועל איהם אלזאָ שרייבען וועגען אייך און ער וועט מיר געוויס ערקלערן וועגען דעם מאָרד. און טאָמער זייט איהר אין דעם פערמישט, מוזט איהר זיין זיכער, אז איך וועל מיך וועגען אייך ניט צוקריגען מיט דעם פראנצויזישען געריכט.

— אָה, טוט עס ניט, עקסעלענץ! טוט עס ניט! האב איך אייך דען ניט געטריי געדינט? האט בעטרוציאָ אויסגערופען אין פערצווייפלונג. איך בין אלע מאל געוועזן איין עהרליכער מאן, און איך האב געטאָן גוטעס וויפיעל איך האב געקענט.

— איך זאָג עס ניט. אבער פאר וואס טרייסעלט איהר זיך אזוי? א מענש מיט א ריינעם געוויסען האט קיין מורא ניט...

— אבער העררר גראף, האט אייך דען דער גייסטליכער בוזאָני ניט געזאָגט, ווען ער האט מיך צו אייך געשיקט, אז איך האב גרויס חרטה אויף א זאך?

— יאָ, אבער ווען ער האט אייך צו מיר געשיקט, האב איך געמיינט, אז איהר האט נאר בעגאנגען א גנבה. אבער הארגענען א מענשען.... עס קען אפילו זיין אויס ראכע....

— יאָ, עקסעלענץ! דאס איז עס, מיין גוטער העררר! האט בעטרוציאָ אויסגערופען זיך ווארפענדיג פאר'ן גראף אויף דיא פיס. יאָ, עס איז געוועזן ראכע. איך שווער אייך, אז איין איינפאכע ראכע.

— איך פערשטיי, אָבער, אז דאס זאל זיין גראדע דיזע הויז, וואס פערשטיינערט אייך אזוי.

— אבער, עקסעלענץ, דאס איז גראדע אין דיזער הויז, אין וועלכער איך האב גענומען ראכע.

— וואס! אין מיין הויז? האט דער גראף אויסגערופען.

— אָה, עקסעלענץ, דאמאלס איז זיא נאך ניט געוועזן אייערע, האט בעטרוציאָ קינדיש געענטפערט.

— צו וועמען האט זיא דען געהערט? דאכט זיך, אז צו דעם מארקיז סען מעראן האט דער הויזקיפער געזאגט. פאר וואס האט איהר דען געדארפט נעמען ראכע פון דעם מארקיז?

— ניט פון איהם עקסעלענץ, פון אנאנדערן.

— איך הייב דאָ גארניט אָן צו פערשטיין, ליעבער מאַן.

— א צופאל בריינגט עס אלעס צוזאמען, עקסעלענץ. ערשטענס קויפט איהר א הויז אין אָטויל; דיזע הויז איז, אין וועלכער איך האב בעגאנגען א מאָרד; איהר גייט אראָפּ אין גאָרטען גראדע מיט דער טרעפּ, מיט וועלכער ער איז אראָפּגעגאנגען; איהר שטעלט זיך אָפּ אויף דעם פלאַץ, גראדע וואו ער האט בעקומען דעם שטויס; צוויי טריט פון דאנען איז דיא גרוב, אין וועלכער ער האט בעגראָבען דאָס קינד. דאס איז נאר א בעשטימטע זאך פון אויבען.

— לאָז עס זיין פון אויבען אדער פון אונטען, דערציילט מיר דיא געשיכטע.

— איך האב עס דערציילט איין מאָל, און דאס איז פאר'ן גייסטליכען בוזאָני, און אזעלכע זאכען דערציילען זיך נאר ווען מען איז זיך מתודה.

— איהר קענט זיך מתודה זיין פאר'ן גייסטליכען בוזאָני נאך א מאָל און איהר קענט פון מיינטוועגען ווערעןביידע הייליגע, פאר מיר מוזט איהר אבער דערציילען דיא געשיכטע, אדער אז ניט קענט איהר זיך גיין געזונדערהייט; איך דארף אייך ניט.

— אָה, עקסעלענץ! שיקט מיך ניט אוועק. איך וועל אייך אלעס דערציילען, נאר שיקט מיך ניט אוועק.

— דאס איז אנאנדער זאך, האט מאַנטע קריסטאָ געזאָגט. טאָמער וועט איהר אבער זאָגען ליעגען, זאלט איהר בעסער גאָרניט אָנפאנגען.

— ניין, מיין העדר, איך שווער אייך ביי אלעס וואס מיר איז הייליג, אז איך וועל זאָגען דעם אמת. אָבער לאמיר אוועקגיין פון דאנען, דען באלד וועט שיינען דיא לבנה און אויף אייך וועט פאלען דיא ליכט—און איהר אין אייער לאַנגען מאַנטעל זעהט אויס אקוראט וויא העדר ווילפאָר....

— וואָס! האט מאַנטע קריסטאָ אויסגערופען, ווילפאָר איז עס?

— אייער עקסעלענץ קען איהם?

— דער פּראָקוראָר פון מארסייל?

— יאָ, האט בעטרוציאָ געענטפערט.

— וועלכער האט געהייראט דיא טאָכטער פון סען מעראַן?

— יאָ, מיין העדר.

— וועלכער האט א גרויסען נאמען אלס ריכטער און אלס ערליכער מאַן?

— אלס עהרליכער מאַן! האט בעטרוציאָ אויסגערופען. ער איז איינער פון דיא גרעסטע שורקען!

— וויים איך וואָס, האט מאָנטע קריסטאָ געזאָגט.

— און דאך איז עס אזוי וויא איך זאָג אייך.

— האט איהר דען בעווייזע דערויף? האט מאָנטע קריסטאָ געזאָגט.

— ווייניגסטענס האב איך זיי געהאט. אבער ווען מען זאל זיי זוכען קען מען זיי נאך געפינען.

— איז אמת'ע! דערציילט מיר דאס העדר בעטרוציאָ. דען דאס הייבט מיך אָן ווירקליך צו אינטערעסירען.

און דער גראף פייפענדיג א לידעל איז זיך געגאנגגען זעצען אויף א באנק. בע־טרוציא איז איהם נאכגעגאנגגען און האט זיך געשטעלט לעבען איהם.

5טער קאפיטעל.

## דיא ראבע.

— פון וואנען זאל איך אנפאנגען, הערר גראף, האט בעטרוציא געפרעגט.

— פאנגט אן פון וואנען איהר ווילט, ווייל איך ווייס גארניט.

— איך האב געמיינט, אז דער גייסטליכער בוזאני האט אייער עקסעלענץ גע־זאגט....

— מסתמא אייניגע קלייניגקייטען, אבער עס זיינען שוין פון יענער צייט אן זיעבען, אכט יאהר און איך האב פערגעסען.

— אלזא וועל איך אנפאנגען פון אנפאנג. דיא געשיכטע שטאמט פון יאהר 1815.

— דער יאהר 1815 איז ניט פון נעכטען, האט מאנטע קריסטא געזאגט.

— ניין, מיין הערר, אבער דיא זאכען שטייען מיר אזוי פאר דיא אויגען, אקוראט וויא עס וואלט געווען נעכטען. איך האב געהאט איין עלטערן ברודער, וועלכער איז געווען אין דינסט ביי נאפאלעאנען. ער איז געווען לייטענאנט אין א רעגימענט, וועלכער איז בעשטאנען פון לויטער קארסיקאנער. דיזער ברודער איז געווען מיין איינציגער פריינד. מיר זיינען געבליבען יתומים, איך פון פינף יאהר און ער אכצעהן. ער האט מיך ערצויגען אזוי וויא איך וואלט געווען זיין זון. אין 1814 האט ער חתונה געהאט. ווען נאפאלעאן איז צוריקגעקומען פון אינזעל עלבע איז מיין ברודער גלייך ווידער אריין אין דינסט.

איין טאג האבען מיר בעקומען א בריעף פון מיין ברודער, אז ער קומט אהיים, און ער בעט מיך, אז איך זאל איהם שיקען געלד אין נים, וואו ער דארף אנקומען אויפ'ן וועג אהיים.

וויא איך האב אייך געזאגט, עקסעלענץ, האב איך מיין ברודער הערצליך געליעבט, אלזא האב איך מיך ענטשלאסען איהם ניט נאר צו שיקען געלד, זאנדער צו פאהרען איהם אליין ענטקעגען. איך האב געהאט א טויזענד פראנק. פינף הונדערט האב איך געלאזען מיין שווענגערין אסונטא און דיא אנדערע פינף הונדערט האב איך מיטגענומען און בין אוועק אין נים. מיין שיף האט פערשפעטיגט אין וועג וועגען א שטורעם און איך בין אנגעקומען אין נים מיט פינף טאג שפעטער. אין יענער צייט האבען זיך געפונען אין נים דריי שרעקליכע באנדיטען און זיי האבען ערמארדעט אין גאס יעדען איינציגען, וועלכען מען האט גערעכענט פאר א באנאפארטיסט. אייער עקסעלענץ האט דאך גע־מוזט הערען פון דיזע מערדעריי.

— זעהר ווייניג, דען אין יענער צייט בין איך געווען ווייט פון פראנקרייך.

— אריינקומענדיג אין נים, האט בעטרוציא פארטגעזעצט, איז מען בוכשטעבליך געגאנגגען אין בלוט. אויף יעדען טריט האט מען געטראפען מתים. דיא ארגאניזירטע באנדיטען האבען געמארדעט, געראובט און געברענט.

זעהענדיג דיזע שלאַכטעריי האָב איך געשווידערט. ניט וועגען מיר, דען וואס האָב איך ארימער קאָרסיקאַנער פישער געהאט מורא צו האבען? אין גענענטהייל, דיזע צייט איז פאר אונז קאָנטרעבאַנדיסטען געוועזען זעהר א גוטע. אבער איך האָב געציטערט פאר מיין ברודער, וועלכער איז געווען א נאַפּאָלעאָנער אָפיצער, וואָס איז געקומען צוריק פון דער ארמעע אין זיין אָפיצערסקער אוניפאָרמע.

איך בין געלאָפען אין האָטעל וואו ער האט זיך אָפּגעשטעלט. מיין הארץ האט מיך ניט אָפּגענארט. מיין ברודער איז מיט א טאָג פריהער אָנגעקומען אין נים און ער איז ערמאָרדעט געוואָרען אויף דער שוועל פון האָטעל.

איך האָב געטאָן אַלעס מעגליכע אויף דער וועלט אום צו וויסען ווער דיא מערדער זיינען, אבער קיינער האט מיר ניט געוואָלט זאגען זייערע נעמען, אזוי האט מען פאר זיי מורא געהאט. צוערשט האָב איך געטראַכט וועגען דיא פראַנצויזישע גערעכטיגקייט, וועלכע מען האט מיר אזוי געלויבט, און איך בין געגאַנגען צום פּראָקוראָר.

— און דיזער פּראָקוראָר איז געווען הערר ווילפאָר? האט מאָנטע קריסטאָ געזאָגט.

— יאָ, עקסעלענץ. איך האָב איהם דערציילט דיא געשיכטע און ער האט מיך אויסגעהערט. צוערשט האט ער זיך געזוכט אויסצודרייען און דאן האט ער מיר געענט־פערט מיט כעס, אז מיין ברודער איז געווען א באָנאַפּאַרטיסט, איז זעהר רעכט דאס מען האט איהם געהארגעט. איך בין א ווילע געבליבען שטיל, ווען איך האָב דאס פון איהם געהערט, דאן האָב איך מיך געגעזעגנט און האָב צו איהם געזאָגט מיט א שטי־לער שטימע:

— גוט, איהר געפינט דאס פאר רעכט, וואס מען האט ערמאָרדעט מיין ברודער, ווייל ער איז געווען א באָנאַפּאַרטיסט. ווייסט־זשע, אז איך בין אויך א באָנאַפּאַרטיסט, און איך בין אייך מודיעה איין זאך, דאס איך וועל אייך טויטען. אלזאָ פון דיזער שטונדע אָן זאלט איהר זיך היטען פאר מיר, דען אין דער צייט ווען איך וועל אייך בעגעגנען זייט איהר א טויטער מענש. און איידער ער איז געקומען צו זיך פון צוטומלונג האָב איך אויפגעמאכט דיא טהיר און בין פערשוואונדען.

פון דיזער צייט אָן איז ער אליין ניט ארויס פון שטוב. ער האט מיך געזוכט איבעראל, אבער גליקליכער ווייזע בין איך געוועזען גוט בעהאלטען. דאן האט ער אָנגע־פאנגען צו ציטערן אין אלע גלידער. ער האט מורא געהאט צו בלייבען לייגגער אין נים און האט געבעטען, אז מען זאל איהם פערזעצען אין אנאנדער שטאָט. ער איז דאן אריבער אין מארסייל. אבער איהר ווייסט דאך, אז פאר א קאָרסיקאַנער, וועלכער האט געשוואָרען נקמה, איז ניטאָ קיין ווייטקייט. איך בין איהם נאָכגעקומען אין מארסייל.

עטליכע מאָל האָב איך איהם געטראָפען, אבער עס האט זיך ניט געהאנדעלט נאר איהם צו טויטען, איך האָב געדארפט בשעת מעשה זיך רעטען אויך. ער האט ניט געמאכט קיין טריט, אז איך זאל ניט זיין הינטער איהם. ענדליך האָב איך אויסגעפונען, אז ער קומט אָפט אין אָטויל. אבער ער פלעגט ניט אריינקומען אין גארטען פון דער פראָנט טהיר, זאָנדערן פון וואגען אייער עקסעלענץ איז אריינגעקומען,

איך האב ניט געהאט וואס צו טאָן אין מארסייל און האב זיך בעזעצט אין אָטויל. איך האב זיך דערוואוסט, אז דיא הויז געהערט צו דעם מארקיז סען מעראן און דאָס אין דער הויז וואוינט איין אלמנה א באראָנעסע.

איך פלעג אלע אבענד ארויפקלעטערן אויפ'ן פארקאַן פון גאָרטען און פלעג אהין ארייקוקען. איין אווענד האב איך דאָרטען געזעהען ארומשפאצירענדיג א שיינע יונגע פרוי, א שוואנגערע, וועלכע האט אלץ געקוקט אויף דער טהירעל פון גאָרטען. עס האט געשיינט, אז זיא האט וועמען ערווארטעט. באלד האב איך טאקע געזעהען דורך דער טהירעל ארייינקומענדיג א מאן איינגעוויקעלט אין א לאַנגען מאַנטעל, אין וועלכען איך האב גלייך דערקענט דעם פראָקוראָר ווילפאָר. דיא פרוי איז איהם געלאָפען ענטקעגען און זיי האבען זיך געקושט און געהאלזט.

איך וואלט זעהר לייכט געקענט אויספיהרען מיין פלאַן, אָבער דיא פרוי איז מיר געווען אין וועג און איך האב עס געלאָזען אויף אנאנדער מאָל.

דריי טעג שפעטער האב איך געזעהען וויא א דינער איז ארויסגעריטען אויף א פערד פון הויז און איז געפלויגען נאך מארסייל. איך האב פערשטאנען, אז מען לויפט עס רופען דעם פראָקוראָר. א פאָר שטונדען שפעטער איז טאקע געקומען צופליהען רייטענדיג א מאן אין א לאַנגען מאַנטעל. דאס איז געווען ווילפאָר.

יעצט האב איך מיך שוין ניט בעגנוגענט מיט'ן קוקען אליין אין גאָרטען, איך האב ארויסגענומען מיין דאָלך און האב בעטראכט זיין שארפען שפיץ און בין ארייננעשפרונגען אין גאָרטען.

מיין ערשטע זאך איז געווען צו לויפען צו דער גאָרטען טהיר, דורך וועלכער ווילפאָר איז אריין און אויפשליסען דיא טהיר, וואס ווילפאָר האט פערשלאָסען פון אינעווענינג. יעצט האב איך געהאט פריי דעם ארויסלויפען. איך האב דאן בעטראכט דעם גאָרטען, ער איז געווען פיערעקיג און אין מיטען זיינען געשטאנען גרויסע געדיכטע ביימער.

אום ארייינצוגיין פון גאָרטען אין הויז אדער פון הויז אין גאָרטען, האט מען געמוזט פערבייגיין דיא געדיכטע בוימער.

אין דיזער צייט איז געווען סעפטעמבער. דער ווינד האט שטארק געבלאָזען. דיא בלייכע לבנה איז אלע ווייל פערדעקט געוואָרען פון געדיכטע וואָלקענס. איך בין געשטאנען אונטער דיא געדיכטע בוימער און עס איז געווען שווער צו זעהען, אז א מענש שטייט אונטער זיי.

איך האב מיך בעהאלטען אונטער דיא בוימער, ביי וועלכע ווילפאָר האט געדארפט פערבייגיין. קוים האב איך מיך ארונטערגעשטעלט אונטער דיא בוימער, וועלכע דער ווינד האט געבויגען איבער מיר, האב איך געהערט עפעס א מין קרעכצען. אבער איהר מוזט דאך וויסען, עקסעלענץ, אדער איהר ווייסט ניט, אז א מענש, וועלכער וויל בעגיין א מאָרד, דעם דאכט זיך אלע מאָל, אז עפעס שטייט אין דער לופט. צוויי שטונדען זיינען פערגאנגען, אין וועלכע איך האב געגלויבט עטליכע מאָל צו הערן קרעכצען. עס האט געשלאָגען צוועלף ביי נאכט.

דער קלונג פון קירכען טורעם איז נאך ניט פערגאנגען, וויא איך האב בעמערקט פייער אין א פענסטער איבער דיא טרעפ, פון וועלכער מיר זיינען אריין אין גאָרטען.

דיא טהיר האט זיך אויפגעמאכט און דער מאן אין מאנטעל איז ערשיענען. עס איז געווען דער שרעקליכער מאָמענט; אָבער צו דיזען מאָמענט בין איך שוין געווען פון לאַנג אָן פאָרבערייטעט, און קיין זאך איז אין מיר ניט געווען אָפגעשוואכט. איך האב ארויסגע־צויגען מיין מעסער און האב איהם אויפגעמאכט און איך האב מיך צוגעגרייט.

דער מאן אין מאנטעל איז געגאנגען גלייך צו מיר. ער האט געטראָגען אין דער האנד א רידעל און עפּעס איינגעוויקעלט אין מאנטעל. ניט ווייט פון מיר האט ער אראָפּ־געשטעלט אויף דער ערד א קעסטעל און האט זיך גלייך גענומען גראָבען. ער האט אויסגעגראָבען א קליינע גרוב און האט אריינגעלייגט דיא קעסטעל און האט צוריק פערשאָטען דיא גרוב. דאן האט ער בעדעקט דעם פּלאָץ מיט טרוקענע גראָז, אז עס זאל ניט זיין קיין צייכען.

אין דיזער מינוט האב איך זיך אויף איהם א וואָרף געטאָן און האב איהם אריינ־געיאָגט מיין מעסער אין דיא ברוסט, זאָגענדיג:

— איך בין בעטרוציאָ! דיין טויט פאר מיין ברודער און דיין אוצר פאר זיין אלמנה. דו זעהסט, אז איך האב געהאלטען וואָרט.

איך ווייס ניט, אויב ער האט געהערט מיינע ווערטער; איך גלויב עס ניט, דען ער איז געפאלען אָהן א שום געשריי. איך האב געפיהלט וויא זיין בלוט איז געפלאָסען איבער מיינע הענד און מיין געזיכט, אבער איך בין געווען שכור, איך בין געווען צוטומעלט; דאס בלוט האט מיך אָפּגעפרישט אָנשטאָט צו ברענען.

אין איין מינוט האב איך אויפגעגראָבען דיא גרוב און האב ארויסגענומען דיא קעסטעל. איך האב שנעל פערשאָטען דיא גרוב און איך האב מיטגענומען דיא קעסטעל און בין ארויסגעלאָפען. איך האב פערשלאָסען דיא גאָרטען טהיר פון דער אויסענזייט און האב מיטגענומען דעם שליסעל.

איך בין דאן געלאָפען ביז צום טייך און איך האב אויפגעמאכט דיא קעסטעל. שטעלט זיך אבער פאָר מיין איבערראשונג, עקסעלענץ, אז אָנשטאָט איין אוצר האב איך דארטען געפונען א לעבעדיגע זאך. א ניי געבאָרענעס קינד איז געווען איינגעוויקעלט אין פיינע וועש און זיינע בלויע הענד און רויטע געזיכט האבען געוויזען, אז ער איז געווען דער־שטיקט. איך האב דאס קינד ניט געוואָלט אריינוואַרפען אין וואסער, דען איך האב גע־רעכענט פיעלייכט איז ער נאך ניט טויט. אין א מינוט ארום האב איך טאקע דערהערט וויא ביי איהם בעוועגט זיך דיא האַרץ. איך האב איהם גלייך אָפּגעבונדען דעם שטריקעל פון האלז, מיט וועלכען ער איז געווען דערשטיקט, און איך האב איהם אָנגעפאנגען אריינצובלאָזען לופט אין דיא לונגען. אין א פערטעל שעה ארום האט ער ארויסגעלאָזען א געשריי.

איך האב אויך ארויסגעשטויסען א פריידען געשריי. דען פאר דעם מאָרד, וואָס איך האב בעגאַנגען, האב איך געראַטעוועט א קינד דאס לעבען. איך האָב גלייך גענומען דעם אינגעלע, עס איז געווען איין אינגעל, און דאס קעסטעל און בין אריין אין פּאַריז. איך בין צוגעקומען צו א פינדעל הויז און האב אָפּגעריסען א שטיקעל פון זיין וועש, כדי איך זאל קענען דאס קינד דערקענען ווען איך וועל איהם א מאָל וועלען פאָדערן צוריק; איך האב איהם אריינגעוואָרפען אין קאָרב און האב אָנגעקלונגען און בין ענטלאָפען.

פערצעהן טעג שפעטער בין איך געווען ביי מיין שוועגערין. איך האב איהר דערציילט די גאנצע געשיכטע. דאן האט זיא צו מיר געזאגט:

— זשיאָוואַני, דו האסט געדארפט ברייננגען דאס קינד אהער, וואָלטען מיר פאר איהם געווען עלטערן, וועלכע ער האט פערלאָרען און מיר וואלטען איהם א נאָמען גע־געבען בענעדעטאָ.

איך האב איהר דערלאַנגט דיא שטיקעל וועש פון דעם קינד און האב איהר גע־זאָגט, אז מיר וועלען פאָדערן דאס קינד צוריק, ווען מיר וועלען זיין רייכער.

— יעצט, האט בעטרוציאַ געזאָגט, איז דיזע געשיכטע צו ענדע, עקסעלענץ. איהר האט געוואלט הערען פון מיר נאך איינע. וועלכע איז עס?

— דיא צווייטע איז, האט מאַנטע קריסטאָ געזאָגט, דער פערברעכען פאר וועלכען איהר זייט געווען בעשולדיגט, ווען איהר האט געפאָדערט דעם גייסטליכען בוזאָני פאר איהם זיך מתודה צו זיין און ער איז געקומען צו אייך אין געפענגניס.

— עס וועט אפשר זיין צו לאַנג פאר אייך, עקסעלענץ?

— וואס שאַט עס? עס איז יעצט קוים צעהן א זייגער, און איהר ווייסט דאך, אז איך שלאָף ניט, און איך גלויב, אז איהר האט אויך ניט א גרויסע לוסט צו שלאָפען.

בעטרוציאָ האט זיך פערנייגט און האט ווידער אָנגעפאנגען צו דערציילען.

— איך האב זיך נאך דיזער געשיכטע גענומען שטארק צום קאָנטרעבאַנד און עס האט מיר געגליקט. איין מאָל, ווען איך בין געגאנגען מאכען א נייע רייזע, האט מיין שוועגערין מיר געזאָגט, אז איך וועל קומען צוריק וועט זיא מיך מיט עפּעס איבערראַשען. איך האב געוואלט וויסען וואס דאס איז, אבער זיא האט אויף קיין פאל ניט געוואָלט זאָגען, און איך בין אוועק.

אונזער רייזע האט געדויערט א זעקס וואָכען. מיר האבען געמאכט גוטע געשעפטען און מיר זיינען געווען זעהר לוסטיג.

ווען איך בין אריין אין מיין הויז, איז דיא ערשטע זאך וואס איך האב דערזעהען אין שטוב איז געווען א שיין אויסגעפּוצטע וויעג, אין וועלכער עס איז געלעגען א קינד פון א מאָנאַט אכט. איך האב געגעבען א געשריי פון פרייד. מיין ליעבע שוועגערין האט עס מיר געמאכט דיא איבערראַשונג. וועהרענד מיין רייזע האט זיא מיטגענומען דיא שטיקלעך וועש פון דעם קינד און איז אוועק אין פּאריז און האט געפאָדערט דאס קינד. מען האט איהר גלייך ארויסגעגעבען.

איך מוז אייך מודה זיין, עקסעלענץ, אז ווען איך האב דערזעהען דאָס שלאָפענ־דיגע קינד, האט זיך מיין ברוסט געהויבען פאר פרייד און טרערן זיינען מיר ארויס פון דיא אויגען. אבער דאס קינד איז שפּעטער געוואָרען מיין שטראָף. דאס קינד איז געווען שיין וויא גאלד און מיין שוועגערין האט איהם פערגעטערט. אבער וויא באלד דער יונג האט אָנגעהויבען עטוואָס אונטערצוואַקסען האט ער אָנגעפאנגען צו ווייזען זעהר שלעכטע מעלות. ווען מיין שוועגערין פלעגט גיין איינקויפען פלעגט דער יונג גנבנען פון פרעמדע גאָרטען׳ס, וואס ער האט בעקומען, וועהרענד אין אונזער גאָרטען האט ער געהאט פיעל בעסערע פירות.

איין טאָג ווען בענעדעטאָ איז אלט געווען א פינף, זעקס יאָהר, האט זיך אונזע־

ר״זר א שכן געקלאָגט, אז ביי איהם איז פערלאָרען געגאנגען פון שטוב א בייטעל מיט געלד. דאס איז בעקאנט, עקסעלענץ, אז ביי אונז אין קאָרסיקא איז ניטאָ קיין גנבים. ביי קיינעם איז קיין זאך ניט פערשלאָסען און קיין מאָל ווערט ניט געגנבעט. דיזען טאָג איז בענעדעטאָ ניט געווען א גאנצען טאָג אין דער היים און ער איז ערשט געקומען געגען אבענד. ער האט געבראכט מיט זיך איין אָבעזיאַנע, וועלכע ער האט געפונען אָנגעבונדען אָן א בוים, וויא ער האט דערציילט.

מיט א מאָנאט צוריק האט דער שלעכטער יונג געהאט חשק צו האבען איין אבעזיאַנע. דיזער חשק איז איהם וואהרשיינליך געקומען פון דעם זעהען א מאן מיט אָבעזיאַנעס, וועלכער איז געווען אין אונזער שטעטעל.

— מען געפינט ניט אזוי קיין אָבעזיאַנעס אין א וואלד, איבערהויפט אָנגעשמיטע, האב איך צו איהם געזאָגט. זאָג מיר בעסער דעם אמת, וואו האסטו גענומען דיא חיה?

בענעדעטאָ האט זיך אזוי גוט פערענטפערט, אז עס וואָלט געפּאַסט פאר א שטר דירטען ליגנער. איך בין אין כעס געוואָרען און ער האט געלאכט. איך האב דאן גענומען איהם שטראשענען מיט קלעפּ, האט ער אָפּגעטראָטען א פּאָר שריט און האט געזאָגט:

— דו קענסט מיך ניט שלאָגען, האט ער געזאגט. דו האסט קיין רעכט ניט; דו ביזט ניט מיין פאָטער.

מיר האבען זיך אויף קיין פאל ניט געקענט ערקלערן, ווער עס האט איהם דאס געקענט אויסזאָגען. זיין ענטפער האט מיך דערשראָקען. איך האב אראָפּגעלאָזען דיא האנד, מיט וועלכער איך האב איהם געוואלט דערלאנגען א קלאפּ. דער יונג האט געזיעגט. פון דעם טאָג אָן איז ער געוואָרען אלץ ערגער און ערגער. און וויא עס שיינט איז דיא ליעבע צו דעם יונג פון מיין שוועגעריין געוואקסען מיט דער מאָס, וויא ער איז ערגער געוואָרען. ווען ער איז אלט געוואָרען עלף יאָהר זיינען זיינע קאמעראַדען געווען אכטצעהן און צוואנציג יעהריגע יונגען פון דער שלעכסטער סאָרט. איך האב שוין געהאט פון דעם געריכט איין אָנמעלדונג, אז איך זאל אכטונג געבען אויף דעם באָי.

איך האב זיך דערשראָקען, דען דער סוף וואלט געקענט זיין א מיאוסער. איך האב געדארפט מאכען א רייזע און איך האב איהם מורא געהאט צו לאָזען אליין אין דער היים. איך האב גערעכענט, אז איך וועל איהם מיטנעמען אויפ'ן ים ווען איהם דער שיף לעבען און דיא אָרדנונג ענדערן. איך האב איהם אלזאָ אָפּגערופען אָן א זייט און האב איהם אָפּגעמאָלט דיא ים רייזע מיט דיא שענסטע פארבען און האב איהם פאָר־געלייגט מיט מיר צו מאכען דיא רייזען. ער האט מיך געלאָזען אויסריידען ביז צום סוף און דאן האט ער ארויסגעשאסען א געלעכטער און האט געזאָגט:

— זייט איהר משוגע, ליעבער פעטער (ווען ער איז געווען גוט אויפגעלייגט האט ער מיך גערופען מיט דיזען נאָמען)! איך זאל פערביטען מיין לעבען, וועלכען איך פיהר אויף אייערן, מיין טייערע פוילקייט אויף אייער שרעקליכע ארבייט! פערברייננגען דיא נעכט אין קעלט און דיא טעג אין היץ; שטענדיג זיך בעהאלטען און כאפּען א קויל פון א ביקס, ווען מען בעוויזט זיך, און דאס אלעס אום צו פערדינען א ביסעל געלד! געלד האב איך וויפיעל איך וויל. דיא מוטער אסונטא גיט מיר געלד ווען איך וויל. אלזאָ זעהט

איהר דאר גאנץ גוט, אז איך וואלט זיין א גרויסע בהמה, ווען איך זאל אננעמען אייער פארשלאג.

איך בין געווען צוטומעלט איבער דיזע פרעכהייט און ערקלערונג. בענעדעטא איז אוועק שפילען מיט זיינע קאמעראדען און האט אויף מיר געצייגט וויא אויף א משר גענעם.

— א פראכטפאלער קינד, האט מאנטע קריסטא געמורמעלט.

— אה, ווען ער וואלט געווען מיין זון, אדער אפילו מיין פלעמעניק, וואלט איך איהם שוין ארויפגעפיהרט אויפ'ן רעכטען וועג, אבער דער געדאנקען, אז איך וועל שלאגען א קינד, וועמעס פאטער איך האב דערהארגעט, האט מיך ניט צוגעלאזען איהם צו שטראפען.

איך האב אלזא אנגעזאגט מיין שווענערין, אז זיא זאל גוט אכטונג געבען אויף דעם יונג און אליין האב איך געקלערט, אזוי וויא ער קען שרייבען און לעזען, וועל איך איהם אוועקגעבען אויף א שיף פאר א סעקרעטער און מען זאל איהם צונעמען אויפ'ן שיף מיט געוואלד. באלד דערויף בין איך אוועק אין פראנקרייך.

אונזער יעצטיגע רייזע איז געווען א שווערע. עס איז געווען אין 1829 און אין יענער צייט האט דיא רעגיערונג אונז זעהר שטארק געהיט. ווען מיר זיינען געשטאנען מיט אונזער שיף אין דעם קאנאל צווישען באקער און עג־מארט, זיינען אונז בעפאלען דיא צאהלבעאמטע מיט זשאנדארן און האבען געפאנגען אונזער שיף. עס איז געווען א פינסטערע נאכט און איך האב זיך אראפגעלאזען פאמעלאך אין וואסער. עס איז מיר געלונגען אונבעמערקט צו צושווימען צום ברעג פון באקער און איך בין געווען גערעטעט.

אויף דעם וועג צו באקער האב איך געהאט א בעקאנטע קרעטשמע, אבער פאר אכט יאהרען האט דיא קרעטשמע געקויפט אנאנדער אייגענטהימער, איין אמאליגער שניידער פון מארסייל. ביי איהם האב איך געוואלט גיין בעטען נאכטלעגער.

— און וויא האט געהייסען דער נייער קרעטשמאר? האט מאנטע קריסטא גע־פרעגט, וועמען עס האט אנגעפאנגען צו אינטערעסירען דיא געשיכטע.

— ער האט געהייסען קאדרוס. ער איז געווען א שטארקער יונג פון א יאהר פערציג, פינף און פערציג און האט אונז א מאל געצייגט גרויסע דינסטען דורך זיין פער־שטאנד און זיין מוטה.

— און אין וועלכען יאהר האט דיא געשיכטע פאסירט? האט מאנטע קריסטא געפרעגט.

— אין יאהר 1829, דען דריטען יוני, אבענד.

— אה, האט דער גראף אויסגערעט. גוט, דערציילט וייטער.

— ווען איך בין צוגעקומען צו דער קרעטשמע, בין איך ניט אריין דורך דיא פראנט טיר, וייל מיר פלעגען עס קיין מאל ניט טאן, איך האב אריבערגעקלעטערט דעם פארקאן פון גארטען און בין אריין אין דער הינטער טהיר. צווישען דעם אויבערשטען צימער און דעם קעלער האט זיך געפונען א קלייז שטיבעל, וועלכע איז געווען בעדעקט גאר מיט לייכטע ברעטער. אין דיזער שטיבעל האב איך שוין איינינע מאל גענעכטיגט

אין בין ווייטער אהין ארייגעקראָכען און פון דארטען האב איך געוואלט וויסען אויף עס זיינען דאָ פרעמדע אין קרעטשמע.

קוים האב איך עס געטאָן וויא איך האב געהערט אָנקומענדיג קאדרוס'ן מיט א פרעמדען מאן. דער מאן איז געווען א פעדלער פון גאָלד זאכען, וועלכער רייזט ארום אלע שטעט און יארידען און האט ביי זיך אויף א פופציג טויזענד פראנק פערמעגען.

קאדרוס איז אריין דער ערשטער אין צימער און האט גערופען זיין פרוי.

— הע! קאראָנטע, האט ער געזאָגט, דער בראוועד גייסטליכער האט אונז ניט אָפגענארט, דער דיאמאנט איז א גוטער.

א פריידען געשריי האט זיך דערהערט און דיא קרענקליכע פרוי איז ארייגעלאָפען בלייך וויא א טויטע.

— וואָס זאָגסטו? האט זיא געפרעגט.

— איך זאָג, אז דער דיאמאנט איז א גוטער. אָט איז דער בעסטער גאָלדשמיד פון פאריז און ער וויל אונז געבען פאר איהם פערציג טויזענד פראנק, אבער אום צו זיין זיכער, אז דער דיאמאנט געהערט אונז, וויל ער האבען, אז דו זאלסט איהם אויך דערציילען דיא געשיכטע וויא דער שטיין קומט צו אונז.

— דערציילט מיר מאדאם, האט דער פעדלער געזאָגט, וועלכער האט בעטראכט דיא ארימע קרעטשמע מיט דער קראַנקער פרוי.

דיא פרוי האט איהם דערציילט דיא געשיכטע מיט עדמאָן דאנטעס און מיט דעם גייסטליכען און וויא דער גייסטליכער האט זיי איבערגעגעבען דעם דיאמאנט.

— אלזאָ דיא געשיכטע שטימט און זיא מוז זיין ריכטיג, האט דער פעדלער וויא צו זיך אליין געמורמעלט. נאָר מיט'ן פרייז זיינען מיר ניט אייניג.

— וואָס הייסט ניט איינשטימיג! האט קאדרוס אויסגערופען. מיר דאכט זיך, אז איהר האט איינגעוויליגט אין דעם פרייז וואס איך האב ביי אייך געבעטען.

— דאס הייסט, האט דער גאָלדשמיד געזאָגט, דאס איך האב געבאָטען פערציג טויזענד פראנק.

— פערציג טויזענד! האָט קאראָנטע אויסגערופען. מיר וועלען איהם ניט אָפגעבען פאר דעם פרייז. דער גייסטליכער האט אונז געזאָגט, אז ער איז ווערטה פופציג טויזענד פראנק און נאָך אָהן דיא איינפאסונג.

— און וויא האט געהייסען דער גייסטליכער? האט דער פעדלער־גאָלדשמיד געפרעגט.

— דער גייסטליכער בוזאָני, האט דיא פרוי געענטפערט.

— ציינט מיר דעם שטיין. איך וויל איהם נאָך א מאָל בעטראכטען. אָפט שאצט מען שלעכט א שטיין ביין ערשטען מאָל.

קאדרוס האט ארויסגעצויגען פון פאקעט א קליינע קעסטעלע, ער האט זיא אויפגעמאכט און האט זיא דערלאנגט דעם גאָלדשמיד. ביי דעם אָנבליק פון דעם דיאמאנט, וועלכער איז געווען גרוים וויא א קליינער ניסעל, געדיינק איך נאָך אזוי וויא איך וואלט עס געזעהען היינט, האבען דיא אויגען פון קאראָנטע געבלישצעט פון מערדעריי.

— און וואס דענקט איהר פון דאס אלעס, טהיר־הערער? האט מאַנטע קריסטאָ געפרעגט, גלויבט איהר אין דיזער מעשה?

— יא, עקסעלענץ, האט בעטרוציאָ געענטפערט, איך האב קאדרוס'ן ניט גע־האלטען פאר א שלעכטען מענשען, און איך האב איהם געהאלטען פאר אונפעהיג צו בעגיין א פערברעכען אדער א גנבה.

— דאס מאכט מעהר עהרע פאר אייער הארץ וויא פאר אייער ערפאהרונג, הערר בעטרוציאָ. האט איהר געקענט דיזען עדמאָן דאנטעס, פון וועלכער דאָ איז דיא ריידע?

— ניין, עקסעלענץ, ביז דעם מאָל האב איך פון איהם קיין מאָל ניט געהערט ריידען. און נאָך א מאָל האב איך געהערט זיין נאָמען פון גייסטליכען בוזאָני, ווען איך בין געוועזען אין געפענגניס אין נים.

— גוט, דערציילט ווייטער, האט מאַנטע קריסטאָ געזאָגט.

— דער גאָלדשמיד האט גענומען דיא קעסטעלע. דאן האט ער ארוסגענומען פון פאַקעט א צווייגגעל מיט א קליינע שאָל און געוויכט און האט ארויסגענומען דעם שטיין פון רינגעל און האט איהם אָפּגעוועגט.

— איך וועל אייך געבען פאר איהם פינף און פערציג טויזענד פראנק, האט ער געזאָגט, און ניט מעהר א סו. מעהר האב איך איבערהויפּט קיין געלד ניט ביי מיר.

— דאס האט ניט צו זאָגען, איך וועל מיטגיין מיט אייך אין באָקער און דאָרטען וועט איהר מיר געבען דיא פינף טויזענד פראנק, האט קאדרוס געזאָגט.

דערויף האבען זיי זיך אָנגעפאנגען צו דינגען און דער גאָלדשמיט האט שוין גע־וואלט אוועקגיין.

— גוט, האט קאדרוס געזאָגט, נעמט דעם שטיין פאר פינף און פערציג טויזענד פראנק; אבער מיין פרוי וויל א גאָלדענע קייט און איך וויל א פּאָר זילבערנע אוירינגלעך.

דער גאָלדשמיד האט ארויסגענומען א קעסטעלע מיט צירונג און קאדרוס מיט זיין ווייב האבען זיך אויסגעזוכט וואס זיי האבען פערלאַנגט.

— און וואו זיינען דיא פינף און פערציג טויזענד פראנק? האט קאדרוס געפרעגט.

— אָט זיינען זיי. און דער גאָלדשמיט האט אויפגעציילט אויפ'ן טיש פופצעהן טויזענד פראנק אין גאָלד און דרייסיג טויזענד אין באנק בילעטען.

— ווארט איך וויל אָנצינדען א לאָמפּ, האט קאראָנטע געזאָגט, עס איז דונקעל און מען קען האבען א טעות.

אין אמת'ן איז עס טאקע געוואָרען פינסטער וועהרענד זיי האבען דא אונטער־האנדעלט, און מיט דער נאכט איז געקומען דער שטורם, וועלכער האט זיך געזעהען פאר נאכט. מען האט פון וויטען געהערט ברומען דעם דונער. אבער ניט דער גאָלד־שמיד און ניט קאדרוס מיט זיין ווייב האבען זיך געקימערט וועגען שטורם. זיי זיינען געוועזען בעשעפטיגט מיט דעם געלד טייוועל.

איך זעלבסט האב עפּעס געפיהלט א מין ציטערן, ווען איך האב דערזעהען דיזע מאסע גאָלד. עס האט זיך מיר געדאכט, אז איך חלום און וויא דורכ'ן חלום בין איך געוועזען צוגעשמיד צו מיין פּלאַץ.

קאַדרוס האָט געציילט און נאָך א מאָל געציילט דאס געלד, דאן האט ער געלאָזען ציילען דאס געלד זיין ווייב.

— נו, איז ריכטיג? האט דער פעדלער געפרעגט.

— יא, האט קאַדרוס געענטפערט. קאראָנטע, ברייננ א זאק אויף אריינצולייגען דאס געלד. קאראָנטע האט ארויסגענומען א לעדערנעם בייטעל פון שאַף און מען האט אהין אריינגעלייגט דעם פערמעגען.

קאַדרוס האט איינגעלאַדען דעם גאָלדשמיד צו סאַפּער, אבער דיזער האט זיך ענטזאגט, וויל ער האט געמוזט זיין באצייטענס אין באָקער.

— טאָמער וועט זיך אייך מאַכען נאָך גייסטליכע בוזאָני'ס, זאלט איהר מיר שרייבען אין פאַריז, וועל איך קומען עקספּרעס. מיין אדרעס, איז: יאַאנעס פּאַליי־ראָיאַל שטיין גאַלעריע 45.

דער דונער האט געגעבען א שרעקליכען קלאַפּ און עס האט זיך באלד פערלאָשען דער לאָמפּ.

— אָה, אָה, האט קאַדרוס געזאָגט, און איהר ווילט גיין אין דיזען וועטער?

— איך האב קיין מורא ניט פאר'ן דונער, האט דער פעדלער געענטפערט.

— און פאר גנבים? האט קאראָנטע געפרעגט, דער וועג איז ניט גאַנץ זיכער וועגען דער יאַריד צייט.

— אָה, וואס אָנבעלאַנגט דיא גנבים, האט יאַאנעס געענטפערט, האב איך פאר זיי דאָס: ער האט דערביי ארויסגעצויגען א פּאָר קליינע פּיסטאָלעטען אָנגעלאָדען ביז'ן שפּיץ. אָט בילען יעצט אויף מיר צוויי הינד; זיי זאלען נאר ניט וועלען האבען מיין דיאַמאַנט.

קאַדרוס און זיין פרוי האָבען געוועקסעלט א פינסטערן בליק. עס שיינט, אז אין דיזער מינוט האבען זיי געהאט א שרעקליכען געדאנקען.

— דען, גליקליכע רייזע, האט קאַדרוס געזאָגט.

— איך דאנק אייך, האט דער גאָלדשמיד געזאָגט. ער האט גענומען זיין שטעקען און איז ארויסגעגאנגען. ביים אויפמאכען דיא טהיר האט דער ווינד געגעבען אזא בלאָז אריין, דאס דער לאָמפּ איז באלד פערלאָשען געוואָרען.

— א שרעקליכער וועטער! האט ער געזאָגט און איך מוז מאַכען צוויי מייל אין דיזען וועטער!

— בלייבט, האט קאַדרוס געזאָגט מיט א ציטערדיגע שטימע. מיר וועלען אייך גוט אויפנעמען.

— ניין, איך מוז גיין נעכטיגען אין באָקער. אדיע. קאַדרוס איז געגאנגען ביז דער שוועל.

— עס איז ניטאָ קיין הימעל און קיין ערד, האט דער גאָלדשמיד געזאָגט ארויס־גייענדיג אין דרויסען. דאַרף איך נעמען לינקס אדער רעכטס?

— רעכטס, האט קאַדרוס געענטפערט. מען קען קיין טעות ניט האבען, דער וועג איז בעפלאַנצט פון ביידע זייטען מיט בוימער.

— גוט, איך בין שוין אויפ'ן רעכטען וועג, האט דער פעדלער שוין פון וויטען געזאגט.

— פערמאך דיא טהיר, האט קאראנטע געזאגט, איך האב פיינט איין אפענע טהיר ווען עס דונערט.

ער איז אריינגעגאנגען און איז גלייך צוגעגאנגען צום שאף און האט ארויסגענומען דעם לעדערנעם בייטעל מיט געלד און דיא באנק בילעטען.

איך האב אויף מיין לעבען ניט געזעהען אזא אויסדרוק אויף געזיכטען, וויא דיזע, פון וועלכע דער שוואכער פלאם פון דעם לאמפ האט בעלויכטען דיא געמיינהייט. איבער־הויפט דיא פרוי איז געווען שרעקליך; איהר פיבערציטערנעש האט זיך נאך פערדאפעלט. איהר געזיכט איז געווארען פון בלייך געל און איהר איינגעגראבענע אויגען האבען געפלאמט.

— צו וואס, האט זיא געפרעגט מיט א טיפער שטימע, האסטו איהם געבעטען דא נעכטיגען?

— אבער, האט קאדרוס געענטפערט מיט א שוידער, אום.... אום ער זאל ניט דארפען גיין אין באקער.

— אה, האט דיא פרוי געזאגט מיט א זאנדערבארען אויסדרוק, איך האב גע־גלויבט פאר אנאנדער זאך.

— ווייב! ווייב! האט קאדרוס אויסגערופען, פאר וואס האסטו אזעלכע געדאנקען? און ווען דו האסט זיי, פאר וואס בעהאלסטו זיי ניט פאר זיך?

— גאנץ גלייך, האט זיא געזאגט נאך א קורצען שווייגען, דו ביסט ניט קיין מאן.

— וואס הייסט! האט קאדרוס אויסגערעט.

— ווען דו וואלס געווען א מאן, וואלט ער ניט ארויסגעגאנגען פון דאנען.

— ווייב! וואס רעדסטו? האט ער אויסגערופען.

— אדער ער וואלט ניט אנגעקומען אין באקער.

— ווייב! האט ער ווידער געשריען.

— דער וועג איז געבויגען און ער מוז גיין מיט'ן וועג, וועהרענד נעמענדיג דעם וועג מיט'ן קאנאל קען מען איהם קירצער מאכען.

— ווייב, דו רופסט אראפ דעם שטורם פון אויבען! הער....

מען האט טאקע דערהערט שרעקליכע דונער קלעפ בעגלייטעט פון בליצען, וועלכע האבען פאמעלאך פערהילכט, אזוי וויא זיי וואלטען וועלען ענטלויפען פון דער פערפלוכ־טער הויז.

— יעזוס! און קאראנטע האט זיך איבערגעציילעמט.

און אין דערזעלבער מינוט און אין מינוטען פון שרעק, וועלכער פאלגט געוויינליך נאך א דונער קלאפ, האט מען געהערט קלאפען אין טהיר. קאדרוס און זיין פרוי האבען געשוידערט און האבען זיך אנגעקוקט איינער דעם אנדערן.

— ווער איז דארטען? האט קאדרוס אויסגערופען צונויפשארענדיג דאס געלד אויפ'ן טיש און פערדעקענדיג דאס מיט דיא הענד.

— איך, האט א שטימע געענטפערט.

— ווער איז דער איך? האט קאַדרוס געפרעגט.

— עה, סאַקראַמענט! יאָאַנעס דער גאָלדשמיד.

— נו, וואס האסטו געזאָגט, האט קאַראָנטע געזאָגט מיט א שרעקליכען שמייכעל. זעהסטו, אז דער ליעבער גאָט שיקט איהם אונז צו. קאַדרוס איז אנידערגעפאַלען אויף זיין שטוהל.

קאַראָנטע איז אין געגענטהייל אויפגעשטאַנען און איז געגאַנגען מיט א פעסטען פוס צו דער טהיר און האט זיא אויפגעמאַכט.

— קומט אריין, ליעבער הערר יאָאַנעס, האט זיא געזאָגט.

— ביי מיין לעבען, האט דער גאָלדשמיד געזאָגט זייענדיג דורך און דורך גענעצט, עס שיינט, דאס דער טייוועל וויל ניט, אז איך זאל היינטיגען אווענד זיין אין באָקער. איהר האט מיך פריהער געבעטען ביי אייך צו נעכטיגען: יעצט נעם איך אָן אייער אָנבאָט.

קאַדרוס האט געמורמעלט עטליכע ווערטער און האט אָפּגעווישט דעם שוויס, וועלכער האט גערונען פון זיין שטערן. קאַראָנטע האט פערשלאָסען דיא טהיר הינטער דעם גאָלדשמיד.

6טער קאַפּיטעל.

## א רעגען פון בלוט.

ווען דער גאָלדשמיד איז געווען אין צימער איז קאַראָנטע געווען זעהר פריינדליך צו איהם. זיא האט דערלאַנגט צום טיש עסען און האט איהם דערלאַנגט דעם בעסטען חלק. ווען דער גאָלדשמיד וואָלט דיזע פרוי געקענט פון פריהער וואָלט איהם דיזע גוטסקייט אויפפאַלען, אבער ער האט זיא ניט געקענט און ער האט זיך ניט געמאַכט קיין געדאַנקען. קאַדרוס, אין געגענטהייל, האט געשוויגען און מען האט געזעהען, אז אין איהם גייט עפּעס פאָר.

דער גאָלדשמיד האט עטליכע מאָל אויפגעמאַכט דיא טהיר פון גאַס צו זעהען אויב דער רעגען האט אויפגעהערט. אבער עס האט געגאָסען עמער וויין.

קאַראָנטע האט דערווייל געמאַכט פאַר'ן פעדלער א בעט אין צימער איבער מיר און האט איהם געזאָגט, אז ער קען גיין שלאָפען ווען ער וויל.

דער פעדלער האט נאָך אמאָל א קוק געטאָן דרויסען און איז ארויפגעגאַנגען אין צימער. איך האב געהערט קנאַקענדיג דיא ברעטער איבער מיין קאָפּ און דאן האב איך געהערט, אז דער פעדלער האט זיך אריינגעלייגט אין בעט.

איך בין געווען אין בעסטען שלאָף, בין איך פּלוצלונג אויפגעוועקט געוואָרען דורך א שאָס און א שרעקליכען געשריי. באלד האט זיך דערהערט א פאַל פון א קערפּער גראָדע איבער מיין קאָפּ.

איך האב מיך שנעל אויפגעכאַפּט און האב געפיהלט אז עפּעס וואַרעמעס טריפט אויף מיר פון אויבען. נאָך דעם געטומעל איז געוואָרען שטיל. איך האב דערהערט שווערע טריט אויף דער טרעפּ. א מאַן איז אראָפּגעגאַנגען אין צימער און איז צוגעגאַנגען צום אויווען.

דער מאַן איז געווען קאַדרוס. זיין געזיכט איז געווען בלייך און זיין העמד איז געווען אין גאַנצען פערבלוטיגט. ער האט אָנגעצונדען א ליכטעל און איז שנעל ארונטערגעגאנגען. באלד איז ער ווידער צוריקגעקומען. ער האט געהאַלטען אין האַנד דעם פעדלער'ס דיאמאַנט; ער האט איהם א ווײלע בעטראַכט און האט איהם דאַן אײנגעוויקעלט אין זיין רויטע טיכעל און האט זיא ארומגעבונדען ארום האַלז, דאַן איז ער געגאנגען צום שאַף און האט ארויסגענומען דאס געלד און א פּאָר העמדער און איז ענטלאָפען פון הויז.

יעצט איז שוין אלעס געווען פאר מיר קלאָר. איך האב מיך זעלבסט בעשולדיגט וואס דאָ איז פאָרגעפאלען. עס האט מיר געשיינט צו הערען א קרעכצען, און איך האב גערעכענט, אז פיעלייכט איז דער גאָלדשמיד נאָך ניט טויט און איך קען איהם נאָך העלפען. איך האב זיך אָנגעשפּאַרט געגען דיא לייכטע ברעטער און בין אריין אין צימער.

איך בין געלאָפען צו דער ליכטעל און בין ארויף אויף דיא טרעפּ, דאָרטען האט א קערפּער מיר פערשפּאַרט דעם וועג: דאס איז געווען דיא לייבע פון קאַראָנטע. דער שאָס פון פיסטאָלעט איז געווען געגען איהר. זיא האט געהאט דעם גאנצען האלז איבערגעשניטען. זיא איז געווען גאַנץ טויט.

איך בין אריבערגעשפּרונגען דעם קערפּער און בין אריין אין צימער. אין צימער האָט אויסגעזעהען שרעקליך. דיא מעבעל איז געווען צו וואָרפען און אין מיטען צימער איז געלעגען דער גאָלדשמיד א געשטאָכענער מיט דריי וואונדען אין דער ברוסט. אין דער פירטער וואונד האט געשטאָכען א לאַנגער מעסער ביז'ן העפטעל.

דער פּעדלער איז אויך געווען טויט.

דיזער שרעקליכער ספּעקטאַקעל האט מיך כמעט משוגע געמאכט. איך האב געזעהען, אז העלפען קען איך דאָ ניט און האב געמוזט וואס שנעלער ענטלויפען. איך בין אראָפּגעשפּרונגען דיא טרעפּ מיט דיא הענד אין דיא האָר און האב געברומט פאר שרעק.

אין אונטערשטען צימער זיינען געווען א פינף צאָהלבעאַמטע און א דריי זשאַנדאַרען אלע בעוואַפענט ביז דיא ציין. מען האט מיך באַלד געפּאַקט. איך האב זיך אפילו ניט געוועהרט. איך האב געוואָלט ריידען, אָבער דיא שפּראַך איז מיר אזוי וויא אָפּגענומען געוואָרען.

איך האב געזעהען וויא דיא צאָהלבעאמטע האבען אויף מיר געטייטעלט מיט דיא פינגער; איך האב אויף זיך א קוק געטאָן און איך האב געזעהען אז איך בין געווען אין גאנצען בעדעקט מיט בלוט. דער וואַרעמער רעגען, וועלכען איך האב געפיהלט קאַפּענדיג אויף מיר פון צווישען דיא ברעטער, איז געווען דאס בלוט פון קאַראָנטע.

— איך האב געוויזען מיט'ן פינגער אויף דעם פּלאַץ וואו איך בין געווען בעהאַלטען.

— וואָס וויל ער זאָגען? האט א זשאַנדאַר געפרעגט. א צאָהל בעאַמטער איז געגאנגען זעהען.

— ער וויל זאָגען, אז ער איז דורכגעגאנגען פון דאָרטען, האט ער געענטפערט. און ער האט טאַקע געוויזען אויף דעם לאָך פון וואנען איך בין געקומען.

דאָ האב איך פערשטאַנען, אז מען נעמט מיך אָן פאר'ן מערדער. איך האב בע־

קומען מיין שפראך און איך האב ווידער בעקומען מיינע כחות. איך האב מיך בעפרייט פון דיא הענד פון דיא מענער וואס האבען מיך געהאלטען און האב אויסגערופען: דאס איז ניט איך! דאס איז ניט איך!

צוויי זשאנדארען האבען אויף מיר געציעלט מיט זייערע ביקסען.

— אבער, האב איך געשריען, איך זאג אייך נאך א מאל, אז דאס איז ניט איך!

דו וועסט דערציילען דיין געשיכטע פאר דיא ריכטער אין נים, דערווייל קום מיט אונז. מיר גיבען דיר אויך א גוטען ראטה, אז דו זאלסט זיך ניט וועהרען.

איך האב ארום דעם גאר ניט געדענקט. איך בין געוועזען דערשלאגען פון צוטומ־לונג און שרעק. מען האט מיר אנגעטאן קייטען אויף דיא הענד און מען האט מיך צו־געבונדען צו אנ׳עק פון א פערד און מען האט מיך אוועקגעפיהרט אין נים.

דיא זשאנדארן און דיא צאהל בעאמטע זיינען ניט געקומען אויף דעם שאס פון דעם רעוואלווער, זאנדערן ווען איך בין אריבערגעשוואומען דעם טייך איז מיר א צאהל בעאמטער נאכגעגאנגען, און ווען ער האט געזעהען, אז איך בין אריין אין דער קרעטשמע איז ער געלאפען אנזאגען דיא אנדערע, און זיי זיינען געקומען פונקט אין דער צייט ווען דער שאס איז געפאלען. איך בין געפאנגען געווארען אין אזעלכע פערהעלטניסע, אז אלעס האט געוויזען, דאס איך בין דער שולדיגער.

איך האב מיך געמוזט האלטען ביי איין זאך: איך האב געבעטען דעם אונטער־זוכונגס ריכטער, אז ער זאל לאזען זוכען א געוויסען גייסטליכען בוזאני, וועלכער האט זיך אפגעשטעלט אין דער קרעטשמע, און אויב דיא געשיכטע מיט דעם דיאמאנט, וועלכען ער האט געגעבען קאדרוס׳ן איז ריכטיג. צוויי מאנאט זיינען פערפלאסען, און וועלכער צייט דער ריכטער האט געטאן אלעס מעגליכעס, אום צו געפינען דעם מאן, וועלכען איך האב איהם געבעטען. איך האב שוין געהאט פערלארען אלע האפנונגען. קאדרוס׳ן האט מען ניט געכאפט. איך האב געדארפט געמשפט ווערן אויף דיא ערשטע זיצונג פון געריכט, אלס דען אכטען סעפטעמבער, דאס הייסט, דריי מאנאט און פינף טעג נאך מיין ארעטירונג, האט זיך געמעלדעט דער גייסטליכער בוזאני, וועלכען איך האב שוין מעהר ניט ערווארטעט, און ער האט געזאגט, אז ער האט ערפאהרען דאס איך וויל מיט איהם ריידען, און ער איז אריינגעקומען צו מיר.

איהר קענט זיך פארשטעלען מיט וועלכער פרייד איך האב איהם בעגעגענט. איך האב איהם דערציילט דיא גאנצע געשיכטע, וועלכע איך האב בייגעוואהנט. איך האב איהם געפרעגט וועגען דער געשיכטע מיט דעם דיאמאנט, און געגען מיין ערווארטען האט ער געזאגט, אז אלעס איז וואהר און ער גלויבט מיין געשיכטע. און אזוי וויא איך בין צו איהם געווארען צוגעצויגען פאר זיינע פריינדליכקייט, האב איך איהם דערציילט דיא גאנצע געשיכטע מיט אטויל. מיין פרייוויליגער מתודה זיין ייד וועגען דעם מארד אין אטויל האט איהם איבערצייגט, אז איך האב דעם צווייטען ניט בעגאנגען, און ער האט מיר פערשפראכען אלעס צו טאן, אום צו איבערצייגען דיא ריכטער וועגען מיין אונשולד.

איך האב מיך איבערצייגט, אז ער האט פאר מיר אין אמת׳ן געטאן, דען פון דער צייט אן איז מיין לעבען אין געפענגניס געווארען פערגרינגערט און מען האט אפגע־לייגט מיין טרייל אויף אנאנדער זיצונג.

**אין דיזער צייט האט מען געכאפט קאדרוס'ן אין אויסלאנד און מען האט איהם** געבראכט אין פראנקרייך. ער האט זיך אין אלעס מודה געווען און האט ארויפגעוואָרפען זיין גאנצע שולד אויף זיין ווייב. ער איז פערמשפט געוואָרען אויף אייביגע קאטאָרגע אין איך בין בעפרייט געוואָרן.

— און אין דיזער צייט זייט איהר צו מיר געקומען מיט א בריעף פון גייסטליכען בוזאָני? האט מאָנטע קריסטאָ געזאָגט.

— יא, עקסעלענץ. ער האט אין מיר גענומען גרויסען אינטערעס. „אייער געשעפט אלס קאָנטראַבאַנדיסט וועט אייך פערניכטען", האט ער געזאָגט, „ווארפט איהם אוועק".

— אבער, ליעבער פאָטער, האב איך צו איהם געזאָגט, וויא זאל איך דען מאכען א לעבען און וויא זאל איך ערנעהרן מיין שוועגערין?

— איינער פון מיינע בעקאנטע, האט ער געענטפערט, האט צו מיר גרויסען צוטרויען, און ער האט מיך געבעטען, אז איך זאל איהם רעקאָמאנדירען איין אָרענטליכען מענשען. ווילט איהר זיין דיזער מענש? איך וועל אייך רעקאָמאנדירען צו איהם.

— אָה, מיין פאָטער! האב איך אויסגערופען, וויא גוט איהר זייט!

— וועט איהר מיר שווערן, אז איך וועל ניט חרטה האבען דעריבער?

— איך האב אויסגעשטרעקט דיא האנד צו שווערן.

— עס איז ניט נייטיג, האט ער געזאָגט, איך קען און איך ליעב דיא קאָרסיקאנער, אָט איז מיין רעקאָמאנדאציאָן.

ער האט אָנגעשריבען עטליכע צייליען, וועלכע איך האב אייך איבערגעגעבען, און אויף וועלכע אייער עקסעלענץ האט געהאט דיא גוטסקייט מיך צו צונעמען אין אייער דיענסט. און יעצט פרעג איך אייער עקסעלענץ מיט שטאָלץ: האט איהר זיך געהאט א מאָל איבער עפּעס צו בעגלאָגען איבער מיר?

— ניין, האט דער גראף געענטפערט. איך מוז געשטיין מיט פערגעניגען, אז איהר זייט א בראווער דינער בעטרוציא, אָבוואָהל איהר האט ניט אין גאנצען מיין צוטרויען.

— איך, הערר גראף! האט בעטרוציאָ אויסגערופען.

— יא, איהר. וויא קומט עס, אז איהר האט א שוועגערין און איין אָנגענומענעם זון, און האט מיר פון דעסטוועגען קיין מאָל ניט דערציילט פון זיי!

— אָך, עקסעלענץ, ווייל עס בלייבט מיר אייך צו דערציילען דעם טרויעריגסטען טהייל פון דער געשיכטע אין מיין לעבען. איך בין אוועק אין קאָרסיקע. איך האב זיך געאיילט, וויא איהר וועט בעגרייפען, צו זעהען און צו טרייסטען מיין ארימע שוועגערין. אבער ווען איך בין געקומען אין מיין שטאָט האב איך געפונען דיא הויז אין טרויער. עס איז דאָרטען געווען א שרעקליכע סצענע, פאר וועלכער דיא שכנים ציטערן נאָך יעצט. מיין שוועגערין האט נאָך אלע מאָל געהאט דיא שוואכקייט נאָכצוגעבען בענעדעטאָן וואָס ער האט געוואָלט.

**איין טאָג האט ער פערלאנגט, אז זיא זאל איהם געבען דאס גאנצע געלד וואס איז דאָ איי הויז. מייז שוועגערין האט נאטירליך ניט געוואָלט, האט ער איהר געסטראשעט**

און איז אוועק אויף א גאנצען טאָג. אסונטא האט געוויינט, דען זיא האט איהם גע־ליעבט וויא א מוטער. זיא האט אויף איהם געווארט דעם גאנצען אבענד און האט ייד ניט געלייגט שלאָפען. עלף א זייגער איז ער געקומען מיט צוויי חברים. זיא האט או״ם געשטרעקט דיא הענד צו איהם, ער האט זיך אבער א וואָרף געטאָן אויף איהר און האט אויסגערופען:

— לאָמיר זיא נעמען! זיא מוז אונז זאָגען וואו דאָס געלד איז.

אין דיזער צייט איז אונזער שכן ניט געווען אין דער היים, נאר זיין פרוי איז געווען ביי איהר אין שטוב. א חוץ איהר האט קיינער ניט געקענט זעהען און הערן וואס עס טוט זיך ביי מיין שווענערין אין הויז. צוויי האבען צוגעהאלטען דיא אָרימע אסונטא, וועלכע האט ניט געקענט גלויבען, אז זיי זאָלען מיט איהר בעגיין א פערברעכען, האט נאך געשמייכעלט צו איהרע תליון׳ס. דער דריטער איז געגאנגען פערשפארען דיא טהיר און פענסטער, דאן האבען אלע דריי גענומען דיא אונגליקליכע פרוי און האבען איהר פערשטאָפּט דעם מויל און האבען זיא צוגעטראָגען מיט דיא פיס צום פייער. אבער אין דעם שטרייט האבען זיך אָנגעכאפּט איהרע קליידער. דיא דריי יונגע באנדיטען האבען זיך דערשראָקען, אז זיי זאלען דערביי אויך ניט פערברענט ווערן, האבען זיי אָפּגעלאָזען זייער קרבן און האבען זיך געלאָזען לויפען דורך דער טהיר און האבען זיא פערשלאָסען פון דרויסען.

מיט ברענענדע קליידער איז אסונטא געלאָפען צו דער טהיר און צו דיא פענסטער, אלעס איז אָבער געווען פערמאכט. דיא שכנה האט געהערט איהרע שרעקליכע קולות, זיא האט אבער מורא געהאט ארויסצוגיין. ערשט אויף מאָרגען פריה איז זיא ארויסגע־גאנגען זעהען. זיא האט געפונען אסונטא האַלב פערברענט, אבער זיא האט נאך עפּעס געאָטהעמט. דער שאַף איז געווען אויפגעבראָכען און דאס געלד איז געווען פערשוואונדען. וואָס אָנבעלאַנגט בענעדעטאָ, איז ער פערשוואונדען פון שטאָט אויף אלע מאָל. פון יענעם טאָג אָן האב איך איהם ניט געזעהען און האב אפילו ניט געהערט ריידען פון איהם.

דאָס איז געווען, האט בעטרוציאָ ווייטער געזאָגט, נאך דעם אז איך האב ערהאל־טען דיזע טרויעריגע נייס, דאס איך בין געגאנגען צו אייער עקסעלענץ. איך האב צו אייך ניט געהאט וואס צו ריידען וועגען בענעדעטאָ, ווייל ער איז פערשוואונדען, און וועגען מיין שווענערין, ווייל זיא איז טויט.

— און וואס דענקט איהר פון דיזע געשיכטע? האט מאָנטע קריסטאָ געפרעגט.

— דאס איז דיא שטראָף פאר דעם פערברעכען, וועלכען איך האב בעגאנגען, האט בעטרוציאָ געענטפערט. אך, דיזע ווילפאָרס! דאס איז א פערפלוכטע באנדע!

— איך גלויב עס, האט דער גראף געמורמעלט מיט א פינסטערע מינע.

— און יעצט, האט בעטרוציאָ ווידער אָנגעפאנגען, וועט אייערע עקסעלענץ געווים בעגרייפען, אז דיזע הויז, וועלכע איך האב פון אזא צייט ניט געזעהען, אז דיזער גאָרטען, אין וועלכען איך בין יעצט פּלוצלונג אריינגעקומען, אז דיזער פּלאַץ, אויף וועלכען איך האב געהארגעט א מענשען,—אז דיזע אלע זאכען האבען אויף מיר געמוזט מאכען

אזא ווירקונג, פון וועלכע איהר האט געוואלט וויסען דיא אורזאך; דען איך בין נאך ניט זיכער, אז הערר ווילפאָר איז טויט.

— עס איז מעגליך, האט מאַנטע קריסטאָ געזאָגט זיך אויפהויבענדיג פון באַנק. און דען, האט ער שטילערהייט געזאָגט, לעבט טאַקע דער פּראָקוראָר. דער גייסטליכער בוזאָני האט זעהר גוט געטאָן וואָס ער האט אייך צו מיר געשיקט. און איהר האט אויך גוט געטאָן וואס איהר האט מיר דערציילט אייער געשיכטע, דען איך וויל ניט האבען וועגען אייך שלעכטע געדאנקען. וואָס אָנבעלאַנגט דיזען בענעדעטאָ, האט איהר א מאָל געפרופט זוכען זיין סליאד? האט איהר א מאָל געפרופט זיך נאָכפרעגען וואס פון איהם איז געוואָרען?

— קיין מאָל ניט. ווען איך וואלט א מאָל געוואוסט וואו ער איז, וואלט איך ניט געגאנגען נאך איהם; איך וואלט איהם אויסמיידען וויא א בייזע חיה. איך האב קיין מאָל ניט געהערט פון איהם און איך האָף, אז ער איז טויט.

— האָפט ניט, בעטרוציאָ, האט מאַנטע קריסטאָ געזאָגט, דיא שלעכטע שטארבען ניט אזוי. זיי דינען פאר אינסטרומענטען צו ראַכע.

— רעכט, האט בעטרוציאָ געזאָגט. אלעס וואס איך וויל, אז איך זאל איהם קיין מאָל ניט זעהען. יעצט, האט דער געשעפטספיהרער געזאָגט אראָפּלאָזענדיג דעם קאָפּ, ווייסט איהר אלעס, הערר גראַף; איהר זייט מיין ריכטער. ווילט איהר מיך ניט טרייסטען מיט א פּאָר ווערטער?

— איהר האט אין אמת'ן רעכט: איך קען אייך זאגען, וואס דער גייסטליכער בוזאָני וואלט אייך געזאָגט; דער יעניגער, וועלכען איהר האט געשטאָכען, דיזער ווילפאָר, האט פערדיענט דיא שטראָף פאר דיא שלעכטס וואס ער האט אייך געטאָן און אנדערע. בענעדעטאָ, ווען ער לעבט, וועט דינען, אזוי וויא איך האב אייך געזאָגט, פאר א ראַכע און דאן וועט ער אליין אויך בעקומען זיין שטראָף. וואס אייך אנבעלאנגט, האט איהר זיך נאר איין זאך פאָרצוואוואַרפען. פרעגט זיך אליין, אויב עס איז רעכט צו רעטען א קינד פאר'ן טויט און איהם ניט בעסער אוועקצוגעבען זיין מוטער? אָט דאָ איז דער פערברעכען, בעטרוציאָ.

— יאָ, מיין הערר. אָט דאָ איז דער וואהרער פערברעכען, דען איך האב ד[illegible] זאך בעהאלטען. איך האב געדארפט אָפּטראָגען דאס קינד צו זיין מוטער. אָבער דערמיט וואלט איך געמאַכט א רעש און איך וואלט ארעטירט געוואָרען, און עס ווילט זיך ניט פערלירען דעם לעבען כל זמן מען לעבט. אָה, איך בין ניט אזוי מוטהיג וויא מיין ברודער!

בעטרוציאָ האט בעהאלטען זיין געזיכט אין דיא הענד און מאַנטע קריסטאָ האט אויף איהם געקוקט מיט א טיעפען בליק.

— אום צו ענדיגען דיזען געשפרעך וויא עס געהערט צו זיין און וועלכער וועט זיין דער לעצטער איבער דיזע געשיכטע, הערר בעטרוציאָ, האט דער גראַף געזאָגט מיט א טרויעריגע שטימע, בעהאלט דיזע ווערטער, וועלכער איך האב אָפט געהערט זאָגענדיג דעם גייסטליכען בוזאָני אליין: צו אלע שלעכטיגקייטען זיינען דאָ צוויי מיטלען: דיא צייט און דאס שווייגען. יעצט, הערר בעטרוציאָ, לאָזט מיך אביסעל שפּאַצירען אליין אין

גאָרטען. דאס וואס אייך שרעקט אויף דיזען פלאַץ וועט עס פאר מיר זיין א זיסער געפיהל און וועט מיר געבען א דאָפּעלטען פרייז אויף מיין הויז.

בעטרוציאָ האט זיך פערנייגט פארן גראף און איז אוועקגעגאנגען זיפצענדיג.

ווען מאָנטע קריסטאָ איז געבליעבען אליין האט ער געמאכט פיער שריט פאָראוים און האט צו זיך געזאָגט:

— אָט דאָ איז דיא גרוב, אין וועלכער דאס קינד איז אריינגעלייגט געוואָרען. דאָרטען איז דיא טהיר, דורך וועלכער מען גייט אריין אין גאָרטען; אויף דיזען עק איז דאָ בעהאלטענע טרעפּ, וועלכע פיהרט אין שלאָף צימער. איך גלויב, אז איך האב עס ניט נייטיג צו פערשרייבען אין מיין ביכעל, דען אָט איז פאר מיינע אויגען און ארום מיר און אונטער מיינע פיס דער גאנצער לעבעדיגער פלאַן.

און דער גראף האט געמאכט נאך אייניגע טריט אין גאָרטען און איז געגאנגען צו זיין וואָגען. בעטרוציאָ האט זיך שוויינענדיגער הייט געזעצט אויף דיא קאָזלעס לעבען קוטשער. דער וואָגען איז אוועק אין פאַריז.

דענזעלבען אבענד האט מאָנטע קריסטאָ דורכגעקוקט זיין גאנצע הויז אין שאַנ־זעליזע, און ער האט עס אזוי געמאכט אזוי וויא ער וואלט שוין געווען בעקאַנט מיט דער הויז פון יאהרען לאַנג. ווען ער האט דיא הויז דורכגעקוקט, האט ער געזאָגט צו דעם אראַבער:

— עס איז האלב צוועלף א זייגער, האידעי דארף באלד קומען. האט מען עס אָנגעזאָגט דיא פראַנצויזישע פרויען?

אלי האט געמאכט צייכענס אויף שטום לשון, אז עס זיינען דאָ דריי, וועלכע וואר־טען אין דעם שלאָף צימער.

— דיא מאדאם וועט זיין מיעד היינטיגען אבענד, האט מאָנטע קריסטאָ פאָרט־געזעצט, און זיא וועט געוויס וועלען שלאָפען. מען זאָל זיא ניט צווינגען צו ריידען. דיא פראַנצויזישע קאַמערמיידלעך דארפען זיא נאר גריסען אבער ניט ריידען צו איהר. איהר וועט אכטונג געבען, אז דיא גריכישע קאַמערמיידעל זאָל זיך ניט צוזאמענקומען מיט דיא פראַנצויזישע. אלי האט זיך פערנייגט.

באלד האט מען געהערט קלינגענדיג צום הויזקיפּער, דער טויער האט זיך אויפ־געמאכט און א וואָגען איז אריין אין הויף און האט זיך אָפּגעשטעלט לעבען פאָדיעזד. דער גראף איז אראָפּ צום וואָגען און האט דערלאַנגט דיא האנד א גרויסארטיג גע־קליידעטע יונגע פרוי.

דיא יונגע פרוי האט גענומען דיא אָנגעבאָטענע האנד און האט זיא געקושט מיט א געוויסע ליעבע געמישט מיט רעשפּעקט. אייניגע ווערטער זיינען געוועקסעלט געוואָרען צווישען דער יונגער פרוי און דעם גראף. דאַן איז אלי געגאַנגען פאָראויס מיט א ליכט און נאך איהם דיא יונגע פרוי, וועלכע איז געווען דיא שיינע גריכין, וואס מען האט געזעהען אין איטאליען מיט מאָנטע קריסטאָ אין טהעאטער. דער גראף האט זיא בעגלייט ביז אין איהרע צימערן און ער אליין איז געגאנגען אין זיינע צימערן.

האלב איינס א זייגער ביי נאַכט זיינען אין הויז אלע ליכט געווען אויסגעלאָשען, און מען וואָלט געקענט גלויבען, אז אלע זיינען שוין געשלאָפען.

7טער קאפיטעל.

## דער קרעדיט אָהן א שיעור.

אויף מאָרגענג ענגען צוויי א זייגער נאָך מיטאָג איז צוגעפאָהרען צו מאַנטע קריסטאָ'ס הויז א קאָליאסקע איינגעשפּאַנט אין טייערע צוויי ענגלישע פערד. א זעהר רייך געקליידעטער מאַן מיט אָרדענס פון א באַראָן האט ארויסגעשטעקט דעם קאָפּ פון קאָליאַס און האט געהייסען פרעגען זיין לאַקיי אויב גראף מאַנטע קריסטאָ איז צו הויז.

דער לאַקיי האט אָנגעקלאַפּט ביי דעם הויזקיפּער אין פענסטער און האט געפרעגט:

— דאָ וואוינט דער הערר גראף מאַנטע קריסטאָ?

— זיין עקסעלענץ וואוינט דאָ, האט דער הויזקיפּער געענטפערט; אבער.... ער האט געוואָרפען א פרעגענדען בליק אויף אַלי.

אַלי האט געמאַכט א צייכען אויף ניין.

— אָבער?.... האט דער לאַקיי געפרעגט.

— אָבער זיין עקסעלענץ איז ניט צו זעהען, האט דער הויזקיפּער געענטפערט.

— אין דיזען פאַל, אָט האט איהר דיא קאַרטע פון מיין הערן, דעם הערן באַראָן דאַנגלאַר. איהר וועט זיא איבערגעבען דעם גראף מאַנטע קריסטאָ און איהר וועט איהם זאָגען, אַז פאָהרענדיג אין פּאַרלאַמענט האט ער אָראָפּגעקעהרט צו האבען דיא עהרע איהם צו זעהען.

— איך רייד ניט צו זיין עקסעלענץ, האט דער הויזקיפּער געזאָגט, דער לאַקיי וועט עס איהם איבערגעבען. דער לאַקיי איז אוועקגעגאַנגען.

— נו? האט דאַנגלאַר געפרעגט.

דער לאַקיי האט איהם איבערגעגעבען, וואס מען האט איהם געזאָגט.

— אָהאָ! האט ער געברומט, ער מוז אודאי זיין א פּרינץ, וואס לאָזט זיך רופען עקסעלענץ, און נאר זיין שטוב לאַקיי האט דאס רעכט צו איהם צו ריידען. עס שאַט ניט, ער האט דאָך קרעדיט ביי מיר, וועט ער שוין מוזען קומען צו מיר. און דאַנגלאַר האט זיך צוריקגעוואָרפען אין וואָגען שרייענדיג צום קוטשער מיט א קול, אַז מען זאָל איהם הערן אויף דיא אנדערע זייט גאַס:

— אין פּאַרלאַמענט!

מאַנטע קריסטאָ איז געזעסען אין זיין צימער הינטערן פענסטער און האט בעטראַכט דעם באַראָן דורך א שפּעקטיוו.

— דער מענש איז א העסליכע בעשעפעניס, האט ער געזאָגט אוועקלייגענדיג דעם שפּעקטיוו. וויא אזוי זאָל מען ניט דערקענען מיט'ן ערשטען קוק א שלאַנג אָן איהר פלאַכען שטערן און א רויב פויגעל אָן זיין שניידיגען שנאָבעל!

— אַלי! האט ער א געשריי געטאָן, און דאן האט ער א קלאַפּ געטאָן אין גלאָק. אַלי איז אריין. רוף מיר בעטרוציאָ'ן, האט ער געזאָגט. אין דענזעלבען מאָמענט איז בעטרוציאָ געקומען.

— האט איהר געזעהען דיא פערד, וועלכע זיינען יעצט געשטאנען פאר מיין הויז? האט איהם דער גראף געפרעגט.

— געוויס, עקסעלענץ, זיי זיינען אויך זעהר שיינע פערד.

— וויא קומט עס, האט דער גראף געזאגט צוזאמענציהענדיג דיא ברעמען, אז איך האב אייך געהייסען קויפען צוויי שיינע פערד און אין פאריז איז דא שענערע פערד פאר מיינע?

ווען אלי האט דערהערט דיזע שטרענגע שטימע און האט געזעהען דעם גראף'ס בייזע געזיכט, איז ער בלייך געווארען און האט אראפגעלאזען דעם קאפ.

— עס איז ניט דיין שולד, ליעבער אלי, האט דער גראף געזאגט אין אראביש מיט זעהר א ווייכע שטימע, דו פערשטייסט ניט אויף ענגלישע פערד. אלי איז לעבעדיג געווארען.

— הערר גראף, האט בעטרוציא געזאגט, דיא פערד, וועלכע איהר האט יעצט געזעהען זיינען ניט געוועזען צו פערקויפען. מאנטע קריסטא האט געצויגען מיט דיא אקסלען.

— איהר זאלט וויסען, הערר געשעפטספיהרער, האט ער געזאגט, דאס אלעס איז צו פערקויפען, ווען מען פערשטייט נאר צו געבען א פרייז.

— הערר דאנגלאר האט פאר זיי בעצאלט זעכצעהן טויזענד פראנק, הערר גראף.

— נו איז וואס? האט מען איהם געדארפט באטען צוויי און דרייסיג טויזענד. ער איז א באנקיר און א באנקיר לאזט קיין מאל ניט אוועק דיא געלעגענהייט צו פער־דאפלען זיין קאפיטאל.

— מיינט איהר עס ערנסט, וואס איהר זאגט, הערר גראף? האט בעטרוציא געפרעגט.

מאנטע קריסטא האט פערוואונדערט בעטראכט דעם געשעפטספיהרער, וואס האט דיא דרייסטקייט איהם צו שטעלען פראגעס.

— דיזען אבענד האב איך צו מאכען א וויזיט; איך וויל, אז דיזע פערד זאלען זיין איינגעשפאנט אין מיין וואגען מיט נייע זברויעס.

— וויפיעל א זייגער רעכענט אייער עקסעלענץ צו מאכען דיזע וויזיט, האט בע־טרוציא געפרעגט זיך פערבייגענדיג.

— פינף א זייגער, האט מאנטע קריסטא געענטפערט.

— איך מוז אייער עקסעלענץ בעמערקען, אז איצטער איז צוויי א זייגער.

— איך וויים, האט דער גראף געענטפערט, און דען זיך ווענדענדיג צו אלי:

— לאזט פארפיהרען פאר דער מאדאם אלע פערד, האט ער געזאגט, און לאז זיא אויסוויילען וועלכע זיא וויל. און לאז זיא זאגען אויב זיא וויל עסען דינער מיט מיר. אויב יא, זאל מען ביי איהר דעקען דעם טיש. אראפגייענדיג וועט איהר מיר ארויפשיקען דעם לאקיי. דער לאקיי איז באלד געקומען.

— הערר באפטיסטען, האט צו איהם דער גראף געזאגט, עס איז שוין א יאהר זייא איהר זייט ביי מיר אין דינסט. גראדע דיא צייט, וועלכע איך גיב מיינע דינער צו פראבע. איך האב געפונען, אז איהר טויגט פאר מיר.

באפּטיסטען האט זיך פערנייגט.

— יעצט בלייבט צו וויסען, אויב איך טויג פאר אייך.

— אָה, הערר גראף! האט באפּטיסטען שנעל געזאָגט.

— הערט מיך אויס ביז צום סוף, האט דער גראף ווידער אָנגעפאנגען.

— איהר פערדינט א יאָהר פופצעהן הונדערט פראנק, דאס איז א געהאלט, פאר וועלכען א גוטער און א בראווער אָפיציער ריזיקירט אלע טאג זיין לעבען. אייער בעקעסטיגונג וואלט זיך ווינשען צו האבען א טשיף (שעף) פון איין אָפיס, וועלבער מוז פיעל שווערער ארבייטען פאר אייך. אלס דינער האט איהר אויך דינער, וועלכע רייניגען אייערע קליידער און וועש. אויסער אייערע פופצעהן הונדערט פראנק גנבעט איהר ביי מיר, ווען איהר קויפט מיר דיא זאכען צו מיין טואלעט, נאָך פופצעהן הונדערט פראנק א יאָהר.

— אָה, עקסעלענץ!

— איך קלאָג מיך ניט דעריבער, עס איז גאנץ נאַטירליך. פון דעסטוועגען וויל איך, אז עס זאל ניט גיין ווייטער וויא דאס מיט'ן לאטבענען. איהר וועט ניט קריגען אזוי לייכט נאך אזא פלאץ, וועלכען אייער גליק האט אייך געגעבען. איך שלאָג מיינע דינער קיין מאָל ניט, איך זידעל זיך ניט, איך ווער קיין מאָל ניט אין כעס, איך בין שטענדיג מוחל א טעות, אָבער א נאַכלעסיגקייט אדער א פערגעסענהייט קיין מאָל ניט. מיינע בעפעהלען זיינען געוועהנליך קורץ, אבער קלאָר און אקוראט; איך האב זיי ליעב צו געבען עטליכע מאָל, איידער מען זאל מיך שלעכט פערשטיין. איך בין גענוג רייך אום צו וויסען, וואס איך וויל וויסען, און איך בין זייער נייגעריג, זאלט איהר וויסען. אלזאָ ווען איך וועל זיך דערוויסען, אז איהר האט פון מיר גערעדט גוט אָדער שלעכט, אדער איהר וועט דערציילען וואָס איך טו און איהר וועט נאַכשפּירען מיין פיהרונג,— וועל איך אייך ארויסיאָגען אין דער זעלבער מינוט. איך וואָרן מיינע דינער נאר איין מאָל. יעצט זייט איהר געוואָרנט, גייט!

באפּטיסטען האט זיך פערנייגט און האט שוין געמאכט א דריי, פיער טריט צום ארויסגיין.

— מכשבותן, האט דער גראף צו איהם ווידער געזאָגט, איך האב אייך פער־געסען צו זאָגען, אז אלע יאָהר לייג איך אוועק א געוויסע סומע געלד פאר יעדען פון מיינע דינער. דיא, וועלכע איך ענטלאס פערלירען דיזעס געלד און עס בלייבט פאר דיא איבריגע דינער, וועלכע וועלען בעקומען דאס געלד נאך מיין טויט. אָט איז שוין א יאָהר וויא איהר זייט ביי מיר און אייער פערמעגען וואקסט שוין. טרייבט איהם העבער.

— איך וועל זיך געבען מיהע צו פאָלגען אלע ווינשע פון אייער עקסעלענץ, האט באפּטיסטען געענטפערט, איבריגענס האב איך פאר מיר אלי פאר א מאָדעל.

— אָבער גארניט, האט דער גראף געזאָגט מיט א קאלטקייט פון אייז. אלי האט פיעל פעהלערן צו זיינע מעלות. נעמט זיך ניט קיין ביישפּיעל פון איהם, ווייל ער איז איין אויסנאהמע. ער האט ניט קיין געהאלט, ער איז ניט קיין דינער; ער איז מיין שקלאַוו, ער איז מיין הונד. ווען ער וועט ניט פאָלגען, וועל איך איהם ניט ארויסיאָגען, איך וועל איהם טויטען.

באַפּטיסטען האט ווייט אויפגעריסען דיא אויגען.

— איהר צווייפעלט? האט מאַנטע קריסטאָ געזאָגט. און ער האט געזאָגט צו אַלי דיזעלבע ווערטער, וואס ער האט געזאָגט צו באַפּטיסטען אין פראנצויזיש.

אַלי האט אויסגעהערט און האט געשמייכעלט. ער איז צוגעגאנגען צו זיין הערן און האט איינגעבויגען אַ קניע און האט געקושט מיט רעשפּעקט זיין האנד.

דיזע סצענע האט אין גאנצען צוטומעלט דעם הערן באַפּטיסטען.

דער גראַף האט געגעבען אַ צייכען צו באַפּטיסטען, אז ער זאָל ארויסגיין און צו אַלי, אז ער זאל איהם נאָכגיין. ביידע זיינען אריין אין גראַף'ס קאַבינעט און האבען זיך אַ לאנגע צייט אונטערהאלטען.

פינף אַ זייגער האט דער גראַף געגעבען דריי קלעפּ אין גלעקעל. איין קלאַפּ האט גערופען אַלי, צווי קלעפּ באַפּטיסטען און דריי קלעפּ פאר בערטוציאָ. דער געשעפטס־פיהרער איז אריינגעקומען.

— וואס הערט זיך מיט מיינע פערד? האט מאַנטע קריסטאָ געזאָגט.

— זיי זיינען איינגעשפּאַנט אין וואָגען, אייערע עקסעלענץ, האט בערטוצאָ גע־ענטפערט. וועל איך בעגלייטען דעם הערר גראַף?

— ניין, דער קוטשער, באַפּטיסטען און אַלי, מעהר ניט.

דער גראַף איז ארונטערגעגאנגען און האט געזעהען, אז אין זיין וואָגען זיינען איינגעשפּאַנט דיא פערד, וועלכע ער האט אין דער פריה בעוואונדערט אין דאַנגלאַר'ס וואָגען. ער האט דיא פערד בעטראַכט.

— זיי זיינען טאַקע שיין, האט ער געזאָגט, און איהר האט גוט געטאָן וואָס איהר האט זיי געקויפט, נאָר עס איז געוועזן אַ ביסעל שפּעט.

— עקסעלענץ, איך האב געהאט פיעל מיהע ביז איך האב זיי בעקומען, און זיי האבען געקאָסט טייער.

— זיינען דען דעריבער דיא פערד ניט אזוי שוין, האט דער גראַף געפרעגט ציהענ־דיג דיא אַקסלען.

— ווען אייער עקסעלענץ איז צופרידען, איז אלעס גוט, האט בערטוציאָ געזאָגט. וואו פאָהרט אייער עקסעלענץ?

— אין שאָסע־דאַנטען גאַס, צו דעם באַראָן דאַנגלאַר.

דיזער געשפּרעך האט שטאַטגעפונען ביי דעם אראָפּגאַנג פון דיא טרעפּ. בערט־רוציאָ האט שוין געהאלטען אַ פוס אויף אראָפּצושטייגען.

— וואַרט אַ מינוט, הערר בערטוציאָ, האט מאַנטע קריסטאָ געזאָגט איהם אָפּהאלטענדיג. איך דארף האבען אַ שטיקעל לאנד אויף דעם ברעג פון ים. אונגעפעהר צווישען האַוור און בולאָני. וויא איהר זעהט, גיב איך אייך גענוג פּלאַץ. אויף דעם לאנד וואָס איהר וועט קויפען דארף זיך געפינען אַ קליינער קאַנאַל, וועלכער זאל פיהרען צום ים און אויף איהם זאל זיך קענען האלטען אַ קריגס שיף, וועלכע דארף האבען פופצעהן פוס טיעפע וואַסער. דיא שיף דארף אַלע מאָל זיין גרייט צום אָפּפאָהרען צו יעדער שטונדע פון טאָג אָדער נאַכט, ווען איך וועל געבען דעם סיגנאַל. איהר וועט זיך נאָכ־פרעגען ביי אַלע נאָטאַריוסען אויף אַזאַ שטיקעל לאנד און ווען עס וועט זיך געפינען,

זאָלט איהר דאס פאהרען זעהען, און אז עס וועט אייך געפעלען זאלט איהר עס קויפען אויף אייער נאָמען. דיא שיף איז דאכט זיך יעצט אין וועג צו פעקאר, ניט וואהר?

— דען זעלבען אבענד, ווען מיר האבען פערלאָזען מארסייל, האב איך זיא געזעהען אריינגייענדיג אין ים.

— און דיא שפּאציער שיף? האט מאַנטע קריסטאָ געפרעגט.

— דיא שפּאציער שיף האט דעם בעפעהל זיך אויפצוהאלטען אין מארטיג.

— גוט. איהר וועט זיך איבערשרייבען מיטביידע פיהרער פון דיא שיפען, אז זיי זאָלען ניט איינשלאָפען.

— און וואס איז מיט'ן דאמפף שיף? האט בעטרוציאָ געפרעגט.

— וועלכער געפינט זיך אין שאלאָן?

— יאָ, האט בעטרוציאָ געענטפערט.

— דיזעלבע בעפעהלע וויא פאר יענע פיהרערס. ווען איך וועל האבען דאס לאנד, וועל איך האבען בעציהונגען צעהן מייל אויף צעהן מייל אויף דעם וועג צו נאָרד און אויף דעם וועג צו זיד.

— אייער עקסעלענץ קען זיך פערלאָזען אויף מיר.

דער גראף האט געמאכט א צייכען פון בעפרידיגונג. ער האט זיך אריינגעזעצט אין זיין פראכטפאָלען וואָגען און איז אוועק צו דעם האטעל פון באנקיר.

דאנגלאר איז געוועזען פאָרזיצענדער ביי א קאָמיס'אָן פון אייזענבאהן, ווען מען האט איהם אָנגעמעלדעט דעם גראף מאָנטע קריסטאָ. דיא זיצונג איז שוין כמעט געוועזען צו ענדע. ביי דעם נאָמען פון גראף האט זיך דאנגלאר אויפגעהויבען.

— מיינע העררען, האט ער געזאָגט צו דיא געסט, ענטשולדיגט מיר וואס איך פערלאָז אייך אזוי; אָבער שטעלט זיך פאָר, אז דיא הויז טהאָמסאָן און פרענש פון רוים עמפפעהלט מיר א געוויסען גראף מאָנטע קריסטאָ, וועלכער זאל ביי מיר האבען קרעדיט אָהן א מאָס. דאָס איז דער לוסטיגסטער שפּאס, וועלכען מיינע קאָלעגען אין רוים ערלויבען זיך געגען מיר. איהר וועט בעגרייפען דיא נייגעריגקייט, וועלכע איך האב נאָך. איך בין היינט געוועזען ביי דעם זאָגענאנטען גראף. ווען ער וואלט געווען א וואהרער גראף, וואלט ער ניט געוועזען אזוי רייך. דער העררר איז ניט געוועזען צו שפּרעכען. וויא שיינט אייך דאָס? זיין הויז איז אפילו א שיינע, אבער איין אונבעשרענקטען קרעדיט, איז גאר אנאנדער זאך. זיי ווילען מאכען שפּאס פון מיר, אָבער ווער עס לאכט צו לעצט, וועט לאכען אם בעסטען.

זאָגענדיג דאס איז דאנגלאר אריינגעגאנגען אין זיין רייכסטען זאל, וואו מאָנטע קריסטאָ איז געשטאנען לעבען א בילד. ביי דעם געררויש וואס דאנגלאר האט געמאכט מיט זיין אריינגיין האט זיך מאָנטע קריסטאָ אומגעדרייט.

דאנגלאר האט געגריסט לייכט מיט'ן קאָפּ און האט געמאכט א צייכען צום גראף אז ער זאל זיך זעצען. דער גראף האט זיך געזעצט.

— האב איך דיא עהרע צו שפּרעכען מיט העררן מאָנטע קריסטאָ.

— און איך, האט דער גראף געענטפערט, מיט העררן באראָן דאנגלאר, ריטער פון עהרען לעגיאָן, מיטגליעד פון פּארלאַמענט?

דאַנגלאַר האט געפּיהלט דעם שטאָך און האט געביסען דיא ליפּען.

— ענטשולדיגט מיר, מיין הערר, האט ער געזאַגט. וואס איך האב אייך גלייך ניט גערופען ביי דעם טיטעל, וועלכען מען האט מיר אָנגעמעלדעט. אָבער איהר ווייסט, מיר לעבען אונטער א פּאָלקס רעגירונג, און איך בין א פאָרשטייער פון דעם פּאָלקס אינטערעסען.

— און אויף אזא וואַיזע, האט מאָנטע קריסטאָ געענטפערט, דאס איהר בעהאלט דיא געוואָהנהייט זיך צו רופען באַראָן און איהר פערגעסט אנדערע צו רופען גראף.

אָה, איך אליין האלט דערפון זעהר ווייניג, האט דאַנגלאַר געענטפערט. זיי האָבען מיר געגעבען דעם טיטעל באַראָן און האבען מיר געמאכט צום ריטער פון עהרען לעגיאָן פאַר עטליכע דינסטען, וואס איך האב געטאָן, אָבער....

— אָבער איהר האט אראָפּגעוואָרפען דיא טיטלען, אזוי וויא דיא הערען מאָנ־רענסי און לאַפּאַרט האבען א מאָל געטאָן. דאס איז א גוטער ביישפּיעל נאָכצוטאָן מיין הערר.

— ניט אין גאנצען, פון דעסטוועגען, האט דאַנגלאַר געענטפערט אין פערלעגענ־הייט; פאַר דיא דיענער, איהר פערשטייט....

— יאָ, איהר לאָזט זיך רופען עקסעלענץ פון אייערע דינער; פאַר דיא זשורנאַ־ליסטען הייסט איהר הערר און פאַר אייערע צוהערער הייסט איהר בירגער. דאס זיינען שיינע וועקסעלפאַרבען פאַר א קאָנסטיטוציאָנעלע רעגיערונג. איך פערשטיי גאַנץ גוט.

דאַנגלאַר האט זיך געקוועטשט דיא ליפּען; ער האט געזעהען, אז אויף דעם וועג איז ער ניט געוועזען אזוי שטארק וויא מאָנטע קריסטאָ. ער האט אלזאָ פּראָבירט צו נעמען דעם וועג, מיט וועלכען ער איז געוועזען מעהר געוואָהנט.

— הערר גראף, האט ער געזאָגט זיך פערנייגענדיג, איך האב בעקומען איין עמפּפעהלונגס בריעף פון דער הויז טהאָמסאָן און פרענטש.

— איך בין זעהר צופרידען דער פון, הערר באַראָן.

— אָבער איך מוז אייך געשטיין, אז איך האב ניט אין גאנצען פערשטאַנען דעם זין פון דער עמפּפעהלונג.

— וויים איך וואס!

— דיזער בריף עפענט ביי מיר פאַר'ן הערן גראף מאָנטע קריסטאָ איין אונבע־שרענקטען קרעדיט.

— און וואס פערשטייט איהר דאָ ניט, הערר באַראָן?

— איך בעגרייף ניט דעם וואָרט „אונבעשרענקט"....

— איז דען דיא הויז טהאָמסאָן און פרענטש אזוי קליין, אז זיא קען ניט געבען קיין קרעדיט אויף אנדערע הייזער?

— ניין, מיין הערר, דאס וויל איך ניט זאָגען. אבער אונבעשרענקטען קרעדיט.... אלע קרעדיטען זיינען בעשרענקט.

— דאס מיינט אזוי פיעל, אז דיא הויז טהאָמסאָן און פרענטש קען שפּילען מיט אונבעשרענקטען קרעדיט און איהר ניט.

— מיין הערר, האט דאנגלאר שטאָלץ געענטפערט, קיינער האט נאך מיין קאסע ניט געציילט.

— דאָן, האט מאַנטע קריסטאָ קאלט געענטפערט, שיינט עס, אז איך וועל מאַכען דעם אָנפאַנג.

— ווער האט עס אייך דערציילט?

— איהר מיט אייערע פראגען און אייער מורא האבען.

דאנגלאר האט זיך געביסען דיא ליפען. דאס איז שוין געווען דאס צווייטע מאָל, וואס ער איז פון דיזען מאַן בעזיעגט געוואָרען, און דעם מאָל אויף זיין אייגענעם פעלד. זיין העפליכקייט איז געווען א געצוואונגענע און זיא האט געשיינט צו זיין ניט ווייט פון גראָבהייט. מאַנטע קריסטאָ, אין געגענטהייל, האט געשמייכעלט מיט דער זיסעסטער מינע אין דער וועלט.

— ענדליך, מיין הערר, האט דאנגלאר געזאָגט נאך א קורצען שווייגען, ווילט איהר אזוי גוט זיין און מיר זאָגען וואס פאר א סומע איהר ווילט האבען פון מיר?

— מיין הערר, האט מאַנטע קריסטאָ געענטפערט, ווען איך האב פון אייך געפאָדערט איין אונבעשרענקטען קרעדיט, קען איך נאך אליין ניט וויסען וויפיעל געלד איך וועל דארפען האבען.

דער באַנקיר האט געגלויבט, אז יעצט איז געקומען דער מאָמענט, וואו ער וועט זיין דער שטאַרקערער. ער האט זיך צוריקגעוואָרפען אין זיין טשער און ער האט געזאָגט מיט א שווערען און שטאָלצען שמייכעל:

— אָה, מיין הערר! האָט קיין מורא ניט צו פערלאנגען. זייט פערזיכערט, אז דער קאַפּיטאַל פון דער הויז דאנגלאר, וויא בעשרענקט ער זאל ניט זיין, קען נאך בעפרידיגען דיא גרעסטע פאָדערונגען, עס מעג אפילו זיין א מילליאָן....

— וואָס זאָגט איהר? האט מאַנטע קריסטאָ איהם אונטערבראָכען.

— איך זאָג א מיליאָן, האט דאנגלאר וויעדערהאָלט מיט גדלות.

— און וואס זאל איך מאַכען מיט א מיליאָן? האט מאַנטע קריסטאָ געזאָגט מיט א קאַלטען טאָן. מיין טייערער הערר, ווען איך וואָלט געדארפט האבען נאר א מיליאָן, וואָלט איך מיר פאר אזא נארישקייט ניט געמאַכט קיין קרעדיט. א מיליאָן! א מיליאָן האב איך דאך אלע מאָל ביי מיר אין פּאַקעט בוך. און מאַנטע קריסטאָ האט ארויסגעצויגען זיין בריעפטאַשע און האט פון דאָרטען ארויסגענומען צוויי בילעטען צו האלבע מיליאָן.

מיט דעם האט מען געדארפט דערהארגענען, ניט א שטאָך טאָן אזא מענשען וויא דאנגלאר. דער שרעקליכער קלאַפּ האט געמאַכט זיין ווירקונג: דער באַנקיר האט זיך געשאָקעלט און האט בעקומען קאָפּ שווינדעל. ער האט אויסגעגלאָצט אויף מאַנטע קריסטאָ א פּאָר אויגען וויא א צודולטער.

— וואָס איז מיט אייך? האט מאַנטע קריסטאָ געזאָגט. זאָגט אז דיא הויז טהאָמסאָן און פרענטש איז פאר אייך ניט גוט גענוג, וועל איך מיך ווענדען צו אנדערע באַנקירס. איך האב דאס פאָראויסגעזעהען. אָט האב איך נאך אזעלכע צוויי עמפּפעהלונגען וויא צו אייך, איינע איז פון דיא הויז ארנשטיין און עסקאָלעס פון וויען צו באראָן

ראָטהשילד און דיא אנדערע איז פון דיא הויז בארענג פון לאָנדאָן צו הערךן לאפיט. זאָגט מיר נאָר איין וואָרט וועל איך גיין צו איינע פון דיא צוויי הייזער.

דאס איז געוועזען געננג. דאנגלאר איז געוועזען בעזיעגט. ער האט בעטראכט דיא אנדערע צוויי בריעף מיט זייערע אונטערשריפטען און ער האט געזעהען, אז עס איז געוועזען ריכטיג וויא מאָנטע קריסטאָ האט געזאָגט.

— אָה, מיין הערר, האט ער געזאָגט, דאס זיינען דריי אונטערשריפטען, וועלכע זיינען ווערטה מיליאָנען, און דאנגלאר האט זיך אויפגעהויבען פאר דעם מעכטינגען מאן פון געלד, וועלכער איז געשטאַנען פאר איהם. דריי אונבעשרענקטע קרעדיטען אויף אונזערע דריי הייזער. פערצייהט מיר, הערר גראף, אבער איך מוז אייך בעוואונדערן.

— אָה ניט אזא הויז וויא אייערע דארף זיך וואונדערן דעריבער, האט מאָנטע קריסטאָ געזאָגט מיט זיין גאנצער העפליכקייט. אלזאָ ווערט איהר מיר שיקען עפּעס געלד, ניט וואהר?

— זאָגט, הערר גראף, איך בין צו אייער דינסטען.

— גוט, האט מאָנטע קריסטאָ געזאָגט, אזוי וויא מיר זיינען יעצט איינפערשטאַנען און אזוי וויא איהר טרויט מיר יעצט, וועלען מיר בעשטימען, אז איהר זאלט מיר געבען פאר דעם ערשטען יאָהר זעקס מיליאָן.

— זעקס מיליאָן! זאָל זיין! האט דאנגלאר געזאָגט מיט א פערשטיקטע שטימע.

— ווען איך וועל דארפען מעהר, האט מאָנטע קריסטאָ ווייטער געזאָגט, וועלען מיר שטעלען א העכערע סומע; אָבער איך רעכען ניט צו בלייבען לענגער וויא א יאָהר אין פראַנקרייך, און איך גלויב ניט, אז איך וועל איבערשטייגען דיזע סומע.... ווייטער וועלען מיר זעהען.... איהר ווערט אזוי גוט זיין און מיר צו שיקען מאָרגען פינף הונדערט טויזענד פראַנק, איך וועל זיין אין דערהיים ביז דינער, און איבריגענס, ווען איך וועל ניט זיין וועל איך לאָזען א רעסיט ביי מיין געשעפטספיהרער.

— דאס געלד ווערט זיין ביי אייך מאָרגען צעהן א זייגער אין דער פריה, הערר גראף, האט דאנגלאר געענטפערט. ווילט איהר אין גאָלד אדער אין באנק בילעטען, אדער אין זילבער?

— האלב גאָלד און האלב זילבער, האט דער גראף געענטפערט און האט זיך אויפגעהויבען.

— איך מוז אייך מודה זיין איין זאך, הערר גראף, האט דאנגלאר געזאָגט. איך האב געגלויבט אז מיר זיינען בעקאַנט אלע רייכע לייט אין ערופּא, און פון דעסטוועגען איז מיר אייער רייכטהום ניט בעקאַנט. שטאַמט ער פון לאַנג?

— מיין רייכטהום שטאַמט פון זעהר א לאַנגער צייט. עס איז געוועזען איין ארט פאמיליען אוצר, וועלכען מען האט ניט געדאַרפט אָנריהרען ביז אין א געוויסע צייט. וועהרענד דיזער צייט האבען דיא צינזען פערדרייפאַכט דעם קאַפּיטאַל. ערשט פאר א קורצער צייט האט זיך געענדיגט דער טערמין פון דעם צוואה־שרייבער און פון דיזער צייט אָן האב איך דעם גאנצען קאַפּיטאַל אין דיא הענד. דערפאַר איז קיין וואונדער ניט וואָס איהר האט ביז יעצט ניט געהערט פון מיין רייכטהום. אבער איהר ווערט איהם באלד בעסער קענען.

דיא לעצטע ווערטער האט דער גראף בעגלייט מיט א בלייכען שמייכעל, וועלכער האט אזוי נעשראָקען פראנץ ד'עפיניי.

— מיט אייער געשמאַק און אייערע אבזיכטען, מיין הערר, האט דאנגלאר געזאָגט, ווערט איהר אין פאַריז ענטוויקלען אזא לוקסוס, וועלכער ווערט אונז ארימע קליינע מיליאָנערן דערקוועטשען. אונטערדעסען וואלט אייך פיעלייכט זיין אָנגענעהם, אז איך זאל אייך פאָר־שטעלען פאר דיא מאדאם באראָנעסע דאנגלאר? ענטשולדיגט מיר, הערר גראף, וואָס איך בין אזוי איילינ, אָבער א קאָסטימער וויא איהר איז כמעט א מיטגליעד אין דער פאמיליע.

מאָנטע קריסטאָ האט זיך פערנייגט מיט דעם צייכען, אז ער נעמט אָן דיא עהרע וועלכע דער באנקיר וויל איהם מאכען.

דאנגלאר האט אָנגעקלונגען. א לאקיי אין א גלענצענדע ליווריע איז ערשיענען.

— איז דיא באראָנעסע אין איהר צימער? האט דאנגלאר געפרעגט.

— יא, הערר באראָן, האט דער לאקיי געענטפערט.

— אליין? האט דאנגלאר געפרעגט.

— ניין, דיא מאדאם האט געסט.

— ווערט אייך זיין אָנגענעהם, ווען איך וועל אייך פאר אימעצען פאָרשטעלען, הערר גראף. איהר ווילט דאך ניט בלייבען אונבעקאנט?

— ניין, הערר באראָן, האט מאָנטע קריסטאָ געזאגט לאכענדיג, איך וויל מיר ניט נעמען דיזעס רעכט.

— און ווער איז ביי דיא מאדאם? הערר דעבראַי? האט דאנגלאר געפרעגט אָהן חכמו וואס האט געמאכט שמייכלען מאָנטע קריסטאָ, וועלכער האט שוין גע־וואוסט וויא דיא מאדאם פיהרט זיך.

— יא הערר באראָן, הערר דעבראַי איז דארטען, האט דער לאקיי געענטפערט.

— הערר לוסיען דעבראַי, האט דאנגלאר געזאָגט צו מאָנטע קריסטאָ, איז איין אלטער פריינד פון אונז, ער איז סעקרעטער ביים מיניסטער. מיין פרוי איז א געוועזענע מארקיזע. זיא איז געוועזען דיא אלמנה פון מארקיז נארגאָן, ווען זיא האט מיך געהייראַטה.

— איך האב ניט דיא עהרע צו קענען מאדאם דאנגלאר, אָבער העררן לוסיען דעבראַי האב איך שוין בעגעגענט.

— אזוי! וויא איז עס געווען?

— ביים גראף מאָרסערף, האט מאָנטע קריסטאָ געענטפערט.

— אָה, איהר קענט דעם קליינעם גראף? האט דאנגלאר געזאגט.

— מיר האבען זיך בעגעגענט אין רוים אין דער צייט פון קארנעוואל.

— אָה יא, האט דאנגלאר געזאָגט. איך האב דאכט זיך מיר געהערט דערציילען א געשיכטע פון באנדיטען, גנבים אין דיא רואינען? ער איז דורך א נס פון דארטען ארויסגענומען געוואָרען. איך גלויב, אז ער האט עפּעס אין דער ארט דערציילט מיין פרוי און מיין טאָכטער, ווען ער איז געקומען צוריק פון איטאליען.

— דיא מאדאם באראָנעסע ערוואַרטעט דיא העררען, האט דער צוריקקומענדער לאַקיי געזאָגט.

ביידע מענער זיינען דערויף געגאנגען צו דער באראָנעסע.

8טער קאַפּיטעל.

## דיא שיינע פערד.

דער באראָן און דער גראף זיינען דורכגעגאנגען פיעלע צימערן ביז זיי זיינען אריינגעקומען אין דעם פּראַכטפאָלען צימער פון דער באראָנעסע, וואו דאנגלאר האט ניט געדארפט אריינקומען, סיידען ער האט איינעם מיטגעבראכט.

מאדאם דאנגלאר, וועלכע האט געקענט גערעכענט ווערן צו דיא שיינע, אָבוואָהל זיא איז שוין אלט געווען א זעקס און דרייסיג יאָהר, איז געזעסען ביי א שיינעם פּאָרטאָפּיאַן, וועהרענד לוסיען דעביאַי איז געזעסען ביי א טיש און האט געבלעטערט איין אלבום.

נאך איידער דער גראף איז געקומען האט לוסיען שוין דערציילט דער באראָנעסע וועגען מאָנטע קריסטאָ, און זיא האט שוין וועגען איהם געהערט פון אלבערט מאָרסערף. דערפאר איז איהרע נייגעריגקייט געשטיגען צום העכסטען גראד צו קענען דיעזען מערקווירדיגען מאַן. דער זיצען לעבען פּיאַנאָ איז נאר געווען צו פערדעקען דיא אויפרעגונג ביי מאָנטע קריסטאָ'ס אריינקומען.

עס האבען געפאָלגט פּאַרשטעלונגען און קאָמפּלימענטען און דאַן א געשפּרעך.

— איהר זייט א ליעבהאבער פון פערד? האט דיא באראָנעסע דעם גראף געפרעגט.

— איך האב פערבראכט א טהייל פון מיין לעבען אין אָריענט, מאדאם, און דיא אָריענטער, וויא איהר ווייסט, אכטען נאר צוויי זאכען: דיא עדעלקייט פון דיא פערד און דיא שיינהייט פון דיא פרויען.

— אָה, הערר גראף! איהר האט ווייניגסטענס געדארפט זאָגען דיא פרויען צוערשט.

— זעהט איהר, מאדאם, איך האב דאך אייך ערשט געזאָגט, אז איך דארף האבען איינעם, וועלכער זאל מיך לערנען דיא פראַנצויזישע געוואָהנהייטען.

אין דיעזען מאָמענט איז אריינגעקומען דיא באראָנעסעס קאַמערמיידעל און איז צוגעגאנגען צו דער באראָנעסע און האט איהר עפּעס א זאָג געטאָן אויפ'ן אויער. מאדאם דאנגלאר איז בלייך געוואָרען.

— עס איז אונמעגליך! האט זיא געזאָגט.

— פון דעסטוועגען איז עס דער ריינער אמת, מאדאם, האט דיא קאמערמיידעל געזאָגט. מאדאם דאנגלאר האט זיך אומגעקעהרט צו איהר מאַן.

— איז עס אמת וואס דיא מיידעל זאָגט מיר, מיין הערר? מיינע פערד זיינען ניטאָ אין שטאַל.

— מאדאם, האט דאנגלאר געזאָגט, הערט מיך אויס.

— אָה! איך הער אייך, מיין הערר, דען איך בין נייגעריג צו וויסען וואס איהר וועט מיר זאָגען. איך וועל מאכען דיא הערדען פאר ריכטער צווישען אונז, און וועל זיי דערציילען וועגען וואס עס האנדעלט זיך. מיינע הערדען, האט דיא באראָנעסע פאָרט־געזעצט, דער הערר באראָן דאנגלאַר האט צעהן פערד אין שטאל. צווישען דיזע צעהן פערד זיינען צוויי געווען מיינע, דיא שענסטע פערד אין פאַריז. איהר קענט זיי, הערר דעבראַי! יעצט שטעלט זיך פאָר, אז אין דער מינוט ווען איך האב פערשפּראָכען צו לייה'ען מיינע פערד דער מאדאם ווילפאָר, געפין איך ניט מיינע פערד אין שטאל. הערר דאנגלאַר האט אודאי געפונען דערביי צו פערדינען א פאָר טויזענד פראנק און ער האט זיי פערקויפט. אָה! וואס פאר א מיאוסע סאָרט מענשען דיא ספעקולאנטען זיינען.

— מאדאם, האט דאנגלאַר געענטפערט, דיא פערד זיינען געווען צו היציג, זיי זיינען קוים פיער יאָהר אַלט. איך האב שרעקליך מורא געהאט פאר אייך.

— אָבער, ליעבער הערר, האט דיא באראָנעסע געזאָגט, איהר ווייסט דאך גאנץ גוט, אז צייט א מאָנאט האב איך אין מיין דיענסט דעם בעסטען קוטשער פון פאַריז, אויב איהר האט איהם אפשר אויך ניט פערקויפט מיט דיא פערד.

— טייערער פריינד, איך וועל אייך קויפען אזעלכע פערד, און נאך אפשר שענערע, אויב עס איז דאָ. אבער רוהיגע און וייכע פערד, וועלכע זאלען מיר ניט אָנטאָן אזוי פיעל שרעק.

דיא באראָנעסע האט געצויגען דיא אקסלען מיט דער טיפסטער פעראכטונג.

דאנגלאַר האט געשיינט ניט צו בעמערקען דיזען העכסט ליעבליכען צייכען, און זיך ווענדענדיג צו מאָנטע קריסטאָ האט ער געזאָגט:

— איך מוז אייך זאָגען דעם אמת, אז עס פערדריסט מיך, וואס איך האב אייך פריהער ניט געקענט. איך וואָלט אייך אָנגעבאָטען דיא פערד. שטעלט זיך פאָר, אז איך האב זיי פערקויפט פאר א גאָר ניט; איך האב נאר געוואלט פטור ווערן פון זיי. דאס זיינען פערד פאר א יונגען מאַן.

— איך דאנק אייך, מיין הערר, האט מאָנטע קריסטאָ געזאָגט, איך האב היינט געקויפט א פאָר פערד און ניט זייער טייער. איהר זייט דאך א מבין אויף פערד, הערר דעבראַי, אָט זעהט.

וועהרענד דעבראַי איז צוגעגאנגען צום פענסטער, איז דאנגלאַר צוגעגאנגען צו זיין פרוי.

— שטעלט זיך פאָר, מאדאם, האט ער געזאָגט שטילערהייט; מען איז מיר געקומען באָטען פאר דיא פערד א משונה'דיגען פרייז. איך ווייס ניט וואס דאס איז פאר א משוגענער, וואס האט מיר היינט געשיקט זיין געשעפטספיהרער צו קויפען דיא פערד. דיא זאך איז אבער, אז איך האב ביי זיי פערדינט זעכצעהן טויזענד פראנק. בורטשעט ניט אויף מיר, און איך וועל אייך געבען פיער טויזענד פראנק און צוויי טויזענד פאר עושעניען.

מאדאם דאנגלאַר האט אויף איהם א וואָרף געטאָן א שרעקליכען בליק.

— אָהאָ! האט דעבראַי אויסגעשריען.

— וואָס איז דאָרטען? האט דיא באראָנעסע געפרעגט.

— אבער, איך האב קיין טעות ניט, עס זיינען אייערע פערד; אייערע איינענע פערד איינגעשפּאנט אין דעם גראף'ס וואַגען.

— מיינע שיינע פערד! האט דיא באַראָנעסע אויסגערופען. און זיא האט א שפּרונג געטאָן צום פענסטער.

— טאַקע, דאס זיינען מיינע פערד, האט זיא געזאָגט. דאנגלאר איז געוועזן א דערשלאָגענער.

— איז עס מעגליך? האט מאַנטע קריסטאָ געזאָגט מיט א פערוואונדערטע מינע.

דיא באַראָנעסע האט געזאָגט דעבראַי'ן א פּאָר ווערטער אויפ'ן אויער, און דיזער איז צוגעגאנגען צו מאָנטע קריסטאָ.

— דיא באַראָנעסע לאָזט אייך פרעגען פאר וויפיעל אייער מאַן האט אייך פערקויפט דיא פערד.

— איך ווייס ניט אקוראט, האט מאָנטע קריסטאָ געזאָגט, דאס האט מיר מיין געשעפטספיהרער געמאכט איין איבערראשונג, און, דאכט זיך, אז עס האט מיר געקאָסט צוויי און דרייסיג טויזענד פראנק.

דעבראַי איז געגאנגען ברייגגען דער באַראָנעסע דעם ענטפער. דאנגלאר איז געוועזן אזוי בלייך און אזוי צומישט, דאס עס האט געשיינט, אז מאָנטע קריסטאָ האט געהאט מיט איהם מיטלייד.

— זעהט איהר, האט צו איהם דער גראף געזאָגט, וויא דיא פרויען זיינען אונדאנקבאַר. אייער גוטסקייט האט ניט געמאכט קיין ווירקונג אויף דיא באַראָנעסע. דיא בעסטע זאך איז, גלויבט מיר, אז מען זאל לאזען דיא פרויען טאָן וואס זיי ווילען. ווען זיי ברעכען דיא קעפּ, האבען זיי וויינינסטענס ניט אויף ועמען ארויפצואווארפען דיא שולד.

דאנגלאר האט ניט געענטפערט. ער האט געפיהלט, אז אויף איהם וועט באלד קומען א שרעקליכער שטורם פון זיין פרוי. דעבראַי האט דעם שטורם געזעהען און ער האט ניט געוואלט זיין דערביי. מאָנטע קריסטאָ האט אויך ניט געוואלט צושטערן דיא שמחה צווישען דיא פּאָר פאָלק און האט אויך גלייך גענומען אפּשיעד פון זיי.

— יעצט האב איך עררייכט וואס איך האב געוואלט, האט מאָנטע קריסטאָ געזאגט אוועקגייענדיג. דער פאַמיליען פריעדען פון דעם פּאָר פאָלק איז אין מיינע הענד. שאדע וואס איך קען נאך ניט זייער טאָכטער עזשעניע. אָבער דאס וועט זיין פאר שפּעטער.

צוויי שעה שפּעטער האט מאדאם דאנגלאר בעקומען פון מאָנטע קריסטאָ א שיינעם בריעף, אין וועלכען ער ערקלערט איהר, אז ער וויל ניט מצער זיין א שיינע יונגע פרוי און בעט זיא, אז זיא זאל צונעמען דיא פערד צוריק. דיא פערד זיינען דערביי געשטאנען דרויסען אין א טייערן געשפּאַן.

דער באַראָן האט אויך בעקומען א בריעף פון מאָנטע קריסטאָ, אין וועלכען ער בעט איהם אנצונעמען דיא פערד צוריק, ווייל ער וויל ניט מאכען קיין מחלוקות אין א פאַמיליע.

אויף מאָרגען געגען דריי א זייגער נאָך מיטאָג האט מאָנטע קריסטאָ אריינגע־רופען צו זיך אין צימער דעם שווארצען אלי.

— אלי, האט ער צו איהם געזאָגט, דו האסט מיר אָפט דערציילט פון דיין גע־שיטקייט צו ווארפען שלינגען?

אלי האט געמאכט א צייכען פון יא און האט זיך אויסגעצויגען מיט שטאָלץ.

— גוט! אלזאָ מיט דער שלינג וועסטו קענען אפּהאלטען איין אָקס?

אלי האט געמאכט א צייכען מיט'ן דאָפּ, אז יא.

— א טיגער? האט דער גראף געפרעגט.

אלי האט געמאכט דעם זעלבען צייכען.

— און א לייב אויך? האט דער גראף ווייטער געפרעגט.

אלי האט געמאכט א צייכען וויא א מענש ווארפט א שלינג און האט נאָכגעמאכט א שרעקליכען ברומען.

— גוט! איך פערשטיי, האט מאָנטע קריסטאָ געזאָגט. האסטו געיאָגט א לייב?

אלי האט געמאכט א שטאָלצען צייכען מיט'ן קאָפּ.

— אָבער וועסטו קענען אָפּהאלטען צוויי פאנאנדער געיאָגטע פערד אין זייער פליהען?

אלי האט געשמייכעלט.

— גוט! הער אלזאָ צו, האט מאָנטע קריסטאָ געזאָגט. באלד וועט דאָ פערביי־פליהען א וואָגען פאנאנדער געטראָגען פון צוויי פערד, וועלכע דו האסט היינט ביי מיר געזעהען. דיזער וואָגען מוז אָפּגעהאלטען ווערן פאר מיין טהיר, ווען דו זאלסט אפילו דערביי צוריבען ווערן.

אלי איז אראָפּגעגאנגען אויפ'ן גאס און האט געמאכט א ליניע ענטקעגען טהיר. דאן איז ער ארויפגעגאנגען און האט געצייגט דעם גראף דיא ליניע, וועלכע ער האט איהם געזעהען ציהען.

— דער גראף האט איהם א לייכטען קלאפּ געטאָן אויף דיא פּלייצעס; דאס איז געוועזן זיין ארט צו בעדאנקען אלי. דער אראבער איז דאן אראָפּגעגאנגען רייכערן זיין טשיבוק אויפ'ן קאָרנער פוןביידע גאסען, וואו ער האט זיך געזעצט אויף א שטיין, ווערענד מאָנטע קריסטאָ איז אריינגעגאנגען און האט זיך מעהר וועגען גארניט גע־קימערט.

פון דעסטוועגען, געגען פינף א זייגער, דיא צייט, ווען ער האט ערווארטעט דעם וואָגען, האט מען אויף איהם געקענט מערקען צייכענס פון אינגעדולד. ער האט ארומשפּאצירט ביי זיך אין צימער הין און צוריק און האט אלע מאָל אנגעשפּיצט דיא אויערן און איז צוגעגאנגען צום פענסטער. דער אראבער איז זיך געזעסען און האט גע־רייכערט זיין פייפ, אזוי וויא ניט איהם מיינט מען.

פּלוצלונג האט מען דערהערט פון דער ווייטענס א גערודער, וועלכער האט זיך גענעהענט מיט דער געשווינדקייט פון א בליץ. דאן האט זיך בעוויזען א קאַליאַס, וועל־כען צוויי פערד האבען געטריבען וויא א שטורעם ווינד. דער קוטשער האט אנגעשטרענקט אלע זיינע קרעפטען איינצוהאלטען דיא ווילד געוואָרענע פערד.

אין קאַליאַס האַבען זיך געהאַלטען ארומגענומען א יונגע פרוי מיט א באַי פון א יאָהר זיעבען. זיי זיינען געווען אזוי דערשראָקען, דאס זיי האבען קיין כוח ניט געהאַט צו שרייען. עס האט נאר געפעהלט א שטיין אדער א געפאַלענער בוים, אום דער וואָגען זאל צושאָטען ווערן אויף שטיקער. דיא פערד זיינען געפלויגען אין מיטען גאַס און מען האט געהערט דיא שרעקליכע געשרייען פון דיא מענשען, וועלכע האבען געזעהען דעם פליהענדען וואָגען.

אין דיזען אויגענבליק האט אַלי אוועקגעליינט זיין טשיבוק און האט ארויסגענומען פון טאַש דיא שלינג און האט זיא א וואָרף געטאָן אויף דיא פיס פון איין פערד. ער איז מיטגעשלעפט געוואָרן א דריי פיער טריט, דאן האט דער פערד זיך איינגעבויגען און איז געפאַלען אויף דער אָגלאָבלע, וועלכע איז צובראָכען געוואָרן און האט דערמיט אָפּגעהאַלטען דעם צווייטען פערד. אין דיזער צייט איז דער קוטשער אראָפּגעשפּרונגען פון דיא קאָזלעס. אָבער אַלי האט שוין א כאַפּ געטאָן מיט זיין אייזערנע האַנד דעם צווייטען פערד פאר דיא נאָזלעכער און האט איהם אזוי צוגעקוועטשט, דאס ער האט זיך אויסגעצויגען לעבען ערשטען פערד. דיזע גאנצע געשיכטע האט מעהר ניט געדויערט וויא א פּאָר סעקונדען.

פון דעםטוועגען האט עס גענינגט, אז אין דיזער צייט זאל מאַנטע קריסטאָ ארויס־שפּרינגען פון הויז מיט עטליכע דינער און זאל צולויפען צום וואָגען און זאל כאַפּען דיא פרוי מיט'ן באַי אויף דיא הענד און זאל זיי אריינטראָגען צו זיך אין זאל, וואו ער האט זיי ארויפגעליינט אויף א זאָפאַ.

— האט נאר קיין מורא ניט, מאדאם, האט ער געזאָגט, איהר זייט געראַטעוועט

דיא פרוי איז געקומען צו זיך, און צום ענטפער האט זיא איהם געציינט איהר זון מיט א בליק, וועלכער האט געראַטעוועט דייטליכער וויא אַלע ביטעס.

און אין אמת'ן איז דער באַי נאָך אַלץ געווען אונמעכטיג,

— יאַ, מאַדאַם, איך פערשטיי; אָבער זייט רוהיג, עס איז איהם גארניט געשעהען, דאס האט איהם נאר דער שרעק געבראַכט צו דיזען צושטאַנד.

— אָה, מיין הערר! האט זיא אויסגערופען, זאָגט איהר עס מיר, אום מיך נאָר צו טרייסטען? זעהט וויא ער איז בלייך! מיין זון! מיין קינד! מיין עדוואַר! אַך, מיין הערר! שיקט רופען א דאָקטאָר. איך גיב אָפּ מיין פערמעגען, ווער עס וועט רעטען מיין קינד!

מאַנטע קריסטאָ האט געמאַכט א צייכען מיט דער האַנד צו בערוהיגען דיא פערצווייפעלטע מוטער, און האט ארויסגענומען פון קאַסטען א קליין פלעשעלע מיט א בלוט רויטע פליסיגקייט. ער האט ארויפגעגאָסען איין טראָפּען אויף דעם באַי'ס ליפּען,

דאס קינד האט באַלד אויפגעמאַכט דיא אויגען, אבוואהל ער איז נאָך געווען בלייך. ביי דיזען אָנבליק איז זיא כמעט געווען משוגע פאר פרייד.

— וואו בין איך? האט זיא אויסגערופען, און וועמען בין איך שולדיג דיא גרויסע פרייד נאָך אזוי פיעל ליידען?

— איהר זייט, מאדאַם, האט מאַנטע קריסטאָ געענטפערט. ביי א מענשען, וועלכער שעצט זיך פאר העכסט גליקליך, וואס ער האט אייך פערשפּאָרט שמערצען

— אָה, פערפלוכטע נייגעריגקייט! האט דיא דאמע געזאָגט. גאנץ פּאריז האט גערעדט פון מאדאם דאנגלאר'ס פּראכטפאָלע פערד, און איך האב געהאט דיא דומהייט צו וועלען זיי פּרובירען.

— וויא! האט דער גראף אויסגערופען מיט א קינסטליכע איבערראשונג, דיזע פערד געהערען דער באראָנעסע?

— יא, מיין העררר קענט איהר זיא?

— מאדאם דאנגלאר?.... איך האב דיזע עהרע, און מיין פרייד איז נאך גרע־סער וואס איך האב אייך גערעטעט פון געפאהר, אין וועלכער דיזע פערד האבען אייך געבראכט, ווייל אין דיזער געפאהר וואלט איך געקענט זיין שולדיג. איך האב נעכטען געקויפט דיא פערד ביין באראָן, אבער דיא באראָנעסע האט אזוי געביינקט נאך זיי, דאס איך האב זיא איהר אליין צוריקגעשיקט.

— דאן זייט איהר דאך דער גראף מאָנטע קריסטאָ, פון וועלכען הערמינע האט מיר אזוי פיעל דערציילט.

— יא, מאדאם, האט דער גראף געזאָגט.

— איך, מיין העררר, איך בין מאדאם העלאָאיזע פאָן ווילפאָר.

— דער גראף האט געגריסט וויא א מענש, פאר וועלכען מען דערמאָנט א גאנץ אונבעקאנטען נאָמען.

— אָה, וויא וועט הערר ווילפאָר זיין דאנקבאר! האט העלאָאיזע געזאגט, דען ער וועט אייך זיין שולדיג אונזער ביידענס לעבען: איהר האט איהם צוריקגעגעבען זיין פרוי און זיין זון. זיכערליך, אָהן אייער גוטען דינער וואָלט איך און מיין קינד געווען טויט.

— אך מאדאם, איך ציטער נאך וועגען דעם, אין וועלכער סכנה איהר זייט געווען.

— אה, איך האָף, אז איהר וועט מיר ערלויבען גוט צו בעדאנקען דיא ערגעבענ־הייט פון דיזען מאָן.

— מאדאם, האט מאָנטע קריסטאָ געענטפערט, איך בעט אייך, אז איהר זאלט מיר ניט איבערפיהרען מיין אַלי, ניט דורך לויב און ניט דורך בעלאָהנונג. דאס זיינען געוואָהנהייטען, וועלכע איך וויל ניט, אז ער זאל זיי האבען. אלי איז מיין שקלאָוו; ווען ער האט אייך גערעטעט דעם לעבען האט ער געדינט דערמיט מיר, און זיין פליכט איז מיר צו דינען.

— אָבער ער האט דאך ריזיקירט זיין לעבען, האט מאדאם ווילפאָר געזאָגט מיט שטוינען.

— דיזען לעבען האב איך גערעטעט, מאדאם, און דערפאר געהערט ער מיר, האט מאָנטע קריסטאָ געענטפערט.

מאדאם ווילפאָרט האט געשוויגען; זיא האט ניט געהאט וואס צו ענטפערן. וועהרענד דיזער צייט פון שוויגען האט מאָנטע קריסטאָ בעטראכט דעם באָי. ער איז געווען ניט קיין מיאוסער יונג אבער דיא ווילדקייט איז געלעגען אויף זיין פנים. ער איז אלט געווען א יאָהר אַכט אבער אויסגעזעהען האט ער פון צוועלף. זיין ערשטע זאך איז געווען ווען ער האט זיך אויפגעכאפּט, אויסצורייסען זיך מיט ווילדקייט פון זיין מוטערס אָרעם און גיין אויפמאכען דעם קעסטעל, פון וואָנען דער גראף האט אַרויסגענומען דיא

קליינע פלעשעל, און דאן ניט פרעגענדיג קיין ערלויבניס, האט ער זיך גענומען עפענען דיא פראָבקע.

— ריהר דאָרטען ניט אָן, מיין פריינד, האט דער גראף שנעל געזאָגט; איינינע טראָפּען פון דיזער פליסינקייט זיינען ניט נאר געפעהרליך צו טרינקען, זאָנדערן אפּט צום שמעקען.

מאַדאַם ווילפאָר איז בלייך געוואָרען און האט אָפּגעהאַלטען דעם אָרעם פון איהר זון, וועלכען זיא האט צוגעפיהרט צו זיך, און ווען איהר פּחד איז פערגאַנגען האט זיא א וואַרף געטאָן אויפ'ן קעסטעל א שאַרפען בליק, וועלכען דער גראף האט בעמערקט. אין דיזען מאָמענט איז אַלי אריינגעקומען.

מאַדאַם ווילפאָר האט געמאַכט א פריידיגע בעוועגונג, און צוציהענדיג צו זיך נעהענטער איהר זון, האט זיא צו איהם געזאָגט:

— עדואַר, זעהסטו דיזען גוטען דינער? ער איז געווען זעהר מוטהיג, דען ער האט איינגעשטעלט זיין לעבען איינצוהאַלטען דיא פערד, וועלכע האבען פאַנאַדער גע־טראָגען אונזער וואָגען. גייזשע בעדאַנק איהם, דען אָהן איהם וואָלטען מיר אפשר איצטער געווען ביידע טויט.

דער בּאָי האט אָנגעבלאָזען דיא ליפּען און האט אָפּגעקעהרט דעם קאָפּ מיט פעראַכטונג.

— ער איז צו העסליך, האט ער געזאָגט.

דער גראף האט געשמייכעלט, אזוי וויא דער בּאָי וואלט ערפילט איינע פון זיינע האָפנונגען. מאַדאַם ווילפאָר האט זיך כלומרשט אָנגעבייזערט אויפ'ן יונג.

— זעהסטו, האט דער גראף געזאָגט אין אראַביש צו אַלי, דיזע דאמע האט גע־בעטען איהר זון, אז ער זאָל דיך בעדאַנקען וואס דו האסט זיי ביידען געראַטעט דעם לעבען, און ער האט איהר געענטפערט, אז דו ביסט צו העסליך.

אַלי האט א ווייַלע אומגעדרייט דעם קאָפּ און האט בעטראַכט דעם יונג אָהן יעדע איבערראַשונג, וויא עס האט געשיינט, אבער איין איינפאַכער טרייסעל פון זיינע נעזלעכער האבען מאָנטע קריסטאָ בעוויזען, אז דער אראַבער האט בעקומען א וואונד אין הארצען.

— ווען איהר ווילט פאָהרען אהיים, מאַדאַם, האט מאָנטע קריסטאָ געזאָגט צו מאַדאַם ווילפאָר, וועל איך לאָזען איינשפּאַנען דיא זעלבע פערד אין מיין וואָגען און דער העסליכער אַלי, האט ער צוגעזעצט מיט א שמייכעל, וועט אייך פיהרען צו אייער הויז.

אבער מיט דיזע פערד, האט מאַדאַם ווילפאָר געזאָגט, וועל איך זיך קיין מאָל ניט אונטערשטיין צו פאָהרען צוריק.

— אָה איהר וועט זעהן, מאַדאַם, האט מאָנטע קריסטאָ געזאָגט, אז אונטער אַלי'ס האנד ווערן זיי ווייך וויא א שאָף.

אוי עס איז טאַקע געווען אזוי. אַלי איז צוגעגאַנגען צו דיא פערד, ווען מען האט זיי קוים אויפגעשטעלט אויף דיא פיס. ער האט געהאַלטען אין האנד א שוואם מיט איינגעטונקטען שמעקעדיגען עסיג און האט דערמיט גענומען רייבען דיא

מאָרדעס פון דיא פערד. דיזע האבען אָנגעפאנגען שטארק צו סאָפּענען און האבען גע־ציטערט א קורצע צייט.

א גרויסע מאסע מענשען איז געווען פערזאמעלט ארום דעם געשפּאַן און האט צוגעזעהען וויא אלי האט זיך אויפגעזעצט אויף דיא קאָזלעס און האט אָנגעפאנגען צו שמייסען דיא פערד, אז זיי זאלען זיך ריהרען פון אָרט, וועהרענד מיט עטליכע מינוט פריהער זיינען זיי געפלויגען וויא דיא וויכרעס גאר אָהן א בייטש. צוויי שטונדען האט גע־דויערט דער וועג, ביז אלי האט געבראכט מאדאם ווילפאָר צו איזור אהיים.

באלד וויא מאדאם ווילפאָר איז געקומען אהיים האט זיא געשריבען צו מאדאם דאנגלאר דיא געשיכטע מיט דיא פערד און האט געמאכט מאָנטע קריסטאָ פאר א מלאך. אבענדס איז שוין דיא געשיכטע געווען אין אלע מיילער. אלבערט האט עס דערציילט זיין מוטער, שאטאָ רענאָ אין זשאָקיי קלוב, דעבראַי אין מיניסטערס הויז, באָזשאַן האט געמאכט אין זיין ציימונג א קליינעם ארטיקעל דעריבער און האט געמאכט דעם פרעמדען אדעלמאַן פאר א העלד. פיעלע אריסטאָקראטען האבען זיך געמעלדעט צום פּראָקוראָר ווילפאָר מיט וויזיטען, אום דאָרטען צו זעהען מאָנטע קריסטאָ.

וואָס אנבעטרעפט ווילפאָרט זעלבסט, האט ער זיך דענזעלבען אבענד אויסגעפּוצט אין זיינע בעסטע קליידער און איז געפאָהרען בעזוכען מאָנטע קריסטאָ אין שאַן־זעליזע.

## 9טער קאַפּיטעל.

## ווילפאָר און מאָנטע קריסטאָ.

דער לאַקיי האט אָנגעמעלדעט ווילפאָר, ווען דער גראף איז געזעסען ביי א טיש און האט שטודירט א געאָגראַפישע קאַרטע.

דער פּראָקוראָר איז אריינגעקומען מיט דענזעלבען גאנג וויא ער קומט צום געריכט. דאס איז געווען דער זעלבער מאַן, וועלכען מיר האבען געזעהען אין מארסייל. דיא נאַטור האט זיך אין דעם מענשען ניט געענדערט. פון דין איז ער געוואָרען דאר, פון בלייך איז ער געוואָרען געל; זיינע איינגעגראָבענע אויגען זיינען געוואָרען לעכער און זיינע גאָלד־ברילען האבען געשיינט צו זיין איינגעוואקסען אין זיין געזיכט. אויסער זיין ווייסע קראַוואַט זיינען זיינע קליידער געווען טיעף שווארץ. אויף א קנאָפּלאָך האט ער געטראָגען א רויטען בענדעל, וועלכער האט אָפּגעשטאָכען פון דעם שווארץ וויא א קליינע ליניע פון בלוט.

וויא שטארק איבער זיך מאָנטע קריסטאָ איז געווען, האט ער דאך בעטראכט דעם פּראָקוראָר מיט א בעמערקבארע נייגעריגקייט איהם גריסענדיג. ווילפאָר, וועלכער האט ווייניג געגלויבט, האט גערעכענט צו טרעפען אין מאָנטע קריסטאָ א מין שווינדלער, וועלכער איז געקומען מאכען געלד אין פאריז.

— מיין הערר, האט ווילפאָר געזאָגט מיט דעם טאָן פון א פּראָקוראָר, דער דינסט וועלכען איהר האט געלייסטעט מיין פרוי און מיין זון פערפליכטעט מיך אייך צו בעדאנקען. איך קום אייך הערצליך צו בעדאנקען.

— מיין הערר, האט מאָנטע קריסטאָ אויך געענטפערט מיט איין אייז קאלטע שטימע, איך שעץ מיך גליקליך, וואס איך האב צוריקגעגעבען א מוטער איהר קינד, און איך פיהל מיך זעהר בעעהרט מיט אייער בעזוך, דען איך וויים, אז הערר ווילפאָר

בעעהרט ניט יעדען מיט זיין בעזוך. דאך וויא טייער אייער בעזוך איז מיר, איז ער פאר מיר דאך ניט ווערטה אזוי וויא מיין אינערע בעפרידיגונג.

ווילפאָר, וועלכער האט ניט ערוואַרטעט אזא ענטפער, האט געגעבען א שוידער, און זיינע צוזאמענגעקוועטשטע ליפען האבען בעוויזען, אז ער האלט ניט דעם גראף מאָנטע קריסטאָ פאר א פיינעם אדעלמאַן.

ווילפאָר האט זיך ארומגעקוקט און האט געזוכט עפּעס מיט דיא אייגען, איבער וואס ער זאל קענען מאכען א ריידע. ער האט געזעהען דיא געאָגראַפישע קאַרטע און ער האט אָנגעפאנגען צו ריידען איבער מאָנטע קריסטאָ'ס רייזעס. דער האט איהם אָנגעפאנגען צו דערציילען איבער זיינע רייזען און האט דערביי פילאָזאָפירט.

— אה, איהר פילאָזאָפירט, מיין העהר, האט ווילפאָר געזאגט. אויף מיין עהרענ־וואָרט! ווען איך וואלט ניט געהאט צו טאָן אזוי וויא איהר, וואלט איך געזוכט לעבע־דיגערע בעשעפטיגונג.

— עס איז וואהר, האט מאָנטע קריסטאָ געענטפערט, און דער מענש איז א מיאוסער וואָרים פאר דעם, וואס שטודירט איהם דורך א מיקראָסקאָפּ. האט איהר אבער עפּעס צו טאָן, מיין העהר? אדער אום צו זאָגען דייטליכער, גלויבט איהר, אז דאס וואס איהר טוט איז ווערטה דיא מיהע אנצורופען בעשעפטיגונג?

ביי דיזען צווייטען קלאַפּ איז ווילפאָר'ס שטוינען געוואַקסען. דאס איז געווען דעם ערשטען מאָל וואס ער האט געהערט אזעלכע ווערטער.

דערויף איז צווישען דיא צוויי מענער געוואָרען א געשפרעך וועגען געזעצע און רעגיערונגען, אין וועלכע מאָנטע קריסטאָ האט ענטוויקעלט אזא קראַפט, דאס ווילפאָר האט אויסגערופען:

ביי מיין עהרע, איהר צוטומעלט מיך. איך האב נאך אין מיין לעבען ניט געהערט ריידען א מענשען וויא איהר.

עס איז געקומען אזוי וויט, אז ווילפאָר האט איינגעזעהען, אז ער האט פאר זיך איין אויסנאהמע מענשען.

— איך בין איין אויסנאהמע, האט מאָנטע קריסטאָ געזאגט. און איך גלויב, אז ביז היינטיגען טאָג האט זיך נאך קיין מענש ניט געפונען אין אזעלכע פערהעלטניסע וויא איך. דיא קעניגרייכען פון דיא קעניגס זיינען בעגרענצט אדער דורך בערג, אדער דורך טייכען, אדער דורך דיא זיטען און שפראַכען. מיין קעניגרייך איז גרויס וויא דיא וועלט, ווייל איך בין קיין פראַנצויז, קיין איטאַליענער, קיין אינדוס, קיין אַמעריקאַנער, קיין שפּאַניער; איך בין א וועלט בירגער. קיין לאַנד קען ניט זאָגען, אז ער האט מיר געזעהען געבאָרען ווערען און ווער ווייס וואו איך וועל שטאַרבען. איך נעם אָן אלע גע־וואָהנהייטען, איך רעד אין אלע שפּראַכען. איהר מוזט מיינען, אז איך בין א פראַנצויז, ווייל איך רעד פראַנצויזיש אזוי גוט און אזוי ריין וויא איהר? וועל! אלי דער אראַבער מיינט, אז איך בין איין אראַבער. בעטרוציאָ, מיין געשעפטספיהערער מיינט, אז איך בין א רוימער און העידעי מיין שקלאַווין מיינט, אז איך בין א גריכע. יעצט פערשטייט איהר; איך בין פון קיין לאַנד, איך בעט פון קיין רעגירונג קיין שיצונג, איך אנערקען ניט קיין מענשען פאר מיין ברודער. קיין זאך, וואס עס האלט אָפּ אנדערע

עפּעס צו טאָן, האַלט מיך ניט אָפּ. איך האָב נאָר צוויי געגנער, דאָס איז דיא צייט און דיא ווייטקייט. דער דריטער געגנער איז דער שרעקליכסטער, דאָס איז דער טויט. איך האָב פאַר איהם קיין מורא ניט, אָבער איך ציטער, אַז ער זאָל מיר ניט שטערן דעם גאַנג, וועלכען איך האָב נאָך ניט געענדיגט.

— עס איז נאָך דאָ פאַר אַנדערע זאַכען מורא צו האָבען אויסער דעם טויט, דיא אַלטקייט און משוגעת. עס איז דאָ צום ביישפּיעל, דיא אַפּאָפּלעקסיע. דאָס איז אַ בליץ קלאַפּ, וועלכער טרעפט אייך און צעשטערט אייך ניט אין גאַנצען, אָבער נאָך וועלכען אַלעס איז צו ענדע. איהר זייט אַלע מאָל איהר, און איהר זייט דאָך ניט איהר. איהר זייט ניט מעהר וויא אַ לעבעדיגער שטיק האָלץ. קומט אַ מאָל צו מיר, הערר גראַף, ווען איהר ווילט. איהר וועט ביי מיר טרעפען אַ געגנער, וועלכער וועט אייך פערשטיין און וועט אייך צוקלאַפּען אין אייערע רעיונות. דאָס איז מיין פאָטער, נוּאַרטיע ווילפאָר, איינער פון דיא מוטהיגסטע מענער פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן; אַ מאַן, וועלכער האָט פיעלייכט ניט געזעהען אַזוי פיעל לענדער וויא איהר, וואָס האָט אָבער געהאָלפען אומוואַרפען דעם מעכטיגסטען מאַן; אַ מאַן וועלכער האָט זיך געדענקט אַזוי וויא איהר, אַז ער איז עפּעס אַ העכערע זאַך. וועל! איין צופּלאַצטער אָדער אין זיין מוח האָט איהם צובראָכען ניט אין אַ טאָג, ניט אין אַ שטונדע, אָבער אין איין סעקונדע. מיט איין טאָג פריהער איז נוּאַרטיע, אַ געוועזענער רעוואָלוציאָנער, אַ געוועזענער סענאַטאָר, אַ געוועזענער קאָמאַנדירער, וועלכער האָט געלאַכט פון דער גיליאָטינע, געלאַכט פון אַ קאַנאָן, געלאַכט פון אַ קינזשאַל; ער האָט געשפּיעלט מיט רעוואָלוציאָנען; פאַר וועלכען פראַנקרייך איז געוועזען אַ ברייטער שאַך־ברעט, פון וועלכען דיא בויערן, טורעמס, שפּרינגער און דיא קעניגס האָבען געמוזט פערשווינדען, ווען דער קעניג איז נאָר געוועזען מאַט. הערר נוּאַרטיע, וועלכער איז נעכטען געוועזען אַזוי מעכטיג, איז געוועזען אויף מאָרגען דער „אָרימער הערר נוּאַרטיע“, איין אַלטער מאַן, וועלכער האָט זיך ניט געקענט ריהרען און איז אָפּגעהאַנגען פון דיא גוטסקייט פון דעם שוואַכסטען פון הויז, דאָס הייסט פון זיין אייניקעל וואַלענטינע. מיט איין וואָרט, אַ שטומער מת, וועלכער לעבט ניט אָהן שמערצען און ערוואַרטעט דעם לעצטען קלאַפּ, וועלכער וועט איהם ערלייזען פון זיינע ליידען.

— ליידער, מיין הערר, איז דיזער ספּעקטאַקל ניט פרעמד פאַר מיר; איך האָב אָבער פאַר איהם קיין מורא ניט, דען איך בין אַ שטיקעל דאָקטאָר און איך ווייס מיך צו היטען. איך וויל גיין זעהען אייער פאָטער, ווייל איהר ווילט מיך בעצווינגען מיט דעם ספּעקטאַקל, וועלכער מאַכט אַ טרויער אין אייער הויז.

— צו דיזען טרויער, האָב איך וויינינגסטענס אַ שטיקעל טרייסט. לעבען דעם אַלטען מאַן, וועלכער שטייגט אַראָפּ אין דער אייביגער גרוב זיינען דאַ צוויי קינדער, וועלכע שטייגען אַריין אין לעבען. דאָס איז וואַלענטינע מיין טאָכטער פון מיין ערשטער הייראַט מיט פריילין סען־מעראַן און אַ זון עדואַר, וועלכען איהר האָט געראַטעט דעם לעבען.

— און וואָס שליסט איהר פון דיזען טרייסט? האָט מאָנטע קריסטאָ געפרעגט.

— איך האב געשלאָסען, האט ווילפאָר געענטפערט, דאס מיין פאָטער האט בעגאַנגען א שלעכטע טהאט און דערפאר איז געפאלען דער שטראָף אויף איהם אליין.

מאַנטע קריסטאָ האט מיט א שמייכעל אויף דיא ליפּען געגעבען א ברום אין הארצען, פאר וועלכען ווילפאָר וואלט ענטלאָפען ווען ער וואלט איהם געהערט.

— אדיע, מיין העררּ, האט דער פּראָקוראָר געזאָגט, וועלכער האט שוין געהאלטען פון א צייט דעם העט אין דיא הענד אויף אוועקצוגיין; איך פערלאָז אייך מיט דער גרעססטער אכטונג, וועלכע קען אייך זיין אנגענעהם ווען איהר וועט מיך בעסער קענען. איבריגענס האט איהר זיך געמאכט איין אייביגען פריינד אין מאדאם ווילפאָר.

דער גראף האט בעגלייט דעם פּראָקוראָר נאר ביז דער טהיר פון זיין קאַבינעט, און ווען יענער האט זיך שוין אויפגעזעצט אויף זיין וואָגען, האט מאַנטע קריסטאָ געזאָגט ארויסלאָזענדיג א שווערען זיפץ פון דער ברוסט.

— גענוג פון אזעלכען גיפט! און יעצט, און יעצט אז מיין הארץ איז פול, ווע־לען מיר גיין זוכען פערזיסונג. און ער האט געגעבען איין קלאפּ אין גלאָק.

— איך גיי ארויף צו דער מאדאם, האט ער געזאָגט צו אלי. אין א האלב שעה זאל שטיין מיין וואָגען גרייט.

10טער קאפּיטעל.

# האידעי.

עס איז געווען מיטאָג צייט. דער גראף האט געווארט א שעה ביז ער איז ארויפ־געגאַנגען צו האידעי. דיא פרייד האט ניט געקענט ארייִנטרעטען פּלוצלונג אין דיזער צובראָכענער הארץ; ער האט זיא ערשט געמוזט פאָרבערייטען צו א זיסען געפיהל.

דיא יונגע גריכין איז געווען אין א גאנץ אָפּגעטייהלטען אַפּארטאמענט. דיזער אפּארטאמענט איז געווען געפּוצט אין גאנצען אויף טערקישער ארט. האידעי האט געהאט דריי פראנצויזישע פרויען און איין גריכישע. דיא דריי פראנצויזישע פרויען זיינען געווען אין ערשטען צימער און זיינען ארייִנגעקומען אויפ'ן ערשטען קלונג און האבען געפאלגט דיא גריכישע שקלאווין, וועלכע האט פערשטאנען אזוי פיעל פראנצויזיש אום זיי צו געבען צו פערשטיין, וואס איהר הערין פערלאַנגט פון זיי.

דיא יונגע מיידעל איז געווען אין איהר גאנץ הינטערשטען צימער אין א האלב קיילעכדיגען בודואר בעלייכטעט פון אויבען דורך ראָזע שויבען. זיא איז געלעגען אויף דער ערד אויף א דיוואן מיט זיידענע קישענס באַרדירט אין זילבער. זיא איז געלעגען האלב אָנגעשפּארט און האט געדרייבערט א נארגולעט. איהרע נאַטירליכע אריענטאלישע פּאָזע וואלט געווען פאר א פראנצויזישע פרוי איין אויפגעבלאָזענע קאָקעטעריי. איהרע קליידונג איז געווען ריין טערקיש.

וואס איהר שיינהייט אנבעלאַנגט, איז זיא געווען א וואהרער גריכישער טיפּ מיט איהרע זאַנפטע שווארצע אויגען, מיט איהר גראַדען נאָז, ליפּען וויא קאָראל און ציינער וויא דיא פּעריל. אויף דאָס אלעס איז געלעגען א בליהענדע יוגענד מיט איהר פרעכטיגען פּארפוּם. האידעי האט געקענט אלט זיין א יאָהר ניינצעהן צוואנציג.

מאַנטע קריסטאַ האָט גערופען די גריכישע קאַמערמיידעל און האָט איהר געהייסען פרעגען האידעין, אויב ער מעג אריינגעהן צו איהר.

אויף אַלע ענטפער האָט האידעי געהייסען די קאַמערמיידעל אויפהויבען דעם פאָרהאַנג פון דער טיהר און די יונגע מיידעל האָט זיך געזעהן ווי אַ פראַכטפאָלער בילד. מאַנטע קריסטאַ איז אריינגעגאַנגען.

האידעי האָט זיך אַביסעל אויפגעהויבען און האָט דערלאַנגט דעם גראַף די האַנד און האָט איהם עמפּפאַנגען מיט אַ שמייכעל.

— פאַרוואָס — האָט זי געזאָגט — פרעגסטו ביי מיר ערלויבנים אריינ־צוגעהן? ביזטו ניט מיין הערר און איך דיין שקלאַוו?

מאַנטע קריסטאַ האָט אויך געשמייכעלט.

— האידעי — האָט ער געזאָגט — איהר ווייסט...

— פאַרוואָס זאָגסטו מיר ניט „דו" ווי געוועהנליך? האָט איהם די יונגע גריכין אונטערבראָכען, האָב איך דען בעגאַנגען וועלכען פעהלער? אויב אזוי דאַרף מען מיר שטראָפען, און ניט מיר זאָגען „איהר".

— האידעי — האָט דער גראַף געזאָגט — דו ווייסט, אז מיר זיינען אין פראַנקרייך, און דאַרום ביזטו פריי.

— צו וואָס פריי? האָט די יונגע מיידעל געפרעגט.

— פריי מיך צו פערלאָזען — האָט דער גראַף געענטפערט.

— דיך פערלאָזען!... און פאַרוואָס זאָל איך דיך פערלאָזען?

— וואָס ווייס איך? מיר וועלען געהן זעהן מענשען.

— איך וויל קיינעם ניט זעהן.

— און ווען צווישען די יונגע לייט וואָס דו וועסט בעגעגענען, וועט דיר איינער פון זיי געפעלען, וועל איך ניט זיין אזוי שלעכט...

— איך האָב קיין מאָל ניט געזעהן קיין שעהנערען פאַר דיר און האָב קיין מאָל קיינעם ניט געליעבט אויסער מיין פאָטער און דיך.

— אָרימעס קינד, האָט מאַנטע קריסטאַ געזאָגט, עס איז ווייל דו האָסט נאָך מיט קיינעם ניט גערעדט, אויסער ווי מיט מיר און דיין פאָטער.

— וועל! וואָס האָב איך צו ריידען מיט אַנדערע? מיין פאָטער האָט מיך גערופען „זיין פרייד", און דו רופסט מיך „דיין ליעבע" און איהרביידע האָט מיך גערופען „אייער קינד".

— געדענקסטו דיין פאָטער, האידעי? די יונגע מיידעל האָט געשמייכעלט. ער איז דאָ און דאָ, האָט זי געזאָגט לייגענדיג די האַנד אויף די אויגען און אויפ'ן האַרץ.

— און וואו בין איך? האָט מאַנטע קריסטאַ לאַכענדיג געזאָגט.

— דו — האָט זי געזאָגט — דו ביזט איבעראַל.

מאַנטע קריסטאַ האָט גענומען האידעי'ס האַנד צום קושען, אָבער די קינדישע מיידעל האָט זי צוריקגעצויגען און האָט איהם אונטערגעשטעלט איהר שטערן.

— יעצט, האידעי, ווייסטו, אז דו ביזט פריי, אז דו ביזט א העררין, אז דו ביזט א קעניגין; דו קענסט בעהאַלטען דיין קאָסטיום, אָדער דו קענסט איהם פערלאָזען ווען דו ווילסט; דו וועסט בלייבען דאָ ווען דו וועסט וועלען בלייבען, און וועסט געהן ווען דו וועסט וועלען געהן; עס וועט פאַר דיר אַלע מאָל שטעהן איין איינגעשפּאַנטער וואָגען. אַלי און מירטאָ וועלען אַלע מאָל שטעהן צו דיינע בעפעהלען און וועלען דיך איבעראַל בעגלייטען; נאָר איין זאַך בעט איך דיך.

— זאָג — האָט די יונגע מיידעל געזאָגט.

— בעהאַלט די געהיימניס פון דיין געבורט און רעד קיין וואָרט פון דיין פערגאַנגענהייט. זאָלסט ניט דערמאָהנען דעם נאָמען פון דיין הויכגעבאָרענעם פאָטער און ניט פון דיין מוטער.

— איך האָב דיר שוין געזאָגט, מיין הערר, אַז איך וועל קיינעם ניט זעהן.

— הער, האידעי, עס קען זיין אַז דיזע גאַנצע אָריענטאַלישע צוריקהאַל־טונג וועט זיין אונמעגליך אין פאַריז. לערן דאָ דעם לעבען ווי דו האָסט איהם געלערנט אין רוים, פלאָרענס, מילאַן און מאַדריד. דאָס וועט דיר אַלע מאָל זיין נוצליך, סיי דו וועסט לעבען דאָ, אָדער וועסט זיך צוריקקעהרען אין אָריענט.

די יונגע מיידעל האָט אויפגעהויבען אויף דעם גראַף איהרע פייכטע אויגען און האָט געענטפערט:

— אָדער מיר וועלען זיך אומקעהרען צוריק אין אָריענט, ווילסט זאָגען. ניט אמת, מיין גנעדיגער הערר?

— יאָ, מיין טאָכטער, האָט מאָנטע קריסטאָ געענטפערט. דו ווייסט גאַנץ גוט, אַז איך פון מיין זייט וועל דיך קיין מאָל ניט פערלאָזען. ניט דער בוים פערלאָזט דעם בלעטעל, זאָנדערן דער בלעטעל פערלאָזט דעם בוים.

— איך וועל דיך קיינמאָל ניט פערלאָזען, גנעדיגער הערר, האָט האידעי געזאָגט, דען איך בין זיכער, אַז אָהן דיר וועל איך ניט קענען לעבען.

— אָרימעס קינד! אין צעהן יאָהר אַרום וועל איך זיין אַלט, און אין צעהן יאָהר וועסטו זיין יונג.

— מיין פאָטער האָט געהאַט אַ לאַנגע ווייסע באָרד, און דאָס האָט מיך פון דעסטוועגען ניט פערהינדערט איהם צו ליעבען. מיין פאָטער איז אַלט גע־ווען זעכציג יאָהר, און ער איז פאַר מיר געוועזען שעהנער ווי אַלע יונגע לייט, וועלכע איך האָב געזעהן.

— אָבער זאָג מיר, וועסטו זיך דאָ געוויינען?

— וועל איך דיך זעהן?

— אַלע טאָג, האָט מאָנטע קריסטאָ געענטפערט.

— וועל! היינט וואָס פרעגסטו? גנעדיגער הערר?

— איך האָב מורא אַז עס וועט דיר ווערען אומעטיג.

— ניין גנעדיגער הערר, עז אין דערפריה וועל איך טראַכטען וועגען דיין קומען און אבענדס וועל איך געדענקען, אַז דו ביזט געוועזען. איבריגענס, ווען איך בין אַליין זעה איך פאַר מיר גרויסע בילדער, גרויסע הימלען מיט די געטער

פון דער ווייטענס. דאַן האָב איך אין הארצען דריי געפיהלען, מיט וועלכע מען קען קיינמאָל ניט אומעטיג ווערען : טרויעריגקייט, ליעבע און דאַנקבאַרקייט.

— דו ביסט אַ ווירדיגע טאָכטער פון דיין לאַנד, האַידעי. דו ביסט עדעל און פּאָעטיש. זיי אַלזאָ רוהיג, מיין טאָכטער. איך וועל זעהן, אַז דיין יוגענד זאָל ניט פערלאָרען ווערען, דען ווען דו ליעבסט מיך ווי אַ פאָטער, ליעב איך דיך ווי אַ קינד.

— דו האָסט אַ טעות, גנעדיגער הערר ; איך האָב ניט געליעבט מיין פאָטער ווי איך ליעב דיך. מיין ליעבע צו דיר איז אַנאַנדער ליעבע : מיין פאָטער איז טויט און איך בין ניט טויט ; ווערהענד ווען דו וואָלסט שטאַרבען, וואָלט איך אויך געשטאָרבען.

דער גראַף האָט איהר געריכט זיין האַנד מיט אַ טיעף הערצליכען שמייכעל ; זי האָט אַ קוש געטהאָן ווי געוועהנליך.

צופרידענגעשטעלט מיט דיזער אונטערהאַלטונג איז דער גראַף אַוועקגעפאָהרען צו דער פאַמיליע מאָרעל מורמלענדיג די ווערטער פון אַ געוויסען פילאָזאָף:

„די יוגענד איז אַ בליהונג און די ליעבע איז איהר פרוכט. גליקליך איז יענער וואָס פליקט זי אָפּ נאָכדעם, ווען ער האָט זי געזעהן לאַנגזאַם זיך ענטוויקלען".

## 11טער קאַפּיטעל.

## די פאַמיליע מאָרעל.

אין אייניגע מינוטען איז דער גראַף אָנגעקומען אין דער גאַס מעליי נומ. 7. די הויז איז געוועזן ווייס און האָט אַ זעהר פרעהליכען אויסזעהן. זי האָט געהאַט אַ הויף מיט צוויי שעהנע בלומען גאָרטענס.

אין דעם הויז־וועכטער, וועלכער האָט איהם אויפגעמאַכט די הויז־טיהר, האָט מאָנטע קריסטאָ גלייך דערקענט דעם אַלטען קאָקלע. נאָר אַזוי ווי קאָקלע האָט געהאַט בלויז איין אויג און אין דער צייט פון די ניין יאָהר איז ער נאָך אָבגעשוואַכט געוואָרען אויך, האָט ער דעם גראַף ניט דערקענט. באַפּטיסטען איז אַראָפּגעשפּרונגען פון די קאָזלעס און האָט געפרעגט קאָקלע אויב הערר און מאַדאַם הערבאָל און הערר מאַקסימיליאַן מאָרעל זיינען צו שפּרעכען פאַר דעם גראַף מאָנטע קריסטאָ.

— פאַר'ן גראַף מאָנטע קריסטאָ, האָט מאָרעל, וועלכער איז געשטאַנען דערביי, אויסגעשריען אַוועקוואַרפענדיג זיין ציגאַר און צושפּרינגענדיג צום וואָגען : איך מיין עפּעס אַזוי, אַז מיר זיינען פאַר איהם צו שפּרעכען. אָה ! אַ דאַנק, הונדערט מאָל אַ דאַנק, פאַר אייער ניט פערגעסען אייער פערשפּרעכען.

און דער יונגער אָפיצער האָט אַזוי פריינדליך געדריקט דעם גראַף'ס האַנד, דאָס דיזער איז געווען איבערציינט אין זיין אויפריכטיגער פרייד.

— קומט, קומט, האָט מאַקסימיליאַן געזאָגט, איך וועל אייך דיענען פאַר אַ פיהרער ; אַ מאַן ווי איהר ווערט ניט אָנגעמעלדעט דורך אַ דינער. מיין שוועסטער איז אין גאָרטען און צעהן טריט פון איהר איז מיין שוואָגער עמאַנועל. אַ גערויש פון טריט האָט געמאַכט יוליע'ן אויפהויבען דעם קאָפּ. זי האָט

ארויסגעשטויסען א געשריי ווען זי האָט דערזעהן א פרעמדען. מאַקסימיליאַן האָט אָנגעפאַנגען צו לאַכען.

— שטער זיך ניט, ליעבע שוועסטער, האָט ער געזאָגט, דאָס איז דער הערר גראַף מאָנטע קריסטאָ, וועלכער מאכט אונז די גרויסע עהרע מיט זיין בעזוך.

— אך, הערר גראַף, האָט יוליע געזאָגט, דאָס איז איין אונרעכט פון מיין ברודער, וואָס ער ברענגט אייך אַזוי. ער האָט ניט פאַר זיין שוועסטער קיין מיטלייד... פענעלאָן !... פענעלאָן !...

איין אַלטער מאַן, וועלכער האָט ארומגעגראָבען בלומען, האָט אַוועקגע־לעגט דעם רידעל און איז צוגעגאַנגען מיט דער היטעל אין האַנד. ער האָט זיך געגעבען אַלע מיהע צו בעהאַלטען אין מויל דעם טשו־טאַבעקאָ, וואָס ער האָט ערשט אריינגענומען צווישען די באַקען. זיינע דיקע האָר זיינען געווען גרוי און זיין ברוינעם געזיכט האָט געוויזען, אַז ער איז געווען א מאַטראָז. יוליע האָט איהם געשיקט רופען איהר מאַן. דאַן האָט זי געבעטען דעם גראַף, אַז ער זאָל איהר ענטשולדיגען אויף א ווײַלע און איז אַוועקגעלאָפען.

— מיין טהייערער הערר מאָרעל, האָט מאָנטע קריסטאָ געזאָגט, איך זעה מיט בעדויערן, אַז איך האָב געמאַכט מיט מיין קומען א גאַנצען געטומעל אין אייער פאַמיליע.

— איהר זעהט, האָט מאַקסימיליאַן געזאָגט לאַכענדיג, זעהט איהר ווי מיין שוואָגער האָט זיך שוין אויסגעפּוצט אין אַנאַנדער ראָק. איהר זאָלט וויסען, אַז מען האָט אייך ערוואַרטעט.

— עס שיינט, אַז איהר האָט דאָ א גליקליכע פאַמיליע, האָט מאָנטע קריסטאָ געזאָגט ווי צו זיך אַליין.

— אָ געוויס, הערר גראַף. עס פעהלט זיי קיין זאַך ניט. זיי זיינען יונג, זיי זיינען פרעהליך, ליעבען זיך, און מיט זייערע 25,000 פראַנק פראָצענט מיינען זיי, אַז זיי זיינען רייך ווי ראָטהשילד.

פון דעסטוועגען איז 25,000 פראַנק וועניג, האָט מאָנטע קריסטאָ געזאָגט מיט א זיסער און ווייכער שטימע, וועלכע איז אריין מאַקסימיליאַן'ען אין הארצען, אַזוי ווי עס וואָלט געווען די שטימע פון א צערטליכען פאָטער.

— אָבער זיי וועלען דערביי ניט בלייבען שטעהן. זיי זיינען נאָך יונג און וועלען נאָך ווערען מיליאָנערן. איז אייער שוואָגער אַן אדוואָקאַט... א דאָקטאָר?

— ער איז געווען א קויפמאַן, הערר גראַף, און האָט איבערגענומען דאָס געשעפט פון מיין פאָטער. מיין פאָטער איז געשטאָרבען און האָט געלאָזען א פערמעגען פון 500,000 פראַנק. איך האָב בעקומען די העלפט און מיין שוועס־טער די אַנדערע העלפט, דען מיר זיינען נאָר געווען צוויי קינדער. מיין שוואָגער האָט פון דעסטוועגען ניט געוואָלט ריהרען פון זיין פרוי'ס קאַפּיטאַל און האָט זעקס יאָהר שווער געאַרבייט ביז ער האָט ערוואָרבען זיינע אייגענע 250,000 פראַנק. און אַזוי האָבען זיי זיך ארויפגעשלאָגען אויף די יעצטיגע פּראָצענטען.

עמאַנועל איז דערווייל צוגעקומען און דאַן איז מען אריין אין הויז.

דער גליק און פריעדען פון דיזע הויז האט אויף מאַנטע קריסטאַ געמאכט א טיעפע ווירקונג. ער איז געוועז פערטראכט און האט זיך גאַר פערגעסען, אז ער איז אין א פרעמדע הויז. ער האט זיך מיט געוואלט ארויסגעריסען פון זיינע טרוימען.

— מאדאם, האט ער שליסליך געזאגט צו יוליע'ן, ענטשולדיגט מיינע צו־טראַגענהייט, וועלכע דארף אייך וואונדערען. פאר מיר איז עס א נייע זאך צו זעהן א צופריעדענע מינע אויף א מענשליכע געזיכט, דאס איך וועל גאַר ניט מיעד צו בעטראכטען אייך און אייער מאַן.

— עס איז אמת, מיין העדר, אז מיר זיינען גליקליך, האט יוליע געענט־פערט, אבער מיר האבען לאנג געליטען און וועניג מענשען האבען געקויפט זייער גליק אזוי שווער ווי מיר.

די נייגיעריגקייט האט זיך געשפיגעלט אויף דעם גראף'ס געזיכט.

— אַה, עס איז א גאַנצע פאמיליען־געשיכטע, האט מארעל געזאגט. פאר אייך, העדר גראף, וועלכער איז געוועהנט צו זעהן גרויסע אונגליקען, וועט דיזעס בילד האבען וועניג אינטערעס. דאך האבען מיר גענוג געליטען.

— און איהר זייט געהאלפען געווארען ? האט מאַנטע קריסטאַ געזאגט.

— יא, מיין העדר, מיר זיינען געהאלפען געווארען דורך א מלאך.

מאַנטע קריסטאַ'ס באקען זיינען רויט געווארען. ער האט א הוסט געטהאַן, אום צו פערדעקען זיין אויפרעגונג און האט צוגעטראַגען זיין טיכעל צום מויל. ער האט אנגעהויבען ארומצוגעהן אין שטוב הין און צוריק.

— אונזער קינדישער פרעהען זיך מאכט אייך שמייכלען, העדר גראף, האט מאקסימיליאן געזאגט איהם נאכפאלגענדיג מיט די אויגען.

— ניין, ניין, האט מאַנטע קריסטאַ געענטפערט זעהר בלייך ווערענדיג און צודריקענדיג מיט איין האנד דעם קלאפען פון זיין הארצען, וועהרענד מיט דער אנדערער האט ער געצייגט דעם יונגען מאַן אויף א גלעזערנע וואזע, אין וועל־כער עס איז געלעגען א זיידענער בייטעל אויף א סאמעטענער קישעלע. איך פרעג מיר נאַר צו וואס דיענט דיזער בייטעל, אין וועלכען פון איין זייט ווי מיר שיינט, ליגט א שטיקעל פאפיער און פון דער אנדערער — א דיאמאנט.

— מאקסימיליאן האט געענטפערט מיט א ערנסטען טאָן :

— דאס, העדר גראף, איז דער טהייערסטער אוצר פון אונזער פאמיליע.

— דיזער דיאמאנט איז ווירקליך זעהר א שעהנער, האט מאַנטע קריסטאַ געזאגט.

— אַה, מיין ברודער רעדט ניט וועגען דעם פרייז פון דעם שטיין, אָב־וואהל ער איז געשאצט אין הונדערט טויזענד פראנק, העדר גראף ; ער וויל אייך נאַר זאָגען, אז די זאכען, וועלכע ליגען אין בייטל שטאמען פון דעם מלאך, פון וועלכען מיר האבען יעצט צו אייך גערעדט.

— אט דאס קען איך ניט פערשטעהן, מאדאם, פון דעסטוועגען וויל איך אייך ניט פרעגען, ווייל איך וויל ניט דרינגען אין פרעמדע געהיימניסע.

— געהיימניסע, זאָגט איהר ? אין געגענטהייל, הערר גראַף, איהר מאַכט אונז גליקליך, ווען איהר גיט אונז געלעגענהייט דעריבער צו ריידען !

— אזוי ! האָט מאַנטע קריסטאַ געזאָגט מיט אַ פערשטיקטער שטימע.

— מיין הערר, האָט מאַקסימיליאַן געזאָגט אויפהויבענדיג די וואזע און קושענדיג מיט אַ הייליגקייט דעם זיידענעם בייטעל, דאָס האָט בעריהרט די האַנד פון אַ מענשען, וועלכער האָט גערעטעט מיין פאָטער פון טויט, אונז פון באַנקראָט און אונזער נאָמען פון שאַנדע ; פון אַ מענשען, צוליעב וועמעס גוטסקייט, מיר אָרימע קינדער פון אונגליק און טרעהרען, הערען יעצט אַנדערע ריידענדיג איבער אונזער גליק. דיזער בריעף, האָט מאַקסימיליאַן געזאָגט, ארויסנעהמענדיג אַ צעטעל פון בייטעל און איהם דערלאַנגענדיג מאַנטע קריס־טאַ, דיזער בריעף איז געשריבען געוואָרען ווען מיין פאָטער האָט געהאַלטען ביים נעהמען זיך דאָס לעבען און דיזער דיאַמאַנט איז געשענקט געוואָרען מיין שוועסטער אַלס נדן פון דעם גוטהערציגען אונבעקאַנטען.

מאַנטע קריסטאַ האָט געלעזען דעם בריעף מיט אַ אונבעשרייבליכען אויסדרוק פון גליק. דאָס איז געווען דער צעטעל, וועלכער איז געגעבען גע־וואָרען צו יוליע'ן און איז געווען אונטערגעצייכענט „סימבאַד דער מאַטראָז".

— אונבעקאַנט, זאָגט איהר ? אַלזאָ אַ מאַן, וועלכער האָט אייך ער־וויזען אַזאַ דיענסט, איז פאַר אייך געבליבען אונבעקאַנט ?

— יאַ, מיין הערר, מיר האָבען ניעמאַלס געהאַט דאָס גליק צו דריקען זיין האַנד. ער האָט אין זיינע טהאַטען אַזוי פיעל געהיימניסע, דאָס מיר האָבען עס ניט געקענט פערשטעהן. אַלעס איז געפיהרט געוואָרען דורך איין אונזיכטבאַרע האַנד, אַ מעכטיגע האַנד, ווי פון אַ צויבערער.

— אָה ! האָט יוליע געזאָגט, איך האָב נאָך ניט פערלאָרען די גאַנצע האָפנונג צו קושען אַמאָל די האַנד פון דעם מאַן, וועלכער האָט געהאַלטען די־זען בייטעל. מיט פיער יאָהר צוריק איז פענעלאָן געווען אין טריעסט. פענעלאָן איז, הערר גראַף, דער בראַווער מאַטראָז, וועלכען איהר האָט געזעהן מיט אַ רידעל אין האַנד און איז געוואָרען פון אַ מאַטראָז אַ גערטנער. ווען ער איז אַלזאָ געווען אין טריעסט, האָט ער געזעהן לעבען פאַרט איין ענגלענדער אָפּ־[illegible]ענדיג אייף אַ שפּאַציר־שיף, און ער האָט אין איהם דערקענט דעם מאַן, וועלכער איז געווען ביי מיין פאָטער דעם 5טען דעצעמבער 1829 און האָט מיר געשריבען דיזען בריעפעל. עס איז געווען געוויס דערזעלבער, ווי ער האָט מיר פערזיכערט, אָבער ער האָט זיך ניט געטרויט איהם אַנצופרעגען.

— איין ענגלענדער, האָט מאַנטע קריסטאַ געזאָגט טרוימענדיג און זעהר אונרוהיג וועגען יעדען בליק וואָס יוליע האָט אויף איהם געוואָרפען ; איין ענגלענדער זאָגט איהר ?

— יאַ, האָט מאַקסימיליאַן געזאָגט, איין ענגלענדער, וועלכער איז גע־קומען צו אונז אַלס פערטרעטער פון די הויז טהאָמסאָן און פרענש אין רוים. דערפאַר האָט עס מיך אַזאַ טרייסעל געגעבען ווען איהר האָט דערמאָהנט דיזע

פירמא, ווען מיר זיינען געוועזן ביי אלבערט מארסערף. אין הימעל'ס ווילען, הערר! דאס האט פאסירט אין 1829; האט איהר געקענט דיזען ענגלענדער?

— אבער איהר האט מיר ניט געזאגט, אז די פירמא טהאמסאן און פרענש האט שטענדיג געלייקענט, אז זיי האבען אייך געציינט דיזען דיענסט?

— יא, האט מאקסימילאן געענטפערט.

קען עס אפשר ניט זיין א מאן, וועמען אייער פאטער האט אמאל געטהאן א טובה און אויס דאנקבארקייט האט ער עס איהם אבגעדיענט אונטער די אויסרייד פון א פירמא טהאמסאן און פרענש?

— מען קען דענקען ווי מען וויל, אבער א וואונדער איז עס, מיין הערר.

— ווי האט ער געהייסען האט מאנטע קריסטא געפרעגט.

— ער האט ניט געלאזען קיין אנדער נאמען, האט יוליע געענטפערט טיעף בעטראכטענדיג אויפמערקזאם מאנטע קריסטא, ווי דעם נאמען, וועלכען ער האט אונטערגעצייכענט אונטער'ן בריעפעל: „סימבאד דער מאטראז".

— דאס איז א נאמען פון „טויזענד און איין נאכט", וועלכע פיעלע נעמען אן. איך האב זיך אויך אמאל גערופען מיט דיזען נאמען.

— אה! האט יוליע אויסגערופען צונויפלעגענדיג די הענד, אין וואס האט ער דען געגלויבט?

— ער האט אין גארניט געגלויבט, וועניגסטענס אין דער צייט ווען איך האב איהם געקענט, האט מאנטע קריסטא געזאגט מיט א שטימע, וועלכע איז ארוים פון זיין טיעפסטען הארצען; אבער פון דיזער צייט אן האט ער דעם בעוויזן, אז די דאנקבארקייט עקזיסטירט דאך.

— און איהר קענט דעם מאן? האט עמאנועל געפרעגט.

— אה, ווען איהר קענט איהם, מיין הערר, האט יוליע אויסגערופען, זאגט, זאגט, קענט איהר אונז פיהרען צו איהם, אונז איהם ווייזען, אונז זאגען ווער ער איז? הערר, מאקסימיליאן, הערר, עמאנועל, ווען מיר וועלען איהם אמאל געפינען, וועלען מיר איהם וועניגסטענס איבערצייגען, אז ער זאל גלויבען אן די דאנקבארקייט פון הארצען.

מאנטע קריסטא האט געפיהלט צוויי טרעהרען קייקלענדיג זיך אין זיינע אויגען. ער האט ווידער געמאכט עטליכע טריט איבער'ן צימער.

— ליידער! האט מאנטע קריסטא געזאגט, אונטערדריקענדיג די אויפרעגונג פון זיין שטימע, אויב דאס איז לארד ווילמאר, וועלכער איז אייער וואהלטהעטער, האב איך זעהר מורא, אז איהר וועט איהם קיין מאל ניט זעהן. פאר דריי יאהרען האב איך איהם געזעהן און ער איז אוועקגעפאהרען אין זעהר ווייטע לענדער, און איך צווייפעל זעהר, אויב ער וועט אמאל צוריקקומען.

— אה! מיין הערר, איהר זייט גרויזאם! האט יוליע אויסגערופען מיט שרעק, און טרעהרען זיינען געקומען אין דער יונגער פרוי'ס אויגען.

— מאדאם, האט מאנטע קריסטא געזאגט מיט א טיעפער שטימע שלינגענדיג מיט זיינע אויגען די טרעהרען, וועלכע האבען געראנען איבער יוליע'ס

אויגען, ווען לאָרד ווילמאַר וואָלט געזעהן, אזוי ווי איך זעה איצטער, וועט ער נאָך ליעב האָבען דאָס לעבען, דען די טרעהרען, וואָס איהר פערגיסט, וואָלטען איהם ווידער בעפרײַנדען מיט דער מענשהייט.

און ער האָט געררייכט די האַנד יוליע'ן וועלכע האָט איהם געגעבען איהרע, זייענדיג צוגעצויגען צו איהם דורך זיין בליק און זיין שטימע.

אָבער דיזער לאָרד ווילמאַר, האָט זי געזאָגט אָנכאַפּענדיג זיך אָן די לעצטע האָפנונג, האָט א לאַנד, א פאַמיליע, פריינד ; ער איז דאָך שליסליך געווען בעקאַנט ? וואָלטען מיר ניט געקענט...

— אָה ! זוכט ניט, מאַדאַם, האָט דער גראַף געזאָגט, מאַכט ניט קיין גע־ביידע אויף די ווערטער, וועלכע איך האָב ארויסגערעדט. ניין, לאָרד ווילמאַר איז וואַרשיינליך ניט דער מאַן, וועלכען איהר זוכט ער איז געוועזען מיין פריינד, איך האָב געקענט אַלע זיינע געהיימניסע, און ער וואָלט דאָס אויך דערצעהלט.

—און ער האָט אייך דערפון גאָרניט דערצעהלט? האָט יוליע אויסגערופען.

— ניין, האָט מאָנטע קריסטאָ געענטפערט.

— קיינמאָל א וואָרט ניט, וועלכער האָט אייך געקענט מאַכען דענקען ?

— קיין מאָל, האָט מאָנטע קריסטאָ ווייטער געענטפערט.

— פון דעסטוועגען דאָט איהר יעצט גלייך דערמאָהנט זיין נאָמען.

— אין אזעלכע פעלע מיינט מען פערשיעדענע זאַכען.

— ליעבע שוועסטער, האָט מאַקסימיליאַן געזאָגט, דער הערר האָט רעכט. דערמאָן זיך וואָס אונזער פאָטער פלעגט אונז אָפט זאָגען : דאָס איז קיין ענג־לענדער וועלכער האָט אונז געמאַכט גליקליך. מאָנטע קריסטאָ האָט געגעבען א שוידער.

— וואָס האָט אייך אייער פאָטער געזאָגט ? האָט ער שנעל געפרעגט.

— מיין פאָטער האָט אין דעם געזעהן א נס, מיין הערר, מיין פאָטער האָט געזעהן אין אונזער וואָהלטהעטער א מענשען, וועלכער איז ארויס פון קבר. אָה ! וועלכע איינבילדונג, מיין הערר. דאָך האָב איך קיין מאָל ניט געוואָלט מיין פאָ־טער שטערען זיין זיסען גלויבען אין זיין ערדלעע הארץ. און אזוי האָט ער וויפיעל מאָל געטרוימט דערמאָהנענדיג שטילערהייד א נאָמען פון א טהייערען פריינד, א נאָמען פון א פערלאָרענעם פריינד ; און ווען ער איז געווען ביים שטאַרבען, ווען ער איז שוין געווען נאָהענט פון דער טהיר פון קבר, דאַן איז זיין איינביל־דונג געוואָרען איין איבערצייגונג, און זיינע לעצטע ווערטער, וועלכע ער האָט אויסגערעדט פאַר'ן טויט זיינען געווען : „מאַקסימיליאַן, דאָס איז געווען עדמאָן דאַנטעס !"

דעם גראַף'ס בלייכקייט, וועלכע איז אַלע מאָל געוואָרען שטאַרקער, איז געוואָרען שרעקליך ביי דיזע ווערטער. זיין גאַנצעס בלוט איז איהם צוגעשטראָמט צום הארצען און ער האָט ניט געקענט ריידען. ער האָט ארויסגעצויגען זיין זיי־גער, אזוי ווי ער האָט פערגעסען די צייט, ער האָט גענומען זיין הוט און האָט

געדריקט עמאנועל'ן און מאקסימיליאנען די האנד און דאן זיך װענדענדיג צו יוליע'ן, האט ער געזאגט:

— מאדאם, ערלויבט מיר צו קומען אייך מאנכעס מאל זעהן. איך האב ליעב אייער הויז און איך בין אייך דאנקבאר פאר אייער פריינדליכע אויפנהמע, דען דאס איז דעם ערשטען מאל, וואס איך האב געהאט פערגעניגען זייט לאנגע יאהרען. און ער איז ארויסגעגאנגען מיט שנעלע טריט.

— דיזער גראף איז א זאנדערבארער מענש, האט עמאנועל געזאגט.

— יא, האט מאקסימיליאן געענטפערט, אבער איך גלויב, אז ער האט איין אויסגעצייכענטע הארץ; איך בין זיכער, אז ער ליעבט אונז.

— און איך, האט יוליע געזאגט, מוז זאגען, אז זיין שטימע איז מיר געװען צום הארצען, און צוויי אדער דריי מאל האט מיר געשיינט, אז איך הער זי ניט צום ערשטען מאל.

## 12טער קאפיטעל.

## וואלענטינע װילפאר.

דעם פראקוראר װילפאר'ס גרויסער האטעל איז געװען אין פאבורג סענט־אנארע. אין דער הויז איז געװען א גרויסער גארטען. זיין הינטער־זייט איז געגאנגען צו א גרויסען ליידיגען פלאץ און איז געװען איבערגעצאמט מיט שטאכעטען און מיט הויכע ברעטער. א קליינע פערבארגענע טיהרל האט געפיהרט פון ליידיגען פלאץ צום גארטען. ניט װייט פון דיזער טיהרל אין גארטען איז געװען א שטיינערנע באנק ארומגערינגעלט פון געדיכטע בוימער. פון דיזען פלאץ ביז צום הינטער־הויז איז געװען א הונדערט טריט.

אין איינעם פון די װאו'עמסטע טעג אין פריהיאהר געגען אבענד, איז אויף דער שטיינערנער באנק פון גארטען געלעגען א בוך, א שירעם, א קארב מיט האנד־ארבייט און א טאשען־טיכעל א האלב־פערזוימטע. ניט װייט פון דער באנק איז געשטאנען א יונגע פרוי לעבען דעם אייזערנעם צאם און האט געקוקט דורך א שפאלט אויף יענער זייט גארטען.

כמעט אין דעם זעלבען מאמענט האט זיך די קליינע טיהרל אויפגעמאכט אהן שום גערויש און א יונגער מאן, גרויס, שטארק, אנגעטהאן אין א בלוזע און אין א סאמעטענע היטעל איז אריינגעקומען. זיין שווארצע בארד און האר פיין פערקעמט האבען גאר ניט געשטימט מיט זיינע פראסטע קליידער. װען ער איז אריין אין גארטען האט ער זיך אומגעקוקט אויב קיינער האט איהם ניט געזעהן אריינגעהן, דאן איז ער שנעל צוגעגאנגען צו די אייזערנע שטאכעטען, װעלכע זיינען געװען אלס צווייטע װאנד און אפגעטהיילט פון די ברעטער װאנד. װען די יונגע פרוי האט איהם דערזעהן אין דיזען קאסטיום, איז זי ערשראקען אפגעשפרונגען צוריק.

דער יונגער מאן איז גלייך צוגעלאפען צו די שטאכעטען און האט אריינגעשטעקט דאס געזיכט און האט שנעל געזאגט:

— האָט קיין מורא ניט, וואַלענטינע, דאָס בין איך. די יונגע מיידעל איז צוגעגאַנגען.

— וואָס זייט איהר אַזוי שפּעט געקומען היינט, מיין הערר? ווייסט איהר, אַז מען וועט באַלד געהן עסען מיטאָג, און עס האָט מיך געקאָסט פיעל מיהע ביז איך האָב זיך בעפרייט פון מיין שטיפמוטער, וועלכע קוקט מיר נאָך, און פון מיין קאַמערמיידעל, וועלכע שפּיאָנירט מיך און מיין ברודער, וועלכער מוטשעט מיך? וועל! איהר וועט מיר ערקלעהרען די אורזאַך פון אייער פערשפּעטיגען און פאַר וואָס איהר האָט היינט אָנגעטהאָן דיזען קאָסטיום.

— טהייערע וואַלענטינע, האָט דער יונגער מאַן געזאָגט, יעדעס מאָל, ווען איך זעה אייך, מוז איך אייך זאָגען, אַז איך פערגעטער אייך, אום דער אָפּ־קלאַנג פון מיינע אייגענע ווערטער זאָלען מיר פערזיסען די האַרץ ווען איך זעה אייך ניט. איהר פרעגט מיך פאַרוואָס איך בין היינט צו שפּעט געקומען און פאַר וואָס איך האָב מיך אַזוי פערקליידעט. איך וועל אייך דאָס דערצעהלען און איך האָף, אַז איהר וועט מיך ענטשולדיגען: איך האָב אויסגעזוכט אַ האַנדוועריק.

— האַנדוועריק!... וואָס רעדט איהר, מאַקסימיליאַן? זיינען מיר שוין אַזוי גליקליך אַז איהר רעדט פון אונזערע אַנגעלעגענהייטען שפּאַסענדיג?

— שפּאַסענדיג! איך האָב קיין מאָל ניט געטראַכט צו שפּאַסען מיט דעם וואָס עס איז מיין לעבען; אָבער איך בין שוין מיעד צו לויפען איבער די פעל־דער און צו קריכען איבער די פּאַרקאַנעס, און האָב טאַקי באמת מורא פאַר דעם וואָס איהר האָט מיר געזאָגט, אַז אייער פאָטער זאָל מיר אַמאָל משפּט'ן אַלס גנב. איך בין געוואָרען אַ גערטנער פון גרינצייג און מיין יעצטיגער קאָס־טיום צייגט אַז איך בין אַ גערטנער.

— איך פערשטעה אייך ניט, מאַקסימיליאַן, ערקלעהרט מיר דייטליכער.

— וועל! איך בין געוועזן ביי דעם אייגענטהימער פון דיזען לייזיגען גאָרטען און איך האָב ביי איהם אָבגעדונגען דעם פּלאַטץ. די גאַנצע גרינצייג וואָס איהר זעהט דאָרטען, וואַלענטינע, געהערט מיר. קיין זאַך הינדערט מיר ניט צו מאַכען דאָרטען פאַר מיר אַביידעל, אום איך זאָל וואוינען אַ צוואַנציג טריט פון אייך. ווער קען יעצט בעשרייבען מיין פרייד און מיין גליק! און ווייסט איהר וואָס דיזער גליק האָט מיר געקאָסט, פאַר וועלכען איך וואָלט אוועקגע־געבען צעהן יאָהר פון מיין לעבען?... פינף הונדערט פראַנק אַ יאָהר, צו צאָה־לען אַלע דריי מאָנאַט. אַלזאָ, ווי איהר זעהט, איז פון יעצט אָן גאָר ניטאָ וואָס מורא צו האָבען. איך בין אויף מיין פּלאַץ; איך קען אָנשפּאַרען אַ לייטער גע־גען מיין וואַנד; איך קען אַריבערקוקען אין די אַנדערע זייט, און איך קען צו אייך זאָגען, אַז איך ליעב אייך, אָהנע צו זיין געשטערט פון זשאַנדאַרען.

— אַך, מאַקסימיליאַן, האָט וואַלענטינע געזאָגט מיט אַ טרויעריגע שטי־מע. איצטער וועלען מיר זיין צו פריי. מיר קענען פערליערען אונזער פאַרזיכט, און אונזער זיכערהייט קען אונז שאַדען.

— צו וואָס זאָלט איהר דאָס זאָגען, טהייערע וואַלענטינע, זיינען מיר דען קינדער ? ווען איהר האָט מיר געזאָגט, אז איהר ערוואַרטעט אַ געפאַהר, בין איך געשטאַנען צו דער זייט. איך האָב אוועקגעגעבען מיין גאַנצען לעבען צו אייער דיענסט און איך האָב פון אייך ניט פערלאַנגט קיין בעלאָהנונג פאַר מיין ערגעבענהייט. איהר האָט מיר געזאָגט, טהייערעס קינד, אז איהר זייט פערלאָבט מיט פראַנץ ד'עפּינעי, דאָס הייסט, אז אייער פאָטער האָט בעשטימט דיזע פערלאָבונג. וועל ! איך האָב זיך געשטעלט אָן אַ זייט און האָב גערול־דיג געוואַרט, ביז איהר וועט מיר זאָגען, אז איהר ליעבט מיך.

— און דאָס האָט מיך געמאַכט מוטהיג, מאַקסימיליאַן, און מיר מאַכט עס אין דערזעלבער צייט זיס דעם לעבען און אונגליקליך. איך פרעג מיך אָפט וואָס איז פאַר מיר בעסער, די צרות וואָס מיין שטיפמוטער האָט מיר געמאַכט צוליעב איהר זוהן, אָדער דער גליק פול מיט געפאַהר, ווען איך זעה אייך.

— געפאַהר ! האָט מאַקסימיליאַן אויסגערופען. קענט איהר זאָגען אַזאַ אונגערעכטען און הארטען וואָרט ! האָט איהר אמאָל געזעהן איין ערגעבענערען שקלאַוו ווי איך ? איהר האָט מיר ערלויבט אמאָל צו ריידען צו אייך אַ פּאָר ווערטער, וואַלענטינע, אָבער איהר האָט מיר פערבאָטען אייך נאָכצוגעהן ; איך האָב אייך געפאָלגט. זייט איך האָב געפונען דעם מיטעל אַרויפצוגעהן אויף דיזען לעדיגען פּלאַץ און מיט אייך צו רעדען דורך די גראַטעס, זאָגט מיר, האָב איך אייך געבעטען ערלויבנים אָנצוריהרען כאָטש מיט די שפּיץ פינגער אייער קלייד ? האָב איך אמאָל געפּרופט אריבערקלעטערען דיזען צוים ? זאָגט אז דאָס איז ניט ריכטיג.

— עס איז וואהר, האָט וואַלענטינע געזאָגט אַרויסשטעקענדיג איהרע פינגער דורך די אייזערנע גראַטעס, וועלכע דער יונגער מאַן האָט אַ קוש גע־טהאָן, עס איז וואהר, איהר זייט איין עהרליכער פריינד, אָבער דאָך האָט איהר עס געטהאָן אין אייער אינטערעס, מיין ליעבער מאַקסימיליאַן. איהר ווייסט זעהר גוט, אז אזוי באַלד ווי אַ שקלאַוו וויל ווערען דרייסט פערליערט ער אין גאַנצען. איהר האָט מיר פערשפּראָכען די פריינדשאַפט פון אַ ברודער. איהר האָט עס געטהאָן מיר, וואָס האָט ניט קיין פריינד, וואָס דער פאָטער האָט איהר פערגעסען, וואָס די שטיפמוטער טהוט איהר אָן צרות, און וועלכע האָט נור צום טרייסט איין אַלטען מאַן, איין אונבעוועגליכען, אַ שטומען, אַ קאַלטען, וועמעס האַנד קען ניט דריקען מיינע, וועמעס אויג נאָר אַליין קען צו מיר ריי־דען און וועמעס הארץ קלאַפּט, אָהן צווייפעל, פאַר מיר מיט די לעצטע וואַרימ־קייט. איך בין איין אָפּפער פון אַלעס וואָס איז שטאַרקער פאַר מיר און איך האָב אַ לייבע פאַר אַ פריינד ! אָה, מאַקסימיליאַן, איך בין זעהר אונגליקליך און איהר האָט רעכט וואָס איהר ליעבט מיך פאַר מיר און ניט פאַר אייך .

— וואַלענטינע, האָט דער יונגער מאַן געזאָגט מיט אַ טיעפער ערעגונג, איך וועל ניט זאָגען, אז איך האָב נאָר אייך ליעב אויף דער וועלט, דען איך האָב ליעב מיין שוועסטער און מיין שוואָגער, אָבער מיט אַ שטילער און רוהי־

גער ליעבע, וועלכע איז גאַרניט קיין גלייכען צו דעם געפיהל וואָס איך האָב צו אייך. ווען איך דענק אָן אייך קאָכט מיין בלוט, מיין ברוסט הויבט זיך און מיין הארץ שפּרינגט. אָבער דיזע קראַפט, דיזע היץ, דיזע איבערמענשליכע מאַכט וועל איך אָנווענדען אויף אייך צו ליעבען, ווען איהר וועט מיר זאָגען, אַז איך זאָל אייך דערמיט דיענען. פראַנץ ד'עפּיניי וועט ערשט קומען אין אַ יאָהר ארום, זאָגט מען. וועלכע גינסטיגע געלעגענהייטען קענען אונז דיענען אין אַ יאָהר; וויפיעל צופעלע קענען אונז העלפען! לאָמיר אַלזאָ האָפען; ווי גוט און ווי זיס איז צו האָפען!! אָבער דערווייל, וואַלענטינע, וואָס זייט איהר פאַר מיר געווען? אַ שעהנע און קאַלטע מצבה. וואָס האָט איהר מיר פערשפּראָכען פאַר מיין ערגעבענהייט? גאַרניט. איהר רעדט צו מיר וועגען אייער חתן, הערן ד'עפּיניי, און איהר זוכט צו ווערען איין טאָג זיינע. וועל! וואַלענטינע, איז עס אַלעס וואָס איהר האָט אויפ'ן הארצען? ווי? איך גיב אייך מיין לעבען, איך אָפּפער פאַר אייך דעם לעצטען קלאַפּ פון מיין הארצען, און ווען איך זאָג מיר גאַנץ שטיל, אַז איך וועל שטאַרבען ווען איך וועל אייך פערלירען, שרעקט איהר זיך ניט אָפּ פון דעם איין געדאַנקען צו געהערען אַנאַנדערען. אָה! וואַלענטינע, וואַלענטינע, ווען איך וואָלט געווען אויף אייער פּלאַץ, ווען איך וואָלט מיך געפיהלט צו זיין געליעבט אַזוי ווי איהר זייט זיכער, אַז איך ליעב אייך, וואָלט איך שוין הונדערט מאָל דורכגעשטעקט די האַנד דורך דיזע גראַטעס און איך וואָלט געדריקט די האַנד פון דעם אָרימען מאַקסימיליאַן, זאָגענדיג צו איהם: „צו אייך, צו אייך אַליין, מאַקסימיליאַן, געהער איך מיט לייב און זעעלע".

וואַלענטינע האָט ניט געענטפערט, אָבער דער יונגער מאַן האָט זי גע־הערט זיפצענדיג און וויינען. מאַקסימיליאַן האָט זיך געגעבען אַ כאַפּ צוריק.

— אָה! האָט ער אויסגערופען, וואַלענטינע! וואַלענטינע! פערגעסט מיינע ווערטער, אויב זיי האָבען אייך מיט עפּעס בעליידיגט.

— ניין האָט זי געזאָגט, איהר האָט רעכט; אָבער זעהט איהר דען ניט, אַז איך בין איין אָרימע בעשעפענים, וועלכע געפינט זיך פערלאָזען כמעט אין אַ פרעמדע הויז, ווייל מיין פאָטער איז כמעט פרעמד צו מיר? מענשען זאָגען, אַז מיין פאָטער קען ניט זיין ווייך צו מיר צוליעב זיין ערנסטען און הארטען כאַראַקטער, דערפאַר אָבער האָב איך אין מיין שטיפמוטער אַ צווייטע מוטער. די וועלט האָט אַ טעות; מיין פאָטער פערלאָזט מיך מיט גלייכגילטיגקייט און מיין שטיפמוטער האַסט מיך פון גאַנצען הארצען אונטער אַ מאַסקע.

— אייך האַסען! אייך, וואַלענטינע! און ווי קען מען אייך האַסען?

— אַך, מיין פריינד, איך מוז געשטעהן, אַז דיזער האַס צו מיר קומט כמעט פון אַ נאַטירליכען געפיהל. זי פערגעטערט איהר זון, מיין ברודער עדואַר.

— נו, און וואָס ווייטער? האָט מאַקסימיליאַן געפרעגט.

— איך גלויב, אַז דיזער האַס קומט פון דיזער זייט. אַזוי ווי זי האָט ניט קיין איינענעם פערמעגען און איך בין רייך פון מיין מוטער אויס, און אַזוי ווי

מיין פערמעגען וועט נאָך פערדאָפּעלט ווערען דורך דעם פערמעגען פון מיין מור־
טערס עלטערן סענט מעראן, רעכען איך, אז זי מוז מיך בענײַדען. אָך! ווען איך
וואָלט איהר קענען אוועקגעבען די העלפט פון מיין פערמעגען און איך זאָל זיין
אין הויז ווי א טאָכטער, וואָלט איך עס גלייך געטהאָן.

— אָרימע וואַלענטינע! האָט מאַקסימיליאן געמורמעלט.

— מיין פאָטער, האָט וואַלענטינע פאָרטגעזעצט, איז ניט א מאַן, וועמען
מען זאָל ניט ווערלען פאָלגען; ער איז מעכטיג געגען מיר. ער וועט עס זיין געגען מיר, ער וועט אפילו זיין געגען קעניג זעלבסט, אזוי ווי ער איז געשיצט דורך
זיין אונבעפלעקטע פערגאַנגענהייט און כמעט דורך זיין אונגרייפבארע שטעלונג.
אָה! מאַקסימיליאן! איך שווער אייך, אז איך קעמפּף ניט, דען איך האָב מורא
דאָס מיר ביידע וועלען פערניכטעט ווערען אין דיזען קאמפּף.

— אָבער דאָך, וואַלענטינע, צו וואָס זאָל מען אזוי פערצווייפלען און זעהן
די צוקונפט אין אזא פינסטערע פארב.

— אָך, מיין פריינד, ווייל איך אורטהייל עס דורך די פערגאַנגענהייט.

— לאָמיר פון דעסטוועגען זעהן אויב איך בין ניט קיין גלייכע פּארטיע
פאר אייך נאָך דער אריסטאָקראַטישער מיינונג. איך מיין אז איך קען זיך נאָך
אויסגלייכען מיט די מענשען, צווישען וועלכע איהר לעבט. די צייט, ווען עס
איז געווען צוויי פראַנקרייכען אין פראַנקרייך, איז פאָרביי. די אריסטאָקראַטען
האָבען זיך יעצט פערמישט מיט דעם מיליטער. וועל! איך געהער אויך צו דעם
לעצטען. איך האָב א שעהנע צוקונפט אין דער אַרמעע. איך האָב אפילו א קליי־
נעם פערמעגען אָבער גאַנץ גענוג פאר מיר. דער נאָמען פון מיין פאָטער איז
בעקאַנט אַלס דער עהרליכסטער אין אונזער לאַנד.

— זאָגט מיר, האָט די יונגע מיידעל פאָרטגעזעצט, איז צווישען אייער
פאָטער און מיין פאָטער געווען א שנאה, ווען זיי זיינען געווען אין מאַרסייל?

— איך ווייס ניט. אויב יא, מוז עס זיין, ווייל אייער פאָטער איז געווען
א גרויסער אנהענגער פון די קעניגליכע פאַמיליע בורבאָן און מיין פאָטער —
פון נאַפּאָלעאָנען. אָבער צו וואָס פרעגט איהר מיך דאָס, וואַלענטינע?

— איך וועל עס אייך זאָגען, ווייל איהר מוזט אַלעס וויסען. וועל! עס איז
געווען אין דעם טאָג, ווען איהר האָט בעקומען דעם גראַד אַלס אָפיצער פון עה־
רען לעגיאָן און עס איז געדרוקט געוואָרען אין דער צייטונג. מיר זיינען דאַמאָלס
געווען פערזאַמעלט אין זאָל ביי מיין זיידען נוארטיע און דער באַנקיר דאַנגלאַר
איז אויך געווען דערביי. איך האָב פאָרגעלעזען מיין זיידען די צייטונג אין דער
הויך און ווען איך האָב פאָגעלעזען אייער נאָמען, האָט מיין פאָטער שנעל אומ־
געדרעהט דעם קאָפּ, אזוי ווי א בליץ וואָלט איהם געטראָפען.

— מאָרעל, האָט מיין פאָטער געזאָגט צוזאַמענציהענדיג די ברעמען. איז
עס פיעלייכט דער מאָרעל פון מאַרסייל, איינער פון די פערברענטע באָנאַפּאַר־
טיסטען, וועלכער האָט אונז געמאַכט אזוי פיעל צרות אין יאָהר 1815?

— יא, האָט דאנגלאר געענטפערט. איך גלויב, אז דאָס איז דער זהון פון דעם אמאָליגן שיפס־אונטערנעהמער.

— אזוי ! האָט מאקסימיליאַן געזאָגט. און וואָס האָט אייער פּאָטער געענטפערט, וואלענטינע ?

— אָה ! א שרעקליכע זאך, וועלכע איך וואָלט ניט וועלען דערצעהלען.

— זאָגט, וואָס מאכט עס אויס, האָט מאקסימיליאַן שמייכלענדיג געזאָגט.

— זייער קייזער, האָט ער געזאָגט מיט א צאָרניגערמינע, האָט געוואוסט ווי זיי צו שטעלען אויף זייער פּלאַץ דיזע פאנאטיקער. ער פלעגט זיי רופען פלייש פאר א קאנאָן, און דאָס איז דער איינציגער נאָמען, וועלכען זיי האָבען פערדינט.

— עס איז טאקי א בייזע מיינונג, אָבער מיין פּאָטער איז אין דיזע בעציהונג ניט אָבגעשטאנען פון אייערען. ער פלעגט אלע מאָל זאָגען: פאר וואָס מאכט ניט דער קייזער א רעגימענט פון ריכטער און אדוואָקאטען און שיקט זיי ניט אין ערשטען פייער ? ער האָט דאָך געטהאָן אזוי פיעל גוטע זאכען. אלזאָ, ווי איהר זעהט, טהייערע וואלענטינע, זיינען זיך די געגנער געווען גלייך. אָבער וואָס האָט דאנגלאר געזאָגט אויף אייער פּאָטער'ס בייזער חכמה ?

— אָה ! ער האָט געלאכט מיט זיין געוועהנליכען געלעכטער. דאן זיינען אלע ארויסגעגאנגען. איך האָב דאן געזעהן ווי מיין זיידע איז געווען זעהר אויפגערעגט. איך מוז אייך זאָגען, מאקסימיליאַן, אז איך אליין טרעף די בעוועגונגען פון דעם אונגליקליכען פאראליזירטען. איך האָב פערשטאנען, אז עס האָט איהם געמוזט זעהר קרענקען, וואָס מען האָט בעליידיגט זיין קייזער, דען ווי עס שיינט, איז ער געווען זעהר פערקאָכט אין נאפּאָלעאָנען.

— עס איז אזוי, האָט מאקסימיליאַן געזאָגט. דער מאַן נוארטיע איז געווען זעהר בעקאנט אלס א פערברענטער באָנאפּארטיסט.

— יא, איך האָב עס געהערט, און דיזע אלע זאכען שיינען מיר זאָנדערבאר : דער זיידע א באָנאפּארטיסט, דער פּאָטער א ראָיאליסט. אָבער וואָס ווילט איהר ?... איך האָב מיך אלזאָ געווענדעט צום זיידען. ער האָט מיר געצייגט מיט די אויגען אויף דער צייטונג.

— וואָס איז אייך, פּאַפּאַ? האָט איך איהם געפרעגט. זייט איהר צופרידען? ער האָט געמאכט א צייכען מיט'ן קאָפּ, אז יא.

— איבער די ווערטער פון מיין פּאָטער ? האָב איך איהם געפרעגט. ער האָט געמאכט א צייכען, אז ניין.

— איז עס איבער דעם, וואָס הערר מאָרעל איז געוואָרען אָפיצער פון עהרען לעגיאָן ? ער האָט געמאכט א צייכען, אז יא.

— וועט איהר עס גלויבען, מאקסימיליאַן ? ער איז געווען צופרידען, וואָס איהר זייט געוואָרען אָפיצער פון עהרען לעגיאָן, און ער קען אייך גאָרניט.

— עס איז זאָנדערבאר, האָט מאקסימיליאַן געזאָגט. אייער פּאָטער האַסט מיך, וועהרענד אייער זיידע... עס איז זאָנדערבאר !

— שטיל ! האָט וואַלענטינע פּלוצלונג אויסגערופען. בעהאַלט זיך ! ענט־לויפט ! מען קומט !

מאַקסימיליאַן האָט געכאַפּט זיין רידעל און גענומען גראָבען די ערד.

— פריילין ! פריילין ! האָט געשריען אַ שטימע פון הינטער די בוי־מער, די מאַדאַם ווילפאָר רופט אייך, עס איז דאָ אַ וויזיט אין זאַל.

— אַ וויזיט ! האָט וואַלענטינע געזאָגט אין אויפרעגונג, און ווער איז עס ?

— אַ גרויסער הערר, אַ פּרינץ, ווי מען זאָגט, דער גראַף מאָנטע קריסטאָ.

— איך געה, האָט וואַלענטינע געזאָגט אין דער הויף.

דער נאָמען מאָנטע קריסטאָ האָט געמאַכט שוידערען מאַרעל, וועלכער איז געווען הינטער די גראַטעס, און פאַר וועמען וואַלענטינעס הויכער „איך געה" איז געווען איין אַדיע נאָך יעדער צוזאַמענקונפט.

— האַלט, האָט מאַרעל געזאָגט אין געדאַנקען, ווי קומט דער גראַף מאָנטע קריסטאָ צו קענען ווילפאָר'ן.

## 13טער קאַפּיטעל.

## וועגען גיפט.

עס איז טאַקי געווען דער גראַף מאָנטע קריסטאָ, וועלכער איז אריינגעקומען צו מאַדאַם ווילפאָר. ער איז געקומען אָפּגעבען דעם וויזיט דעם פּראָקוראָר. ביים אָנמעלדען זיין נאָמען, איז געוואָרען, נאַטירליך אַ טרעוואָגע אין הויז. מאַדאַם ווילפאָר איז געווען אין זאַל, ווען מען האָט איהר אָנגעמעלדעט דעם גראַף. זי האָט גלייך געשיקט רופען איהר קליינעם זוהן עדואַר, אַז ער זאָל בעדאַנקען דעם גראַף. נאָך די ערשטע געוועהנליכע קאָמפּלימענטען, האָט זיך דער גראַף נאָכגע־פרעגט וועגען דעם פּראָקוראָר.

— מיין מאַן איז היינט צו מיטאָג ביי דעם קאַנצלער, האָט די יונגע פרוי געענטפערט ; ער איז גראַדע יעצט אוועק, און איך בין זיכער, אַז עס וועט איהם זעהר פערדריסען, וואָס ער האָט ניט געקענט האָבען דעם פערגעניגען אייך צו זעהן... מחשבות'ן, וואו איז דיין שוועסטער וואַלענטינע, האָט זי געזאָגט צו עדו־אַר'ן. זאָל מען זי בעטען אריינגעהן, איך זאָל האָבען די עהרע זי פאָרצושטעלען פאַר'ן הערר גראַף מאָנטע קריסטאָ.

— איהר האָט אַ טאָכטער, מאַדאַם ? האָט דער גראַף געפרעגט ; זי מוז אַלזאָ זיין זעהר אַ יונגע קינד ?

— דאָס איז די טאָכטער פון הערר ווילפאָר, האָט די יונגע פרוי געענט־פערט. אַ טאָכטער פון דער ערשטער פרוי, אַ גרויסע און שעהנע פּערזאָן.

— אָבער אַ אומעטיגע, האָט דער קליינער עדואַר אונטערגעכאַפּט און האָט דערביי אַרויסגעריסען ביי אַ שעהנעם פויגעל אין שטייג דריי פעדערן פון עק, און האָט ניט געקוקט וואָס דער פויגעל האָט געמאַכט געוואַלטען. מאַדאַם וויל־פאָר האָט דערויף נאָר געזאָגט : „רוהיג, עדואַר !" דאַן האָט זי צוגעזעצט :

— דיזער יונגער מזיק האָט כמעט רעכט, דען, ליידער, האָט פריילין וויל־

פאַר זעהר אַ טרויעריגען כאַראַקטער, טראָטץ דעם וואָס מיר גיבען זיך אַלע מיהע זי פרעהליך צו מאַכען.

אין דיזער מינוט איז וואַלענטינע אַריינגעגאַנגען. זי האָט טאַקי געשיינט צו זיין טרויעריג, און אַז מען וואָלט זי בעסער בעטראַכט, וואָלט מען אין איהרע אויגען נאָך געקענט זעהן צייכענס פון טרעהרען.

וואַלענטינע איז געוועזן אַ הויכע און שלאַנקע יונגע מיידעל פון 19 יאָהר. זי האָט געהאַט ליכטיג קאַשטאַנעווע האָר, טיעף־בלויע אויגען, און האָט געהאַט אַ לייכטען שטאָלצען גאַנג. אין אַלעמען איז זי געוועזן אַ בילד־שעהנע מיידעל. זי האָט געגריסט דעם גראַף און איז צוגעגאַנגען צו איהר שטיפמוטער.

— פריילין ווילפאָר, מיין שטיפטאָכטער, האָט מאַדאַם ווילפאָר געזאָגט צו מאָנטע קריסטאָ צייגענדיג מיט דער האַנד אויף וואַלענטינע׳ן.

— און העהר גראַף מאָנטע קריסטאָ, קעניג פון כינא און קייזער פון קאָנ־שאַנשין, האָט דער יונגער מזיק געזאָגט ווארפענדיג אַ בייזען בליק אויף וואַ־לענטינע׳ן.

דעם מאָל איז מאַדאַם ווילפאָר בלייך געוואָרען און איז שיעור אין אמת׳ן ניט בייז געוואָרען אויף איהר זוהן, אָבער דער גראַף האָט אין געגענטהייל געהאַט פערגעניגען פון דעם אינגעל׳ס חכמה. און דאָס האָט געמאַכט גליקליך די מוטער.

— אָבער מיר שיינט, האָט דער גראַף געזאָגט, בעטראַכטענדיג וואַלענ־טינע׳ן און זי מיט עדואַר. מיר דאַכט זיך, אַז מיר זעהען זיך ניט צום ערשטען מאָל, אָבער איך געדענק ניט וואו.

— עס קען זיין אין איטאַליען, האָט וואַלענטינע געזאָגט.

— אָה, ריכטיג, פריילין, אין איטאַליען. עס איז געוועזן אין פערוז. מיר האָבען זיך דאָרטען צוזאַמענגעטראָפען אין אַ האָטעל. עס איז געוועזן אין אַ יו״ט.

— איך געדענק גאַנץ גוט דעם טאָג אין פערוז. אָבער ליידער מוז איך זאָ־גען, אַז איך געדענק אייך ניט.

— עס איז זאָנדערבאַר, האָט וואַלענטינע געזאָגט, אָנקוקענדיג דעם גראַף מיט איהרע שעהנע אויגען, איך קען זיך אויך ניט דערמאָהנען.

— אָה, איך קען מיך גאַנץ גוט דערמאָהנען, האָט עדואַר געזאָגט.

— איך וועל אייך העלפען, מאַדאַם, האָט דער גראַף געזאָגט. דער טאָג איז געוועזן אַ הייסער. איהר האָט ערוואַרטעט די פערד. די פריילין איז אַוועק אין גאָרטען און אייער זוהן איז נאָכגעלאָפען אַ פויגעל.

— איך האָב איהם געכאַפּט, מאַמאַ, דו ווייסט, האָט עדואַר געזאָגט; איך האָב אַרויסגעריסען דריי פעדערען פון זיין עק.

— קענט איהר געדענקען, מאַדאַם, ווי איהר זייט געזעסען אונטער אַ בוים און איינער האָט מיט אייך געשפּראָכען?

— אָה, אמת, האָט די יונגע פרוי געזאָגט רויט ווערענדיג, איך געדענק עס; מיט אַ מאַן, וועלכער איז געוועזן איינגעוויקעלט אין אַ לאַנגען מאַנטעל... מיט אַ דאָקטאָר, דאַכט זיך מיר.

— גאַנץ ריכטיג, מאַדאַם ; דיזער מאַן בין איך געוועזן. איך האָב געוואָהנט פערצעהן טעג אין דיזען האָטעל. איך האָב אויסגעהיילט מיין דינער פון פיבער און דעם האָטעל בעזיצער פון געלזוכט, און דערפאַר האָט מען מיך בעטראַכט אַלס דאָקטאָר. מיר האָבען גערעדט וועגען פערשיעדענע זאַכען און וועגען גיפט.

— אָה, ריכטיג ! האָט מאַדאַם ווילפאַר שנעל געזאָגט מיט אַ געוויסע אונ־רוהע, איך געדענק.

— איך געדענק ניט אַקוראַט וואָס איהר האָט מיר געזאָגט, אָבער דאָס גע־דענק איך, אַז איהר האָט מיר געפרעגט וועגען דער געזונדהייט פון פריילייו ווילפאָר.

— פון דעסטוועגען, מיין הערר, זייט איהר דאָך געוועזן אַ ריכטיגער דאָק־טאָר, ווייל איהר האָט אויסגעהיילט קראַנקע.

— דערפאַר איז עס טאַקי, ווייל איך בין קיין דאָקטאָר ניט, זיינען די קראַנקע געזונד געוואָרען. איך קען אייך נאָר זאָגען, אַז איך האָב גרינדליך שטו־דירט די כעמיע און די נאַטור־וויסענשאַפט, אָבער נאָר אַלס ליעבהאָבער דערפון.

עס האָט געשלאָגען זעקס אַ זייגער.

— עס איז זעקס אַ זייגער, האָט מאַדאַם ווילפאַר געזאָגט אין אויפרעגונג ; וואַלענטינע, ווילסט איהר ניט געהן זעהן, אויב אייער זיידע וויל שוין עסען.

וואַלענטינע האָט זיך אויפגעהויבען, און גריסענדיג דעם גראַף, איז זי ארויסגעגאַנגען אָהנע צו רעדען אַ וואָרט.

— אָה, מאַדאַם ! איז אפשר צוליעב מיר, וואָס איהר האָט אַרויסגעשיקט די פריילייו, האָט דער גראַף געזאָגט, ווען וואַלענטינע איז שוין אַרויסגעגאַנגען.

— אָבער גאָרניט, האָט די יונגע פרוי שנעל געזאָגט ; דאָס איז די שטונדע, ווען הערר נוארטיע נעהמט זיין טרויעריגען מיטאָג. איהר ווייסט, מיין הערר, אין וועלכען טרויעריגען צושטאַנד מיין מאַן'ס פאָטער געפינט זיך ?

—יאַ מאַדאַם, הערר ווילפאָר האָט עס מיר דערצעהלט. איז ער פּאַראַליזירט?

יאַ, לײדער. דער אַלטער קען זיך גאָרניט ריהרען. נאָר דער גייסט אַליין לעבט אין דיזער מענשליכער מאַשינע, און ער האָט שוין אויך ביים פערלאָשען ווערען. אָבער, פערצייהעט מיר, מיין הערר, וואָס איך בעלעסטיג אייך מיט אונ־זערע היימישע זאַכען. איך האָב אייך אונטערבראָכען אין דער צייט ווען איהר האָט מיר געזאָגט, אַז איהר זייט געוועזן אַ געשיקטער כעמיקער.

— אָה, איך האָב עס ניט געזאָגט, מאַדאַם, האָט מאָנטע קריסטאָ געזאָגט מיט אַ שמייכעל. גאַנץ אין געגענטהייל, איך האָב שטודירט כימיע, ווייל איך האָב געלעבט אין אָריענט און האָב געוואָלט לעבען ווי דער קעניג מיטרידאַט.

— מיטרידאַט, קעניג פון פּאָנטיקוס, האָט דער ווילדער עדואַר געזאָגט אויסשניידענדיג טהייערע בילדער פון איין אַלבום ; דערזעלבער קעניג, וועלכער פלעגט עסען צו פריהשטיק אַ טאַס קאַפע מיט גיפט, אַזוי ווי סמעטענע.

מאַדאַם ווילפאַר האָט ביי איהם צוגענומען דעם צוריסענעם אַלבום און האָט איהם געהייסען אַרויסגעהן.

— דעם אלבום... האט עדואר געזאגט. איך וויל דעם אלבום...

— צו וואס האסטו ארויסגעשניטען די צייכנונגען ?

— ווייל עס געפעהלט מיר אזוי.

— געה שוין ארויס ! שנעל !

— איך וועל ניט ארויסגעהן, ביז איך וועל ניט האבען דעם אלבום. און דער אינגעל האט זיך אריינגעזעצט אין א קרעסלע און האט זיך רוהיג געשאקעלט.

— אט האסטו דעם אלבום און געה, האט מאדאם ווילפאר געזאגט צו עדואר, וועלכער האט איהם צוגענומען און איז ארויסגעגאנגען בעגלייטעט ביז דער טיהר פון זיין מוטער. דער גראף האט בעגלייטעט די פרוי מיט די אויגען.

— לאמיר זעהן אויב זי וועט ניט פערשליסען די טיהר פון אינווענינ, האט ער געמורמעלט צו זיך.

מאדאם ווילפאר האט צוויי מאל פערשלאסען די טיהר הינטער איהר זוהן ; דער גראף האט זיך געמאכט, אז ער האט גארניט בעמערקט. זי האט זיך דאן ארומגעקוקט אין צימער און האט זיך געזעצט אויף איהר פלאץ.

— ערלויבט מיר אייך צו בעמערקען, האט מאנטע קריסטא צו איהר געזאגט מיט א שמייכעל, אז איהר זייט צו שטרענג צו אייער קלוגען אינגעל.

— מען מוז עס זיין, האט מאדאם ווילפאר געענטפערט.

— ער מוז האבען א גוטען קאפ, דען דערמאהנענדיג דעם קעניג מיטרידאט, האט ער געמוזט לעזען קארנעליוס נעפאס. ווי עס ווייזט אויס געדענקט ער גוט וואס ער לערנט. ער האט פעהיגקייטען ניט פאר זיין עלטער.

— די זאך איז, הערר גראף, וואס ער לערנט נאר גוט דאס, וואס ער וויל, און איז צו פריי... אבער לאמיר דאס אוועקלייגען. גלויבט איהר ווירקליך, הערר גראף, אז דער קעניג מיטרידאט פלעגט עסען גיפט ?

— עס איז אזוי אמת, מאדאם, אז איך אליין געברויך אויך גיפט, אום ניט צו ווערען פערגיפטעט. זאנסט וואלט איך שוין לאנג פערלארען מיין לעבען.

דערויף איז צווישען זיי געווארען א געשפרעך וועגען פערשיעדענע גיפטען, וואבי מאנטע קריסטא האט בעוויזען, אז ער איז א גרויסער קענער אויף גיפטען. ער האט גאנץ גוט געוואוסט, אז מאדאם ווילפארט זוכט עפעס א גיפט און דערפאר האט ער איהר ערקלעהרט די ווירקונגען פון פערשיעדענע גיפטען. נאך דיזער ערקלעהרונג האט זיך מאדאם ווילפאר פערטראכט.

— עס איז נאך א גליק, האט זי געזאגט, וואס אזעלכע גיפטען קענען נאר געמאכט ווערען פון כעמיסטען אליין, זאנסט וואלט איין האלבע וועלט פערגיפטעט די אנדערע.

— דאך האט גיפט א גוטע אייגענשאפט אין זיך, מאדאם. ווען מען וויל פטור ווערען פון א מענשען, איז גיפט דער בעסטער מיטעל. עס איז ניט לייכט אריינצושטעכען א מענשען אין הארץ, אבער עס איז זעהר לייכט יענעם צו פערגיפטען אויף אזא ארט, אז מען זאל אפילו שפעטער ניט אויסגעפינען פון וואס דער מענש איז געשטארבען.

— אָבער וואו איז דער געוויסען, האָט מאַדאַם ווילפאָר געזאָגט מיט אַ פערשטיקטען זיפץ.

— אָה, יאַ, איהר האָט רעכט, מאַדאַם, עס איז דאָ אַ געוויסען. אָט צום ביי־שפּיעל, האָט ריכאַרד דער דריטער אַוועקגעשאַפט די צוויי קינדער פון עדוואַר דער פיערטער אויך נאָר פון ריינעם געוויסען. דאָס זיינען צוויי קינדער, האָט ער זיך געזאָגט, פון אַ קעניג, אַ טיראַן; אַז זיי וועלען לעבען, וועלען זיי טיראַניזירען דאָס ענגלישע פאָלק, און זיי הינדערן מיך צו מאַכען דאָס פאָלק גליקליך.

מאַדאַם ווילפאָר האָט געשלונגען די ווערטער פון דעם גראַף, וועלכער האָט עס געזאָגט מיט אַ טאָן, אַזוי ווי ניט איהם מיינט מען עס.

דער שלום פון זייער אונטערהאַלטונג איז געווען, אַז מאַדאַם ווילפאָר האָט איהם געבעטען, אַז ער זאָל איהר געבען פון די טראָפּען, מיט וועלכע ער האָט גערעטעט איהר זוהן. מאָנטע קריסטאָ האָט איהר עס צוגעזאָגט צו שיקען.

ווען מאָנטע קריסטאָ איז אַרויסגעגאַנגען האָט ער צו זיך געזאָגט:

— דאָס איז גוטע ערד. איך בין זיכער, אַז די קערנער, וועלכע מען לאָזט דאָרטען פאַלען, געהען ניט פערלאָרען.

אויף מאָרגען האָט ער געשיקט די פערשפּראָכענע פלעשעל.

14טער קאַפּיטעל.

אין אָפּערא הויז.

אין אָפּערא הויז האָט מען געשפּיעלט ראָבערט דער טייוועל.

אַלבערט מאָרסערף, אַזוי ווי אַלע יונגע לייט, האָט געהאַט זיין פּלאַץ לעבען אָרקעסטער. דערצו האָט ער געהאַט גענוג בעקאַנטע צו האָבען פרייע לאָזשעס. לעבען איהם איז געווען שאַטאָ רענאָ׳ס פּלאַץ. באָשאַן אַלס זשורנאַליסט האָט גע־האַט זיין פּלאַץ איבעראַל. לוסיען דעברייו, דעם מיניסטער׳ס סעקרעטער, האָט היינטיגען אָבענד געהאַט זיין מיניסטער׳ס לאָזשע, און ער האָט איינגעלאַדען דאַנגלאַר׳ס פרוי און זיין טאָכטער אין טהעאַטער. דער פאָרהאַנג האָט זיך אויפ־געהויבען, אַז דער טהעאַטער איז נאָך געווען ליידיג; געוועהנליך קומען ערשט די אַריסטאָקראַטען נאָכ׳ן ערשטען אַקט. די יונגע לייט האָבען דערווייל אָנגעפאַנגען זיך צו אונטערהאַלטען. זיי האָבען גערעדט איבער פערד־רייסעס און איבער דעם, ווער עס האָט געוואונען דעם פּרייז. דער גרעסטער וואונדער איז געווען, אַז דער פּרייז האָט געוואונען גאָר איין אונבעקאַנטער פערד, וועלכער האָט געטראָגען דער נאָמען „וואַמפּאַ”. אין דעם האָט זיך דער פאָרהאַנג אויפגעהויבען, און ווען די יונגע לייט האָבען זיך אומגעקוקט, האָבען זיי געזעהן, אַז די באַראָנעסע דאַנג־לאַר מיט איהר טאָכטער עזשעניע זיינען געווען אין דעם מיניסטער׳ס לאָזשע. אַלבערט האָט זיי געגריסט און עזשעניע האָט איהם קאַלט געענטפערט זיין גרוס. נאָך זייער ביידענס בליק האָט מען געקענט זעהן, אַז זייער ליעבע איז ניט אַזוי ברענענדיג. אַלע אויגען זיינען יעצט געווען אויף דעם רוסישען געזאַנדטען׳ס

לאָזשע. דאָרטען איז געשטאַנען אַ מאַן פון אַ יאָהר פינף און דרייסיג, אָנגעטהאָן אין שוואַרצען. מיט איהם איז געווען אַ פרוי אָנגעטהאָן אין טערקישע קליידער. די פרוי איז געווען איינע פון די גרעסטע שעהנהייטען, און איהרע קליידער זיינען געווען אַזוי רייך, דאָס אַלע האָבען איהר בעטראַכט מיט דעם גרעסטען שטוינען.

— האָ, האָט אַלבערט געזאָגט, דאָס איז גראַף מאָנטע קריסטאָ מיט דער גריכין האידעי.

דער צווייטער אַקט איז פערבייגעגאַנגען אין גרויסער אויפרעגונג פון פּובליקום. קיינער האָט ניט געשריען, אַז מען זאָל זיין רוהיג. די יונגע, שעהנע, גלענצענדע גריכין איז געווען דער גרעסטער ספּעקטאַקל, וועלכען מען האָט נאָר געקענט זעהן. ווען מאָנטע קריסטאָ האָט דערזען אַלבערט׳ן, האָט ער איהם געגריסט. אין אַ מינוט אַרום איז אַלבערט געגאַנגען צו מאָנטע קריסטאָ׳ס לאָזשע. ווען ער איז אַהין צוגעגאַנגען, איז מאָנטע קריסטאָ אַרויסגעגאַנגען פון איהר און האָט עפּעס געזאָגט אַלי׳ן, וועלכער איז געשטאַנען פאַר דער טיהר, און האָט גענומען אַלבערט׳ס אָרעם. אַלי האָט צוגעמאַכט די טיהר און האָט זיך געשטעלט נעגען איהר, אַרום איהם האָבען זיך פערזאַמעלט אַ סך מענשען.

— ווירקליך, האָט מאָנטע קריסטאָ געזאָגט צו אַלבערט׳ן, אייער פּאַריז איז אַ וואונדערבאַרע שטאָדט און די פּאַריזער זיינען אַ זאָנדערבאַרעס פאָלק. מען וואָלט קענען זאָגען, אַז דאָס איז דעם ערשטען מאָל וואָס זיי זעהען איין אַראַבער. זעהט נאָר ווי זיי קוועטשען זיך אַרום דעם אָרימען אַלי. וועלכער ווייס ניט וואָס דאָס זאָל בעדייטען. איך קען אייך נאָר זאָגען איין זאַך, אַז אַ פּאַריזער קען אַרומגעהן אין טונים, קאָנסטאַנטינאָפּאָל, באַגדאַד, אָדער אין קאַירא, ווען מען זיך אַרום איהם ניט צוזאַמענקלייבען.

— ווייל די אָריענטאַלער זיינען פערנינפטיגע מענשען און זיי קוקען נאָר אויף אַ זאַך, וואָס איז ווערטה צו זעהן; אָבער גלויבט מיר, אַז מען קוקט נאָר אויף אַלי, ווייל ער געהערט צו אייך, און איהר זייט איצט דער מאַן, וועלכער האָט געמאַכט אַזאַ גערודער!

— און מיט וואָס? האָט מאָנטע קריסטאָ געפרעגט.

— אַ שעהנע פראַגע! מיט אייך אַליין. איהר שענקט געשפּאַנען אויף טויזענדער; איהר רעטעט דעם לעבען פּראָקוראָר׳ס ווייבער; איהר געווינט מיט אייער פערד אין די רייסעס און דאַן געווינט איהר גאָלדענע וואַזעס און שענקט עס צו שעהנע פרויען.

— און וועלכער טייוועל האָט אייך דערצעהלט דיזע אַלע דומהייטען?

— אַ וואונדער! די ערשטע איז די מאַדאַם דאַנגלאַר, וועלכע שטאַרבט פון אונגעדולד אייך צו זעהן אין איהר לאָזשע. די צווייטע איז די צייטונג פון באָשאַן, און דער דריטער בין איך אַליין. צו וואָס רופט איהר אייער פערד „וואַמפּאַ", ווען איהר ווילט, אַז מען זאָל ניט וויסען צו וועמען ער געהערט?

— יא, עס איז וואהר, האָט מאַנטע קריסטאַ געזאָגט, עס איז געוועזן א נאַרישקייט. אָבער זאָגט מיר, קומט אייער פאָטער ניט אמאָל אין אָפּערא־הויז? איך האָב איהם געזוכט איבעראַל מיט די אויגען און איך קען איהם ניט געפינען.

— ער וועט היינט קומען, האָט אַלבערט געענטפערט, און ער וועט זיין ביי דער באַראָנעסע דאנגלאַר אין דער לאָזשע.

דער גלעקעל האָט געגעבען א קלונג און מאַנטע קריסטאָ האָט זיך ענטשולדיגט ביי אַלבערט'ן און איז אריין צו זיך אין לאָזשע. ווען דער דריטער אַקט האָט זיך אָנגעפאַנגען, איז גראַף מאָרסערף אריין צו די לאָזשע פון מאדאם דאנגלאַר. דער גראַף האָט ניט געהאַט אזא גוואַלטיגען נאָמען און קיינער האָט זיך אויף איהם ניט אומגעקוקט. מאַנטע קריסטאָ האָט איהם פון דעסטוועגען געזעהן אריינקומען און א לייכטער שמייכעל האָט זיך בעוויזען אויף זיינע ליפּען. וואָס האַידעי אָנבעלאַנגט, האָט זי קיין זאַך ניט געזעהן ארום זיך; איהרע אויגען און איהרע געדאַנקען זיינען געווען אויף דער ביהנע. דער דריטער אַקט האָט זיך געענדיגט און מאַנטע קריסטאָ איז ארויסגעגאַנגען פון זיין לאָזשע. אין א מינוט ארום האָט מען איהם געזעהן אין מאדאם דאנגלאַר'ס לאָזשע. די באַראָנעסע האָט ניט געקענט אונטערדריקען א געשריי פון איבערראַשונג געמישט מיט פרייד.

— אַה, קומט, הערר גראַף! האָט זי אויסגערופען, דען איך וויל אייך בעדאנקען פאר אייער גוטסקייט, אזוי ווי איך האָב עס אייך געשריבען אויך.

— אַה, מאדאם, איהר געדענקט נאָך די קלייניגקייט; איך האָב עס שוין לאַנג פערגעסען.

— יא, אָבער מען קען ניט פערגעסען, הערר גראַף, וואָס איהר האָט אויף מאָרגען געראַטעוועט דעם לעבען פון מיין פריינד מאדאם ווילפאָר און איהר האָט איהר נאָך געלאָזען פאָהרען אויף די זעלבע פערד.

— דעם מאָל אויך, מאדאם, פערדיען איך ניט אייער דאנק. דאָס איז אַלי, מיין אראבער, וועלכער האָט געטהאָן דיזען גוטען דיענסט.

— איז עס אויך אַלי, האָט גראַף מאָרסערף געזאָגט, וועלכער האָט ארויסגעצויגען מיין זוהן פון די רויבערס הענד?

— ניין, הערר גראַף, האָט מאַנטע קריסטאָ געזאָגט דריקענדיג די דערלאַנגטע האַנד, דעם מאָל קומט מיר דעם דאנק. אָבער איהר האָט מיך שוין בעדאנקט... ווילט איהר מיר ניט מאַכען די עהרע, מאדאם באַראָנעסע, מיך פאָרצושטעלען פאר אייער פריילין טאָכטער?

— אַה, איהר זייט שוין גענוג פאָרגעשטעלט. זייט צוויי, דריי טעג האָבען מיר ניט אויפגעהערט צו ריידען וועגען אייך. עזשעניע, האָט די באַראָנעסע פאָרטגעזעצט זיך ווענדענדיג צו איהר טאָכטער, הערר גראַף מאַנטע קריסטאָ!

דער גראַף האָט זיך פערנייגט; פריילין דאנגלאַר האָט געמאַכט א לייכטע בעוועגונג מיט'ן קאָפּ.

— איהר זייט דאָ מיט אַ בעוואונדערסווערטהע פּערזאָן, הערר גראַף, האָט עזשעניע געזאָגט. איז עס אייער טאָכטער ?

— ניין, פרייליין, האָט מאַנטע קריסטאָ געזאָגט מיט שטוינען איבער דיזע חוצפּה׳דיגע פראַגע ; זי איז איין אָרימע גריכין און איך בין איהר אַפּעקון.

— און ווי הייסט זי ?...

— האידעי, האָט מאָנטע קריסטאָ געענטפערט.

— אַ גריכין, האָט גראַף מאָרסערף געמורמעלט.

— יאַ, גראַף, האָט מאַדאַם דאַנגלאַר געזאָגט ; און זאָגט מיר, אויב איהר האָט געזעהן אין דעם האָף פון אַלי שעבעלען, וועמען איהר האָט אַזוי גרויסאַרטיג געדינט, נאָך אַזאַ פּרעכטיגען קאָסטיום ווי איהר זעהט יעצט ביי דער גריכין ?

— אַה, האָט מאָנטע קריסטאָ געזאָגט, איהר האָט געדיענט אין יאַנינאַ, הערר גראַף ?

— איך בין געווען גענעראַל איבער דעם פּאַשאַ׳ס מיליטער, האָט מאָרסערף געענטפערט, און איך וויל ניט בעהאַלטען, אַז מיין קליינעם פערמעגען האָב איך צו פערדאַנקען דעם גוטהערציגען פּאַשאַ.

— בעטראַכט דעם קאָסטיום, האָט מאַדאַם דאַנגלאַר געזאָגט צו מאָרסערף.

— וואו זאָל איך בעטראַכטען, האָט מאָרסערף געמורמעלט.

— אָט דאָרטען, האָט מאָנטע קריסטאָ געזאָגט. און אַרומנעהמענדיג דעם גראַף מיט זיין אָרעם, האָט ער זיך מיט איהם אַריבערגעבויגען איבער דער לאָזשע.

אין דיזען מאָמענט האָט האידעי געזוכט מאָנטע קריסטאָ׳ן מיט די אויגען און זי האָט בעמערקט זיין בלייכען קאָפּ לעבען מאָרסערף׳ס, וועלכען ער האָט גע־האַלטען אַרומגענומען. דיזער אָנבליק האָט אויף איהר געמאַכט אַ ווירקונג, אַזוי ווי זי וואָלט געזעהן דעם קאָפּ פון דעם מלאך המות, ווי מען מאָלט איהם. זי האָט געמאַכט אַ בעוועגונג, אַזוי ווי זי וואָלטביידען דערשלינגען מיט די אויגען, דאַן האָט זי זיך געגעבען אַ וואַרף צוריק און האָט אַרויסגעלאָזען אַ לייכטען געשריי, וועלכען אַלי האָט פון דעסטוועגען דערהערט פון יענער זייט טיהר און ער האָט זי אויפגעמאַכט.

— זעהט נאָר, האָט עזשעניע געזאָגט, וואָס איז מיט אייער גריכין, הערר גראַף ? עס שיינט, אַז זי פיהלט זיך ניט גוט.

— עס קען זיין, האָט דער גראַף געזאָגט, אָבער שרעקט זיך ניט, פרייליין ; האידעי איז זעהר נערוועז און זי קען ניט פערטראָגען דעם ריח פון בשמים; אָבער, האָט ער געזאָגט אַרויסציהענדיג פון טאַש אַ פלעשיל, איך האָב אַ מיטעל דערצו.

זאָגענדיג דאָס האָט ער געגריסט די ביידע פרויען און האָט געדריקט די האַנד דעם גראַף און דעבריי און איז אַרויסגעגאַנגען פון לאָזשע.

ווען ער איז אַריינגעגאַנגען אין זיין לאָזשע איז האידעי נאָך געווען זעהר בלייך. קוים איז ער אַריין, האָט זי געכאַפּט זיין האַנד. מאָנטע קריסטאָ האָט בע־מערקט, אַז איהרע הענד זיינען געווען פייכט און קאַלט אין דער זעלבער צייט.

—מיט וועמען האָסטו גערעדט דאָרטען, גנעדיגער הערר? האָט זי געפרעגט.

מיט גראף מאָרסערף, האָט מאַנטע קריסטאָ געענטפערט, וועלכער האָט געדיענט זיין הויכגעבאָרענעם פאָטער און וועלכער געשטעהט, אז ער האָט איהם צו פערדאנקען זיין פערמעגען.

—אָה, דער שופט! האָט האידעי אויסגערופען, ער האָט עס פערקויפט מיין פאָטער מיט זיין מיליטער צום טערק, און דיזער פערמעגען איז דער פרייז פאר זיין פערראַטה. האָסטו דען דאָס ניט געוואוסט, מיין טהייערער גנעדיגער הערר?

— איך האָב עפּעס געהערט דעריבער אין גריכענלאַנד, האָט מאַנטע קריסטאָ געענטפערט, אָבער די איינצעלהייטען האָב איך ניט געוואוסט. קום, מיין טאָכטער, דו וועסט עס מיר דערצעהלען; עס מוז זיין אינטערעסאַנט.

— אָה, יא, קום; דען מיר שיינט, אז איך וועל שטאַרבען ווען איך וועל בלייבען לענגער ענטקעגען דיזען מענשען.

און האידעי האָט זיך שנעל אויפגעהויבען און האָט זיך איינגעוויקעלט אין איהר טהייערען מאַנטעל און זיי זיינען באַלד ארויס פון טהעאַטער.

## 15טער קאַפּיטעל.

## אַלבערט און מאַנטע קריסטאָ.

מיט עטליכע טעג שפּעטער איז אַלבערט געקומען בעזוכען דעם גראף מאַנטע קריסטאָ אין זיין פּאַלאַץ פון שאַן־זעליזע. זיי האָבען געשפּראָכען אָנפאַנגס איבער פערשידענע געגענשטענדען ביז זיי זיינען געקומען צו ריידען איבער אַלבערט'ס כלה עזשעניע. דאָ האָט אַלבערט בעוויזען אז ער וואָלט וועלען פון איהר פּטור ווערען. עבענפאַלס איז אויך זיין מוטער ניט געווען צופרידען מיט'ן שידוך.

— איז אייער מוטער ווירקליך געגען דיזער הייראַטה? האָט מאַנטע קריסטאָ געפרעגט.

יא. זי קומט זאָגאַר קיין מאָל ניט אריין אין דאַנגלאַר'ס הויז.

— דאָס גיט מיר דאַן די דרייסטקייט אייך אָפען צו זאָגען מיין מיינונג: דאַנגלאַר איז מיין באַנקיר, הערר ווילפאָר איז מיר דאַנקבאַר וואָס איך האָב געראַטעט זיין פרוי און קינד. איך וויל געבען אַ דינער אין מיין הויז אין אַטויל און איך וועל איינלאַדען דאַנגלאַר מיט דער פרוי און ווילפאָר מיט דער פרוי. איך וואָלט אויך איינגעלאַדען אייער פאָטער און מוטער, אָבער אזוי ווי דאַנגלאַר וועט אויך קומען מיט זיין טאָכטער עזשעניע, האָב איך מורא, אז אייער מוטער וועט אויף מיר זיין בייז, און איך וויל איהר ניט מאַכען קיין אונאַנגענעהמליכקייטען. און נאַטירליך, אזוי ווי אייערע עלטערען וועלען ניט זיין איינגעלאַדען, וועט איהר אויך ניט קענען זיין.

— ביי מיין עהרע, הערר גראף, האָט אַלבערט געזאָגט, איך דאַנק אייך וואָס איהר זייט אָפען מיט מיר, און איך נעהם אָן די אויסשליסונג וואָס איהר שלאָגט

מיר פאַר. איהר זאָגט, דאָס איהר ווילט, אז מיין מוטער זאָל פון אייך האָבען א גוטע מיינונג, זאָג איך, אז זי האָט עס שוין וועגען אייך.

— גלויבט איהר עס ? האָט מאַנטע קריסטאָ געפרעגט מיט אינטערעס.

— אָה, איך בין זיכער אין דעם. ווען איהר זייט יענעם טאָג פון אונז אוועקגעגאנגען האָבען מיר געשפּראָכען וועגען אייך א גאנצע שטונדע. ווען זי וואָלט געוואוסט אייער גוטע מיינונג וועגען איהר, וואָלט זי אייך געווען זעהר דאנקבאַר. עס איז וואהר, אז מיין פאָטער וואָלט געווען ווילד דעריבער, ווען ער וואָלט געוואוסט, אז מיין שידוך מיט עזשעניע'ן ווערט אזוי בעהאַנדעלט.

דער גראַף האָט אָנגעפאנגען צו לאַכען.

— וועל ! האָט ער געזאָגט צו אַלבערט'ן, איך האָב אייך געזאָגט וואָס איך וויל טהאָן. אָבער ניט אייער פאָטער אַליין וועט זיין ווילד געגען מיר. דאנג־לאר'ס פאַמיליע וועט מיך אויך בעטראַכטען פאר ניט קיין פיינעם מאַן. זיי ווייסען, אז איך בין מיט אייך גוט בעפריינדעט, און ווען זיי וועלען אייך ניט געפינען ביי מיר, וועלען זיי מיך פרעגען פארוואָס איך האָב אייך ניט איינגעלאַדען. זעהט מאכט עפּעס א זאַך, אז איך זאָל אייך ניט קענען איינלאַדען.

— איך און מיין מוטער פאָהרען א ביסעל צום ים געניסען פרישע לופט. ווען ווילט איהר געבען אייער דינער ?

— שבת. האָט מאָנטע קריסטאָ געענטפערט.

— היינט האָבען מיר דינסטאָג. וועל ! מאָרגען רייזען מיר אָפּ. ווייסט איהר, הערר גראַף, אז איהר זייט איין אויסגעצייכענטער מענש, וואָס איהר זעהט אַלעמען אזוי צופריעדען צו שטעלען ?

— ווייס איך ! איהר מאכט פון מיר מעהר ווי איך בין. איך וויל אייך זיין געפעליג, און דאָס איז אַלעס.

— ווען וועט איהר מאַכען אייערע איינלאַדונגען ?

— היינט, האָט דער גראַף געענטפערט.

— וועל ! איך געה שוין צו דאנגלאַר און זאָג איהם, אז איך פערלאָז מאָר־גען מיט מיין מוטער פּאריז. איך בין ביי אייך ניט געווען און איך ווייס ניט פון אייער דינער.

— איהר זייט א נאַר ! און וואו איז הערר דעבראַי, וועלכער האָט אייך געזעהן געהענדיג אהער ?

— אָה, ריכטיג ! האָט אַלבערט אויסגערופען.

—אין געגענטהייל, זאָגט, אז איך האָב אייך איינגעלאַדען, און איהר האָט מיר געענטפערט, אז איהר מוזט אוועקפאָהרען.

— וועל ! זאָל זיין אזוי. וועט איהר קומען מאָרגען בעזוכען מיין מוטער ?

— טויזענד דאנק, איך בעדויער זעהר וואָס איך קען עס ניט טהאָן. איך האָב אויף מאָרגען זעהר א וויכטיגען צוזאַמענקונפט.

— איך וויל האָבען א בעווייז דערצו, דען יעצט האָט איהר מיר געצייגט, אז איהר קענט זיך גאַנץ גוט אויסריידען.

— יא, דאָס קענט איהר גלייך האָבען. און דער גראף האָט אָנגעקלונגען.

— הום ! האָט אַלבערט געזאָגט. אָט איז שוין צוויי מאָל ווי איהר ענט־זאגט זיך צו שפּייזען מיט מיין מוטער. עס איז איין אָפּגעמאַכטע זאַך, גראף.

מאָנטע קריסטאָ האָט געגעבען אַ שוידער.

— אָה, איהר גלויבט עס ניט, האָט ער געזאָגט, אָט קומט מיין בעוויז.

באפּטיסטען איז אריינגעקומען און האָט זיך געשטעלט לעבען דער טיהר אין ערוואַרטונג.

— איך האָב דאָך געוואוסט, אז איהר וועט ניט קומען, ניט אמת ?

— טייוועל ! איהר זייט אַזאַ זאָנדערבארער מענש, אז איך קען ניט זאָגען יא אָדער ניין.

— וועניגסטענס האָב איך דאָך געקענט וויסען, אז איהר וועט מיך איינ־לאַדען צו עסען דינער מיט אייער מוטער.

— אָה, דאָס איז שוין מעגליך, האָט אַלבערט געענטפערט.

— וועל ! הערט באפּטיסטען... וואָס האָב איך היינט אין דער פריה גע־זאָגט, ווען איך האָב אייך אריינגערופען אין מיין צימער ?

— ווען עס וועט זיין פינף אַ זייגער, זאָל איך צומאכען אייער טיהר.

— און וואָס נאָך ? האָט מאָנטע קריסטאָ געפרעגט.

— אָה, הערר גראף... האָט אַלבערט געזאָגט.

— ניין, ניין, איך וויל זיך דורכאויס בעפרייען פון דעם געהיימען שם, וואָס איהר האָט מיר געמאכט, מיין ליעבער גראף, האָט מאָנטע קריסטאָ געזאָגט... דערצעהלט ווייטער באפּטיסטען.

— דאן האָט מיר אייער עקסעלענץ געזאָגט, אז איך זאָל נאָר אריינלאָזען דעם מאיאָר בארטאָלאָמעאָ קאוואלקאנטי מיט זיין זוהן.

— איהר הערט, בארטאָלאָמעאָ קאוואלקאנטי איז אַ מאן פון די עלטעסטע אדעללייט פון איטאליען. זיין זוהן איז אַ פּראַכטפאָלער יונגער מאן, אונגעפעהר אזוי אַלט ווי איהר און האָט אויך דעם זעלבען טיטעל ווי איהר. ער טרעט אריין אין פּאריז מיט די מיליאָנען פון זיין פאָטער. דער פאָטער ברענגט מיר היינט אָבענד זיין זוהן אנדרעאָ. ער פערטרויט מיר איהם, און אויב ער איז ווערטה, וועל איך איהם אריינפיהרען אין דער געזעלשאפט. וועט איהר מיר העלפען ?

— אָהנע צווייפעל ! דיזער מאיאָר קאוואלקאנטי איז אייער אן אַלטער פריינד ? האָט אַלבערט געפרעגט.

— עס הויבט זיך גאָרניט אָן. ער איז אַ בראַווער אדעלמאן, ער איז פיין און בעשיידען און שטאמט פון איין אַלט־איטאליענישע אדעליגע פאמיליע. מיר האָבען צוזאמען געדייזט און האָבען איין וועג געמאכט די בעקאנטשאפט. יעצט איז ער אין פּאריז און איך גיעב פאר איהם אַ דינער. ער וועט מיר לאָזען זיין זוהן און איך וועל איהם לאָזען לעבען אַ גוטען טאָג און דאן וועלען מיר זיין קוויט.

— אויסגעצייכענט ! איך זעה אז איהר ווייסט וואָס איהר האָט צו טהאָן.

אדיע אלזא, מיר וועלען זיין צוריק זאנטאג. אָה, מחשבות'ן, איך האָב ערהאלטען נייעס פון פראנץ.

— אזוי ! האָט מאָנטע קריסטאָ געזאָגט. איז ער נאָך אלץ אין איטאליען ?

— איך דענק, אז יא. פון דעסטוועגען בענקט ער נאָך אייך, ער זאָגט, אז איהר זייט די זונן פון רוים, און אָהן אייך איז דאָרטען רעגענדיג.

— אלזא, האָט אייער פראנץ וויטער גערעדט וועגען מיר ?

— אין געגענטהייל, ער בלייבט ביי זיין מיינונג, אז איהר זייט א זאָנדערבארער מענש, און אויף דיזער ארט בענקט ער נאָך אייך.

— א בראוועה יונגער מאַן, האָט מאָנטע קריסטאָ געזאָגט. פון דעם ערשטען טאָג אָן האָב איך געהאַט צו איהם א סימפּאַטהיע. ער איז, דאַכט זיך מיר, דער זוהן פון גענעראל ד'עפּיניי ?

— גאנץ ריכטיג, האָט אלבערט געענטפערט.

— דערזעלבער, וועלכער איז אזוי שרעקליך ערמאָרדעט געוואָרן אין 1815?

— יא, דורך די באָנאפּארטיסטען, האָט אלבערט געזאָגט.

— אזוי איז עס. ביי מיין וואָרט, איך האָב איהם ליעב. איז ער אויך פערלאָבט ?

— יא, ער דארף הייראטהען פרייליין וואלענטינע ווילפאָר.

— איז עס אמת ?

— אזוי ווי איך דארף הייראטהען פרייליין דאנגלאר.

— איהר לאַכט ?

— געוויס לאַך איך, האָט אלבערט געזאָגט.

— פאר וואָס לאַכט איהר ?

— איך לאַך, ווייל איך זעה פון דיזער זייט דעם חשק צו הייראטהען מיט פרייליין עזשעניען. און אלבערט האָט זיך אויפגעהויבען.

— איהר געהט שוין ? האָט מאָנטע קריסטאָ געפרעגט.

— א שעהנע פראגע ! עס איז שוין צוויי שעה ווי איך דול אייך א קאָפּ און איהר פרעגט נאָך אויב איך געה שוין ! גוט אלזא, איך וועל אייך נאָך בעטען א קלייניגקייט. גריסט פון מיינעט וועגען אייער הערר קאוואלקאנטי. און ווען ער וויל זיין זוהן מאכען פאר א לייט, זוכט פאר איהם אויס א רייכע פרוי ; זי זאָל זיין אדעליג פון איהר מוטער'ס צד, און זי זאָל זיין א באראָנעסע פון איהר פאָטער'ס צד. איך וועל אייך העלפען דערצו.

אָה, האָט מאָנטע קריסטאָ געענטפערט, האלט איהר שוין ווירקליך דערביי?

— יא, האָט אלבערט שארף געענטפערט.

— הערט, מען דארף פון קיין זאַך ניט שפּאסען.

— אה, גראף ! האָט אלבערט אויסגערופען, וועלכען דיענסט ווילט איהר מיר בעווייזען, און ווי וואָלט איך אייך ליעב געהאַט הונדערט מאָל מעהר, ווען צוליעב אייך וואָלט איך געקענט בלייבען א בחור, פון מיינעט וועגען אפילו נאָך אויף צעהן יאָהר !

— אלעס איז מעגליך, האָט דער גראף ערנסט געענטפערט.

נעהמענדיג אבשיעד פון אלבערט'ן איז דער גראף אריין צו זיך אין צימער און האָט געגעבען דריי קלעפּ אין גלעקעל. בעטרוציאַ איז אריינגעקומען.

— הערר בעטרוציאַ, איהר ווייסט, אז איך האָב שבת בעזוך אין מיין הויז אין אָטויל ? בעטרוציאַ האָט געגעבען א לייכטען שווידער.

— איך הער, גנעדיגער הערר.

— איהר זאָלט מאכען אלעס אין אָרדנונג. נאָר דעם שלאָף צימער זאָלט איהר ניט ריהרען. אויך דער גאָרטען זאָל בלייבען ווי ער איז. פון דעם הויף קענט איהר מאכען א שפּיגעל פון מיינעט וועגען.

— איך וועל טהאָן אלעס מעגליכע, אום אייער עקסעלענץ זאָל זיין צו־פריעדען פון מיר. איך וואָלט אייך וועלען בעטען, הערר גראף, איהר זאָלט מיר זאָגען צו וואָס איהר גיט דעם דינער.

— מיין טהייערער הערר בעטרוציאַ, זייט איהר זייט אין פּאַריז געפין איך אייך אלץ ציטערענדיג. קענט איהר דען מיך ניט מעהר ?

— אָבער פיעלייכט וויל מיר אייער עקסעלענץ זאָגען, וועמען איהר האָט איינגעלאַדען ?

— איך ווייס גאָרניט, און איהר דאַרפט עס אויך ניט וויסען.

בעטרוציאַ האָט זיך פערנייגט און איז ארויסגעגאַנגען.

## 16טער קאַפּיטעל.

## דער מאַיאָר קאַוואלקאַנטי.

ניט מאָנטע קריסטאָ און באַפּטיסטען האָבען געזאָגט ליגען ווען זיי האָבען אָנגעמעלדעט אלבערט'ן, אז מאָנטע קריסטאָ ערוואַרטעט היינט א מאַיאָר לוקוואָ אָדער קאַוואלקאַנטי. געגען זיעבען א זייגער האָט זיך לעבען מאָנטע קריסטאָ'ס הויז אָפּגעשטעלט א דראָשקע, וועלכע האָט זיך געשיינט צו שעהמען מיט איהר פּאַסאַזשיר, דען ווי ער איז נאָר אַראָפּגעקראָכען, איז די דראָשקע ענטלאָפען. דער מאָן איז אלט געווען א יאָהר צוויי און פופציג, ער האָט געטראָגען א גרינעם פּרינץ אלבערט פערקנעפּעלט ביז אויבען. זיינע הויזען זיינען געווען בלוי און ברייט, די שטיפעל און דער העט זיינען אויך ניט געווען צום פּאַראַד. אין אלע־מען האָט ער אויסגעזעהן ווי א פּאַיאַץ. זיין קליינער קאָפּ מיט די געגרויטע האָר און די גרויסע וואָנצעס, האָבען גלייך געגעבען באַפּטיסטען צו פערשטעהן, אז דאָס איז דער מאָן, וועלכען דער גראף האָט איהם געהייסען ערוואַרטען. מען האָט גלייך געגעבען צו וויסען מאָנטע קריסטאָ'ן פון זיין אָנקומען. מען האָט דעם פרעמדען אריינגעפיהרט אין דעם איינפאַכסטען צימער. דער גראף האָט איהם דאָרטען ערוואַרטעט און האָט איהם בעגעגענט מיט א לאַכענדיגע מינע.

— אה, מיין הערר, האָט ער געזאָגט, זייט מיר ווילקאָמען. איך האָב אייך ערוואַרטעט.

טאקי, האָט לוקוא געזאָגט, אייער עקסעלענץ האָט מיך ערוואַרטעט ?

— יא, מען האָט מיר געמעלדעט אייער נאָמען אויף היינט 7 אוהר.

— מען האָט אייך געמעלדעט מיין נאָמען ?

— גאַנץ געוויס, האָט מאָנטע קריסטאָ געזאָגט.

— דאָס איז זעהר גוט ! איך מוז אייך געשטעהן, אַז איך האָב מורא געהאַט, אַז מען וועט עס פערגעסען, בין איך עס טאַקי, אויף וועמען אייער עקסעלענץ האָט געוואַרט ?

— זייט איהר ניט דער הערר מאַרקיז באַרטאָלאָמעאָ קאַוואַלקאַנטי ? האָט מאָנטע קריסטאָ געפרעגט.

— באַרטאָלאָמעאָ קאַוואַלקאַנטי, האָט לוקוא ווידערהאָלט מיט פרייד, דאָס איז ריכטיג.

— און איהר דיענט אַלס מאַיאָר אין עסטרייך ?

—בין איך דען געווען אַ מאַיאָר מיט מיין בעשעפטיגונג ? האָט לוקוא געפרעגט מיט אַ שוואַכער שטימע.

— יא, איהר זייט געווען מאַיאָר. אַזוי רופט מען אין פראַנקרייך די גוואַרדיע, אין וועלכער איהר האָט געדיענט אין איטאַליען.

— גוט, האָט לוקוא געזאָגט, איך פערלאַנג ניט בעסער. איהר פערשטעהט...

— איבריגענס קומט איהר דאָך ניט אַהער פון זיך אַליין, האָט מאָנטע קריסטאָ געזאָגט. איהר זייט מיר דאָך רעקאָמענדירט פון גייסטליכען בוזאָני ?

— אַזוי איז עס ! האָט דער מאַיאָר אויסגערופען מיט פרייד.

— האָט איהר אַ בריעף ?

—געוויס האָב איך. אָט איז ער. דער גראַף האָט גענומען דעם בריעף (וועלכען ער האָט אַליין געשריבען) ער האָט איהם אויפגעמאַכט און געלעזען.

דער מאַיאָר האָט איהם בעטראַכט מיט פערוואונדערטע אויגען, ער האָט געקוקט אויף די מעבעל און דאַן אויף מאָנטע קריסטאָ.

— עס איז ריכטיג, דיזער טייערער בוזאָני, האָט דער גראַף געזאָגט און האָט געלעזען : „דער מאַיאָר קאַוואַלקאַנטי איז פון פלאָרענץ פון איין אַלטער פאַמיליע און האָט אַ פערמעגען פון אַ האַלבען מיליאָן איינקינפטע אַ יאָהר". מאָנטע קריסטאָ האָט אויפגעהויבען די אויגען איבער'ן פאַפיער.

— אַ האַלבען מיליאָן, האָט מאָנטע קריסטאָ געזאָגט, צום טייוועל ! מיין הערר קאַוואַלקאַנטי.

— שטעהט דאָרט אַ האַלבען מיליאָן ? האָט לוקוא געפרעגט.

— וואָרט פאַר וואָרט, האָט מאָנטע קריסטאָ געזאָגט. און אַז דער גייסטליכער בוזאָני שרייבט, ווייס ער אַקוראַט.

— זאָל זיין אַ האַלבער מיליאָן, האָט לוקוא געזאָגט ; אָבער איך גיב אייך מיין עהרענוואָרט, אַז איך האָב ניט געוואוסט, אַז מיין פערמעגען איז אַזוי גרויס,

— ווייל איהר האָט אַ געשעפטספיהרער, וועלכער בע'גנב'עט אייך, אָבער וואָס ווילט איהר, מיין ליעבער הערר קאוואַלקאַנטי, מען מוז דאָס אויך ליידען.

— איהר האָט מיך אויפגעמאַכט די אויגען, האָט לוקוא געזאָגט מיט אַ טיעפער שטימע. איך וועל דעם שפּיצבוב אַרויסיאָגען.

מאָנטע קריסטאָ האָט ווייטער געלעזען דעם בריעף:

„און ווענן עס פעהלט נאָר איין זאַך צו זיין גליקליך".

— אָה, יאַ, נאָר איין זאַך, האָט לוקוא געזאָגט מיט אַ זיפץ.

„אויסצוגעפינען זיין פערגעטערטען זוהן".

— אַ פערגעטערטען זוהן! האָט לוקוא געזאָגט.

„וועלכען ציגיינערס האָבען גע'גנב'עט ווען ער איז אַלט געווען פינף יאָהר."

— ווען ער איז אַלט געווען פינף יאָהר, האָט לוקוא געזאָגט מיט אַ זיפץ, און אויפהויבענדיג די אויגען צום הימעל.

— אָרימער פאָטער! האָט מאָנטע קריסטאָ געזאָגט, און האָט ווייטער געלעזען: „איך גיב איהם האָפנונג, איך גיב איהם זיין לעבען, הערר גראַף, מיט דעם אָנמעלדען איהם, אַז זיין זוהן, וועלכען ער זוכט שוין פון פופצעהן יאָהר, קענט איהר איהם העלפען געפינען".

לוקוא האָט איהם אָנגעקוקט מיט אַ בליק פון גרויסער אונרוהע:

— איך קען איהם געפינען, האָט מאָנטע קריסטאָ געענטפערט. דער מאַיאָר האָט זיך שנעל אויפגעהויבען.

— איז דער גאַנצער בריעף מאַקי אמת? האָט ער געזאָגט.

— האָט איהר דען געצווייפעלט אין דעם, מיין הערר באַרטאָלאָמעאָ?

— ניין, ניעמאַלס! וואָס הייסט! איין ערנסטער מאַן און אַ גייסט־ליכער ווי אַ בוזאָני, וועט זיך ניט ערלויבען אַ שפּאַס. אָבער איהר האָט נאָך ניט אין גאַנצען געלעזען, עקסעלענץ.

—אָ, ריכטיג! האָט מאָנטע קריסטאָ געזאָגט, עס איז דאָ אַ „נאָכשריפט" און ער האָט זי געלעזען:

„אום הערר קאוואַלקאַנטי זאָל ניט דאַרפען געהן זיך טראָבלען ביים באַנקיר, שיק איך איהם אַ צעטעל אויף צוויי טויזענד פראַנק רייזע געלד און אַ קרעדיט אויף אייך פון 48.000 פראַנק, וואָס איהר זייט מיר שולדיג".

דער מאַיאָר האָט געקוקט אויף דער „נאָכשריפט" מיט גליהענדע אויגען.

— גוט, האָט מאָנטע קריסטאָ געזאָגט.

— ער האָט געזאָגט גוט, האָט לוקוא געמורמעלט. אַלזאָ... מיין הערר, האָט ער געזאָגט.

— אַלזאָ?... האָט מאָנטע קריסטאָ געפרעגט.

— אַלזאָ, די „נאָכשריפט"...

— נו! און די „נאָכשריפט"?

— איז זי ביי אייך אויך אזוי אָנגענומען ווי דער גאַנצער בריעף ?

— געוויס. איך שטעה אין רעכנונג מיט דעם גייסטליכען בוזאַני, איך ווייס ניט אַקוראַט, אויב עס איז גלייך 48.000 פראַנק אָדער עפּעס מעהר. וועל! לעגט איהר טאַקי אַזא גרויסע געוויכט אויף דער „נאַכשריפט", ליעבער הערר קאַוואַלקאַנטי ?

מיך אין גאַנצען פערלאָזען אויף דעם גייסטליכען בוזאַני'ס בריעף, האָב איך מיך ניט פערזעהן מיט געלד, און איך שטעה יעצט אין פּאַריז אָהן א פראַנק.

— קען דען זיין אַזא מענש ווי איהר ערגעץ אין פערלעגענהייט, האָט מאָנטע קריסטאָ געזאָגט. ווייס איך וואָס !

— אָבער ווען מען קען קיינעם ניט, האָט לוקוא געזאָגט.

— אָבער אייך קען מען דאָך.

— יא, מען קען מיך אזוי...

— ענדיגט, מיין ליעבער הערר קאַוואַלקאַנטי.

— אזוי, אַז איהר וועט מיר געבען די 48.000 פראַנק ?

— אויף אייער ערשטע פאָדערונג.

דער מאַיאָר האָט געגלאָצט מיט זיינע צוטומעלטע אויגען.

מאָנטע קריסטאָ האָט אָנגעקלונגען און באַפּטיסטען איז אַריינגעקומען. ער האָט איהם געהייסען אַריינטראָגען וויין און האָט איהם שטילערהייד געפרעגט, אויב דער יונגער מאַן איז שוין דאָ. באַפּטיסטען האָט געענטפערט, אַז ער איז אין בלויען זאַל, וואו דער גראַף האָט איהם געהייסען אַריינפיהרען.

ווען באַפּטיסטען איז אַריינגעקומען מיט'ן וויין, האָט דער גראַף אָנגעגאָסען די גלעזער און געבעטען דעם מאַיאָר אַז ער זאָל טרינקען.

—יעצט זאָגט מיר, ליעבער מאַיאָר, וואָס איז עס פאַר אַ זון, וועלכען איהר בעדויערט אזוי. ווי איך האָב געהערט, זייט איהר דאָך געוועזן אונפערהייראַט ?

— אָה, מיין הערר, האָט ער געזאָגט מיט פערגלאָצטע אויגען פון אַ גלח, איך האָב עס געוואָלט בעהאַלטען פאַר דער וועלט.

— איהר האָט עס געוויס געטהאָן צוליעב זיין מוטער, האָט מאָנטע קריס־טאָ געזאָגט.

— צוליעב זיין מוטער ! האָט לוקוא ארויסגעקוויטשעט אויסטרינקענדיג די דריטע גלאָז וויין ; צוליעב זיין אָרימע מוטער !

— טרינקט, טרינקט, טייערער הערר קאַוואַלקאַנטי, איך זעה, אַז די עגמת נפש דערשטיקט אייך.

— צוליעב זיין אָרימער מוטער ! האָט לוקוא געמורמעלט אַרויסקוועטש־ענדיג אַ טרעהר פון זיין אויג.

— און וועלכע האָט געהערט צו די גרעסטע פאַמיליע פון איטאַליען, גלויב איך.

— איין אדעל פרוי פון פיזאָלע, הערר גראַף, איין אדעל פרוי פון פיזאָלע.

— און ווי האָט זי געהייסען ? האָט מאַנטע קריסטאָ געפרעגט.

— איהר ווילט וויסען איהר נאָמען ? האָט קאַוואַלקאַנטי געזאָגט.

— איך ווייס איהר נאָמען, האָט דער גראַף געענטפערט.

— דער הערר גראַף ווייס אַלעס, האָט לוקוא געזאָגט זיך פערנייגענדיג.

— זי האָט געהייסען מארקיזע אָליוואַ קאָרסינאַרי, ניט אמת ?

— אָליוואַ קאָרסינאַרי, ריכטיג !

— און איהר האָט זי געהייראַטה געגען דעם ווילען פון איהרע עלטערען !

— אָ, יאַ, הערר גראַף, געגען דעם ווילען פון איהרע עלטערען !

— און איהר האָט מיטגעבראַכט די ריכטיגע פאַפּיערען דעריבער ?

— וועלכע פאַפּיערען ? האָט לוקוא געפרעגט.

— דעם געבורט־שיין (מעטריקעס) פון דעם קינד, האָט מאַנטע קריסטאָ געזאָגט, און די כתובה וועגען אייער הייראַטה מיט אָליוואַ קאָרסינאַרי ?

— וועלכע מעטריקעס ? וועלכע כתובה ?

— אַלזאָ ווי איך זעה, האָט איהר אָרום דעם ניט געטראַכט. איך האָב די פאַפּיערען ; דער גייסטליכער בוזאָני האָט זיי מיר צוגעשיקט.

לוקוא האָט צוזאַמענגעלייגט די הענד אין בעוואונדערונג.

— דאָ האָט איהר די פאַפּיערען און איהר וועט זיי איבערגעבען אייער זון. פערגעסט ניט, אז דאָס זיינען טייערע פאַפּיערען. אָהן זיי האָט ער קיין צומריט ניט צו דער פאַריזער געזעלשאַפט. איז אייער פרוי ניט...

— אָ, הערר גראַף, זי איז...

— ניט געשטאָרבען מיט צעהן יאָהר פריהער ?

און איך בעוויין נאָך איצטער איהר טויט, האָט לוקוא געזאָגט ארויסציהענדיג זיין טאַשענטוך פון פאַקעט און איהם צוטראָגענדיג צו די אויגען.

— זייט זיך ניט אזוי מצער, ליעבער הערר קאַוואַלקאַנטי, מיר זיינען אַלע שטערבליך. דערפאַר געפינט איהר אייער פערלאָרענעם זוהן און איהר וועט איהם באַלד זעהן.

— אָבער איהר ווייסט דאָך, הערר גראַף, אז איך בין אָהן געלד !

— גאַנץ ריכטיג, איהר דאַרפט האָבען געלד, טייערער הערר קאַוואַלקאַנטי. אַט האָט איהר אויף אייער רעכנונג אכט בילעטען צו טויזענד פראַנק.

דעם מאַיאָר'ס אויגען האָבען געגלענצט ווי צוויי האַלאָוועשקעס ביינאַכט.

— איך בלייב אייך נאָך שולדיג פערציג טויזענד פראַנק, האָט מאַנטע קריסטאָ געזאָגט.

— יעצט וועל איך אייך נאָך געבען אַ קליינעם ראַטה. איהר וועט אראָפּ־

װארפען אײערע קלײדער און איהר װעט אָנטהאָן אנדערע. איך האָב פאַר אײך און אײער זוהן געדונגען א האָטעל און איהר װעט דאָרטען געפינען אײערע קלײדער, װעלכע דער גײסטליכער בוזאָני האט אײך נאָכגעשיקט.

— זעהר גוט, זעהר גוט, האָט לוקוא געזאָגט אַלץ מעהר איבערראַשט.

— און יעצט, האָט מאָנטע קריסטאָ געזאָגט, שפאַנט אָן אײער פאָר־טערליכע הארץ אויף װיעדערצוזעהן אײער געליעבטען זוהן.

זאָגענדיג דאָס, האָט זיך דער גראף פערנײגטט און איז ארויסגעגאַנגען.

## 17טער קאַפּיטעל.

## אנדרעאָ קאַװאַלקאַנטי.

װען מאָנטע קריסטאָ איז אַרײנגעקומען אין בלױען זאַל האָט ער גע־טראָפען אנדרעאָ אויסגעצװיגען אויף א זאָפאַ און קלאַפּענדיג זײנע שטיװעל מיט א לײכטען פײנעם שטעקעל. ער איז געװען א הויכער יונגער מאַן מיט בלאָנדע האָר, א העלע באָרד, שװאַרצע אויגען און מיט א װײסער הויט פאַרב װי אַלבאַסטער. װען ער האָט בעמערקט מאָנטע קריסטאָ, האָט ער זיך שנעל אויפגעהויבען.

— זײט איהר דער הערר גראף מאָנטע קריסטאָ ? האָט ער געזאָגט.

— יא, מײן הערר, האָט ער געזאָגט, און איך האָב, דאכט זיך, די עהרע צו רײדען מיט דעם הערר גראף אנדרעאָ קאַװאַלקאַנטי ?

— מיט איהם זעלבסט, האָט דער יונגער מאַן געענטפערט גריסענדיג.

— האָט איהר ניט א רעקאָמענדאַציאָנס בריעף צו מיר ?

— איך האָב אײך ניט געזאָגט, װײל דער בריעף האָט א מאָדנע אונ־טערשריפט.

— סימבאַד דער מאַטראָז, ניט אמת ?

— גאַנץ ריכטיג. אָבער אזוי װי איך קען נאָר אזא נאָמען אין „טויזענד און אײן נאַכט"...

— װעל ! דאָס איז אײנער פון מײנע פרײנד, װעלכער איז אײן ענג־לענדער און הײסט מיט'ן ריכטיגען נאָמען לאָרד װילמאָר.

— דאַן איז עס אנאַנדער זאַך, יעצט בעגרײף איך שוין. אַלזאָ, איך בין צו אײער דיענסטען, הערר גראף.

— איך װאָלט אײך בעטען איהר זאָלט מיר דערצעהלען װעגען אײער פאַמיליע.

אנדרעאָ האָט איהם איבערדערצעהלט די גאַנצע געשיכטע, װעלכע מיר האָבען געזעהן אין פאָריגען קאַפּיטעל, און ער האָט דערצעהלט מיט אזא זי־כערהײט, אז מען װאָלט געקענט מײנען אז זי איז אמת.

—אין אמת'ן, מײן הערר, איז עס זעהר אינטערעסאַנט, װאָס איהר דערצײלט

מיר, האט מאַנטע קריסטאָ געזאָגט און ער האט איהם בעטראכט מיט א פינסטערע בעפרידיגונג. איהר האט גוט געטאָן, וואס איהר זייט געקומען צו מיר פרעגען וועגען אייער פאָטער, דען ער איז דאָ.

אנדרעאַ האט געגעבען א שפרונג אויף און האט אויסגעשריען:

— מיין פאָטער! מיין פאָטער איז דאָ! (ער האט געמיינט, אז דאס איז בעטרוציאָ).

— אָהן צווייפעל, האט מאַנטע קריסטאָ געענטפערט, אייער פאָטער, דער מאַיאָר באַרטאָלאָמעאָ קאַוואַלקאַנטי.

דער אויסדרוק פון שרעק, וועלכער איז געלעגען אויף דעם יונגען מאַן'ס פּנים. איז באלד פערשוואונדען, ווען ער האט דערהערט דיזען נאָמען.

— אַה, ריכטיג, עס איז אמת, האט ער געזאַגט, דער מאַיאָר קאַוואַלקאַנטי. און איהר זאגט, אז מיין טייערער פאָטער, איז דאָ, הערר גראַף?

— ער איז דאָ און איהר וועט איהם באלד זעהען.

— איז מיין פאָטער רייך? האט אנדרעאַ געפרעגט.

— ער איז א מיליאָנער. ער האט א האלבען מיליאָן א יאָהר איינקינפטע.

— דאַן, האט דער יונגער מאַן געזאָגט מיט א ציטערנעש, וועל איך זיך באלד געפינען אין א גוטער לאגע?

— זעהר אין א גוטער. ער גיט אייך פופציג טויזענד פראנק א יאָהר, אזוי לאנג וויא איהר וועט זיין אין פאַריז.

— וועל איך בלייבען אויף אלע מאָל אין פאַריז.

— מען קען ניט וויסען וואס עס וועט זיין. דערווייל וועט איהר זיין דאָ.

— בלייבט מיין פאָטער לאנג אין פאַריז?

— ניין, אייניגע טעג, דאַן פאָהרט ער אוועק.

— אזוי! מיין פאָטער פאָהרט באלד אוועק! האט אנדרעאַ אויסגערופען מיט פרייד.

— אלזאָ, האט מאַנטע קריסטאָ געזאָגט מאכען זיך ניט הערענדיג דעם פריידען אויסרוף, וויל איך אייך ניט לענגער אָפּהאלטען פון צו זעהען זיך מיט אייער פאָטער. גייט אריין אין יענעם צימער, מיין פריינד, ווען איהר געפינען אייער פאָטער, וועלכער ערווארטעט אייך.

אנדרעאַ האט זיך טיעף פערנייגט פאר'ן גראַף און איז ארויסגעגאנגען. באלד נאָך איהם האט מאַנטע קריסטאָ אָפּגערוקט א בילד, וואו עס איז געווען א פערדעקטער לאָך אין דעם אנדערן צימער.

אנדרעאַ האט פערמאַכט דיא טהיר הינטער זיך און, איז צוגעגאנגען צום מאַיאָר, וועלכער האט זיך אויפגעהויבען ביי דעם קלאַפּ פון טריט.

— אַה, מיין טייערער פאָטער, האט ער געזאגט אין דער הויך, כדי מאַנטע קריסטאָ זאל הערען פון יענער זייט טהיר, זייט איהר עס טאקע?

— א גוט מאָרגען, מיין טייערער זון, האט דער מאַיאָר געזאָגט מיט א וויכטיגע שטימע.

— נאך אזוי פיעל יאָהרען פון שיידונג, האט אנדרעא געזאגט קוקענדיג אויף ־ער ווייב, האבען מיר יעצט דעם גרויסען גליק אונז ווידער צו זעהען.

— דיא שיידונג איז טאקע געווען א לאנגע.

— וועלען מיר זיך ניט צוקושען, מיין הערר? האט אנדרעא געזאָגט.

— וויא איהר ווילט, מיין זון, האט דער מאיאָר געזאָגט.

דיא ביידע מענער האבען זיך ארומגענומען קושען, אזוי וויא אין טהעאטער; יעדערער רוקט ארויס דעם קאָפּ איבער דעם אנדערנס אקסעל.

— וואו זיינען דיא פּאפּירען, טייערער פאָטער?

— אָט זיינען זיי. אנדרעא האט געכאפּט דיא פּאפּיערען און האט בעטראכט דיא כתובה פון זיין פאָטערס הייראט און דאן זיינע מעטריקעס, און א העכסט צופרי־ דענער שמייכעל האט געשיינט אויף זיינע ליפּען. ער האט בעטראכט דעם מאיאָר.

ווייסט איהר האט ער געזאגט אין עכט איטאליעניש, גיעבט עס דען ניט אין איטאליען קיין קאטאָרזשנע ארבייט? דער מאיאָר האט זיך אויפגעהויבען.

— און פאר וואָס איז עס? האט ער געפרעגט.

— ווייל מען פאבריצירט דארטען אזעלכע פּאפּירען. פאר העלפט פון דאס, מיין טייערער פאָטער, וועט מען אונז אין פראנקרייך אוועקשיקען אויף פינף יאָהר אין טולאָן.

— וואָס דערציילט איהר דאָ? האט דער מאיאָר געפרופט זאָגען מיט א שטרענ־ גער שטימע.

— מיין טייערער הערר קאוואלקאנטי, האט אנדרעא געזאגט דריקענדיג זיין אָרעם, וויפיעל גיט מען אייך, אז איהר זאלט זיין מיין פאָטער?

דער מאיאָר האט געוואלט ריידען.

— שטיל! האט אנדרעא געזאָגט אראָפּלאָזענדיג זיין שטימע. איך וועל אייך געבען א ביישפּיעל פון פערטרויען: מען גיט מיר פופציג טויזענד פראנק א יאָהר, אז איך זאל זיין אייער זון. אלזאָ קענט איהר פערשטיין, דאס ניט איך וועל לייקענען, אז איך בין אייער זון.

דער מאיאָר האט זיך אונרוהיג אומגעקוקט.

— זייט רוהיג, מיר זיינען אליין, האט אנדרעא געזאָגט, און דאן ריידען מיר איטאליעניש.

— וועל! מיר גיט מען איין מאָל פאר אלע מאָל פופציג טויזענד פראנק.

— הערר קאוואלקאנטי, גלויבט איהר אין צויבער געשיכטען? האט אנדרעא געזאָגט.

— ניין, איך האב קיין מאָל ניט געגלויבט, אָבער יעצט מוז איך גלויבען.

— האט איהר דען בעווייזע? האט אנדרעא געפרעגט.

— איך האב בעקומען א בריעף פון א געוויסען גייסטליכען בוזאָני, וועלכען איך האב אין מיין לעבען ניט געזעהען. און איהר?

— איך האב בעקומען א בריעף פון א געוויסען סימבאד דער מאטראָז און איך האב איהם אויך קיין מאָל ניט געזעהען. אָבער וואָס קימערט אונז? מען גיט אונז געלד, אז מיר זאלען זיין פאָטער און זון, לאָמיר פון מיינעט וועגען זיין מוטער און טאָכטער אויך,

מאַנטע קריסטאַ האט געפונען יעצט פאר דיא בעסטע צייט אריינצוגיין צו דיא פּאַר פאָלק. ווען זיי האבען דערהערט זיינע טריט, האבען זיי זיך א וואַרף געטאָן איינער דעם אנדערן אין דיא אָרעם.

— וועל! הערר מארקיז, האט מאַנטע קריסטאַ געזאָגט, עס שיינט, אז איהר האט געפונען א זון צו אייער הארץ?

— אָך, הערר גראַף, איך ווער דערשטיקט פון פרייד.

— און איהר, יונגער מאן?

— איך, הערר גראַף, איך ווער דערוואָרגען פון גליק.

— גליקליכער פאַטער! גליקליכעס קינד! האט דער גראף געזאָגט. האט אייך שוין אייער פאַטער געגעבען עפּעס געלד? האט מאַנטע קריסטאַ געפרעגט אנדרעא.

— איך זאָל איהם געבען געלד? האט דער מאיאָר ערשטוינט געפרעגט.

— געוויס איהר. און איך וועל איהם געבען פאר אייך. נאט, יונגער מאן. און ער האט איהם געגעבען א פּעקעל באַנק בילעטען.

— מיין טייערער, פאַטער, האט אנדרעא געזאָגט אריינלייגענדיג דאס געלד אין פּאַקעט.

— נו, יעצט גייט. האט מאַנטע קריסטאַ געזאָגט.

— און ווען וועלען מיר האבען דיא עהרע ווידער צו זעהען דעם הערר גראף?

— שבת. דיזען טאָג גיב איך א דינער אין אָטויל. עס וועט ביי מיר זיין אייער באנקיר, הערר דאנגלאר, מוז איך אייך פאָרשטעלען פאר איהם. איהר מוזט זייןביידע זעהר פיין אָנגעצויגען.

— וויפיעל א זייגער זאָלען מיר זיין דאָרטען? האט דער יונגער מאן געפרעגט.

— געגען האלב זיעבען אבענד.

— גוט, מיר וועלען זיין צו דער צייט, האט דער מאיאָר געזאָגט.

ביידע קאוואלקאנטים האבען געגריסט און זיינען ארויסגעגאנגען. דער גראף איז געגאנגען צום פענסטער און האט געזעהען וויא זיי זיינען דורכגעגאנגען דעם הויף געאָרמט.

— אָט זיינען צוויי גרויסע שפּיצבובען! איידער וואס זיי זיינען אין אמת'ן ניט פאַטער און זון! און אין א וויילע ארום האט ער געזאָגט:

— יעצט וועל איך גיין צו מאָרעל; איך גלויב, אז דער עקעל איז נאך גרעסער פאר מיין ראַבע.

18טער קאפּיטעל.

## לעבען פּארקאַן.

מיר קעהרען זיך ווידער אום צום פּארקאן, וואו מיר האבען איין מאָל געטראָפען מאַקסימיליאַנען מיט וואלענטינען. דעם מאָל איז מאַקסימיליאן געקומען דער ערשטער, און ער האט דער ערשטער געקוקט דורך דעם שפּאַלט אין גאָרטען. ער האט דערזעהען פון ווייטען גייענדיג צוויי מיידלעך, אין ווערלבע ער האט דערקענט וואלענטינע און עזשעניע דאנגלאר'ס טאָכטער. יעצט האט ער פערשטאנען, פאר וואס וואלענטינע האט היינט פערשפּעטיגט.

וואלענטינע איז פערבייגעגאנגען פארביי דעם פּארקאַן, וואו מאַקסימיליאַן איז געשטאנען, אום איהם צו ווייזען, אז זיא איז ניט שולדיג וואס זיא איז ניט געקומען צו דער צייט.

אין א האלב שעה ארום איז זיא געקומען אליין. זיא האט זיך צו ערשט גוט ארומגעקוקט און דאן איז זיא צוגעגאנגען צום פּארקאַן.

— גוט מאָרגען, מאַקסימיליאַן; איך האב אייך געלאָזען ווארטען, אבער איהר האט געזעהען דיא אורזאך.

— יא, איך האב דערקענט דיא פריילין דאנגלאר. איך האב ניט געגלויבט, אז איהר זייט אזוי בעפריינדעט מיט איהר.

— ווער האט אייך געזאגט, אז מיר זיינען בעפריינדעט, מאַקסימיליאַן?

— קיינער ניט, אבער איך האב עס געזעהען נאך אייער בענעהמונגען. מען וואָלט געקענט זאָגען, אז צוויי פריינד פערטרויען זיך סודות.

— מיר האבען זיך טאקע פערטרויט סודות, האט וואלענטינע געזאגט. זיא האט מיר פערטרויט איהר אָפּשטויסונג געגען דער הייראט מיט אלבערט מאָרסערף, און איך האב איהר דערציילט, וואָס פאר איין אונגליק עס וועט פאר מיר זיין צו הייראטהען מיט פראנץ ד'עפּיניי.

— טייערע וואלענטינע! האט מאַקסימיליאַן געזאגט.

— אָט פאר וואס, מיין פריינד, האט דיא יונגע מיידעל פאָרטגעזעצט, אייך האט זיך געדאכט, אז איך בין אזוי בעפריינדעט מיט עזשענעיען: ווייל ריידענדיג וועגען א מענשען, וועלכען איך קען ניט ליבען, האב איך געדאכט ארום דעם מענשען, וועלכען איך ליעב.

— איהר זייט אין אלע זאכען גוט, וואלענטינע. אָט דאס איז דער אונטערשיעד צווישען אייך און פריילין דאנגלאר. זיא איז א בליום אָהן פּארפום און איהר זייט א בליום מיט פּארפום.

— אייער ליעבע, מאַקסימיליאַן, מאכט אייך צו בעטראכטען אזוי דיא זאכען.

— ניין, וואלענטינע, איך שווער אייך, אז ניין. אָבער זאגט מיר, וואלענטינע, איז עס ווייל עזשעניע ליעבט אנאנדערן, ווייל זיא קעהרט זיך אָפּ פון מאָרסערף?

— זיא האט מיר געזאָגט, אז זיא וויל ניט הייראטען, ווייל זיא וויל זיין פריי. זיא וואלט בעסער וועלען ווערן איין אַקטריסע.

— נו, פון מיינעט וועגען קען זיא ווערן איין אקטריסע, אבי זיא האט אייך יעצט בעפרייט און מיר קענען ריידען.

— אָה, יא, דען מיר האבען קוים צעהן מינוט צייט דערצו.

— וואס איז דען? האט מאַקסימיליאַן אויסגערופען. פאר וואָס ווילט איהר מיך אזוי שנעל פערלאָזען?

— איך ווייס ניט. מאדאם ווילפאָר האט מיר געהייסען אריינקומען צו איהר, עס האנדעלט זיך וועגען מיין האלבען פערמעגען. אך לאָז זיא צונעמען מיין גאנצען פערמעגען און לאָז זיא מיך נאר לאָזען פריי. איהר וועט דאך מיך ליעבען, אז איך וועל זיין אָרעם אויך, ניט אמת, מאָרעל?

— אָה, איך וועל אייך ליעבּען אלע מאָל. וואָס גייט מיך אָן אָרעם אדער רייך, ווען איך האבּ מיין וואלענטינען און איך בּין זיכער, אז קיינער וועט זיא בּיי מיר ניט צונעמען! אבּער וואס בּעדייט דיזער רופען אייך, וואלענטינע? זאל עס ניט זיין וועגען אייער הייראַט?

— איך גלויבּ עס ניט, האט וואלענטינע געזאגט.

— איך האבּ געהערט פון אלבּערט'ן, אז פראנץ ד'עפּיניי דארף בּאלד קומען.

וואלענטינע איז געוואָרען בּלייך און האט זיך אָנגעהאלטען אָן דיא שטאַכעטעס.

— זאל עס טאקע זיין אמת! האט זיא אויסגערופען. אָבּער ניין, איך ווייס, אז מאדאם ווילפאָר איז געגען דיזער הייראַט.

— פאר וואס זאל זיא זיין געגען דיזער הייראַט, וואלענטינע?

— זיא אין ניט אליין געגען דיזער הייראַט; זיא וואלט איבּערהויפּט ניט וועלען, אז איך זאל חתונה האבּען, און איך וועל אייך זאגען פאר וואָס. אזוי בּאלד וויא איך וועל חתונה האבּען, בּעקומ איך בּאלד מיין גאנצע ירושה, און פאר איהר זון עדואר בּלייבּט במעט גאָרניט. און אז איך וועל ניט הייראטען, קען זיין, אז דיא גאנצע ירושה וועט בּלייבּען פאהרן זון.

— זאל דיזע ווייבּ גיין אזוי ווייט וועגען איהר זון?

— איך גלויבּ, אז פאר איהר וואלט ניט זיין שווער מיך צו פערגיפטען וועגען איהר זון.

— וואלענטינע, מיין ליעבּע צו אייך איז אלע מאָל הייליג, און איך האבּ זיא ניט פערטרויט קיינעם אין דער וועלט, אפילו ניט צו מיין שוועסטער. וואלענטינע, ערלויבּט איהר מיר צו ריידען דעריבּער צו א פריינד?

וואלענטינע האט געגעבּען א שוידער.

— צו א פריינד! האט זיא געזאגט. מיך שוידערט ווען איך הער אייך בּלויז ריידען וועגען אזא זאך! צו א פריינד! און ווער איז דער פריינד?

— מיין טייערער פריינד, איהר קענט איהם.

— איך? האט וואלענטינע געזאָגט.

— יאָ, עס איז דער מאַן, וועלכער האט גערעטעט אייער שטיפמוטער און איהר זון דעם לעבּען.

— דער גראַף מאָנטע קריסטאָ?

— ער זעלבּסט, האט מאָרעל געזאָגט.

— אָה! האט וואלענטינע אויסגערופען, ער קען קיין מאָל ניט זיין מיין פריינד; ער איז צו פיעל פריינד פון מיין שטיפמוטער.

— דער גראַף זאל זיין דער פריינד פון אייער שטיפמוטער, וואלענטינע? מיין הארץ זאָגט מיר, אז דאס קען ניט זיין און אז איהר האט א טעות.

— אָה, ווען איהר ווילט וויסען, מאַקסימיליאַן; ניט עדואר איז יעצט דער יחסן אין הויז, דאס איז מאָנטע קריסטאָ. מאדאם ווילפאָר איז צו איהם צוגעלאָזען נאך מעהר וויא צו איהר עדואר און מאָנטע קריסטאָ איז ניט נאר א גוטער פריינד אין הויז, ער איז דאָ בּיי זיך אין דערהיים.

— וועל! טייערע וואלענטינע, אויב דיא זאכען זיינען אזוי, דארפט איהר זיך פרייען און ניט זיך מצער זיין. ער האט בעגעגענט אַלבערט'ן אין איטאַליען גראדע איהם ארויסצונעמען פון דיא הענד פון רויבערס: ער האט בעמערקט מאדאם דאנגלאר, אום איהר צו מאכען א קעניגליכען פרעזענט; אייער שטיפמוטער און איהר זון פאַהרען פארביי דעם גראף'ס הויז, אז זיין אראבער זאל זיי רעטען דאס לעבען. איך האב קיין מאָל ניט געטראָפען א מענשען, אז וואו ער זאל זיך געבען א ריהר, זאל ער טאָן א גוטע זאך. זיין שמייכעל איז אזוי זיס, ווען ער רעט צו מיר, אז איך פערגעס וויא ביטער דער זעלבער שמייכעל איז, ווען ער רעט צו אנאנדערן. אָה, זאגט מיר, וואלענטינע, האט ער צו אייך אויך אזוי געשמייכעלט? ווען ער האט עס געטאָן, וועט איהר זיין גליקליך.

— מיך! האט דיא יונגע מיידעל געזאגט, אך מאקסימיליאן, ער קוקט מיך אפילו ניט אָן, און ווען ער גייט מיר א מאָל פערביי, קעהרט ער אָפּ זיין בליק פון מיר. ווען ער וואלט געווען א גוטער וויא איהר זאָגט, וואָלט ער זיך ניט אָפּגעקעהרט פון איין אונגליקליכע, וועלכע ליידט אזוי פיעל און ער וואלט מיך געשיצט. דיא מענער זיינען נאר גוט צו אזא שטארקען און שיינעם מאַן וויא איהר, אָבער זיי גלויבען, אז זיי מעגען צוטרעטען איין אָרימע מיידעל, וועלכע וויינט.

— אָה וואלענטינע! איהר האט א טעות, איך שוואר אייך. אבער ווען איהר האט פון איהם אזא מיינונג וועל איך צו איהם ניט ריידען וועגען אונז.

— זאָגט מיר, מאקסימיליאן, וואס האט פאר אייך דער גראף מאָנטע קריסטאָ געטאָן?

— איך מוז אייך געשטיין, וואלענטינע, אז איהר ברייננגט מיר אין פערלעגענהייט מיט דיזער פראגע. ער האט פאר מיר קיין וויכטיגע זאך ניט געטאָן. דאָך, אזוי וויא איך האב אייך געזאָגט, איז עס אזא געפיהל צו איהם, וועלכען איך קען מיר ניט ערקלערן. טוט עפּעס דיא זון פאר מיר? ניין. זיא ווארמט מיך נאר און איך זעה איהר ליכט; דאס איז אלעס. א אינערע שטימע זאגט מיר, אז דאס איז ניט קיין צופאל, וואס ער איז אזוי גוט צו מיר. איהר וועט לאכען, וואלענטינע, אבער צייט איך קען דעם מענשען, איז מיר געקומען דער ווילדער געדאנקען, אז אלעס וואס מיר טרעפט, קומט פון איהם. איך בין אלט דרייסיג יאָהר און איך האב קיין מאל ניט געדארפט קיין בעשיצער, ניט אמת? פון דעסטוועגען, אָט האט איהר א ביישפּיעל. ער לאַדעט מיך איין אויף שבת אויף דינער צו זיך. דאכט זיך, וואס איז דאָ פאר א גרויסע זאך צווישען בעקאנטע, ניט אמת? וועל! וואָס האב איך פון דיזער צייט ערפאהרען? אייער פאָטער און מוטער וועלען זיין אויף דיזען דינער. איך וועל זיך בעגעגנען מיט זיי, און ווער וויים וואס דערפון וועט שפּעטער ארויסקומען. אָט דאס האט מיר געגעבען צו דענקען, אז דער גראף מיינט עפּעס דערמיט און ער וויים פון מיין ליעבע צו אייך.

— מיין טייערער פריינד, האט וואלענטינע געזאָגט, איך זעה אין דיזער גאנצער געשיכטע ניט מעהר וויא א בלויזען צופאל און איך ערווארטע פון קיינעם קיין שטיצע וויא פון אייך, מאקסימיליאן.

— איהר קענט זיך רעדען וואָס איהר ווילט, טייערע וואלענטינע, איך בלייב ביי

מיינער מיינונג וועגען דעם גראף. און איך וועל אייך דערציילען נאך א זאך. זעהט איהר דארטען מיין נייען פערד, מיט וועלכען איך בין אהער געקומען?

— אך, וואס פאר א שיינער פערד! האט וואלענטינע אויסגערופען. פאר וואס האט איהר איהם ניט געבראכט אהער, איך זאל איהם בעסער בעקוקען?

— עס איז א שיינער פערד און פון גרויסען ווערטה, האט מאקסימיליאן געזאגט. איהר ווייסט, אז מיין פערמעגען איז ניט אזוי גרויס און איך קען מיר אזא פערד ניט פערגינען. ווען איך האב געזעהען דעם פערד ביי דעם פערד הענדלער האב איך איהם געפרעגט וואס ער קאסט, האט ער מיר געזאגט פיער טויזענד פינף הונדערט פראנק. איך האב נאטירליך געמוזט אוועקגיין אהן דעם פערד, אבוואהל איך וואלט איהם געוואלט זעהר גערן האבען. ביי מיר זיינען געווען דיזען אבענד פערזאמעלט איינינע פון מיינע פריינד און זיי האבען מיך אויפגעפאדערט צו שפיעלען אין קארטען. איך האב נאכגעגעבען און מיר האבען זיך געזעצט שפיעלען.

אזוי וויא מיר האבען זיך געזעצט צום טיש, איז מאנטע קריסטא געקומען. ער האט גענומען זיין פלאץ. מיר האבען געשפיעלט און איך האב געוואונען פינף טויזענד פראנק. ווען מיר האבען אויפגעהערט צו שפיעלען, זיינען זיך אלע צוגאנגען און איך בין גלייך געלאפען נאכ'ן פערד. איך האב פאר איהם בעצאהלט און בין אוועקגעריטען אין שאן-זעלייע. וועל! איך בין פארבייגעפאהרען דעם גראף'ס הויז און איך האב געקוקט אין זיין פענסטער, און מיר שיינט, אז איך האב איהם דארטען געזעהען.

יעצט, וואלענטינע, וועל איך ניט שווערן, אז דער גראף האט ניט געוואוסט, אז איך וויל האבען דעם פערד און ער האט מיט פליס צו מיר פערשפיעלט דיא פינף טויזענד פראנק.

— מיין טייערער מאקסימיליאן, מיר שיינט, אז איהר פאנטאזירט.... אבער אט רופט מען מיך, הערט איהר?

— א, יא, האט מאקסימיליאן געזאגט, גיט מיר אייער פינגער.

וואלענטינע האט איהם דערלאנגט דיא גאנצע האנד, וועלכע מאקסימיליאן האט געכאפט קושען. באלד איז זיא אוועקגעלאפען.

## 19טער קאפיטעל.

## נוארטיע און ווילפאר.

אט וואס האט פאסירט אין ווילפאר'ס הויז נאכדעם, אז מאדאם דאנגלאר איז פון דארטען אוועקגעגאנגען. ווילפאר איז אריינגעגאנגען צו זיין פאטער בעגלייטעט פון מאדאם ווילפאר. וואלענטינע האט אין דיזער צייט גערעט מיט מאקסימיליאנען.

וועןביידע זיינען אריינגעגאנגען צום אלטען, האבען זיי ארויסגעשיקט דעם אלטען דיענער בארוא, וועלכער איז שוין פון פינף און צוואנציג יאהר געווען אין זעהר הויז, און האבען זיך געזעצט פוןביידע זייטען לעבען אלטען.

דער אלטער נוארטיע איז געזעסען אין זיין גרויסער קרעסלע אונבעוועגליך וויא א סטאטוע און האט געזעהען דורכ'ן שפיעגעל אריינקומענדיג זיין זון און דיא שנור. דריי

פערזאָן האבען פערשטאנען זיין שפּראך. דאס זיינען געווען וואלענטינע, ווילפּאָר און דער אַלטער דיענער.

— מיין הערר, האט ווילפּאָר געזאָגט צום פּאראליזירטען, וואונדערט זיך ניט וואס מיר האבען אוועקגעשיקט וואלענטינע און דעם אלטען דיענער, דען דאס וואס מיר האבען מיט אייך צו ריידען, דארף קיין יונגע מיידעל און קיין דיענער ניט הערן.

— דיא מיטהיילונג וואס מיר ווילען אייך מאכען, האט ווילפּאָר ווייטער געזאָגט מיט א קאלטער שטימע, בין איך זיכער, אז זיא וועט אייך זיין אנגענעהם.

דיא אויגען פון דעם אלטען זיינען געווען אונבעוועגליך; ער האט זיך נאָר איינ־געהערט.

— מיין הערר, האט ווילפּאָר פּאָרטגעזעצט, מיט פערהייראטען וואלענטינע.

דיא אויגען פון דעם אלטען זיינען געווען אונבעוועגליך. מאדאם ווילפּאָר האט דאן גענומען דאס וואָרט:

— מיר האבען געדענקט, אז דיזע נייעס וועט אייך דערפרייען; מיר דארפען אייך נאר זאגען דעם נאָמען פון דעם חתן—ער הייסט פראנץ ד'עפּיניי.

דעם אלטען'ס אויגען האבען געשפּריצט פייער. ווילפּאָר האט זיך געמאכט, אז ער האט עס ניט בעמערקט, און האט ווייטער געזאָגט.

— נאָר אזוי וויא מיר האבען אייך געוואָלט פריהער אָנזאָגען דיא שמחה, דען איהר וועט האבען צוויי ליעבע אייניקלעך אָנשטאָט איינעם, זיינען מיר עס געקומען אייך דערציילען.

דיא אויגען פון דעם אלטען זיינען פערגאָסען געוואָרען מיט בלוט. אין דער ברוסט פון דעם אלטען האט געמוזט פּאָרקומען עטוואָס שרעקליכעס. און דאס וואס ער האט ניט געקענט אויס־יידען איז איהם אריין אין גאָרגעל און ער איז באלד דערשטיקט געוואָרען.

ווילפּאָר איז צוגעגאנגען צו דעם פענסטער, זאָגענדיג:

— עס איז דאָ זעהר ווארעם און דיזע ווארעמקייט ווירקט זעהר שלעכט אויף הערר נוארטיע. און ער האט אויפגעמאכט דעם פענסטער. דאן האט ער זיך צוריק געזעצט.

— דיזע הייראט געפעלט דיא פאמיליע ד'עפּיניי, האט מאדאם ווילפּאָר געזאָגט. איבריגענס בעשטייט דיזע פאמיליע פון זיין אָנקעל און פון זיין טאנטע. זיין מוטער איז געשטארבען, ווען דער באָי איז אלט געווען צוויי יאָהר און זיין פּאָטער איז ערמאָרדעט געוואָרען אין יאָהר 1815.

— א געהיימער מאָרד, האט ווילפּאָר געזאָגט, וועלכער האט זיך קיין מאָל ניט אויפגעקלערט.

נוארטיע האט זיך אזוי אָנגעשטרענגט, דאס זיינע ליפּען האבען זיך פערענדערט אין א שמייכעל.

— דאָך, האט ווילפּאר פּאָרטגעזעצט, דיא וואהרע שולדיגע אין דעם פערברעכען, וועלבע קענען נאך בעשטראָפט ווערן פאר זייער טהאט, וואלטען קענען זיין גליקליך אין אונזער פלאץ, ווען זיי וואלטען האבען א טאָכטער צו געבען ד'עפּיניי פאר א ווייב, אום דער גאנצער פערדאכט זאל פון זיי אראָפּגענומען ווערן.

זאָגענדיג דאס האט ווילפאַר געגעבען א צייכען צו זיין פרוי.

— יעצט מיין הערר, האט מאדאם ווילפאַר געזאָגט, ווילט איהר זעהען דעם קליינעם עדואר?

דעם אלטען'ס צייכענס זיינען געוועזן: אויף יא האט ער צוגעמאכט דיא אויגען, אויף ניין האט ער געמאכט עטליכע מאָל מיט דיא אויגען און ווען ער האט עפּעס געוואָלט האט ער געהויבען דיא אויגען אין דער הויך. ווען ער האט געדארפט וואלענטינע, האט ער צוגעמאכט דעם רעכטען אויג, ווען ער האט געדארפט דעם אלטען דינער האט ער צוגעמאכט דעם לינקען אויג.

אויף דער פראגע פון מאדאם ווילפאַר, האט ער געמאכט עטליכע מאָל מיט דיא אויגען. מאדאם ווילפאַר האט פערשטאנען, אז ער וויל ניט זעהען איהר עדואר, און זיא האט זיך געביסען דיא ליפּען.

— ווילט איהר אלזאָ, אז איך זאל אייך שיקען וואלענטינע? האט זיא געזאָגט.

דער אלטער האט שנעל צוגעמאכט דיא אויגען. ווילפאַר און זיין פרוי האבען איהם געגריסט און זיינען ארויסגעגאנגען. באלד נאך זיי איז וואלענטינע אריינגעקומען. מיט איין קוק האט זיא פערשטאנען, וואס ער האט געליטען און וואס ער וועט איהר זאָגען.

— אָ, טייערער פאָטער! האט זיא אויסגערופען, וואס איז געשעהען? מען האט דיך געקריינקט, און דו ביזט אין צאָרן, ניט אמת?

— יא, האט דער אלטער געמאכט צוקוועטשענדיג דיא אויגען.

— געגען וועמען? געגען מיין פאָטער? ניין; געגען מאדאם ווילפאַר? ניין. געגען מיר? דער אלטער האט געמאכט א צייכען אז יא.

— געגען מיר? האט וואלענטינע פערוואונדערט אויסגערופען.

דער אלטער האט נאך א מאָל געמאכט דענזעלבען צייכען.

— וואָס האב איך דיר דען געטאָן, טייערער פאָטער? האט וואלענטינע אויסגערופען.

דער אלטער האט ניט געענטפערט און זיא האט פאָרטגעזעצט.

— איך האב דיך א גאנצען טאָג ניט געזעהען, האט מען דיר עפּעס דערציילט וועגען מיר?

— יא, האט דער שנעלער בליק פון דעם אלטען געענטפערט.

— אָבער וואס האט עס געקענט זיין?.... איז דאָ ניט געוועזן מאדאם ווילפאַר און מיין פאָטער?

— יא, האבען דעם אלטען'ס אויגען געענטפערט.

— זיי האבען דיך אלזאָ געקריינקט? וואָס האבען זיי דיר דען געזאָגט? ווילסטו, אז איך זאָל זיי גיין פרעגען?

— ניין, ניין, האט דער בליק געענטפערט.

— אָבער וואָס האבען זיי דיר געקענט זאָגען? האבען זיי אפשר גערעט וועגען מיין הייראַט? האט זיא געזאָגט מיט א שטילער שטימע.

— יא, האבען דיא אויגען געענטפערט מיט צאָרן.

— יעצט פערשטיי איך. דו ביזט אויף מיר בייז, וואס איך האב עס דיר פריהער ניט דערציילט? דאס איז ווייל צו מיר האבען זיי וועגען דעם ניט גערעט. איך האב עס ערפאהרען פון דער זייט, און ווייל איך האב ניט געוואוסט אקוראט, האב איך צו דיר דערפון ניט גערעט. פערצייה מיר, גוטער פאטער נוארטיע.

דיא אויגען זיינען געבליבען שטיל, אזוי וויא זיי וואלטען געוואלט זאגען: „ניט דיין שווייגען אליין בעטריבט מיך.“

— וואס דען? האט דיא יונגע מיידעל געפרעגט. דו מיינסט אפשר, איך וועל דיך פערלאזען, גוטער פאטער, ווען איך וועל הייראטען?

— ניין, האט דער אלטער געענטפערט.

— האבען זיי דיר געזאגט, אז פראנץ ד'עפיניי ווענט וועלען, אז מיר זאלען בלייבען צוזאמען?

— יא, האט דער אלטער געענטפערט.

— פאר וואס־זשע ביזטו אין כעס?

דיא אויגען פון דעם אלטען האבען בעקומען איין אויסדרוק פון גרויסע ליידען.

— אה, איך פערשטיי, ווייל דו ליעבסט מיך? האט וואלענטינע געזאגט.

דער אלטער האט געמאכט א צייכען, אז יא.

— און דו האסט מורא, אז איך זאל ניט זיין אונגליקליך?

— דער אלטער האט ווידער געזאגט יא.

— דו ליעבסט ניט העררן פראנץ ד'עפיניי?

— דיא אויגען פון דעם אלטען האבען געענטפערט דריי מאל ניין.

— דאן האסטו גרויסע שמערצען, גוטער פאטער?

— יא, האט דער אלטער געענטפערט.

— וועל! האט וואלענטינע געזאגט זיך שטעלענדיג אויף דיא קניע פאר'ן אלטען און ארומנעמענדיג מיט איין האנד זיין האלז, הער מיך אויס, איך לייד אויך זעהר פיעל, דען איך ליעב ניט פראנץ ד'עפיניי.

א בליק פון פרייד האט געגעבען א שיין אין דעם אלטען'ס אויגען.

— אלזא מאכט דיר דיזע הייראט פיעל שמערצען, ליעבער פאטער? אך ווען דו וואלסט מיר קענען העלפען, ווען מיר ביידע וואלטען קענען צושלאגען דיזע געשיכטע! אבער דו האסט קיין קרעפטען ניט געגען זיי. דיין גייסט און דיין פערשטאנד איז געזונד, אבער ווען עס האנדעלט זיך צו קעמפפען, ביזטו אויך אזוי שוואך און נאך שוואכער פאר מיר. ליידער! ווען דו וואלסט געהאט דיינע פריהערדיגע געזונד, וואלסטו מיך גע־קענט שיצען, אבער יעצט קענסטו מעהר ניט וויא פערשטיין און מיט מיר זיך פרייען אדער טרויערן.

ביי דיזע ווערטער האבען דיא אויגען פון נוארטיע געוויזען אזוי פיעל מוטה, דאס דיא יונגע מיידעל האט אין זיי געקענט געפינען דיזע ווערטער:

— דו האסט א טעות, איך קען נאך זעהר פיעל טאן פאר דיר.

— דו קענסט עפעס טאן פאר מיר? האט וואלענטינע געזאגט.

— יא, האט דער אלטער געענטפערט, און ער האט אויפגעהויבען דיא אויגען אין

דער הויף. דאס איז געווען א צייכען, אז ער וויל עפּעס.

— וואָס ווילסטו, טייערער פאָטער? וואַלענטינע האט אויסגעפרעגט אלעס, וואָס זיא האט געהאט אין געדאנקען און דער אַלטער האט אלץ געענטפערט ניין. דאַן האט זיא זיך גענומען צום לעצטען מיטעל. זיא האט אָנגעפאנגען אלע בוכשטאבען פון א״ב און ווען זיא איז געקומען צום נון האט דער אלטער געמאכט א צייכען, אז יא.

— אלזאָ עס איז א נון. און וואס איז ווייטער? מיר וועלען בוכשטאבירען. נאָ, נע, ני, נאָ.

— יאָ, יאָ, יאָ, האט האט דער אַלטער געמאכט.

— אה! עס איז „נאָ״! האט וואלענטינע געזאָגט.

— יאָ, האט דער אַלטער געענטפערט.

וואלענטינע איז געגאנגען בריינגען א ווערטערבוך און האט איהם אויפגעמאכט פאר'ן אלטען. דאַן האט זיא אָנגעפאנגען צו גיין מיט דעם פינגער איבער דיא ווערטער „נאָ״ און האט געקוקט אויף דעם אַלטען'ס אויגען. ביי דעם וואָרט „נאָטאריוס״ האבען דיא אויגען געמאכט א צייכען צו בלייבען שטיין.

— „נאָטאריוס״, האט זיא געזאגט, דו ווילסט א נאָטאריוס, ליעבער פאָטער? דער אַלטער האט געמאכט א צייכען, אז ער וויל א נאָטאריוס.

— דארף מען אלזאָ שיקען רופען א נאָטאריוס? האט דיא יונגע מיידעל געפרעגט. מעג דער פאָטער אויך דערפון וויסען?

— יאָ, האט דער אַלטער געענטפערט.

— זאָל מען איהם גלייך שיקען רופען?

דער אַלטער האט געענטפערט, אז גלייך.

וואלענטינע האט אָנגעקלונגען דעם דיענער, אז ער זאל אריינרופען דעם הערךן אדער דיא מאדאם ווילפאָר.

— ביזטו צופריעדען? האט וואלענטינע געזאָגט צום אַלטען. יאָ.... אָה, איך גלויב עס: עס איז ניט געווען לייכט אויסצוגעפינען וואס דו האסט געוואלט. און דיא יונגע מיידעל האט געשמייכעלט צו איהר זיידען, אזוי וויא מען שמייכעלט צו א קינד.

ווילפאָר איז אריינגעקומען בעגלייטעט פון דעם דיענער בארוא.

— וואס ווילט איהר מיין הערר? האט ער געפרעגט דעם פאראליזירטען.

— מיין הערר, האט וואלענטינע געזאָגט, מיין זיידע פערלאנגט א נאָטאריוס.

ביי דיזען זאָנדערבארען און אונערווארטעטען פערלאנג האט ווילפאָר אָנגעקוקט דעם אַלטען.

— יאָ, האט דער אַלטער געענטפערט מיט א פעסטען בליק. מיט דער הילפע פון וואלענטינע און דעם אלטען דיענער האט ער געהאָפט אויסצוהאלטען דעם קאמפף מיט זיין זון.

— איהר פערלאנגט א נאָטאריוס? האט ווילפאָר וויעדערהאָלט.

— יאָ, האט דער אַלטער געענטפערט.

— צו וואָס? האט ווילפאָר געפרעגט.

נואַרטיע האט ניט געענטפערט.

— אָבער צו וואָס דארפט איהר א נאָטאריוס? האט ווילפאָר געפרעגט.

דיא אויגען פון דעם אלטען זיינען געבליעבען אונבעוועגליך, וואס עס האט געוואָלט זאגען, אז ער בלייבט ביי זיין פערלאנג.

— אונז אודאי אָפצוטאָן א שפיצעל? האט ווילפאָר געזאָגט. איז עס נייטיג?

— אָבער פון דעסטוועגען, האט בארוא געזאָגט מיט פעסטקייט, ווען דער הערר וויל האבען א נאָטאריוס, מסתמא דארף ער איהם דאך האבען. וועל איך איהם גיין רופען.

בארוא האט ניט אנערקענט קיין אנדער בעל הבית איבער זיך וויא נוארטיע און ער האט קיין מאָל ניט צוגעלאָזען, אז זיין ווילען זאל ניט זיין אויסגעפיהרט.

— יאָ, איך וויל א נאָטאריוס, האבען דעם אלטען'ס אויגען געזאָגט מיט א פעסטקייט, אזוי וויא ער וואלט וועלען זעהען אויב מען וועט איהם גיט פאָלגען.

— מען וועט אייך ברייננען א נאָטאריוס, מיין הערר, ווייל איהר פערלאַנגט עס, אָבער איך וועל זיך ענטשולדיגען פאר איהם און איהר וועט עס אויך טאָן, דען דיא סצענע וועט זיין זעהר לעכערליך.

— עס שאט ניט, האט בארוא געזאָגט, איך וועל איהם פון דעסטוועגען דאך גיין רופען.

און דער אלטער דיענער איז ארויסגעגאנגען מיט א שמייכעל.

20טער קאַפּיטעל.

## ד י א צ ו א ה.

ווען בארוא איז ארויסגעגאנגען האט נוארטיע אָנגעקוקט וואלענטינען מיט א טריאומפירענדען בליק. דיא יונגע מיידעל האט פערשטאנען דעם בליק און ווילפאָר אויך, דען זיין שטערן און זיינע ברעמען האבען זיך צוזאמענגעצויגען. ער האט גענומען א שטוהל און האט זיך געזעצט.

נוארטיע האט זיך צוגעקוקט און איז געבליבען גלייכגילטיג, אבער דורך א זייטיגען בליק האט ער וואלענטינען געזאָגט, אז זיא זאָל זיין רוהיג און זאָל ניט אוועקגיין.

דריי פערטעל שעה שפעטער איז דער דיענער אריינגעקומען מיט דעם נאָטאריוס.

— מיין הערר, האט צו איהם ווילפאָר געזאָגט, איהר זייט גערופען געוואָרען פון העררן נוארטיע ווילפאָר, וועלכער איז דיזער הערר. א פאראליז האט ביי איהם צוגע־נומען דיא שפראך און דיא בעוועגונג, און מיר אליין קענען קוים פערשטיין א שטיקעל געדאנקען פון איהם.

נוארטיע האט אזא קוק געטאָן אויף וואלענטינען, דאס זיא האט גלייך גע־ענטפערט.

— מיין הערר, האט זיא געזאָגט צום נאָטאריוס, איך פערשטיי אלעס וואס מיין זיידע זאָגט מיר.

— עס איז וואהר, האט בארוא צוגעזעצט, זיא פערשטייט אלעס, אזוי וויא איך האָב אייך געזאָגט אין וועג.

— איך מוז אייך זאָגען, מיין פריילין, האט דער נאָטאריוס געזאָגט, אז דאָס

געזעץ פערבאָט מיר צו טאָן עפּעס פאר א מאָן, וועלכער קען ניט ריידען און קען זיך קוים געבען צו פערשטיין.

זאָגענדיג דאס, האט דער נאָטאריוס געוואָלט אוועקגיין. אויף דעם פּראָקוראָר'ס ליפּען האט געשוועבט א צופריעדענער שמייכעל. נוארטיע וויעדער האט אָנגעקוקט וואַ־לענטינען מיט אזוי פיעל שמערצען, דאס זיא האט דעם נאָטאריוס פערטרעטען דעם וועג.

— מיין העדר, האט זיא געזאָגט, דיא שפּראַך, וועלכע איך פיהר מיט מיין זיידען איז לייכט צו פערשטיין און איך קען זיא איבערגעבען אנאנדערן. וואָס ווילט איהר אז איך זאָל אייך געבען צו פערשטיין פון איהם?

— איך מוז פערשטיין זיי יא אדער ניין אויף דיא פראגעס און וויא ער בעענט־פערט עס.

— ווען ער וויל זאָגען יא פערמאכט ער דיא אויגען און אויף ניט מאכט ער עטליכע מאָל מיט דיא ברעמען. יעצט פּרובירט איהם עפּעס פרעגען.

דער בליק פון דעם אלטען איז געווען אזוי צערטליך און דאנקבאר צו וואלענטינען, דאס דער נאָטאריוס האט איהם אויך פערשטאנען.

— האט איהר געהערט און פערשטאנען, וואס אייער אייניקעל האט געזאָגט? האט דער נאָטאריוס געפרעגט.

נוארטיע האט לאנגזאם צוגעמאכט דיא אויגען און האט זיי אין א ווילע ארום אויפגעמאכט.

— און איהר זייט איינשטימיג מיט איהר? דאס הייסט, איז עס ריכטיג, אז איהר קענט געבען צו פערשטיין אייערע געדאנקען דורך דיא צייכענס פון אייערע אויגען?

— יא, האט דער אלטער געענטפערט.

— איהר האט עס מיך גערופען?

— יא, האבען דיא אויגען געענטפערט.

— צו מאכען אייער צוואה?

— יא, האט דער אלטער געמאכט מיט דיא אויגען.

— און איהר ווילט ניט, אז איך זאל אוועקגיין אָהנע געשריעבען צו האבען דיזע צוואה?

— דער אלטער האט שנעל געענטפערט מיט דיא אויגען. א שטארקע צייכען אויף ניין.

— וועל! מיין העדר, יעצט פערשטייט איהר שוין? האט דיא יונגע מיידעל גע־פרעגט. איהר וועט שוין ניט האנדלען געגען דאס געזעץ?

אבער איידער דער נאָטאריוס האט געענטפערט, האט איהם ווילפאָר גענומען אָן א זייט.

— מיין העדר, האט ער געזאָגט, גלויבט איהר אז א מענש, וועלכער קען זיך ניט ריהרען און קען ניט ריידען, וועט קענען מאכען א צוואה, וואס איז אזא געוואלטיגע זאך?

— דיא הויפּט זאך איז, האט דער נאָטאריוס געזאָגט, אז מען זאָל קענען פער־שטיין זיינע געדאנקען.

— זעהט איהר, אז דאס איז אונמעגליך, האט ווילפאָר געזאָגט.

נואַרטיע און וואַלענטינע האבען געהערט דיזען געשפּרעך און דער אַלטער האט אזוי אַנגעקוקט וואַלענטינע, דאס זיא האט זיך גלייך אריינגעמישט.

— מיין הערר, האט זיא געזאָגט צום נאָטאַריוס, איך קען אייך געבען צו פערשטיין אַלע זיינע געדאנקען. איך בין שוין צעהן יאָהר לעבען מיין זיידען און פרעגט איהם, אויב איינער פון זיינע פערלאַנגען איז געבּליעבען ניט ערפילט.

— ניין, האט דער אַלטער געענטפערט.

— לאָמיר אַלזאָ פּרובירען, האט דער נאָטאַריוס געזאָגט. ווילט איהר האבען דיא פריילין פאר א דאָלמעטשער?

— דער פּאַראַליזירטער האט געענטפערט, אז יאָ.

— וועל! וואָס ווילט איהר פון מיר, און וואָס זאָל איך שרייבען?

וואַלענטינע האט אויסגערעכענט אַלע בוכשטאבען פון א״ב. ווען זיא איז געקומען צום „צ״ האט זיא דער אלטער אָפּגעשטעלט.

— איהר פערלאַנגט דעם בוכשטאַב „צ״? דאס איז קלאָר, האט דער נאָטאַריוס געזאָגט׳ און זיא האט בוכשטאַבּירט: צאַ, צאָ, צו.... דער אַלטער האט זיא דער ביי אָפּגעשטעלט. דאן האט וואַלענטינע גענומען דעם ווערטערבוך און האט געוויזען מיט׳ן פינגער ביז דעם וואָרט „צואה״. דער אַלטער האט זיא דערביי אָפּגעהאַלטען.

— צואה! האט דער נאָטאַריוס אויסגערופען, דיא זאַך איז קלאָר. דער הערר וויל מאכען זיי צואה.

— יאָ, האט דער אַלטער עטליכע מאָל געענטפערט.

— עס איז דאָך עפּעס גרויסאַרטיג, האט דער נאָטאַריוס געזאָגט. ניט אמת, הערר ווילפאָר?

— טאַקע גרויסאַרטיג, האט ווילפאָר געזאָגט. צו מאכען א צואה וואו יעדעס וואָרט דאַרף זיין דייטליך אויסגעדריקט פון דעם צואה־מאכער און דערצו נאָך איז דער דאָלמעטשער מיין טאָכטער וואַלענטינע, וועלכע איז פעראינטערעסירט אין דער צואה— עס איז טאַקע גרויסאַרטיג.

— ניין, ניין, האט דער פּאַראַליזירטער געמאכט.

— וויא אזוי! האט ווילפאָר אויסגערופען. איז וואַלענטינע ניט דערמאָנט אין דער צואה?

— ניין, האט דער אַלטער געענטפערט.

— מיין הערר, האט דער נאָטאַריוס געזאגט זייענדיג העכסט צופריעדען. יעצט זעה איך, אז דיא צואה קען זעהר לייכט געמאכט ווערן, דען דער אלטער הערר קען זיך זעהר לייכט געבען צו פערשטיין. מיר וועלען גלייך גיין צו דער ארבייט. ניט אמת, מיין הערר?

— יאָ, האט נואַרטיע געענטפערט מיט פרייד אין דיא אויגען, ווייל מען האט איהם פערשטאַנען.

ווילפאָר האט זיך געבראָכען דעם קאָפּ און האט ניט געקענט פערשטיין וואָס דער אַלטער וויל טאָן מיט זיין צואה. ער האט געשיקט רופען נאָך א נאָטאַריוס און

זיין פרוי, אין א פערטעל שעה זיינען אלע געווען פערזאמעלט לעבען דעם אלטען און דער צווייטער נאָטאריוס איז אויך געקומען.

ביידע נאָטאריוסען האבען צווישען זיך געהאלטען א געשפּרעך און דאן האט זיך דער ערשטער געווענדט צו נוארטיע און האט צו איהם געזאָגט:

— ווען מען מאכט א צוואה, מיין הערר, מוז זיא דאָך געווים זיין פאר אימעצען?

— יא, האט נוארטיע געזאגט.

— ווייסט איהר וויא הויך אייער פערמעגען איז?

— יא, האט ווידער דער אלטער געזאָגט.

— איך וועל אייך דערמאָנען מעהרערע ציפערן און אז איך וועל קומען צו אייערן, וועט איהר מיך אָפּהאלטען.

— יא, איז געווען דער ענטפער.

— בעזיצט איהר א פערמעגען פון פיער הונדערט טויזענד פראנק?

דעם אלטען'ס אויגען האבען געשוויגען.

— זעקס, זיעבען, אכט, ניין הונדערט טויזענד?

דער אלטער האט געמאכט א צייכען, אז יא.

— אין וואס איז אייער פערמעגען, אין הייזער אדער אין ווערטה פּאפּיערען?

דער אלטער האט געגעבען א צייכען צו זיין דיענער באַרואַ, און דיזער האט גלייך געבראכט א קעסטעלע, וועלכע ער האט אויף דעם בעפעהל פון זיין הערר אויפ־געמאכט. דיא נאָטאריוסען האבען איבערגעציילט דאס געלד און האבען געפונען, אז דער אלטער האט געהאט רעכט. עס איז דארטען געווען ריכטיג אויף ניין הונדערט טויזענד פראנק בילעטען.

— וועמען ווילט איהר לאָזען אייער פערמעגען? האט דער נאָטאריוס געפרעגט.

— געווים פאר זיין אייניקעל, פרייליין וואלענטינע. זיא האט עס כשר פערדיענט.

— איז עס פאר אייער אייניקעל, פרייליין וואלענטינע, האט דער נאָטאריוס געפרעגט.

— ניין, האט דער אלטער ענטשיעדען געענטפערט.

— האט איהר קיין טעות ניט? האט דער נאָטאריוס ערשטוינט געפרעגט. איהר זאָגט ניין.

— ניין, ניין, האט דער אלטער שאַרף געמאכט.

וואלענטינע האט אויפגעהויבען דעם קאָפּ און האט בעטראכט איהר זיידען מיט שטוינען. אָבער נוארטיע האט זיא אָנגעקוקט מיט אזוי פיעל ליעבע און צערטליכקייט, דאס זיא האט אויסגערופען:

— אָה, מיין גוטער פּאָטער! איך זעה, אז איהר נעמט פון מיר אוועק אייער פערמעגען אבער איהר לאָזט מיר אייער גוטע הארץ.

דער אלטער האט געזאָגט צעהן מאָל יא. דיזע ענטזאגונג האט געגעבען האָפנונג דער מאדאם ווילפאר; זיא האט זיך גענעהענט צו נוארטיע.

— דאן איז עס אייער אייניקעל עדואר, פאר וועמען איהר לאָזט אייער פערמעגען, טייערער הערר נוארטיע? האט זיא געפרעגט.

דער פינטלען מיט דיא אויגען איז געווען כמעט א שרעקליכער; ער האט אויס־גערדיקט האט.

— ניין, האט דער נאָטאריוס געזאָגט, דאן איז עס אייער הערר זון?

— ניין, האט דער אַלטער געזאָגט.

דיאביידע נאָטאריוסען זיינען געבליבען וויא פערשטיינערט. ווילפּאָר און זיין פרוי זיינען רויט געוואָרען, איינער פון שאנדע און דער אנדערער פון צאָרן.

— ערקלער אונז, ליעבער פּאָטער, האט וואלענטינע צום אלטען געזאָגט, וואָס דו ווילסט.

דער אַלטער האט געקוקט אויף וואלענטינעס האנד.

— מיין האנד? האט זיא געזאָגט.

— יא, האט נוארטיע געענטפערט.

— איהר האנד? האבען זיך אלע אָפּגערופען.

— אך, מיינע העררען, האט ווילפאָר געזאָגט, עס איז אלעס אומזיסט; זעהט איהר ניט, אז מיין פּאָטער איז משוגע?

— אהה, איך פערשטיי! האט וואלענטינע אויסגערופען. מיין הייראט, ניט אמת, מיין גוטער פּאָטער?

— יא, יא, יא, האט דער אלטער געמאכט שנעל.

— אלזאָ עס האנדעלט זיך וועגען מיין הייראטה? האט וואלענטינע געזאָגט.

— יא, האט נוארטיע געמאכט.

— אָבער דאס איז דאך א משוגעת, האט ווילפאָר געזאָגט.

— ענטשולדיגט מיין הערר, האט דער נאָטאריוס געזאָגט, איך זעה דאָ ניט קיין משוגעת.

— דו ווילסט ניט, אז איך זאל הייראטען מיט פראנץ ד'עפּיניי?

— ניין, איך וויל ניט, האט דער בליק ערקלערט.

— און איהר נעמט צו דיא ירושה פון אייער אייניקעל, האט דער נאָטאריוס גע־זאָגט, ווייל זיא הייראט געגען אייער ווילען?

— יא, האט נוארטיע געענטפערט!

— און ווען זיא וועט ניט הייראטען מיט דעם מאן, איז זיא אייער יורש?

— יא, האט דער אַלטער ווידער געזאָגט.

— אָבער איך בין דער בעל הבית, האט ווילפאָר געזאָגט, און איך זאָג, אז וואַ־לענטינע וועט הייראטען פראנץ ד'עפּיניי.

וואלענטינע איז געפאלען וויינענדיג אויף א שטוהל,

— מיין הערר, האט דער נאָטאריוס געזאָגט, וואָס רעכענט איהר צו טאָן מיט אייער פערמעגען ווען פרויליין וואלענטינע וועט הייראטען פראנץ ד'עפּיניי?

דער אַלטער האט געשוויגען, און דאן האט ער דורך עטליכע ענטפערס ערקלערט, אז ער וועט זיין פערמעגען אוועקגעבען פאר אָרימע.

— אָבער נאך אייער טויט וועט מען אטאקירען אייער צוואה, דען דאס געזעץ ערלויבט ניט אוועקצושיינקען דעם גאנצען פערמעגען, ווען עס זיינען דאָ קינדער.

— מיין פאָטער קען מיך, מיין הערר, האט ווילפאָר געזאָגט, ער וויס, אז זיין צוואה איז הייליג פאר מיר, און דען בין איך צופריעדען, אז דיא ירושה איז פאר אָרימע.

דיא אויגען פון דעם אלטען האבען אויסגעדריקט דעם זיעג.

— וואָס בעשטימט איהר, מיין הערר? האט דער נאָטאריוס געפרעגט ביי ווילפאָר.

— גאָרניט, מיין הערר. דער בעשלוס פון מיין פאָטער איז פעסט און ער ווענ איהם ניט ענדערן. זאל זיין אזוי. דיא ניין הונדערט טויזענד פראַנק וועלען ארויס פון אונזער פאמיליע און זיי וועלען ניין רייך מאכען דיא שפּיטאָלען. אבער איך וועל ניט נאָכגעבען דעם קאפּריז פון איין אלטען מאַן. איך וועל טאָן מיינס.

און ווילפאָר איז ארויסגעגאנגען מיט זיין פרוי, לאָזענדיג דעם פאָטער מאכען דיא צוואה וויא ער וויל.

דענזעלבען טאָג איז דיא צוואה געמאכט געוואָרען און איינגעלייגט ביי דעם נאָ־טאריוס פון דער פאמיליע.

21טער קאפּיטעל.

## דער טעלעגראַף.

ווען ווילפאָר מיט זיין פרוי זיינען ארוים פון נוארטיע און זיינען אריין צו זיך אין זאל, האבען זיי דארטען געטראָפען מאַנטע קריסטאָ. זיי האבען איהם דערציילט דיא גאנצע גע־שיכטע און האבען אויסגעגאָסען זייער הארץ. מאַנטע קריסטאָ האט זיי אויסגעהערט און האט זיי ביידען געגעבען רעכט. נאָכדעם האט ער זיי דערציילט, אז ער גייט הינטער דער שטאָט זעהען דעם נייען טעלעגראַף.

דענזעלבען אבענד איז ער אוועק אין דעם דאָרף לינאַ, וואו דער טעלעגראַף האט זיך געפונען.

דיא טעלעגראַפנע סטאַנציע האט זיך געפונען אויף א באַרג און ארומגערינגעלט פון א גרויסען גאָרטען. דער טעלעגראַפיסט איז געוועזען איין אלטער גערטנער, וועלכער האט בעארבייט דעם גאָרטען ווען ער האט ניט געהאט וואָס צו טעלעגראַפירען.

מאַנטע קריסטאָ האט איהם געטראָפען אין גאָרטען גראָבענדיג און האט מיט איהם אָנגעפאַנגען א געשפּרעך. דאן זיינען זיי ארויפגעגאנגען אין אפּאראט צימער, און דער אַלטער האט מאַנטע קריסטאָ ערקלערט דעם גאַנג פון טעלעגראַף.

— וואָס איז אייער געהאלט, האט איהם מאַנטע קריסטאָ געפרעגט.

— טויזענד פראַנק א יאָהר, מיין הערר, האט דער טעלעגראַפיסט געענטפערט.

— און וויא לאַנג זייט איהר שוין דאָ?

— פופצעהן יאָהר, האט דער אַלטער געענטפערט.

— און וויא אַלט זייט איהר? האט מאַנטע קריסטאָ געפרעגט.

— פינף און פופציג יאָהר.

— און וויפיעל יאָהר דארפט איהר דיענען, אז איהר זאָלט בעקומען א פּענסיע?

— פינף און צוואַנציג יאָהר, האט יענער געענטפערט.

— און אין וויפּיעל בעשטייט דיזע פּענסיע?

— אין דריי הונדערט פראנק א יאָהר.

— אָרימע מענשהייט! האט מאַנטע קריסטאַ געמורמעלט.

— וואָס זאָגט איהר מיין העררּ?

— גאָרניט.... האט איהר ליעב גערטנעריי?

— מיט ליידענשאפט, האט דער גערטנער געענטפערט.

— וואָלט איהר געווען גליקליך, אז אָנשטאָט דיזען קליינעם גאָרטען וואָלט איהר האבען א גאָרטען פון צוויי אַקערס לאנד?

— מיין העררּ, איך וואָלט מיר דערפון געמאכט א גן־עדן אויף דער ערד.

— מיט אייערע טויזענד פראנק א יאָהר קענט איהר עס ניט האבען.

— איך לעב אפילו זעהר אָרעם דערמיט, אָבער איך לעב.

— וואָס טוט מען אייך, ווען איהר פערקוקט זיך א מאָל, איהר בעקומט א טע־לעגראמע, און איהר גיט זיא ניט איבער ווייטער?

— מען שטראפירט מיך מיט הונדערט פראנק.

— און וואָס טוט מען אייך, ווען איהר ענדערט עטליכע ווערטער אין א טע־לעגראמע אָדער איהר קלאפּט גאָר אנאנדערע?

— דאן איז עס אנאנדער זאך; איך פערליער מיין פּלאַץ און מיין פּענסיע.

— דריי הונדערט פראנק?

— יא, דריי הונדערט פראנק. יעצט זעהט איהר, אז איך וועל קיין מאָל ניט טאָן אזא זאַך.

— אפילע פאר פופצעהן יאָהר פּענסיע אויך ניט?

— פאר פופצעהן טויזענד פראנק? האט דער אַלטער אויסגערופען.

— געוויס! איהר פערשטייט וואָס דאס איז?

— מיין העררּ, לאָזט מיר קוקען אויף מיין אפּאראט, דען ער גייט איצטער.

— לאָז ער גיין, קוקט בעסער אהער. קענט איהר דיזע פּאפּיערלעך?

— אָה! דאס איז באנק בילעטען!

— דאָ זיינען דאָ פופצעהן טויזענד פראנק; זיי געהערען אייך. איהר מוזט אָבער קלאפּען אנאנדער טעלעגראמע, און ניט דיא וואָס מען קלאפּט צו אייך.

— מיין העררּ, איך קען דאס ניט טאָן, סיידען איהר וועט מיך צווינגען.

— געוויס וועל איך אייך צווינגען. אָט האט איהר נאָך אזעלכע צעהן בילעטען, האט מאַנטע קריסטאַ געזאָגט. איהר האט יעצט פינף און צוואנציג טויזענד פראנק. פאר דעם געלד קענט איהר זיך קויפען א שיין הייזעל מיט א צוויי אקערס לאנד, און צוואנציג טויזענד פראנק קענען אייך נאך טראָגען א טויזענד פראנק צינזען.

— א גאָרטען פון צוויי אַקערס?

— און טויזענד פראנק צינזען, האט מאַנטע קריסטאַ צוגעזעצט.

— איז דאס מעגליך! איז דאס מעגליך!

— אבער נעמט דאך צו דאס געלד? האט מאַנטע קריסטאַ געזאָגט אריינשטופּענדיג איהם דאס געלד אין האנד.

— אָבער וואָס זאָל איך דערפאר טאָן?

— גאָר א קליינינקייט. טעלעגראפירט אָט דיזע עטליכע צייכענס. און מאַנטע קריסטאָ האט איהם דערלאנגט א פאפירעל מיט פערשיעדענע ציפערן.

רויט פון פיבער און שוויצענדיג מיט גרויסע טראָפּפענס שוויס, האט דער אלטער געטאָן וואָס מאַנטע קריסטאָ האט איהם געהייסען.

— יעצט זייט איהר א רייכער מאַן, האט מאַנטע קריסטאָ געזאָגט.

— יאָ, האט דער טעלעגראפיסט געזאָגט, אָבער פאר וועלכען פּרייז!

— הערט, מיין פריינד, האט מאַנטע קריסטאָ געזאָגט, איך וויל ניט, אז איהר זאָלט האבען געוויסען קריינקונג. איך שוועהר אייך, אז איהר האט קיינעם קיין שלעכטס ניט געטאָן.

פינף מינוט שפּעטער איז אָנגעקומען צום מיניסטער א טעלעגראמע. דעבריי האט גלייך געלאָזען איינשפּאנען זיינע פערד און איז געלאָפען צו דאנגלאר.

— האט אייער מאַן שפּאנישע קופּאָנעס? האט דעבריי געפרעגט ביי מאדאם דאנגלאר.

— איך גלויב, אז ער האט זיי פאר זעקס מיליאָן, האט זיא געענטפערט.

— זאָל ער זיי פערקויפען אויף וועלכען פּרייז עס ניט איז.

— פאר וואָס? האט מאדאם דאנגלאר געפרעגט.

— ווייל דאָן קארלאָס איז ענטלאָפען פון פעסטונג און איז אריין אין שפּאניען.

— וויא אזוי ווייסט איהר דאס? האט זיא געפרעגט.

— אזוי וויא איך ווייס אלע נייעס, האט ער געענטפערט.

דיא בּאראָנעסע האט זיך ניט געלאָזען צוויי מאָל זאָגען; זיא איז געלאָפען צו איהר מאַן און דיזער איז געלאָפען צו זיין אַגענט און האט איהם געהייסען פערקויפען דיא קופּאָנעס אויף יעדען פּרייז.

ווען מען האט געזעהען, אז דאנגלאר פערקויפט דיא שפּאנישע פּאפּיערען, איז דער פּרייז באלד געפאלען. דאנגלאר האט פערלאָרען א האלבען מיליאָן און האט פער־קויפט אלע קופּאָנעס. אבענד האט מען געלעזען אין דער צייטונג:

„טעלעגראפישע דעפּעשע."

„דער קעניג דאָן קארלאָס איז ענטלאָפען פון פעסטונג און איז אריין אין שפּאניען. „בּארסעלאָן האט זיך אויפגעהויבען צו זיין גונסטען."

דעם גאנצען אבענד האט מען גערעדט וועגען דאנגלאר, וועלכער האט פערקויפט זיינע קופּאָנעס און האט נאָך גוט אָפּגעשניטען וואס ער האט ביי אזא קלאפּ מעהר ניט פערלאָרען וויא א האלבען מיליאָן.

דיא, וועלכע האבען בעהאלטען דיא קופּאָנעס און האבען נאָך אויפגעקויפט דאנגלארס האבען זיך גערעכענט פאר רואינירט און האבען פערבראכט זעהר א שלעכטע נאכט.

אויף מאָרגען אין דער פריה האט מען ווידער געלעזען אין דער צייטונג, אז דיא געשיכטע מיט דאָן קארלאָס איז פאלש, און עס האט פּאסירט דורך א טעות פון דעם טעלעגראפיסט.

דיא קופּאָנעס זיינען גלייך געוואַקסען אויף נאָך א מאָל אזוי פיעל וויא זיי זיינען פריהער ווערטה געווען.

דיזע געשיכטע האט געבראכט פאר דאנגלאר איין אונטערשיעד פון א מיליאָן אין פערדיענסט און פערלוסט.

— גוט, האט מאַנטע קריסטאָ געזאָגט צו מאָרעל'ן, וועלכער איז אין דיזער צייט געווען ביי איהם; איך האב איצטער געמאכט איין ענטדעקונג פאר פינף און צוואַנציג טויזענד פראנק, פאר וועלכער איך וואלט בעצאהלט הינדערט טויזענד.

— וואָס האט איהר דען ענטדעקט? האט מאַקסימיליאַן געפרעגט.

— איך האב ענטדעקט א מיטעל, וויא צו בעפרייען א גערטנער פון ווערים, וועלכע פרעסען ביי איהם אויף דיא פירות.

21טער קאפּיטעל.

## דיא פערזאַמלונג אין אָטויל.

מאַנטע קריסטאָ'ס הויז אין אָטויל האט פון דרויסען געטראָגען דענזעלבען אָנבליק וויא פריהער, אָבער ווען מען האט אויפגעמאכט דעם טויער, האט מען געדארפט געבען א שפּרונג צוריק פאר איבערראשונג. דער הויף איז ניט געווען צו דערקענען. פון איין איינפאכען גלאטען הויף איז יעצט געוואָרען א פּראַכטפאָלער גאָרטען. ארום און ארום זיינען געשטאַנען טייערע בוימער אין פעסער און האבען פון זיך געגעבען א גן־עדן רויך. און ווען מען וואלט נאך געוואוסט, אז דאס אלעס איז געשעהען אין דריי טעג, וואָלט מען געקענט מיינען, אז דאס איז געשעהען דורך צויבער. פון דעסטוועגען איז עס געווען בעטרוציאָ, וועלכער האט אין דיזער קורצער צייט פערוואַנדעלט א פּוסטען הויף אין א וואהרען גן־עדן. דאס זעלבע איז אויך געשעהען מיט דיא גאַנצע אינעווענינגסטע הויז אויסער דעם בעקאַנטען שלאָף צימער, וועלכער איז געבליעבען וויא ער איז, אזוי וויא מאַנטע קריסטאָ האט בעפעהלען.

פּונקט פינף א זייגער איז אנגעקומען דער גראף בעגלייטעט פון אלי. בעטרוציאָ האט דעם גראף ערווארטעט, און ער האט געברענט צו הערען וואס דער גראף וועט זאגען אויף זיין איינריכטונג.

דער גראף איז דורכגעגאַנגען דעם גאָרטען און דאס גאַנצע הויז און האט ניט געזאָגט ניט גוט און ניט שלעכט.

זעקס א זייגער איז אָנגעקומען א רייטער. דאס איז געווען מאַקסימיליאַן מאָרעל אויף זיין נייען פערד. מאַנטע קריסטאָ האט איהם ערווארטעט לעבען פּאָדיעזד מיט א שמייכעל אויף דיא ליפּען.

— אָט האט איהר מיך דעם ערשטען; איך בין זיכער אין דעם! האט צו איהם מאָרעל געשריען. איך האב עס געמאָן מיט פלייס, כדי איך זאל אייך האבען א פּאָר מינוטען פאר מיר אליין. יוליע און עמאנועל גריסען אייך טויזענד מאָל.... אָבער ווייסט איהר, אז ביי אייך איז דאָ גרויסארטיג! זאגט, איך בעט אייך, גראף, וועלען אייערע לייט גוט אויפפּאסען אויף מיין פערד?

— זייט רוהיג, מיין טייערער מאַקסימיליאַן, מיינע לייט פערשטייען זייער זאַך.

— ער מוז ווערן בערוהיגט. ווען איהר וואָלט וויסען וויא ער איז געפלויגען. וויא א וואָהרער פייל פון בויגען!

— צום טייוועל! איך מוז עס גלויבען. א פערד פון פינף טויזענד פראַנק! האָט מאַנטע קריסטאָ געזאָגט מיט א טאָן וויא מען רעט מיט א זון.

— טוען זיי אייך באַנק? האָט מאָרעל געזאָגט מיט א פרייען שמייכעל.

— מיר! האָט מאַנטע קריסטאָ געזאָגט. עס וועט מיר באַנג טאָן ווען דער פערד וועט זיין א שלעכטער.

— ער איז אַזוי גוט, מיין טייערער גראַף, דאָס שאַטאָ רענאָ און דעברייי מיט זייערע טייערע פערד זיינע געבליעבען הינטער מיר. און הינטער זיי קומט דיא באַראָנעסע דאַנגלאַר.

— דאָן קומען זיי הינטער אייך.

— קוקט, אָט זיינען זיי, האָט מאָרעל געזאָגט.

באַלד איז טאַקע אָנגעקומען מאַדאַם דאַנגלאַר און האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבען פּאַדיעזד.

דעברייי איז אַראָפּגעשפּרונגען פון פערד און האָט איהר געהאָלפען ארויסשטייגען פון וואָגען. אין דיזע מינוט האָט איהם דיא באַראָנעסע אריינגעשטעקט א וויסען צעטעלע אין האַנד, וואָס איז פון קיינעם ניט בעמערקט געוואָרען אחוץ מאַנטע קריסטאָ.

נאָך זיין פּרוי איז דאַנגלאַר ארויסגעקראָכען פון וואָגען. ער איז געווען בלייך וויא א מת.

מאַדאַם דאַנגלאַר האָט א וואָרף געטאָן א בליק ארום זיך, וועלכען נאָר מאַנטע קריסטאָ האָט געקענט פערשטיין. זיא איז געווען זעהר אויפגערעגט און ווען זיא וואָלט ניט געווען אַזוי פערפּודרעט וואָלט מען געקענט זעהען איהרע בלייכקייט. זיא איז ארויף אויפ'ן גאַניק, זאָגענדיג צו מאָרעל:

— מיין הערר, ווען איהר וואָלט געווען פון מיינע פריינד, וואָלט איך אייך געבעטען מיר איהם צו פערקויפען.

מאָרעל האָט געגעבען א שמייכעל, וועלכער האָט גיכער געשיינט צו א וויינענדיגע מינע, און דען זיך ווענדענדיג צו מאַנטע קריסטאָ, האָט ער איהם געבעטען, אז ער זאָל איהם ארויסציהען פון דער פערלעגענהייט. דער גראַף האָט איהם פערשטאַנען.

— אָה, מאַדאַם, האָט ער געענטפערט, פאַר וואָס ווענדעט איהר זיך ניט צו מיר מיט דיזער פראַגע?

— ביי אייך, מיין הערר, האָט דיא באַראָנעסע געזאגט, האָט מען קיין רעכט ניט עפּעס צו פערלאַנגען, ווייל מען איז זיכער עס צו בעקומען. דערפאַר האָב איך זיך געווענדט צו העררן מאָרעל.

— ליידער, האָט דער גראַף ווייטער געזאָגט, בין איך איין עדות, אז הערר מאָרעל קען ניט אוועקגעבען זיין פערד, ווייל זיין עהרע שטייט דאָ אין שפּיעל.

— וויא אַזוי? האָט מאַדאַם דאַנגלאַר געפרעגט.

— ער האָט זיך געוועט, אז ער וועט בעצווינגען זיין פערד אין א צייט פון זעקס

מאָנאט. יעצט פערשטייט איהר, באראָנעסע, ווען ער וועט אייך פערקויפען דעם פערד, וועט מען זאָגען, אז ער האט מורא געהאט פאר איהם, און אלס קאפיטאן פון אוהלאנער קען ער דעריבער פערליערען זיין נאָמען און זיין עהרע.

— אלזאָ זעהט איהר שוין, מאדאם? האט מאָרעל געזאגט וואָרפענדיג אויף מאָנטע קריסטאָ א דאנקבארען בליק.

באלד האט מען אָנגעמעלדעט דעם מאיאָר קאוואלקאנטי און זיין זון דעם יונגען גראף.ביידע זיינען געווען פיין געקליידעט. דער מאיאָר איז געווען בעהאנגען מיט אָרדענס און האט אויסגעזעהען וויא איין אלטער אָפיצער. דאך האט מען געזעהען, אז דיא שיינע קליידער האבען ניט געפּאסט צו זיי. עס איז געוואָרען דערפון א גערייד און מאָנטע קריסטאָ האט געזעהען צו פערגלעטען דיא געשיכטע.

באלד האט מען אָנגעמעלדעט דעם פּראָקוראָר ווילפאָר מיט זיין פרוי. דיא ביידע פּערזאָן זיינען אריינגעקומען, און וויא ווילפאָר האט זיך ניט געגעבען צו שיינען רוהיג האט ער זיך דאך ניט צוריקגעהאלטען פון א געוויסען ציטערן. ווען ער האט דערלאנגט מאָנטע קריסטאָ דיא האנד, האט דער גראף געפיהלט, אז זיא האט זיך שטארק גע־טרייסעלט.

— נאָר פרויען קענען זיך גוט פערשטעלען, האט מאָנטע קריסטאָ געטראכט קוקענדיג וויא מאדאם דאנגלאר האט געשמייכעלט און האט געגעבען דעם פּראָקוראָר דיא האנד.

נאך דיא ערשטע קאָמפּלימענטען האט מאָנטע קריסטאָ געזעהען וויא בעטרוציאָ האט זיך אריינגעבאפּט אין אנדערן צימער. ער איז געגאנגען צו איהם.

— אייער עקסעלענץ האט מיר ניט געזאגט וויפיעל געסט איהר וועט האבען, האט בעטרוציאָ געזאגט צום גראף, איך ווייס ניט פאר וויפיעל פּערזאָן צו דעקען דעם טיש.

— ציילט זיי אליין, האט צו איהם מאָנטע קריסטאָ געזאגט.

בעטרוציאָ האט א קוק געטאָן אין דרויסען דורך דיא האלב אָפענע טהיר. מאָנטע קריסטאָ האט איהם בעטראכט.

— אה! האט ער אויסגערופען.

— וואָס איז? האט איהם מאָנטע קריסטאָ געפרעגט.

— דיזע פרוי!.... דיזע פרוי!....

— וועלכע? האט מאָנטע קריסטאָ געפרעגט.

— וועלכע טראָגט א ווייסע קלייד און אזוי פיעל דיאמאנטען.... דיא בלאָנדע!...

— מאדאם דאנגלאר? האט דער גראף געפרעגט.

— איך ווייס ניט וויא זיא הייסט, אָבער דאס איז דיא פרוי! דאס איז זיא, מיין הערר!

— ווער איז זיא? האט מאָנטע קריסטאָ געזאָגט.

— דיא פרוי פון גאָרטען! וועלכע איז געווען שוואנגער! וועלכע איז ארומגעגאנ־גען און האט געווארט!.... און האט געווארט!...

בעטרוציאָ איז געבליעבען שטיין מיט איין אויפגעמאכטע מויל, בלייך און מיט אויסגעשטאַרטשעטע האָר.

— וועמען האט זיא ערוואַרטעט?

בעטרוציאָ האט ניט געענטפערט. ער האט געצייגט מיט'ן פינגער אויף דעם פּראָקוראָר.

— אָה!.... אָה.... האט ער ענדליך געמורמעלט. זעהט איהר?

— וואָס! וועמען? האט מאָנטע קריסטאָ געפרעגט.

— איהם!.... האט בעטרוציאָ אויסגעשטאַמעלט.

— איהם!.... דעם פּראָקוראָר ווילפאָר? געוויס זעה איך איהם.

— איך האב איהם אלזא ניט געטייטעט?

— געוויס ניט. איהר זעהט איהם דאָך. איהר האט געמוזט זיין שכור, ווען איהר האט איהם געשטאָכען, דען א קאָרסיקאַנער פערפעהלט ניט זיין ציעל. אַלזאָ, לאָמיר עס אוועקלייגען. ציילט וויפיעל געסט איהר האָט: הערר און מאדאם ווילפאָר, צוויי; הערר און מאדאם דאנגלאר, פיער; שאטאָ רענאָ, דעברייי, מאָרעל, זיעבען; דער מאַיאָר קאוואלקאנטי, אכט.

— אכט! האט בעטרוציאָ געזאָגט.

— וואַרט, וואַרט, כאפּט ניט אזוי! עס איז דאָ נאָך. קוקט נאר א ביסעל רעכטס.... דאָרטען.... דעם יונגען הערר אַנדרעאַ קאוואלקאנטי.

דעם מאָל האט בעטרוציאָ געהאלטען צו געבען א געשריי, וועלכען מאָנטע קריסטאָ האט אונטערדריקט מיט זיין בליק.

— בענעדעטאָ! האט ער געמורמעלט גאנץ שטיל, שרעקליכער צופאל!

— אָט איז האלב זיעבען א זייגער, הערר בעטרוציאָ, האט מאָנטע קריסטאָ גע־זאגט מיט א שטרענגען טאָן. דאס איז דיא צייט, ווען מען דאַרף גיין צו טיש. איהר ווייסט דאָך, אז איך האב פיינד צו וואַרטען.

און מאָנטע קריסטאָ איז אריין אין זאל, ווערהענד בעטרוציאָ האט זיך אוועק־געשלעפּט זיך אָנהאלטענדיג אָן וואנד.

צעהן מינוט שפּעטער איז בעטרוציאָ אריין אין זאל און האט אויסגערופען:

— דער טיש איז געדעקט, אייער עקסעלענץ!

מאָנטע קריסטאָ האט געגעבען דעם אָרעם מאדאם ווילפאָר.

— הערר ווילפאָר, האט מאָנטע קריסטאָ געזאָגט, איך בעט אייך זייט דער קאוואליער פון מאדאם דאנגלאר.

ווילפאָר האט געפאָלגט און איז אריין אין שפּייזע צימער.

## 23טער קאפּיטעל.

# דער דינער.

עס איז קלאָר, אז אריינגייענדיג אין שפּייזע צימער האט יעדערער פון דיא געסט געהאט דיעזעלבען געפיהל. זיי האבען זיך געפרעגט, וועלכע מאכט אדער וועלכער צופאל

האט זיי דאָ אלע פערזאמעלט. פון דעסטוועגען, וויא אונרוהיג און וויא פערוואונדערט זיי זיינען ניט געוועזען, האבען זיי בעסער געוואָלט דאָ זיין איידער ניט.

דאָך האבען דיא קורצע בעקאנטשאפט מיט דעם גראף, זיין זאָנדערבארע פיהרונג, זיין צוייבערהאפטער רייכטהום געדארפט דיא אריסטאָקראטישע מענשען מאכען צוריקגעהאלטען פון איהם; דיא דאמען האבען ניט געדארפט בעזוכען איין אונפערהייראטהעט מענשען. דאָך האבען דיא געסט ניט געקוקט אויף דאס אלעס און זיינען געווען אין הארצען צופריעדען, וואס זיי האבען זיך דאָ געפונען. זאָגאר דיאביידע קאוואלקאנטים, וועלכע האבען ניט געוואוסט צו וועלכען ציעל זיי זיינען אהער בעשטעלט געווארען, זיינען אויך געווען צופריעדען, וואס זיי זיינען אין דיזע הויז.

מאדאם דאנגלאר האט געמאכט א בעוועגונג, ווען מאָנטע קריסטאָ האט איינגעלאדען ווילפאָר, אז ער זאל איהר געבען דעם אָרעם, און ווילפאָר האט געפיהלט וויא זיינע אויגען האבען זיך פערדונקעלט אונטער זיינע גאָלדענע ברילען, ווען ער האט געפיהלט מאדאם דאנגלארס האנד אין זיין אָרעם.

קיינער פון דיזע בעוועגונגען איז פאר מאָנטע קריסטאָ ניט פערלאָרען געגאנגען, און דער צוזאמענברייננגען פון דיזע מענשען אליין האט איהם געבראכט גרויסען אינטערעס.

ווילפאָר האט געהאט ביי זיין רעכטער האנד מאדאם דאנגלאר און פון דער לינקער מאָרעל. דער גראף איז געזעסען צווישען מאדאם ווילפאָר און דאנגלאר. דעביריי איז געזעסען צווישען ביידע קאוואלקאנטים און שאטאָ רענאָ צווישען מאדאם ווילפאָר און מאָרעל.

דער דינער איז געווען א פראכטפאָלער. ער איז געווען צוגעריכט אויף אָריענטאַלישער ארט און איז געווען כמעט צויבערהאפט. אלע פרוכטען פון דער גאנצער וועלט זיינען געווען אויפגעשטאפעלט אויף טייערע געשירען. דיא זעלטענסטע פויגלען און וואז נאר א זאך וואס איז צום עסען, איז געשטאנען אויפ'ן טיש.

ווען מאָנטע קריסטאָ האט געזעהען דיא אלגעמיינע פערוואונדערונג, האט ער אָנגעפאנגען צו לאכען.

— מיינע הערען און דאמען, האט ער געזאגט, וויא איך זעה וואונדערט איהר זיך איבער דיא פערשיעדענע זאכען, וועלכע ליגען פאר אייך צו שפייזען. דאס ווייזט, אז א מענש, קען אלעס אויספיהרען, וואס עס שיינט פאר דעם אנדערן אונמעגליך. וועלכע זאך ווינשט זיך דער מענש? דאס וואס ער קען ניט עררייכען. דארום איז דער שטודירען אין מיין גאנצען לעבען געווען צו זעהען זאכען, וועלכע איך פערשטיי ניט און מיר צו פערשאפען זאכען, וועלכע זיינען געווען אונמעגליך. איך קום דערצו מיט צוויי מיטלען; מיט געלד און דעם ווילען. איך נעם זיך אויסצופיהרען א זאך מיט דער זעלבער היץ, וויא איהר, הערר דאנגלאר, צו מאכען א ליניע פאר'ן אייזענבאהן: וויא איהר, הערר ווילפאָר, צו פערמשפטען א מענשען צום טויט; וויא איהר, הערר דעבריי, צו בערוהיגען א קעניגרייך; וויא איהר, הערר שאטאָ רענאָ, צו געפעלען א פרוי; און וויא איהר, הערר מאָרעל, צו בעצווינגען א פערד, וועלכען קיינער קען ניט בעשטייגען. אזוי צום ביישפיעל, זעהט איהר דיזע צוויי פיש. וועלכע זיינען געבארען, איינער פופציג מייל פון

פעטערבורג און דער אנדערער פינף מייל פון נעאפעל. איז עס ניט א פערגעניגען צו פעראייניגען זיי ביי איין טיש?

— וואס זיינען דאס פאר א פיש? האט דאנגלאר געפרעגט.

— אָט איז הערר שאטאָ רענאָ, וועלכער האט געלעבט אין רוסלאנד; ער וועט אייך זאגען דעם נאָמען פון איין פיש, האט מאָנטע קריסטאָ געענטפערט, און אָט איז דער הערר מאיאָר קאוואלקאנטי, וועלכער איז איין איטאליענער, ער וועט אייך זאָגען דעם נאָמען פון דעם אנדערן.

— דיזער פיש גלויב איך, האט שאטאָ רענאָ געזאָגט, איז א שטערלעט.

— זעהר ריכטיג, האט מאָנטע קריסטאָ געזאָגט.

— און דיזער, האט קאוואלעאנטי געזאָגט, איז, ווען איך האב קיין טעות ניט, א לאמפרוא.

— אזוי איז עס. יעצט, הערר דאנגלאר, פרעגט דיזע ביידע העררען, וואו מען פאנגט דיזע פיש.

— וועל! האט שאטאָ רענאָ געזאגט, דער שטערלעט ווערט נאר געפאנגען אין דער וואָלגא.

— אָבער, האט קאוואלקאנטי געזאגט, איך קען ניט קיין אנדערן טייך וויא פוזאראָ, וועלכער גיט אזעלכע גרויסע לאמפרואס.

— וועל! גאנץ ריכטיג; איינער קומט פון דער וואָלגא און דער אנדערער פון דעם טייך פוזאראָ.

— אונמעגליך! האבען אלע אויסגעשריען אין איין קול.

— און אָט איז עס, וואָס מיך אמיזירט! האט מאָנטע קריסטאָ געזאָגט, און וואס אמיזירט אייך אויך. אָט זיינען פיש, וועלכע זיינען פילייכט ניט ווערט דיא היגע פיש, וועלען אייך בעסער שמעקען, וויל איהר האלט פאר איין אונמעגליכקייט דאס צו דערלאנגען.

— אבער וויא האט מען געקענט ברייננען דיזע צוויי פיש אין פאריז?

— גאנץ איינפאך, מען האט זיי געבראכט אין פעסער וואסער. איינעמס רייזע האט געדויערט צוועלף טעג און דעם אנדערנס אכט. און מיין קאָכער האט זיי געהאט לעבעדיג צום קאָכען.

— איך צווייפעל אין דעם, האט דאנגלאר געזאָגט מיט א שמייכעל.

— באפטיסטען! האט מאָנטע קריסטאָ אויסגערופען, הייסט אריינברייננען דיא צוויי פעסער מיט דיא לעבעדיגע שטערלעטס און לאמפרואס.

דאנגלאר האט אויסגעשטארצעט דיא אויגען, און דיא גאנצע געזעלשאפט האט געפאטשט אין דיא הענד.

פיער דינער האבען אריינגעבראכט צוויי פעסער מיט פיש, וועלכע האבען געפאסט צו דיא, וואס זיינען געוועזען אויפ'ן טיש.

דיא בעוואונדערונג פון דער פערזאמלונג איז געוועזען גרויס, ווען זיי האבען געזעהען דיא לעבעדיגע פיש. באלד איז מען איבערגעגאנגען צו ריידען איבער דיא נייע איינריכטונג פון דער הויז, וועלכע איז געוועזען א געוויינליכע אלטע געביידע און איז געוואָרען א צויבער פאלאץ אין פיער טעג.

— איהר וועט אפשר געפינען זאָנדערבאר, מיינע העררען און דאמען, האט מאַנטע קריסטאַ געזאגט, ווען איך וועל אייך דערציילען, אז איין שלאָף צימער אין דיזער הויז האב איך געלאזען וויא ער איז. איך וויים ניט, מיר שיינט, אז אין דיזען צימער איז געשעהען א בלוטיגע דראמא.

— פאר וואס שיינט אייך אזוי? האט דעבריי געפרעגט.

— קען מען זיך דען ערקלערן אינערליכע געפיהלען. עפּעס זאגט מיר דיא הארץ און איך קען מיר ניט ערקלערן דעם גרונד. ווען איהר ווילט, קומט איך וועל אייך צייגען דיזען צימער און נאך דעם וועלען מיר ארונטערגיין אין גאָרטען טרינקען קאָפע.

מאַנטע קריסטאַ האט זיך אויפגעהויבען און נאך איהם האבען דיא אנדערע אויך אזוי געטאָן. ווילפאָר און מאדאם דאנגלאר זיינען א ווילע געזעסען וויא צוגעשמיט צו זייערע פּלעצער. זיי האבען זיך אָנגעקוקט מיט קאלטע און שטומע בליקען.

— האט איהר געהערט? האט מאדאם דאנגלאר געפרעגט.

— מען מוז אהין גיין, האט ווילפאָר געענטפערט זיך אויפהויבענדיג און איהר געבענדיג זיין אָרעם.

זיי זיינען ביידע געווען דיא לעצטע און הינטער איז געגאנגען מאַנטע קריסטאַ. אויף זיין געזיכט האט געשוועבט א שמייכעל, וועלכער וואלט דיא געזעלשאפט אנדערש דערשראָקען וויא דער צימער, ווען זיי וואלטען דעם שמייכעל פערשטאנען.

אלע צימערן זיינען געווען ניי מעבלירט און האבען געהאט א פרייליכען אויסזעהען. נאר דער שלאָף צימער האט בעהאלטען זיין אלטען, טרויעריגען כאראקטער, און האט מיט זיין פינסטערען אָנבליק געווארפען איין אימה אויף דעם אריינקומער פון דיא פריי־ליכע צימערס.

— אה! האט מאדאם ווילפאָר אויסגעשריען, ווען זיא איז אריינגעקומען אין דיזען צימער, עס איז טאקע שרעקליך.

מאדאם דאנגלאר האט געברומט עטליכע ווערטער, וועלכע מען האט ניט גע־הערט.

מעהרערע בעמערקונגען זיינען געמאכט געוואָרען דעריבער, אז דער צימער האט טאקע א שרעקליכען אויסזעהען.

— נו, איז עס אמת? האט מאַנטע קריסטאַ געזאָגט. זעהט וויא דיא בעט איז זאָנדערבאר געשטעלט געוואָרען; וואס פאר א בלוטיגע און פינסטערע פארב דער צימער האט! און דיזע צוויי בילדער, וועלכע זיינען בלייך געוואָרען פון פייכטקייט, שיינט עס ניט, אז זיי ווילען זאָגען מיט זייערע בלייכע ליפּען און דעשראָקענע אויגען: „מיר האבען געזעהען!"

ווילפאָר איז געווארען בלייך וויא א מת, און מאדאם דאנגלאר איז אנידערגע־פאלען אויף א טשער.

— אה! האט מאדאם ווילפאָר געזאגט מיט א שמייכעל, איהר האט דעם מוטה זיך צו זעצען אויף א טשער, אויף וועלכען דער פערברעכען איז פילליכט געשעהען! מאדאם דאנגלאר האט זיך שנעל אויפגעהויבען.

— און דען, האט מאַנטע קריסטאַ געזאגט, איז עס נאך ניט אלעס. בעטראכט

נאר דיזע טרעפּ, האט ער ווייטער געזאגט, אויפמאכענדיג דיא טהיר. מען קען מיינען, אז א מאן איז דורך איהר אראָפּגעגאנגען אין א פינסטערע נאכט מיט א שרעקליכע לאסט אונטערן אָרעם. מאדאם דאנגלאר איז ארייגגעפאלען האלב אונמעכטיג אין דיא אָרעמס פון ווילפאָר, וועלכע האט זיך אליין געמוזט אָנשפּארען אָן וואנד.

— אָה, מאדאם דאנגלאר! וואס איז אייך? האט דעברויי אויסגערופען.

— וואָס איהר איז? האט מאדאם ווילפאָר געזאָגט, עס איז גאנץ איינפאך; הערר מאָנטע קריסטאָ דערציילט אונז דיא שרעקליכע געשיכטע, אום אונז צו שרעקען צום טויט.

— געוויס, הערר גראף, האט ווילפאָר געזאָגט, איהר שרעקט דיא דאמען.

— אָבער דאס איז דאך ניט מעהר וויא אין איינבילדונג, האט מאָנטע קריסטאָ געזאָגט מיט א שמייכעל. פאר וואס זאל איך מיר ניט איינבילדען, אז אויף דיזער בעט איז געלעגען א קינפּעטאָרין, און דורך דיזער טרעפּ האט דער מאן אראָפּגעטראָגען דאס קינד, אז דיא קינפּעטאָרין זאל ניט הערן.

דעם מאָל האט מאדאם דאנגלאר, אָנשטאט זיך אויפצומונטערן פון דיזע ווערטער, גענעבען א געשריי און איז אין גאנצען אונמעכטיג געוואָרען.

עס איז געוואָרען א טרעוואָגע און מען האט מאדאם דאנגלאר אריינגעטראָגען אין זאל. מאדאם ווילפאָר האט ביי זיך געהאט דיא פלעשעל, וואס מאָנטע קריסטאָ האט איהר געשיקט, און זיא האט עס איהם דערלאנגט. מאָנטע קריסטאָ האט ארויפגעגאסען דערפון א טראָפּען אין דער אונמעכטיגערס ליפּען און זיא איז באלד געקומען צו זיך. מען האט דאן געמאכט מאָנטע קריסטאָ פּאָרווירפע, וואס ער האט אזוי געשראָקען דעם עולם.

ווען מען איז געווען אין גאָרטען און מען האט געטרונקען קאָפע און עס איז נאך א מאָל געווען דעריבער דיא רייד, האט מאָנטע קריסטאָ געזאגט:

— וועל! איהר קענט מיר גלויבען ווען איהר ווילט, אבער איך בין איבערצייגט, אז אין דיזער הויז איז בעגאנגען געוואָרען א פערברעכען.

— נעמט זיך אין אכט, האט מאדאם ווילפאָר געזאגט, מיר האבען דאָ דעם קעניגליכען פּראָקוראָר.

— נו, האט מאָנטע קריסטאָ געזאגט, ווען עס מאכט זיך אזוי, וועל איך עס בענוצען, אום צו געבען מיין ערקלערונג.

— אייער ערקלערונג? האט ווילפאָר געזאגט.

— יא, און אין נעגענווארט פון עדות. דאָ איז געשעהען א פערברעכען. קומט אהער מיינע העררען; קומט, הערר ווילפאָר, אום מיין ערקלערונג זאל האבען א ווערטה. מאָנטע קריסטאָ האט גענומען ווילפאָר׳ס אָרעם, און וועהרענד ער האט צוגעדריקט מאדאם דאנגלאר׳ס אָרעם, האט ער געשלעפּט דעם פּראָקוראָר ביז אונטער דיא געדיכטע בוימער. דיא גאנצע געזעלשאפט איז זיי נאכגעגאנגען.

— זעהט, האט מאָנטע קריסטאָ געזאָגט, אָט דאָ אויף דעם פּלאַץ (און ער האט געקלאפּט מיט׳ן פוס) האבען מיינע לייט געגראָבען דיא ערד און האבען געפונען א קליינעם קאסטען מיט א סקעלעט פון א קינד.

מאָנטע קריסטאָ האט געפיהלט וויא מאדאם דאנגלאר'ס אָרעם האט זיך צוזאַמענגעבויגען און ווילפאָר'ס האנד האט געציטערט.

— און ווער זאגט עס, אז דאס איז געוועזן א פערברעכען? האט ווילפאָר זיך געשטארקט צו זאָגען.

— וואָס! א לעבעדיגען קינד בעגראָבען אין א גאָרטען, איז ניט קיין פערברעכען! האט מאָנטע קריסטאָ אויסגערופען. וויא רופט איהר אזא זאך, הערר קעניגליכער פּראָקוראָר?

— אָבער ווער זאָגט עס, אז ער איז געוועזן בעגראָבען לעבעדיגער הייט?

— ווען ער איז ניט געוועזן לעבעדיג, צו וואס דארף מען איהם דאָ בעגראָבען? דער גאָרטען איז קיין מאָל ניט געוועזן קיין בית עולם.

— וואָס טוט מען אין דיזען לאנד א קינדער מערדער? האט דער מאיאָר קאַוואלקאנטי געפרעגט.

— מען שנייט זיי אָפּ איינפאך דעם קאָפּ, האט דאנגלאר געענטפערט.

— איז עס ריכטיג, הערר ווילפאָר? האט איהם מאָנטע קריסטאָ געפרעגט.

— יאָ, הערר גראף, האט ווילפאָר געענטפערט ניט מיט זיין שטימע.

מאָנטע קריסטאָ האט געזעהען, אז דאס איז אלעס וואס דיא צוויי פּערזאָן האבען געקענט אריבערטראָגען פון דער סצענע, וועלכע ער האט פאר זיי פּארברייטעט, און ניט וועלענדיג גיין ווייטער, האט ער אלעמען געבעטען גיין צוריק.

וועהרענד אלע זיינען געגאנגען, האט ווילפאָר געזאגט צו מאדאם דאנגלאר שטילערהייט.

— איך מוז מיט אייך ריידען.

— ווען? האט זיא געפרעגט.

— מאָרגען, אין געריכטס זאל; דאָרטען איז פאר מיר דער זיכערסטער פּלאַץ.

— איך וועל קומען, האט מאדאם דאנגלאר געענטפערט.

24טער קאפּיטעל.

# דער בעטלער.

ווען אלע געסט זיינען זיך צופאָהרען א היים און אנדרעא קאוואלקאנטי האט געהאלטען ביין ארייגשטייגען אין זיין קאַליאַס, האט ער געפיהלט וויא א האנד האט זיך ארויפגעלייגט אויף זיין פּלייצע. ער האט צו ערשט געגלויבט, אז דאס איז מאָנטע קריסטאָ אדער דאנגלאר, אבער ווען ער האט זיך אומגעקעהרט האט ער דערזעהען פאר זיך א פרעמדען מאן מיט א פערברענטען פנים פון דער זון און א שפּיציגע באָרד. זיינע אויגען האבען געפלאַמט און זיין שמייכעלדיגער מויל האט געוויזען ווייסע און שאַרפע צוויי און דרייסיג ציינער אזוי וויא ביי א וואָלף.

ער האט געטראָגען א רויטע טיכעל אויפ'ן קאָפּ, וועלכער איז געוועזן בעדעקט מיט האלב גרויע שטרופּיגע האָר. א לאנגער צוריסענער מאנטעל האט בעדעקט זיין מאָגערן לאַנגען קערפּער פון וואנען עס האבען ארויסגעשטאַרצט דיא ביינער וויא ביי א סקעלעט,

ווען אנדרעא האט דערזעהען דעם מאן האט ער געגעבי א ציטער און האט זיך געגעבען א ווארף צוריק.

— וואס ווילט איהר פון מיר? האט ער געפרעגט.

— וואס איך וויל, האט דער מאן געזאגט מיט א שטילער שטימע, אז דער קוטשער זאל ניט הערן; איך וויל, אז דו זאלסט מיר מיטנעמען אין פאריז. איך האב ניט געגעסען אזא דינער וויא דו און איך קען זיך קוים האלטען אויף דיא פיס.

אנדרעא איז בלייך געווארען און האט ניט געענטפערט.

— אהא! מיין טייערער בענעדעטא, האט דער מאן געזאגט שארף אנקוקענדיג דעם יונגען מאן, אזוי בעהאנדעלט מען עס איין אלטען קאמעראד?

ביי דיזע ווערטער האט דער יונגער מאן לאנג ניט געטראכט און האט געהייסען זיין קוטשער גיין צופוס אין שטאט. דער מאן, האט ער איהם געזאגט, האט צו איהם א וויכטיגע זאך און ער מוז מיט איהם זיין אליין. דער קוטשער איז אוועק.

דער מאן האט גענומען דעם פערד פאר'ן צוים און האט איהם צוגעפיהרט אונטערן שאטען. דא האבען זיי זיך ביידע אריינגעזעצט אין קאליאס. ווען זיי זיינען ארויסגעפאהרען פון אטויל, האט אנדרעא אפגעהאלטען דעם פערד און האט זיך אומגעקעהרט צו דעם מאן מיט דיא רויטע טיבעל.

— יעצט זאגט מיר, האט אנדרעא צו איהם געזאגט, וואס זייט איהר געקומען שטערן מיין רוה?

— איך שטער ניט דיין רוה, מיין גוטער יונג, אבער איך וויל זיך העלפען.

— אזוי! האט אנדרעא געזאגט. איהר זייט געקומען זיך זעצען אויף מיין האלז?

— וואס טויג דיר צו געברויכען אזעלכע ווערטער.

— ווייל איהר ווערט ווייניג וואס פועל'ן, מאסטער קאדרוס, איך זאג אייך דאס פאראויס.

— איך האב וועגען דיר גארניט געטראכט, מיין ליעבער יונג, ווען איך בין גע־קומען אין פאריז, אבער ווען איך האב דיך היינט פלוצלונג דערזעהען פאהרענדיג אין א קאליאס און אנגעטאן וויא א גראף און האב בעטראכט מיין שלעכטע לאגע, האב איך גערעכענט, אז אלס דיין אלטער פריינד האב איך א רעכט צו בעטען ביי דיר שטיצונג.

— אלזא, וואס ווילט איהר פון מיר?

— דו זאגסט שוין מיר מעהר ניט „דו“, עס איז ניט גוט, בענעדעטא. מיר זיינען אלטע קאמעראדען, און דיין שטאלץ האלטען זיך ווערט דיך קאסטען מעהר געלד.

— עס איז אויך שלעכט פון דיר, קאדרוס. מיך שטראפענען איז א נארישקייט, דאס ווייסטו דאך. איך בין אויפגעצויגען געווארען אין קארסוקא, און דיא קארסיקאנער פערשטייען ניט קיין שפאס. אבער וואס האסטו צו מיר, ווען מיר האט געשפיעלט דאס גליק?

— דו מוזט האבען א פיינעם גליק, מיין באי, א קאליאס מיט א לאקיי.... צום טייוועל! דארטען האבען מיר עס ניט געהאט. נו, איך ווינש דיר גליק; אז דו האסט וועל איך אויך ניט שטארבען פאר הונגער.

— אלזאָ וואס פערלאַנגסטו פון מיר?

— איך רעכען, אז הונדערט פראנק א מאָנאַט וועט זיין גענוג פאר מיר צום לעבען.

— איך וועל דיר געבען צוויי הונדעט פראנק א מאָנאַט, האט אַנדרעאַ גזאָגט, און ער האט אריינגערוקט קאַדרוסען צעהן גאָלדשטיקער אין האנד.

— גוט, האט קאַדרוס געזאָגט.

— יעצט זאָג מיר, וואָס ווסטו טאָן?

— איך וועל מיר דינגען א דירה און וועל מיר עסען און טרינקען און גיין אין טהעאַטער. איז עס א שלעכטע ארבייט?

— געוויס איז עס לייכטער וויא צו ארבייטען קאַטאָרזשנע און זיין געשמיט אין קייטען, האט אַנדרעאַ געזאָגט לאַכענדיג.

— דו ווייסט דאך עס אקוראַט, האט קאַדרוס געענטפערט. מיר זיינען דאך ביידע געווען געשמיט אויף איין קייט.

וועהרענד דעם געשפרעך זיינען זיי אריין אין פאַריז. קאַדרוס האט גענומען אָפשיעד פון זיין קאַמעראַד און איז אראָפּגעשפּרונגען פון וואָגען.

— אך! האט אַנדרעאַ צו זיך געזאָגט מיט א זיפץ, מען קען ניט זיין אין גאַנצען גליקליך אויף דער וועלט!

25טער קאַפּיטעל.

## דאַנגלאַר און מאָנטע קריסטאָ.

א טאָג נאך דעם דינער ביי מאָנטע קריסטאָ האט זיך דאַנגלאַר איבערוועררטעלט מיט זיין פרוי. זיי האבען זיך ביידע אָנגערופען ביי דיא שענסטע נעמען, ביז מאַדאַם דאַנגלאַר האט שיעור געחלשט. און דאס אלעס האט אָנגעמאַכט דער האַלבער מיליאָן, וועלכען דאַנגלאַר האט פערלאָרען דורך דער פאַלשער טעלעגראַמע. דאַנגלאַר האט בעשולדיגט זיין פרוי'ס געליעבטען, דעבריי, אז ער האט עס געמאַכט דעם קונץ און דערפאַר האט ער פערלאַנגט פון זיין פרוי, אז דעבריי זאל ליידען א דריטעל פון זיין פערלוסט. דער סוף איז געווען, אז דאַנגלאַר איז ארויסגעלאָפען א צוקאָכטער.

ער איז געלאָפען צו מאָנטע קריסטאָ אָפּקיהלען דיא האַרץ. מאָנטע קריסטאָ האט איהם אויסגעהערט און האט איהם געטרייסט. דאן זיינען זיי געקומען ריידען וועגען קאַוואַלקאַנטי.

— וויא געפעלט אייך זיין קרעדיט? האט מאָנטע קריסטאָ געפרעגט.

— אויסגעצייכענט! היינט אין דער פריה איז געקומען צו מיר דער פאָטער מיט א טשעק פון פערציג טויזענד פראנק אויף דעם גייסטליכען בוזאָני און אונטערשריעבען פון אייך. איהר קענט פערשטיין, אז איך האב איהם גלייך אויסגעצאָהלט דאס געלד. אבער דאס איז נאך ניט אלעס; ער האט ביי מיר געעפענט א קרעדיט פאר זיין זון אויף פינף טויזענד פראנק א מאָנאַט.

— דאס מאכט זעכציג טויזענד פראנק א יאָהר, האט מאָנטע קריסטאָ געזאָגט.

ציהענדיג מיט דיא אקסלען. אט דאס זיינען דיא קאוואלקאנטים. וואס זאל טאָן א יונגער מאן מיט פינף טויזענד פראנק א מאָנאט?

— אָבער פערשטייט איהר, ווען דער יונגער מאן וועט דארפען עטליכע טויזענד פראנק מעהר....

— איהר זאלט עס ניט טאָן. האלט זיך אָן דעם פאפיער פון פאָטער.

— טרויט איהר זיי דען ניט? דאט דאנגלאר געפרעגט.

— איך וואלט איהם טרויען צעהן מיליאָן אויף זיין אונטערשריפט, דאך גאראנ־טירען וויל איך ניט פאר איהם.

— דאָס שאַט ניט. איך דאנק אייך פון דעסטוועגען פאר'ן קאָסטימער.... איז עס אמת, אז ער וויל פערהייראטען זיין זון?

— דערפאר איז ער געקומען אין פאריז, האט מאָנטע קריסטאָ געענטפערט.

— איך מוז אייך זאָגען דעם אמת, אז איך וואָלט זיין זון געוואָלט פאר איין איידעם.

— און אלבערט מאָרסערף? האט מאָנטע קריסטאָ געזאָגט. איז אייער טאָכטער ניט פערלאָבט מיט אלבערט'ן?

— ווייס איך, איך האלט זעהר ווייניג פון דיזע'ר פערלאָבונג.

— פאר וואס? האט מאָנטע קריסטאָ געפרעגט.

— ערשטענס גלויב איך ניט, אז דיא פאָר פאלק ליעבען זיך, און דאן איז מאָר סערף ניט אזא יחסן.

— איז ער דען ניט קיין גראף און אזוי רייך וויא איהר?

— הערט מיך אויס, מיין ליעבער גראף, האט דאנגלאר געזאגט. הערר מאָרסערף איז מיין פריינד, אדער מיין בעקאנטער צ'ייט דרייסיג יאָהר. איך בין אויך ניט א גע־באָרענער באראָן, אָבער פון דעסטוועגען האב איך אלע מאָל געהייסען דאנגלאר. איך בין געווען א קלערק און ער איז געווען א פישער, און ער האט געהייסען פערנאַן מאָנדעגאָ.

— זייט איהר זיכער אין דעם?

— געוויס. ער האט מיר פערקויפט געגוג פיש.

— פאר וואָס גיט איהר איהם אלזאָ אייער טאָכטער?

— וויייל פערנאַן און דאנגלאר זיינען ביידע אויפגעקומענע, זיינען ביידע רייך געוואָרען און ביידע זיינען געוואָרען אדעללייט, אָבוואהל מען רעט ניט פון מיר וואס מען זאָגט אויף איהם.

— וואָס זאָגט מען אויף איהם?

— גאָרניט, האט דאנגלאר געענטפערט.

— אָה, יאַ, איך פערשטיי.... אייערע ווערטער דערמאָנען מיך אָן דעם נאָמען פערנאַן מאָנדעגאָ; איך האב געהערט דיזען נאָמען א'ן גריכענלאנד.

— וועגען דער געשיכטע מיט אלי פאשאַ?

— גאנץ ריכטיג, האט מאָנטע קריסטאָ געענטפערט.

— אַט פאר דיזען געהיימניס, האט דאנגלאר געזאגט, וואלט איך געגעבען יזנר ווייס וואס, ווען איך וואלט דאס געקענט ערפאהרען.

— עס איז גאר ניט אזוי שווער, ווען איהר האט דערצו גרויסען חשק.

— וויא אזוי? האט דאנגלאר געפרעגט.

— איהר האט געוויס קאָרעספאָנדענטען אין גריכענלאנד, אין יאנינא, צום ביישפּיעל?

— געוויס, האב איך דאָרטען קאָרעספאָנדענטען.

— וועל! שרייבט צו אייער קאָרעספאָנדענט אין יאנינא און פרעגט איהם, וועלכע ראָלע האט דארטען געשפּיעלט א פראנצויז מיט'ן נאמען פערנאַן, וועהרענד דעם פאל פון אלי טעבעלען.

— איהר האט רעכט! האט דאנגלאר אויסגערופען זיך שנעל אויפהויבענדיג. איך וועל איהם נאָך היינט שרייבען!

— ווען איהר וועט האבען נייעס, וועט איהר מיר דאס דערציילען?

— געוויס, אזוי גלייך וויא איך וועל בעקומען א ענטפער.

— איהר וועט מיר דערמיט מאכען פערגעניגען, האט מאָנטע קריסטאָ געזאָגט. דאנגלאר איז ארויס פון צימער און איז מיט איין שפּרונג געווען אין וואָגען.

## 26טער קאַפּיטעל.

## אין פּראָקוראָר'ס קאַבינעט.

אזוי וויא מאדאם דאנגלאר האט פערשפּראָכען דעם פּראָקוראָר ווילפאָר צו זיין ביי איהם אין געריכטס הויז, איז זיא געווען פּינקטליך. ווען זיא איז אריינגעקומען אין דעם פּראָקוראָרס קאַבינעט, האט ער פערשלאָסען דיא טהיר פון אינעווענייג און האט זיך געזעצט לעבען מאדאם דאנגלאר. נאַטירליך איז זייער רייד בעשטאַנען וועגען מאָנטע קריסטאָ און זיינע ווערטער וועגען דעם אויסגעגראָבענעם קינד.

— אך! האט מאדאם דאנגלאר געזאגט, עס איז מעהר ניט וויא א צופאל!

— א צופאל! האט ווילפאָר אויסגערופען. ניין, ניין, עס איז ניט קיין צופאל! און איך מוז אייך זאגען, אז מיר מוזען ציטערן!

— וואָס ווילט איהר דערמיט זאגען! האט מאדאם דאנגלאר אויסגערופען.

— איך וויל דערמיט זאגען, אז מאָנטע קריסטאָ האט גו'אָבענדיג דעם גאָרטען ניט געקענט געפינען ניט קיין סקעלעט פון קיין קינד און ניט קיין קעסטעל. ווייל אין גרי׳ איז גארניט געווען.

— וואָס, מען האט גארניט געפונען! האט מאדאם דאנגלאר אויסגעשריען מיט אויסגעגלאָצטע אויגען פאר שרעק.

— ניין! האט ווילפאָר געזאָגט נעמענדיג דעם קאָפּ אין דיא הענד; ניין, הונדערט מאָל ניין!....

— אלזאָ האט איהר ניט דארטען אריינגעלייגט דאס אָרימע קינד, מיין הערר? צו וואס האט איהר מיך אָפּגענארט? צו ווילכען צוועק, הא?

— דארטען: אבער הערט מיך אוים. איהר וועט מיך בעדויערן, ווען איהר וועט

וויסען, אז צוואנציג יאָהר האב איך אויף זיך נעטראָגען א שרעקליכע לאסט און האב איך דערפון ניט געגעבען דעם קלענסטען טהייל. הערט מיך אויס.

איהר ווייסט וויא דיא שרעקליכע נאכט איז פערגאנגען ווען איהר זייט געגאנגען צו קינד אין יענעם רויטען צימער. דאס קינד איז געקומען, אבער ער איז געווען אָהן בעוועגונג און מיר האבען ביידע געמיינט, אז ער איז טויט.

מאַדאם דאנגלאר האט זיך ביי דיזע ווערטער געוואָלט געבען א הויב פון טשער, אבער ווילפאָר האט זיא אָפּגעהאלטען מיט א צייכען.

— מיר האבען געמיינט, אז ער איז טויט, האט ווילפאָר פאָרטגעזעצט. איך האב איהם אריינגעלייגט אין א קעסטעל און האב איהם אראָפּגעטראָגען און האב אין דער אלעע אויסגעגראבען א גרוב. קוים האב איך געענדיגט דיא פינסטערע ארבייט, וויא איך האב דערזעהען איינעם וויא א שאטען ארויסשפּרינגענדיג פון הינטער דיא בוימער. דאס איז געווען דער קאָרסיקאנער, וועלכער האט מיר געשוואָרען ראכע, און באלד האב איך דערפיהלט א שרעקליכען שטאָך אין זייט. איך האב געוואָלט שרייען, א קאלטער שווידער איז מיר אריבער איבערן לייב און דער גאָרגעל איז מיר געווען וויא צוגעשנירט... איך בין אנידערגעפאלען און האב געמיינט, אז איך בין שוין טויט. איך וועל קיין מאָל ניט פערגעסען אייער מוטה. ווען איך בין געקומען צו זיך, האב איך מיך צוגעשלעפּט ביז דיא טרעפּ, וואו איהר, וואס איהר זייט אליין געווען געפעהרליך קראנק, האט מיר געהאָלפען ארויפשלעפּען זיך אין צימער. א דוּעל איז געווען דער תירוץ פון מיין פאל. מען האט מיך אריבערגעפיהרט אין ווערסייל, וואו איך בין אָפּגעלעגען צעהן מאָנאט קראנק און ווען איך בין צוריקגעקומען אין פאריז, זייט איהר שוין געווען פערהייראט מיט דאנגלאר.

מיין שטענדיגער געדאנקען איז געווען דאס פערגראָבענע קינד. איך האב ניט געשלאָפען נעכט און שרעקליכע געדאנקען האבען געגריזעט מיין הארץ וויא א וואָרים. מיין ערשטער גאנג איז געווען אין אָטויל, וואו איך האב ערפאַהרען, אז דיא הויז איז געווען פערדונגען. איך בין געלאָפען צום נייען איינוואָהנער און האב איהם געגעבען זעקס טויזענד פראנק אָטרעט געלד פאר דער הויז. איך וואלט איהם געגעבען צוואנציג טויזענד ווען ער וואָלט פערלאנגט.

דער געדאנקען, טאָמער האט דער קאָרסיקאנער אויסגעגראָבען דאס קינד, ווען ער האט מיך געשטאָכען, האט מיר געלעבערט דיא הארץ, און איך האב קוים דערלעבט דיא מינוט, אז איך זאל אליין זיין אין גאָרטען. ענדליך בין איך געקומען צו דעם, אויף וואס איך האב א גאנץ יאָהר געוואַרט מיט ברענענדען אונגעדולד.

איך וועל אייך דאָ ניט דערציילען וועגען דעם שרעק וואס איך בין אויסגעשטאנען ביז איך בין אין א פינסטערע נאכט מיט א בלענד לאַנדערנע אין האנד צוגעגאנגען צום פּלאַץ, וואו איך האב פערגראָבען דאס קינד. עס האט זיך מיר אויסגעדאכט, אז הינטער יעדען שווארצען בוים שטייט דער שרעקליכער קאָרסיקאנער מיט א שארפען מעסער אין האנד. יעדער גערויש פון דיא בוימער איז געווען פאר מיר א שפּיעז אין הארצען.

ענדליך האב איך אָנגעפאנגען צו גראָבען.... אבער מיין ארבייט איז געווען

אומזיסט; איך האב דאס קינד ניט געפונען. איך האב איבערגעראַיעט דעם גאנצען גאָרטען.... ניטאָ! דער שווייס פון שרעק און פון מיעדקייט האט פון מיר געגאָסען טייכענווייז.... איך האב דיא קעסטעל ניט געפונען....

— אָה! האט מאדאם דאַנגלאַר אויסגערופען, עס איז געווען פון וואס משוגע צו ווערן!

— איך האב דאן איינגעזעהען, אז דער קאָרסיקאַנער האט דיא קעסטעל צוגענומען. א שוידער איז אריבער איבער מיין לייב. צו וואָס האט דער מאַן צוגענומען דעם טױט? האב איך געקלערט. ניט אנדערס, אז צו האבען געגען מיר א בייטש. מיין מוח האט זיך מיך איבערגעקעהרט. א גאנצען יאָהר האב איך ניט געלעבט. איך האָב אלץ ערוואַרטעט א שרעקליכע קלאַגע געגען מיר. דאן איז מיר נאָך א פיעל שרעקליכער געדאנקען אריין אין קאָפּ. מען האלט ניט א גאנצען יאָהר א טויטען קערפּער ביי זיך, ווען מען וויל קלאָגען. אפשר איז דאס קינד גארניט געווען טויט!

מאַדאם דאַנגלאַר האט ארויסגעשטויסען א שרעקליכען געשריי און האט אָנגעכאפּט ווילפאָר'ס האנד:

— מיין קינד האט געלעבט! האט זיא אויסגערופען. איהר האט בעגראָבען מיין לעבעדיגען קינד, מיין הערר! איהר זייט ניט געווען זיכער, אז ער איז געווען טויט און איהר האט איהם בעגראָבען!.... אַך!....

מאדאם דאַנגלאַר האט זיך אויפגעשטעלט געגען דעם קעניגליכען פּראָקוראָר און האט איהם אָנגעקוקט מיט א דראָהענדען בליק.

— וואס ווייס איך? האט דער פּראָקוראָר געענטפערט מיט א פערצווייפעלטען טאָן.

— אַך! מיין קינד, מיין אָרימעס קינד! האט דיא באַראָנעסע אויסגערופען אניעדערפאלענדיג אין טשער און פערשטיקענדיג איהר יאָמערן מיט א טיכעל.

ווילפאָר איז געקומען צו זיך. ער האט איינגעזעהען, אז ער מוז דאָ אָפּווענדען דעם שטורעם פון מוטער ליעבע, וועלכער האט זיך געקליבען ארום זיין קאָפּ. ער האט איהר געמוזט געבען צו פיהלען דעם שרעק, וועלכען ער האט געטראָגען.

— יעצט פערשטייט איהר, האט ער געזאגט, זיך שטעלענדיג געגען איהר, מיט א שטילער שטימע, אז אויב דיא זאך איז אזוי, זיינען מיר פערלאָרען. דיזעס קינד לעבט, און איינער ווייס, אז ער לעבט. און ער האט אונזער סעקרעט. און וויל מאָנטעקריסטאָ רעט פון איין אויסגעגראָבענעם קינד, האט ער דעם סעקרעט.

— אָה, אונגליק! אונגליק! האט מאדאם דאַנגלאַר געמורמעלט.

ווילפאָר האט דערויף געענטפערט מיט א ברומען.

— אָבער וואס איז מיט דעם קינד! האט דיא פערצווייפעלטע מוטער אויסגערופען.

— אָה! וויא האב איך איהם געזוכט! האט ווילפאָר געזאָגט ברעכענדיג דיא הענד. אָה, וויפיעל מאָל האב איך איהם גערופען אין דיא לאנגע שלאָפלאָזע נעכט! וויפיעל מאָל האב איך זיך געוואונשען צו געבען מיין גאנצען פערמעגען פאר דיזע געהיימנים.... איך האב ניט געקענט רעכענען, אז דער קאָרסיקאנער האט אריינגעוואָרפען

דעם קינד אין טייך, און איך בין געגאנגען אין פינדעל הויז. דארטען האב איך טאקע אויסגעפונען, אז דעם 20 סעפטעמבער איז דארטען אניעדערגעלייגט געוואָרען א קינד. נאך דער וועש האב איך דערקענט, אז דאס איז געזיען אונזער קינד.

— אלזאָ מיין קינד איז ניט טויט! האט דיא באראָנעסע אויסגערופען מיט גרויסע פרייד. און איהר זאגט עס מיר אזוי! וואו איז ער? וואו איז מיין קינד?

— וואס ווייס איך? גלויבט איהר, אז איך בין געווען רוהיג דיא גאנצע צייט. צוואנציג לאנגע יאָהר האב איך ניט גערוהט.... קען איך בעשרייבען אלע קוואלען וואָס איך האב אין דיזער צייט אויסגעליטען!.... איך בין מיעד געוואָרען זוכענדיג. אָבער יעצט וועל איך אָנפאנגען צו זוכען מיט מעהר היץ, צייט דיזער מאָנטע קריסטאָ האט מיך אָן דעם דערמאָנט.... האט איהר בעמערקט דיא אויגען פון דיזען מאן, ווען ער האט צו אונז געשפּראָכען?... וועל! יעצט ווייס איך וואס איך האב צו טאָן. איידער אכט טאָג וועלען פערגייען וועל איך וויסען ווער דער מאָנטע קריסטאָ איז, פון וואנען ער קומט און וואוהין ער גייט, און פאר וואָס ער רעט צו אונז פון אויסגעגראָבענע קינדער.

ווילפאָר האט אויסגערעט דיא ווערטער מיט א טאָן, וועלכער וואלט געמאכט שוידערן דעם גראף מאָנטע קריסטאָ, ווען ער וואלט איהם געהערט. דערמיט האט זיך געענדיגט זייער אונטעררעדונג.

## 27טער קאפּיטעל.

# דער פּראָקוראָר ווילפאָר זוכט.

אין דענזעלבען טאָג, ווען מאדאם דאנגלאר איז געווען ביי דעם פּרקוראָר, איז אלבערט מאָרסערף געקומען צו מאָנטע קריסטאָ איהם איינלאדען אויף א זומער באָל, וועלכען זיין מוטער גיט דען נעכסטען שבת. נאך א לענגערן געשפּרעך האט איהם דער גראף פערשפּראָכען צו קומען.

ווילפאָר האט געהאלטען וואָרט, ווען ער האט געזאגט צו מאדאם דאנגלאר, אז ער וועט זוכען צו ערפאהרען ווער דער גראף מאָנטע קריסטאָ איז. דענזעלבען טאָג האט ער געשריעבען צו א געוויסען הערר באָוויל, וועלכער איז פריהער געווען א געפענגניס אינספּעקטאָר און יעצט האט ער געהאט א העכערען פּלאץ אין דער געהיים פּאָליציי, אז ער זאל זיך ערקונדיגען ווער דער גראף מאָנטע קריסטאָ איז. צוויי טעג שפּעטער האט ווילפאָר בעקומען פאָלגענדען בריעפעל:

„דיא פּערזאָן, וועלכע מען רופט גראף מאָנטע קריסטאָ, איז גוט בעקאנט פון לאָרד ווילמאָר, א רייכען פרעמדען, וועלכען מען זעהט צייטען ווייז אין פּאריז און געפינט זיך יעצט דאָ. ער איז אויך גוט בעקאנט פון דעם גייסטליכען בוזאָני, וועלכער איז זעהר בעריהמט אין אָריענט דורך זיינע גרויסע וואָלטהאטען.“

ווילפאָר האט געגעבען א בעפעהל, אז מען זאל גיט נאכפּארשען ווער דיא צוויי פּערזאָנען זיינען. אויף מאָרגען אוונד איז זיין בעפעהל אויסגעפיהרט געוואָרען, און ער האט בעקומען דעם ענטפער:

„דער גייסטליכער בוזאָני האט נאר געוואוינט איין מאָנאט אין פּאריז. זיין

וואָהנונג איז געוועזן אין א קליין הייזעל הינטער דער קירכע סענט־סופּיס." דאן איז געוועזן א גענויע בעשרייבונג פון דיא צימערן, און דיא גאנצע הויז. ווען א גאסט פלעגט קומען פלעגט ערשט דער לאַקיי קוקען דורכ'ן פענסטערל און פלעגט אריינלאָזען מענשען, וועלכע ער האט געקענט פאר נייטיג.

וואָס אָנבעטרעפט דעם לאָרד ווילמאָר, האט ער געוואוינט אין דער פאָנטיין גאַס און האט פיינט געהאט צו ריידען פראַנצויזיש.

אזוי ווייט זיינען געוועזן דיא ערקונדיגונגען איבער דיא צוויי פּערזאָן, פון וועלכע ווילפאָר האט פערלאנגט צו וויסען.

אויף מאָרגען נאך דיזע ערקונדיגונגען איז א מאַן ארויסגעגאנגען פון ווילפאָר און איז געגאנגען צום גייסטליכען בוזאָני'ס הויז. ער האט אָנגעקלאַפּט און א לאַקיי האט איהם געענטפערט, אז דער גייסטליכער איז יעצט ניט צו הויז און ער וועט ערשט זיין אבענד אין דערהיים. דער מאַן איז אוועקגעגאנגען און האט געלאָזען פאר'ן גייסטליכען א צעטעל. אבענד איז דער מאַן ווידער געקומען און דער לאַקיי האט איהם אריינגעפיהרט אין בוזאָני'ס צימער.

דער גייסטליכער איז געזעסען אָנגעטאָן אין זיינע גייסטליכע קליידער און האט געטראָגען אויפ'ן קאָפּ א קאַפּושאָן וויא דיא מאָנאַכען טראָגען זיי.

— האָב איך דיא עהרע צו ריידען מיט הערר'ן בוזאָני? האט דער גאַסט געפרעגט.

— יאָ, מיין העררע, האט דער גייסטליכער געענטפערט, און איהר זייט דיא פּערזאָן, וועלכע דער העררע באָוויל האט מיר געשיקט?

— גאַנץ ריכטיג, מיין העררע.

דער גייסטליכער האט ארויסגערוקט זיינע גרויסע ברילען, וועלכע האָבען ניט נאָר פערדעקט זיינע אויגען, זאָנדערן זיינע ברעמען אויך, און האט געמאַכט א צייכען צום מאַן, אז ער זאָל זיך זעצען.

— אַלזאָ מיין העררע, האט דער גייסטליכער געזאָגט, וואָס ווינשט איהר פון מיר?

— איך בין געשיקט געוואָרן צו אייך פון דעם פּאָליציי שעף מיט א פראַגע. איהר זייט בעקאַנט פאר א העכסט אָרענטליכע פּערזאָן, און דער פּאָליציי שעף האָפט, אז איהר וועט דערציילען ריכטיג וואָס מען בעט פון אייך.

— א חוץ אזעלכע זאכען, מיין העררע, וועלכע היינגען אָפּ פון מיין געוויסען. איהר ווייסט, אז איך בין א גייסטליכער, און אז איינער איז זיך פאר מיר מתודה א סוד, דאַרף איך עס פאר קיינעם ניט דערציילען.

— זייט רוהיג, העררע גייסטליכער, איך וועל אייך אזעלכע פראַגען ניט שטעלען. קענט איהר דעם גראַף מאָנטע קריסטאָ?

— איהר ווילט אודאי ריידען וועגען הערר זאַקאָנע? דען מאָנטע קריסטאָ איז קיין נאָמען ניט. דער וואָס טראָגט דעם נאָמען מאָנטע קריסטאָ, הייסט זאַקאָנע.

— זאָל זיין זאַקאָנע, האט דער פרעמדער געזאָגט, קענט איהר איהם גוט?

— איך האָב נאָך געקענט זיין פאָטער, אז דער זוהן איז אַלט געוועזן צעהן יאָהר האָב איך מיט איהם צוזאַמען געשפּיעלט.

— און וויא קומט ער צום טיטעל גראַף?

— דיזען טיטעל האָט ער געקויפט, האט דער גייסטליכער געענטפערט.

— וויא גרויס זאל זיין פערמעגען?

— ער זאל האבען א פיער מיליאָן.

— מען זאגט גאר, אז אזוי פיעל האט ער צינזען פון זיין קאפיטאל?

— דאס איז ניט צו גלויבען, האב בוזאָני געזאָגט.

— האט ער פריינדע? האט יענער ווייטער געפרעגט.

— יא, דען אלע וואס קענען איהם זיינען זיינע פריינד.

— אָבער פיינדע מוז ער דאך אויך געוויס האבען?

— ער האט נאר איין פיינד.

— און וויא הייסט דיזער פיינד?

— לאָרד ווילמאָר, האט דער גייסטליכער געענטפערט.

— וואו געפינט ער זיך, דיזער לאָרד ווילמאָר?

— ער געפינט זיך יעצט אין פאריז, און וואוינט אין שאָסע ד'אנטען.

— קען ער מיר געבען וועלכע נאכריכטען וועגען דעם הערר זאקאָנע?

— דיא בעסטע נאכריכטען. דען זיי זיינען געווען אין איין צייט אין אינדיען.

— זייט איהר ביז מיט דעם לאָרד ווילמאָר?

— איך ליעב דעם העררן זאקאָנע און לאָרד ווילמאָר האסט איהם און דערפאר זיינען מיר קאלט איינער צום אנדערן.

— הערר בוזאָני, דענקט איהר, אז דער גראף מאָנטע קריסטאָ איז קיין מאָל ניט געווען פריהער אין פאריז?

— דאס קען איך אייך זאגען מיט בעשטימהייט, אז ניין. דען מיט זעקס מאָנהייט פריהער האט ער זיך ביי מיר נאָכגעפרעגט וועגען פאריז.

— יעצט האב איך ביי אייך צו פרעגען נאך איין זאך. און איך בעט אייך אין נאָמען פון דער עהרע און מענשהייט, אז איהר זאלט מיר ריכטיג ענטפערן.

— פרעגט, מיין הערר, האט בוזאָני געזאגט.

— ווייסט איהר צו וועלכען צוועק דער גראף מאָנטע קריסטאָ האט געקויפט א הויז אין אָטויל?

— געוויס, האט בוזאָני געענטפערט, ער וועט דאָרטען בויען א האָספיטאל פאר גייסטעס קראנקע.

דערויף האט דער גייסטליכער געמאכט א צייכען, אז ער וויל שוין בלייבען אליין. דער פרעמדער האט פערשטאנען דעם וואונק און האט זיך אויפגעהויבען. ער האט נאך געפרופט צו ריידען עטליכע ווערטער, ביז דער גייסטליכער האט איהם צוגעפיהרט צו דער טהיר. דער פרעמדער האט געגריסט און איז ארויסגעגאנגען. ער האט זיך אריינגעזעצט אין זיין וואָגען און איז געפאָהרען צו ווילפאָר'ס הויז.

א שטונדע שפעטער איז דער וואָגען ווידער ארויסגעפאָהרען און איז געפאָהרען אין פאָנטיין נאָס, וואו לאָרד ווילמאָר וואוינט. דאָרטען האט מען איהם געזאָגט, אז לאָרד ווילמאָר וועט ערשט זיין צו הויז צעהען א זייגער אבענד. דער שליח פון פאָליציי

שעה איז געקומען צו דיזער צייט נאָך א מאל און א דיענער האט איהם אריינגעפיהרט אין הויז.

לאָרד ווילמאָר איז געווען א מאַן פון מיטעלער גרויס; ער האט געטראָגען לייכטע געלע באַקענבאָרדען און האט געטראָגען האלב גראָע האָר אויפ'ן קאָפּ. געקליידעט איז ער געווען עכט ענגליש.

ווען דער פרעמדער איז אריינגעקומען, האט צו איהם ווילמאָר גלייך געזאגט, א ער רעט ניט קיין פראנצויזיש. נאר אויב ער וויל קען ער צו איהם ריידען פראנצויזיש און ער וועט איהם ענטפערן אין ענגליש. יענער האט איהם געענטפערט, אז ער קען ריידען צו איהם ענגליש, דען ער שפּרעכט ענגליש אזוי גוט וויא זיין מוטער שפּראַך. דאן האבען זיך אָנגעפאנגען דיא פראגען, וועלכע זיינען געווען כמעט דיא זעלבע וויא ביי בוזאָני.

אבער אזוי וויא לאָרד ווילמאָר איז געווען א פיינד פון מאָנטע קריסטאָ, האט ער דערציילט א לענגערע געשיכטע פון מאָנטע קריסטאָ'ס לעבען. נאָך זיין דערציילונג, איז מאָנטע קריסטאָ איינגעטרעטען אין דיענסט, אלס צעהן יעהריגער באָי, צו א קליי־נעם אינדיאַנישען פירסט, וועלכער האט געקעמפּפט געגען ענגלאַנד. דארטען האט ער געקעמפּפט געגען איהם (ווילמאָר) און איז געפאנגען געוואָרען. ווען זאקאָנע איז גע־פיהרט געוואָרן אין ענגלאַנד איז ער ענטלאָפען אויפ'ן וועג. דאן האבען זיך אָנגעפאנ־גען זיינע רייזען איבער דער וועלט און זיינע דועלען. אין יענער צייט האבען זיך אָנגע־פאנגען דיא אויפשטאַנדען אין גריכענלאַנד. ער האט אין גריכענלאַנד געדיענט. אין יענער צייט האט ער ענטדעקט א זילבער מינע אין דיא בערג פון טהעסאליע. שפּעטער האט ער געבעטען ערלויבנים דיא מינעם אויסצואַרבייטען און דער קעניג אָטהאָן האט עס איהם ערלויבט. דערפון האט ער בעקומען א פערמעגען, וועלכער האט איהם געבראכט וויינינגסטענס צוויי מיליאָן צינזען א יאָהר.

— ווייסט איהר אבער צו וואס ער איז געקומען אין פּאריז? האט דער גאסט געפרעגט.

— ער וויל דאָ שפּעקולירען, האט לאָרד ווילמאָר געענטפערט. ער קלערט צו בויען אייזענבאַהנען און טעלעגראַפען.

— וויפיעל פערצעהרט ער א יאָהר? האט דער שליח פון פּאָליציי שעפ געפרעגט.

— אָה, העכסטענס פינף, זעקס הונדערט טויזענד פראנק א יאָהר, האט ווילמאָר געזאָגט.

עס האט געשיינט, אז דער ענגלענדער האט ניט געהאט וואס צו זאָגען אויף דעם גראַף, אלס ער איז א קאַרגער.

— ווייסט איהר צו וועלכען צוועק ער האט געקויפט דיא הויז און אָטויל?

— אָ, יאָ! ער איז א גרויסער ספּעקולאַנט. איהם חלומט זיך, אז אין דעם גאָרטען פון דיזער הויז געפינט זיך א קוואַל פון הייל־וואסער. ער האט שוין איבערגעגראָבען דעם גאנצען גאָרטען און האט נאָך דערוויילֿ ניט געפונען. איהר וועט זעהען, אז ער וועט נאָך אויפקויפען דיא ארומיגע הייזער אויך און וועט זיי גראָבען. אזוי וויא איך בין איהם א גוטער פריינד, וואלט איך וועלען זעהען, אז אין זיין אייזענבאַהן, טעלעגראַף און הייל־

וואסער אונטערנעהמונג זאל ער אריינבראָקען זיין גאנצען קאפּיטאל און זאל ארויס מיט'ן בייטשעל. און איך האָף אז עס וועט אזוי זיין.

— און פאר וואס זייט איהר אין כעס אויף איהם? האט דער פרעמדער געפרעגט.

— ער האט א מאָל פערפיהרט א פרוי פון מיינעם א פריינד.

— פאר וואס־זשע זוכט איהר ניט צו נעמען נקמה אָן איהם?

— איך האב מיך שוין מיט איהם דריי מאָל געשלאָגען. דעם ערשטען מאָל האט ער מיר צובראָכען דעם אָרעם; דעם צווייטען מאל האט ער מיר דורכגעשטאָכען דיא לונג, און דעם דריטען מאָל האט ער מיר געמאכט דיזע וואונד.

דערביי האט דער ענגלענדער צוריקגעשלאָגען דעם קאָלנער פון זיין העמד און האט בעוויזען אויפ'ן האלז א לאנגען שניט ביז דעם אויער, וועלכער האט געשיינט צו זיין נאך פריש.

זעהט איהר שוין פאר וואס איך האס איהם? האט לאָרד ווילמאָר געזאגט. און איך האָף נאך, אז ער וועט שטארבען פון מיין האנד.

דאס איז אלעס וואס דער גאסט האט געוואלט וויסען, אָדער וואס ער האט געקענט ערוואַרטען פון דעם ענגלענדער. ער האט זיך אויפגעהויבען און האט בעדאנקט דעם לאָרד און האט גענומען אָפּשיעד פון איהם.

אזוי באלד וויא דיא טהיר האט זיך פערמאכט הינטער דעם שליח, איז לאָרד ווילמאָר אריין אין זיין שלאָף צימער, און אין אייניגע מינוטען האט ער אראָפּגעוואָרפען פון זיך דיא בלאָנדע האר מיט דיא באקענבארדען, דיא פאלשע וואָנצעס און דעם שניט פון האלז און איז ערשיענען אין דיא שווארצע האר מיט'ן בלייכען פּנים און דיא ווייסע ציין פון גראף מאָנטע קריסטאָ.

עס איז וואהר, אז דער וואס האט פערלאָזען מאָנטע קריסטאָ, איז ניט געווען קיין שליח פון דעם פּאָליציי שעף,—עס איז געווען ווילפאָר אליין.

דער פּראָקוראָר איז געווען א ביסעל בערוהיגט נאך זיינע בעזוכע ביי בוזאָני און לאָרד ווילמאָר. ער האט שוין געשלאָפען רוהיגער דיזע נאכט.

28טער קאפּיטעל.

## דער באל.

עס איז געווען דער הייסטער טאָג אין מאָנאט יולי. עס איז געווען שבת און אין דיזען טאָג איז געווען דער באל ביי דעם גראף מאָרסערף. דער גאנצער האָטעל און דער גאָרטען איז געווען גרויסארטיג אויסגעפּוצט. נעגען צעהן א זייגער האבען זיך אָנגעפאנגען צו פערזאמלען דיא געסט.

ווען אלבערט האט עמפּפאנגען מאדאם דאנגלאר און איז מיט איהר געגאנגען דורכ'ן זאל, האט זיא עפּעס געזוכט מיט דיא אויגען.

— וואָס זוכט איהר? האט אלבערט געפרעגט מיט א שמייכעל.

— וועט איהר דען ניט האבען היינטיגען אבענד דעם גראף מאָנטע קריסטאָ?

— זיעבענצעהן! האט אלבערט געזאגט.

— וואס ווילט איהר דערמיט זאָגען?

— איך וויל זאגען, אז עס גייט גוט, האט אלבערט געזאגט לאבענדיג. איהר זייט דיא זיעבענצעהנטע פערזאָן וועלכע שטעלט מיר דיזעלבע פראגע.... דער גראף מאכט גאנץ גוט.... איך מוז איהם אפגעבען מיין קאָמפלימענט....

— און איהר ענטפערט אלעמען אזוי וויא מיר?

— אָה, ריכטיג, איך האב אייך ניט געענטפערט. זייט רוהיג, מאדאם, מיר וועלען האבען דעם בעריהמטען מאן.

— זעהר גוט. יעצט לאָזט מיך און גייט צו מאדאם ווילפאר, וועלכע האט אויפ־געמאכט דעם מונד עפעס צו פרעגען.

— איך וועט, האט זיא אלבערט אונטערבראָכען, אז איך וויים וואס איהר ווילט מיך פרעגען?

— אזוי? נו, טרעפט, האט מאדאם ווילפאר געזאגט.

— איהר האט מיך געוואָלט פרעגען, אויב גראף מאָנטע קריסטאָ וועט קומען?

— עס הייבט זיך גאר ניט אָן! איך האב אייך געוואָלט פרעגען, אויב איהר האט געהאט נייעס פון הערען ד'עפינייו?

— יא, איך האב נעכטען ערהאלטען פון איהם א בריעף, אז ער קומט.

— גוט. יעצט וואס איז מיט דעם גראף מאָנטע קריסטאָ?

— ער וועט קומען, זייט רוהיג.

— ווייסט איהר, אז ער האט אנאנדער נאָמען וויא מאָנטע קריסטאָ?

— ניין, איך האב עס ניט געוואוסט.

— וועל! וויים איך מעהר פאר אייך; ער הייסט זאקאָנע און איז פון מאלטע און איז א זון פון א שיף אייגענטהימער.

— איהר ווייסט, האט אלבערט געזאָגט, ווען איהר וועט עס אויבען דערציילען וועט איהר האבען גרויסען ערפאָלג.

— ער האט געדינט אין אינדיען און האט דארטען אויסגעגראָבען א זילבער מינע, און איז געקומען אין פאריז אויסצוגראָבען הייל־וואסער אין אָטויל.

— וועל! האט אלבערט געזאגט, דאס איזווירקליך נייעס! ערלויבט איהר מיר דאס צו דערציילען פאר אנדערע?

— יא, אָבער ביסלעך ווייז און איהר זאלט ניט זאגען, אז עס קומט פון מיר.

— פאר וואס? האט אלבערט געפרעגט.

— ווייל עס איז כמעט א געהאפטער סעקרעט.

— פון וועמען? האט אלבערט געזאגט.

— פון דער פאָליציי, האט מאדאם ווילפאר געענטפערט.

— דען איז דיזע נייעס בעשפראָכען געוואָרען....

— נעכטען אבענד ביי דעם פאָליציי שעף. פאריז איז ערשטוינט געגען זיין אונ־געהייערן רייכטהום, און דיא פאָליציי האט גענומען נאָכצוזוכען ווער דער גראף איז.

— וועל! עס האט מעהר ניט געפעהלט וויא צו אַרעטירען דעם גראף אלס וואגאַבונד, ווייל ער איז זעהר רייך.

— וועל! עס וואלט געקענט זעהר לייכט פאסירען. ווען מען וואָלט ניט בעקומען וועגען איהם גוטע ערקונדיגונגען.

— אָרימער גראף! און וויים ער כאָטש אין וועלכער געפאהר ער האט געשוועבט?

— איך גלויב ניט, האט מאדאםווילפאָר געענטפערט.

— דאַן וועט עס זיין זעהר נייטיג, איהם דאס אָנצוזאָגען. און איך וועל עס טאָן אזוי באלד וויא ער וועט קומען.

אין דיזען מאָמענט איז אריינגעקומען א שיינער יונגער מאן, ועמען אלבערט האט גערייכט דיא האנד.

— מאדאם, האט אלבערט געזאגט, איך האב דיא עהרע אייך פאָרצושטעלען העררן מאקסימיליאן מאָרעל, גווארדיע קאפיטאן, איינעם פון דיא גוטע און איבערהויפט פון אונזערע בראוועסטע אָפיצערען.

— איך האב שוין געהאט דיא עהרע צו זעהען דעם העררן אין אָטויל ביין גראף מאָנטע קריסטאָ, האט מאדאם ווילפאָר געענטפערט מיט קאלטקייט.

דיזער ענטפער און איבערהויפט איהר קאלטער טאָן האט פערקלעמט מאָרעל'ן דיא הארץ, דערפאר האט ער אבער אויך געהאט א בעלאָהנונג; אין א ווינקעל פון א טהיר איז געשטאנען א שיינע און א ווייסע פיגור, וועלכע האט אויף איהם געקוקט און האט צוגעטראָגען א בלום צו דיא ליפען.

דיזער גרוס איז געווען אזוי פערשטאנען פון מאָרעל, דאס ער האט מיט דענזעלבען אויסדרוק פון דיא אויגען צוגעטראָגען דיא טיכעל צום מויל. א ווייל זיינען זיי אזוי געשטאנען פערטיפט איינער אין דעם אנדערענס אויגען, וואו אזוי פיעל ליעבע האט זיך אָפגעשפיעגעלט.

ווער וויים וויא לאנג זיי וואלטען געווען אזוי פערטיעפט אין זייער ליעבע, ווען מאָנטע קריסטאָ וואלט אין דיזער מינוט ניט אריינגעקומען.

איבעראל וואו דער גראף איז אריינגעקומען האט ער געמאכט א גערודער מיט זיין ערשיינען. דאס איז ניט געווען זיין איינפאכער שווארצער קאָסטיום, וועלכער האט צר נעצווינגען דעם בליק, דאס איז געווען זיין מאטע געזיכטס פארב, זיינע פעך שווארצע האָר; דאס איז געווען זיין ריינע און רוהיגע געזיכט; דאס איז געווען זיין טיעפער און טרויעריגער בליק; ענדליך איז עס געווען זיין שיינער מונד, וועלכער האט לייכט אָנגענומען איין אויסדרוק פון פעראכטונג און האט געמאכט, אז אלע אויגען זאלען קוקען אויף איהם.

עס האט געקענט געבען שענערע מענער פאר איהם, אבער עס איז געוויס ניט געווען אזעלכע, וועלכע זאלען האבען זיין זאָנדערבארע אנציעהונגס קראפט. אלעס אין דעם גראף האט עפעס געוואלט זאגען און אלעס אין איהם האט זיך געהאט זיין ווערטה; דען דיא געוואהנהייט פון זיין ניצליכען דענקען האט געגעבען זיין פנים איין אויסדרוק פון אונפערגלייכליכער ענטשלאָסענהייט.

אונטער דעם בליק פון אלעמעס אויגען און אלעמען לייכט גריסענדיג, איז דער גראף צוגעגאנגען ביז צו מאדאם מאָרסערף, וועלכע איז געשטאנען לעבען א קאמין בעשטעלט מיט בלומען און האט זיך פאָרברייטעט איהם צו עמפפאנגען.

זיא האט איהם בעגעגענט מיט א געמישטען שמייכעל, ווען ער האט איהר געגריסט. אָהן צווייפעל, האט זיא געגלויבט, אז דער גראף וועט צו איהר ריידען, און ער פון זיין זייט האט געגלויבט, אז זיא וועט צו איהם אָנפאנגען צו ריידען; און אזוי זיינען זיי ביידע געבליעבען שטום. זיי האבען זיך נאר געגריסט און מאַנטע קריסטאָ האט זיך געווענדט צו אַלבערט'ן, וועלכער איז צו איהם צוגעגאנגען מיט אָפענע אָרעמס.

— איהר האט געזעהען מיין מוטער? האט אַלבערט געפרעגט.

— איך האב געהאט דיא עהרע זיא יעצט צו בעגריסען, האט מאַנטע קריסטאָ געענטפערט, אָבער איך האב נאך ניט בעמערקט אייער פאָטער.

— אָן דאָרטען איז ער. ער רעט איבער פאָליטיק מיט איינינע הערען.

אין דיזען מאָמענט האט מאַנטע קריסטאָ דערפיהלט א האנד אויף זיין אָרעם; ווען ער האט זיך אומגעדרייט, האט ער דערזעהען דאַנגלאַר לעבען זיך.

— אָה, דאס זייט איהר, באראָן, האט ער געזאָגט.

— פאר וואס רופט איהר מיך באראָן? האט דאַנגלאַר געזאגט. איהר ווייסט דאך גוט, אז איך האלט ניט פון מיין טיטעל. עס איז ניט אזוי וויא איהר, יונגער גראף, האט ער געזאָגט צו אַלבערט'ן; איהר האלט זעהר פיעל פון אייער טיטעל, ניט וואהר?

— געוויס, האט אַלבערט געענטפערט, דען ווען איך וואלט ניט געווען קיין גרעפיל, וואלט איך געווען א גארניט, אבער ווען איהר וועט פערלירען אייער טיטעל, וועט איהר נאך בלייבען א מיליאָנער.

— אין דאס שיינט מיר איז דער בעסטער טיטעל אין דער גאנצער וועלט, האט דאַנגלאַר געזאגט.

— ליידער, האט מאַנטע קריסטאָ געזאגט, איז מען ניט עווינ א מיליאָנער; א בעווייז דערפון זיינען דיא מיליאָנערן פראנק און פולמאן פון פראנקפורט, וועלכע האבען באַנקראָטירט.

— אזוי? האט דאַנגלאַר געזאגט בלייך ווערענדיג.

— געוויס, האט מאַנטע קריסטאָ געזאָגט. איך האב היינט ערהאלטען דיזע נאַכריכט. איך האב ביי זיי געהאט אונגעפעהר א מיליאָן. אבער איך האב שוין אָפגעֿ-נומען מיין געלד מיט א מאָנאט פריהער.

— אך! האט דאַנגלאַר אויסגערופען, און איך האב ביי זיי געהאט צוויי הונדערט טויזענד פראנק!

— וועל! האט מאַנטע קריסטאָ געזאָגט, אייערע צוויי הונדערט טויזענד פראנק וועלען גיין צו יענע....

— שאַט! האט דאַנגלאַר געזאָגט, רעט ניט דערפון.... און זיך איינבויגענדיג צום גראף.... איבערהויפט פאר'ן יונגען קאַוואלקאַנטי, האט דער באראָן צוגעזעצט ווארפענדיג א שמייכעל צו דעם יונגען מאַן, וועלכער איז געשטאנען פון ווייטענס.

אַלבערט איז צוגעגאנגען צו זיין מוטער און דאַנגלאַר האט פערלאָזען דעם גראף און איז צוגעגאנגען צו אַנדרעא קאַוואלקאַנטי.

דיא היץ איז געווארען שטארק אין זאל און מאַנטע קריסטאָ האט אָפגעווישט דעם שוויים, וועלכער האט גערונען פון זיין שטערן. דיענער זיינען ארומגעגאנגען מיט

פרוכטען און אייז קרים, אָבער ער איז אָפּגעטראָטען צוריק, ווען א דיענער האט איהם עפּעס אָנגעבאָטען.

מאַדאַם מאָרסערף האט ניט אראָפּגעלאָזען קיין אויג פון מאָנטע קריסטאָ. זיא האט געזעהען וויא ער האט ניט געוואלט נעמען גארניט פון דיא דיענער און האט אפילו בעטראכט דיא בעוועגונג, וועלכע ער האט דערביי געמאכט.

— אַלבערט, האט זיא געזאָגט, האסטו עפּעס בעמערקט?

— וואָס, ליעבע מוטער?

— אז דער גראַף האט קיין מאָל ניט געוואלט עסען ביי דיין פאָטער?

— יא, אבער ער האט געגעסען ביי מיר, ווייל דורך דיזען מאָל עסען האט ער געמאכט זיין איינטריט אין דער פאריזער געזעלשאפט.

— ביי דיר איז ניט ביי דיין פאָטער, האט מערסעדעס געמורמעלט, און דען בעטראכט איך איהם יעצט צייט ער איז דאָ. ער האט נאך גארניט גענומען אין מונד.

— דער גראַף איז זעהר צוריקגעהאלטען, האט אַלבערט געזאָגט.

מערסעדעס האט טרויעריג געשמייכעלט.

— גיי צו איהם צו, מיין זון, און ביי דעם ערשטען דיענער, וועלכער וועט פערבייגייַן מיט פרוכטען, זאלסטו צו איהם צושטיין, אז ער זאל נעמען.

— צו וואס איז דאס, ליעבע מוטער?

— טו מיר דעם געפאלען, אַלבערט, האט מערסעדעס געזאָגט.

אַלבערט האט א קוש געטאָן דער מוטער'ס האנד און איז צוגעגאנגען צום גראַף.

א דיענער איז פערבייגעגאנגען מיט א פּלאַטע, און זיא האט געזעהען וויא אַלבערט האט פון דער פּלאַטע גענומען אייז קרים און האט עס דערלאנגט דעם גראַף, אבער דיזער האט זיך ענטשיעדען ענטזאגט צו נעמען.

אַלבערט איז צוגעגאנגען צו זיין מוטער; זיא איז געוועזען זעהר בלייך

— וועל! האט זיא געזאגט, זעהסטו, אז ער האט זיך ענטזאגט.

— יא; אָבער וואס קען דאס דיך אינטערעסירען?

— דו ווייסט, אַלבערט, אז דיא פרויען זיינען זאָנדערבאַר. איך וואלט געהאט פערגעניגען, ווען דער גראַף וואלט עפּעס געגעסען ביי מיר און ווען עס זאל אפילו נאר זיין א קערנדעל פון א גראַנאַט. אפשר איז ער ניט געוואוינט מיט דיא פראַנצויזישע זיטען, אדער אפשר וואלט ער וועלען אנאנדער זאך צום עסען?

— ניין, ליעבע מוטער! איך האב איהם געזעהען אין איטאַליען עסענדיג פון אלעס. אָהנע צווייפעל איז ער היינטיגען אבענד ניט גוט אויפגעלייגט.

— אפשר געפעלט איהם ניט דיא וואַרעמקייט אין זאַל? האט דיא גרעפין געזאָגט.

— איך גלויב ניט, דען ער האט געפרעגט פאר וואס מען האט ניט געעפענט דיא לאָדענס פון דיא פענסטער.

— וועל! מיט דעם גלויב איך, וועל איך וויסען אויב זיין צוריקהאלטונג איז א בעשלאָסענע זאך אדער ניט. און זיא איז ארויס פון זאַל.

איינינע מינוטען שפּעטער האבען זיך דיא לאָדענס געעפענט און מען האט גע-

קענט אריינקוקען אין דעם שיין בעלייכטעטען גאָרטען. אלע האבען ארויסגעשטויסען א געשריי פון פרייד, ווען זיי האבען דערפיהלט דיא פרעכטיגע לופט פון גאָרטען, וועלכע האט אריינגעשטראָמט דורך דיא אָפענע פענסטער.

אין דיזען מאָמענט איז ערשיענען מערסעדעס און איז געווען נאך בלייכער וויא פריהער, אבער איהר געזיכט האט געטראָגען א פעסטע ענטשלאָסענהייט. זיא איז גע־גאנגען גלייך צו א גרופע, וואו איהר מאן האט זיך געפונען.

— צו וואס האלט איהר אָפּ דיא העררען דאָ, הערר גראף, האט זיא געזאָגט צו איהר מאן, זאָלען זיי גיין אין גאָרטען געניסען פרישע לופט. און דאן זיך ווענדענ־דיג צו מאָנטע קריסטאָ:

— הערר גראף, האט זיא געזאָגט, מאכט מיר דיא עהרע און גיט מיר אייער אָרעם.

דער גראף איז שיעור ניט אומגעפאלען פון דיזע איינפאכע ווערטער; דאן האט ער א ווייל בעטראכט מערסעדעס. דיזע ווייל האט מעהר ניט געדויערט וויא דער שיין פון א בליץ, און פון דעסטוועגען האט עס געשיינט פאר דיא גרעפין אז עס האט געדויערט א יאָהרהונדערט, אזוי פיעל געדאנקען האט מאָנטע קריסט אריינגעלייגט אין דיזען איינציגען בליק.

ער האט אנגעבאָטען דיא גרעפין זיין אָרעם; זיא האט זיך אויף איהם אָנגעלעהנט און ביידע זיינען ארונטערגעגאנגען דיא טרעפּ צום גאָרטען.

הינטער זיי זיינען דורך אנאנדער טרעפּ ארונטער א צוואנציג געסט געניסען פריש לופט.

מאדאם מאָרסערף האט צוגעפיהרט מאָנטע קריסטאָ צו א פלאץ פון געדיכטע בוימער.

— עס איז זעהר ווארעם אין זאל, ניט וואהר, הערר גראף? האט זיא געזאָגט.

— יא, מאדאם, און אייער איינפאל אויפצומאכען דיא לאָדענס, איז איין אויס־געצייכענטער.

ווען ער האט געענדיגט דיזע ווערטער, האט דער גראף בעמערקט אז מערסעדעס האנד האט געציטערט.

— אָבער איהר, מיט דיזער לייכטער קלייד און נאקעטען האלז, וועט אייך ניט זיין קאלט? האט ער געזאָגט.

— ווייסט איהר וואוהין איך פיהר אייך? האט דיא גרעפין געזאָגט, ניט ענטפע־רענדיג אויף זיין פראגע.

— ניין, מאדאם, האט ער געענטפערט; אבער איהר זעהט דאך, אז איך מאך קיין ווידערשטאנד.

— אָן, אין יענעם הויז גאָרטען, וועלכען איהר זעהט.

דער גראף האט בעטראכט מערסעדעס, אזוי וויא ער וואָלט איהר געוואלט עפּעס פרעגען; אבער זיא איז געגאנגען ווייטער און האט גאָרניט געזאָגט; מאָנטע קריסטאָ איז אויך געבליבען שטום.

זיי זיינען צוגעגאנגען צו דער אראנזשעריע, וועלכע איז געווען אָנגעפיהלט מיט

דיא טייערסטע פירות, וועלבע וערן צייטיג אין מאָנאט יולי אונטער דיא בעשטימטע וואַרעמקייט אין א הויז גאָרטען.

דיא גרעפין האט אָפּגעלאָזען מאָנטע קריסטאָ'ס אָרעם און איז נעגאַנגען אָפּרייסען א בינטעל מוסקאַטנע וויינטרויבען.

— זעהט, הערר גראַף, האט זיא געזאָגט מיט אזא טרויערוגען שמייכעל דאס אין איהרע אויגען האבען זיך געזעהען טרערן; זעהט, איך ווייס אז אונזערע וויינטרויבען אין פראַנקרייך זיינען ניט גלייך צו אייערע אין איטאַליען, אבער איהר וועט האבען נאַכזיכט מיט דעם אָרימען קאַלטען קלימאַט פון אונזער לאַנד.

דער גראַף האט זיך פערנייגט און האט געמאַכט א טריט צוריק.

— איהר זאָגט מיר אָפּ? האט מערסעדעס געזאָגט מיט א ציטערדיגע שטימע.

— מאַדאַם, האט מאָנטע קריסטאָ געענטפערט, איך בעט אייך זעהר מיך צו ענטשולדיגען, אָבער איך עס קיין מאָל ניט קיין מוסקאַט.

מערסעדעס האט געלאָזען פאַלען דעם בינטעל וויינטרויבען זיפצענדיג. א פּראַכט־פאָלער אבריקאָס איז געהאַנגען אויף א צווייג פון א קינסטליכען בוים. מערסעדעס איז צוגעגאַנגען צום בוים און האט אָפּגעפליקט דעם אבריקאָס.

— דאַן נעמט דיזען אבריקאָס, האט זיא געזאָגט.

אָבער דער גראַף האט געטאָן דענזעלבען צייכען פון ענטזאַגונג.

— אָה, וויעדער! האט זיא געזאָגט מיט אזא שמערצליכען טאָן, דאס מען האט געפיהלט, אז זיא האט פערשטיקט דעם וויינען,—יעצט זעה איך מיין אונגליק, האט זיא געמורמעלט.

א לאַנגער שווייגען האט געפאָלגט נאָך דיזער טרויעריגער סצענע, און דער אבריקאָס האט זיך אראָפּגעקייקעלט אויף דער ערד וויא דער בינטעל וויינטרויבען.

— הערר גראַף, האט מערסעדעס וויעדער געזאָגט אנקוקענדיג מאָנטע קריסטאָ מיט א ווייכען בעטענדיגען בליק, עס גיבט א טייערע אראַבישע געוואָהנהייט, וועלבע מאַכט עוויגע פריינדשאַפט צווישען דיא טהיילונג פון זאַלץ און ברויט.

— איך קען דיזע געוואָהנהייט, מאַדאַם, האט דער גראַף געענטפערט, אָבער מיר זיינען אין פראַנקרייך און ניט אין אראַביען; און אין פראַנקרייך איז דאָ אזוי פיעל עוויגע פריינדשאַפט וויא דיא טהיילונג פון זאַלץ און ברויט.

— אָבער דאָך, האט דיא גרעפין געזאָגט מיט א האַסטיגע שטימע און שאַרף אָנקוקענדיג מאָנטע קריסטאָ, קוועטשענדיג מיט פיבער זיין אָרעם אין איהרעביידע הענד, מיר זיינען פריינד, ניט אמת?

דאס בלוט האט צוגעשטראָמט צום גראַף'ס הארץ און ער איז געוואָרען בלייך וויא דער טויט; דאַן איז איהם דאס בלוט אריין אין האלז און האט אָנגעפילט זיינע באַקען, און זיינע אויגען האבען ארומגעבלאָנזעט אייניגע סעקונדען וויא ביי א מענשען, וועלבער בעקומט קאָפּ שווינדעל. ביסלעבווייז איז ער געקומען צו זיך און דאַן האט ער געענטפערט:

— געוויס זיינען מיר פריינד, מאַדאַם, האט ער ארויסגעשטאַמעלט; איבריגענס, פאַר וואָס זאָלען מיר עס ניט זיין?

דיזער מאַן איז געוועזן ווייט פון דעם, וועלכען מאדאם מאַרסערף האט ערוואַרטעט. זיא האט זיך אָפּגעקעהרט אום ארויסצולאָזען א זיפץ, וועלכער האט געגליכען צו א קרעכץ.

— דאַנק! האט ייא געזאָגט.

און זיא האט ווידער אָנגעפאנגען צו גיין. אזוי זיינען זיי געגאנגען ארום גאָרטען אָהנע צו ריידען איין איינציגען וואָרט.

— מיין העררר, האט דיא גרעפין פּלוצלונג ווידער אָנגעפאנגען, איז עס וואָהר, אז איהר האט אזוי פיעל געררייזט, אזוי פיעל געזעהען, אזוי פיעל געליטען?

— יאַ, מאדאם, איך האב זעהר פיעל געליטען, האט מאָנטע קריסטאָ גע־ענטפערט.

— אָבער יעצט זייט איהר גליקליך?

— אָהנע צווייפעל, דען קיינער הערט מיך ניט קלאָגענדיג.

— האט אייך יעצטיגער גליק ווייך געמאַכט דיא הארץ?

— מיין יעצטיגער גליק גלייכט אוים מיינע פערגאנגענע ליידען, האט דער גראף געזאָגט.

— זייט איהר ניט פערהייראַט? האט דיא גרעפין געפרעגט.

— איך, פערהייראַט! האט מאָנטע קריסטאָ געענטפערט שוידערנדיג, ווער האט עס אייך געזאָגט?

— מען האט עס מיר ניט געזאָגט, אבער מען האט אייך מעהרערע מאָל געזעהען אין אָפּערא הויז מיט א יונגע און שיינע פּערזאָן.

— דאס איז א שקלאַווין, וועלכע איך האב געקויפט אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, מאדאם; דאָס איז א פּרינץ'ס א טאָכטער, וועלכע איך האב געמאַכט פאר מיין טאָכטער, ווייל איך האב ניט קיין אנדער פריינד אויף דער וועלט.

— איהר לעבט אלזא אליין?

— איך לעב אליין.

— איהר האט ניט קיין שוועסטער.... קיין זון.... קיין פאָטער....

— איך האב קיינעם ניט.

— וויא קענט איהר אזוי לעבען אליין, אָהן איין זאך, וועלכע זאל אייך בינדען צום לעבען?

— עס איז ניט מיין שולד, מאדאם. אין מאַלטע האב איך געליעבט א יונגע מיידעל און איך האב שוין געהאלטען מיט איהר חתונה צו האבען, וויא דער קריג איז געקומען און האט מיך אוועקגעטראגען ווייט פון איהר וויא א שטורם ווינד. איך האב געגלויבט, אז זיא האט מיך געליעבט גענוג, אום אויף מיר צו וואַרטען און זיא וועט מיר בלייבען טריי ביז מיין קבר. אָבער ווען איך בין צוריקגעקומען, איז זיא געוועזן פערהייראַט. דאָס איז דיא געשיכטע פון יעדער מענשען, וועלכער האט דורכגעמאַכט דעם אלטער פון צוואנציג יאָהר. איך האב אפשר געהאט א שוואַכערע הארץ וויא דיא אנדערע, און איך האב פיעל מעהר געליטען וויא זיי, ווען זיי וואלטען געוועזן אויף מיין פּלאַץ, און דאס איז אלעס.

דיא גרעפין האט זיך א ווײלע אפגעשטעלט, אזוי וויא זיא וואלט געדארפט אפהאלטען זיך צו כאפּען אטהעם.

— יא, האט זיא געזאגט, דיזע ליעבע איז אייך געבליעבען אין הארצען.... מען ליעבט מעהר ניט וויא איין מאל .... און האט איהר געזעהען נאך א מאל דיזע פרוי?

— ניעמאלס, האט ער געענטפערט מיט א געפרעסטע שטימע.

— ניעמאלס! האט מערסעדעס אויסגערופען.

— איך האב ניט צוריקגעקעהרט אין דעם לאנד וואו זיא איז געווען.

— האט איהר איהר פערצייהט דיא ליידען, וואס זיא האט אייך געמאכט?

— איהר, יא, האט מאנטע קריסטא געמורמעלט.

— נאר איהר אליין? און איהר האסט נאך אלץ דיא, וואס האבען אייך פון איהר אפגעריסען?

דיא גרעפין האט זיך געשטעלט ענטקעגען מאנטע קריסטא; זיא האט נאך גע־האלטען אין האנד א שטיקעל פון דעם בינטעל מוסקאט.

— נעמט, האט זיא געזאגט.

— איך עס ניעמאלס קיין מוסקאט ניט, האט מאנטע קריסטא געענטפערט, אזוי וויא עס וואלט וועגען דעם צווישען זיי קיין מאל קיין רייד ניט געווען.

דיא גרעפין האט אווארף געטאן דעם מוסקאט מיט א צייכען פון פערצווייפלונג.

— ניט צו בויגען! האט זיא געמורמעלט.

מאנטע קריסטא איז געבליעבען קאלט, אזוי וויא ער וואלט ניט געהערט דעם פארוואורף.

אין דיזען מאמענט איז אלבערט צוגעלאפען.

— אה, ליעבע מוטער, האט ער געזאגט, א גרויסער אונגליק!

— וואס איז געשעהען? האט דיא גרעפין אויסגערופען.

— דער הערר ווילפאר איז געקומען אפנעמען זיין פרוי און זיין טאכטער.

— און צו וואס איז דאס?

— וויל דיא מארקיזע סענט מעראן איז איצטער אנגעקומען אין פאריז און האט געבראכט דיא נאכריכט, אז דער מארקיז סענט מעראן איז פלוצלונג געשטארבען ביין פערלאזען מארסייל. מאדאם ווילפאר, וועלכע איז געווען זעהר פריילין, האט ניט געוואלט פערשטיין און ניט גלויבען דיזען אונגליק אבער ווען פריילין וואלענטינע האט דאס דער־הערט איז זיא געפאלען חלשות.

— און וואס איז הערר סענט מעראן צו פריילין וואלענטינע ווילפאר? האט מאנטע קריסטא געפרעגט.

— ער איז געווען איהר זיידע פון דער מוטערס צד. ער האט געוואלט קומען צו איילען דיא חתונה צווישען פראנץ ד'עפינעי און זיין ענקעל.

— יעצט וועט אלזא פראנץ מוזען ווארטען מיט דער חתונה, האט אלבערט גע־זאגט. שאדע וואס הערר סענט מעראן איז ניט געווען דער זיידע פון פריילין דאנגלאר.

— אלבערט! אלבערט! האט מאדאם מארסערף געזאגט מיט א וויכען פארוואורף

האָס רעדסטו? אך, הערר גראף, אייך אבטעט ער דאך אזוי פיעל, זאגט איהם, אז ער האט שלעכט גערעט.

זיא האט געמאכט עטליכע טריט פאָראוים.

מאַנטע קריסטאָ האט זיא בעטראכט מיט אזא זאָנדערבארען און טרויםעריישען בליק, דאס זיא האט זיך גענעהענט צו איהם.

דאן האט זיא גענומען זיין האנד און האט זיא צוגעלייגט צו איהר זון'ס האנד.

— מיר זיינען פריינד, ניט אמת? האט זיא געפרעגט.

— אָה! אייער פריינד, מאדאם; איך האב ניט דיזעס רעכט, אָבער אין יעדען פאַל, בין איך אייער זעהר ערגעבענער דיענער.

דיא גרעפין איז אוועקגעגאנגען מיט איין אונבעשרייבליכע קלעמונג אין הארצען, און איידער זיא האט נאך געמאכט צעהן טריט, האט דער גראף געזעהען וויא זיא האט צוגעטראָגען דיא טיכעל צו דיא אויגען.

— זייט איהר דען ניט איינשטימיג מיט מיין מוטער? האט אלבערט פערוואונ־דערט געפרעגט.

— אין געגענטהייל, האט דער גראף געענטפערט; זיא האט דאך מיר אין אייער געגענווארט געזאָגט, אז מיר זיינען פריינד.

און זיי זיינען אריין אין זאַל, פון וועלכען ווילפאָר מיט זיין פרוי און וואלענטינע זיינען ארויסגעגאנגען. מען דארף גאָרניט פיעל קלערן, אז מאָרעל איז ארויס הינטער זיי.

29טער קאפיטעל.

## פ ע ר ג י פ ט ע ט.

צו אורטהיילען נאך דעם, וויא ווילפאָר איז געקומען צולויפען אויפ'ן באַל אָפּנעמען זיין פרוי און זיין טאָכטער, האט געמוזט ביי איהם אין הויז פאַסירען עטוואָס זעהר וויכטיגעס. און אזוי איז געווען. דעם אבענד איז ווילפאָר געזעסען ביי זיך אין צימער און האט זיך אלץ געבראָכען דעם קאָפּ איבער דעם וואס מאַנטע קריסטאָ האט דערציילט וועגען דעם פערגראָבענעם קינד. אין דער קורצער צייט איז ער כמעט גרוי געוואָרען פון שרעקליכען פייז און פחד. לאָרד ווילמאָר און דער גייסטליכער בוזאָני האבען איהם אפילו בערוהיגט וועגען גראף מאַנטע קריסטאָ, אָבער אין גאנצען רוהיג איז ער דאך ניט געווען.

ער איז יעצט געזעסען און האט דורכגעקוקט א ליסטע פון אלע זיינע פיינד און האט געזוכט צו געפינען עפּעס וואס זאל איהם פיהרען צו דער ערקלערונג איבער דעם גראף מאַנטע קריסטאָ, אויב ער געהערט אויך ניט צו איינעם פון דיזע פיינד.

וועהרענד ער איז אזוי געזעסען ביי זיך אין צימער פערשפּעטיגט, איז געוואָרען א לאַרם אין הויז און ער האט אויפגעמאכט דיא טהיר. איין אלטע פרוי איז אריינגע־פאלען צו איהם אין צימער מיט א שרעקליכען געוויין. דאס איז געווען מאדאם סענט מעראן, דיא מוטער פון זיין ערשטער פרוי און דיא גרויסמוטער פון וואלענטינע.

זיא האט דערציילט, אז איהר מאן דער מארקיז מעראן איז פּלוצלונג געשטאָרבען ווען זיי זיינען ארויסגעפאהרען פון מארסייל. ער האט אָפּגעגעסען דיענער פאר'ן אוועק־

פאָהרען און באלד נאך דעם איז איהם ניט גוט געוואָרן, און אין א פּאָר טעג ארום איז ער פּלוצלונג געשטאָרבען.

ווילפאָר איז געבליעבען וויא פערשטיינערט ביי דיזער שרעקליכער נאכריכט פאר איהם. ער האט דער מאדאם סענט מעראן ניט געוואָלט זאגען, אז זיין פרוי און טאָכ־טער געפינען זיך יעצט אויף א באל, האט ער זיא אריינגעפיהרט אין זאל און האט איהר געזאָגט, אז ער גייט זיי אריינרופען. און ער איז אליין גלייך געלאָפען אויפ'ן באל.

וואלענטינע איז געקומען א היים א האלב טויטע, דען איז איהר זיידען סענט מעראן האט זיא פערלאָרען א גרויסע שטיצע.

ווען נוארטיע האט דערהערט פון זיין אלטען דיענער בארוא וואס עס איז געשעהען האט ער איהם געהייסען אריינרופען וואלענטינען. זיא איז אין דיזער צייט געווען ביי איהר גרויסמוטער און ווען זיא האט געהערט, אז נוארטיע רופט זיא, האט זיא פער־לאָזען איהר גרויסמוטער און איז צו איהם ארויפגעגאנגען.

וואלענטינע האט אומארעמט איהר זיידען, וועלכער האט זיא אזוי צערטליך אָנגעקוקט, דאס דיא יונגע מיידעל האט ווידער געפיהלט פליסענדיג איהרע טרערן. דער אלטער האט זיא אלץ אָנגעקוקט מיט דערזעלבער צערטליכקייט.

— יא, יא, האט וואלענטינע געזאגט, דו ווילסט זאָגען, אז דו ביזט אימער מיין טייערער, גוטער זיידע, ניט אמת? דאס איז נאך א גליק פאר מיר, דען אָהן דעם, וואָס וואָלט פון מיר ווערן?

אויף מאָרגען פריה איז געוואָרען א שרעקליכע טרעוואָגע אין הויז. מאדאם מעראן איז שרעקליך קראנק געווארען. זיא האט זיך געקלאָגט איבער מאָגען שמערצען און קאָפּ שווינדעל. מען האט אָנגעפאנגען צו טאנצען ארום איהר און זיא האט געטענה'ט, אז זיא וועט יעצט שטארבען. פאר'ן טויט האט זיא נאך געוואָלט אונטערצייכענען דעם חתונה קאָנטראקט צווישען וואלענטינע און פראנץ ד'עפּיניי.

— וואָס רעט איהר פון טויט, מאדאם! האט ווילפאָר געזאָגט. ווארפט אוועק דיזען געדאנקען.

— איך זאג אייך, אז איך וועל שטארבען, הערט איהר? וועל! און פאר'ן שטארבען וויל איך זעהען מיין איידים. איך וועל איהם זאָגען, אז ער זאל גליקליך מאכען מיין אייניקעל. איך וויל זעהען אין זיינע אויגען, אויב ער וועט מיך פאָלגען. און ענדליך וויל איך איהם קענען, האט זיא געזאגט מיט א שרעקליכען אויסדרוק, דען ווען ער וועט ניט האלטען קיין וואָרט ועל איך קומען פון קבר איהם דערמאָנען אָן דעם.

— מאדאם, פערטרייבט פון אייך דיזע פיבער געדאנקען, וועלכע זיינען ניט ווייט פון משוגעת, האט ווילפאָר געזאגט. דיא טויטע, וועלכע מען לייגט אריין אין גרוב, שלאָפען דארטען עוויג און שטייען קיין מאָל ניט אויף.

— אָה, יא, ליעבע מוטער, בערוהיג זיך, האט וואלענטינע געזאָגט.

— און איך זאג אייך, מיין הערר, אז עס איז ניט אזוי וויא איהר גלויבט. דיעזע נאכט האב איך געהאט א שרעקליכען שלאָף. איך ווייס אז אייך וועט עס שיינען פאָ־ אונמעגליך. וועל! מיט פערמאכטע אויגען האב איך געזעהען, פונקט אויף דעם פלאץ

וואו איהר שטייט יעצט און וואו עס געפינט זיך דער מואלעטען צימער פון מאַדאַם ווילפאַר, ארויסקומענדיג א ווייסע געשטאלט.

וואלענטינע האט ארויסגעשטויסען א געשריי.

— דער פיבער האט אייך אויפגערעגט, מאַדאַם, האט ווילפאַר געזאַגט.

— איהר קענט צווייפלען וויא איהר ווילט, אבער איך בין זיכער וועגען דעם, וואַס איך זאָג. איך האב געזעהען א ווייסע געשטאלט און איך האב זיא געהערט מישענדיג אין גלאָז.... אַט זעהט איהר, אין דיזער גלאָז וואס שטייט דאָ אויפ'ן טיש לעבען מיר.

— אָה, גוטע מוטער, עס איז געווען א חלום, האט ווילפאַר געזאַגט.

— עס איז אזוי געווען א חלום, אז אזוי באלד איך האב אויסגעצויגען דיא האנד צום גלעקעל, איז דיא געשטאלט פערשוואונדען. ווען דיא דיענסט איז אריינגעקומען איז שוין קיינער ניט געווען.

ווען ווילפאַר האט געהערט דיזע ווערטער, האט איהם א קאַלטער שוויס בעגאָסען. ער האט געזוכט מיט אלע מעגליכקייט דיא קראַנקע צו בערוהיגען, אָבער זיא איז גער בליעבען ביי איהרען. אין א ווילע ארום האט זיא געהייסען וואלענטינען ארויסגיין און זיא זאל איהר לאָזען אליין מיט איהר פאָטער. דיא דערשלאָגענע אָרימע יונגע מיידעל איז ארויסגעגאנגען.

ארונטערגייענדיג דיא טרעפ האט זיא בעגעגענט זייער הויז דאָקטאָר, הערר אווריני. דאָקטאָר אווריני איז געווען בעריהמט פאר א גוטען ארצט און זעהר אָרענטליכע פערזאָן. ער איז געווען א פריינד פון ווילפאַר און פון זיין גאנצער פאַמיליע, איבערהויפט פון וואלענטינע.

ווען ער האט דערזעהען וואלענטינע האט ער זיא פריינדליך געגריסט. דאַן האט ער זיא געפרעגט וועגען איהר אויפגערעגטען צושטאנד. וואלענטינע האט איהם דערציילט וועגען דיא קראַנקהייט פון איהר באָבען און וועלכער ארט קראַנקהייט דאס איז. דער דאָקטאָר האט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און האט געזאָגט, אז דאס קומט איהם פאָר פערדעכטיג. ער איז ארויפגעגאנגען איהר זאָגענדיג, אז ער וועט דיא קראַנקהייט אונטערזוכען.

וואלענטינע איז אראָפּגעגאנגען אין גאָרטען און איז געווען נאָהענט פון דעם פּלאַץ, וואו זיא קומט זיך צוזאמען מיט מאַקסימיליאַן מאָרעל. דיזע צייט איז ניט געווען דיא שטונדע פון זייער צוזאמענקונפט. דאך האט זיך איהר געדאכט, אז זיא האט געהערט א שטימע זיא רופען. ווען זיא האט זיך אומגעקוקט האט זיא דערזעהען פון יענער זייט צוים מאָרעל'ן.

עס איז זיך ניט צו וואונדערן, אז נאך דעם ווען ווילפאַר איז אוועק מיט זיין פאַמיליע פון מאַדאַם מאָרסערף אזוי פּלוצלונג, האט מאַקסימיליאַן געמוזט רעכענען, אז אין ווילפאַר'ס הויז האט געדאַרפט פאָרקומען עטוואָס געוואַלטיגעס און דאס זיין אייגענער שיקזאל איז יעצט אויך געווען דאָ אריינגעמישט, און דערפאר איז ער געשטאַנען וויא אויף קוילען אין ערוואַרטונג צו האבען פון וואלענטינען נייעס.

באלד נאך זייערע ערשטע רייד, האט מאָרעל געזאָגט:

— יעצט וועט זיך ענטשליסען מיין שיקזאל, טייערע וואלענטינע. פראנץ ד'עפיניי איז געקומען. וואלענטינע האט ארויסגעשטויסען א געשריי ביי דיזען נאמען.

— איך בין היינט געוועזען ביים גראף מאנטע קריסטא, האט דער יונגער מאן פארטגעזעצט, און איך האב איהם געזעהען אריינקומען מיט פראנץ'ן. יעצט וואלענטינע, ענטפערט מיר וויא א מאן, וועמעס טויט און לעבען הענגט אפ פון אייער ענטפער. וואס רעכענט איהר יעצט צו טאן?

וואלענטינע האט אראפגעלאזען דעם קאפ אזוי וויא א דערשלאגענע.

דערויף איז ענטשטאנען צווישען דיא ביידע יונגע לייט א הייסער געשפרעך, אין וועלכען עס האט זיך אפגעשפיעגעלט דיא הייסטע געפיהלען פון זייערע הערצער. וואלענטינע האט אין פערצווייפלונג ניט געוואוסט וואס זיא זאל טאן. פון איין זייט האט זיא ניט געקענט גיין ענטקעגען דעם ווילען פון איהר פאמיליע, וועלכע האבען זיא דורכאויס געוואלט פערהייראטהען מיט פראנץ ד'עפיניי, און פון דער אנדערער זייט האט זיא געליעבט מיט דער הייץ פון איהר גאנצען הארץ מאקסימיליאנען, אהן וועמען זיא וואלט ניט געקענט לעבען.

— איך בין פריי, האט מאקסימיליאן געזאגט. איך בין גענוג רייך פאר אונז ביידען און איך שווער אייך, אז איהר וועט זיין מיין פרוי, נאך איידער מיינע ליפען האבען בעריהרט אייער שטערן.

— איהר מאכט מיך ציטערן! האט דיא יונגע מיידעל געזאגט.

— קומט מיט מיר, האט מארעל פארטגעזעצט. איך וועל אייך ברייגגען צו מיין שוועסטער, וועלכע איז ווערטה צו זיין אייער שוועסטער. מיר וועלען אוועקפאהרען אין אויסלאנד, און אז איהר ווילט קענען מיר פערבלייבען דא ערגעץ אין א פראווינץ שטאט, ביז מיינע פריינד וועלען פועלן ביי אייער פאמיליע, אז מיר זאלען צוריקקומען.

דיא יונגע מיידעל האט פערצווייפעלט געשאקעלט דעם קאפ.

— אלזא ווינש איך אייך א גליקליכען לעבען, וואלענטינע, אדיע, אדיע! האט מארעל געזאגט זיך פערנייגענדיג.

— וואו גייט איהר? האט וואלענטינע אויסגערופען אויסשטרעקענדיג דיא האנד דורך דיא גראטעס און אננעמענדיג איהם פארן ראק. דיא יונגע מיידעל האט פערשטאנען נאך דער אויפרעגונג פון איהר געליעבטען, אז זיין רוהיגער טאן איז ניט געוועזען קיין ריכטיגער. וואו גייט איהר?

— איך וועל גיין אום ניט צו מאכען קיין שטערונג אין אייער פאמיליע, און איך וועל געבען א ביישפיעל פאר אלע עהרליכע און ערגעבענע מענשען, וואס זיי זאלען טאן ווען זיי וועלען זיך געפינען אין מיין לאגע.

— איידער איהר גייט, זאגט מיר וואס איהר ווילט טאן, מאקסימיליאן?

— האט איהר געענדערט אייער ענטשלוס? האט מארעל געזאגט טרויעריג שאקלענדיג מיט'ן קאפ.

— אונגליקליכער! איך קען איהם ניט ענדערן האט דיא יונגע מיידעל אויסגעשריען. ווייסט איהר עס דען ניט?

— דאן, אדיע, וואלענטינע!

וואַלענטינע האט אָנגעפאנגען צו שאָקלען דיא גראַטעס מיט א שרעקליכע קראַפט, און אזוי וויא מאָרעל האט אנגעפאנגען אוועקצוגיין, האט זיא ארויסגעשטעקט ביידע הענד און האט זיי געבראָכען.

— וואָס גייט איהר טאָן? איך וויל עס וויסען! האט זיא אויסגעשריען; וואוהין גייט איהר?

מאַקסימיליאַן האט זיך גענעהענט מיט זיין זיסען שמייכעל, און ווען ניט זיין בלייכקייט, וואלט מען געקענט מיינען, אז דאס איז געווען זיין געוויינליכער שמייכעל.

— הערט מיך אויס, מיין טייערע, מיין פערגעטערטע וואַלענטינע, האט ער געזאָגט מיט זיין קלינגענדיגע און טיעפע שטימע, מענשען אזוי וויא מיר קענען לעזען איינער דעם אנדערן אין הארצען. איך בין ניט קיין ראָמאַנטישער העלד, אבער אָהן ווערטער, אָהן שבועות האב איך איינגעשטעלט מיין לעבען אין אייך. ווען איהר זאלט מיר פעהלען, זאג איך אייך און האב עס אייך געזאגט, איז מיין לעבען פערלאָרען. אין דעם מאָמענט ווען איהר פערלאָזט מיך בלייב איך אליין אויף דער וועלט. הערט וואָס איך וועל טאָן; איך וועל וואַרטען ביז דער לעצטער מינוט ווען איהר וועט זיין פערהייראַט, דען עס קען נאך אפשר פאַסירען עפּעס מיט פראַנץ ד'עפּינעי און דיא חתונה זאל פערהינדערט ווערן; ווען דאס אונגליק זאל אָבער דאך קומען וועל איך מיך שטעלען לעבען א בוים אין א וואַלד, און אזוי וואהר וויא איך בין דער זון פון דעם עהרליכסטען מאַן אין פראַנקרייך, וועל איך מיר אריינשיסען א קויל אין קאָפּ.

א שרעקליכער ציטערן האט געפּאַקט וואַלענטינעס גאנצען קערפּער. זיא האט אָפּגעלאָזען דיא גראַטעס, וועלכע זיא האט געהאַלטען מיט ביידע הענד און זיא האט זיך אָנגעכאַפּט פארן געזיכט, פון וועלכען גרויסע טרערן האבען זיך געקייקעלט.

— אָה! האט מיטלייד! האט מיטלייד! האט זיא אויסגערופען. איהר וועט לעבען! איהר מוזט לעבען, ניט אמת?

— ניין. ביי מיין לעבען, ניין! האט מאַקסימיליאַן געזאָגט. אבער וואָס קימערט דאָס אייך? איהר האט געטאָן אייער פּפליכט און אייער געוויסען וועט בלייבען ריין.

וואַלענטינע איז אנידערגעפאַלען אויף דיא קניע און האט געזאגט מיט א הערץ רייסענדע שטימע:

— מאַקסימיליאַן, מאַקסימיליאַן, מיין פריינד, מיין ברודער, מיין ווירקליכער מאַן אין הארצען, איך בעט דיך, טו אזוי וויא איך, לעב מיט דעם ליידען: פיעלייכט וועלען מיר נאך זיין א מאָל פעראייניגט.

— אדיע, וואַלענטינע, האט מאָרעל ווידער געזאגט.

— וואַרט, מאַקסימיליאַן, האט דיא יונגע מיידעל געזאָגט אָפּוויישענדיג דיא טרערן און מיט א פעסטע שטימע, איך וויל ניט שטאַרבען מיט א שלעכטען געוויסען, איך וויל בעסער שטאַרבען פון שאַנדע. איהר וועט לעבען מאַקסימיליאַן, און איך וועל צו קיינעם ניט געהערן וויא צו אייך. ווען ווילט איהר, אז איך זאל עס טאָן? איך בין בערייט.

מאָרעל, וועלכער איז שוין געווען א ביסעל אָפּגעטרעטען פון צוים, איז ווידער צוגעגאנגען. בלייך פאר פרייד האט ער דורכגעשטעקט דיא הענד דורך דיא גראַטעס.

— וואלענטינע, האט ער געזאָגט, טייערער פריינד, ניט דאס האב איך פון אייך געוואָלט הערן; בעסער לאָזט מיך שטארבען. צו וואס דארף איך אייך צווינגען, ווען איהר ליעבט מיך וויא איך ליעב אייך? איהר ווילט מיך צווינגען צו לעבען נאר אויס מענשליכקייט, ציה איך בעסער פאָר צו שטארבען.

— און אין אמת'ן, האט וואלענטינע געמורמעלט, ווער ליעבט מיך אויף דער וועלט? ער. ווער האט מיך געטרייסט אין אלע מיינע ליידען? ער. אויף וועמען לייג איך מיינע האָפנונגען, אויף וועמען קוק איך מיט מיינע צושטערטע אויגען, פאר וועמען קיהל איך אָפּ מיין פערבלוטיגטע הארץ? פאר איהם. וועל! מאקסימיליאַן, דו האסט אויך רעכט; איך וועל גיין מיט דיר; איך וועל פערלאָזען מיין עלטערליכע הויז און אלעס.... אָה, אונדאנקבארע, וואס איך בין! האט וואלענטינע אויסגערופען שלוכצענדיג, אלעס!... אפילו דעם זיידען אויך!

— ניין, האט מאקסימיליאַן געזאָגט, דו וועסט איהם ניט פערלאָזען. דו האסט מיר געזאָגט, אז ער האט צו מיר סימפּאטהיע. וועל! איידער מיר וועלען אוועק, וועסטו ארויפגיין צו איהם און וועסט איהם אלעס דערציילען. באלד נאך אונזער חתונה וועלען מיר איהם נעמען צו אונז און אָנשטאָט איין קינד וועט ער האבען צוויי. דו וועסט מיך אויסלערנען זיין שפראך און איך וועל מיך מיט איהם פערשטיין וויא דו. גיי, וואלענטינע, איך שווער דיר, אז אָנשטאָט פערצווייפלונג, וועלכע ערווארטעט אונז, פערשפּרעך איך דיר, אז מיר וועלען זיין גליקליך!

— טייערער מאקסימיליאַן, האט וואלענטינע טרויעריג געזאגט, מיט דיינע הייסע ווערטער מאכסטו מיך כמעט גלויבען, אז מיר זיינען שוין גליקליך, אָבער עס איז א משוגעת. מיין פאָטער וועט מיר ניעמאלס ניט פערצייהען אזא זאך און ער וועט מיך פערדאמען. אבער דאס וועל איך דיך בעטען: זאל עס זיין דורך א צופאל אדער דורך מיין בעטען, דאס איך וועל קענען אָפּלייגען דיא חתונה מיט ד'עפּיניי,—לאָמיר ווארטען!

— שווער מיר, אז עס קען זיין וואס עס וויל און דו וועסט ניט אונטערשרייבען דעם הייראטס קאָנטראקט!

— איך שווער עס דיר, מאקסימיליאַן, ביי אלעס וואָס מיר איז הייליג!

— דאַן, לאָמיר ווארטען, האט מאָרעל געזאָגט. אבער וואס וועט זיין, אז מען וועט דיך הייַנט אדער מאָרגען וועלען צווינגען צו אונטערשרייבען דעם קאָנטראקט?

— דאַן, קום איך צו דיר און מיר וועלען ענטלויפען. זאל עפּעס פּאסירען וועל איך דיר גלייך שרייבען.

— גוט, זעהר גוט, איך דאנק דיר מיין טייערע וואלענטינע, האט מאָרעל געזאָגט. אלזאָ אָפּגעמאכט; אזוי וויא איך וועל ערהאלטען דעם צייכען, וועל איך קומען צולויפען. איך וועל דיר העלפען אריבערקלעטערן דעם צוים; א וואָגען וועט דאָ שטיין אָנגעגרייט; מיר וועלען זיך אריינזעצען און איך וועל דיך אָפּפיהרען צו מיין שוועסטער, און דאס איבריגע וועלען מיר זעהען.

— זאל זיין אזוי, האט וואלענטינע געזאָגט. ביזטו יעצט צופריעדען?

— אָה, מיין פערגעטערטע וואלענטינע, דער וואָרט יא איז דאָ צו ווייניג.

וואלענטינע האט דורכגעשטעקט איהרע ליפען דורך דיא גראטעס, וואו זיא האט אנגעטראָפען מאקסימיליאַן'ס ליפען. דער קלונג פון א קוש האט זיך דערהערט און וואלענטינע איז באלד ענטלאָפען הינטער דיא בוימער.

אויף מאָרגען אין דער פריה האט מאָרעל ערהאלטען א בריעפעל פון וואלענטינע אז דער קאָנטראקט האט געדארפט אין אבענד אונטערשריבען ווערן. דריי פערטעל צו נייען א זייגער אין דענזעלבען אבענד זאל ער זיין ביי דעם צוים.

עס איז זעלבסט פערשטענדליך, אז מאָרעל האט קוים דערווארט דיזע שטונדע. ווען עס איז נאר דונקעל געוואָרן איז ער שוין געווען אויפ'ן פלאץ. ער האט מיטגעבראכט לייטערס און א פערד און וואגען, נאָר אויף ארייגצוזעצען זיך און צו ענטלויפען.

ווען אלעם איז געווען צוגעברייט האט ער אָנגעפאנגען צו ציילען דיא מינוטען, אום צו הערען וויא וואלענטינע וועט צו איהם קומען און וועט איהם זאָגען: „נעם מיך, יעצט בין איך דיינע!“ אָבער דער זייגער האט געשלאָגען דריי פערטעל נייען און וואַ־לענטינע איז ניט געקומען. עס זיינען אוועקגעגאַנגען נאך איינינע מינוטען, און זיא איז נאך ניט געקומען. עס איז אוועק א פערטעל שעה, א האלבע שעה, און זיא איז נאָך אלץ ניט געקומען. מאקסימיליאַן'ס אונרוהע איז געוואקסען מיט יעדע מינוט. ער האט ניט געקענט פערשטיין וואס דאס זאָל בעדייטען. ווען עס איז אוועקגעגאנגען נאך א האלבע שעה, דאן האט זיין אונרוהע עררייכט דיא העכסטע שטופע, שרעקליכע גע־דאנקען האבען איהם געלעכערט דעם מוח. ער האט זיך אנדערס ניט געקענט ערקלערן דיא זאך, אז מיט וואלענטינען האט עפעס פאסירט. אדער מען האט זיא געצוואונגען מיט געוואלט צו אונטערשרייבען דעם קאָנטראַקט, אָדער גייענדיג צו איהם איז זיא פאר גרויס שרעק און צוטומלונג געפאלען אין וועג חלשות. דיזער לעצטער פאל איז איהם אזוי אריין אין קאָפּ, דאס איהם האט זיך שוין אויסגעדאכט. אז ער זעהט זיא ליגען אין מיט'ן וועג און ער הערט איהר שטימע איהם רופענדיג.

ער האט אלזאָ ניט געטראכט און איז אריבערגעשפרונגען דעם פאַרקאַן און האט זיך געפונען אין ווילפאָר'ס גאָרטען. מיט קלאַפּענדען הארצען און ארומקוקענדיג זיך אין אלע זייטען איז ער פאַמעלעך געגאנגען פאָרויס. ווען ער האט שוין געהאלטען ביין ארויסצוגיין פון דיא געדיכטע בוימער, האט ער פלוצלונג דערהערט ניט וויים פון זיך שטימען. ער האט זיך שנעל ארונטערגעכאפט אונטער א בוים.

מאָרעל האט באלד דערזעהען צוויי מענער גייענדיג פון הויז צו דיא געדיכטע בוימער. דיא לבנה האט געשיינט פול און האט געוואָרפען איהר בלייכע ליכט אויף דיא צוויי מענער. אין איינעם האט מאָרעל דערקענט דעם פּראָקוראָר ווילפאָר און אין דעם אנדערן דעם דאָקטאָר אווריני. באלד האבען זיי זיך אָפּגעשטעלט לעבען איהם.

— איך זאָג אייך, האט דער דאָקטאָר געזאָגט, אז מאדאם סענט מעראַן איז פערגיפטעט געוואָרן דורך א שטארקען גיפט.

מאָרעל איז פערציטערט געוואָרן. ער האט ניט געוואוסט צי ער חלומט צי ער וואכט.

— עס איז אונמעגליך! האט ווילפאָר אויסגעשריען. דאָקטאָר, איהר זייט מיינער א פריינד, זאָגט מיר, אז איהר האט א טעות. האט מיטלייד מיט מיר. צייט עטליכע

טעג האבען מיך געטראָפּען אזעלכע אונערהערטע זאכען, דאס עס איז מעגליך, אז איך זאל משוגע ווערן.

— הערט, ווילפאָר, האט דער דאָקטאָר געזאָגט, איך רייד צו אייך וויא צו א פריינד. אז מאדאם סענט מעראַן איז פערגיפטעט געוואָרען איז גאר קיין צווייפעל ניט. עס האנדעלט זיך צו וויסען פון וואנען דער מאָרד קומט. האט איהר אויף וועמען פער־דאכט אין אייער הויז?

— וואָס וויס איך, האט ווילפאָר מיט א פערצווייפעלטע שטימע געזאָגט, ווען זאל איך פערדאכטען: מיין פרוי, מיינע קינדער? מיין אלטער דיענער בארוא איז איין אזוי וויא איין אייגענער אין דער פאַמיליע.... איך וויים ניט אויף ווען צו דענקען.

— ווען מען זאל וועלען קען מען עס געפינען, האט אווריני געזאָגט, מען קע אונטערזוכען דיא טויטע און זעהען פון וועלכען גיפט זיא איז געשטאָרבען, דאס איבריג וועל איך שוין געפינען פון זיך אליין.

— וואס רעט איהר, דאָקטאָר! האט ווילפאָר אויסגערופען. אויף דיזער ווייזע מו דאך דיא זאך קומען פאר'ן געריכט און איך בין אליין דער פּראָקוראָר. דערמאָנט זיך דעם שקאנדאל! מיין פרוי און קינדער וועלען שטארבען פאר שרעק און איך וועל מיר בעסער נעמען דאָס לעבען. ניין, ניין, דאָקטאָר, דאס טאָרט איהר אויף קיין פאַ ניט טאָן!

— מיין ליעבער פריינד, האט דער דאָקטאָר געזאָגט, איך וועל עס ניט טאָן. אבער פערשפּרעכט מיר צו געפינען דעם שולדיגען, וועל איך אליין זיין דער קלעגער.

— אָה, איך דאנק אייך, איך דאנק אייך, דאָקטאָר, איך וועל עס טאָן.

און אזוי וויא ער וואָלט מורא געהאט, אז דער דאָקטאָר זאָל ניט צוריקציהען זיינע ווערטער, האט איהם ווילפאָר אָנגענומען פאר'ן אָרעם און האט איהם אוועקגעצויגען וויים פון דאנען.

ווען זיי זיינען אריין צוריק אין הויז, האט מאָרעל אויפגעאָטהעמט און איז ארוים פון הינטערן בוים. דיא ליכט פון דער לבנה האט געשיינט אויף זיין געזיכט, וועלכעס איז געווען אזוי בלייך, אז מען וואלט איהם געקענט אָננעמען פאר א מת, וועלכער איז ארוים פון קבר.

ער איז געשטאנען א לאנגע ווייל און האט געקוקט אין דיא פענסטער. יעצט איז איהם געווען קלאָר פאר וואָס וואַלענטינע איז ניט געקומען. וואס האט דיא אָרימע מיידעל געמוזט אויסליידען! דיזע געדאנקען האבען אזוי ארומגעכאפּט זיין מוח, דאס איהם האט זיך אויסגעדאכט, אז ער הערט איהר יאָמערן און זיא רופט איהם. ער האט לאנג ניט געקלערט און האט געגעבען א שפרונג אין הויז. זיינע געדאנקען זיינען געווען אזוי צומישט, דאס ער האט ניט בערעכענט צי וועט ער זיא געפינען, צ וועט ער טרעפען אין אנאנדער צימער פון ווילפאָר'ס פאַמיליע.

גליקליכער ווייזע איז איהם קיינער ניט געווען אין וועג און אין דעם ערשטען צימער, אין וועלכען ער איז אריין, איז געלעגען דיא טויטע. לעבען איהר איז געשטאנען וואַלענטינע אויף דיא קניע און האט געוויינט. וואַלענטינע האט געזעהען וויא ער איז אריינגעקומען, זיא אבער איז געווען אזוי פערזונקען אין איהרע צרות, דאס זיין ערשיינען

האט זיא גארניט איבערראשט. אין א ווײלע ארום האט זיא איהם אָנגענומען פאר'ן האנד און האט איהם אריינגעפיהרט צו איהר זיידען.

דער פּאראליזירטער איז געווען העכסט ערשטוינט, ווען ער האט געזעהען אריינ־קומען אין דיזער שטונדע וואלענטינען מיט א פרעמדען יונגען מאַן. וואלענטינע האט איהם ערקלערט ווער דער יונגער מאַן איז און זייער ליבע צווישען זיך. דער אלטער איז געווען צופריעדען מיט זייער פערבינדונג.

עס האט זיך געהאנדעלט וויא צו פערהינדערן דיא פערבינדונג צווישען וואלענ־טינען און פראַנץ ד'עפּיניי. מאָרעל האט פּאָרגעשלאָגען פערשיעדענע מיטלען, אָבער דער אלטער האט אלץ געשאָקעלט דעם קאָפּ אויף ניין.

— אָבער ווער וועט עס דען פערהינדערן? האט מאָרעל אויסגערופען.

— איך, האט דער אלטער געענטפערט.

— איהר? האט מאַקסימיליאַן ערשטוינט אויסגערופען, איהר פּאראליזירטער מאַן, אָהן שפּראַך און אָהן בעוועגונג!

— יא, האט דער אלטער געענטפערט מיט אזא פעסטען בליק, דאס מאָרעל האט איהם געמוזט גלויבען.

— און וואס זאל איך דערווייל טאָן? האט מאָרעל געפרעגט.

— גארניט, ווארטען, האט דער אלטער דורך עטליכע פראַגען געענטפערט.

נאָך דעם אז דער אלטער האט מאָרעל'ן פערזיכערט, אז ער זאל זיין רוהיג און זאל זיך אויף איהם פערלאָזען, האט מאָרעל גענומען אָפּשיעד פון איהם און פון וואלענ־טינען, און איז אוועק א בערוהיגטער א היים.

30טער קאַפּיטעל.

## דער קאָנטראַקט.

צוויי טעג שפּעטער האט מען בעערדיגט מאדאם סענט מעראַן און ביי דער בעערדיגונג האבען זיך געפונען אלע ווילפאָר'ס פריינד און בעקאַנטע, אויסער דעם גראַף מאָנטע קריסטאָ. נאָך דער בעערדיגונג האבען פראַנץ ד'עפּיניי, אלבערט, באָשאַן און שאַטאָ רענאָ בעגלייטעט ווילפאָר'ס פאַמיליע א היים.

ווען אלע זיינען געווען פערזאמעלט ביי ווילפאָר'ן, האט ווילפאָר זיי אָנגעמעלדעט, אז יעצט וועט מען אונטערשרייבען דעם קאָנטראַקט צווישען פראַנץ ד'עפּיניי און וואַ־לענטינע און ער האט שוין געשיקט נאָך דעם נאָטאַריוס. פאר וואלענטינען איז דיזע נייעס געווען וויא א קלאַפּ פון א דונער. זיא איז געוואָרען א צוטומעלטע און האט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. זיא האט געוואָלט לויפען צום זיי. ען אבער עס איז יעצט געווען אונמעגליך. דער אלטער דיענער האט בעמערקט איהרע צוטומלונג און איז גלייך ארויס צום פּאראליזירטען.

דער נאָטאַריוס איז געקומען און האט זיך גלייך גענומען צו דער ארבייט און האט אָנגעפאנגען צו שטעלען פראַגען.

אין דיזען מאָמענט האט זיך דיא טהיר אויפגעמאַכט מיט רעש און דער אלטער דיענער איז אַריינגעקומען.

— מיינע הערען, האט ער געזאגט מיט א פעסטער שטימע, דער הערר נאָרטיע ווילפאָר ווינשט זאָפאָרט צו ריידען מיט דעם הערר באראָן פראנץ ד'עפּיניי.

אלע זיינען געוועזען שרעקליך ערשטוינט איבער דיזער פלוצליכע אנמעלדונג. ווילפאָר האט געגעבען א שוידער; וואלענטינע האט זיך אויפגעהויבען און איז געוועזען שרעקליך אויפגערעגט. דער נאָטאריוס האט בעטראכט ווילפאָר.

— עס איז אונמעגליך, האט ווילפאָר געזאגט, איבערהויפט קען יעצט הערר ד'עפּיניי ניט אוועקגיין.

— טאקע נאָר יעצט, האט באַרוא געזאָגט מיט דערזעלבער פעסטער שטימע, ווינשט הערר נאָרטיע צו ריידען מיט העררן ד'עפּיניי וועגען א זעהר וויכטיגע זאך.

— זאגט העררן נאָרטיע, האט ווילפאָר געענטפערט, אז דאס וואס ער פערלאנגט איז אונמעגליך.

— אלזאָ מוז הערר נאָרטיע דיא הערען אנזאגען, האט באַרוא ווידער געזאָגט, אז ער וועט זיך לאָזען אריינטראָגען אהער.

דער שטוינען איז ביי אלעמען געוואקסען ביז צום העכסטען גראד.

— וואלענטינע, האט ווילפאָר געזאָגט, גיי זעה וואס איז דאס פאר א פאנטאזיע ביי דיין זיידען.

וואלענטינע האט שוין געוואלט שנעל ארויסגיין, אבער ווילפאָר האט זיא צוריק־געהאלטען.

— וואַרט, האט ער געזאָגט, איך גיי מיט דיר.

— ערלויבט מיר מיין הערר, האט פראנץ געזאָגט, אזוי וויא דאס בין איך, וועמען הערר נאָרטיע פערלאנגט, וועל איך גיין.

— צו וואָס זאלט איהר זיך בעמיהען, האט ווילפאָר געזאָגט, עס מוז זיין א קליינינקייט.

— אָה, ניין, עס מעג זיך זיין וואָס עס וויל, אבער ווען דער הערר נאָרטיע פערלאנגט מיך צו זעהען, וועל איך גיין, דען איך האב דיא גרעסטע אכטונג פאר איהם.

און אָהנע וויטער צו ריידען, האט ער זיך אויפגעהויבען, און איז נאָכגעגאנגען וואלענטינען, ווילפאָר איז געגאנגען הינטער זיי.

נאָרטיע איז געזעסען אין זיין טשער אָנגעטאָן אין א שווארצען אנצוג און האט געוואַרט. ווען דיא דריי פערזאָן, וועלכע ער האט ערוואַרטעט זיינען אריינגעקומען, האט ער געמאכט א צייכען צום דיענער, אז ער זאל צומאכען דיא טהיר.

— דו זאלסט וויסען, האט ווילפאָר געזאָגט צו וואלענטינען שטילערהייד, אז ווען נאָרטיע וועט צו דיר עפּעס ריידען, וואס זאל שטערן דיין חתונה, זאלסטו עס ניט איבערגעבען.

וואלענטינע איז רויט געוואָרען, אָבער זיא האט ניט געענטפערט.

דער אלטער האט געמאכט א צייכען צו וואלענטינען, אז זיא זאל צוגיין. אין איין מינוט האט זיא געוואוסט, אז ער פערלאנגט א שליסעל פון א טישקעסטעל אין וועלכער עס זיינען געלעגען אלטע פאפּיערען. וואלענטינע האט געפונען דעם אנגעצייגטען שליסעל

נאָרטיע האט איהר דאן געהייסען אויפשליסען דיא טישקעסטעל און ארויסנעמען פון דאָרטען פאפיערען. זיא האט איהם געצייגט איין פאפיער נאָכ'ן אנדערן, אבער דער אלטער האט אלץ געענטפערט ניין. אין טישקעסטעל איז שוין גארניט געווען. דער אלטער האט געמאכט א צייכען, אז זיין דיענער זאָל אריינקומען, און ווען ער איז געקומען, האט ער איהם געהייסען אויפמאכען דעם סעקרעטנעם דעקעל און ארויסנעמען פון דאָרטען א פעקעל פאפיערען.

דער אלטער האט געקענט דעם סעקרעט פון דעם קעסטעל. ער האט איהם אויפגעמאכט און האט פון דארטען ארויסגענומען א בינטעל פאפירען ארומגעבונדען מיט א שווארצען באנד.

— וועמען דארף איך געבען דיא פאפיערען? האט דער דיענער געפרעגט נוארטיע, העררן ווילפאָר?

— ניין, האט דער אלטער געענטפערט.

— פריילין וואלענטינע? ניין. העררן ד'עפיניי?—יא.

— מיר? האט פראנץ ערשטוינט אויסגערופען.

— יא, האט דער פאראליזירטער געענטפערט.

פראנץ האט ערהאלטען דיא פאפיערען פון דעם אלטען דיענער און האט גע־פרעגט וואס ער זאל טאָן דערמיט.

— לעזט! האבען דיא אויגען געזאָגט. פראנץ האט געלעזען דיא אויפשריפט: „אויסצוג פון דעם פראָטאָקאָל פון א זיצונג אין דעם באָנאָפּארטיסטען קלוב אין סען זשאק קלוב, דען 5טען פעברואר, 1815.“

— דען 5טען פעברואר, 1815, איז מיין פאָטער ערמאָרדעט געוואָרען האט פראנץ אויסגערופען.

וואלענטינע און ווילפאָר זיינען געבליבען שטום; נאר דאס אויג פון דעם אלטען האט קלאָר געזאָגט: לעזט ווייטער.

אין דעם לאנגען פראָטאָקאָל, וועלכער איז געווען אונטערצייכענט פון דריי הויכע אָפיציערן איז געווען ערקלערט, אז דער גענעראל ד'עפיניי, וועלכער איז פריהער געווען א באָנאָפּארטיסט און איז דערנאך געוואָרען א ראָיאַליסט, איז גערופען געוואָרען פון דעם קלוב, דען 5טען פעברואר, 1815, צו א זיצונג און אויב ער וויל קומען מיט פער־בונדענע אויגען. דער גענעראל האט איינגעשטימט און מען האט איהם געבראכט אין קלוב וואו אלע זיינען געווען מאסקירט. דארטען האט דער גענעראל ד'עפיניי ערקלערט, אז ער איז ניט מעהר פאר נאפּאָלעאָנען. מען האט איהם דערויף ארויסגעפיהרט פון קלוב און דער פרעזידענט פון קלוב און נאך צוויי מיטגליעדער האבען איהם בעגלייטעט. אויפ'ן וועג האט דער גענעראל ד'עפיניי בעליידיגט דעם פרעזידענט און דיזער האט איהם ארויסגערופען אויף א דועל, וועלכער האט אויך גלייך שטאטגעפונען לעבען טייך. אין דיזען דועל איז דער גענעראל געטויטעט געוואָרען.

ווען פראנץ האט דורכגעלעזען דיזע שרעקליכע געשיכטע פאר א זון, האט ער זיך געווענדט צו נוארטיע מיט א בעטענדיגען בליק.

— מיין הערר, האט ער צו איהם געזאגט, ווייל איהר קענט אזוי דיזע שרעקליכע געשיכטע און איהר דערציילט זיא מיר, האט איהר דאך אינטערעס פאר מיר, בעט איך אייך, אז איהר זאלט מיר זאָגען דעם נאָמען פון דעם קלוב, אום איך זאל וויסען ווער עס האט געטויטעט מיין פאָטער.

ווילפאָר, וועלכער האט געוואוסט, וואס פאר איין ענטפער זיין פאָטער וועט געבען, האט זיך צוגערוקט צו דער טהיר.

— איך בעט אייך, פריילין, האט פראנץ צו וואלענטינען געזאָגט, העלפט מיר וויסען ווער איז געוועזן דער מאן, וואס האט מיך געמאכט פאר א יתום צו צוויי יאָהר.

וואלענטינע איז געבליבען שטום.

— וואס טויג אייך דאס, מיין הערר, האט ווילפאָר צו איהם געזאָגט. וואָס דארפט איהר פערלאנגען דיזע שרעקליכע סצענע. מיין פאָטער קען ניט דעם נאָמען פון דעם פרעזידענט, און ווען ער זאל איהם קענען, וועט ער איהם ניט קענען זאָגען: אזעלכע געפינען זיך ניט אין ווערטערבוך.

און איך האב געלעזען ביז צו ענדע דעם שרעקליכען פראָטאָקאָל אין דער האפנונג צו וויסען דעם נאָמען פון דעם פרעזידענט האט פראנץ אויסגערופען, און יעצט זאָל איך ניט וויסען, ווער עס האט געטויטעט מיין פאָטער? מיין הערר, האט ער געזאגט צו נוארטיע, מאכט וויא איהר װילט, איך וועל אייך פערשטיין..... זאָגט מיר....

— יאָ, האט דער אלטער געענטפערט.

— אָה, פריילין! האט פראנץ אויסגערופען, אייער זיידע זאגט, אז ער וויל מיר זאָגען ווער.... דיזער מאן איז.... העלפט מיר.... איהר פערשטייט עס....

דער אלטער האט געקוקט אויפ׳ן ווערטערבוך.

פראנץ האט איהם געכאפט מיט ציטערדיגע הענד און האט פאָרגעלעזען דיא ווערטער ביז „אי“.

ביי דיזע בוכשטאבען האט דער אלטער געמאכט א צייכען, אז יאָ.

— אי? האט פראנץ געזאגט, און זיינע פינגער זיינען געגאנגען ווייטער איבער דיא ווערטער.

וואלענטינע האט בעהאלטען דעם קאָפּ אין איהרע הענד.

ענדליך איז פראנץ געקומען צום וואָרט „איך“.

— יאָ, האט דער אלטער געזאָגט.

— איהר! האט פראנץ אויסגערופען און דיא האר האבען זיך איהם געשטעלט אויפ׳ן קאָפּ; איהר, הערר נוארטיע! דאס האט איהר געטויטעט מיין פאָטער?

— יאָ, האט דער אלטער געענטפערט, אָנקוקענדיג דעם יונגען מאן מיט א מאַיעסטעטישען בליק. פראנץ איז געפאלען אָהן קרעפטען אויף א טשער.

ווילפאָר האט אויפגעמאכט דיא טהיר און איז ענטלאָפען, דען עס איז איהם געקומען דער געדאנקען צו ערמאָרדען זיין פאָטער אין דיזען מאָמענט.

## 31טער קאפּיטעל.

## ה א י ד ע.

אויף מארגען נאך דיזער סצענע האט פראנץ ד'עפּיניי אריינגעשיקט ווילפאָר׳ן זיין וואָרט צוריק; ער וויל ניט הייראטען, האט ער געשריעבען, דיא ענִיקעל פון א מאן,

וועלכער האט געטויטעט זיין פאָטער. דענזועלבען אבענד איז מאַנטע קריסטאָ געוועזען ביי דאַנגלאַר'ן, און האט דאָרטען געטראָפען אנדרעאַ קאוואלקאנטי, וועלכער איז שוין געווען א גאנצער בן בית ביי דאַנגלארן. דיזער איז געווען שטאָלץ מיט דעם יונגען „פרינץ". אנדרעאַ האט זיך אָנגעפאנגען צו ליעבען אין עזשעניען, וועלכע איז צו איהם אויך געווען קאלט, אבער זיא האט איהם דאָך מעהר צוגעהערט וויא אלבערט'ן.

אלבערט איז אָנגעקומען ווען עזשעניע האט געשפּיעלט פּיאנאָ און אנדרעאַ האט געזונגען קאָרסיקאנער ליעדער. אלבערט האט זיך געמאכט, אז ער איז זעהר אויפּער־זיכטיג.

ווען מאַנטע קריסטאָ און אלבערט זיינען געפאָהרען א היים, האט זיך אלבערט צולאכט.

— וועל! האט ער געזאָגט צום גראף, האב איך גוט געשפּיעלט מיין ראָלע?

— אין וועלכער בעציהונג? האט מאַנטע קריסטאָ געפרעגט.

— ווענען מיין געגנער ביי הערך דאנגלאַר.

— וועלכען געגנער? האט מאַנטע קריסטאָ געפרעגט.

— א נייע פראגע! אייער בעשיצטען, אנדרעאַ קאוואלקאנטי!

— אָה, נאר ניט אזא שלעכטען שפּאַס, מיין ליעבער אלבערט; איך בעשיץ ניט הערך אנדרעאַ אין קיין פאַל.

— זאל זיין אזוי, אָבער וויא געפעלט אייך מיין קאָמעדיע דאָרטען, אז איך בין אויפערזיכטיג?

— זייט איהר דען טאקע ניט אויפערזיכטיג?

— עס הייבט זיך גאָרניט אָן! איך וואלט וועלען, אז דיזער קאוואלקאנטי זאל ביי מיר אויסכאפּען דיא מציאה.

— אָבער דאנגלאַר איז דאָך ענטציקט פון אייך.

— יא, האט אלבערט געזאָגט מיט א געלעכטער, ער איז אזוי ענטציקט, אז ווען איך וואָלט דאָרטען געבליעבען נאך א שטונדע, וואלט ער מיך ארויסגעוואָרפען. האט איהר געזעהען, וועלכע קונצען ער האט מיט מיר געמאכט?

— וויים איך, נו.... אבער לאָמיר עס אוועקלייגען. ווילט איהר ארויפגיין צו מיר א ביסעל?

— מיט'ן גרעסטען פערגעניגען, האט אלבערט געענטפערט.

באלד זיינען זיי אָנגעקומען צו מאַנטע קריסטאָ'ס הויז און זיי זיינען אריין אין זאַל. מען האט זיי דערלאנגט טיי און ציגארען און זיי האבען זיך ביידע אונטערהאלטען. אין א זייטען צימער האט זיך געהערט דער שפּילען אויף א הארפע.

— שפּיעלט עס ניט אייער גריכין? האט אלבערט געפרעגט.

— יא, האט מאַנטע קריסטאָ געענטפערט דאס איז האידעי, מיין שקלאַווין.

— איך מוז לאכען; אין פראנקרייך א שקלאַוו! וואו האט איהר זיא דערטאַפּט?

— איך האב אייך דאָך שוין געזאָגט, אז איך האב זיא געקויפט.

— נאך דעם וויא איך האב זיא געזעהען מיט אייך אין טהעאַטער, וואָלט איך געמיינט, אז זיא איז א פרינצעסין.

— געוויס איז זיא עס, און נאך איינע פון דיא גרעסטע אין איהר לאנד.

— איז איהר ריכטיגער נאָמען א געהיימניס?

פאר דער גאנצער וועלט יא, אבער פאר אייך, ליעבער אלבערט וועט עס ניט זיין קיין געהיימניס, ווען איהר וועט שווייגען.

— אָה, ביי מיין עהרען וואָרט! האט אלבערט אויסגערופען.

— קענט איהר דיא געשיכטע פון דעם פאשא פון יאנינא?

— פון אלי טעבעלען, געוויס, ווייל מיין פאָטער איז געוועזן אין זיין דיענסט און ער האט דעם פאשא צו פערדאנקען זיין פערמעגען.

אלזאָ, האידעי איז איינפאך זיין טאָכטער.

— וויא! דיא טאָכטער פון אלי פאשא?

— גאנץ געוויס, האט מאָנטע קריסטאָ געענטפערט.

— און זיא איז אייער שקלאווין! וויא קומט איהר דערצו?

— גאנץ איינפאך, איך בין איין מאָל פערביי געגאנגען דעם שקלאווען מארק אין קאָנסטאנטינאָפאָל און האב זיא געקויפט.

— יעצט ערלויבט מיר ביי אייך עפעס צו בעטען, ליעבער גראף.

— איהר קענט ביי מיר אלעס בעטען.

— שטעלט מיך פאָר פאר אייער פרינצעסין.

— זעהר גערנע, אבער מיט צוויי בעדינגונגען. דיא ערשטע איז, אז איהר זאלט פאר קיינעם ניט דערציילען פון דיזער פאָרשטעלונג, און דיא צווייטע איז, אז איהר זאלט איהר ניט זאגען, דאס אייער פאָטער האט געדיענט ביי איהר פאָטער.

— איך שווער אייך דאס, האט אלבערט געזאגט.

— גוט, איך וויים, אז איהר זייט איין עהרען מאַן.

מאָנטע קריסטאָ האט דערויף אָנגעקלונגען און אלי איז אריינגעקומען. ער האט איהם געהייסען גיין אָנזאָגען האידעי'ן, אז ער קומט צו איהר מיט א גאסט. אין א וויילע ארום זיינען זיי אריין אין האידעי'ס צימער.

האידעי האט זיי ערוואַרטעט מיט'ן גרעסטען שטוינען, דען דאס איז געוועזן דעם ערשטען מאָל, וואס מאָנטע קריסטאָ האט איהר געבראכט א פרעמדען מענשען מיט זיך. זיא איז געזעסען אויף א זאָפא אָנגעטאָן אין זיידענע קליידער מיט גאָלד באָרדירט. זיא איז געוועזן הערליך שיין. ווען זיא האט דערזעהען מאָנטע קריסטאָ האט זיא זיך אויפגעהויבען און האט איהם א קוש געטאָן אין האנד, וועלכע ער האט איהר דערלאַנגט.

אלבערט איז געבליעבען שטיין אין טהיר וויא א פערשטיינערטער פאר דיזער וואונדערבאַרער שיינהייט.

— וועמען ברייננסטו מיר? האט זיא געפרעגט אין גריכיש; א ברודער, א פריינד, איין איינפאכען בעקאַנטען אָדער א פיינד?

— א פריינד, האט איהר מאָנטע קריסטאָ געענטפערט אין דערזעלבער שפראך.

— וויא איז זיין נאָמען?

— גראף אלבערט. דאס איז דערזעלבער, וועלכען איך האב ארויסגענומען פון דיא באנדיטען'ס הענד אין רוים.

— אין וועלכער שפראך ווילסטו, אז איך זאל מיט איהם ריידען.

מאנטע קריסטא האט זיך געווענט צו אלבערט:

— קענט איהר ריידען אין דער ניי־גריכישער שפראך, האט ער דעם ווגען מאל נעפרעגט.

— ליידער, האט אלבערט געענטפערט, אפילו אין דיא אלט־גריכישע אויך ניט.

— אלזא וועל איך ריידען אין פראנצויזיש אדער איטאליעניש, האט האידעי געזאגט צו מאנטע קריסטא.

— רייד איטאליעניש, האט מאנטע קריסטא צו איהר געזאגט נאך א קורצען נאכדענקען, און האט איהר געגעבען א צייכען.

— זיי מיר ווילקאמען, פריינד, האט צו איהם האידעי געזאגט אין געמישטען איטאליעניש. אלי ברייננ דיא הארגולעטס.

— וועגען וואס זאל איך ריידען? האט אלבערט שטילערהייד געפרעגט מאנטע קריסטא?

— איהר קענט ריידען מיט איהר וועגען וואס איהר ווילט.

— איך וועל ריידען מיט איהר וועגען אריענט.

— טוט עס, האט מאנטע קריסטא געזאגט, דען דיזע אונטערהאלטונג איז איהר אם ליעבסטען.

— אין וועלכען אלטער האט איהר פערלאזען גריכענלאנד, סיניארא? האט זיא אלבערט געפרעגט.

— צו פינף יאהר, האט האידעי געענטפערט.

— קענט איהר זיך נאך דערמאנען אייער היימאטה? האט אלבערט געפרעגט.

— זעהר גוט, האט דיא יונגע מיידעל געענטפערט.

— פון וועלכען יאהר אן קענט איהר געדענקען?

— פון דריי יאהר אן געדענק איך וואס מיט מיר האט פאסירט.

— איהר געדענקט איצטער ווען איהר זייט אלט געווען דריי יאהר?

— אלעס, האט זיא געענטפערט.

— גראף, האט אלבערט שטילערהייד געזאגט צו מאנטע קריסטא, איהר וועט ערלויבען דער סיניארא, אז זיא זאל מיר דערציילען עפעס פון איהר לעבענס געשיכטע. איהר האט מיר פערבאטען צו ריידען צו איהר וועגען מיין פאטער, פיעלייכט וועט זיא עס מיר אליין דערציילען, און איהר קענט זיך גארניט פארשטעלען, וויא גליקליך איך וועל מיך פיהלען ווען איך וועל הערען זיין נאמען פון אזא שיינעם מונד.

מאנטע קריסטא האט זיך געווענט צו האידעי און האט צו איהר געזאגט אין גריכיש:

— דערצייל דעם שיקזאל פון דיין פאטער, אבער דערמאן ניט דעם נאמען פון דעם פעררעטהער און ניט פון זיין פערראטה.

האידעי האט ארויסגעלאזען א לאנגען זיפץ און א פינסטערער וואלקען איז אריבער איבער איהר קלארן שטערן.

— וואס זאגט איהר איהר? האט אלבערט שטילערהייד געפרעגט.

— איך האב איהר נאך א מאָל געזאָגט, אז מיר זיינען פריינד און זיא מעג אי"ד אלעס דערצייילען. דערציייל האידעי.

— וועל! האט דיא יונגע מיידעל אָנגעפאנגען, איין אבענד בין איך אויפגעוועקט געוואָרען פון מיין מוטער. מיר ווארן אין פּאלאַץ יאנינא. זיא האט מיך אויפגעהויבען פון בעט און ווען איך האב זיא אָנגעקוקט, האב איך געזעהען, אז איהרע אויגען זיינען געווען פול מיט טרערן. זיא האט מיך אוועקגעטראָגען אָהנע צו ריידען א וואָרט.

זיא האט מיך אראָפּגעטראָגען דיא טרעפּ און אונטען האבען מיר געטראָפען אלע אונזערע דיענער מיט אונזער געפעק, מיט דעם ציערונג און מיט זעק גאָלד אראָפּגייענדיג אונטען. הינטער דיא פרויען זיינען געגאנגען א צוואנציג בעוואפענטע מענער אלס וואכע. דער קאָרידאָר איז געווען בעלוכטען פון פאקעלס און דיא גאנצע סצענע האט אויסגעזעהען שרעקליך.

— היילט זיך! האט געזאָגט א שטימע פון קאָרידאָר.

דיזע שטימע האט געמאכט אויף אלעמען אזא ווירקונג, וויא א שטארקער ווינד אויף הויכע גראָז, וועלכע בייגט זיך צו דער ערד. מיך אליין האט זיא געמאכט שוידערן.

— מיין פאָטער, האט האידעי געזאָגט אויפהויבענדיג דעם קאָפּ, איז געווען א מאַן, וועלכען גאנץ אייראָפּא האט געקענט אונטער דעם נאָמען פון אלי טעבעלען, פאשא פון יאנינא, און פאר וועלכען טערקיי האט געציטערט.

מיר זיינען ארויס פון שלאָס, האט האידעי פאָרטגעזעצט, און מיר זיינען צוגעגעקומען צום טייך. דארטען האט מען אונז ארויפגעזעצט אויף א שיפעל און דיא שיפעל איז אוועק. אין דער שיפעל האבען זיך געפונען, אויסער דיא רודערערס, מיין פאָטער, מיין מוטער, אונזערע דיענסטען און איך. אונזער שיפעל איז געפלויגען וויא דער ווינד.

— פאר וואָס גייט אונזער שיפעל אזוי שנעל? האב איך געפרעגט מיין מוטער.

— שטיל, מיין קינד, האט זיא געזאגט, וויל מיר ענטלויפען.

איך האב עס ניט פערשטאנען, פאר וואָס מיין פאָטער דארף ענטלויפען. שפּעטער האב איך ערפאהרען, אז מיין פאָטער'ס מיליטער איז מיעד געוואָרען פון לאנגען קריעג און האט זיך ענטזאגט צו דיענען. דער סולטאַן האט עס ערפאהרען און האט געשיקט נעמען געפאנגען מיין פאָטער, און דעריבער איז מיין פאָטער געווען געצוואונגען זיך צוריקצוציהען. איידער ער האט עס געטאָן, האט ער געשיקט צום סולטאַן א פראנצויזישען אָפיצער, אין וועלכען ער האט געהאט פיעל פערטרויען, און וועמען ער האט אויך פערטרויט דעם פּלאַץ וואו ער ציהט זיך צוריק.

— און דיזער אָפיצער, האט אלבערט געפרעגט, קענט איהר זיך דערמאָנען זיין נאָמען?

— ניין, האט זיא געענטפערט, איך קען מיך ניט דערמאָנען, אבער שפּעטער קען זיין וועל איך זיך דערמאָנען, וועל איך איהם זאָגען.

אלבערט האט געוואָלט אויסריידען דעם נאָמען פון זיין פאָטער, אבער מאָנטע קריסטאָ האט איהם געמאכט א ... ע און ער האט זיך דערמאָנט אָהן זיין וואָרט.

מיר זיינען געווען אויף א אינזעל און דארטען אין א הייל זיינען מיר אלע ארונטער. ארום אונז האבען זיך געפונען אלע אונזערע זאכען און גאָלד, וועלכער האט בעטראָפען

פונף און צוואנציג מיליאן. ניט וויט דערפון זיינען געשטאנען אין [illegible] רוייזינד פונט פולווער.

לעבען פולווער איז געשטאנען אונזער געטרייער אלטער דיענער סולים מיט א ברענענדען פאקעל אין דיא הענד און האט געהאט דעם בעפעהל פון מיין פאטער ביי דעם ערשטען צייכען פון איהם, זאל ער אונטערצינדען דעם פולווער און זאל אלעס צר רייסען: דעם פאשא אליין, פרוי און קינד און אלעס וואס עס געפינט זיך דא.

וויא לאנג מיר זיינען דארטען געבליעבען געדענק איך ניט; איין מארגען האט אונז דער פאטער געשיקט רופען צו זיך אין דיא אנדערע הייל און האט געזאגט צו מיין מוטער.

— האב גרדולד, מיין ווייב, היינט קומט דער שליח פון סולטאן, און אויב ער וועט אונז דא ברייננען דיא פאלשטענדיגע בעגנאדיגונג, וועלען מיר גלייך פאהרען אין יאנינא צוריק, און אויב ניט, וועלען מיר נאך היינטיגע נאכט ענטלויפען פון דאנען.

— אבער טאמער לאזט מען אונז ניט ענטלויפען? האט מיין מוטער געפרעגט.

— אה, זיי רוהיג, האט מיין פאטער געענטפערט מיט א שמייכעל. סולים שטייט דארטען מיט דער פאקעל אין דיא הענד; אויב זיי ווילען, אז איך זאל שטארבען, וועלען זיי שטארבען מיט מיר.

מיין מוטער האט געענטפערט מיט טרערען.

— פלוצלונג האט מיין פאטער געגעבען א שפרונג אויף. ער האט געקוקט אין דער וויטענס, און דאן האט ער זיך געהייסען געבען א שפעקטיף. איך האב געזעהען וויא זיין האנד האט זיך געטרייסעלט.

— איין שיף.... צוויי.... דריי.... האט מיין פאטער געמורמעלט, פיער!....

— ליעבע פרוי האט ער געזאגט צו מיין מוטער מיט א שוידערן, אט קומט דער מאמענט, וועלכער וועט ענטשיידען איבער אונזער שיקזאל. אין א האלבע שעה וועלען מיר הערען איין ענטפער פון אונזער קייזער. גיי אריין מיט האידעי'ן אין דער הייל.

— איך וויל דיך ניט פערלאזען, מיין מאן, האט מיין מוטער געזאגט, איך וויל שטארבען מיט דיר.

— גיי צו סולימען! האט מיין פאטער געשריען.

— אדיע, האט מיין מוטער געזאגט מיט א געבראכענע שטימע.

מיין פאטער האט מיך גענומען אין דיא הענד און האט מיך געקושט, דאז האט ער מיך איבערגעגעבען צו דיא וואכע. אז זיא זאל מיך אפפיהרען מיט דער מוטער.

איך מיט מיין מוטער זיינען דורכגעגאנגען דורך דער ערשטער הייל און זיינען פערבייגעגאנגען דעם אלטען סולים, וועלכער האט צו אונז טרויעריג געשמייכעלט. מיר האבען זיך געזעצט אין דעם אנדערן ווינקעל פון דער הייל. און האבען געפיהלט אז א שרעקליכער אונגליק שוועבט איבער אונזער קאפ.

דערציילענדיג דאס, האט האידעי אראפגעלאזען דעם קאפ; דיזע ערינערונג האט זיא נאך יעצט געמאכט שוידערן.

מאנטע קריסטא האט זיא בעטראכט מיט א געפיהל פון גרויס אינטערעס און מיטלייד,

— **דערציילט** ווייטער, מיין טאָכטער, האט ער צו איהר געזאָגט אין גריכיש, האָט די אידעי האט אַ'נגעהויבען דעם קאָפּ וויא פון טרוים און האט פאַרטגעזעצט:

— עס איז געווען געגען פיער א זייגער אוונד, און אַבוואָהל דער טאָג איז געווען א ליכטיגער, איז אין דער היילע געווען דונקעל. נאר איין ליכט האט געשיינט און דאס איז געווען דער פאַקעל פון סאָלימען.

מיין מוטער האט דאָך געהאט אייניגע האָפנונגען. זיא איז געגאנגען צו דער טהיר ארויסצוקוקען דורכען און האט געזעהען פון ווייטענס אַנקומענדיג מיליטער און האט אויך צווישען זיי בעמערקט דעם פראַנצויז, אין וועלכען מיין פאָטער האט געהאט פערטרויען.

— זיי קומען, האט זיא געזאָגט צוגייענדיג צו סולימען. ווער ווייס וואָס זיי ברייננגען, לעבען אָדער טויט.

— וואָס האסטו מורא, האט סולים געזאָגט צו מיין מוטער; ווען זיי ברייננגען ניט דעם פרידען וועלען מיר זיי געבען דעם טויט. און ער האט דערביי געגעבען א מאַך מיט זיין פלאַקער דאָס פונקען האבען געשפריצט.

א שוידער האט מיך געכאַפּט ווען איך האב געזעהען דיזען צייכען, אין וועלכען עס איז געווען דער שרעקליכער טויט פון פולווער און פלאַמען.

מיין מוטער, וועלכע איז אויך געווען בלייך פאר שרעק, האט געזאָגט שטילערהייד צו סולימען:

— סולים, וואס איז דער בעפעהל פון דעם הערהן?

— ווען ער שיקט מיר א קינזשאַל, בעדיידעט עס, אז דער סולטאַן וויל ניט בעגנאַדיגען, און איך צינד אונטער; ווען ער שיקט מיר זיין רינג, האט איהם דער סולטאַן בעגנאַדיגט און איך גיעב ארויס דעם פולווער..

— פריינד, האט צו איהם דיא מוטער געזאָגט, ווען דער בעפעהל פון דעם סולטאַן וועט קומען מיט א קינזשאַל, און אַנשטאַט אונז צו טויטען מיט דעם שרעקליכען טויט, וועלען מיר דיר אַנשטעלען אונזערע העלזער און דו וועסט אונז טויטען מיט דיזען קינזשאַל.

— יא, פרוי, האט סולים רוהיג געענטפערט.

פּלוצלונג האבען זיך דערהערט שטאַרקע געשרייען פון פרייד. דער נאָמען פון דעם פראַנצויז האט מען געהערט אויסרופען, און עס איז געווען קלאָר, אז ער האט געבראַכט א גוטע ענטפער.

— און איהר דעמאָנט זיך ניט דעם נאָמען? האט אַלבערט געפרעגט, וועלכער האט איהר געוואָלט אונטערהעלפען.

מאָנטע קריסטאָ האט איהר געמאַכט א צייכען.

— איך קען זיך ניט דערמאָנען, האט האַידעי געענטפערט.

דער גערויש איז געוואָרען שטאַרקער, האט האַידעי פאַרטגעזעצט און באלד האבען זיך דערהערט נאָהענטע טריט. סולים האט אַנגעגרייט זיין פאַקעל. א מאַן האט זיך באלד בעוויזען ביין איינגאַנג פון דער היילע.

— ווער ביסטו? האט סולים אויסגערופען. אבער ווער דו זאלסט ניט זיין, זאלסטו ניט מאכען קיין טריט ווייטער!

— דער סולטאן איז מוחל דעם פאשא און גיט איהם אפּ זיין פערמעגען און זיין פרייהייט, האט דער מאן געזאָגט.

מיין מוטער האט ארויסגעשטויסען א פריידען געשריי און האט מיך צוגעדריקט צו איהר הארצען.

— האלט! האט סולים געשריען ווען ער האט געזעהען, אז יענער וויל גיין ווייטער. די ווייסט, אז איך דארף האבען דעם רינג.

וועהרענד דיזער צייט האבען מיר זיך איינגעקוקט אין דעם מאן: דאס איז געווען דער פראנצויז.

— סולים האט איהם דערקענט, אָבער ער האט פון דעסטוועגען געוואלט האבען דעם צייכען.

— אין וועמעס נאָמען קומסטו? האט ער איהם געפרעגט.

— איך קום אין נאמען פון מיין הערר אלי פאשא.

— דארפסטו דאך וויסען וואס דו דארפסט מיר ווייזען.

— יא, האט דער שליח געענטפערט, און איך ברייננ דעם רינג. ער האט אין דערזעלבער צייט אויפגעהויבען דיא האנד און האט עפּעס געוויזען, אבער עס איז געווען צו דונקעל, אז סולים זאל איהם דערקענען פון ווייטענס.

— איך זעה ניט וואָס דו ווייזט מיר, האט סולים געזאָגט.

— קום צו נעהענטער, אָדער איך וועל צוגיין צו דיר.

— ניין, לייג אנידער דעם רינג און טרעט אָפּ, כדי איך זאל קענען צוגיין זעהען.

— זאל זיין אזוי, האט דער שליח געזאָגט, און ער האט אנידערגעלייגט דעם געגענשטאנד און איז אָפּגעטראָטען.

סולים איז צוגעגאנגען און האט אויפגעהויבען דעם רינג.

— מיין הערר'ס רינג האט ער געזאגט, עס איז ריכטיג.

זאָגענדיג דאס האט ער א וואָרף געטאָן דעם פאקעל אָן דער ערד און האט איהם פערלאָשען מיט דיא פיס.

דער שליח האט ארויסגעשטויסען א געשריי פון פרייד און האט אָנגעפאנגען צו פאטשען אין דיא הענד. אויף דיזען געשריי זיינען אָנגעלאָפען פיער טערקישע סאָלדאַטען אין סולים איז געפאלען א געשטאָכענער פון פיער קינזשאלען. דיא פיער מערדער האבען זיך דאן א וואָרף געטאָן אויף דאס גאָלד.

מיין מוטער האט מיך געכאפּט אויף דיא הענד און איז מיט מיר ענטלאָפען אין דיא אנדערע הייל. דאָרטען איז געווען א שרעקליכער בילד. דיא הייל איז געווען פול מיט פיינד און מיין פאָטער איז געשטאנען וויא א ריעז און האט געקעמפפט געגען דער גאנצער מחנה.

באלד האבען זיך דערהערט שרעקליכע געשרייען פון מיין פאָטער; ער איז געווען [illegible]ראָפען פון עטליכע קוילען. מיין פאָטער איז געפאלען אויף דיא קניע און צוואנצי[illegible]

מעסערם האבען בעדעקט זיין קערפּער. איך האב זיך אראָפּגעקייקעלט אויף דער ערד; מיין מוטער איז געפאלען אין חלשות און האט מיך אראָפּגעוואָרפען.

האידעי האט געלאָזען פאלען איהרע הענד און האט ארויסגעלאָזען א קרעכץ. זיא האט דאן געפּרעגט דעם גראף מיט דיא אויגען אויב ער איז צופריעדען מיט איהרע געהאָרכזאמקייט.

דער גראף האט זיך אויפגעהויבען, ער איז צוגעגאנגען צו איהר און האט זיא אָנגע־נומען פארן האנד און האט איהר געזאָגט אין ראָמאניש:

— רוה זיך אָפּ, ליעבעס קינד, און בעקום מוטה; דיא פעררעטהער ווערן בע־שטראָפט.

— דאס איז א שרעקליכע געשיכטע, גראף, האט אלבערט געזאָגט א דערשראָ־קענער פאר האידעי'ס בלייכקייט, און איך האב חרטה וואס איך האב פערלאנגט דאס צו הערן.

— עס איז גאָרניט, האט מאָנטע קריסטאָ געזאָגט. דאן אניעדעלייגענדיג דיא הענד אויף דער יונגער מיידעלס קאָפּ, האט ער געזאָגט:

— האידעי איז א מוטהיגע מיידעל, זיא פיהלט זיך לייכטער, ווען זיא רעט אוים איהר ביטערע הארץ.

— ווייל, מיין גנעדיגער הערר, האט דיא יונגע מיידעל שנעל געזאָגט, מיינע שמערצען דערמאָנען מיך אָן דיין גוטסקייט.

האידעי האט פערשטאַנען אָן אלבערט'ן, אז ער ברענט צו וויסען וויא זיא איז געוואָרען א שקלאווין פון גראף, און זיא האט פאָרטגעזעצט:

ווען מיין מוטער איז געקומען צו זיך זיינען מיר געווען געפאנגענע פון דעם, וועלכען מיר האבען א מאָל געגלויבט פאר אונזער פריינד. ער האט אונז פערקויפט צו א שקלאווען הענדלער, וועלכער איז געפאָהרען אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל.

פאר דער שטאָט האבען מיר געזעהען אויף א שטאנג א קאָפּ פון א מענשען. אונטען איז געווען א ברעטעל מיט דער אויפשריפט:

„דאס איז דער קאָפּ פון אַלי טעבעלען, פּאשא פון יאנינא."

ווען מיין מוטער האט דאס דערזעהען, איז זיא געפאלען. מיט גרויס געוויין האב איך זיא געפּרופט אויפהויבען: זיא איז געווען טויט.

איך בין ארויפגעפיהרט געוואָרען אין מארק. דאָרטען האט מיך א רייכער ארמעניער געקויפט. ער האט מיך געבילדעט און האט מיר געגעבען לעהרערס און ווען איך בין אלט געוואָרען דרייצעהן יאָהר, האט ער מיך פערקויפט צום סולטאן מאַהמוד.

— ביי וועמען איך האב זיא אָפּגעקויפט, האט מאָנטע קריסטאָ געזאָגט, אזוי וויא איך האב אייך געזאָגט, אלבערט, פאר א שטיין. איהר האט דאך ביי מיר געזעהען דיא פושקעלע, וועלכע איז אייך פון אזא שטיין.

— אָה, דו ביזט גוט, דו ביזט גרויס, מיין גנעדיגער הערר, האט האידעי געזאָגט, און איך בין זעהר גליקליך וואָס איך געהער דיר!

אלבערט איז געווען א צוטומעלטער פון אלעס וואָס ער האט געהערט.

— טרינקט אוים אייער קאַפע, האט דער גראף געזאָגט; דיא געשיכטע איז צו ענדע.

## ענדע פון צווייט'ן טהייל.



# גראף מאנטע קריסטא.

## איבערזעצט און בעארבייטעט פון פראנצויזיש

פון י. יאפפא.

## דריטער טהייל

1טער קאפיטעל.

## נייעס פון יאנינא.

נאך דעם וויא פראנץ ד'עפיניי האט זיך ענטזאגט פון וואלענטינען, איז מאדאם ווילפאר געקומען און האט איהם פארגעלייגט, אז ער זאל אפשרייבען זיין פערמעגען פאר וואלענטינע. דער אלטער האט זיך געוואונדערט איבער איהרע פלוצליכע גוטסקייט. דאך האט ער עס געטראכט צו טאן אה איהר בעטען. אין דער זעלבער צייט איז דער גראף מארסערף געגאנגען בעטען ביי דאנגלאר דיא האנד פון זיין טאכטער עזשעניע פאר זיין זון אלבערט.

צייט אנדרעא קאוואלקאנטי האט פערקעהרט אין דאנגלאר'ס הויז, האט דאנגלאר געוואלט וואס גיכער פטור ווערן פון אלבערט, ער האט נאר געווארט אויף א געלעגענהייט. דיזע געלעגענהייט איז באלד געקומען. מארסערף, וועלכער איז פון מאנטע קריסטא אונטערגעווארמט געווארן, אז ער זאל גיין צו דאנגלאר; בעטען פאר זיין זון עזשעניעס האנד, איז ער טאקע געגאנגען צו דאנגלאר, און האט בעקומען א מיאוסן אפשניט. דיאביידע אלטע פריינד פון מארסייל האבען זיך צו ווערטעלט און דאנגלאר האט פערנאנען געזאגט, אז ער וועט פערלאנגען זיין טאכטער פאר א שנור, וועט ער איהם דערציילען עפעס נייעס פון יאנינא. דאס איז געווען גענוג אז מארסערף זאל באפען דיא פיס אויף דיא פלייצעס און עס זאל ווערן אוים שידוך צווישען זייערע קינדער.

אויף מארגען נאך דיזער געשיכטע האט אלבערט געלעזען אין באשאן'ס צייטונג פאלגענדע נאטיץ:

„מען שרייבט אונז פון יאנינא:

„א זאך, וועלכע איז ביז יעצט געווען אונבעקאנט, איז אונז אנגעקומען. דיא פעסטונגען, וועלכע האבען געשיצט דיא שטאט יאנינא איז פון א פראנצויזישען אפיצער פערקויפט געווארן צום טערק. אין דיזען אפיצער האט אלי טעבעלען, דער פאשא, געהאט זיין גאנצען פערטרויען און ער האט געהייסען פערנאן."

ווען אלבערט האט דאס דורכגעלעזען איז ער גלייך אוועקגעלאפען צו מאנטע קריסטא. ווען דיזער האט איהם דערזעהען אזוי אויפגערעגט האט ער איהם געפרעגט וואס איהם איז.

— איך וויל מיך שלאגען, האט אלבערט געזאגט.

— זיך שלאגען! מיט וועמען? האט מאנטע קריסטא געפרעגט.

— מיט באָשאַן, האט אלבערט געענטפערט.

— מיט אייער פריינד! פאר וואָס?

— אָט לעזט דיזע נאָטיץ אין זיין צייטונג. און אלבערט האט איהם דערלאנגט די צייטונג.

מאָנטע קריסטאָ האט דורכגעלעזען די נאָטיץ וועגען יאנינא.

— איך זעה דאָ גארניט פאר וואס איהר זאלט זיך שלאָגען מיט באָשאַן, האט מאָנטע קריסטאָ געזאָגט.

— וואָס הייסט, איהר זעהט ניט! מיין פאָטער הייסט מיט זיין ערשטען נאָמען פערנאַן.

— און אייער פאָטער האט געדיענט אלי פּאשאַ׳ן.

— דאס הייסט, ער האט געקעמפפט פאר די אוזאבהענגיגקייט פון גריכענלאנד.

— וואָס דרייט איהר א מוח! ווער ווייס עס אין פראנקרייך, ווער דער פערנאַן איז געווען און אז ער איז יעצט דער גראַף מאָרסערף?

— עס איז גאנץ גלייך, מען קען דערמיט מיינען מיין פאָטער, און דערפאר וויל איך גיין צו באָשאַן, אז ער זאל צוריקציהען די נאָטיץ.

— באָשאַן וועט קיין זאך ניט צוריקציהען.

— דאַן וועלען מיר זיך שלאָגען, האט אלבערט געזאָגט, און איך וויל אייך בעטען, אז איהר זאָלט זיין מיין סעקאָנדאנט.

— הערט, ליעבער אלבערט, לאמיר אָננעמען, אז די געשיכטע איז ריכטיג.

— א זון דארף גאָרניט אָננעמען געגען די עהרע פון זיין פאָטער.

— ווילט איהר הערן איין עצה פון א פריינד?

— יא, פון אייך נעם איך אָן.

— איידער איהר גייט זיך שלאָגען מיט באָשאַן, פרעגט זיך פריהער נאך וועגען דיזער געשיכטע.

— ביי וועמען זאל איך מיך נאָכפרעגען?

— איהר קענט זיך נאָכפרעגען ביי האַידעין, ווען איהר ווילט.

— איך וויל אין דיזע זאכען ניט אריינמישען קיין פרוי.

— דאַן גיב איך אייך אנאנדער עצה, האט מאָנטע קריסטאָ געזאָגט. גייט אליין אריבער צו באָשאַן און פרעגט איהם וואָס די נאָטיץ בעדייטעט און בעט איהם זיא צוריקצוציהען, וועט איהר הערן וואס ער וועט אייך ענטפערן. צו שלאָגען זיך וועט איהר נאך אלע מאָל צייט האבען.

— זאָל זיין אזוי, האט אלבערט געזאָגט, און האט גענומען אָפּשיעד פון מאָנטע קריסטאָ.

ער איז געגאנגען גלייך אין די רעדאקציאָן פון באָשאַן׳ס צייטונג און האט גע־טראָפען באָשאַן זיצענדיג אין זיין רעדאקציאָנס קאבינעט. ער איז געווען אזוי צוטראָגען דאס ער האט צוטראָטען פיעלע פּאפּיערען און צייטונגען, וועלכע זיינען געלעגען איז ווענ.

ווען באָשאַן האט דערזעהען זיין פריינד אין אזא צושטערטען צושטאנד, האט ער איהם געוואלט בערוהיגען און האט איהם געבעטען זיצען.

— באַשאַן, האט אַלבערט צו איהם געזאָגט, איך בין געקומען וועגען אייער צייטונג.

— איהר, מאַרסערף? וואס פערלאנגט איהר?

— וועגען א צוריקרופונג.

— א צוריקרופונג! וועגען וואס, אַלבערט? זעצט זיך.

— איך דאנק, איך קען שטיין. א צוריקרופונג, וועלכע בעטרעפט דיא עהרע פון א מיטגליעד פון אונזער פאמיליע.

— וואָס רעט איהר! האט באַשאַן געזאגט. עס קען ניט זיין.

— עס קען יא זיין. דיא נאָטיץ פון יאנינא. און אַלבערט האט איהם דערלאנגט דיא צייטונג מיט דער נאָטיץ. אלזאָ יעצט זעהט איהר, אז דיא זאך איז וויכטיג, האט אַלבערט געזאגט ווען באַשאַן האט דורכגעלעזען דיא נאָטיץ.

— אלזאָ, איז דיזער אָפיציער אייערער א קרוב? האט דער זשורנאַליסט געפרעגט.

— יאָ, האט אַלבערט געענטפערט רויט ווערענדיג.

— וואָס איז דען מיט אייך דיזער פערנאַן?

— דאס איז מיין פאָטער, האט אַלבערט איינפאך געענטפערט. ער הייסט פערנאַן מאָנדעגאָ, גראף מאַרסערף, איין אלטער מיליטער, וועלכער האט געזעהען צוואנציג שלאַכטען אין פעלד, און וועלכען מען וויל יעצט בעוואַרפען מיט בלאָטע.

— אזוי, איז עס אייער פאָטער? דאן איז עס אנאנדער זאך. אָבער ווער קימערט זיך וועגען דיזען פערנאַן און ווער קען דענקען, אז דאס איז אייער פאָטער?

— עס וועלען זיך געפינען אזעלכע, וועלכע וועלען מערקען, און איך ווי ל, אז איהר זאלט צוריקרופען דיא נאָטיץ.

דער וואָרט „איך וויל" האט אויפגערעגט באַשאַן און עס איז צווישען דיא צוויי פריינד געוואָרען א שארפער געשפּרעך. פון א פריינדשאפטליכען טאָן איז געוואָרן א הייסער שטרייט, און באַשאַן האט געענטפערט:

— איך וועל צוריקציהען דיא נאָטיץ, ווען איך וועל וויסען, אז זיא איז פאלש.

— ווען איהר ווילט ניט צוריקרופען דיא נאָטיץ, מיין הערר, האט אַלבערט גע־זאָגט מיט א העבסט אויפגערעגטע שטימע....

— וועלען מיר זיך שלאָגען? האט באַשאַן רוהיג געענטפערט.

— יאָ, האט אַלבערט געזאָגט מיט א העבערע שטימע.

— וועל! מיין הערר, איך שטים איין, אז איך זאל מיך מיט אייך שניידען דיא העלזער, אבער איך מוז האבען דריי וואכען צייט דערצו. אזוי וויא איהר האט מיך דערצו אויפגעפאָרדעט, האב איך דאס רעכט עס צו פערלאנגען. אין דריי וואָכען ארום וועל איך אייך זאָגען, אויב דיא נאָטיץ איז ריכטיג אדער פאלש. ווען זיא איז פאַלש, וועל איך זיא צוריקרופען און ווען זיא איז ריכטיג, וועלען מיר זיך שלאָגען מיט וועלכע געוועהר איהר ווילט.

— דריי וואָכען! האט אַלבערט אויסגערופען; אָבער דריי וואָכען זיינען פאר מיר דריי יאהר הונדערט און מיין עהרע לײדעט אין דיזער צייט.

— ווען איהר וואָלט נאך געוועזן מיין פריינד, וואלט איך אייך געזאגט: געדולד,

מיין פריינד. אבער אזוי וויא איהר זייט געוואָרן מיין פיינד, זאג איך אייך: וואס קימערט עס מיך, מיין הערר?

— וועל! זאל זיין אין דריי וואָכען ארום, אבער נאך דיזער צייט זאלט איהר ווייטער ניט זוכען....

— מיין ליעבער הערר אַלבערט, האט באַשאַן געזאָגט, איך קען אייך נאר דורכ־ווארפען דורכ'ן פענסטער אין דריי וואָכען ארום, דערוויל וועל איך אייך ראַטהען צו זיין אנשטענדיג, גראַביאַנעס האב איך פיינט. און באַשאַן האט איהם צוגעקעהרט דעם רוקען און איז אריין אין דער דרוקעריי. אַלבערט האט אויסגעלאָזען זיין הארץ צו דיא פאַפּיער וואס איז געלעגען אויף דער ערד, און איז ארויסגעגאנגען.

## 2טער קאפּיטעל.

## ווייעדער פערגיפטעט.

ווער איז געווען אזוי גליקליך וויא מאַקסימיליאַן מאָרעל. דער אלטער נוארטיע האָט איהם געשיקט רופען, און האט איינגעשטימט, אז באלד וועט ער זיין פעראייניגט מיט וואַלענטינען. וואַלעטינע האט אויסגעזעהען רייצענד אין איהרע טרויער קליידער און מאָרעל האט געגלענצט פאר שמחה.

נוארטיע האט בעשלאָסען ארויסצוציהען פון זיין זונ'ס הויז אונ צו דינגען ערגעץ א וואָהנונג מיט וואַלענטינען צוזאמען, ביז איהר חתונה; דער אלטער דיענער באַרוא איז געשטאַנען פון ווייטענס און האט זיך געפרייט מיט זיין הערר'ס פּלאַנען.

וואַלענטינע האט בעמערקט אויף דעם געזיכט פון דעם טרייען דיענער גרויסע טראָפּפען שוויס.

— זעהט וויא דער ארימער באַרוא שוויצט. האט וואַלענטינע געזאָגט.

נוארטיע האָט אָנגעוויזען אויף א פלאש לעמאָנאַד, וועלכע איז געשטאַנען מיט א גלאז אויף א טאַץ. דיא פלאש איז געווען דיא העלפט אויסגעטרונקען פון נוארטיע.

— נעם, גוטער באַרוא, האט וואַלענטינע געזאָגט, דען איך זעה, אז דיינע אויגען קוקען זעהר שטארק אויף דיא האלבע פלאש לעמאָנאַדע.

באַרוא האט צוגענומען דיא פלאש און איז ארויסגעגאנגען. אין א ווײַלע ארום איז ער געקומען צוריק און האט זיך געשאָקעלט.

— וואס פעהלט אייך, באַרוא? האט וואַלענטינע אויסגערופען.

דער אַלטער האט ניט געענטפערט; ער האט בעטראַכט זיין הערען מיט צו־מישה'טע אויגען און האט געזוכט מיט זיין צונויפגעקוועטשטער האנד א שטיצונג.

— ער וועט פאַלען! האט מאָרעל אויסגערופען.

באַרוא האט אנגעפאַנגען שטארק צו ציטערן, און עס האט אויסגעוויזען אז ער וועט באלד בעקומען א שרעקליכען קראַמפּף. ער האט געמאכט עטליכע טריט צו נוארטיע.

— אָה, מיין גנעדיגער הערר! האט ער געזאָגט, וואס איז מיט מיר? .... איך לייד.... איך זעה ניט מעהר. טויזענד פייערן שפּריצען ארום אין מיין מוח. אָה! ריהר־מיך ניט אָן, ריהרט מיך ניט אָן!

דער ביי זיינען זיינע אויגען פערלאָפען געווארען מיט בלוט און זיין קאָפּ האט זיך אריבער געבויגען נאך הינטען, וועהרענד זיין איבעריגער קערפּער האט זיך צונויפ־געצויגען.

עס איז געווארען א שרעקליכע טרעוואָגיע. ווילפאַר איז אַנגעלאָפען מיט'ן דאָקטאָר אוורי, און מאָרעל האט זיך בעהאלטען הינטער א טהיר.

מאדאם ווילפאַר איז אויך אריינגעקומען. איהר ערשטער קוק איז געוועזען אויף נאָרטיע, וועלכער האט אויסגעזעהען אויפגערעגט אבער גאנץ געזונד; דער צווייטער קוק איז געוועזען אויף דעם אלטען בארוא. זיא איז בלייך געווארען; דעם מאָל האט זיא ניט געטראָפען — אנשטאט דעם הערין האט זיא פערגיפטעט דעם דיענער.

גלייך האט מען זיך דערוואוסט אז דיא אורזאכע פון בארואס פּלוצליכע קראנקהייט איז געוועזען דער לעמאָנאד.

— צו וואס טרינקט מען דעם שלעכטען לעמאָנאד, האט מאדאם ווילפאַר גע־זאָגט; עס איז דאך דא וויין.

— דער לעמאָנאד איז געוועזען אין דעם זיידענס פלאש. האָט וואלענטינע געזאגט. און דער אָרעמער בארוא האָט געהאט דורשט, האט ער געטרונקען.

מאדאם ווילפאַר איז פערטרייסעלט געוואָרן. נוארטיע האט זיא אין דעם מאָמענט גוט בעטראכט.

— ער האט א קורצען האלז, האט זיא געזאגט. ער האט געמוזט זיין דערהיצט און דער לעמאָנאד האט איהם געשאַט.

— וואו איז דער דאָקטאָר? מאדאם! האט ווילפאַר אויסגערופען.

— ער איז אויבען ביי עדוארד'ן, וועלכער איז עפּעס ניט געזונד, האט מאדאם ווילפאַר געזאָגט, ווען זיא האט געזעהען, אז זיא קען מעהר ניט אָפּהאלטען דעם דאָקטאָר. ווילפאַר איז אליין ארויסגעשפּרונגען איהם רופען.

— איך גיי איצטער ארויף, האט מאדאם ווילפאַר געזאָגט צו וואלענטינען. מען וועט איהם אודאי לאָזען בלוט, און איך קען קיין בלוט ניט זעהען. און זיא איז ארויס־געגאנגען.

מאָרעל איז ארויסגעגאנגען פון זיין בעהאלטער און האט געפרעגט נוארטיע און וואלענטינען אויב ער זאל דאָ בלייבען. נוארטיע, וועלכער האט בעהאלטען זיין גאנצע קאָלט בלוט, האט איהם געהייסען בעסער גיין א היים. מאָרעל האט פון זיי גענומען אָפּשיעד און איז ארונטער דורך דער הינטער טרעפּ. באלד דערויף איז אריינגעקומען ווילפאַר מיט'ן דאָקטאָר.

דער אלטער בארוא איז דערווייל געקומען א ביסעל צו זיך און ער האט געטרייט זיך צו שטעלען אויף דיא קניע. ווילפאַר און דער דאָקטאָר האבען איהם ארויפגעזעצט אויף א טשער.

— יעצט, האט דער דאָקטאָר געזאגט, שיקט שנעל ברייננגען אָט דיזע מעדיצין און אלע זאלען ארויסגיין פון צימער.

— איך אויך? האט וואלענטינע געפרעגט.

— יא, פריילין, איהר איבערהויפּט, האט דער דאָקטאָר געזאגט מיט א הארטע שטימע.

וואַלענטינע האט מיט שטוינען אַנגעקוקט אווריני און איז ארויסגעגאנגען. הינטער איהר האט דער דאָקטאָר צוגעמאכט דיא טהיר.

— זעהט, זעהט, דאָקטאָר, וויא ער קומט צו זיך, האט ווילפאָר געזאגט; עס איז מעהר ניט געווען וויא א פארבייגייענדער אַנפאַל.

אווריני האט געגעבען א פינסטערן שמייכעל.

— וויא פיהלט איהר זיך, בארוא? האט איהם דער דאָקטאָר געפרעגט.

— א ביסעל בעסער, ליעבער הערר דאָקטאָר.

— קענט איהר טרינקען דיזע גלאָז מעדיצין?

— איך וועל פּרובירען; אבער ריהרט מיך ניט.—פאר וואס?—וויל עס ווייזט זיך מיר אויס, אז ווען איהר וועט מיך אפילו אַנריהרען נאר מיט'ן פינגער, וועל איך ווידער בעקומען דעם אנפאל.—טרינקט.

בארוא האט גענומען דיא גלאָז און האט זיא מיט איין מאָל אויסגעטרונקען.

— וואו ליידעט איהר? האט דער דאָקטאָר געפרעגט.—איבעראל. איך פיהל שרעק־ליכע קרעמפּף.—האט איהר קאָפּ שווינדעל?—יא.—זוזשען אין דיא אויערן?—שרעקליכע.—ווען האט עס אייך געפּאקט?—יעצט.—שנעל?—וויא דער בליץ.—האט איהר עפּעס געפיהלט נעכטען, אייערנעכטען?—גארניט.—וואס האט איהר היינט געגעסען?—איך האב גארניט געגעסען; איך האב נאר געטרונקען פון דעם הערר'ס לעמאָנאד.

און בארוא האט געוויזען אויף נוארטיע, וועלכער איז געזעסען אונבעוועגליך און האט בעטראכט דיזע שרעקליכע סצענע.

— וואו איז דער לעמאָנאד? האט דער דאָקטאָר שנעל געפרעגט.—אונטען אין פלאַש.—וואו איז דאס אונטען?—אין דער קיך.

מיט איין שפּרונג איז אווריני ארויס פון טהיר און איז געלאָפען אין קיך. אין לויפען האט ער באלד אומגעוואָרפען מאדאם ווילפאָר, וועלכע איז אויך געגאנגען אין קיך. זיא האט ארויסגעשטויסען א געשריי. אווריני האט דער־ויף ניט געאכטעט און איז אריין אין קיך. דארטען האט ער דערזעהען דיא פלאש און ער האט זיך אויף איהר א וואָרף געטאָן, אזוי, וויא איין אַדלער אויף זיין קרבן. ער איז שנעל ארויף צוריק. אויפ'ן וועג האט ער געטראָפען מאדאם ווילפאָר גייענדיג צו זיך אין צימער.

— איז עס דיזע פלאַש? האט אווריני געפרעגט.—יא, הערר דאָקטאָר.—איז עס דערזעלבער לעמאָנאד, וועלכען איהר האט געטרונקען?—איך גלויב.—וועלכען טעם האט איהר געפיהלט?—ביטער.

דער דאָקטאָר האט אריינגעגאָסען אין זיין האנד א ביסעל לעמאָנאד און האט עס אַנגעריהרט מיט זיינע ליפּען, דאן האט ער דאס אויסגעשפּיגי'ן.

— עס איז ריכטיג דערזעלבער, האט ער געזאגט. האט איהר אויך דערפון גע־טרונקען, הערר נוארטיע?

— יא, האט דער אלטער געענטפערט.—האט איהר אויך געפיהלט דעמזעלבען ביטערן טעם?—יא.

אין דעם האט באַרוא אָנגעפאנגען ווידער שרעקליך צו שרייען. דער דאָקטאָר איז צוגעלאָפען, ער האט איהר אבער גארניט געקענט העלפען. עס האט זיך געהאנ־דעלט איהם ארייצולאָזען לופט אין די לונגען, אָבער מען האט איהם בשום אופן ניט געקענט עפענען דעם מונד. דער אונגליקליכער האט זיך געקייקעלט אויף דער ערד פאר שרעקליכע שמערצען.

דער דאָקטאָר האט איהם געלאָזען ליגען און איז צוגעגאנגען צו נוארטיע.

— וויא פיהלט איהר זיך, האט איהם דער דאָקטאָר שטילערהייד שנעל געפרעגט, גוט?—יא.—א לייכטער מאָגען?—יא.—נעמט איהר איין די געגען גיפט פילען, וועלכע איך האב אייך געגעבען?—יא.—ווער האט אייך געמאכט דעם לעמאָנאד, באַרוא?—יא.—האט איהר איהם דערפון געהייסען טרינקען?—ניין.—הערר ווילפאָר?—ניין.—מאדאם?—ניין.—וואלענטינע?—יא.

א זיפץ פון באַרוא האט צוגעצויגען צו זיך דעם דאָקטאָר און ער איז צו איהם צוגעגאנגען.

— באַרוא, וועט איהר קענען ריידען? האט איהם דער דאָקטאָר געפרעגט.

באַרוא האט געברומט עטליכע אונפערשטענדיגע ווערטער, און האט געקוקט אויף דעם דאָקטאָר מיט בלוטיגע אויגען.

— שטרענגט זיך אָן, מיין פריינד. ווער האט געמאכט דעם לעמאָנאד?—איך.

— האט איהר איהם באלד אריינגעטראָגען, וויא איהר האט איהם געמאכט? —ניין.

— ווער האט איהם דען אריינגעבראכט?

— מען האט מיך אריינגערופען אין אָפיס און פריילין וואלענטינע האט איהם ארויפגעטראָגען.

— אָה! האט דער דאָקטאָר געמורמעלט, אָט דאס איז די געשיכטע.

באַרוא האט ווידער געמאכט שרעקליכע געשרייען און אווריני האט איהם גע־הייסען אריינטראָגען אין אַנאנדער צימער און מען זאל איהם לאזען אליין מיט איהם.

מיט איינינע מינוט שפּעטער איז ווילפאָר ארויפגעגאנגען צוריק; ער האט בעגע־גענט דעם דאָקטאָר שוין אראָפּגייענדיג.

— נו, וואס הערט זיך? האט ווילפאָר געפרעגט.—קומט. און דער דאָקטאָר האט אריינגעפיהרט דעם פּראָקוראָר צוריק אין זיין צימער.

— ער איז נאך אלץ אין חלשות? האט ווילפאָר געפרעגט, ווען ער האט געזעהען דעם אלטען באַרוא ליעגענדיג אָהן בעוועגונג.

— ער איז טויט.

— ווילפאָר האט זיך געגעבען א וואַרף אויף דריי טריט צוריק, און צונויפשלאָ־גענדיג די הענד איבערן קאָפּ, האט ער אויסגעשריען מיט א ווילדער שטימע, אָנקוק־קענדיג דעם מת:

— טויט! אזוי שנעל טויט!....

— יא, זעהר שנעל, האט אווריני געזאָגט; אבער דאס דארף אייך דאך ניט

וואונדערן: הערר און מאדאם סענט מעראן זיינען אויך זעהר שנעל געשטארבען. אה! מען שטארבט זעהר שנעל ביי אייך אין הויז, הערר ווילפאר.

— וואס! איהר קומט נאך אלץ אויף דיזען שרעקליכען געדאנקען! האט ווילפאר אויסגערופען מיט א געבראכענעם קול.

— אימער, און אלע מאל! האט אווריני געזאגט מיט א שווערן אויסדרוק און מען קען אנדערש ניט דענקען, דען איך בין איבערצייגט אין דעם. און אום, אז איהר זאלט ניט גלויבען, אז איך האב א טעות, זאלט איהר מיך אויסהערן, הערר ווילפאר. ווילפאר האט געשווידערט.

— עס גיבט א גיפט, וועלכער טויטעט און לאזט ניט קיין שום צייכען, אז מען איז פערגיפטעט. דיזען גיפט האב איך לאנגע יאהרען שטודירט און איך קען איהם גאנץ גוט איך האב איהם דערקענט אויף בארוא און איך האב איהם דערקענט אויף מאדאם סענט מעראן. עס גיבט א מיטעל דעם גיפט צו דערקענען: ער גיט א גרינע פארב ווען מען לייגט איהם אריין אין בלויען סיראפ. איך האב בעשטעלט בלויען סיראפ דערצו און איהר וועט עס זעהען.

און א דיענערין האט טאקע באלד אריינגעבראכט א טאס מיט בלויען סיראפ.

— קוקט האט ער געזאגט צום פראקוראר, וועמעס הארץ האט אזוי שטארק געקלאפט, דאס מען האט עס געקענט הערן פון וויטען,—קוקט, אט איז א טאס מיט בלויען סיראפ, און דא אין דיזער פלאש איז דער רעסט פון דעם לעמאנאד, וועלכען נוארטיע און בארוא האבען געטרונקען. ווען דער לעמאנאד איז ניט שעדליך, וועט דער סיראפ בעהאלטען דענזעלבען קאליר, און אויב דער לעמאנאד איז פערגיפטעט, וועט ער ווערן גרין. יעצט קוקט!

און דער דאקטאר האט אריינגעגאסען עטליכע טראפפען פון לעמאנאד אין דער טאס סיראפ. דער סיראפ איז אין דענזעלבען אויגענבליק געווארען גרין.

— דער אונגליקליכער בארוא איז פערגיפטעט געווארן מיט א גיפט, וועלכען איך קען, און איך וועל עס בעשווערען הויך און הייליג!

ווילפאר האט גארניט געענטפערט; ער האט אויסגעשטרעקט דיא הענד אין דער הויך און איז אנידערגעפאלען אין א טשער וויא פון דונער געטראפען.

## 3טער קאפיטעל.

## דיא בעשולדיגונג.

אווריני האט צוריקגערופען אין לעבען דעם פראקוראר, וועלכער האט אויסגעוויזען וויא א צווייטער מת אין קברות שטיבעל.

— אה! דער טויט איז אין מיין הויז! האט ווילפאר אויסגעשריען.

— זאגט דער פערברעכען, האט דער דאקטאר געענטפערט.

— הערר אווריני! האט ווילפאר אויסגעשריען, איך קען אייך ניט ארויסגעבען, וועלכע שרעקליכע שמערצען איך לייד אין דיזען מאמענט.

— אבער איך גלויב, אז עס איז צייט, אז מיר זאלען האנדלען; איך גלויב, אז

מען מוז מאכען א סוף פון דיזע מערדערייען. וואס מיך אַנבעלאַנגט, וויל איך מעהר ניט שווייגען, דען איך וועל זיין דערזעלבער פערברעכער. דער פערברעכען מוז אויפגעדעקט ווערן.

ווילפאַר האט א ווארף געטאן ארום זיך א פינסטערן בליק.

— אין מיין הויז! האט ער געמורמעלט, אין מיין הויז!

— וועל! פּראָקוראָר, האט אווריני געזאגט, איהר זייט דער פערטרעטער פון געזעץ, טוט אייער פפליכט.

— האט איהר דען א פערדאכט אויף ווערמען?

— איך פערדעכטיג קיינעם ניט. דער טויט קלאפט ביי אייך אין טהיר. ער גייט פון איין צימער אין אנדערן, און גייט זיך פריי ארויס און קיינער פרעגט ניט דיא אורזאך פון זיין אָפּטען בעזוך. וועל! איך האב דיא זאך ניט געקענט אזוי פערביילאָזען; איך האב געזוכט דיא אורזאך און האב געפונען....

ווילפאַר האט ארויסגעשטויסען א געשריי; ער האט צוזאמענגעלייגט דיא הענד און האט אַנגעקוקט דעם דאָקטאָר מיט א בליק פון רחמים. אבער דער דאָקטאָר האט זיך געמאכט ניט זעהענדיג און האט פאָרטגעזעצט:

— און דאס האב איך געפונען: מען האט געטויטעט הערכן סענט מעראַן, מען האט געטויטעט מאדאם סענט מעראַן, מען האט געטויטעט בארוא אַנשטאָט הערכן נוארטיע, דען ניט בארוא האט מען געמיינט, דערפון בין איך איבערצייגט.

— און וויא איז מיין פאָטער געבליעבען לעבען?

— ווייל צייט א יאָהר גיב איך איהם גיפט ביסלעכווייז, אום זיין קערפּער דערצו צו געוויינען, און ווייל דער מערדער האט דאס ניט געוואוסט; ווייל דער גיפט וואס קען איהם ניט שאַדען, קען אנאנדערן טויטען.

— אָה וועה, וועה! האט ווילפאַר געמורמעלט זיך ברעכענדיג דיא הענד.

— אלזא, יעצט זעהט, האט דער דאָקטאָר פאָרטגעזעצט מיט דערזעלבער שטימע. הערר און מאדאם סענט מעראַן לאזען איבער א דאָפּעלטע ירושה. הערר נוארטיע האט נאך ניט צייט געהאט צו מאכען זיין ערשטע צוואה, האט מען איהם שוין געבראכט דערצו, אז ער זאל מאכען א צווייטע. און עס איז נאך ניט פערגאנגען קיין צוויי טעג וויא ער האט דיא צווייטע געמאכט, האט מען איהם שוין געוואָלט פערגיפטען.

— אָה האט מיטלייד, הערר אווריני!

— קיין מיטלייד, מיין הערר, דיא פפליכט פון יעדען עהרליכען דאָקטאָר איז אויפצודעקען א פערברעכען, ווען ער קומט איהם אונטער דיא הענד!

— אָה, האט מיטלייד מיט מיין טאָכטער, מיין הערר, האט ווילפאַר געמורמעלט.

— זעהט איהר, איהר אליין, דער פאָטער, ווייסט ווער דער פערברעכער איז!

— האט מיטלייד מיט וואלענטינע! בעסער וועל איך זיך אליין בעשולדיגען איידער וואלענטינע, דיזע עדעלע הארץ און אונשולדיגע בליום!

— קיין מיטלייד, הערר פּראָקוראָר! דער פערברעכען איז אויפגעדעקט. פריילין וואלענטינע האט אליין איינגעפּאַקט דיא מעדיצין, וועלכע מען האט אוועקגעשיקט צו סענט מעראַן, און ער איז באלד געשטארבען. פריילין וואלענטינע האט אליין צורעכט־געמאכט צו טרינקען פאר מאדאם סענט מעראַן און זיא איז געשטאָרבען. פריילין

וואלענטינע האט געמאכט לעמאָנאַד פאר העררן נוארטיע און דורך דעם איז בארוא געשטאָרבען.

פריילין וואלענטינע איז דיא שולדיגע! זיא איז דיא גיפטמישערין! הערר קעניג־ליכער פראָקוראָר; איך קלאָג פאר אייך אָן פריילין ווילפאָר, טוט אייער פפליכט!

— דאָקטאָר איך פערענטפער זיא ניט, איך פערטהיידיג זיא ניט; איך גלויב אייך, אָבער ערבארעמט אייך, שוינט מיין לעבען, מיין עהרע!

— הערר ווילפאָר, האט דער דאָקטאָר געזאגט מיט א וואקסענדער קראפט, עס געבען מאָמענטען, וואו אלע מיטליידס געפיהלען דארפען געלייגט ווערן אָן א זייט. ווען אייער טאָכטער וואלט בעגאנגען איין פערברעכען און איך וואלט בעמערקט, אז זיא האט אין זינען נאך איינעם, וואלט איך אייך געזאגט: זעהט האלט זיא אָפּ, שטראפט זיא. ווען זיא וואָלט בעגאנגען א צווייטען פערברעכען, וואלט איך אייך געזאגט: אָט האט איהר א גיפט, וועלכער טויטעט וויא דער בליץ, גיט איהר איהם און רעטעט אייער עהרע, ווען ניט ועט זיא אייך פריהער טויטען, און זיא וועט נאך צוקומען צו אייך מיט א זיסען אונשולדיגען שמייכעל. וועה איז צו אייך, הערר ווילפאָר, ווען איהר וועט ניט שלאָגען דער ערשטער! אָט דאס וואלט איך צו אייך געזאגט, ווען זיא וואלט נאר געטויטעט צוויי מענשען; אבער זיא האט געזעהען דריי מענשען אין טויטעס קאמפף, וועלכע זיא האט ערמאָרדעט און האט נאך געקענט שטיין לעבען זיי,—דאן אויפ'ן עשאפאָט מיט דער גיפטמישערין! צום עשאפאָט! איהר רעט פון אייער עהרע, טוט וואס איך זאג אייך, דען דיא אונעהרע ערווארטעט אייך!

ווילפאָר איז געפאלען אויף דיא קניע.

— הערט, האט ער געזאגט, איך האב ניט דיא קראפט וואס איהר האט אָדער וואס איהר וואלט ניט געהאט, ווען אנשטאָט מיין טאָכטער וואלענטינע וואלט עס זיך געהאנדעלט וועגען אייער טאָכטער מאדעלען.

דער דאָקטאָר איז בלייך געוואָרען.

— דאָקטאָר, יעדער מענש, דער זון פון א פרוי איז געבאָרען צו ליידען און צו שטארבען; דאָקטאָר, איך וועל ליידען און איך וועל ווארטען אויף דעם טויט.

— נעמט זיך אין אכט, האָט אווריני געזאגט, דער טויט וועט זיין זעהר א לאנג־זאמער; איהר וועט איהם זעהען קומען, ווען ער וועט האבען געשלאָגען אייער פאָטער, אייער פרוי, און אפּשר אייער זון אויך.

ווילפאָר האט שווער געאָטהעמט און האט אויסגעשטרעקט זייא הענד צום דאָקטאָר.

— הערט מיך אויס! האט ער אויסגעשריען, בעדויערט מיך, העלפט מיר.... ניין, מיין טאָכטער איז ניט קיין פערברעכערין.... שלעפט אונז פאר א געריכט, וועל איך אלץ זאגען: ניין, מיין טאָכטער איז ניט קיין פערברעכערין.... עס גיעבט ניט קיין פערברעכען אין מיין הויז.... איך וויל ניט, הערט איהר, אז עס זאל געבען א פער־ברעכען אין מיין הויז; דען ווען דער פערברעכען קומט ערגעץ אריין איז עס וויא דער טויט—ער קומט ניט אליין.... הערט! וואס גייט אייך אָן, אז איך וועל שטארבען פון

ערמאָרדונג?.... זייט איהר מיין פריינד? זייט איהר א מענש? האט איהר א הארץ?....
ניין, איהר זייט א דאָקטאָר!.... וועל! איך זאג אייך: ניין, מיין טאָכטער וועט ניט
געשלעפּט ווערן דורך מיר אין דיא הענד פון דעם תליון! אך! אָט דיזער געדאנקען
פערצעהרט מיך און טרייבט מיך אריינצוטרייבען דיא נעגעל אין מיין ברוסט!.... און
ווען איהר האט א טעות, דאָקטאָר! ווען דאס איז געווען אנאנדערער און ניט מיין
טאָכטער; ווען איך וועל אין איין טאָג צו אייך קומען בלייך וויא א מת און וועל צו אייך
זאגען: מערדער! דו האסט געטייטעט מיין קינד.... ווען דאס זאל פּאסירען, העררר
אוריני, וועל איך מיר נעמען דאס לעבען!

— וועל! האט דער דאָקטאָר געזאָגט נאך א קורצען שווייגען, איך וועל ווארטען.

ווילפאָר האט איהם אנגעקוקט, אזוי וויא ער וואלט ניט געגלויבט אין זיינע
ווערטער.

— נאר, האט אוריני געזאגט מיט א לאנגזאמע און שארפע שטימע, ווען איינער
פון אייער הויז זאל וויעדער קראנק ווערן, ווען איהר אליין זאלט געטראָפען ווערן, רופט
מיך ניט, דען איך וועל מעהר ניט קומען. איך וויל גערנע טראגען מיט אייך צוזאמען
דיא שרעקליכע געהיימנים, אבער איך וויל מעהר ניט האבען אויף זיך דיא קריינקונג
אויף מיין געוויסען איבער דעם שרעקליכען פערברעכען, וועלכער וואקסט אין אייער הויז.

— אלזאָ פערלאזט איהר מיך, דאָקטאָר?

— יא, דען איך וויל מעהר ניט צוקוקען, וויא שרעקליכע פערברעכען ווערן בעד־
גאנגען ביי אייך אין הויז. אדיע.

— איין ווארט, נאך איין וואָרט נאר, דאָקטאָר! איהר גייט אוועק און איהר
לאזט מיך איבער אין דיזער שרעקליכער לאגע, וועלכע איז נאך שרעקליכער געוואָרן
דורך אייער ענטדעקונג. אבער וואס וועט מען זאגען אויף דעם פּלוצליכען טויט פון דעם
אלטען דיענער?

— עס איז ריכטיג, האט אוריני געזאגט, פיהרט מיך אראָפּ.

און אראָפּגייענדיג האט ער געזאגט צו ווילפאָר אין דער הויף, כדי אלע זאלען
הערן, אז באַרואַ איז געשטארבען פון שלאַק און ער איז גערופען געוואָרן צו שפּעט.
און דער דאָקטאָר איז אוועקגעגאנגען.

אין דענזעלבען טאָג האבען זיך צונויפגעקליבען אלע דיענער פון ווילפאָר'ס הויז
און האבען אָפּגערעט ניט מעהר צו בלייבען אין א הויז וואו דער טויט הערשט.

ווען ווילפאָר איז אריין אין צימער האט ער א קוק געטאָן אויף וואלענטינען,
וועלכע האט געוויינט און זיין הארץ איז פערקלעמט געוואָרן. און ווען ער האט דאן א
קוק געטאן אויף זיין פרוי איז א פינסטערער שאטען אריבער איבער זיין געזיכט.

4טער קאפּיטעל.

## קאַדרוס און בענעדעטאָ.

דענזעלבען אָווענד איז אנדרעא קאוואלקאנטי געקומען צו מאָנטע קריסטאָ און
האט איהם געבעטען, אז ער זאז זיין איין עדות ביי דעם אונטערשרייבען פון דעם

הייראטס קאָנטראַקט צווישען איהם און פריילין עזשעניע דאַנגלאַר. מאָנטע קריסטאָ האט איהם פראסט ענטזאגט, און ער האט איהם געזאגט, אז ער וועט זיין דערביי וויא יעדער אנדערער.

קומענדיג א היים האט אנדרעא געטראָפען ביי דער הויזקיפּערין א בריעף פאר איהם. ער איז ארופגעגאנגען אויבען און האט אויפגעמאכט דעם בריעף. עס איז געווען א קליינער צעטעל פון קאדרוס'ן, וועלכער האט איהם געבעטען, אז ער זאל קומען צו איהם מאָרגען נייען א זייגער אין דער פריה.

אנדרעא האט פערברענט דעם צעטעל און האט אָנגעטאָן זיין לאַקיי'ס קליידער און איז באלד אוועק פון דער היים. פאר איהם איז געווען דיא זאך זעהר וויכטיג. דיא הויזקיפּערין האט איהם געזאגט, דערלאנגענדיג איהם קאדרוס צעטעל, אז דער מאַן האט ניט געוואָלט נעמען דיא צוויי הונדערט פראנק, וועלכע ער קריעגט דורך איהם אלע מאָנאט, און ער האט דערויף איבערגעלאָזען דעם צעטעל.

פאר אנדרעאַ איז דיא געשיכטע ניט געווען אזוי פריילין, דען ער האט געוואוסט, אַז זיין אַלטער קאמעראד פון קאטאָרזשנע רופט איהם ניט אומזיסט.

ער האט געדונגען א צימער אין א קליינעם האָטעל לעבען קאדרוס הויז און האט דאָרטען איבערגענעכטיגט. אויף מאָרגען איז ער געקומען צו קאדרוס'ן. דיעזער האט איהם נאַטירליך אויפגענומען וויא איין אלטען פריינד. ער האט שוין זאָגאר אָנגעגרייט א גוטען דינער פאר זייביידען.

— און יעצט זאָג מיר נאָר, ליעבער קאדרוס, האט אַנדרעאַ געזאגט ווען ער האט געהאלטען אין עסען און האט פערטרונקען א גלאָז וויין,—פאר וואס האסטו ניט געוואלט נעמען היינטיגען מאָל דיא צוויי הונדערט פראנק?

— מיין ליעבער בענעדעטאָ, האט קאדרוס געזאָגט אויסשצירענדיג דיא ציין, איך מוז דיר זאָגען, אז מיין געוויסען ערלויבט מיר ניט, דאס איך זאל זיצען און עסען און איך זאל ביי דיר נעמען אומזיסט געלד. און דען מוז איך דיר זאגען, אז עס איז פאר מיר קיין פּלאַן ניט צו זיצען און ארויסצוקוקען אויף דיא פּאָר לומפּיגע פראנק.

— האסטו געהאט א בעסערן לעבען דאָרטען, האט איהם בענעדעטאָ געפרעגט מיט אונווילען.

— אָה, דאָרטען איז אנאנדער זאך. בשעת מיר זיינען געווען ביידע אויף איין קייט, האבען מיר געלעבט א גלייכען לעבען, אבער יעצט, פערשטייסטו מיך, ווען דו האסט אפשר פינף טויזענד פראנק א מאָנאט און אפשר נאך מעהר, און דו לעבסט וויא א פרינץ מיט פערד און מיט לאַקייען, איז עס פאר מיר, דיין אלטען קאמעראד, דיא פּאָר לומפּיגע פראנק א גאָרניט.

— איז וואס ווילסטו? האט בענעדעטאָ בלייך ווערענדיג געפרעגט.

— איך וועל דיר זאגען וואָס איך וויל. עס איז קיין פּלאַן ניט, אז איך זאל בלייבען דאַ. אין דיר, אלס פרינץ, וועט קיינער ניט זוכען דעם ענטלאָפענעם קאטאָרזשניק בענעדעטאָ, אָבער אין מיר, וועלכער לעבט אין איין ארימע וואָהנונג און קאָכט זיך אליין דינער, קען מען נאך דערקענען דעם אַלטען קאדרוס. דארום וואלט געווען דער בעסטער פּלאַן פאר אונז ביידען, אז איך זאָל אוועק.

— נו, זעהר גוט, ווער האלט דיך?

— ווער האלט מיך! וויא געפעלט דיר דיא פראגע? דו וועסט דאך ניט אננעמען, אז איך וועל אוועק אָן געלד?

— ניין, געוויס ניט. איך וועל דיר דערצו געבען צוועלף הונדערט פראנק.

— צוועלף הונדערט פראנק! און וואס זאל איך טאָן מיט דיזע עטליכע גראָשען?... אבער הער, איך האב אנאנדער פלאן. איך האב א פלאן, אז איך זאל געהאלפען ווערן און דו זאלסט דערצו ניט דארפען געבען א סענט.

— לאָמיר הערען דעם פלאן; עס מוז זיין א פיינער פלאן!

— פאַר וואס ניט? איז אפשר מיין פלאן געווען א שלעכטער, אום צו פערלאָזען טולאָן, הא? און אז מיין פלאן איז ניט געווען קיין שלעכטער, איז דאך א בעוויז. אז דו ביזט יעצט דאָ.

— איך זאג ניט, אז דיין פלאן איז געווען א שלעכטער, האט אנדרעא געזאגט.... אבער לאָמיר הערען דיין נייען פלאן.

— קענסטו מיר ניט געבען א מיטעל, אז איך זאל קענען קריגען א דרייסיג טויזענד פראנק, און עס זאל דיך ניט קאָסטען א סענט?

— ניין, האט אנדרעא טרוקען געענטפערט, ניין, איך וויים ניט אזא מיטעל. ווילסטו אפשר, אז איך זאל גנבענען און מען זאל אונז אָפפיהרען צוריק אהין?

— אָה, מיר איז עס גאנץ גלייך; איך ביינק אויך א מאָל נאך מיינע קאמעראַדען דארטען. איך האב ניט אזא שלעכטע הארץ וויא דו, וועלכער וואלט זיי ניט וועלען זעהען נאך א מאָל.

אנדרעא האט געציטערט און איז בלייך געוואָרן.

— וויים איך וואס, קאַדרוס, רעד ניט קיין נארישקייטען. זאָג וואס ווילסטו?

— האב קיין מורא ניט, קליינער זשוליק, גיעב מיר נאר א מיטעל וויא צוקריעגען געלד, דו וועסט דערביי גארניט ארבייטען.

— וועל! איך וועל זעהען, איך וועל זוכען, האט אנדרעא געזאָגט.

— אָבער ביז וואנען דו וועסט געפינען, וויל איך האבען, אז דו זאלסט העכערען מיין געהאלט אויף פינף הונדערט פראנק א חודש.

— וועל! דו וועסט האבען דיא פינף הונדערט פראנק, אבער קוועטש מיך ניט צופיעל, דען עס וועט ווערן שווער פאר מיר.

— וויים איך וואס! דו האסט דאך א קאַסע אָהן א דעק; איך וועל דיך ניט אָרעם מאכען.... זאָג מיר נאר, איז דיין גראף עפעס רייך?

— דו מיינסט דעם גראף מאָנטע קריסטאָ?

— יאָ, וועמען דען זאל איך מיינען.

— ער האט מיליאָנען אזוי וויא איך האב פראנקס.

— האט ער אין דערהיים אויך עפעס געלד?

— וויא ער האט ניט, וועט מען ביי איהם אין סעקרעטערקע אלץ געפינען א צוויי הונדערט טויזענד פראנק.

— ביזטו בעקאנט מיט דער איינריכטונג פון זיין הויז?

— געווים; איך בין דאך ביי איהם א בן בית.

— קענסטו מיר ניט געבען דעם פלאן פון זיין הויז: וויא דיא צימערן ליגען, וואוהין דיא פענסטער גייען, וואו דיא דינער געפינען זיך און וואו דיא סעקרעטערקע ליעגט.

אנדרעא האט איהם בעשריעבען דיא הויז און ער האט געצייכענט א ריכטיגען פלאן.

— איז דער גראף אלע מאל צו הויז?

— ניין, אט צום ביישפיעל, פאהרט ער מארגען ארויס אין אטויל מיט אלע זיינע דיענער און ער וועט דארטען בלייבען א גאנצען מעת לעת.

— אזוי! האט קאדרוס אויסגערופען מיט בלישצענדע אויגען, און ווער בלייבט אין הויז?

— דער הויזקיפער, האט אנדרעא געלאסען געענטפערט.

— ביזטו זיכער אין דעם? האט קאדרוס געפרעגט.

— געוויס; איך בין איינגעלאדען צו דיענער אין אטויל און דער גראף האט מיר דערציילט, אז ער נעמט מיט אלע דינער.

— אט דאס הייסט א לעבען! א הויז אין שטאט, א הויז אין קאנטרי!....

דיא פאר קאמעראדען האבען זיך נאך לאנג אונטערהאלטען וועגען דעם רייכטהום פון מאנטע קריסטא און אנדרעא איז אוועק.

5טער קאפיטעל.

## דער איבערפאל.

אויף מארגען נאך דער בעשריעבענער סצענע איז טאקע מאנטע קריסטא מיט א פאר דיענער געקומען אין אטויל, אבער ניט וויל אנדרעא האט עס געוואוסט אדער דער גראף האט עס פאראויסגעזעהען, זאנדערן וויל בעטרוציא האט איהם געבראכט נייעס פון זיין שיף און פון דער הויז אין אטויל. אלעס איז געווען אין ארדנונג. מאנטע קריסטא האט געלויבט בעטרוציא פאר זיינע פינקטליכקייט.

— יעצט, האט צו איהם דער גראף געזאגט, קען זיין, אז איך וועל דארפען זיין איי איינאכט פון פאריז אין טרעפארט. איך וויל האבען אכט געשפאנען אויף דעם גאנצען וועג, וועלכע זאלען מיר ערמעגליכען צו מאכען פופציג מייל אין צעהן שטונדען.

— אייער עקסעלענץ האט עס מיר שוין א מאל געזאגט און איך האב עס שוין געטאן, דיא פערד שטייען אנגעגרייט.

— זעהר גוט, האט מאנטע קריסטא געזאגט; איך וועל דא בלייבען א טאג אדער צוויי; מאכט דערוויל דאס איבריגע אין ארדנונג.

בעטרוציא איז נאר ארויסגעגאנגען, איז אריינגעקומען באפטיסטען א פערסאָ־פעטער און בעדעקט מיט שוויים מיט א בריעף אין האנד.

— וואס איז מיט אייך? האט מאנטע קריסטא געזאגט, איך האב דאך אייך ניט גערופען?

באפטיסטען האט ניט געענטפערט; ער האט דערלאנגט דעם גראף דעם בריף.

— עס איז זעהר וויכטיג, האט ער געזאגט.

דער גראף האט אויפגעמאכט דעם בריעף און האט געלעזען:

„דער הערר גראף מאַנטע קריסטאָ זאל וויסען, אז היינטיגע נאכט וועט זיך איינברעכען א מאן אין זיין שלאָף צימער און וועט ארויסנעמען דאס געלד און די פּאפּיערען פון זיין סעקרעטערקע. מען וויס, אז דער גראף איז גענוג מוטהיג און ער דארף ניט האבען דערצו דיא הילפע פון דער פּאָליציי. ער וועט זיך אליין קענען ספּראווען מיט איהם. פיעלע דיענער אין הויז וועלען פערטרייבען דעם איינברעכער, וועלכער איז א געפעהרליכער פיינד פון גראף. מיט פּאָרזיכט קען דער גראף דעם איינברעכער מאכען אונשעדליך.“

ווען מאַנטע קריסטאָ האט דורכגעלעזען דיזען בריעף, האט ער זיך א ווײלע פערטראכט, ערשטענס האט ער געגלויבט, אז דאס מוז זיין א קונץ פון אימעצען, דאן איז ער אבער געקומען צום שלוס, אז דער בריעף מוז זיין ריכטיג.

ער האט דערויף געהייסען באפּטיסטען, אז ער זאל ברייננען אלע דינער פון זיין הויז אין שאן־זעליזע אין אָטויל און נאר דער הויזקיפּער זאל דארטען בלייבען. ער האט זיך דאן געהייסען געבען דינער אין זיין צימער און איז געבליעבען אין אָטויל ביז אבענד. אבענדס האט ער גענומען אלי'ן מיט זיך און איז אוועק אין פּאריז. ווען עס איז געווארן גוט דונקעל האט ער זיך געפונען ענטקעגען זיין הויז.

אין גאס איז אלעס געווען פינסטער, נאר א קליינער פייער האט זיך געזעהען ביי דעם הויזקיפּער אין דיא אונטערשטע פענסטער.

מאַנטע קריסטאָ האט זיך אָנגעשפּארט אָן א בוים און האט מיט זיינע שארפע אויגען געקוקט ארום זיך. אין צעהן מינוט ארום האט ער זיך איבערצייגט, אז קיינער האט איהם ניט נאָכגעשפּירט, און ער איז געלאָפען מיט אלי'ן צום הויז. זיי האבען זיך אריינגעכאפּט דורך א פערבאָרגענע הינטער טהירל, און אפילו דער הויזקיפּער האט ניט געוואוסט, אז זיי זיינען אין הויז.

ווען זיי זיינען צוגעגאנגען צום שלאָפציעמער, האט מאַנטע קריסטאָ געהייסען אלי'ן בלייבען שטיין און ער איז אריין אין צימער. ער האט אלעס בעטראכט און האט געזעהען, אז אלעס איז געווען אין אָרדנונג. דיא טייערע סעקרעטערקע איז געשטאנען אויף איהר פּלאַץ און דער שליסעל האט געשטעקט אין שלאָס. ער האט ארומגעדרייט צוויי מאל דעם שליסעל און האט איהם אריינגעלייגט אין טאש. דאן איז ער אריין אין אנדערן צימער.

דערווייל איז אריינגעקומען אלי מיט געוועהר און האט זיי ארויפגעלייגט אויפ'ן טיש. עס איז געווען א ביקס און צוויי דאָפּעלטע פּיסטאָלעטען. עס איז געווען האלב צעהן א זייגער. דער גראף האט געקוקט אין פענסטער און הינטער איהם איז געשטאנען אלי מיט א האק אין האנד.

אזוי זיינען אוועקגעגאנגען צוויי שטונדען. עס האט געשלאָגען עלף א זייגער און דריי פערטעל אויף דער אינוואלידען קירכע או דער שטארקער ווינד האט צוגעטראָגען דעם טרויעריגען קלאַנג פון דעם גלאָק.

קוים איז דער קלונג פערגאנגען האט דער גראף געהערט א קראצען אין דעם פענסטער פון זיין שלאפצימער, איינער האט דארטען געשניטען דיא גלאז.

מאנטע קריסטא האט געוואלט וויסען מיט וויפיעל פיינד ער האט דא צו טאן. ער האט זיך איינגעקוקט דורך דיא קליינע עפענונג אין שלאפצימער און האט געזעהען, וויא א האנד האט ארויסגענומען דיא צושניטענע שויב און דאן איז אריין א קאפ און א גאנצער קערפער. עס איז געווען איין מאן.

— אט דאס איז א מוטהיגער שפיצבוב! האט דער גראף געמורמעלט.

אין דיזען מאמענט האט אלי אנגעריהרט זיין פלייצע. ער האט זיך אומגעדרייט און אלי האט איהם געוויזען אויפ'ן פענסטער צום גאס.

מאנטע קריסטא האט ארויסגעקוקט אויפ'ן גאס און האט געזעהען וויא נאך א מאן איז געשטאנען אויף א שטיין און האט געטרייט צו זעהען וואס עס טוט זיך אין הויז.

— גוט! האט ער געזאגט, זיי זיינען צוויי; איינער האנדעלט און איינער היט. ער האט געגעבען א צייכען צו אלי'ן, אז ער זאל איהם ניט פערלירען פון דיא אויגען, און ער האט זיך אומגעקעהרט צום ערשטען.

דיזער האט ארומגעטאפט אין דער פינסטער ביז ער איז געקומען צו דער סעקרעטערקע. ער האט זיא ארומגעטאפט און האט געפונען, אז זיא איז געווען פערשלאסען. ער האט ארויסגענומען געצייג און האט גענומען בעארבייטען דעם שלאס. ווען ער האט געזעהען, אז ער קומט ניט צו קיין צוועק האט ער אנגעצונדען א בלענד לאנטערנע. וויא שנעל ער האט עס אבער ניט געמאכט, איז געווען גענוג, אז דער שיין זאל בעלייכטען זיין פנים און מאנטע קריסטא זאל איהם זעהען.

— אהא! האט מאנטע קריסטא געזאגט און האט געגעבען א שפרונג צוריק פאר איבערראשונג; דאס איז דאך....

אלי האט אויפגעהויבען דיא האק.

— ריהר זיך ניט, האט צו איהם מאנטע קריסטא געזאגט שטילערהייד, און לאז אוועק דיין האק; מיר דארפען שוין ניט קיין געוועהר.

דאן האט ער איהם געזאגט נאך א פאר ווערטער און אלי איז פאמעלעך אוועקגעגאנגען. באלד איז ער געקימען צוריק מיט א לאנגען מאנטעל פון א גלח און מיט א העמ פון דריי שפיצען. מאנטע קריסטא האט דערווייל אראפגעווארפען פון זיך זיינע אויבערשטע קליידער, און דורך א שטראהל ליכט, וועלכער איז אריינגעקומען דורכ'ן פענסטער, האט מען געקענט זעהען, אז ער האט געטראגען אויף דער ברוסט א לייכטען שטאהלענעם פאנציר. דער פאנציר איז באלד פערשוואונדען אונטער דעם לאנגען מאנטעל און דעם גראף'ס שווארצע האר אונטער א געלען פארוק, און דערצו דער העט מיט דיא דריי שפיצען האט איהם געמאכט פאר א גייסטליכען.

דער מאן האט דערווייל געארבייט ארום דער סעקרעטערקע און מען האט געהערט דעם שלאס קריצענדיג. מאנטע קריסטא האט איהם געלאזען נאך א ווילע ארבייטען ארום שלאס און ער איז צוגעגאנגען צום פענסטער.

דער מאַן, וועלכער איז פריהער געשטאַנען אויף א שטיין, איז יעצט ארומגעגאַנגען הין און צוריק אויף דער גאַס.

מאַנטע קריסטאָ האט זיך פּלוצלונג דערלאַנגט א קלאַפּ אין שטערן און א שמייכעל האט זיך בעוויזען אויף זיינע ליפּען. ער האט דערקענט דעם מאַן.

— בלייב דאָ, האט ער דאַן געזאָגט שטילערהייד צו אַלי; דו מעגסט הערן דעם שטאַרקסטען געטומעל און געשריי, זאָלסטו ניט אריינקומען ביז איך וועל דיך ניט רופען ביים נאָמען.

אַלי האט געמאַכט א צייכען מיט'ן קאָפּ, אַז ער וועט אזוי טאָן.

דאַן איז מאַנטע קריסטאָ צוגעגאַנגען צו א שראַנק און האט פון דאָרטען ארויסגענומען איין אָנגעצונדענע ליכט. ער איז דאַן צוגעגאַנגען פּאַמעלעך צו דער טהיר; ער האט זיא אויפגעמאַכט און האט געהאַלטען דיא ליכט, אז דער שיין זאָל פאַלען אויף זיין פּנים.

דער גנב איז אזוי געוועזען בעשעפטיגט ביי זיין ארבייט, דאַס ער האט ניט געהערט דעם לייכטען סקריפּ פון דער טהיר, ער איז אבער געוואָרן ערשטוינט, ווען ער האט פּלוצלונג בעמערקט ליכט אין צימער. ער האט זיך שנעל אומגעדרייט.

— אַה! גוטען אבענד, ליעבער הערר קאַדרוס, האט מאַנטע קריסטאָ געזאָגט; וואָס טוט איהר דאָ אזוי שפּעט אין דער נאַכט?

— דער גייסטליכער בוזאָני! האט קאַדרוס אויסגערופען.

און ניט וויסענדיג פון וואַנען דער מאַן איז געקומען ביז אהער, ווייל ער האט אַלע טהירען פערשלאָסען, האט ער געלאַזען פאַלען זיין גאַנצען געצייג און איז געבליעבען שטיין א צוטומעלטער.

דער גראַף האט זיך געשטעלט צווישען איהם און דעם פענסטער, וועלכער איז געוועזען פאַר קאַדרוס'ן דער איינציגער וועג צו ענטלויפען.

— דער גייסטליכער בוזאָני! האט קאַדרוס נאָך א מאָל געזאָגט, אָנקוקענדיג דעם גראַף מיט צומישטע אויגען.

— וועל! אָהנע צווייפעל בין איך דער גייסטליכער בוזאָני, האט מאַנטע קריסטאָ געזאָגט. איך בין זעהר צופריעדען וואָס איהר האט מיך דערקענט; דאָס בעווייזט, אז איהר האט א גוטען זיכרון, דען, ווען איך האב קיין טעות ניט, וועט עס באַלד זיין צעהן יאָהר וויא מיר האבען זיך געזעהען.

דיזע רוהע, דיזע איראָניע, דיזע מאַכט האבען ארויפגעיאָגט אויף קאַדרוס'ן א געוואַלטיגען שרעק.

— דער גייסטליכער! דער גייסטליכער! האט ער געמורמעלט צוזאַמענקוועטשענדיג דיא קולאַקעס און קלאַפּענדיג מיט דיא ציין.

— אַלזאָ איהר ווילט בעגנבנען דעם גראַף מאָנטע קריסטאָ? האט דער פערשטעלטער גלח פאָרטגעזעצט.

— הערר גייסטליכער, האט קאַדרוס געמורמעלט זובענדיג צו צוקומען נעהענטער צום פענסטער, וועלכע דער גראַף האט פערשטעלט; הערר גייסטליכער, איך ווייס ניט.... איך בעט אייך מיר צו גלויבען.... איך שווער אייך....

— צושניטענע גלאָז, האט דער גראף פאַרטגעזעצט, א בלענד לאַנטערנע, א בינטעל שליסלען, א האלב צובראָכענע סעקרעטערקע; דאס איז דאכט זיך קלאָר, וואס איהר האט דאָ געוואָלט.

קאָדרוס האט געזוכט א ווינקעל וואו זיך צו בעגראָבען.

— מילא וואס! האט דער גראף געזאָגט, איך זעה, אז איהר זייט אימער דער זעלבער, הערר מערדער.

— הערר גייסטליכער, ווייל איהר ווייסט אלעס, ווייסט איהר דאך אויך, אז דאס האב איך ניט געטאָן, עס איז געווען קאראָנטע; דאס איז בעוויזען געוואָרן אויפ׳ן פראָצעס, ווייל מען האט מיך נאָר פערמשפט צו קאטאָרזשנע ארבייט.

— האט איהר דען אויסגעדינט אייער צייט, וואס איהר געפינט זיך דאָ?

— ניין הערר גייסטליכער, איינער האט מיך בעפרייט.

— דיזער איינער האט געטאָן א טייערן דיענסט פאר דער געזעלשאפט.

— הערר גייסטליכער, דיא נויט האט מיך געטריעבען.....

— האט אייך אויך דיא נויט געטריעבען צו נעמען ביי א מאן פינף און פערציג טויזענד פראנק פאר א דיאמאנט און דערנאך צו ערמאָרדען דיזען מאן און אפנעמען ביי איהם צוריק דעם שטיין?

— פערצייהט מיר, הערר גייסטליכער, איהר האט מיך שוין איין מאָל גערעטעט; רעטעט מיך נאך א מאָל.

— איך האב דערצו וויניג חשק.

— זייט איהר אליין, הערר גייסטליכער? האט קאָדרוס געפרעגט צוזאמענלייגענ־דיג דיא הענד, אדער האט איהר אָנגעגרייט זשאנדארן מיך צו פאנגען?

— איך בין אליין, האט מאָנטע קריסטאָ געזאָגט, און איך וואלט געהאט נאך א מאָל מיטלייד מיט אייך, ווען איהר וואלט מיר דערציילט דיא ריכטיגע ווארהייט.

— אָה! הערר גייסטליכער! האט קאָדרוס אויסגערופען מיט צונויפגעלייגטע הענד און זיך נעהענדיג צו מאָנטע קריסטאָ, איך מוז זאָגען, אז איהר זייט מיין רעטער!

— איהר זאגט, אז איינער האט אייך בעפרייט פון קאטאָרזשנע, ווער איז דער איינער?

— איין ענגלענדער מיט׳ן נאָמען לאָרד ווילמאָר.

— אלזאָ, איז דיזער ענגלענדער אייער בעשיצער?

— ניין, ניט מיינער, אבער פון א יונגען קאָרסיקאנער מיט׳ן נאָמען בענעדעטאָ.

— אלזאָ איז דיזער יונגער מאן ענטלאָפען מיט אייך צוזאמען? וויא אזוי איז עס געווען?

— מיר האבען געארבייט צוזאמען אין סענט מאַנדריען, לעבען טולאָן, און ווערענד אלע האבען געשלאָפען נאך דיענער זיינען מיר ביידע אוועקגעגאנגען און האבען אָפגע־פיילט דיא קייטען מיט דיא אינסטרומענטען, וועלכע לאָרד ווילמאָר האט אונז געלאָזען צו קומען, און מיר זיינען אריבער דעם טייך שווימענדיג, און אזוי האבען מיר זיך גע־רעטעט.

— און וואו איז געבליעבען דיזער בענעדעטאָ?

— איך ווייס ניט. מיר האבען זיך געשיידעט אין היירעס. דערביי האט זיך קאדרוס גענעהענט נאך מעהר צו מאַנטע קריסטאָ, וועלבער איז געשטאנען רוהיג און אונבעוועגליך.

— איהר זאָגט א ליגען! האט מאַנטע קריסטאָ געזאגט מיט א שטרענגען טאָן.

— הערר גייסטליכער!.... האט קאדרוס עפּעס געוואלט זאגען.

— איהר זאגט א ליגען! האט דער גראף געזאגט מיט א נאך שטרענגערן טאָן, וועלבער האט קאדרוס'ן געמאכט שוידערן, בענעדעטאָ איז דאָ און איז נאך אייער קאמעראד, און איהר לעבט פון דעם געלד וואָס ער גיט אייך.

— וועל! עס איז וואהר, האט קאדרוס געזאגט, בענעדעטאָ איז געוואָרן א זון פון א גרויסען מאגנאט.

— און וויא הייסט דיזער גרויסער מאגנאט?

— גראף מאַנטע קריסטאָ; מיר זיינען עס איצטער ביי איהם אין הויז.

— בענעדעטאָ א זון פון דעם גראף! האט מאַנטע קריסטאָ אויסגערופען ערשטוינט.

— וואָס דען! מען מוז דאָך עס גלויבען. דער גראף האט איהם געפונען א פאַל־שען פאָטער, דער גראף גיט איהם פיער טויזענד פראנק א חודש; דער גראף לאָזט איהם א ירושה פון א האלבען מיליאָן אין זיין צוואה.

— אהא, האט מאַנטע קריסטאָ געזאגט, דען ער האט שוין אנגעפאנגען צו פערשטיין, און וועלבען נאָמען טראָגט ער, דיזער יונגער מאן?

— ער רופט זיך אנדרעא קאוואלקאנטי.

— אלזאָ איז עס דער יונגע־ מאן, וועלבען מיין פריינד דער גראף מאַנטע קריסטאָ נעמט אויף ביי זיך אין הויז און וועלבער גייט הייראטהען דאנגלאר'ס טאָכטער?

— גאנץ ריכטיג, האט קאדרוס געזאָגט.

— דאן וועל איך עס יעצט אָנזאָגען דאנגלארן.

— טוט עס ניט. הערר גייסטליכער!....

— פאר וואס? האט מאַנטע קריסטאָ געפרעגט.

— ווייל איהר וועט ביי אונז צונעמען אונזער ברויט.

— און איהר גלויבט, אז אום אזעלבע ניעדערטרעכטיגע לומפּען, זאלען האָבען פון וואנען צו לעבען, זאָל איך זיין זייער מיטהעלפער?

— הערר גייסטליכער! האט קאדרוס געזאָגט צוגייענדיג נאך נעהענטער צום גראף.

— איך וועל אלעס דערציילען הערר דאנגלאר.

— צו אלע העלען! האט קאדרוס אויסגעשריען ארויסכאפּענדיג פון אונטערן ראָק א לאנגען מעסער און דערלאַנגענדיג מיט איהם דעם גראף אין דיא ברוסט; דו וועסט גארניט דערציילען, גלח!

צום גרויסען שטוינען פון קאדרוס'ן האט דער מעסער אנשטאט אריינצוגיין אין דיא ברוסט, נאָר פערביינעגליטשט. אין דער זעלבער צייט האט דער גראף געפּאקט

מיט דער לינקער האנד דעם מערדערס אָרעם און האט איהם מיט אזא קראפט צונגע־קוועטשט, דאס דער מעסער איז ביי איהם ארויסגעפאלען פון האנד, און קאדרוס האט ארויסגעשטויסען א געשריי פון שמערץ. דער גראף האט ניט געקוקט אויף זיין געשריי און האט נאך שטארקער געקוועטשט דעם אָרעם פון דעם באנדיט ביז ער איז געפאלען מיט'ן פּנים צו דער ערד. דער גראף האט ארויפגעשטעלט דעם פוס אויף זיין קאָפּ און האט געזאגט:

— איך וויים ניט וואס מיך האלט אָפּ דיר צו צושמעטערן דעם מוח, מערדער!

— אָה, ערבארמונג! ערבארמונג! האט קאדרוס געשריען.

דער גראף האט צוגענומען דעם פוס.

— שטיי אויף! האט ער געזאגט. קאדרוס האט זיך אויפגעהויבען.

— נעם דיזע פעדער און פּאַפּיער און שרייב וואס איך וועל דיר דיקטעווען!

— איך קען ניט שרייבען, הערר גייסטליכער.

— דו זאגסט א ליגען; נעם דיזע פעדער און שרייב!

קאדרוס איז געווען אזוי בעצוואונגען פון דער מאכט פון דיזען מענשען, דאס ער האט מעהר ניט גערעט און האט זיך געזעצט און האט געשריעבען:

„מיין הערר, דעם מאן, וועלכע' איהר נעמט אויף ביי זיך אין הויז און וועמען איהר האט בעשטימט אייער טאָכטער פאר א ווייב, איז איין ענטלאָפענער קאטאָרזשניק פון טולאָן; ער האט געטראָגען דיא נומער 59 און איך דיא נומער 58.

„ער האט זיך גערופען בענעדעטאָ; זיין ריכטיגען נאָמען האט ער ניט געוואוסט, ווייל ער האט ניט געקענט זיינע עלטערן.“

— צייכענט אונטער, האט מאָנטע קריסטאָ פאָרטגעזעצט.

— איהר ווילט מיך אלזאָ פערניכטען?

— ווען איך וואלט דיך געוואָלט פערניכטען, אייזעל, וואָלט איך דיך אוועקגע־שלעפּט אויף דער פּאָליציי; איבריגענס, ביז דיזער צעטעל וועט קומען אויף זיין פּלאַץ, וועסטו שוין ניט האבען וואס מורא צו האבען. צייכען!

קאדרוס האט אונטערגעצייכענט און האט אויפגעשריעבען דיא אדרעסע: „הערן באראָן דאנגלאר, באנקיר אין דער שאָססע ד'אָנטען גאס.“

— יעצט, גיי, האט מאָנטע קריסטאָ געזאָגט, ווען ער האט צוגענומען דעם בריעף.

— פון וואנען זאל איך גיין?—פון וואנען דו ביזט געקומען.—טראָגט איהר עפּעס ניט אין זינען געגען מיר, הערר גייסטליכער?—אייזעל, וואס דו ביסט, וואס זאל איך אין זינען האבען געגען דיר?—פאר וואס לאזט איהר מיך ניט ארויס דורך דער טהיר?—צו וואס זאל איך אויפוועקען דעם הויזקיפער?—זאָגט וואס ווילט איהר טאָן מיט מיר?—איך פרעג דיך. איך האב געוואלט פון דיר מאכען א מענשען און האב פון דיר געמאכט א מערדער!—הערר גייסטליכער, פּרובירט נאך א מאָל.

— וועל! דו וויסט, אז איך בין א וואָרטסמאן; הער גוט אויס וואס איך זאָג דיר: ווען דו וועסט ארויסגיין פון דאנען פריש און געזונד, זאלסטו פערלאָזען פראנקרייך,

און איבעראל וואו דו וועסט נאר זיין און אז דו וועסט זיך נאר אָרענטליך אויפפיהרען, וועל איך דיר צושיקען א קליינע פענסיאָן.... יעצט גיי.

קאַדרוס איז ניט געוועז אין גאנצען רוהיג און איז ארויסגעקראָכען דורכ'ן פענסטער אין איינע ציטערניש.

מאָנטע קריסטאָ איז צוגעגאנגען צום פענסטער מיט דער ליכט, כדי מען זאָל זעהען פון דרויסען, אז איין מאן קריכט דורכ'ן פענסטער און נאך איינער לייכט איהם צו.

— וואָס טוט איהר, הערר גייסטליכער! האט קאַדרוס אויסגערופען. ווען א פאַטרול זאל פערבייגיין....

מאָנטע קריסטאָ האט אויסגעלאָשען דיא ליכט און איז אריין אין שלאָפצימער. ער האט געזעהען וויא קאַדרוס איז צוגעגאנגען צו דעם גאָרטען צוים און איז ארויפגעקראָכען אויף א לייטער, וועלכע ער האט דארטען צוגעשטעלט, דאן האט ער אריבערגעהויבען דיא לייטער פון דער אנדערער זייט און האט זיך אָנגעפאנגען אראָפצולאָזען.

אין דערזעלבער צייט האט דער מאַן, וועלכער האט געוואַרט דרויסען, זיך גענעהענט וויא א קאַץ צו קאַדרוס, און ווען יענער איז שוין געוועז אויף דער לעצטער טרעפּיל פון לייטער, האט ער איהם דערלאַנגט מיט אזא קראַפט מיט א מעסער אין רוקען, דאס ער האט אָפּגעלאָזען דעם לייטער און האט געשריען: צו הילפע! א צווייטער שטויס איז געקומען גלייך נאכ'ן ערשטען, און קאַדרוס האט נאך געקענט שרייען: מערדער!

און אזוי וויא ער האט זיך געקייקעלט אויף דער ערד, האט איהם דער מערדער געכאפּט פאר דיא האָר און האט איהם דערלאנגט א דריטען שטויס אין דער ברוסט. דעם מאָל האט שוין קאַדרוס ניט געקאָנט שרייען; ער האט נאר געכאָרכעלט, וועהרענד דאס בלוט האט ביי איהם גערונען פון דריי וואונדען.

ווען דער מערדער האט געזעהען, אז ער שרייט ניט מעהר, האט ער אויפגעהויבען זיין קאָפּ פאר דיא האָר. קאַדרוס האט געהאלטען דיא אויגען פערמאכט און דעם מויל פערדרייט. דער מערדער האט איהם אָנגענומען פאר טויט און איז ענטלאָפען.

ווען קאַדרוס האט געפיהלט, אז ער איז שוין ווייט, האט ער זיך אויפגעהויבען אויפ'ן עלענבויגען און האט מיט א שטערבענדע שטימע געשריען:

— מאָרד! איך שטארב! אהער צו מיר, הערר גייסטליכער, אהער!

דיזער שוואכער געשריי האט געקלונגען שרעקליך אין דער פינסטערער נאַכט. דיא טהיר פון גאָרטען האט זיך אויפגעמאכט און מאָנטע קריסטאָ מיט אַלי'ן מיט ליכט אין דיא הענד זיינען צוגעלאָפען.

6טער קאַפּיטעל.

## נומער איינס!

ווען מאָנטע קריסטאָ איז צוגעקומען צו דעם פערוואונדעטען, איז ער שוין געוועזן אין חלשות. זיי האבען איהם ביידע אריינגעטראָגען אין צימער, און מאנטע קריסטאָ האט געהייסען אַלי'ן, אז ער זאל איהם אויסטאָן. ער האט דאן געזעהען זיינע דריי שרעקליכע וואונדען, וועלכע ער האט בעקומען.

— גיי צום פּראָקוראָר ווילפּאָר, האט דער גראף געזאגט צו אליין, וועלכער וואוינט אין פאָבור סענט אָנאָרע, און ברייננ איהם אהער. פערבייגייענדיג ועסטו אויפוועקען דעם הויזקיפּער און וועסט איהם הייסען ברייננען א דאָקטאָר.

אלי האט געפאָלגט און איז באלד ארויסגעגאנגען. ווען דער פערוואונדעטער איז געקומען צו זיך און האט אויפגעמאכט דיא אויגען, איז מאָנטע קריסטאָ געזעסען ניט ווייט פון איהם.

— א דאָקטאָר, הערר גייסטליכער, א דאָקטאָר! האט קאדרוס געזאגט.

— מען איז איהם געגאנגען רופען, האט דער גייסטליכער געענטפערט.

— איך ווייס גאנץ גוט, אז דער דאָקטאָר וועט מיך שוין לעבעדיג ניט מאכען, אבער ער וועט מיר קענען געבען קראפט צו מאכען מיין ערקלערונג.—וועגען וואָס?—וועגען מיין מערדער.—איהר קענט איהם אלזאָ?

— אויב איך קען איהם! אָה, יאָ, איך קען איהם, עס איז בענעדעטאָ.—דער קאָרסיקאנער?—ער זעלבסט.—אייער קאַמעראַד?

— יאָ. ער האט מיר געגעבען דעם פּלאַן פון דער הויז און ער האט אודאי געהאפט, אז איך וועל טויטען דעם גראף און ער וועט בלייבען זיין יורש, אדער דער גראף וועט מיך טויטען, וועט ער פּטור ווערן פון מיר. ער האט אויף מיר געוואַרט אויף דער גאס און האט מיך ערמאָרדעט.

— איך האב געשיקט נאך א דאָקטאָר און נאך דעם פּראָקוראָר.

— ער וועט קומען צו שפּעט. האט קאדרוס געזאגט, איך פיהל וויא מיין גאנצעס בלוט גייט אָפּ.

— ווילט איהר דערווייל מאכען אייער ערקלערונג פאר מיר? האט איהם מאָנטע קריסטאָ געפרעגט.

— יאָ.... יאָ.... האט קאדרוס געזאגט מיט פלאַמענדע אויגען פאר ראַכע.

דער גראף האט זיך געזעצט און האט געשריבען:

„איך שטארב ערמאָרדעט פון דעם קאָרסיקאנער בענעדעטאָ, וועלכער איז מיט מיר געוועזען אויף איין קייט געשמיט אין טולאָן און האט געטראָגען דיא נומער 59.“

— היילט זיך, היילט זיך! האט קאדרוס געזאָגט, דען איך וועל ניט קענען אונטערשרייבען.

מאָנטע קריסטאָ האט איהם דערלאנגט דיא פעדער און ער האט זיך אָנגעשטרענגט און האט אונטערגעשריבען, דאן איז ער צוריקגעפאלען זאָגענדיג:

— דאס איבריגע וועט איהר שוין אליין דערציילען. איהר וועט זאגען, אז ער רופט זיך אנדרעאָ קאַוואלקאַנטי.... וואָס וועט איהר זאגען?

— איך וועל נאך זאגען, אז ער האט געשיקט דעם גראף א בריעף און האט איהם געוואָרנט, אז איהר וועט קומען און דער גראף האט מיך געשיקט אייך צו עמפּפאנגען.

— וועט ער געקעפּט ווערן, האַ? פערשפּרעכט מיר, אז ער וועט געקעפּט ווערן, וועל איך שטארבען מיט א גרינגען הארצען.

— איך וועל נאך זאגען, האט דער גראף פאָרטגעזעצט. אז ער האט אייך נאָכ־

געשפירט דיא גאנצע צייט, און ווען ער האט אייך געזעהען קומען, איז ער געלאָפען פאזע דער וואנד און האט אייך געשטאָכען.

— אלזאָ האט איהר אלעס געזעהען?

— דערמאָנט זיך מיינע ווערטער: „ווען דו וועסט קומען פריש און געזונד אהיים....“

— אלזאָ איהר האט געוואוסט, אז ער וועט מיך טויטען, און איהר האט עס מיר ניט אָנגעזאָגט! האט קאדרוס אויסגערופען מיט זיינע לעצטע קרעפטען.

— צו וואָס? איהר האט עס כשר פערדיענט.

— וועט נאך אפשר דיזער שפּיצבוב בענעדעטאָ ארויסקומען אונבעשטראפט!

— קיינער וועט ניט בלייבען אונבעשטראפט, דאס זאג איך, קאדרוס.... בענע־דעטאָ וועט בעשטראָפט ווערן.

— אָבער ווער זייט איהר? האט קאדרוס געפרעגט אָנשטעלענדיג אויף מאָנטע קריסטאָ זיין שטארבענדען בליק.

— בעטראכט מיך גוט, האט מאָנטע קריסטאָ געזאָגט צושטעלענדיג דיא ליכט צו זיין געזיכט.

— דער גייסטליכער בוזאָני.... דער גייסטליכער בוזאָני....

מאָנטע קריסטאָ האט אראָפּגעכאפּט זיין פּארוק און האט אויפגעדעקט זיינע שווארצע האָר.

— אָה, האט קאדרוס געזאָגט, ווען עס וואלט ניט געווען דיזע שווארצע האָר, וואלט איך געזאָגט, אז איהר זייט דער ענגלענדער, דער לאָרד ווילמאָר.

— איך בין ניט בוזאָני און ניט לאָרד ווילמאָר, אבער בעטראכט מיך בעסער און דערמאָן זיך.

דער טאָן פון מאָנטע קריסטאָ'ס שפּראך איז געווען אזא שניידענדער דאס דיא אָפּגעשוואכטע קרעפטען פון דעם מערדער זיינען לעבעדיג געוואָרן.

— עס שיינט מיר, אז איך האב אייך שוין א מאָל וואו געזעהען.

— יאָ, קאדרוס, יאָ, דו האסט מיך געזעהען, דו האסט מיך געקענט.

— אָבער ווער זייט איהר? און ווען איהר האט מיך געקענט, פאר וואס לאָזט איהר מיך שטארבען?

— ווייל קיין זאך קען דיר ניט העלפען, קאדרוס; ווייל דיינע וואונדען זיינען טויטליך. ווען דו וואָלסט געקענט געראטעוועט ווערן, שווער איך דיר ביי דעם קבר פון מיין פאָטער, אז איך וואלט דיך געראטעוועט.

— ביי דעם קבר פון דיין פאָטער זאגסטו! האט קאדרוס געזאָגט, וועלכער האט בעקומען א שרעקליכען געדאנקען, און ווער ביסטו?

דער גראף האט געזעהען, אז קאדרוס האלט שוין ביים אויסגיין. ער האט נאך געדארפט האבען איין קליינע איבערראשונג אדער שרעק, אום ארויסצולאָזען דעם גייסט. ער האט בעטראכט דעם שטערבענדען מיט א רוהיגען און אויך טרויעריגען בליק.

— איך בין.... האט ער איהם געזאָגט שטילערהייד.... איך בין עדמאָן דאנטעס!

קאדרוס האט ארויסגעשטויסען א שרעקליכען געשריי און איז אניעדערגעפאלע טויט.

— נומער איינס ! האט מאַנטע קריסטאָ געמורמעלט בעטראַכטענדיג דעם מת.

שפעטער מיט צעהן מינוטען זיינען אָנגעקומען דער פראָקוראָר מיט'ן דאָקטאָר, און זיי זיינען עמפפאנגען געוואָרען פון גייסטליכען בוזאָני.

7טער קאַפּיטעל.

## שרעקליכע נייעס פון יאנינא.

פערצעהן טעג איז געווען א געטומעל אין פּאַריז וועגען דעם פערזוכטען מאָרד אין מאַנטע קריסטאָ'ס הויז. דער ערמאָרדעטער קאדרוס האט מיט זיין ערקלערונג פאר'ן טויט, אז זיין מערדער איז א געוויסער קאַטאָרזשניק בענעדעטאָ, געמאכט דער פּאָליציי ארבייט. זיא האט געאקערט דיא ערד נאָך דעם מערדער. קאדרוס געצייג און קליידער, אויסער דיא וועסט, זיינען אלע געווען אויף דער פּאָליציי.

מאַנטע קריסטאָ האט יעדערן געענטפערט, אז ווען דיא געשיכטע האט פּאסירט אין זיין הויז איז ער געווען אין אָטויל, און גראדע אין דיזער צייט האט זיך דער גייסט־ליכער בוזאָני געפונען ביי איהם אין הויז און האט מיט זיין ערלויבניס געזוכט ביי איהם אין ביבליאָטהעק א בוך.

נאָר בעטרוציאָ אליין פלעגט בלייך ווערן, ווען מען פלעגט אין זיין געגענוואַרט דערמאָנען בענעדעטאָ'ס נאָמען. ווילפאָר, וועלכען מען האט גערופען אויף דעם פּלאַץ פון מאָרד, האט זיך מיט זיין גאנצער קראַפט אונטערגעלאָזען צו פערפאָלגען דעם פּראָצעס, אָבוואָהל דער מערדער איז נאָך געווען פריי.

דריי וואָכען זיינען פערגאנגען און מען האט שוין אָנגעפאנגען צו פערגעסען דיא געשיכטע וועגען מאָרד, יעצט האט מען זיך שוין אָנגעפאנגען צו בעשעפטיגען וועגען דיא באלדיגע חתונה צווישען אנדרעא קאוואלקאנטי און עזשעניע דאנגלאר. דאנגלאר איז געווען ריין פערליעבט אין זיין איידים, און וויא האט ער געזאָלט ניט ליעבען א מענשען, וועלכער האט איהם געדארפט אריינברייננגען דריי מיליאָן אין הויז.

דערוויל איז אָפּגעלאָפען דיא צייט, וועלכע באָשאן האט געבעטען ביי אלבערט'ן אום זיך צו ערקונדיגען אויב דיא געשיכטע וועגען דער נאָטיץ איבער יאנינא איז ריכטיג. מען האט דיא גאנצע צייט וועגען באָשאן גארניט געהערט.

איין פריהמאָרגען איז אלבערט אויפגעוועקט געוואָרן און מען האט איהם אָנגע־מעלדעט, אז באָשאן איז געקומען. אלבערט האט זיך שנעל אָנגעטאָן און איז אראָפּגע־גאנגען אין זאל. דאָרטען איז באָשאן ארומגעגאנגען הין און צוריק און האט ערווארטעט אלבערט'ן.

אלבערט האט צו איהם געוואָלט אָנפאנגען צו ריידען און האט ניט געוואוסט, אויב ער זאל צו איהם ריידען אלס פריינד אדער פיינד.

— אלבערט, האט באָשאן געזאָגט, מען זאגט, אז איידער מען גייט זיך שלאָגען

מיט א מענשען, וועמען מען האט דריי יאָהר געדריקט דיא האנד אלס פריינד, מוז מען צו ערשט וויסען אויף זיכער, אויב דיא זאך איז ריכטיג, פאר וועלכער מען שלאָגט זיך.

— וועל! וועל! האט אלבערט אונגעדולדיגט געזאגט, וואס ווילט איהר דערמיט אויספיהרען.

— איך וויל דערמיט אויספיהרען, אז איך קום איצטער פון יאנינא.

— פון יאנינא קומט איהר! עס איז אונמעגליך.

— ליעבער אלבערט, אָט איז דער פאס און ער איז איבעראל געחתמעט פון דער פאָליציי.

אלבערט האט א וואָרף געטאָן דיא אויגען אויפ'ן פאס און האט געזעהען אז עס איז ריכטיג.

— און וואס האט איהר אויסגעפונען, האט אלבערט געפרעגט מיט א ציטער־דיגע שטימע.

— איך האב מורא צו ריידען, אלבערט....

— איהר האט מורא צו זאגען, אז אייער קאָררעספאָנדענט האט א טעות געהאט. זאָגט ארויס באָשאָן; אייער אייגענליבע וועט דערביי ניט ליידען.

— אָה, עס איז ניט דאס, האט דער זשורנאליסט געמורמעלט; אין געגענ־טהייל....

אלבערט איז שרעקליך בלייך געוואָרן; ער האט געפרובט ריידען, אָבער עס האט איהם אָפּגענומען דיא שפּראך.

— מיין פריינד, האט באָשאָן געזאָגט מיט א ווייכער שטימע, איך וואָלט געוועזן גליקליך, ווען איך וואָלט געדארפט זיך ענטשולדיגען, אָבער ליידער.... דיא נאָטיץ איז ריכטיג, מיין פריינד.

וואָס! דיזער פראנצויזישער אָפּיצער.... דיזער פערנאן.... דיזער פעררעטהער, וועלכער האט פערקויפט דיא פעסטונג פון זיין העררן....

— ענטשולדיגט מיר, פריינד, וואס איך מוז אייך דאס זאָגען: דיזער מאן איז אייער פאָטער!

אלבערט האט זיך געוואָלט א וואָרף טאָן אויף באָשאָן, אָבער דיזער האט איהם אָפּגעהאלטען מיט זיין ווייכען בליק און האט איהם נאך געררייכט דיא האנד.

— אָט זעהט, מיין פריינד, האט ער געזאגט ארויסציהענדיג פון פּאקעט א פּאפּיער, אָט זיינען דיא בעווייזע.

אלבערט האט אויפגעמאכט דעם פּאפּיר. דאס איז געוועזן איין ערקלערונג פון פיער גרויסע לייט פון יאנינא און געחתמעט פון קאָנסול, אז דער פּאָלקאָווניק פערנאן מאָנדעגאָ, וועלכער איז געוועזן אין דיענסט ביי אלי טעבעלען דעם וויזיר פון יאנינא, האט פערקויפט דיא פעסטונג פון יאנינא פאר צוויי טויזענד בייטלען גאָלד.

אלבערט האט זיך געגעבען א שאָקעל און איז געפאלען אויף א שטוהל א דער־שלאָגענער. עס איז קיין ספק ניט געוועזן, אז זיין פאמיליען נאָמען איז געוועזן קלאָר און דייטליך דערמאָנט אין דיזען פּאפּיער. א לאנגע ווילע איז ער אזוי געלעגען א צובראָ־כענער, דאן האט זיך א שטראָם טרערן א גאָס געטאָן פון זיינע אויגען.

באַשאַן, וועלכער האט מיט איהם געהאט גרויסען מיטלייד איז צו איהם צוגע־גאנגען און האט איהם געטרייסט מיט הערצליכע ווערטער.

— אלבערט, האט ער צו איהם געזאגט. קיינער ווייס ניט פון דיזער געשיכטע, דיא בעווייזע זיינען ביי מיר; ווילט איהר, אז זיי זאלען פערניכטעט ווערן? אלבערט האט זיך א וואַרף געטאָן באַשאַן'ען אויפ'ן האלז.

— אָה! עדעלע הארץ! האט ער אויסגערופען.

— נעמט, האט באַשאַן געזאגט דערלאנגענדיג איהם דעם פּאפּיער.

אלבערט האט געגעבען א כאַפּ דעם פּאפּיער און האט איהם צוריסען אויף דיא קלענסטע שטיקלאך, דאן האט ער מיט ציטערדיגע הענד אָנגעצונדען א ליכט און האט אלע שטיקלעך פערברענט, מורמלענדיג דערביי: „גוטער פריינד, טייערער פריינד!“

— אָבער פון וואנען קומט דיזע נאָטיץ אין אייער ציימונג! האט אלבערט פּלוצ־לונג אויסגערופען, דארונטער מוז שטעקען איין אונבעקאנטע נקמה.

— מען דארף זיך אויף אלץ פּאַרזעהען, ליעבער אלבערט, דען מען קען ניט ווסען, וואס עס קען נאך פּאסירען. איבערהויפּט דארף מען ניט פערליערען דעם מוטה און ווייזען א רוהיגען פּנים דער וועלט.... ווילט איהר נאך אלץ הייראטהען פריילין דאנגלאר?

— צו וואס פרעגט איהר מיך דאס גראַד איצטער?

— ווייל מיר דאכט זיך אויס, אז אייער פערנאנדערגיין זיך מיט דאנגלאר'ס טאָכטער האט א צוזאמענהאנג מיט דיזע געשיכטע.

— מיט דאנגלאר, זאָגט איהר! וועלכען צוזאמענהאנג קען עס האבען מיט דאנגלאר?

— איך ווייס נאך ניט, אבער מיר וועלען זעהען. פאַרלויפיג בערוהיגט זיך און לאמיר גיין מאכען א שפּאצירגאנג אין שאַן־זעליזע.

ביידע יונגע לייט זיינען אוועק און ווען זיי זיינען פערביינעגאנגען מאַנטע קריסטאָ'ס הויז, זיינען זיי צו איהם אריינגעגאנגען. זיי האבען דארטען פערבראכט א היפּ'שע ווייל און מאַנטע קריסטאָ האט איינגעלאדען אלבערט'ן, אז ער זאל מיט איהם מיטפאָהרען אויף א פּערצען טעג אין טרעפּאָר, וואו זיי וועלען פערברייננגען דיא צייט אין יאגט און אין פישעריי און זיי וועלען דערביי געניסען געזונדע לופט. אלבערט האט איינגעווילינגט.

מיט א פּאָר טעג שפּעטער זיינען אלבערט און מאַנטע קריסטאָ אוועקגעפאָהרען אין טרעפּאָר. זיי האבען דארטען פערבראכט דיא ערשטע עטליכע טעג אין פערשיעדע־נעם צייט פערטרייב און האבען זיך פאָרבערייטעט דעם נעכסטען טאָג צו גיין אויף דער יאגד.

אבער איידער דער נעכסטער טאָג איז געקומען, איז אָנגעקומען א קוריער פון פּאריז און האט געבראכט אלבערט'ן א בריעף מיט א ציימונג. דער בריעף איז געוועזן פון באַשאַן, וועלכער האט איהם געשריעבען, אז ער זאל תיכף קומען צוריק אין פּאריז. ווען אלבערט האט א וואַרף געטאָן א בליק אויף דער ציימונג, איז ער שרעקליך בלייך געוואָרען און איז שיעור ניט אומגעפאלען.

ער האט גלייך גענומען אפשיעד פון מאנטע קריסטא און איז אוועק אין פאריז.

דער גראף האט אויפגעהויבען דיא צייטונג, וועלכע אלבערט האט איבערגעלאזען און האט דארטען געלעזען פאלגענדע נאטיץ:

„דער פראנצויזישער אפיצער, וועלכער האט געדיענט ביי אלי פאשא אין יאנינא, וועגען וואס דיא צייטונג „איפעריאל" האט פאר דריי וואכען געשריעבען, האט ניט נאר פערקויפט דיא פעסטונג, זאנדערן ער האט זיך נאך א נאמען געגעבען גראף אויך.

„היינט הייסט ער גראף מארסערף און איז א מיטגליעד אין סענאט."

אלזא וואס באשאן האט געוואלט דורך זיין גוטהערציגקייט פערשווייגען, האט אנאנדערע צייטונג אויסגעפונען און האט עס פערעפענטליכט, נאכדעם וויא זיא האט אויך דיא געשיכטע נאכגעפארשט.

8טער קאפיטעל.

# דער משפט.

אויף מארגען נאך דעם וויא דיא נאטיץ איז ארויס איז אין סענאט געווען איין עקסטרא זיצונג פון אלע מיטגליעדער. עס האט זיך געהאנדעלט וועגען מארסערף, וועלכער איז געווען זייערער א מיטגליעד און איז געווען עפענטליך בעשולדיגט אלס ניעדערטרעכטיגער מענש. אין סענאט האט זיך געקעהרט א וועלט. נאר איין מארסערף איז געווען רוהיג. ער האט ניט בעקומען צוגעשיקט דיא צייטונג מיט דער נאטיץ און ער האט פון גארניט געוואוסט. ער איז געקומען צו דער זיצונג וויא געוויינליך און ער האט ניט געמערקט וויא אלע האבען געהאלטען דיא צייטונג אין דיא הענד און האבען אויף איהם געקוקט זעהר קרום.

ענדליך האט זיך איינער פון דיא סענאטארען אויפגעהויבען און איז ארויף אויף דער ביהנע. ער האט ערקלערט מיט א הויכער שטימע אז ער האט צו רעדען איבער א גוואלטיגע זאך און ער בעט, אז מען זאל איהם זעהר אויפמערקזאם צוהערן.

ביי דיא ערשטע ווערטער איבער יאנינא און איבער דעם פאלקאווניק יאנינא איז מארסערף שרעקליך בלייך געווארן און אלע האבען פון איהם ניט אראפגעלאזען דיא אויגען.

דער רעדנער האט דורכגעלעזען דיא נאטיץ אין דער צייטונג און האט אויפגעפאדערט אלע מיטגליעדער, אז מען זאל גלייך אונטערזוכען דיא זאך.

מארסערף איז געווען אזוי צושמעטערט פון דעם אונערווארטעטען קלאפ, דאס עס האט איהם געווארפען אין קדחת און ער האט ניט געקענט אויסריידען אווארט. מען האט איהם געפרעגט וויפיעל צייט ער דארף, אום אפצורייניגען פון זיך דיא שרעקליכע בעשולדיגונג.

מארסערף איז דערווייל געקומען צו זיך און האט געענטפערט, אז היינט זעלבסט וועט ער בעווייזען, אז דיא בעשולדיגונג פון דעם אונבעקאנטען פיינד איז פאלש.

דער סענאט איז געווען איינשטימיג, אז מען זאל היינט אנפאנגען דיא אונטער־

זוכונג און מען האט אויסגעוויילט א קאָמיטע פון צוועלף סענאטאָרן, וועלכע זאָלען נאכקוקען דיא פאפיערען, וועלכע מאָרסערף וועט געבען.

נגענען אכט א זייגער אבענד האט זיך דער סענאט ווידער פערזאמעלט און מאָרסערף האט געבראכט אייניגע פאפיערען. פיעלע פון דיא מיטגליעדער האבען זיך געפרייט ווען זיי האבען געזעהען מאָרסערף'ן אריינקומען, דען זיי זיינען געווען איבער־צייגט, אז ער וועט זיך אָפּריינינגען.

אין דיזען אויגענבליק איז אריינגעקומען א דינער און האט דעם פרעזידענט דערלאנגט א בריעף.

מאָרסערף האט גערעט מיט א שפּראך, וועלכע האט געמאכט גלויבען, אז יעדער וואָרט איז אמת. ער האט דערציילט וויא אַלי פּאשא האט געהאט צו איהם פערטרויען און וויא ער איז איהם געווען טריי ביז'ן טויט און אפילו פארן טויט האט איהם אַלי אנפערטרויט זיין פרוי און קינד.

דערווייל האט דער פרעזידענט דורכגעלעזען דעם בריעף.

— און וואס איז געווארען פון זיין פרוי און קינד? האט איהם דער פרעזידענט געפרעגט.

— צום אונגליק, ווייס איך עס ניט, דען זיי זיינען ביידע פערשוואונדען געוואָרען.

— קענט איהר אונז געבען דערביי וועלכ'ע בעווייזע?

— קיינע עדות זיינען דערביי ניט געווען, איך קען עס נאר פערזיכערן מיט מיין עהרליכקייט.

עס קען זיין, אז מאָרסערף וואלט זיך אָפּגערייניגט, ווען א פרישער פאל וואלט דאָ ניט פאָרגעקומען. מען האט שיין געהאלטען ביין אָפּשטימען אויף שולדיג אָדער ניט, וויא דער פרעזידענט האט פאָרגעלעזען דעם בריעף, וועלכען ער האט יעצט בעקומען און האט געלויטעט וויא פאלגט:

„העהר פרעזידענט! איך קען אייך געבען אויסקונדשאפט איבער דעם גענעראל גראף מאָרסערף. איך בין געווען דערביי, ווען אַלי טעבעלען איז געטויטעט געוואָרן; איך ווייס וואס פון אַלי'ס פרוי און זיין טאָכטער האידעי איז געוואָרן. איך בעט אייך מיך פאָרצורופען אלס עדות, איך וועל ווארטען אין קאָרידאָר.“

— און ווער איז דיזער עדות? האט מאָרסערף געפרעגט מיט א האלבער שטימע.

— מיר וועלען עס באלד וויסען, האט דער פרעזידענט געענטפערט און האט גענעבען א קלונג אין גלעקעל.

— ווער ווארט דאָרטען אין קאָרידאָר האט דער פרעזידענט דעם אריינגעקומענעם דיענער געפרעגט.

— א פרוי, בעגלייטעט פון איין אלטען דיענער.

— רוף אריין דיא פרוי.

פינף מינוטען שפּעטער איז א פערשלייערטע פרוי אריינגעקומען. נאך איהר גע־שטאלט און איהר שטאָלצען גאנג האט מען געזעהען, אז זיא איז א גרויסע דאמע, וועלכע איז אויך געווען זעהר יונג.

דער פרעזידענט האט איהר געבעטען אראפנעמען דעם שלייער און מען האט דאן געזעהען, אז זיא איז געוועזען גריכיש געקליידעט און איז געוועזען וואונדערבאר שיין.

מארסערף האט בעטראכט דיזע פרוי מיט גרויס שטוינען און פחד; ער האט געפיהלט, אז פון איהר מונד וועט פאר איהם קומען טויט אדער לעבען.

דער פרעזידענט האט געגעבען א צייכען צו דער דאמע, אז זיא זאל זיך זעצען, אבער זיא האט געענטפערט, אז זיא וועט שטיין. מארסערף איז אריינגעפאלען אין זיין טשער, דען זיינע פים זיינען געוועזען צו שוואך איהם צו טראגען.

דער פרעזידענט האט דיא דאמע געפרעגט אויב זיא איז עס דער עדות, וועלכער האט איהם געשריעבען דעם בריעף. זיא האט געענטפערט, אז יא.

— דאן האט איהר דאך געמוזט זיין נאך זעהר יונג אין יענער צייט? האט דער פרעזידענט צו איהר געזאגט.

— איך בין אין יענער צייט אלט געוועזען פיער יאהר; אבער דאס וואס אין יענער צייט האט פאסירט, האט פאר מיר געהאט א גרויסע וויכטיגקייט, און איך האב קיין ברעקעל ניט פערגעסען.

— אבער וואס פאר א וויכטיגקייט האט עס געקענט האבען פאר אייך?

— עס האט זיך געהאנדעלט וועגען לעבען און טויט פון מיין פאטער, האט דיא יונגע דאמע געענטפערט, און איך הייס האידעי, דיא טאכטער פון אלי טעבעלען, דעם פאשא פון יאנינא.

דער שטאלץ און דער פייער, מיט וועלכען דיא יונגע פרוי האט גערעט האט גע־מאכט א געוואלטיגען איינדרוק אויף דער פערזאמלונג.

וואס אנבעלאנגט מארסערף, וואלט א קלאפ פון א דונער אויף איהם ניט גע־מאכט אזא שרעקליכע ווירקונג וויא דיא ווערטער פון האידעי'ן.

— מאדאם, האט דער פרעזידענט צו איהר געזאגט זיך פערנייגענדיג, קענט איהר אויך בעווייזען וואס איהר זאגט?

— איך קען עס בעווייזען, מיין הערר, האט האידעי געזאגט ארויסנעמענדיג א טייסטער פון אונטערן שלייער; אט איז מיין געבורטס שיין (מעטריקע) אונטער־צייכענט פון גובערנאטאר. און אט איז דער אקט פון פערקויף, ווען דער נידערטרעכטיגער פראנצויז האט מיך און מיין מוטער פערקויפט אין שקלאפעריי, נאך דעם, אז ער האט פערראטהען מיין פאטער פאר פיער הונדערט טויזענד פראנק.

מארסערף איז פון בלייך גרין געווארען. ער האט געציטערט אין גאנצען קערפער און זיינע אויגען האבען זיך פערגאסען מיט בלוט.

האידעי האט דערלאנגט דעם פרעזידענט נאך א פאפיער, וועלכען ער האט פארגעלעזען אין דער הויך:

„איך עלי קאביר, שקלאפענהענדלער פאר דער סולטאן'ס הארעם, ערקלער, דאס איך האב ערהאלטען פון דעם פראנצויזישען מאגנאט, דעם גראף מאנטע קריסטא, א שמייך אין ווערטה פון אכט הונדערט טויזענד פראנק פאר א יונגע מיידעל פון עלף יאהר מיט'ן נאמען האידעי, דיא טאכטער פון אלי טעבעלען, פאשא פון יאנינא. דיזע מיידעל איז מיר פערקויפט געווארען מיט זיעבען יאהר צוריק מיט איהר מוטער,

וועלכע איז געשטאָרבען אויפ'ן וועג נאך קאָנסטאַנטינאָפּאָל, פון א פראַנצויזישען פּאָל־קאָווניק מיט'ן נאָמען פערנאַן מאָנדעגאָ, וועלכער האט געדיענט ביי דעם פּאשא אַלי טעבעלען."

נאך דעם לעזען פון דיעזען פּאפּיער איז געוואָרען א שרעקליכע שטילקייט. מאָר־סערף איז געזעסען א פערניכטעטער.

— מאדאם, האט דער פּרעזידענט געזאגט, ווער האט אייך געשיקט עדות זאגען?

— קיינער האט מיך ניט געשיקט, האט האידעי געענטפערט. איך געפין זיך ביי מיין צווייטען פאָטער, דעם גראף מאָנטע קריסטאָ. איך לעז אלע טאָג דיא צייטונגען, און היינט האב איך געלעזען וועגען דער זיצונג אין סענאט וועגען גראף מאָרסערף. מיין עהרע און מיין ליעבשאפט צו מיינע ערמאָרדעטע עלטערן האט מיך געטריעבען אהער צו זאָגען עדות געגען דעם מאַן, וועלכער האט פערניכטעט אונזער פאמיליע.

— אלזאָ איז דער גראף מאָנטע קריסטאָ ניט אריינגעמישט אין דיזער זאך?

— ער וייס גארניט דערפון, מיין העררע, און איך האב מורא, אז ער וועט נאך ניט זיין צופריעדען מיט מיין קומען אהער.

וועהרענד דיזער צייט איז מאָרסערף געזעסען א דערשלאָגענער און האט נאך ניט גערעט קיין וואָרט. אלע אויגען זיינען געווען אָנגעשפּאנט אויף איהם.

— העדר מאָרסערף, האט צו איהם דער פּרעזידענט געזאָגט, דערקענט איהר דיא מאדאם פאר דיא טאָכטער פון אַלי טעבעלען, דעם פּאשא פון יאנינא?

— ניין, האט מאָרסערף געזאגט זיך בעמיהענדיג אויפצושטיין, דאס איז דיא ארבייט פון מיינע פיינד געגען מיר.

האידעי, וועלכע האט ביז יעצט ניט געזעהען מאָרסערף'ן, האט זיך ביי זיינע ווער־טער שנעל אומגעדרייט, און ווען זיא האט איהם דערזעהען האט זיא ארויסגעשטויסען א שרעקליכען געשריי.

— דו קענסט מיך ניט, האט זיא געזאגט, וועל! איך אבער דערקען דיך! דו ביזט פערנאַן מאָנדעגאָ, דער פראנצויזישער אָפיצער, וועלכער האט געלערנט מיין פאָטער'ס מיליטער. דו האסט פערקויפט דיא פעסטונג פון יאנינא! דאס ביזטו, וועלכען מיין פאָטער האט געשיקט צום קייזער, און דו האסט געבראכט צוריק א פאלשע נאכריכט! דאס ביזטו, וועלכער האט אויסגענארט ביי דעם פּאשא זיין רינג אין האסט דערנאך ערמאָרדעט סולימען! דו האסט אונז פערקויפט צו דעם שקלאפפענהענדלער על קאָביר! מערדער! מערדער! מערדער! דו האָסט נאך אויף דיין שטערן דאס בלוט פון דיין העררן! קוקט אלע. . . .

דיזע ווערטער זיינען אויסגעשפּראָכען געוואָרן מיט אזא פייער פון אמת, דאס אלעמעס אויגען האבען אָנגעקוקט מאָרסערף'ס שטערן.

— דערקענט איהר ריכטיג דעם גראף מאָרסערף פאר דעם פראנצויזישען אָפיצער פערנאַן מאָנדעגאָ? האט זיא דער פּרעזידענט געפרעגט.

— אויב איך דערקען איהם! האט האידעי אויסגערופען, בעטראכט נאר זיין האנד און זעהט דארטען דעם שנים וואס ער האט, מיט דיזער האנד האט ער געטראָגען

דעם קאָפּ פון מיין פאָטער אויף א פּיקע! מיט דיזער האנד האט ער גענומען דאס געלד פאר זיין נידערטרעכטיגען פּעררַאטה! אויב איך דערקען איהם! זאל ער יעצט אליין זאָגען, אויב ער קען מיך ניט.

יעדער וואָרט איז געוועזען וויא א שארפער שפּיעז אין מאָרסערף'ס ברוסט. ביי דיא לעצטע ווערטער האט ער שנעל בעהאלטען דיא האנד, אז מען זאל ניט זעהען דעם שניט, און ער איז צוריקגעזונקען אויף זיין טשער.

— הערר גראף מאָרסערף, האט צו איהם דער פּרעזידענט געזאגט, לאָזט ניט אזוי פאלען אייער מוטה. ווענט אָפּ פון זיך דיא בעשולדיגונג. ווילט איהר אז מיר זאָלען מאכען נאך איין אונטערזוכונג? מיר זאלען שיקען צוויי מיטגליעדער אין יאנינא? זאָגט.

מאָרסערף האט ניט געענטפערט. דאן האבען זיך אלע מיטגליעדער אָנגעקוקט מיט איין ארט שרעק, וועלכע, איז געוועזען שווער אויסצודריקען.

— נו, וואָס זאגט איהר? האט איהם דער פּרעזידענט נאך א מאל געפרעגט.

— גארניט, האט מאָרסערף געזאגט מיט א פערשטיקטער שטימע, זיך אויפ־הויבענדיג.

— אלזאָ האט דיא טאָכטער פון אלי טעבעלען געזאגט דיא ווארהייט?

מאָרסערף האט געגעבען א וואָרף ארום זיך א פערצווייפעלטען בליק און איז שנעל ארויסגעגאנגען.

— מיינע הערען, האט דער פּרעזידענט געזאגט, ווען אלעס איז געוואָרען רוהיג, איז דער גראף מאָרסערף שולדיג אין דעם פערברעכען, אין וועלכען מען בעשולדיגט איהם?

— יא, האבען אלע מיטגליעדער געענטפערט אין איין שטימע.

האידע איז געבליעבען אין סענאט ביז זיא האט געהערט דעם משפט פון דער זיצונג, און איז דאן ארויסגעגאנגען.

9טער קאפּיטעל.

## דיא בעליידיגונג.

אויף מאָרגען נאך דער אויבען בעשריעבענער סצענע, איז אלבערט געוועזען ביי באָשאָן. דיא ליידען פון אלבערט'ן זיינען געוועזען גרויס. נאך א געשפּרעך מיט באָשאָן, זיינען ביידע יונגע לייט געקומען צום שלוס, אז מאָרסערף מוז האבען א שרעקליכע פיינד. נאך פיעל זוכען זיינען זיי געקומען צום שלוס, אז דיא גאנצע געשיכטע שטאַמט פון דאנגלאַר. אלבערט האט בעשלאָסען גלייך צו גיין צו איהם און פון איהם פאָרדערן איין ערקלערונג. זיי זיינען ביידע אוועק אהין און האבען דארטען געטראָפען אנדרעא קאוואלקאנטי. אלבערט האט געוואלט אויסלאָזען זיין הארץ צו איהם, אבער דאנגלאַר האט זיך אריינגעמישט און האט אלבערט'ן ערקלערט, אז ניט אנדרעא און ניט ער איז שולדיג אין דער געשיכטע, זאָנדערן מאָנטע קריסטאָ. ער האט איהם געגעבען דיא עצה צו שרייבען אין יאנינא, און ער מוז וויסען וואס דיא נאָטיצען אין דיא צייטונגען בעדייטען.

ווען באָשאָן און אלבערט זיינען געוועזען דרויסען, האט אלבערט געזאגט, אז יעצט גייען זיי צו מאָנטע קריסטאָ.

— איידער מיר גייען צו איהם, אלבערט, האט באשאן געזאגט, זאלט איהר זיך פריהער גוט איבערלייגען.

— וואס זאל איך מיך איבערלייגען?

— דיא שווערע זאך וואס איהר ווילט טאן.

— איז עס פיעל שווערער וויא צו גיין צו דאנגלאר'ן?

— יא, דאנגלאר איז א געלד מענש, און אזעלכע מענשען שלאגען זיך ניט אזוי לייכט. דער אנדערער, אין געגענטהייל, איז איין אדעלמאן, וועלכער לאזט ניט שפאסען מיט זיך. נעמט זיך אין אכט אלבערט.

— פריינד, האט אלבערט געזאגט מיט א ביטערן שמייכעל, איך וואלט מיך פיהלען גליקליך, ווען איך וועל געפינען איינעם מיט וועלכען איך זאל זיך שלאגען פאר מיין פאטער און ער זאל מיך טויטען; דערמיט וועל איך אפוואשען דעם פלעק פון אונזער פאמיליע.

— אייער מוטער וועט דערפון שטארבען!

— ארימע מוטער, האט אלבערט געזאגט אריבערגייענדיג מיט דער האנד איבער דיא אויגען, איך ווייס עס זעהר גוט; אבער עס איז בעסער, אז זיא זאל שטארבען דערפון איידער זיא זאל שטארבען פאר שאנדע.

— דען וויל איך אייך מעהר ניט אפהאלטען. קומט צו מאנטע קריסטא.

און דיא ביידע יונגע לייט זיינען אוועק אין 30 שאן־זעליזע. מיט איין שפרונג איז אלבערט געוועזן אין הויז. באפטיסטען האט איהם בעגעגענט.

— זיין עקסעלענץ, האט באפטיסטען צו אלבערט'ן געזאגט, איז איצטער אין א וואנע און ער האט קיינעם ניט געהייסען צולאזען צו זיך.

— און נאך דער באד? האט אלבערט געפרעגט.—וועט ער עסען דינער.—און נאך דינער?—וועט ער שלאפען א שטונדע.—און דאן?—דאן וועט ער גיין אין אפערא־הויז.—זייט איהר זיכער אין דעם?—גאנץ זיכער; זיינע עקסעלענץ האט געהייסען האלטען געגרייט דעם געשפאן פאר אכט א זייגער.

— וועל! האט אלבערט געזאגט, דאס איז אלעס וואס איך האב געוואלט וויסען.

און ביידע יונגע לייט זיינען אוועקגעגאנגען.

ווען אלבערט איז געוועזן אליין אין דערהיים, האט ער געשיקט בעטען דעברייא און מארעל'ן, אז זיי זאלען היינט אבענד זיין אין אפערא־הויז. דאן איז אלבערט אריינגעגאנגען צו זיין מוטער. ער האט זיא געטראפען אין בעט א צובראכענע פון שמערץ און פאר שאנדע.

ווען מערסעדעס האט דערזעהען איהר זון האט זיא איהם געדריקט דיא האנד און האט זיך צו וויינט אויפ'ן קול.

אלבערט איז געשטאנען ענטקעגען זיין מוטער און זיין הארץ האט זיך איהם שרעקליך צונויפגעצויגען.

— ליעבע מוטער, האט אלבערט געזאגט, קענסטו אפשר א פיינד פון הערן מארסערף?

מערסעדעס האט א שוידער גענעבען; זיא האט בעמערקט, אז ער האט שוין ניט געזאגט: מיין פאטער.

— מיין פריינד, האט זיא געזאגט, א מאן אין מארסערף׳ס לאגע האט א סך פיינד, וועלכע מען קען ניט. און דאס ווייסטו, אז די פיינד וואס מען קען ניט, זיינען דיא געפעהרליכסטע.

— דאס ווייס איך. האסטו בעמערקט איין אבענד, ווען מיר האבען געגעבען א באל, האט מאנטע קריסטא גארניט געוואלט פערזוכען ביי אונז.

מערסעדעס האט זיך אויפגעהויבען אויף איהר ארעם און האט געציטערט אין גאנצען קערפער.

— מאנטע קריסטא! האט זיא אויסגערופען, און וועלכען צוזאמענהאנג האט עס מיט דיין פראגע?

— דאס ווייסטו ליעבע מוטער, אז מאנטע קריסטא איז כמעט פון אריענט, און דיא אריענטער עסען ניט ביי זייער פיינד, ווען זיי האבען אין זינען נקמה.

— מאנטע קריסטא, זאגסטו איז אונזער פיינד, אלבערט? האט מערסעדעס געזאגט נאך בלייבער ווערענדיג וויא דער ליילעך פון בעט. ווער האט עס דיר דערציילט? פאר וואס? דו ביזט משוגע אלבערט. מאנטע קריסטא איז פריינדליך צו אונז. מאנטע קריסטא האט דיר גערעטעט דאס לעבען, און דו אליין האסט איהם אריינגעפיהרט אין אונזער הויז. אה, איך בעט דיך, מיין זון, שטויס אפ פון זיך אזעלכע געדאנקען, און וואס נאך מעהר איך וועל דיך בעטען, זיי גוט מיט איהם.

— ליעבע מוטער, עס מוז עפּעס זיין וואס דו הייסט מיר זיין גוט מיט דיזען מאן, האט אלבערט געזאגט מיט א פינסטערן בליק.

מערסעדעס האט געשוידערט און האט אנגעקוקט איהר זון מיט פערוואונדערטע אויגען.

— דו רעדסט צו מיר זעהר זאנדערבאר, אלבערט, האט זיא געזאגט, וואס האט דיר דער גראף געטאן? דאכט זיך, אז מיט דריי טעג פריהער ביזטו געוועזן זיין בעסטער גוטער פריינד, און וואס איז עס געווארען מיט א מאל!

אלבערט האט געגעבען א איראנישען שמייכעל און האט געשוויגען. מערסעדעס האט מעהר ניר געפרעגט.

— דו האסט מיך געפרעגט וויא איך פיהל מיך, ליעבער אלבערט; איך מוז דיר זאגען, אז איך פיהל מיך ניט גוט און איך וואלט וועלען, אז דו זאלסט בלייבען לעבען מיר, דען איך קען יעצט ניט זיין אליין.

— איך וואלט געבליעבען לעבען דיר, ליעבע מוטער, האט דער יונגער מאן געזאגט, און דו ווייסט דאך מיט וועלכען פערגעניגען איך טו דאס, אבער זעהר א וויכטיגע זאך רופט מיך אוועק היינטיגען אבענד.

— וועל, האט מערסעדעס געענטפערט מיט א זיפץ, גיי, אלבערט. איך וויל דיך ניט צווינגען צו בלייבען לעבען מיר.

אלבערט האט געשיינט ניט צו הערן וואס זיא האט געזאגט, ער האט פון איהר גענומען אפשיעד און איז ארויסגעגאנגען.

קוים האט דער יונגער מאַן צוגעמאכט דיא טהיר, האט מערסעדעס אריינגערר־פען איהר פערטרויטען דיענער און האט איהם געהייסען נאכגיין איהר זון און ער זאל איהם ניט אָפּלאָזען פון אויג דעם גאנצען אבענד. דאן האט זיא זיך אָנגעטאָן און האט זיך פאָרברייטעט צו יעדען צופאל.

געגען אכט א זייגער איז אלבערט מיט זיינע פריינד געווען אין אָפּערא־הויז. צום צווייטען אקט איז מאָנטע קריסטאָ אריינגעקומען אין זיין לאָזשע. ער האט זיך ארויס־געבויגען און האט זיך ארומגעקוקט. ער האט בעמערקט אלבערט'ס שרעקליך בלייכע געזיכט. ער האט איהם געגריסט מיט'ן קאָפּ און האט גענומען ווייטער קוקען אין טהעאַטער.

אָבוואָהל מאָנטע קריסטאָ האט געשיינט ניט צו קימערן זיך וועגען אלבערט'ן, האט ער איהם דאך ניט פערלאָרען פון דיא אויגען און האט בעאָבאכט אלע זיינע בעוועגונגען. ווען דער פאָרהאנג האט זיך אראָפּגעלאָזען ביים צווייטען אקט, האט מאָנטע קריסטאָ געהערט א געטומעל לעבען זיין לאָזשע און ער האט זיך אויף אלעם פאָרברייטעט, באָטש ער האט געוויזען א שמייכעלדיגען פּנים צו מאָרעל'ן, וועלכער איז געווען מיט איהם אין לאָזשע.

דיא טהיר פון דער לאָזשע האט זיך אויפגעמאכט. ערשט דאן האט זיך מאָנטע קריסטאָ אומגעדרייט און האט בעמערקט אלבערט'ן שרעקליך בלייך און ציטערענדיג; הינטער איהם זיינען געווען באָשאָן מיט שאַטאָ רענאָ.

— אהאַ! האט מאָנטע קריסטאָ אויסגערופען מיט זיין געוויינליכען פריינדליכען טאָן, גוטען אבענד, העררר מאָרסערף. און דאס געזיכט פון דיזען זאָנדערבארען מענשען האט אויסגעדריקט דיא גרעסטע פריינדליכקייט.

מאָרעל האט זיך דאן דערמאָנט, אז ער האט ערהאלטען א בריעף פון גראַף דאס ער זאל קומען היינט אבענד אין אָפּערא־הויז און ער האט יעצט פערשטאנען, אז דאָ וועט פאָרקומען עטוואָס שרעקליכעס.

— מיר זיינען אהער ניט געקומען מאכען פאלשע קאָמפּלימענטען, האט אלבערט געזאגט, מיר זיינען געקומען ביי אייך פאָרדערן איין ערקלערונג, העררר גראַף.

דיא ציטערדיגע שטימע פון דעם יונגען מאַן איז קוים דורכגעגאנגען דורך זיינע צונויפגעקוועטשטע ציין.

— איין ערקלערונג אין אָפּערא־הויז? האט מאָנטע קריסטאָ געזאגט מיט א רוהיגע שטימע און מיט א דורכדרינגענדען בליק. וויא וויניג איך בין בעקאנט מיט דיא פּאַריזער געוואָהנהייטען, דאך גלויב איך ניט, מיין העררר, אז דאָ איז דער פּלאַץ צו בעטען ערקלערונגען.

— ווען מענשען געפינען זיך, דאס אין א וואַנע, דאס ביי דינער, דאס ביים שלאָפען, מוז מען גיין אהין, וואו מען קען זיי טרעפען, האט אלבערט געזאגט.

— דאכט זיך, אז איך בין ניט שווער צו געפינען, און אויב אייער זיכרון איז גוט, זייט איהר דאכט זיך נעכטען געווען ביי מיר.

— נעכטען בין איך געווען ביי אייך, ווייל איך האב ניט געוואוסט ווער איהר זייט.

— פון וואנען קומט איהר? האט מאַנטע קריסטאַ געזאגט מיט א רוהיגע שטימע, ביי אייך אין מוח שיינט עפּעס ארומצוטאנצען.

— אבי איך פערשטיי אייערע פאלשקייטען, מיין הערר, און דאס איך קום צו אייך צו, אום צו נעמען נקמה, און דערצו האב איך מיין גאנצען פערשטאנד, האט אלבערט געזאגט מיט גרויסען צאָרן.

— איך פערשטיי אייך ניט. און דען רעט איהר דאָ צו הויך. איך האב נאר דאס רעכט צו ריידען הויך אין מיין לאָזשע. גייט ארויס, ליעבער הערר!

און מאַנטע קריסטאַ האט איהם געצייגט מיט דער האנד דיא טהיר.

— איך וועל אייך שוין ארויסרופען פון אייער ווינקעל! האט אלבערט געזאגט קריצענדיג מיט דיא ציין און אראָפּציהענדיג א הענטשקע פון זיין האנד.

— וועל, וועל! האט מאַנטע קריסטאַ געזאָגט, איהר ווילט זיך שלאָגען מיט מיר, דאס מאכט ניט אויס, אבער פון דעסטוועגען שרייען דארפט איהר ניט, הערר מאָר־סערף.

ביי דיזען נאָמען איז אלבערט אויפגעשפּרונגען און האט געוואָלט א וואָרף טאָן דיא הענטשקע דעם גראף אין געזיכט, אבער מאָרעל האט איהם אָנגעכאפּט פאר'ן האנד און באָשאַן און שאטאָ רענאָ האבען זיך געשטעלט אין וועג, אום צו פערהינדערן א שרעקליכע סצענע.

מאַנטע קריסטאַ האט זיך איינגעבויגען און האט גענומען דיא הענטשקע אין דיא הענד.

— ליעבער הערר, האט ער געזאגט מיט א שרעקליכען טאָן, איך האב אייער הענטשקע און איך וועל זיא אייך שיקען צוריק ארומגעוויקעלט ארום א קויל. יעצט גייט ארויס, דען איך וועל אייך הייסען ארויספיהרען פון מיינע דיענער.

מיט בלוטיגע אויגען האט אלבערט געמאכט א טריט צוריק און מאָרעל האט צוגעמאכט דיא טהיר פון אינעווייניג.

מאַנטע קריסטאַ האט גענומען זיין שפּעקטיוו אין דיא הענד און האט געקוקט אין טהעאטער, אזוי וויא עס וואלט גארניט געווען. דיזער מאן האט געהאט א הארץ פון בראָנז און א געזיכט פון מארמאָר. מאָרעל האט זיך איינגעבויגען צו זיין אויער.

— וואָס האט איהר איהם געטאָן? האט ער איהם געפרעגט.

— איך? גארניט. וועניגסטענס ניט פּערזענליך.

— פון דעסטוועגען מוז דאך דיזע סצענע האבען איין אורזאך?

— דיא אורזאך איז וועגען זיין פאָטער, און דאס מאכט דעם זון משוגע.

— זייט איהר דען אויך אריינגעמישט אין דיזער געשיכטע?

— איך ניט, אבער האידעי האט דערציילט דיא געשיכטע.

— יעצט פערשטיי איך, האט מאָרעל געזאגט, וואס אלבערט האט מיר געשריעבען, אז איך זאל זיין אין דער אָפּערא־הויז; ער האט געוואלט אז איך זאל זעהען וויא ער וועט אייך בעליידיגען.

— עס קען זיין, האט מאַנטע קריסטאַ געענטפערט מיט זיין רוהיגע שטימע.

— וואָס וועט איהר טאָן מיט אלבערט'ן?

— מיט אלבערט'ן? האט מאַנטע קריסטאַ געזאגט מיט דענזעלבען טאָן, וואָס איך וועל טאָן מיט איהם, מאַקסימיליאַן? אזוי וואהר וויא איהר זייט דאָ און איך דריק אייך דיא האנד, וועל איך איהם טויטען מאָרגען צעהן א זייגער אין דער פריה. אָט דאס וועל איך מיט איהם טאָן.

מאָרעל האט אויך גענומען דעם גראַף'ס האנד צווישען זיינעביידע הענד, און ער האט געגעבען א שוידער וויא זיא איז געווען קאלט און רוהיג.

— אָה, גראַף! האט ער געזאגט, זיין פאָטער ליעבט איהם אזוי!

— דערציילט מיר ניט אזעלכע זאכען! האט מאַנטע קריסטאַ אויסגעשריען מיט דעם ערשטען אויסברעכען פון צאָרן; איך וועל איהם מאכען ליידען!

מאָרעל האט איבערראשט געלאָזען זינקען דעם גראַף'ס האנד.

— גראַף, גראַף! האט ער געזאגט.

אין דעם מאָמענט האט זיך אראָפּגעלאָזען דער פאָרהאנג, און מען האט גלייך אָנגעקלאפּט אין מאַנטע קריסטאַ'ס טהיר. באַשאַן איז אריינגעקומען. דער גראַף האט איהם געבעטען זיצען. באַשאַן האט איהם געזאגט, אז ער איז געקומען פון אלבערט'ן וועגען איין ערקלערונג. דער גראַף האט זיך ענטזאגט.

— דאן וועט מוזען שטאטפינדען דער דועל, האט באַשאַן געזאגט.

— געוויס, האט מאַנטע קריסטאַ געזאגט. קוועטשענדיג מיט דיא פּלייצעס. איך וועל איהם טויטען, עס מוז זיין און דאס וועט זיין. אָבער זאגט איהם, אז ער זאל זיין פּינקטליך אויפ'ן פּלאַץ, דען איך האב פיינד צו ווארטען.

— אלזאָ אויף פּיסטאָלעטען, מאָרגען אכט א זייגער אין דער פריה, אין ווענסענער וואלד, האט באַשאַן געזאגט א צוטומעלטער און איז ארויסגעגאנגען גריסענדיג.

באלד נאך איהם זיינען מאַנטע קריסטאַ און מאָרעל אויך ארויס פון טהעאטער.

## 10טער קאפּיטעל.

## דיא נאַכט.

ווען מאַנטע קריסטאַ איז געקומען א היים האט ער געהייסען אלי'ן אריינברייניגען זיינע פּיסטאָלעטען. און אזוי וויא ער האט געהאלטען ביים צוריכטען דיא פּיסטאָלעטען איז אריינגעקומען באַפּטיסטען.

מאַנטע קריסטאַ האט זיך אומגעדרייט און נאך איידער ער האט צייט געהאט צו פרעגען עפּעס, האט ער דערזעהען א פערשלייערטע פרוי שטייענדיג אין דער טהיר.

זיא האט דערזעהען דיא פּיסטאָלעטען ביי דעם גראַף אין דיא הענד און שווערדען אויפ'ן טיש און זיא איז שנעל אריין אין צימער.

באַפּטיסטען האט געפרעגט דעם גראַף מיט דיא אויגען וואס ער זאל טאָן און

דיזער האט איהם געמאכט א צייכען, אז ער זאל ארויסגיין. באפטיסטען איז ארויסגע־גאנגען און האט פערמאכט הינטער זיך דיא טהיר.

— ווער זייט איהר, מאדאם? האט מאַנטע קריסטאָ געפרעגט דיא פערשליי־ערטע פרוי.

דיא אונבעקאנטע האט א ווארף געטאָן א בליק ארום זיך, אום צו זיין זיכער, אז זיא איז אליין, דאן האט זיא זיך פערנייגט פאר'ן גראף און אזוי וויא קניענדיג פאר איהם האט זיא צוזויפגעלייגט דיא הענד און האט געזאגט מיט א שטימע פון פער־צווייפלונג:

— עדמאָן, איהר וועט ניט טויטען מיין זון!

דער גראף האט געמאכט א טריט צוריק, ער האט ארויסגעלאָזען א שוואכען געשריי און האט געלאָזען פאלען דאס געוועהר.

— וועלכען נאָמען האט איהר אויסגעשפּראָכען, מאדאם מאָרסערף?

— אייערן! האט זיא אויסגערופען צוריקוואַרפענדיג איהר שלייער, אייער אייגענעם נאָמען, וועלכען פיעלייכט נאר איך אליין האב ניט פערגעסען. עדמאָן, דאס איז ניט מאדאם מאָרסערף וואס קומט צו אייך, דאס איז מערסעדעס.

— מערסעדעס איז טויט, האט מאָנטע קריסטאָ געזאגט, און איך קען קיינעם ניט אונטער דיזען נאָמען.

— מערסעדעס לעבט, מיין הערר, און מערסעדעס געדיינקט, דען זיא איז דיא איינציגע, וועלכע האט אייך דערקענט נאר אָן דער שטימע און ווען זיא האט אייך נאך גארניט געזעהען, עדמאָן, נאר נאך דעם איינציגען קלאנג פון אייער שטימע. און פון דיזער צייט אָן גייט זיא אייך נאך טריט פאר טריט, זיא היט אייך, זיא האט מורא פאר אייך און זיא דארף ניט זוכען פון וואנען דער קלאַפּ איז געקומען געגען מאָרסערף.

— איהר ווילט זאָגען פערנאַן, מאדאם, האט מאָנטע קריסטאָ געזאגט מיט א ביטערע איראָניע. און ווייל מיר דערמאָנען זיך איצטער אונזערע נעמען, לאָמיר זיך ד'ערמאָנען אלעס.

און מאָנטע קריסטאָ האט ארויסגערעט דעם נאָמען פערנאַן מיט אזא אויסדרוק פון האס, דאס מערסעדעס האט געפיהלט א שוידער אריבערלויפענדיג איבער איהר גאנצען קערפער.

— זעהט איהר עדמאָן, אז איך האב קיין טעות ניט געהאט! האט מערסעדעס אויסגערופען, און אז איך האב רעכט, ווען איך זאג אייך: טויטעט ניט מיין זון!

— און ווער האט איין דערציילט, מאדאם, אז איך וויל טויטען אייער זון?

— קיינער ניט, אבער א טרייע מוטער האט גוטע אייגען. איך האב אלעס פער־שטאנען: איך האב איהם דעם גאנצען אבענד געפאלגט און איך האב אלעס געזעהען.

— אלזא, ווען איהר האט אלעס געזעהען, מאדאם, האט איהר דאך געמוזט זעהן וויא פערנאַן'ס זון האט מיך בעליידיגט עפענטליך? האט מאָנטע קריסטאָ געזאגט מיט א שרעקליכע שטימע.

— אה, האט ערבארמען!

— איהר האט געזעהען, האט דער גראף פאָרטגעזעצט, אז ער האט מיר געוואָר־

פען א הענטשקע אין געזיכט, ווען א פריינד פון מיר, מאָרעל, וואלט ניט אויפגעהאלטען זיין אָרעם.

— הערט מיך אויס. מיין זון האט אויך געטראָפען, אז דער אונגליק פון זיין פאָטער שטאמט פון אייך.

— מאדאם, האָט מאָנטע קריסטאָ געזאגט, איהר פערשטייט עס שלעכט; דאס איז ניט קיין אונגליק, דאס איז א שטראָף. ניט איך שטראָף העררן מאָרסערף, זאָנדערן זיין פערדיענסט.

— און וואס גייט אייך אָן, עדמאָן, יאנינא און איהר פאשא? האט מערסעדעס אויסגערופען. וואס האט אייך פערנאַן מאָנדעגאָ געטאָן מיט זיין פערראַטה געגען אלי טעבעלען?

— איהר האט רעכט, און ווען איך האב געשוואָרען ראכע, איז עס ניט געגען דעם פראַנצויזישען אָפיצער, ניט געגען דעם גראָף מאָרסערף, זאָנדערן געגען דעם פישער פערנאַן, דעם מאן פון דיא קאַטאַלאַנקע מערסעדעס.

— אָה! האט דיא גרעפין אויסגערופען, וועלכע שרעקליכע ראַכע פאר א זאך, וועלכע דיא שרעקליכע פערהעלטניסע האבען מיך געצוואונגען צו בעגיין; דען דיא שולדיגע בין איך, עדמאָן, און ווען איהר האט צו נעמען נקמה אין וועמען, איז עס אָן מיר, וועלכע האט ניט געהאט דיא קראַפט לענגער אויסצוהאלטען אייער אויסבלייבען און דיא פערלאַסענהייט.

— אבער, האט מאָנטע קריסטאָ אויסגערופען, פאר וואס בין איך אויסגעבליעבען? פאר וואס זייט איהר געווען פערלאַסען?

— ווייל מען האט אייך ארעטירט, עדמאָן, ווייל איהר זייט געווען געפאנגען.

— און פאר וואס בין איך געווען ארעטירט? פאר וואס בין איך געווען געפאנגען?

— איך ווייס עס ניט, האט מערסעדעס געזאָגט.

— יאָ, איהר ווייסט עס ניט, מאדאם, איך האָף עס ווייניגסטענס. וועל! איך וועל עס אייך זאגען, איך. איך בין געווען א געפאנגענער, ווייל אין דענזעלבען טאָג ווען איך האב אייך געדארפט הייראַטהען, האט א מאן מיט'ן נאָמען דאַנגלאַר געשריעבען דיזען בריעף און דער פישער פערנאַן האט איהם אליין אוועקגעטראָגען אויף דיא פאָסט.

און מאָנטע קריסטאָ איז צוגעגאנגען צו זיין סעקרעטערקע און האט פון דאַרטען ארויסגענומען א פערגעלטען בריעפעל און האט עס דערלאנגט מערסעדעס. דאס איז געווען דערזעלבער בריעף, פאר וועלכע, מאָנטע קריסטאָ האט בעצאהלט צוויי הונדערט טויזענד פראַנק און האט איהם ארויסגענומען פון עדמאָן דאַנטעס אַקטען, ווען ער איז געווען ביי דעם געפענגניס אינספעקטאָר באָוויל.

מערסעדעס האט געלעזען מיט שוידערן פאָלגענדע צייל עןצ:

„דער קעניגליכער פּראָקוראָר ווערט בעקאַנט געמאכט פון א פריינד פון דער קרוין און פון דער רעליגיאָן, דאס דער אונטער קאַפּיטאַן פון שיף „פאראַאָן“, וועלכער איז היינט געקומען פון סמירנא, פיהרט ביי זיך א בריעף פון נאַפּאָלעאָנען צום באָנאַפּארטיסטישען קאָמיטע אין פּאריז.

„מען וועט האבען דיא בעווייזע דעריבער, ווען מען וועט איהם ארעטירען, דען מען וועט

געפינען דעם בריעף ביי איהם אדער ביי זיין פאטער, אדער אויף דער שיף פאראָן."

— אָה! האט מערסעדעס אויסגערופען אַפּווישענדיג דעם שוויים פון איהר שטערן, און וואס איז געווען דער סוף פון דיזען בריעף?

— איהר ווייסט עס, מאדאם, דאס איז געווען מיין ארעסט; אבער וואס איהר ווייסט ניט, מאדאם, איז, וויא לאנג דיעזער ארעסט האט געדויערט. דאס וואס איהר ווייסט ניט, איז וואס איך בין געווען פערצעהן יאהר א פערטעל מייל פון אייך אין א גרוב פון שלאָס איף. דאס וואס איהר ווייסט ניט איז, וואס יעדען טאָג פון דיא פערצעהן יאָהר האב איך געשוואָרען ראכע און פון דעסטוועגען האב איך ניט געוואוסט, אז איהר האט געהייראט פערנאן, מיין מסור, און דאס מיין פאָטער איז געשטאָרבען פון הונגער.

— וועה איז מיר! האט מערסעדעס אויסגערופען זיך שאָקלענדיג.

— און דאס האב איך געוואוסט, ווען איך בין ארויס פון געפענגניס, נאך דעם וויא איך האב דארטען פערבראכט פערצעהן יאָהר, און דאס טו איך ווענען דיא לעבעדיגע מערסעדעס און מיין טויטען פאָטער: איך האב געשוואָרען ראכע.... און איך נעם ראכע.

— און איהר זייט זיכער, אז פערנאן האט עס געטאָן?

— איך בין גאנץ זיכער, און דען וואס איז עס פאר א וואונדער? ער האט נאך געטאָן ערגערע זאכען. א נאטוראליזירטער פראנצויז איז ער אריבער צו דיא ענגלענדער! א געבאָרענער שפאניער, האט ער זיך געשלאָגען געגען שפאניען; אלי פאשא האט איהם געמאכט פאר א מענשען און ער האט איהם פערראטהען און ערמאָרדעט. וואס איז געגען אזעלכע זאכען דער בריעף, וואס איהר האט יעצט געלעזען? וועל! דיא פראנצויזען האבען ניט געשטראפט דעם פערערעטהער, דיא שפאניער האבען ניט געשאָסען דעם פערערעטהער, אלי, וועלכער איז אריינגעלייגט געוואָרן אין גרוב האט געלאָזען דער פערערעטהער אונבעשטראָפט; אָבער איך, וואס איז געווען פערראטהען, ערמאָרדעט, אריינגעווארפען אין א גרוב און איז ארויס פון דיזער גרוב,—איך וועל איהם ניט שיינקען!

דיא אָרימע פרוי האט געלאָזען פאלען איהר קאָפ צווישען דיא הענד; איהרע פיס האבען זיך אונטערגעבויגען, און זיא איז געפאלען אויף דיא קניע.

— זייט מוחל, עדמאָן, האט זיא געזאגט, זייט מוחל פאר מיר, וועלכע האט אייך נאך ליעב!

דער גראף האט זיא אויפגעהויבען.

— איך זאל ניט צוטרעטען דיא פערפלוכטע שלאנגען! אונמעגליך, מאדאם, אונמעגליך!

— עדמאָן, האט דיא ארימע מוטער געזאגט, ווען איך רוף אייך עדמאָן, פאר וואס רופט איהר מיך ניט מערסעדעס?

— מערסעדעס, האט מאָנטע קריסטאָ וויעדערהאלט, מערסעדעס! וועל! איהר האט רעכט; דיזער נאמען איז מיר נאך זיס אויסצושפרעכען. עס איז דעם ערשטען מאָל צייט לאנגע יאָהרען וויא דער נאמען האט געקלונגען אזוי ריין און קלאָר פון מיינע ליפען.

אָה! מערסעדעס, איך האב אייער נאָמען אויסגעשפּראָכען מיט זיפצען פון טרויער, מיט קרעכצען פון שמערץ און מיט דעם געשריי פון פערצווייפלונג; איך האב איהם אויסגעשפּראָכען ציטערענדיג פאר קעלט און צונויפגעקאָרטשעט אויף שטרוי אין מיין גרוב; איך האב איהם אויסגעשפּראָכען פערברענט ווערענדיג פון היץ און וואלגערענדיג זיך אויף דער ערד פון מיין געפענגנים. מערסעדעס! איך מוז נעמען נקמה, דען פערצעהן יאָהר האב איך געוויינט, איך האב געפלוכט; יעצט זאג איך אייך, מערסעדעס, אז איך מוז נעמען ראַכע!

— נעמט ראַכע, עדמאָן! האט דיא אָרימע מוטער אויסגעשריען, אָבער נעמט ראַכע פון דיא שולדיגע; נעמט ראַכע פון איהם, נעמט ראַכע פון מיר, אבער נעמט ניט קיין ראַכע פוין מיין זון!

מאָנטע קריסטאָ האט ארויסגעלאָזען א זיפץ, וועלכער האט געגליכען צו א ברומען און ער האט אָנגעכאפּט זיינע שיינע האָר מיטביידע הענד.

— עדמאָן, האט מערסעדעס פאָרטגעזעצט אויסשטרעקענדיג דיא הענד צום גראף, עדמאָן, צייט איך קען אייך האב איך פערגעטערט אייער נאָמען און איך האב רעשפּעקטירט אייער אָנדענקען. עדמאָן, מיין פריינד, מאכט ניט שמוציג אייער עדעלען בילד אין מיין הארצען. עדמאָן, ווען איהר זאלט וויסען וויפיעל איך האב געליטען, ווען איך האב געגלויבט, אז איהר זייט טויט! איך האב געגלויבט, אז אייער קערפּער איז געווען בעגראָבען ערגעץ אין א טורעם אדער אראָפּגעלאָזען אין ים, און איך האב געיאָמערט און געוויינט! וואס האב איך געקענט טאָן, אָרימע בעשעפעניש, מעהר וויא וויינען? הערט מיך צו, צעהן יאהר האב איך אייך געהאט אלע נאכט אין חלום. מען האט געזאגט, אז איהר האט געוואלט ענטלויפען, אז איהר האט זיך אריינגעלייגט אין א זאק אויף דעם פּלאַץ פון א טויטען, און מען האט אייך אריינגעוואָרפען אין ים פון דער הויך פון דעם שלאָס איף און אז פאלענדיג האט איהר ארויסגעשטויסען א געשריי, און מען האט געגלויבט, אז איהר זייט דערהארגעט געוואָרן. וועל! איך שווער אייך, עדמאָן, ביי דעם קאָפּ פון מיין זון פאר וועלכען איך בעט אייך, אז גאנצע צעהן יאָהר האב איך געזעהען ביי נאכט וויא מען שאָקעלט א זאק פון דעם שלאָס; גאנצע צעהן יאָהר האב איך געהערט א שרעקליכען געשריי, וועלכער האט מיך אויפגעוועקט א דערשראָקענע און א פערגליווערטע. גלויבט מיר, עדמאָן, וועלכען פערברעכען איך וואלט בעגאנגען, אָה! איך האב אויך פיעל געליטען.

— האט איהר געפיהלט אייער פאָטער שטארבענדיג ווען איהר זייט ניט געווען דערביי? האט מאָנטע קריסטאָ אויסגערופען אריינשטופּענדיג דיא האנד אין זיינע האָר; האט איהר געזעהען דיא פרוי, וועלכע איהר האט געליעבט, רייכענדיג דיא האנד אייער געגנער, ווערענד איהר האט געקרעכצעט אויף דעם גרונד פון א גרוב?....

— ניין, האט מערסעדעס איהם אונטערבראָכען, אבער איך האב געזעהען דעם, וואס איך האב געליעבט, אָנגעגרייט צו הארגענען מיין זון!

מערסעדעס האט אויסגעשפּראָכען דיזע ווערטער מיט אזא גרויסען שמערץ און מיט אזא טאָן פון פערצווייפלונג, דאס א יאָמער האט צוריסען דעם האלז פון גראף, דער לייב איז געווען בעצוואונגען, דער ראַכע נעמער איז געווען בעזיעגט.

— וואס פערלאנגט איהר? האט ער געזאגט, אייער זון זאל לעבען? וועל! ער וועט לעבען!

מערסעדעס האט ארויסגעלאָזען א געשריי, וועלכער האט ארויסגעטריבען טרערן ביי מאָנטע קריסטאָ פון די אויגען.

— אָה! האט זיא געזאָגט אָנכאפענדיג מאָנטע קריסטאָ'ס האנד און צוטראָגענדיג זיא צו איהרע ליפען, אָה! דאנק, א דאנק, עדמאָן! אָט ביזטו דערזעלבער אזוי וויא איך האב אימער ווענען דיר געטרוימט, וויא איך האב דיך אימער געליעבט. און איך פערלאָז מיך אויף דיין ווארט. דו האסט דאך געזאגט, אז ער וועט לעבען, וועט ער דאך לעבען?

— ער וועט לעבען, מאדאם.

— עדמאָן, האט מערסעדעס געזאגט, איך האב אייך נאר צו זאגען איין וואָרט, איהר וועט זעהען, אז ווען מיין שטערן איז אויך בלייך געווארען און מיינע אויגען זיינען פערדונקעלט, און ווען מיין שיינהייט איז פערלאָרען, און ווען מערסעדעס איז ניט מעהר דיא אמאָליגע, אָבער איהר וועט זעהען, אז זיא האט אימער דיא זעלבע הארץ.... אדיע, אלזא, עדמאָן.... איך האב אייך ווידער געזעהען אזוי עדעל און אזוי גרוס וויא א מאָל.... אדיע, עדמאָן.... אדיע און א דאנק!

אָבער דער גראף האט ניט געענטפערט. מערסעדעס האט אויפגעמאכט דיא טהיר און איז פערשוואונדען, נאך איידער ער האט צייט געהאט צו קומען צו זיך פון זיינע שווערע געדאנקען.

איינס א זייגער האט געשלאגען אויפ'ן קירכען טורעם ווען מערסעדעס איז אוועקגעפאָהרען, און דער גראף האט אויפגעהויבען דעם קאָפּ.

11טער קאפיטעל.

## מוטער און זון.

דער דועל האט ניט שטאטגעפונען. ווען מאָנטע קריסטאָ איז געקומען אויפ'ן פלאץ מיט זיינע סעקונדאנטען איז אָנגעקומען אַלבערט און האט עפענטליך געבעטען מאָנטע קריסטאָ אום פערצייהונג וואס ער האט איהם בעליידיגט. ער האט ערקלערט, דאס יעצט וויים ער, אז דער גראף האט רעכט מיט זיין נקמה געגען זיין פאָטער און ער האט זעהר ריכטיג געהאנדעלט.

מען קען זיך לייכט פארשטעלען דיא איבערראשונג פון אלעמען ווען זיי האבען דאס דערהערט. נאך דעם וויא אַלבערט האט געמאכט דיזע ערקלערונג, האט ער גערייכט דעם גראף דיא האנד און איז אוועק אהיים.

ווען ער איז געקומען אין דערהיים, האט אַלבערט איינגעפאקט זיינע קליידער און זיינע ווערטה זאכען, און דאן האט ער זיך געזעצט שרייבען. ווען ער האט געענדיגט זיין ארבייט, איז ער אריינגעגאנגען צו זיין מוטער. וויא ערשטוינט איז ער אבער געוואָרן, ווען ער האט געטראפען זיין מוטער אייך זיך פאקענדיג.

— ליעבע מוטער! האט ער אויסגעשריען און ער האט זיך א וואָרף געטאָן אין

מערסעדעס ארעם. א קינסטלער, וועלכער וואלט אין דיזער מינוט אַטגעמאָלען דיזע צוויי פּערזאָן, וואלט געוויס געהאט א פּראַכטפאָלעס בילד.

— וואס טוסטו, ליעבע מוטער?

— און וואס האסטו געטאָן? האט זיא געענטפערט.

— אָ, ליעבע מוטער! האט ער אויסגערופען, דו קענסט זיך ניט גלייבען צו מיר! איך מוז דיר זאגען, אז איך וויל פערלאָזען דיזע הויז און.... זאגען צו דיר אדיע.

— איך אויך, אַלבערט, איך גיי אויך אוועק, האט מערסעדעס געענטפערט, און איך מוז דיר זאגען, אז איך האב גערעכענט, אז מיין זון וועט מיך בעגלייטען; האב איך געהאט א טעות!

— ליעבע מוטער, האט אַלבערט געזאגט מיט א פעסטע שטימע, איך וויל ניט, אז דו זאלסט טראגען דענזעלבען שיקזאל, וועלכען איך האב אויף זיך ארויפגעלאָדען. פון יעצט אָן מוז איך לעבען אָהן א נאמען און אָהן פערמעגען, און איך מוז בעגינען צו לעבען פון מיינע אייגענע הענד. און ביז וואנען איך וועל עס איינלערנען מוז איך לייען ביי א פריינד אויף ברויט. איך האב אפילו קיין נאָמען ניט, דען דו קענסט ניט אָננעמען, אז איך זאל טראגען דעם נאָמען פון א מאָן, וועלכער דארף זיך שעמען פאר דער וועלט.

— אַלבערט, מיין קינד, האט מערסעדעס געזאגט, ווען איך וואלט געהאט א שטארקערע הארץ, וואלט איך דיר געגעבען דיזע עצה: דו האסט געהאט פריינד, אַלבערט, פערלאָז זיי; אבער דו דארפסט ניט פערצווייפלען. דו האסט נאך א לעבען פאר זיך, מיין טייערער אַלבערט, דען דו ביזט יעצט קוים אלט צוויי און צוואנציג יאָהר, און א ריינע הארץ וויא דיינע דארף האבען איין אונבעפלעקטען נאָמען, נעם מיין פאָטער'ס,—ער האט געהייסען הערעראַ. איך בין זיכער, מיין אַלבערט, אז וועלכען לעבען דו וועסט פיהרען, וועסטו מאכען דיין נאמען בעריהמט. אבער אזוי באלד וויא אונזער בעשלוס איז געמאכט, לאמיר גלייך טאָן. הערר מאָרסערף איז יעצט ניטאָ אין דערהיים, און מיר האבען יעצט דיא בעסטע געלעגענהייט,—איך בין בערייט מיין זון; לאָמיר גיין.

אַלבערט איז געלאָפען נאך א וואָגען; ער האט זיך דערמאָנט וועגען א מעבלירטע הייזעל אין סענ־פער גאס און אהין האט ער גערעכענט צו ברייננגען זיין מוטער. ווען ער איז געקומען מיט'ן וואָגען צו דער טהיר, האט א מאָן איהם דערלאנגט א בריעף. דער מאָן איז געווען בעטרוציאָ און דער בריף פון מאָנטע קריסטאָ. אַלבערט האט געעפענט דעם בריעף און האט איהם געלעזען, בעטרוציאָ איז דערווייל אוועק. ער איז ארויפגעגאנגען צו מערסעדעס מיט טרערן אין דיא אויגען און מיט א שווערע הארץ. אָהן א ווארט צו ריידען האט ער איהר דערלאנגט דעם בריעף און מערסעדעס האט איהם געלעזען:

„אַלבערט, איך וויים וואס איהר ווילט יעצט טאָן און איך וויל אייך צייגען מיין פיינקייט. איהר זייט יעצט פריי, איהר פערלאזט דיא הויז פון אייער פאָטער און איהר ווילט זיך צוריקציהען מיט אייער מוטער; אבער בעדענקט זיך גוט, אַלבערט, איהר זייט איהר שולדיג מעהר וויפיעל איהר קענט איהר צאָהלען, עדעלע, גוטע הארץ וואס איהר זייט. קעמפפט אליין, ליידעט אליין, אָבער פערשפּאָרט איהר דיא ערשט צרות,

וועלכע וועלען געוויס קומען ביי אייער ערשטען אָנפאנג; דען זיא האט אפילו ניט פער־דיענט דעם שאָטען פון דעם אונגליק, וועלכער האט איהר יעצט געטראָפען.

„איך וויים, אז איהר פערלאָזט דיא גראפסקע הויז און איהר נעמט גארניט מיט. הערט, אַלבערט. מיט פיער און צוואנציג יאָהר בין איך געקומען צוריק מיט פולע פרייד אין מיין פאָטערלאנד. איך האב געהאט א כלה, אַלבערט, א הייליגע יונגע מיידעל, וועלכע איך האב פערגעטערט, און איך האב געבראכט פאר מיין כלה א פינף טויזענד פראנק, וועלכע איך האב געשפאָרט פון א לאנגע און שווערע ארבייט. דיזעס געלד איז געווען פאר איהר. איך האב עס פערגראָבען אין גאָרטען פון דער הויז וואו מיין פאָטער האט געוואהנט, אין מארסייל, אין דיא אַלעען פון מעלהאקי, אייער, מוטערא־לבערט, קען דיזע ליעבע אָרימע הויז.

„לעצטענס, פאָהרענדיג אין פאריז, בין איך פערבייגעפאָהרען מארסייל. איך בין געגאנגען זעהען דיא הויז פון מיין טרויעריגען אנדענקען, און ביי נאכט האב איך אויפ־געגראָבען דיא גרוב און האב דארטען געפונען דיא אייזערנע קעסטעלע, וואו דאס געלד איז געלעגען אונבעריהרט. דיא קעסטעל איז געווען פערגראָבען אונטער א פייגענבוים, וועלכען מיין פאָטער האט געפלאנצט אין דעם טאָג ווען איך בין געבאָרען געוואָרן.

„וועל! אַלבערט, דיזעס געלד, וועלכעס איז א מאָל געווען בעשטימט צו בעגליקען דעם לעבען פון דער, וועלכע איך האב פערגעטערט, געפינט זיך יעצט אין דער לאגע, רק א זאָנדערבארען און שמערצליכען צופאל, צו טאָן דענזעלבען דיענסט. אָה! איהר קענט פערשטיין, אז איך, וואס קען אָנבאָטען דער אָרימער פרוי מיליאָנען, גיט איהר איצטער נאָר א שטיקעל שווארצען ברויט, וועלכער איז פערגעסען געוואָרן דארטען צייט דעם טאָג ווען איך בין פון איהר געשיידעט געוואָרן!

„איהר זייט א גוטהערציגער מענש, אַלבערט, אבער עס קען זיין, אז איהר זייט בלינד געמאכט דורך דעם שטאָלץ און דעם נעגען געפיהל; ווען איהר זאלט מיר ענטזאגען, ווען איהר זאלט בעטען פון אנאנדערן, וואס איך דארף אייך אָנבאָטען, וועל איך זאָגען, אז עס איז ניט שיין פון אייך צו ענטזאגען אייער מוטער דעם לעבען פון א מאַן, וועמעס פאָטער איז געשטאָרבען פון הונגער דורך אייער פאָטער.“

ווען מערסעדען האט דורכגעלעזען דעם בריעף איז אַלבערט געשטאנען בלייך און אונבעוועגליך און האט ערוואַרטעט וואס דיא מוטער וועט בעשליסען.

מערסעדעס האט אויפגעהויבען איהרע אויגען פול מיט טרערן אויף איהר זון.

— איך נעם אָן, האט זיא געזאגט. און צוליינענדיג דעם בריעף צו איהר הארץ האט זיא גענומען איהר זון'ס אָרעם. דאן איז זיא מיט א פעסטען פוס אראָפגעגאנגען דיא טרעפ.

12טער קאפיטעל.

## דער זעלבסט מאָרד.

ווען מאָנטע קריסטאָ איז געקומען אהיים, איז זיין ערשטער גאנג געווען צו האַידעי, וועלכע האט איהם ערוואַרטעט מיט דער גרעסטער אונגעדולד. איהרע פרייד

איז געווען גרויס, ווען זיא האט איהם דערזעהען, נים וויניגער האט זיך אויך געפרייט מיט איהר דער גראף. דיא פרייד פון א הארץ, וועלבע האט לאנג געליטען, איז געגליכען צו א טוי פאר געטריקענטע ערד פון דער זוהן. פון אייניגע טעג האט מאַנטע קריסטאָ געפיהלט, וואס ער האט לאנג ניט געוואלט גלויבען, אז עס קען געבען צוויי מערסעדעס אויף דער וועלט, און דאס ער קען נאך זיין גליקליך.

זיין גליהענדער גליק פון בליק האט דורסטיג געדרונגען אין דעם פייכטען בליק פון האידעי, ווען דיא טהיר האט זיך פלוצלונג אויפגעמאכט. דער גראף האט צונויפגע־צויגען דיא ברעמען.

— הערר מאָרסערף! האט באפטיסטען געזאגט, אזוי וויא דיזערווארט וואלט געווען זיין ענטשולדיגונג פאר זיין שטערונג. און דיא געזיכט פון גראף האט זיך טאקע אויפגעקלערט.

— וועלכער, האט ער געפרעגט, דער יונגער אדער דער אלטער?

— דער אלטער, האט באפטיסטען געענטפערט.

— אָה! האט האידעי אויסגערופען, איז עס דען נאך ניט געענדיגט?

— איך וויים נים אויב עס איז געענדיגט, מיין געליעבטעס קינד, האט מאַנטע קריסטאָ געזאגט אָננעמענדיג איהרע הענד, אבער וואס איך וויים איז, אז דו האסט פאר קיין זאך ניט מורא צו האבען.

— אָה, אבער דאס איז דאך דער נידערטרעכטיגער....

— דיזער מענש קען מיר גארניט טאָן, האידעי; טראַבעל האט מיר געמאכט זיין זון.

— און וואס איך האב אויסגעליטען, ועסטו קיין מאל ניט וויסען, מיין גנעדיגער הערר. מאַנטע קריסטאָ האט געשמייבעלט.

— ביי דעם קבר פון מיין פאַטער! האט מאַנטע קריסטאָ געזאגט ארויפלייגענדיג דיא האנד אויף דער יונגער מיידעל'ס קאָפּ, שוואר איך דיר, דאס ווען עס זאל קומען איין אונגליק, וועט עס ניט זיין דורך מיר.

— איך גלויב דיר, מיין גנעדיגער הערר, האט זיא געענטפערט אונטערשטעלענדיג איהם איהר ריינעם שטערן. דער גראף האט א קוש געטאָן דיזען שיינעם שטערן און זיין הארץ האט געקלאפט פון זעליגקייט.

— איז עס מעגליך, האט ער געמורמעלט, אז איך זאל נאך א מאָל ליעבען!....

לאָזט אריין דעם גראף מאָרסערף אין גרויסען זאל, האט מאַנטע קריסטאָ געזאגט צו באפטיסטען, אריינפיהרענדיג האידעי אין אנאנדער צימער.

ווען מאַנטע קריסטאָ איז אריינגעקומען אין זאל האט ער דארטען געטראָפען מאָרסערף'ן ארומגייענדיג הין און צוריק.

— אָה, דאס איז הערר מאָרסערף, האט מאַנטע קריסטאָ רוהיג געזאגט; איך האב געגלויבט, אז איך האב שלעכט געהערט.

— יא, איך אליין, האט מאָרסערף קוים דורכגעלאָזען דורך דיא ציין.

— יעצט בלייבט מיר אלזאָ צו פרעגען, וואס מאכט מיר דיא עהרע צו זעהען אזוי פריה דעם הערדן גראף מאָרסערף?

— איהר האט היינט אין דער פריה געהאט א צוזאמענשטויס מיט מיין זון, מיין הערר?

— איהר ווייסט עס?

— איך ווייס אויך, אז ער האט געהאט גענוג אורזאך מיט אייך זיך צו שלאָגען און אייך צו טויטען.

— ער האט אפילו געוואלט א גוטע זאך, האט מאַנטע קריסטאָ געזאגט מיט א שמייכעל, אבער טראָץ זיין גוטען ווילען און דיא וויכטיגע אורזאך, האט ער מיך ניט געטויטעט און האט זיך אפילו ניט געשלאָגען מיט מיר.

— מסתמא האט איהר זיך פאר איהם ענטשולדיגט אדער איהר האט איהם געגעבען וועלכע ערקלערונג?

— איך האב איהם ניט געגעבען קיינע ערקלערונג, און ענטשולדיגט האט ער זיך פאר מיר.

— אבער וואס דענקט איהר איבער אזא האנדלונג פון איהם?

— מסתמא איז געוועז אין דיזער געשיכטע א מאן, וועלכער איז מעהר שולדיג פאר מיר.

— און ווער זאל זיין דיזער מאן?

— זיין פאָטער, האט מאַנטע קריסטאָ געענטפערט.

— זאל זיין, האט מאָרסערף געזאגט בלייך ווערענדיג, אבער דאס ווייסט איהר, דאס דיא שולדיגע זאגען קיין מאל ניט, אז זיי זיינען שולדיג.

— איך ווייס.... און דערפאר האב איך ערווארטעט, אז עס זאל אזוי אויספאלען, האט מאַנטע קריסטאָ געזאָגט.

— איהר האט ערווארטעט, אז מיין זון זאל זיין א פייגלינג (טרוס)! האט מאָר־סערף אויסגערופען.

— הערר אלבערט מאָרסערף איז ניט קיין פייגלינג, האט, מאַנטע קריסטאָ געענטפערט.

— א מאן, וועלכער האט א שווערד אין האנד זיך צו שלאָגען און שלאָגט זיך ניט, איז ניט קיין פייגלינג! איך וועל איהם דאס זאגען אין דיא אויגען.

— מיין הערר, האט מאַנטע קריסטאָ קאלט געענטפערט, איך קען ניט אָננעמען, אז איהר זייט מיר געקומען דערציילען אייערע פאמיליען געשעפטען. גייט דערציילט עס הערן אלבערט, פיעלייכט, וועט ער וויסען בעסער וואס צו ענטפערן.

— ניין, ניין, האט מאָרסערף געזאגט מיט א האסטיגער שטימע, ניט וועגען דעם בין איך געקומען. איך בין אייך געקומען זאגען, אז איך רעכען אייך פאר מיין פיינד און איך האס אייך. און אזוי וויא דיא יונגע לייט שלאָגען זיך יעצט ניט גערן, וועלען מיר זיך שלאָגען. איז עס אויך ניט אייער מיינונג, מיין הערר?

— געוויס בין איך פון דיזער מיינונג.

— ווייסט איהר, אז מיר וועלען זיך שלאָגען אויף לעבען און טויט, האט דער גענעראל געזאגט צוזאמענקוועטשענדיג דיא ציין פאר וואוטה.

— ביז טויט פון איינעם פון אונז ביידען, האט מאַנטע קריסטאָ נאָכגעזאגט שאָקלענגדיג מיט'ן קאָפּ פון אויבען נאך אונטען.

— נו, לאָמיר שוין גיין, מיר דארפען ניט האבען קיין עדות.

— זעהר ריכטיג, האט מאַנטע קריסטאָ געזאגט, מיר קענען זיך דאך אזוי גוט!

— אין געגענטהייל, מיר קענען זיך ניט.

— ווייס איך וואס! האט מאַנטע קריסטאָ קאלט געזאָגט; לאָמיר נאר א וויילע זעהען. זייט איהר ניט דער סאָלדאט פערנאַן, וועלכער האט דעזערטירט פאר דער שלאכט פון וואטערלאָאָ? זייט איהר ניט דער לייטענאנט פערנאַן, וועלכער האט געדיענט אלס פיהרער אדער שפּיאָן דער פראנצויזישע ארמעע אין שפּאניען? זייט איהר ניט דער פּאָלקאָווניק פערנאַן, וועלכער האט פערראַטהען, פערקויפט און ערמאָרדעט זיין וואָלטהעטער אלי? און האבען דיעזע אלע פערנאַנס צוזאמען ניט געבילדעט דעם גענעראל גראף מאָרסערף?

— אָה! האט דער גענעראַל אויסגערופען, וועלכער איז געווען געטראָפען פון דיזע ווערטער וויא מיט גליהענדען אייזען; אָה! נידערטרעכטיגער, דו ווארפסט מיר פּאָר מיין שאנדע פיעלייכט אין דעם מאָמענט, ווען דו ווילסט מיך טויטען; ניין, איך האב ניט געזאגט, אז איך בין דיר אונבעקאנט; איך ווייס גאנץ גוט, אשמדאי, אז דו האסט געמוזט ערגעץ דערשמעקען מיין פערגאנגענהייט, אבער פיעלייכט איז נאך דאָ אין מיר מעהר עהרע וויא אין דיר אונטער דער מאסקע פון רייכטהום. ניין, ניין, איך בין דיר געווען בעקאנט, איך ווייס, אבער דיך קען איך ניט, דו בעפוצטער פויגעל אין גאָלד און דיאַמאַנטען. דו לאזט זיך רופען אין פאריז גראף מאָנטע קריסטאָ; אין איטאליען, סימבאַד דער מאַטראָז; אין מאלטע ווייס איך ניט וויא דו האסט זיך גערופען. אבער איך וויל האבען דיין ריכטיגען נאָמען פון אלע דיינע טויזענד נעמען, איבערהויפּט פאַרן קאַמפּף, ווען איך וועל דיר ארײנשטויסען מיין שווערד אין דער ברוסט.

דער גראף מאָנטע קריסטאָ איז שרעקליך בלייך געוואָרן, זיין ווילדער בליק האט זיך ארומגערינגעלט מיט א פלאם פייער; מיט איין שפּרונג איז ער געווען אין זיין קאבינעט און האט פון זיך אראָפּגעריסען זיינע אויבערשטע קליידער און האט ארויפגעוואָרפען אויף זיך א יאַק און א העט פון א מאַטראָז.

ער איז אריינגעקומען אויך אזוי שרעקליך און געשטאָהלט; ער איז געגאנגען ענטקעגען מאָרסערף מיט פערלייגטע הענד, וועלכער האט ניט פערשטאנען זיין שנעלען ארויסגיין און ער האט געווארט. ווען ער האט איהם געזעהען אזוי ארײנקומענדיג, האט ער געפיהלט זיינע ציין קלאפּענדיג און זיינע פיס זיך בייגענדיג אונטער איהם; ער האט זיך געגעבען א וואָרף צוריק און האט געזוכט מיט זיינע צונויפגעקוועטשטע הענד איין אנשפּאר אָן א טיש.

— פערנאַן! האט מאָנטע קריסטאָ צו איהם אויסגעשריען, פון אלע מיינע הונדערט נעמען, וועט זיין גענוג פאר דיר צו דערמאָנען איינעם, אום דיך צו צושמעטערן. אבער דיזען נאָמען טרעפסטו דאך, ניט אמת? דען טראָץ אלע מיינע שמערצען, אלע מיינע קוואלען, צייג איך דיר היינט א געזיכט, וועלכע דער גליק פון ראַכע האט יונג געמאכט

א געזיכט, וועלכע דו האסט געמוזט זעהר אפט זעהען אין טרוים נאך דיין חתונה.... מיט מערסעדעס, מ ין כל ·!

דעם קאפ צו קג ווארפען, דיא הענד אויסגעברייטעט, מיט מוטנע אויגען, האט מארסערף שטום ־רהי ד אנגעשטארצעט דיזען שרעקליכע בילד; דאן זיך שאקלענדיג צו דער וואנד האט ער זיך מיט איהר אראפגעשארט ביז צו דער טהיר און איז ארויס פון איהר ארויסלאזענדיג א דומפען, הארצרייסענדען געשריי: עדמאן דאנטעס!

ער איז אראפגעלאפען דיא טרעפ וויא א משוגענער און איז אריין אין זיין וואגען און האט זיך געהייסען שנעל פיהרען אהיים. ווען ער איז אריין אין הויף האט ער גע־זעהען שטייענדיג א פרעמדען וואגען; ער האט זיך ניט געטרויט אויסצופרעגען און איז אריין אין הויז. גייענדיג האט ער געזעהען אראפגייענדיג צוויי פערזאן פון דער אנדערער טרעפ. דאס איז געווען מערסעדעס מיט איהר זון, וועלכע זיינען ארויס פון הויז.

זיי זיינען פערביינעגאנגען דעם אונגליקליכען, וועלכער איז געווען בעהאלטען הינ־טער א טהיר און ער האט געהערט וויא אלבערט האט געזאגט צו זיין מוטער:

— מוטה, מיין מוטער! קום, קום, מיר זיינען ניט מעהר ביי זיך. דיא ווערטער זיינען פערשטומט געווארען און דיא טריט זיינען שוין געוועזן ווייט.

מארסערף האט זיך אויפגעשטעלט און האט זיך אנגעהאלטען פאר דער טהיר; ער האט אונטערדריקט דעם שרעקליכסטען יאמער, וועלכער האט נאר געקענט א מאל ארויס פון דער ברוסט פון א פאטער, וואס איז אויף איין מאל פערלאזען געווארען פון זיין פרוי און זיין זון....

באלד האט ער געהערט אפפאהרענדיג א וואגען און ער איז צוגעגאנגען צום פענסטער צו זעהען צום לעצטען מאל אלעס, וואס ער האט געליעבט אויף דער וועלט; אבער מערסעדעס און אלבערט זיינען געזעסען אין וואגען און ער האט זיי ניט געקענט זעהען.

אין דענזעלבען מאמענט, ווען דער וואגען איז שוין געווען אויפ'ן גאס, האט זיך דערהערט א שאס און א רויך איז ארויס דורכ'ן פענסטער, וועלכע איז צובראכען גע־ווארען דורך דעם קלאפ פון דעם פיסטאלעט, מיט וועלכען מארסערף האט זיך צער־שמעטערט דעם קאפ.

## 13טער קאפיטעל.

## ווייעדער גיפט.

וואלענטינע האט ערווארטעט מא־על'ן. מארעל האט זיא געפונען זעהר צוטרא־גען. דיזע צוטראגענהייט איז געקומען פון מארסערף'ס געשיכטע אין אפערא־הויז. אין ווילפאר'ס הויז האט מען אנדערס ניט גערעכענט, אז דערפון מוז קומען א דועל. וואַ־לענטינע האט געוואוסט, אז מארעל וועט זיין מאנטע קריסטאס סעקאנדאנט, און עס האט נאך געקענט זיין, אז מארעל זאל דערביי נעמען וועלכען טהעטיגען אנטהייל אויך. דארום האט זיך וואלענטינע געפיהלט גליקליך, ווען מארעל האט איהר דערציילט, אז דער דועל איז גליקליך אפגעלאפען,

מאָרעל האט געהאט פון נואַרטיע דיא ערלויבניס צו בעזוכען וואלענטינע צוויי מאָל דיא וואָך. היינט איז געווען זיין בעזוכס טאָג.

וואלענטינע האט צוגעפיהרט מאָרעל צום אלטען און דאן האבען זיי זיך אונטער־האלטען וועגען נואַרטיעס און וואלענטינעס באלדיגען ארויסמופען. אין לויף פון געשפרעך האט מאָרעל בעמערקט, אז וואלענטינע זעהט זעהר שלעכט אויס. זיא האט ערקלערט, אז זיא ליידעט עפּעס אויף'ן מאָגען פון עטליכע טעג, נאר עס קען זיין, אז דאס איז פון דיא מעדיצין, וועלכע דער זיידע הייסט איהר טרינקען אלע טאָג.' אבער היינט פיהלט זיא ערגער, צייט זיא האט געטרונקען פון א פלאַש וואסער, וועלכע שטייט אונטען, און האט געהאט א ביטערן טעם. נואַרטיע איז בלייך געוואָרען, ווען ער האט עס געהערט. ער האט געגעבען א וואונק, אז מען זאל איהם ברייננגען א ווערטערבוך.

וואלענטינע איז אויפגעשטאנען און איז געגאנגען נעמען דעם ווערטערבוך. אזוי וויא זיא האט געמאכט עטליכע טריט, איז איהר אריין דיא בלוט אין קאָפּ און זיא האט זיך אָנגעפאנגען צו שאָקלען. מאָרעל איז נים טויט ניט לעבעדיג צו איהר צוגעלאָפען. וואלענטינע האט איהם געענטפערט מיט א שמייכעל, אז עס איז גארניט און עס וועט איבערגיין. אין דיזען אויגענבליק האבען זיך דערהערט שטימען אין קאָרידאָר, און וואַ־לענטינע האט דערקענט, אז עס איז מאדאם דאנגלאר און מאדאם ווילפאָר. זיא האט געגריסט מאָרעל'ן און איז שנעל ארויסגעלאָפען....

ווען וואלענטינע איז ארויס האט נואַרטיע געוואונקען צו מאָרעל'ן, אז ער זאל איהם געבען דעם ווערטערבוך. מאָרעל האט איהם דערלאנגט און נואַרטיע האט אויס־געזוכט דיא ווערטער:

„ברייננגט מיר דיא פלאַש און דיא גלאָז פון וואלענטינעס צימער, פון וואס זיא האט געטרונקען."

מאָרעל האט אָנגעקלונגען און א דיענער איז אריינגעקומען. מאָרעל האט איהם געהייסען גיין ברייננגען דיא פלאַש מיט'ן גלאָז. דער דיענער איז ארויס און איז באלד געקומען צוריק מיט'ן ליידיגען, ער האט דערציילט, אז פריילייין וואלענטינע האט יעצט פערבייגייענדיג אויסגעטרונקען דעם רעסט פון דער גלאָז, און דער קליינער עדואר האט מיטגענומען דיא פלאַש צו מאכען פון דעם וואסער א טייכעל פאר זיינע פויגלען.

אין דיזען אויגענבליק האט מאָרעל דערהערט אין קאָרידאָר א געשריי און א פאל. מיט איין שפּרונג איז ער געווען אין קאָרידאָר און האט דארטען געפונען וואלענטינען ליגענדיג אויף דער ערד. שנעל וויא א בליץ האט זיא מאָרעל געכאפּט אין זיינע אָרעם און האט זיא אריינגעטראָגען אין צימער און האט זיא אריינגעזעצט אין א טשער. נואַרטיע, וועלכער איז געווען האלב טויט פאר שרעק, האט געוואונקען, אז מען זאל רופען הילפע. מאָרעל איז צוגעלאָפען צום גלאָק און האט געקלונגען מיט אלע כחות.

וואלענטינע, וועלכע איז געווען זעהר שוואך, האט געזוכט צו בערוהיגען איהר זיידען און מאָרעל'ן, אז עס איז גארניט און עס וועט אריבערגיין.

באלד האט זיך דערהערט ווילפאָר'ס שטימע פון דרויסען. נואַרטיע האט געוואונקען צו מאָרעל'ן, אז ער זאל זיך בעהאלטען. מאָרעל האט זיך פערשטעלט הינטער דעם פאר־האנג פון טהיר. ווילפאָר איז באלד אריינגעשפּרונגען. ווען ער האט נאר דערזעהען

וואלענטינעס צושטאנד, האט ער זיא געכאפט אין זיינע אָרעם און האט אָנגעפאנגען צו שרייען ניט מיט זיין קול:

— א דאָקטאָר! א דאָקטאָר!.... הערר אווריני!.... אדער איך לויף אליין צו איהם. און ער איז ארויסגעשפרונגען פון צימער.

מאָרעל איז ארויסגעשפרונגען נאך איהם. ער האט בעקומען א שרעקליכען שטויס אין הארצען, ווען ער האט זיך פלוצלונג דערמאָנט אָן דעם געשפרעך צווישען דאָקטאָר אווריני און ווילפאָר וועגען דעם גיפט אין ווילפאָר'ס הויז, און וועגען דעם טויט פון מאדאם סען מעראן און בארוא. אין דערזעלבער צייט האט איהם געקלונגען אין אויער דיא ווערטער פון מאָנטע קריסטאָ, וועלכער האט איהם געזאגט:

— אין יעדער זאך וואס איהר וועט דארפען, מאָרעל, קומט צו מיר, איך קען פיעל טאָן.

און שנעל וויא דער געדאנקען איז ער אוועק אין שאן־זעליזע.

אין דיזער צייט איז ווילפאָר אָנגעקומען צום דאָקטאָר אווריני. ער האט כמעט אויפגעבראָכען דיא טהיר פון דעם דאָקטאָר'ס צימער.

— אה! דאס זייט איהר! האט דער דאָקטאָר געזאגט.

— יא, האט ווילפאָר געזאגט צומאכענדיג דיא טהיר הינטער זיך, יא, דאָקטאָר דאס בין איך וואס קומט אייך יעצט פרעגען אויב מיר זיינען אליין. דאָקטאָר מיין הויז איז א פערפלוכטע!

— וויא! האט דער דאָקטאָר געזאגט קאלט אין אויסזעהען, אבער מיט א טיעפע אינערע ערעגונג, האט איהר שוין ווידער א קראנקען אין הויז?

— יא, דאָקטאָר! האט ווילפאָר אויסגערופען אָנכאפענדיג זיך פאר דיא האָר. יא!

דער דאָקטאָר האט א ווייל בעטראכט ווילפאָר, אזוי וויא ער וואלט געוואָלט זאגען: איך האב עס אייך פאָראויס געזאגט, און דאן האט ער געזאגט מיט געציילטע ווערטער:

— ווער וועט דען ביי אייך שטארבען און וועלכער נייער פערברעכען וועט ווייטער בעשולדיגען אונזער געוויסען?

א שמערצליכער יאָמער איז ארויס פון ווילפאָר'ס ברוסט; ער איז צוגעגאנגען צום דאָקטאָר און האט אָנגעכאפט זיין אָרעם:

— וואלענטינע! האט ער געזאָגט, עס איז דיא רייהע פון וואלענטינען!

— אייער טאָכטער! האט אווריני אויסגערופען מיט גרויס שמערץ און איבער־ראשונג.

— זעהט איהר, אז איהר האט א טעות געהאט ווען איהר האט זיא בעשולדיגט, האט ווילפאָר געמורמעלט; קומט זיא זעהען, זיא ליגט יעצט אין איהר שמערצענס בעט, און בעט ביי איהר פערצייהונג.

— יעדעס מאָל ווען איהר האט מיך גערופען איז עס געווען צו שפעט; לאָמיר זיך יעצט בעאיילען, דען מיט אייערע פיינד דארף מען ניט פערלירען דיא צייט.

— אָה! דעם מאָל, דאָקטאָר, וועט איהר מיר מעהר ניט פאָרוואָרפען מיין שוואכקייט. דעם מאָל וועל איך קענען דעם מערדער און איך וועל איהם דערשלאָגען!

— פריהער לאָמיר רעטען דעם קרבן און דאן וועלען מיר דענקען ארום בעצאָהלונג, קומט שנעל!

באלד זיינען זיי געווען ביידע אין וואָגען און זיי זיינען אוועק אין ווילפאָר'ס הויז.

14טער קאפיטעל.

## מאָרעל און מאָנטע קריסטאָ.

מאָרעל איז אריינגעפלויגען צו מאָנטע קריסטאָ א בלייכער און מיט ווילדע אויגען. ווען דער גראף האט איהם דערזעהען אין דיזען צושטאנד איז ער אויפגעשפרונגען.

— וואס איז געשעהען, מאַקסימיליאַן! האט ער אויסגערופען.

— אָה! א גרויסער אונגליק! האט מאַקסימיליאַן געזאגט אריינפאלענדיג אין א טשער.

— זאגט וואס איז געשעהען?

— אָה, איך וויים ניט אויב איך מעג דערציילען א געהיימניס, אבער דיא נויט טרייבט מיך דערצו, גראף.

— גלויבט איהר, אז איך ליעב אייך? האט מאָנטאָ קריסטאָ געזאָגט אָננעמענ־דיג זיין האנד און איהם בעטראַכטענדיג מיט א פאָטערליכען בליק.

— אָה! איהר גיט מיר מוטה, האט מאָרעל געזאגט, און פאר אייך קען איך קיין געהיימניס ניט האלטען.

— וועל! לאָזט אייער הארץ ריידען, האָט מאָנטע קריסטאָ געזאגט מיט א שמייכעל.

— יא, זאָל מיין הארץ ריידען, הערט מיך אויס. איין אָבענד בין איך געווען בעד האָלטען אין א גאָרטען און האָב געהערט צוויי פּערזאָן ריידענדיג. זיי האבען גערעט שטילערהייד און דיא ווערטער זיינען קוים צו מיר צוגעקומען. איינער פון זיי איז געווען דער הערר פון הויז און דער אַנדערער א דאָקטאָר. זיי האבען גערעט וועגען צוויי טויטע אין הויז אין איין מאָנאַט. דער דאָקטאָר האט געזאָגט, אז ביידענס טויט איז געקומען דורך פערגיפטונג.

— מאָנטע קריסטאָ האט צוגעהערט אדער ער האט געשיינט צו צוהערן מיט דער גרעסטער רוהע.

— וועל! האט מאַקסימיליאַן פאָרטגעזעצט, איך האב געהערט וויא דער דאָקטאָר האט דאן געזאָגט, ווען אזא זאך וועט נאך א מאָל פאָרקומען אין זיין הויז, וועט ער זיין פערפליכטעט דאס אנצוצייגען דעם געריכט. און יעצט האט דער טויט ווידער גע־קלאפט אין, דיזער הויז און ניט דער הערר פון הויז און ניט דער דאָקטאָר האבען עפּעס געזאגט.

— מיין טייערער פריינד, האט מאנטע קריסטא געזאגט, איהר שיינט מיר דא צו דערציילען א געשיכטע, וועלכע יעדערער פון אונז קען זיא אויסגעצייכענט. דיא הויז וואו איהר האט דאס געהערט קען איך גאנץ גוט. און כאָטש קיינער האָט מיר ניט דערציילט, וויים איך וואָס דאָרטען האט פּאסירט. פון דעסטוועגען זעהט, קימערט

מיך עפּעס דיזע געשיכטע? וואס זאָלט איהר זיך מעהר קימערן ווענען א זאַך, וועגען וועלכער דיא נאָהענטע לייט דערפון קימערן זיך ניט? ווען מען זאָל אָננעמען, אז א שטראָף איז געפאלען אויף דיא הויז, דאן קעהרט זיך אָפּ פון איהר און זאָל עס גיין וויא עס גייט.

מאַרעל האט געשווידערט. אין דעם טאָן פון דעם גראַף׳ס ווערטער איז געלעגען עטוואָס שרעקליכעס.

— איבריגענס, האט ער פאַרטגעזעצט מיט א ווייכער און גאנץ אנדערער שטימע, ווער האט אייך געזאגט, אז דער טויט קלאַפּט ווידער דאַרטען?

— ער קלאַפּט ווידער! האט מאַרעל אויסגעשריען, און דערפאר קום איך יעצט צו אייך.

— וועל! וואס ווילט איהר, אז איך זאָל טאָן, מאַרעל? ווילט איהר אפשר, אז איך זאָל דאס מעלדען דעם קעניגליכען פּראָקוראָר?

— גראַף! איהר ווייסט פון וועמען איך רעד?

— געוויס ווייס איך, מיין פריינד, און איך ווייס אויך ווער עס איז פערגיפטעט געוואָרען. אָבער וואס קימערט עס אייך? זאלען זיי רוהיג שלאָפען.

א געוואלטיגער שמערץ האט זיך געשפּיגעלט אויף מאַרעל׳ס געזיכט; ער האט אָנגעכאפּט מאָנטע קריסטאָ׳ס האנד.

— אָבער עס פאנגט ווידער אָן, זאג איך אייך!

— וועל! האט מאָנטע קריסטאָ געזאגט ערשטוינט איבער דיזע צודרינגליכקייט, וועלכע ער האט ניט פערשטאנען און בעטראכטענדיג מאקסימיליאַנען אויפמערקזאם, זאָל עס אָנפאנגען; עס איז א פערפלוכטע פאמיליע. זיי פערשווינדען אזוי וויא דיא פּאַפּירענע פויגלען, וועלכע דיא קינדער מאכען און זיי פאלען ביין ערשטען בלאָז. זיינען זיי דען דאָ א סך? מיט צוויי מאָנאַט צוריק איז געפאלען סענט מעראַן, מיט צוויי מאָנאַט שפּעטער איז געפאלען מאדאם סענט מעראַן, מיט עטליכע טעג צוריק איז עס געווען באַרואַ; און היינט איז עס נואַרטיע אדער וואַלענטינע.

— איהר האט עס געוואוסט? האט מאַקסימיליאַן אויסגערופען מיט אזא שטימע פון שרעק, דאס מאָנטע קריסטאָ, דיזער מאן פון אייזען, האט א שוידער געגעבען; איהר האט עס געוואוסט און איהר האט עס געשוויגען!

— וואס קימערט עס מיך? האט מאָנטע קריסטאָ געענטפערט ציהענדיג דיא אקסלען, קען איך דען דיזע לייט, און דארף איך איינעם פערניכטען אום דעם אנדערן צו רעטען? ביי מיין לעבען, אז ניין, דען צווישען דעם קרבן און דעם שולדיגען האב איך ניט קיין פאָרצוג.

— אָבער איך, איך! האט מאַרעל געשריען מיט א שרעקליכע שטימע פון שמערץ, אבער איך ליעב זיא, איך!

— וועמען ליעבט איהר? האט מאָנטע קריסטאָ געשריען אויפשפּרינגענדיג און אָנבאַפּענדיג מאַרעל׳סביידע הענד, וועלכע יענער האט פערגראָבען אין זיינע האָר.

— איך ליעב פערצווייפעלט, איך ליעב צום משוגע ווערן, איך ליעב זיא וויא

א מענש, וועלכער וואלט אוועקגעגעבען זיין בלוט, אום איהר צו פערשפּאָרען א טרער; איך ליעב וואַלענטינע ווילפאָר, וועלכע מען ערמאָרדעט יעצט, הערט איהר דאס!

מאַנטע קריסטאָ האט ארויסגעשטויסען א ווילדען געשריי, פון וועלכען נאר דיא קענען האבען א בעגריף, וואס האבען געהערט דעם געבריל פון א פערוואונדעטען לייב.

— אונגליקליכער! האט ער געשריען ברעכענדיג דיא הענד, אונגליקליכער! דו ליעבסט וואלענטינען! דו ליעבסט דיזע מיידעל פון א פערפלוכטער משפחה!

נאך ניעמאלס האט מאָרעל ניט געזעהען אזא אויסדרוק, נאך ניעמאלס האט א אויג אזוי שרעקליך געפלאמט פאר זיין געזיכט, נאך ניעמאלס אין זיין לעבען האט ער בייגעוואָהנט אזוי וואס שרעקליכעס. ער איז צוריקגעטראָטען א צוציטערטער.

דיזע שרעקליכע סצענע האט געדויערט ניט מעהר וויא א צוואַנציג סעקונדען, דאן האט מאָנטע קריסטאָ'ס געזיכט בעקומען ביסלעכווייז דעם געוויינליכען אויסדרוק, און ער האט אויפגעהויבען זיין בלייכען שטערן.

— טייערער פריינד, האט ער געזאגט, איך האב בעטראכט דיזע טראַגעדיע אין ווילפאָר'ס הויז קאַלטבלוטיג, איך האב ביז יעצט געלאכט פון אלע שלעכטסקייטען, וועלכע דיא מענשען טוען, און יעצט בין איך זעלבסט געביסען אין הארצען פון דיזען שלאַנג.

מאָרעל האט ארויסגעלאָזען א דומפּען קרעכץ.

— נו, גענוג, האט דער גראף פאָרטגעזעצט, אזוי צו קרעכצען, זייט שטארק, זייט פול מיט האָפנונג, דען איך בין דאָ, דען איך וואַך איבער אייך.

מאָרעל האט טרויעריג געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— איך הייס אייך האָפען! פערשטייט איהר מיך? האט מאָנטע קריסטאָ געשריען. און ווייסט, אז איך זאג קיין מאל קיין ליגען ניט און איך האב קיין מאָל קיין טעות ניט. עס איז צוועלף א זייגער, מאַקסימיליאַן, הערט מיך אויס. ווען וואלענטינע איז נאך ביז יעצט ניט געשטאָרבען, וועט זיא ניט שטארבען.

— אך! האט מאָרעל אויסגערופען, און איך האב זיא געלאָזען שטאַרבענדיג.

מאָנטע קריסטאָ האט צוגעלייגט זיין האנד צום שטערן. אין א מינוט ארום האט ער ווידער אויפגעהויבען דעם קאָפּ, און דעם מאָל איז ער געוועזן רוהיג וויא א קינד וואס כאפּט זיך אויף.

— מאַקסימיליאַן, האט ער געזאגט, גייט רוהיג א היים; איך בעפעהל אייך גאָרניט צו טאָן, און איך וועל אייך לאזען וויסען אזוי באלד וויא איך וועל עס געפינען פאר נייטיג. גייט.

— איהר שרעקט מיך, גראף, האט מאָרעל געזאגט, מיט אייער קאַלטבלוט. קענט איהר דען עפּעס טאָן געגען דעם טויט? זייט איהר דען מעהר וויא א מענש? זייט איהר א מלאך! א גאָט?

און דער יונגער מאַן, וועלכער האט זיך פאר קיין געפאהר ניט געשראָקען, האט אָפּגעטראָטען פון מאָנטע קריסטאָ פאר שרעק. אָבער מאָנטע קריסטאָ האט איהם אָנגעקוקט מיט אזא טרויעריגען און אויך זיסען שמייכעל, דאס מאַקסימיליאַן האט גע־פיהלט טרערן אין זיינע אויגען.

— איך קען זעהר פיעל טאָן, מיין פריינד, האט מאָנטע קריסטאָ געענטפערט, גייט, איך מוז זיין אליין.

מאָרעל האט ניט גערעט א וואָרט, ער האט געדריקט דעם גראַף דיא האנד און איז ארויסגעגאנגען

## 15טער קאפיטעל.

## וואלענטינע.

ווען ווילפאָר מיט דעם דאָקטאָר אווריני זיינען געקומען אין ווילפאָר'ס הויז, האבען זיי געפונען וואלענטינען נאך אונמעבטיג. דער דאָקטאָר האט זיא בעטראכט מיט דער גרעסטער אויפמערקזאמקייט. ווילפאָר האט מיט ציטערניש געווארט איין ענטפער פון דעם דאָקטאָר. דער אלטער נוארטיע איז אויך געוועזען מעהר טויט וויא לעבענדיג און האט געווארט אויף דיא מיינונג פון דאָקטאָר.

— זיא לעבט נאך, האט ענדליך דער דאָקטאָר געזאגט שטילערהייד.

— נאָך! האט ווילפאָר אויסגעשריען. אָה! דאָקטאָר, וועלכען שרעקליכען וואָרט האט איהר דאס אויסגעשפראָכען!

— יא, האט דער דאָקטאָר געזאגט, איך זאג נאך א מאָל, אז זיא לעבט, און דאס וואונדערט מיך זעהר.

— אָבער איז זיא גערעטעט? האט דער פאָטער געפרעגט.

— יא, וויל זיא לעבט. אין דיזען מאָמענט האט אווריני בעגעגענט דעם בליק פון נוארטיע, וועלכער האט בעוויזען אזוי פיעל פרייד און האט געטראָגען אזוי פיעל גע־דאנקען אין זיך, דאס דער דאָקטאָר איז געוועזען איבערראשט דערפון.

— הערר ווילפאָר, האט ער געזאגט, זייט אזוי גוט און שיקט אריין א קאמער־מיידעל צו פריילין וואלענטינען.

אזו באלד וויא ווילפאָר איז ארויסגעגאנגען, איז אווריני צוגעגאנגען צו נוארטיע.

— איהר האט מיר עפּעס צו זאגען? האט ער איהם געפרעגט. דער אלטער האט געענטפערט מיט דיא אויגען, אז יא.

— מיר אליין?—יא.—ווּעל, איך וועל בלייבען מיט אייך.

אין דיזען מאָמענט איז ווילפאָר אריינגעקומען מיט דער דיענסט, און הינטער זיי איז געגאנגען מאדאם ווילפאָר.

— אבער וואס פעהלט דיר טייערעס קינד? האט זיא אויסגערופען. זיא איז ערשט ארויסגעגאנגען פון מיר; איך האב אפילו עפּעס געמערקט אויף איהר, אבער איך האב עס ניט געהעכענט פאר אזוי ערנסט.

דיא יונגע פרוי האט זיך מיט טרערן אין דיא אויגען און מיט פיעל עגמת נפש גענעהענט צו וואלענטינע אזוי וויא א וואהרע מוטער און האט גענומען איהר האנד.

אווריני האט אלץ געקוקט אויף נוארטיע. ער האט געזעהען וויא דעם אלטען'ס אויגען זיינען פערגאָסען געווארן מיט בלוט, זיינע באקען זיינען בלוי געווארן און האבען געציטערט, און דער שווייס האט געפערלט אויף זיין שטערן.

— אהא! האט דער דאָקטאָר ניט ווילענדיג געזאגט, און האט געקוקט אויף ווערמען דער אלטער קוקט, דאס הייסט אויף מאדאם ווילפאָר, וועלכע האט אין דיזער ווילע געזאגט:

— דיזע אָרימע קינד וועט זיך בעסער פיהלען אין איהר בעט וויא דאָ. קום, פעני, מיר וועלען זיא אנידערלייגען.

אווריני, וועלכער האט געוואלט בלייבען אליין מיט נוארטיע, האט אין דעם איינ־געשטימט, נאר ער האט אנגעזאגט וואלענטינען, וועלכע איז געקומען צו זיך, אז זיא זאל ניט נעמען קיין זאך, אויסער וואס ער אליין וועט איהר געבען. וואלענטינע האט נאך געהאט כוח צו גריסען דעם זיידען און מען האט זיא אוועקגעטראגען.

אווריני האט פערשריעבען א רעצעפט און האט געגעבען ווילפאָר'ן, אז ער זאל אליין ברייננען און דאן זאל ער ווארטען אויף איהם ביי וואלענטינען. ווען ווילפאָר איז ארויס, האט דער דאָקטאָר צוגעשלאָסען דיא טהיר און איז צוגעגאנגען צו נוארטיע.

— אלזאָ, האט ער צו איהם געזאגט, ווייסט איהר עפּעס איבער וואלענטינעס קראנקהייט?—יא, האט דער אלטער געמאכט.

— האט איהר פאַראויס געזעהען, אז דער היינטיגער פאל וועט פאָרקומען?— יא.—ווייסט איהר, אז בארוא איז פערגיפטעט געוואָרן?—יא.—ווייסט איהר, אז דער גיפט איז ניט פאר איהם נעגעבען געוואָרן?—יא.—יעצט, דענקט איהר, אז דיזעלבע פערזאָן האט געוואלט פערגיפטען וואלענטינען?—יא.—דענקט איהר, אז זיא וועט אויך פאלען צום קרבן פאר'ן מערדער?—ניין, האבען דעם אלטען'ס אויגען געענטפערט מיט א געוויסהייט.

— וויא אזוי האפט איהר עס? האט אווריני פערוואונדערט געפרעגט.

דעם אלטען'ס אויגען האבען געקוקט אויף א פלאש, וועלכע איז געשטאנען אויפ'ן פענסטער. דער דאָקטאָר האט געזעהען, אז עס איז דיא פלאש נעגען גיפט, וועלכע ער האט פערשריעבען פאר נוארטיע.

— אהא, האט דער דאָקטאָר אויסגערופען נאך מעהר ערשטוינט, איהר גיט איהר נעגען גיפט, אום זיא צו שיצען פאר גיפט.

— יא, האבען דעם אלטען'ס אויגען געענטפערט מיט גרויסער פרייד, וויל מען האט איהם פערשטאנען.

— עס איז א גליק וואס איהר האט עס געטאָן, האט דער דאָקטאָר געזאגט, דען אָהן דעם וואלט זיא היינט ניט געלעבט. יעצט וועניגסטענס וועט זיא ניט שטארבען.

דעם אלטען'ס אויגען האבען געפלאמט פאר פרייד. אין דיזען מאָמענט איז גע־קומען ווילפאָר מיט דער מעדיצין.

אין דער צייט ווען אווריני און ווילפאָר זיינען אריינגעגאנגען אין וואלענטינעס צימער, האט איין איטאליענישער גייסטליכער געדונגען דיא הויז, וועלכע האט זיך גע־שלאָסען מיט ווילפאָר'ס הויז. דער גייסטליכער האט געהייסען בוזאָני.

## 16טער קאפיטעל.

# פאר דער חתונה.

אין דער צייט ווען דיא טרויעריגע סצענע האט זיך אָפּגעשפּיעלט אין ווילפּאַר'ס הויז האט דאַנגלאַר געהאט א שארפען געשפרעך מיט זיין טאָכטער עזשעניע. דיא יונגע מיידעל האט אויף קיין פאל ניט געוואָלט הייראַטהען אנדרעאַ קאַוואַלקאַנטי, דען זיא האט איהם ניט געקענט ליידען, און זיא האט איבערהויפּט געהאט א גרויסען האס געגען חתונה האבען. זיא האט געוואלט בלייבען פריי. אָבער ווייל דער פאָטער האט אָנגעפאנגען פאר איהר כמעט צו וויינען, און האט איהר געזאגט, אז ער ווערט צו ליעב דעם אונגליקליך, דען ער האלט ביין באַנקראָט, און נאר אנדרעאַ'ס פערמעגען אליין קען איהם רעטען, האט זיא מיט א שווערען הארצען איינגעווילינט. זיא האט זיך מקריב געווען פאר'ן פאָטער.

מיט דריי טעג שפּעטער האט געדארפט זיין דיא חתונה. אין דעם לעצטען טאָג איז אַנדרעאַ, אָנגעטאָן וויא א פּרינץ, לוסטיג און לעבעדיג, געקומען צו פאָהרען אויף א פּאָר טייערע פערד צו מאָנטע קריסטאָ איהם בעטען אויף דער חתונה. מאָנטע קריסטאָ האט איהם ענטשיעדען ענטזאגט און האט איהם געזאגט, אז ער וועט זיין ביין אונטערשרייבען דעם קאָנטראַקט וויא יעדער אנדערער. אַנדרעאַ איז אוועק מיט א נאָז.

געגען אכט א זייגער אבענד איז דאַנגלאַר'ס הויז געווען אויסגעפּוצט וויא א צויבער פּאלאַץ. דיא גרעסטע און דיא רייכסטע לייט זיינען ביי איהם געווען פערזאמעלט. דיא כלה איז געווען אויסגעפּוצט וויא א פּרינצעסען, דאָך איז אויף איהר געזיכט געלעגען א טרויעריגקייט. אנדרעאַ קאַוואלקאַנטי אין געגענטהייל, האט געגלענצט פאר פערגע־ניגען. ער איז געווען אָנגעטאָן וויא א בן מלך און האט ארומגעשטאָלצירט צווישען דיא רייכע געסט, פון וועלכע עס האבען געבלישצעט פּערלען און דיאמאַנטען.

געגען נייען א זייגער האבען אלעמעס אויגען געקוקט אויף דער טהיר. דער גראַף מאָנטע קריסטאָ איז אריינגעקומען.

ער איז צוגעגאנגען צו מאדאַם דאַנגלאַר, וועלכע האט גערעט מיט מאדאַם וויל־פאָר און וואו וואַלענטינע האט זיך אויך געפונען. זיא איז נאך געווען בלייך פון דער פּלוצליכער קראנקהייט. מאָנטע קריסטאָ האט זיי אלעמען געגריסט און האט דאן א וואָרף געטאָן דיא אויגען ארום זיך. זיין בליק האט געשיינט צו זאָגען:

— איך האב געטאָן וואס איך האב געדארפט; יעצט זאלען דיא אנדערע טאָן וואס זיי זיינען מיר שולדיג.

אַנדרעאַ, וועלכער איז געווען אין אנדערן זאל, האט געפיהלט א שוידער איבער זיין לייב, ווען ער האט דערזעהען מאָנטע קריסטאָ און ער איז צוגעגאנגען איהם גריסען. אָבער ער האט איהם געפונען ארומגערינגעלט און האט ניט געקענט צוקומען צו איהם.

אין דיזער צייט זיינען אָנגעקומען ביידע נאָטאריוסען צו שרייבען דעם חתונה קאָנטראַקט צווישען אנדרעאַ קאַוואלקאַנטי און עזשעניע דאַנגלאַר.

אַנדרעאַ, וועלכער איז געווען ארומגערינגעלט און האט בעקומען קאָמפּלימענטען, האט שוין אָנגעפאנגען אין אמת'ן צו גלויבען אין זיין באַלדיגען גליק.

דערווייל זיינען דיא נאָטאַריוסען פארטיג געוואָרען מיט'ן שרייבען דעם קאָנטראַקט און איינער פון זיי האט אויסגערופען מיט א וויכטיגער שטימע.

— יעצט דארף מען אונטערשרייבען דעם קאָנטראַקט, מיינע העררען.

דער באַראָן דאַנגלאַר איז צוגאַנגען דער ערשטער און האט זיך אונטערשריעבען. דאן איז צוגעגאנגען מאַדאַם דאַנגלאַר געאָרמט מיט מאַדאַם ווילפאָר.

— מיין פריינד, האט זיא געזאגט נעמענדיג דיא פעדער אין האנד, עס איז זעהר צו בעדויערן, ניט אמת? אז צוליעב דער גנבה און דעם מאָרד ביי דעם גראף מאָנטע קריסטאָ אין הויז קען הערר ווילפאָר ניט קומען.

— איך האב זעהר מורא, האט מאָנטע קריסטאָ געזאגט צוקומענדיג, אז ניט ווילענדיג זאל איך זיין דיא אורזאך פון זיין ניט זיין דאָ.

— וויא אזוי, איהר? האט מאַדאַם דאַנגלאַר געזאגט. ווען דאס איז אזוי וועל איך אייך קיין מאל ניט פערצייהען.

אנדרעאַ האט אָנגעשפיצט דיא אויערן.

— עס איז פון דעסטוועגען ניט מיין שולד, און דערפאר וועל איך עס ערקלערן.

אלע האבען אָנגעשפּאַנט דיא אויערן; דער גראף וועלכער האט זעלטען אויפגע־מאכט דעם מונד, איז געגאנגען ריידען.

— איהר געדענקט, האט דער גראף געזאגט אין דעם אלגעמיין טיעפען שווייגען, אז דאס איז געוועזען ביי מיר, וואו דער אונגליקליכער איז געשטאָרבען ווען ער איז געקומען גנבנען, און וועלכער איז געטויטעט געוואָרען ארויסגייענדיג פון מיר דורך זיינעם א קאַמעראַד?

— יאָ, האט דאַנגלאַר געזאָגט.

— וועל! ווען מען איז געלאָפען איהם העלפען האט מען איהם אויסגעטאָן, און ווען דיא פּאָליציי האט צוגענומען זיינע זאכען, האט זיא פערגעסען אויפ'ן פּלאַץ א וועסט פון דעם [illegible]מאָרדעטען.

אַנדרעאַ איז שרעקליך בלייך געוואָרען און האט זיך גערוקט צו דער טהיר; ער האט געזעהען, אז וואָלקענס קלייבען זיך און אז עס וועט געבען א שטורם.

— וועל! היינט האט מען געפונען דיא וועסט א פערבלוטיגטע און דורכגעשטאָ־כען אויף דעם פּלאַץ פון הארץ.

דיא דאַמען האבען ארויסגעשטויסען געשרייען און צוויי אדער דריי האבען זיך אנגעגרייט צו חלשון.

— מען האט מיר געבראכט דיא וועסט, און ווען דיא דיענער האבען זיא דורכ־געטאַפּט האבען זיי אין איהר געפונען א פּאַפּיער אדרעסירט.... טרעפט צו וועמען? צו אייך, באַראָן.

— צו מיר? האט דאַנגלאַר אויסגערופען.

— געוויס צו אייך. איך האב אליין געלעזען דעם פערבלוטיגטען פּאַפּיער, האט מאָנטע קריסטאָ געענטפערט ביי אלגעמיינער איבערראַשונג.

— אָבער וואס האט דיזע געשיכטע אָפּצוהאַלטען הערן ווילפאָר צו קומען צו אונז? האט מאַדאַם דאַנגלאַר געפרעגט,

— נאנץ איינפאך, מאדאם, האט מאָנטע קריסטאָ געענטפערט, דיזע וועסט מיט'ן בריעף דיענען אלס בעווייז געגען מערדער און איך האב זיי אוועקגעשיקט צום קעניגליכען פּראָקוראָר.

אנדרעאַ האט שארף בעטראכט מאָנטע קריסטאָ און איז פערשוואונדען אין צווייטען צימער.

— איז דער ערמאָרדעטער ניט געווען איין אלטער קאטאָרזשניק? האט דאנגלאר געפרעגט.

— יא, האט מאָנטע קריסטאָ געענטפערט, איין אלטער קאטאָרזשניק מיט'ן נאָמען קאדרוס.

דאנגלאר איז לייכט בלייך געוואָרן; אנדרעא האט זיך ארויסגעכאפּט פון צווייטען זאַל און איז אריין אין פאָרצימער.

— אָבער אונטערשרייבט דאך דעם קאָנטראַקט, האט מאָנטע קריסטאָ געזאגט, וויא איך זעה האב איך אייך מיט מיין ערצעהלונג געשטערט און איך בעט אייך אום פערצייהונג.

— הערר פּרינץ קאוואלקאנטי! האט דער נאָטאריוס ארויסגערופען, הערר פּרינץ קאוואלקאנטי, וואו זייט איהר?

— אנדרעא! אנדרעא! האבען מעהרערע יונגע לייט ארויסגערופען, וועלכע זיינען מיט איהם געווען בעפריינדעט און האבען איהם גערופען ביין ערשטען נאָמען.

— זוכט אויף דעם פּרינץ! האט דאנגלאר געשריען.

אין דיזען מאָמענט זיינען אלע צוריקגעטראָטען פאר שרעק, אזוי וויא זיי וואלטען געזעהען א מחנה טייוואָלים. און עס איז געווען פון וואס עס זאלען זיך שטעלען דיא האָר אויפ'ן קאָפּ.

א זשאנדארען אָפיצער האט געשטעלט ביי יעדער טהיר פון זאַל צוויי זשאנדארן און איז געגאנגען ענטקעגען דאנגלאר בעגלייטעט פון א פּאָליציי קאָמיסאר.

מאדאם דאנגלאר האט ארויסגעשטויסען א געשריי און איז געפאלען חלשות.

דאנגלאר, וועלכער האט געגלויבט, אז מען מיינט איהם, האט געציטערט פאר שרעק.

— וואס איז געשהען, מיין הערר? האט מאָנטע קריסטאָ געפרעגט צוגייענדיג צום קאָמיסאר.

— ווער פון אייך, מיינע העררען, האט דער קאָמיסאר געפרעגט, הייסט אנדרעאַ קאוואלקאנטי.

עס איז געוואָרן א שרעקליכע טרעוואָגע; מען האט געזוכט, געפרעגט.

— אָבער ווער איז דען דיזער קאוואלקאנטי, האט דאנגלאר געפרעגט א צר שטערטער.

— איין אלטער קאטאָרזשניק, וועלכער איז ענטלאָפען פון קאטאָרגע פון טולאָן.

— און וועלכען פערברעכען האט ער בעגאנגען?

— ער האט ערמאָרדעט זיין אלטען קאמעראַד קאדרוס אין דער צייט ווען ער איז ארויס פון הערן גראף מאָנטע קריסטאָ.

מאַנטע קריסטאַ האט א וואָרף געטאָן א שנעלען בליק ארום זיך. אנדרעא איז פערשוואונדען.

## 17טער קאַפּיטעל.

## אין דער קרעטשמע.

נאך דער סצענע אין דאנגלאר'ס הויז, האט זיך עזשעניע ענטשלאָסען צו פערלאָזען איהר עלטערנס הויז. פון לאנג אָן איז געווען איהר ציעל איפּצוטרעטען אויף דער ביהנע און זיין פריי און אונאבהייננינ. יעצט האט זיא געהאט דערצו דיא בעסטע געלעגענהייט. צוזאמען מיט איהרע א גוטע פריינדין, אויך א יונגע מיידעל, האבען זיי אין דערזעלבער נאכט איינגעפּאַקט זייערע זאכען און ציערונג און זיינען אוועק נאך בעלגיען. ווען זיי זיינען אָפּגעפאָהרען שיינע עטליכע מייל זיינען זיי אָנגעקומען אין דער שטעטעל קאָמפּיען און האבען זיך דארטען אָפּגעשטעלט אין א קרעטשמע אויף איבער נאכט.

אין דערזעלבער נאכט איז אויך בענעדעטאָ ענטלאָפען פון דאנגלאר'ס הויז. ווען ער האט דערהערט מאַנטע קריסטאָ'ס לעצטע ווערטער, אין איהם שוין ניט פריילעך געווארן און ער איז אוועק נאך איידער דיא זשאנדארן זיינען געקומען. ער האט אבער אויך ניט פערגעסען, פערביילויפענדיג זיין כלה'ס צימער, מיטצונעמען איהר ציערונג, וועלכע איז געלעגען אויבען אויף. א פּאָר טויזענד פראנק האט ער אלע מאָל ביי זיך געטראָגען.

ווען ער איז געווען דרויסען האט ער געכאפּט א דראָשקע און איז ארויס פון פּאריז. הינטערן שטאָט האט ער געדונגען א וואָגען און איז ווידער אָפּגעפאָהרען עטליכע מייל. דאן האט ער ווידער גענומען א פערד און איז אָנגעקומען אין דער שטעטעל קאָמפּיען. פאר דער שטעטעל האט ער זיך געהאלטען איין עצה וואס ער זאל טאָן. דער איינציגער מיטעל זיך צו רעטען איז פאר איהם געווען אריבערצוקומען דיא בעלגישע גרענעץ; ערשט אין בעלגיען קען ער זיך פיהלען א ביסעל זיכער. פאָהרען האט ער ווייטער מורא געהאט, דען מען האט שוין געמוזט פון פּאריז קלאפּען דעפּעשען פון זיינעט וועגען; איז דער זיכערסטער פּלאן געווען ביי נאכט צו גיין און ביי טאָג זיך בעהאלטען אין וואלד. יעצט איז ער אבער געווען זעהר מיעד ווייטער צו גיין, האט ער זיך בעשלאָסען איבערצונעכטיגען דיזע נאכט אין א קרעטשמע.

ער האט איינגעשמירט זיינע פראנטסקע קליידער אין שטויב, כדי מען זאל אויף איהם ניט האבען קיין חשד און ער האט אָנגעקלאַפּט אין א קרעטשמע.

מען האט איהם אויפגעמאכט און ער האט בעקומען א צימער צו שלאָפען. ער האט זיך געהייסען געבען עסען און נאָכ'ן עסען האט ער זיך געלייגט שלאָפען. ער האט געשלאָפען גאנץ רוהיג. צו זיין אונגליק אָבער, האט ער צו רוהיג געשלאָפען, דען ווען ער האט זיך אויפגעכאפּט איז שוין געווען העלער טאָג.

ער איז אראָפּגעשפּרונגען פון בעט און איז צוגעלאָפען צום פענסטער. א זשאנדאר איז דורכגעגאנגען דעם הויף.

ווען א מענש מיט א ריינעם געוויסען בעגעגענט פּלוצליך א זשאנדאר

פּאָליציסט גיט עס איהם א צופ פאר'ן הארצען ובפרט נאך פאר אזא מענשען וויא בענעדעטאָ, איז א זשאַנדאר א מלאך המות.

— וואס טוט דאָ דער זשאַנדאר? האט זיך אַנדרעאַ געפרעגט שוידערנדיג. אָבער באלד האט ער זיך געטרייסט. מאַלאָ וואס א זשאַנדאר דרייט זיך ארום אין א קרעטשמע. ער האט זיך שנעל אָנגעטאָן און איז צוגעגאנגען נאך א מאל צום פענסטער. אנשטאָט איין זשאַנדאר האט ער יעצט געזעהען עטליכע, וועלכע האבען פערשטעלט אלע אויסגענגע פון דער קרעטשמע. ניט ווייט פון דער קרעטשמע האט ער אויך גע־זעהען א רייטענדיגען זשאַנדאר מיט א ביקס אויף דיא פּלייצעס.

אנדרעאַ איז געוואָרן בלייך וויא א מת פאר שרעק. „יעצט בין איך פערלאָרען!" האט ער צו זיך געזאָגט. און אין אמת'ן איז פאר אזא מענשען וויא אַנדרעאַ דער ארעסט געווען דער טויט. ער איז שיעור ניט משוגע געוואָרן פאר שרעק.

א ווײלע איז ער געווען אין שרעקליכע געדאנקען, דאן האט א שיין פון האָפנונג א בליץ געטאָן אין זיין קאָפּ. אויפ'ן טיש איז געשטאנען טינט און פעדער און פּאַפּיער. ער האט שנעל אָנגעשריעבען עטליכע ווערטער, אז ער האט ניט מיט וואס צו צאהלען פאר זיין נאַכטלעגער און עסען און דערפאר לאָזט ער דאָ א גוטע קראַוואַט בראָשקע, וועלכע איז צעהן מאָל מעהר ווערטה וויא ער האט אָנגענומען.

ווען ער האט אָנגעשריעבען דיזען צעטעל האט ער איהם געלאָזען ליעגען אויפ'ן טיש, דאן האט ער אויפגעשלאָסען דיא טהיר און איז אריין אין קוימען.

באלד נאך דעם איז אריינגעקומען א פּאָליציי קאָמיסאר מיט פיער זשאַנדאַרן אין אַנדרעאַ'ס צימער. ווען דער קאָמיסאר האט געפונען דיא טהיר אָפען און דעם בריפעל מיט דער בראָשקע אויפ'ן טיש, האט ער אנדערש ניט געקענט דענקען, אז דער פויגעל איז פערשוואונדען. פון דעסטוועגען האט ער זיך ערשט געוואָלט גוט איבערצייגען און איז צוגעגאנגען צום קוימען. ער האט אבער אין קוימען אויך גארניט געזעהען. פון דעסטוועגען איז ער נאך דערמיט אויך ניט געווען צופריעדען און האט זיך געהייסען אריינברייננגען שטרוי. ער האט דאן דיא שטרוי אונטערגעצונדען. קיינער איז פון קוימען ניט אראָפּגעפאלען.

אנדרעאַ האט ניט געקענט אראָפּפאלען, דען ער איז געווען אויפ'ן דאך. ער האט שוין אָנגעפאנגען צו האָפען, ווייטער האט ער געהערט וויא דער קאָמיסאר האט הויך געזאגט:

— ער איז שוין ענטלאָפען.

ווען ער האט אבער אריבערגעבויגען דעם קאָפּ איבערן דאך האט ער געזעהען וויא דיא זשאַנדאַרן קלייבען זיך צו גיין אויפ'ן דאך. ער האט דאן איינגעזעהען, אז ער קען לענגער ניט בלייבען אויפ'ן דאך און ער מוז אראָפּ פון איהם. אבער וויא אזוי און וואוהין? זיין בליק איז געפאלען אויף אנאנדער קוימען. דאס האט איהם געגעבען נייע האָפנונג. ער האט פיעל ניט געקלערט און איז אריין אין דעם קוימען.

צו זיין אונגליק האט ער זיך אויסגעגליטשט און איז אראָפּ שנעלער אין קוימען וויא ער האט געוואָלט און דער צימער וואו ער איז אריין איז ניט געווען ליידיג. דאָרטען זיינען געשלאָפען צוויי מיידלעך אין איין בעט. ווען זיי האבען דערזעהען א מאן ארייג־

פאלענדיג דורכ'ן קוימען, האט איינע אנגעפאנגען שרעקליך צו שרייען און דיא אנדערע האט געריסען מיט אלע כחות דעם גלאָק. וויא מען זעהט האט אנדרעא'ן געבעך ניט געגליקט.

— ערבארעמט זיך! האט ער אויסגערופען אין טויט שרעק און ניט זעהענדיג דיא פערזאָנען, רופט ניט, רעטעט מיך! איך וועל אייך ניט טאָן קיין שלעכטס.

— אנדרעא, דער מערדער! האט איינע פון דיאביידע מיידלעך אויסגערופען.

— עזשעניע! פריילין דאנגלאר! האט קאוואלקאנטי געמורמעלט א צוטומעלטער.

— צו הילפע! צו הילפע! האט דיא אנדערע מיידעל געשריען רייסענדיג דיא גלאָק.

— רעטעט מיך! מען יאָגט מיך, האט אנדרעא געזאָגט צוזאמענלייגענדיג דיא הענד; ערבארמט זיך, האט רחמנות איבער מיר און גיט מיך ניט איבער!

— עס איז צו שפעט, מען קומט, האט עזשעניע געענטפערט.

— דאן בעהאלט מיך. איהר וועט זאגען, אז איהר האט געהאט א שרעקליכע חלום און דער פאר האט איהר געמאכט א ליארעם; דערמיט וועט איהר מיר רעטען דאס לעבען.

— נו, גוט, האט עזשעניע נאך א קורצען נאכדענקען געזאגט, נעמט דעם וועג פון וואנעי איהר זייט געקומען; מיר וועלען גארניט זאגען.

— אָט איז ער! אָט איז ער! האט א שטימע פון דרויסען געשריען; אָט שטייט ער, איך זעה איהם דורכ'ן שליסעל לאָך!

אין איין מינוט איז געווען דיא טהיר אויפגעבראָכען און נאך איידער אנדרעא האט נאך צייט געהאט אויפצומאכען דעם מויל, זיינען שוין דיא זשאנדארן געווען ליעבען איהם און האבען אויף איהם אנגעשטעלט דיא ביקסען. אנדרעא איז געק מען צו זיך.

— וואס טויג אייך מאכען אזוי פיעל אומשטענדען, האט אנדרעא געזאגט צום קאָמיסאר, איך גיב זיך דאך אונטער. און ער האט אנגעשטעלט דיא הענד צום שמידען.

דיא ביידע יונגע מיידלעך האבען געשווידערט פון דיזער העסליכער סצענע. דער אריסטאָקראַט האט פון זיך אראָפגענומען דיא מאסקע און איז ערשיענען אין זיין וואהרער געשטאלט אלס קאטאָרזשניק.

אנדרעא האט זיך געווענדעט צו עזשעניען און האט צו איהר געזאגט מיט א פרעכען שמייכעל:

— האט איהר וואס איבערצוגעבען פאר אייער פאָטער, פריילין עזשעניע דאנגלאר? דען אָהנע יעדען צווייפעל גיי איך יעצט צוריק אין פאריז.

עזשעניע האט בעהאלטען דעם קאָפּ אין איהרע הענד.

— אָה! אָה! האט אנדרעא געזאגט, עס איז ניטאָ איבער וואָס זיך צו שעמען, און איך האב צו אייך ניט, וואָס איהר זייט מיר נאָכגעלאָפען.... בין איך ־ען כמעט ניט געווען אייער מאַן?

און מיט דיזע שטעכווערטער איז אנדרעא ארויסגעגאנגען און האט געלאָזען דיא ביידע מיידלעך אין גרעסטען ליידען פון שמערץ און שאנדע.

מיט א שטונדע שפעטער זיינעןביידע מיידלעך געזעסען אין וואַגען און האבען גענומען דעם וועג נאך בעלגיען.

אנדרעאַ איז געבראכט געוואָרן אין פּאריז און דאָרטען האט מען איהם איינגע־שפּאַרט אין געפענגניס.

## 18טער קאַפּיטעל.

# דער פּראָקוראָר.

נאך דעם פערשווינדען פון עזשעניען איז געוואָרן א טרעוואָגע אין דאנגלאר'ס הויז. מאַדאַם דאַנגלאַר האט זיך אפילו ניט אזוי שטאַרק אָפּגעגעסען דיא האַרץ וועגען דעם פערשווינדען פון איהר טאָכטער, דען פּאַר א יונגע פרוי, וועלכע האט נאך א גע־ליעבטען אויך, איז ניט אנגענעהם צו האבען לעבען זיך א דערוואַקסענע טאָכטער וואס דאַרף שוין אויך חתונה האבען. וואס איהר האט אבער אם מעהרסטען געקריינקט, איז וואס איהר געוועזענער טאָכטער'ס חתן איז געוועזען א פּראָסטער מערדער. איהר גאנצער געדאַנקען איז געוועזען, אז מען זאל וויינינגסטענס ניט כאַפּען אנדרעאַ, דאן וועט דיא געשיכטע ניט פאָרקומען פאַר'ן געריכט און דיא שאַנדע וועט ניט זיין אזוי גרויס.

ווער האט אבער געקענט פערהינדערן, אז מען זאל דעם יונגען פערברעכער ניט כאַפּען?

מאַדאַם דאַנגלאַר האט לאַנג געקלערט, ביז זיא איז ענדליך געפאלען אויף דעם פּראָקוראָר ווילפאָר. ער אליין איז געוועזען אין שטאַנד דאָס צו טאָן. און אזוי וויא ער האט עס געמאכט דעם גאנצען טראָבעל אין איהר הויז, וועט עס איהר ניט זיין שווער צו פּועל'ן, עז ער זאל אַנדרעאַ'ן ניט אַרעטירען. ווען זיא איז געבליבען ביי דיזען גע־דאַנקען, איז זיא אויף מאָרגען פריה אוועק צום פּראָקוראָר'ס הויז.

צייט א מאָנאַט האט דיזע פערפלוכטע הויז אויסגעזעהען וויא א טרויעריגער לאַזאַרעט, אין וועלכען דיא כאָלערא האט זיך איינקאַרטירט. דיא טהירען און פענסטער זיינען געוועזען פערשלאָסען, און ווען א טהיר האט זיך אויפגעמאכט, האבען זיך דיא שכנים געפרעגט, אויב מען טראָגט שוין ווידער ארויס א מת.

מאַדאַם דאַנגלאַר האט געפיהלט א שוידער איבער איהר לייב ווען זיא האט דערזעהען דיא הויז. דיא פּיס האבען זיך איהר געשאָקעלט ווען זיא איז אראָפּגעגאנגען פון איהר וואָגען צום טויער.

ווילפאָר איז געזעסען פערזאָרגט ביי זיך אין צימער ווען מאַדאַם דאַנגלאַר האט זיך מיט מיהע צו איהם צוגעשלאָגען. דיא ווערטער זיינען ביי איהר אָפּגעשטאָרבען אויף דיא ליעפּען ווען זיא האט דערזעהען דעם דערשלאָגענעם צושטאַנד פון דעם פּראָקוראָר.

— איהר זייט געקומען צו מיר קלאָגען אייער אונגליק, האט ער געזאגט טרויעריג אויפהויבענדיג דעם קאָפּ; וואס איז אין פערגלייך צו מיינע אונגליקען אייערע? וואס איז אייער טרויעריגע לאַגע געגען מיינער!.... יעצט זאגט, וואס זייט איהר געקומען צו מיר?

— איך בין געקומען צו אייך, מיין פריינד, צו וויסען וויא עס האלט מיט דעם פערבּרעכער.

— הויכשטאפּלער! האט ווילפּאַר געזאגט, איהר לאכט עס מאדאם. אנדרעא קאוואלקאנטי, אדער בעסער בענעדעטאָ, איז א הויכשטאפּלער! איהר האט א טעות, מאדאם, בענעדעטאָ איז גאנץ איינפאך א פּראָסטער מערדער.

— איך וועל עס ניט אָפּלייקענען, אָבער וואס איהר ווענט מעהר פערפאָלגען דיזען אונגליקליכען, וועט איהר מעהר טרעפען אונזער פאמיליע. זעהט פערגעסט אָן איהם אויף א צייט; אנשטאט איהם צו כאפּען, לאזט איהם לויפען.

— איהר קומט צו שפּעט, מאדאם, דער בעפעהל איהם צו כאפּען איז שוין גע־געבען געוואָרן.

— וועל! דען לאָזט איהם זיצען וויינגסטענס אין געפענגניס; כאָטש אויף א צייט ביז מיין טאָכטער וועט חתונה האבען.

— עס איז אונמעגליך, מאדאם, דאס געזעץ האט זיינע רעגלען.

מאדאם דאנגלאר האט איהם אָנגעקוקט מיט א בעזאנדערן בליק.

— איך ווייס וואס איהר ווילט זאגען, האט ווילפאָר דערויף געענטפערט, איהר ווילט זאגען: „דו רעדסט פון געזעץ, וועהרענד ביי דיר אין הויז שטארבט מען אזוי שנעל דורך א פערברעכערישע האנד, און פון דעסטוועגען ישווייגסטו מיט דעם געזעץ“—וועל! איך וועל אייך זאָגען. עס געבען פערברעכען, וועלכע בלייבען אונבעשטראָפט, ווייל מען ווייס ניט אקוראט ווער דער פערברעכער איז, און מען האט מורא צו שטראָפען דעם אונשולדיגען פאר דעם שולדיגען. אבער איך שווער אייך ביי אלעם וואס מיר איז הייליג, אז אזוי באלד וויא איך וועל וויסען ווער דער פערברעכער איז אין מיין הויז—ער מעג זיין ווער עס וויל—וועט ער שטארבען! יעצט מאדאם, נאך דער שבועה וואס איך האב געטאָן, וועט איהר נאך פערלאנגען ביי מיר גנאדע פאר דיזען אויסוואורף!

— אָה! מיין הערר, האט מאדאם דאנגלאר ערווידערט, זייט איהר זיכער, אז ער איז א פערברעכער וויא מען זאָגט?

— הערט, אָט זיינען זיינע אקטען. ווען בענעדעטאָ איז אלט געווען אכצעהן יאָהר איז ער פערמשפּט געוואָרען אויף פינף יאָהר קאטאָרזשנע פאר פעלשונג; דאן איז ער אנטלאָפען און איז געוואָרען א מערדער אויך.

— ווער איז דיזער אונגליקליכער?

— און וואס ווייס מען! א וואגאבונד, א קאָרסיקאנער.

מאדאם דאנגלאר האט צונויפגעלייגט דיא הענד און האט אָנגעקוקט דעם פּראָ־קוראָר מיט א טיעף בעטענדיגען בליק.

— ביי מיין לעבען! מאדאם, האט ווילפאר געענטפערט מיט א פעסטע און שטרענגע שטימע, ביי מיין לעבען! בעט ביי מיר קיין מאָל ניט גנאדע פאר א פערברע־כער. וואס בין איך? דאס געזעץ. איהר וועט זאגען, אז איך בין א מענש און ניט קיין געזעץ בוך. בעטראכט מיך, מאדאם, בעטראכט ארום מיר, האבען מיך דיא מענשען בעהאנדעלט אלס ברודער? האבען זיי מיך געליעבט? האבען זיי מיך געשוינט? האט איינער געבעטען גנאדע פאר הערר ווילפאר? און האט מען דיזען איינעם בעווילינט דיא גנאדע פאר הערר ווילפאר? ניין, ניין, ניין! געבראָכען האט מען איהם, אימער געבראָכען!

איהר הערט ניט אויף, פרוי, אדער שלאנג וואס איהר זייט, צו ריידען צו מיר מיט דיזע פערפיהרערישע אויגען און דערמאנען מיך, אז איך מוז רויט ווערן פון דעם פעהלער וואס איך האב בעגאנגען. אבער פון דער צייט אן וואס איך האב דעם פעהלער בעגאנגען האב איך געטרייסעלט דיא קליידער פון אנדערע און האב געזעהען מיט פרייד, אז זיי האבען בעגאנגען גרעסערע פעהלערן פאר מיר. דיא גאנצע וועלט, מאדאם, איז שלעכט, לאמיר אלזא דאס בעווייזען און לאמיר שטראפען דעם שלעכטען!

ווילפאר האט ארויסגערעדט דיא לעצטע ווערטער מיט אזא גיפטיגען צארן דאס זיינע אויגען האבען געשאסען פונקען.

— אבער, האט מאדאם דאנגלאר געוואלט פראוווען דעם לעצטען מיטעל, אבער איהר זאגט, אז דיזער יונגער מאן איז א וואגאבונד, א יתום, א פערלאזענער פון אלעמען?

— וועל! נאך בעסער! וועט קיינער ניט וויינען נאך איהם.

— א קונץ צו דערקוועטשען א שוואכען?

— א שוואכער, וועלכער מארדעט?

— איהר וועט נאך ברייננגען א גרעסערע שאנדע איבער מיין הויז.

— האב איך ניט דעם טויט אין מיין הויז?

— אה! האט דיא בארא̇נעסע אויסגערופען, איהר האט קיין מיטלייד ניט געגען אנדרעא, מען וועט ניט האבען מיטלייד מיט אייך, דאס זאג איך אייך!

— זאל זיין אזוי! האט ווילפאר געזאגט זיך אויפשטעלענדיג.

— לייגט ווייניגסטענס אפ דיא זאך אויף זעקס מאנאט, כדי מען זאל דיא זאך א ביסעל פערגעסען.

— עס איז צו שפעט, מאדאם, אלעס איז שוין פארטיג צום געריכט; מען דארף איהם נאר ברייננגען. אין דיזע מאמענט האט א דינער אריינגעבראכט א דעפעשע. ווילפאר האט זיא האסטיג דורכגעלעזען און זיינע אויגען האבען געגלענצט פאר פרייד.

— ארעטירט! האט ער אויסגערופען, מען האט איהם ארעטירט אין קאמפיען; יעצט איז פארטיג.

מאדאם דאנגלאר האט זיך אויפגעהויבען קאלט און בלייך.

— אדיע מיין הערר, האט זיא געזאגט.

— אדיע, מאדאם, האט ווילפאר געענטפערט מיט פרייד, און ער האט זיא בעגלייט ביז'ן טהיר. ער האט זיך דאן אומגעקעהרט צו זיין טיש.

— וועל! האט ער געזאגט, איך האב פאר היינטיגע ציצונג א פעלשונג, דריי גנבות, איין אונטערצינדונג; עס האט מיר נאר געפעהלט א מארד, און אט איז ער: עס וועט זיין א שיינע ציצונג.

## 19טער קאפיטעל.

# דיא ערשיינונג.

וויא מיר האבען געזעהען ביי דאנגלאר'ן אין הויז איז נאך וואלענטינע אלץ ניט געווען געזונד. זיא איז נאך געווען זעהר שוואך און דער דאקטאר האט איהר געהייסען

בלייבען אין בעט. ביי נאכט האט זיא געהאט גרויסען פיעבער און האט גערעט פון היץ. דער דאָקטאָר האט איהר ניט געהייסען געבען קיין זאך, אויסער וואס ער פערשרייבט איהר און מען זאל קיינעם ניט צולאָזען צו איהר אויסער דיא בעשטימטע פערזאָנען. דיא טהיר פון אויסען זיינען געווען פערמאכט און מען האט צו איהר געקענט צוקומען נאר דורך מאַדאַם ווילפאָר'ס צימער, וועלכער איז געווען אָפגעטהיילט פון וואַלענטינעס דורך דעם קליינעם עדואַר'ס צימער.

דעם פערטען אבענד נאך איהר פערגיפטונג איז וואַלענטינע געווען אין גרויסער היץ. געגען צעהן א זייגער איז זיא געווען אליין אין צימער. דאך אין איהר היץ האט זיך איהר אויסגעדאכט אז אימעצער דרייט זיך לעבען טיש און פאַרעט זיך ארום איהר טרינק גלאָז.

א ווײלע שפעטער האט זיא געגלויבט צו זעהען וויא דיא טהיר פון איהר ביבלי־אָטהעק האט זיך אויפגעמאכט און א מענשליכע געשטאלט איז פון דארטען ארויסגע־גאנגען. דיא געשטאלט איז געווען א מאַן. וואַלענטינע איז אזוי געווינט געווען צו דיא ערשיינונגען, דאס זיא האט אפילו קיין געשריי ניט געטאָן.

דער מאַן איז צוגעגאנגען צום בעט און האט זיך צוגעהערט מיט איינגעהאלטענעם אָטהעם.

— דאָס איז ניט ער! האט וואַלענטינע געמורמעלט דענקענדיג, אז עס איז מאָרעל. זיא האט געוואַרט, אז דיא געשטאַלט זאל פערשווינדען, דען זיא איז געווען איבערצייגט, אז זיא טרוימט.

זיא האט אָנגעפיהלט איהר פולס און אז זיא האט איהם געפיהלט שטארק קלאַפענדיג, האט זיא געוואָלט נעמען א טרונק, דען זיא האט געוואוסט, אז מיט א טרונק פערטרייבט מען חלומות.

וואַלענטינע האט אלזאָ אויסגעצויגען דיא האנד צו דער פלאַש, אבער איידער זיא האט נאך צייט געהאט צו נעמען דיא פלאַש, איז דיא געשטאלט שנעל צוגעקומען און האט אָפגעהאַלטען איהר האנד. יעצט האט זיא געפיהלט, אז זיא טרוימט ניט און דאס זיא איז ווירקליך וואך. זיא האט געגעבען א שוידער און האט צוריקגעצויגען דיא האנד.

דאַן האט דיא געשטאלט גענומען דיא גלאָז וואסער און האט זיא צוגעטראָגען צום נאַכט ברענער און האט בעטראַכט דיא פליסיגקייט אין גלאָז. דאַן האט דיא גע־שטאלט, אדער דער מאַן, גענומען א לעפעל פון דער פליסיגקייט אין גלאָז און האט עס אויסגעטרונקען. ער האט דאַן צוגעטראָגען דיא גלאָז וואסער צו וואַלענטינען און האט געזאָגט מיט א ווייכע שטימע:

— יעצט טרינקט!.... וואַלענטינע האט א ציטער געגעבען. זיא האט אויפגע־מאכט דעם מונד צו שרייען.

דער מאַן האט ארויפגעלייגט א פינגער אויף זיינע ליפען.

— דער גראַף מאָנטע קריסטאָ! האט זיא געמורמעלט.

וואַלענטינע האט געציטערט אין גאנצען קערפער. אז דאס איז ניט קיין ערשיינונג האט זיא געפיהלט און געהערט, אבער וויא קומט מאָנטע קריסטאָ אהער אין דיזער שטונדע און וויא אזוי?

— רופט ניט, און שרעקט זיך גארניט, האט דער גראף געזאגט, דער מאַן, וועלכען איהר זעהט אין אמת'ן און ניט אין חלום, איז אייער טייערסטער פאַטער און דער בעסטער פריינד, וועלכען איהר קענט זיך נאר דענקען.

וואלענטינע האט געשוויגען אין גאנצען א צוטומעלטע, אבער איהרע אויגען האבען געשיינט צו זאָגען: ווען אייער מיינונג איז גוט מיט מיר, היינט פאר וואס זייט איהר דאָ?

מאָנטע קריסטאָ האט געמערקט וואס ביי דער יונגער מיידעל טוט זיך אין הארצען.

— הערט מיך אויס, האט ער געזאגט, אָדער בעסער בעטראכט מיך: בעטראכט מיינע רויטע אויגען און מיין בלייכען פנים נאך מעהר וויא געוויינליך; דאס איז וויל צייט פיער נעכט האב איך נאך ניט צוגעמאכט קיין אויג אויף א מינוט; צייט פיער נעכט וואך איך איבער אייך. איך שיץ אייך, און איך שפּאר אייך פאר אונזער פריינד מאקסימיליאן.

א שטראָם בלוט פון פרייד איז אריין אין דער קראנקער'ס באקען, דען דער נאָמען וועלכען דער גראף האט דערמאָנט, האט ביי איהר צוגענומען יעדען פערדאכט געגען גראף.

— מאקסימיליאן.... האט וואלענטינע ווידערהאָלט, אזוי זיס איז איהר געווען אויסצושפּרעכען דיזען נאָמען; מאקסימיליאן! האט ער אייך דען אלעס דערציילט?

— אלעס. ער האט מיר דערציילט, אז אייער לעבען איז געווען זיין לעבען, און איך האב איהם פערשפּראָכען, אז איהר וועט לעבען.

— איהר האט איהם פערשפּראָכען, אז איך וועל לעבען?—יא.—זייט איהר דען א דאָקטאָר?

— דער בעסטער, וועלכען איהר קענט האבען אין דיזען מאָמענט, גלויבט מיר.

— איהר זאגט, אז איהר האט מיך געהיט; וואו זייט איהר געווען? איך האב אייך ניט געזעהען. דער גראף האט געצייגט מיט דער האנד אויף דער ביבליאָטהעק.

— איך בין געווען בעהאלטען הינטער דיזער טהיר, האט ער געזאָגט; זיא גייט אין דיא הויז, וועלכע איך האב געדונגען.

— פאר וואס האט איהר מיך געהיט? צו וואָס?

— וואלענטינע, וועהרענד דיא פיער נעכט האב איך זעהר פיעל געזעהען. איך האב געזעהען, וועלכע עסען מען האט אייך געגעבען; וואס מען האט אייך געגעבען צו טרינקען. און ווען איך האב געפונען גיפט אין אייער וואסער, האב איך עס אויסגע־גאָסען און האב אָנגעגאָסען א געזונדען געטרענק. דארום האט איהר געטרונקען אָנשטאָט גיפט געזונדע און קרעפטיגע מעדיצין.

— גיפט! האט וואלענטינע אויסגערופען האלב טויט פאר שרעק, וואס רעט איהר פון גיפט?

— שטיל, מיין קינד, גלויבט מיר וואס איך זאג אייך. נעמט טרינקט צו ערשט דאָס. דער גראף האט דערביי ארויסגענומען פון פאקעט א פלעשעל מיט א רויטע פליסיגקייט און האט דערפון אריינגעגאָסען עטליכע טראָפּפען אין גלאָז וואסער און

האט דערפון אויסגעטרונקען דיא העלפט. דיא אנדער העלפט האט ער דערלאנגט וואלענטינע. וואלענטינע האט אויסגעטרונקען דעם רעסט.

— אָה, יא, האט זיא געזאגט, איך דערקען אין דעם געטראנק דעם געשמאק פון דיא געטרענקע, וועלכע איך האב גענומען ביי נאכט. ער האט מיר געמאכט פריי דיא ברוסט און האט מיר אָפּגעפרישט דעם קאָפּ. איך דאנק אייך, מיין הערר, איך דאנק אייך.

— אָט אזוי האט איהר געלעבט פיער נעכט, וואלענטינע, האט דער גראף געזאגט. אָבער איך, וויא האב איך געלעבט? אָה, וועלכע שרעקליכע נעכט האב איך וועגען אייך פערבראכט! וועלכע שרעקליכע קוואלען איך האב וועגען אייך געליטען, ווען איך האב געזעהען וויא מען האט אריינגעגאָסען גיפט אין אייער גלאָז! וויא האב איך מורא געהאט, אז איהר זאלט עס ניט טרינקען, איידער איך וועל עס אויסגיסען אין אויווען!

— אלזאָ האט איהר דאָך געמוזט זעהען, האט וואלענטינע געזאגט שוידערנדיג, ווער עס האט געגאָסען דעם גיפט?

— איך האב געזעהען, האט דער גראף געזאָגט.

— דאָס וואָס איהר זאגט מיר איז שרעקליך, מיין הערר, דאס וואס איהר ווילט מיר מאכען גלויבען איז א זאך פון דער העללע. וויא! אין דער הויז פון מיין פאָטער, אין מיין צימער, אין מיין קראנקען בעט וויל מען מיך ערמאָרדען? אָה! גייט ארויס, מיין הערר! איהר ווילט מיך משוגע מאכען; עס איז אונמעגליך, עס קען ניט זיין.

— זייט איהר דען דיא ערשטע, וועלכע דיזע האנד טרעפט, וואלענטינע? האט איהר דען ניט געזעהען ארום זיך פאלענדיג הערר סענט מעראן, מאדאם סענט מעראן, בארוא? וואָלט איהר דען ניט געזעהען פאלענדיג העררן נוארטיע, ווען ער וואלט ניט גענומען פון א צייט געגען גיפט?

— אָה! דערפאר האט עס מיר מיין טייערער זיידע געהייסען טרינקען זיינע מעדיצינען!

— אזוי! האט מאָנטע קריסטאָ אויסגערופען, דאן ווייס ער, אז מען פערגיפטעט דאָ אין הויז און ער ווייס פיעלייכט ווער עס פערגיפטעט. ער האט אייך אלזאָ געשיצט פאר'ן טויט.

— אָבער ווער איז דען דער מערדער?

— איהר וועט איהם באלד קענען, האט מאָנטע קריסטאָ געזאָגט אָנשטעלענדיג דיא אויערן.

— וויא אזוי? האט וואלענטינע געפרעגט קוקענדיג ארום זיך מיט שרעק.

— ווייל דיזע נאכט האט איהר קיין פיבער און ניט קיין היץ; ווייל דיזע נאכט זייט איהר אין גאנצען וואך; ווייל אָט שלאָגט האלבע נאכט און דאס איז דיא שטונדע פון דעם מערדער.

וואלענטינע האט אָפּגעווישט דעם שרעק שוויים פון איהר געזיכט. און דער זייגער האט טאקע געשלאָגען צוועלף לאנגזאם און טרויעריג, און יעדער קלאַפּ פון דעם בראָנזענעם האמער האט געשלאָגען אין הארצען פון דער יונגער מיידעל.

— וואלענטינע, האט דער גראף פארטגעזעצט, רופט צוזאמען אלע אייערע קרעפטען צו הילפע, אונטערדריקט דעם קלאפען פון אייער הארץ אין דער ברוסט, האלט אפ אייער שטימע אין האלז, מאכט זיך שלאפענדיג, און איהר וועט זעהען! וואלענטינע האט אנגעכאפט דעם גראף'ס האנד.

— מיר שיינט, אז איך הער א גערויש, האט זיא געזאגט, בעהאלט זיך!

— אדיע, אדיע, בעסער אויף וויעדערזעהען, האט דער גראף געענטפערט.

דאן האט ער אנגעקוקט דיא יונגע מיידעל מיט אזא טרויעריגען און פאטערליכען שמייכעל, דאס איהר הארץ האט זיך געצויגען צו איהם מיט דאנקבארקייט. אויף דיא שפיץ פינגער איז ער צוגעגאנגען צו דער טהיר פון דער ביבליאטהעק, און איידער ער האט פערמאכט דיא טהיר הינטער זיך, האט ער צו איהר געזאגט:

— קיין ריהר, קיין ווארט, זאל מען מיינען, אז איהר שלאפט, זאנסט וועט מען אייך פיעלייכט טויטען איידער איך וועל האבען צייט צו צולויפען צו אייך.

און ביי דיזע שרעקליכע ווערטער איז דער גראף פערשוואונדען פון יענער זייט טהיר און האט זיא פאמעלאך צוגעצויגען צו זיך.

20טער קאפיטעל.

## דיא גיפטמישערין.

וואלענטינע איז געבליעבען אליין. עס איז געוועזען זיכער, אז זיא האט שוין ניט איינגעשלאפען. יעדע מינוט איז פאר איהר געווען א יאהר פון קוואל און שרעק. שרעקליכע געדאנקען האבען געלעבערט איהר קאפ. טאמער וועט עס זיין אזוי וויא דער גראף האט געזאגט! אז מען וועט זיא טויטען נאך איידער ער ויעט צייט האבען צו קומען צו איהר צו הילף! און זיא וועט מעהר ניט זעהען מארעל'ן!

נאר ביי דיזען געדאנקען אליין האט א שרעקליכע בלייכקייט בעדעקט איהר געזיכט און שווערע טראפפען שוויים האבען געפערעלט אויף איהר שטערן. זיא האט שוין געוואלט אויסשטרעקען דיא האנד צום גלעקעל. אבער אין דיזער מינוט האט זיא געשיינט צו זעהען דעם שארפען בליק פון מאנטע קריסטא דורך דער ביבליאטהעק טהיר און ער האט איהר דערמאנט, אז זיא זאל קיין מורא ניט האבען.

דער זייגער האט א קלאפ געטאן איינס. אין דענזעלבען אויגענבליק האט זיא דערהערט א קראץ אין דער ביבליאטהעק טהיר, וואס עס האט איהר געגעבען צו פערשטיין, אז דער גראף וואכט איבער איהר.

באלד האט זיך דיא טהיר פון עדואר'ס צימער אויפגעמאכט. וואלענטינע האט האלב טויט פאר שרעק איינגעהאלטען דעם אטהעם און האט געווארט. אימעצער איז צוגעגאנגען צו איהר בעט. וואלענטינע האט צוזאמענגענומען אלע איהרע קרעפטען און האט אנגעפאנגען צו ציהען א רעגעלען אטהעם אזוי וויא זיא וואלט שלאפען.

— וואלענטינע! האט א שטימע שטילערהייד געזאגט. דיא יונגע מיידעל האט נעגעבען א שוידער אין אלע ביינער און האט ניט געענטפערט.

— וואלענטינע! האט דיא שטימע נאך א מאל געזאגט.

וואלענטינע האט געשוויגען. דאן איז אלעס שטיל געווארען. באלד האט זיא גע־הערט וויא עפעס האט זיך געגאָסען אין גלאָז אריין.

וואלענטינע האט פאמעלעך אויפגעמאכט דיא אויגען און זיא האט געזעהען א פרוי אָנגעטאָן אין א ווייסע נאכט קלייד, וועלכע האט געגאָסען פון א פלעשעל פליסיגקייט אין איהר גלאָז.

אין דיזען מאָמענט האט וואלענטינע וואהרשיינליך געמאכט א בעוועגונג, דען דיא פרוי האט זיך פלוצלונג אָפּגעהאלטען און האט זיך איינגעבויגען איבערן בעט צו זעהען אויב זיא שלאָפט ווירקליך: דיא פרוי איז געווען מאדאם ווילפאָר.

ווען וואלענטינע האט דערקענט איהר שטיפמוטער האט זיא זיך געגעבען א טריי־סעל און האט קוים איינגעהאלטען א בעוועגונג אין בעט.

מאדאם ווילפאָר האט זיך שנעל צוגערוקט צום וואנד און האט געקוקט אויף דיא לייכטע בעוועגונג פון וואלענטינען. דיזע האט זיך דערמאָנט דיא שרעקליכע ווערטער פון מאָנטע קריסטאָ, האט זיך איהר אויסגעוויזען, אז מאדאם ווילפאָר האלט א שארפען מעסער אין האנד. זיא האט צוזאמענגענומען איהרע לעצטע קרעפט און האט זיך געמאכט רוהיג שלאָפענדיג.

ווען דיא גיפטמישערין האט א ווילע געווארט און האט געזעהען, אז וואלענטינע איז רוהיג, האט זיא אויסגעשטרעקט דיא האנד און האט אריינגעגאָסען דעם רעסט פון פלעשעל אין גלאָז. דאן האט זיא זיך פאמעלעך ארויסגערוקט פון צימער.

עס איז אונמעגליך אויסצודריקען וואס וואלענטינע האט געפיהלט אין דיא פאָר מינוטען וואס מאדאם ווילפאָר האט פערבראכט אין איהר צימער. א לייכטער קראַצען אין דער ביבליאָטהעק טהיר האט זיא ארויסגעצויגען פון איהר שרעקליכען צושטאנד און זיא האט אויפגעהויבען דעם קאָפּ.

דיא טהיר האט זיך לייכט אויפגעמאכט און מאָנטע קריסטאָ איז ווידער ערשיענען.

— וועל! האט דער גראף געזאגט, צווייפעלט איהר נאָך? איהר האט געזעהען? איהר האט דערקענט?

— יאָ, האט זיא געענטפערט שוידערנדיג, אבער איך קען עס ניט גלויבען.

— אלזאָ ווילט איהר בעסער שטארבען, און לאָזען שטארבען מאקסימיליאנען!...

— אך! האט דיא יונגע מיידעל געזאָגט כמעט א צומישטע, קען איך דען ניט פערלאָזען דיא הויז און מיך רעטען?....

— וואלענטינע, דיא האנד, וועלכע פערפאָלגט אייך, וועט אייך טרעפען איבעראל. מיט גאָלד וועט מען אונטערקויפען אייערע דיענער, מען וועט פערגיפטען אייערע עסענס, אייערע געטרענקע און מען וועט אייך פטורן.

— אבער האט איהר מיר דען ניט געזאגט, אז מיין זיידע גיט מיר געגען גיפט?

— געגען איין גיפט, און אויך איז נאך דער געגען גיפט ניט שטארק גענוג. מען וועט וועקסלען דעם גיפט און מען וועט איהם מאכען שטארקער. און דער גראף האט אריינגעשטעקט דעם פינגער אין דער גלאָז און האט א לעק געטאָן דעם גיפט.

אָט איז עס. דיא זאך איז שוין געמאכט. וואלענטינע, ווען איהר וואלט געטרונקען דאס וואס מאדאם ווילפאָר האט אייך יעצט אָנגעגרייט, וואלט איהר געווען פערלאָרען.

— אָבער וואס וויל זיא פון מיר? האט דיא יונגע מיידעל אויסגערופען. איך האב איהר דאך קיין שלעכטעס ניט געטאָן.

— איהר זייט צו גוטהערציג, וואלענטינע דאס צו פערשטיין. איהר האט צוויי הונדערט טויזענד פראנק צינזען א יאָהר, און דאס נעמט איהר צו ביי איהר זון.

— וואָס הייסט איך נעם ביי איהר צו? מיין געלד קומט דאך פון מיינע עלטערן.

— געוויס. און טאקע דערפאר איז געשטאָרבען סענט מעראָן, און דערפאר האט געזאלט שטארבען נוארטיע. איהר בלייבט זייער יורש און אז איהר וואָלט געשטאָרבען וואלט אייך איהר זון גערישענט.

— אלזאָ פאר דיזען יונגען אינגעל ווערן בעגאנגען דיזע אלע פערברעכענעס!

— אלזאָ, איהר פערשטייט שוין יעצט.

— אָבער מיין זיידע לעבט דאך נאך; וויל מען דען איהם שוין מעהר ניט טויטען?

— מען האט זיך איבערלייגט, אז עס איז ניט נייטיג, דען ווען איהר זאלט שטארבען, גייט סיי וויא סיי אייער ירושה איבער צו אייער ברודער. און דען האט מען זיך בערעכענט, אז דיזער פערברעכען איז איבעריג.

— און אזא בערעכענונג איז געקומען אין קאָפּ פון א פרוי! שוידערהאפט! שרעקליך!

— דיא געשיכטע ווייזט אויף נאך ערגערע זאכען ווענען שלעכטע פרויען.

— אָה! האט דיא יונגע מיידעל אויסגערופען וויינענדיג, ווען עס איז אזוי, זעה איך, אז איך בין פערמשפט צום שטארבען.

— ניין, וואלענטינע, ניין, דען איך האב ארויסגעזעהען דיא גאנצע פערשווערונג. ניין, וואלענטינע, איהר וועט לעבען; איהר וועט לעבען אום צו ליעבען און צו זיין גע-ליעבט; איהר וועט לעבען אום צו זיין גליקליך און צו מאכען גליקליך איין עדעלע הארץ; אבער אום צו לעבען, וואלענטינע, מוזט איהר האבען פערטרויען אין מיר.

— בעפעהלט, מיין העהר. וואָס דארף מען טאָן?

— מען מוז נעמען בלינדערהייט וואס איך וועל אייך געבען.

— אך! ווען איך וואלט געווען אליין, וואָלט איך בעסער געוואָלט שטארבען!

— איהר זאלט זיך ניט פערטרויען צו קיינעם, אפילו צו אייער פאָטער אויך ניט.

— איז דען מיין פאָטער אויך אין דער פערשווערונג? האט וואלענטינע געפרעגט מיט צונויפגעלייגטע הענד.

— ניין, און פון דעסטוועגען איז אייער פאָטער א מאן, וועלכער איז געניט אין אזעלכע זאכען; ער האט געדאַפט פאָרשען פון וואנען דער פערברעכען קומט. אייער פאָטער האט געדארפט וואכען איבער אייך; ער האט עס געדארפט זיין אויף מיין פלאץ; ער האט רעס געדארפט אויסגיסען דעם גיפט און כאפען דעם מערדער.

— מיין העהר, האט וואלענטינע געזאָגט, איך וועל טאָן אלעס אום צו לעבען, דען עס געבען צוויי מענשען אויף דער וועלט, וועלכע לעבען, און זיי וועלען שטארבען ווען איך וועל שטארבען, דאס זיינען: מיין זיידע און מאקסימיליאן.

— איך וועל וואכען איבער זיי, אזוי וויא איך האב געוואכט איבער אייך.

— וועל! וואס דארף איך טאן, האט וואלענטינע מיט איין ענטשלאָסענעם טאָן געזאגט.

— וואס עס זאָל מיט אייך ניט פּאסירען, וואלענטינע, זאָלט איהר גאר קיין מורא ניט האבען; ווען איהר זאָלט ליידען, ווען איהר זאלט פערלירען דאס זעהען, ווען איהר זאלט פערלירען דאס הערן, האט גאר קיין מורא ניט, און ווען איהר זאלט זיך אפילו געפינען ביין אויפכאפּען אין א הייל אָדער פערמאכט אין א טרונע, זאלט איהר צו־זאמענעמען אייער פערשטאנד און איהר זאָלט זיך זאָגען: א פריינד, א פאָטער, א מאָן, וועלכער וויל, אז איך זאָל זיין גליקליך און מאַקסימיליאן אויך, — דיזער מאן וואכט איבער מיר.

— וואס זאָגט איהר מיר פאר שרעקליכע זאכען!....

— וואלענטינע, ווילט איהר בעסער פערקלאָגען אייער שטיפמוטער?

— איך וואלט בעסער וועלען הונדערט מאָל שטארבען! אָה, יא, שטארבען!

— ניין, איהר וועט ניט שטארבען. פאָלגט מיך, און איך וועל אייך רעטען.

וואלענטינע איז געזעסען איינגעבויגען אין שווערע געדאנקען און האט ניט בעמערקט וויא איהר נאכט העמד האט זיך אראָפּגערוקט און איהר שיינער פּאָרדער קערפּער איז נאר געווען בעדעקט פון איהרע געדיכטע לאנגע האָר.

דער גראף האט לאנגזאם ארויפגעדריקט זיין האנד אויף דער יונגער מיידעל'ס אָרעם; ער האט איהר ארויפגעצויגען דעם צודעק אויפ'ן האלז און האט צו איהר געזאגט מיט א פאָטערליכען שמייכעל:

— מיין טאָכטער, גלויבט אין מיין ערגעבענהייט, אזוי וויא איהר גלויבט אין דער ליעבע פון מאקסימיליאן.

וואלענטינע האט איהם אָנגעקוקט מיט א בליק פון דאנקבארקייט און איז גע־בליעבען רוהיג וויא א קינד, וועלכען מען וויעגט איין מיט זיסע ליעדער.

דער גראף האט דאן ארויסגענומען פון זיין פּאקעט דיא טייערע פּושקעלע און האט פון איהר ארויסגענומען א פּיל, דיא גרויס פון איין ארבעס און האט איהם ארייג־געלייגט אין וואלענטינעס האנד. וואלענטינע האט גענומען דעם פּיל אין דער אנדער האנד און האט אויפמערקזאם בעטראכט דעם גראף. אויף זיין געזיכט איז געלעגען א מאיעסטעטישער אויסדרוק פון מאכט און עהרע. זיא האט איהם געפרעגט מיט'ן בליק אויב זיא זאָל ארונטערשלינגען דעם פּיל.

— יא, האט ער געענטפערט. וואלענטינע האט צוגעטראָגען דעם פּיל צום מונד און האט איהם איינגעשלונגען.

— און יעצט, אויף וויעדערזעהן, מיין קינד, האט ער געזאָגט, איך וועל יעצט פּרובירען שלאָפען, דען איהר זייט געדעטעט.

— גייט, האט וואלענטינע געענטפערט, וואס עס זאל מיט מיר ניט געשעהען, פערשפּרעך איך אייך, אז איך וועל קיין מורא ניט האבען.

מאָנטע קריסטאָ האט א לאנגע צייט געהאלטען זיינע אויגען אויף דער יונגער מיידעל, וועלכע איז ביסלעכוויז איינגעשלאָפען פון דעם פּיל, וואס ער האט איהר גע־

געבען. דאן האט ער גענומען דיא גלאָז מיט גיפט און האט דריי פערטעל דערפון אריינגעגאָסען אין אויוועז, כדי מען זאל מיינען, אז זיא האט דערפון געטרונקען, און און ער איז פערשוואונדען דורך דער ביבליאָטהעק, א וואָרף טאָנדיג א לעצטען בליק אויף דיא איינגעשלאָפענע יונגע מיידעל.

## 21טער קאפיטעל.

# וואלענטינע.

דער נאכט ברענער אין וואלענטינעס צימער האט שוין געהאלטען ביין אויסגייען. דער זייגער האט געשלאָגען פיער. אין דיזער צייט האט זיך דיא טהיר אויפגעמאכט און מאדאם ווילפאָר האט זיך אריינגעשלעפט אין צימער. זיא איז געגאנגען זעהן וואָס איהר גיפט האט געמאכט. וויא א שלאנג האט זיא זיך צוגעגנבעט צו וואלענטינעס בעט און האט בעטראכט דיא מיידעל. וואלענטינע האט ניט געאָטהעמט און האט זיך ניט געריהרט. ווען דיא גיפטמישערין איז א ווילע געשטאנען און האט געזעהען, אז וואלענטינע ריהרט זיך ניט, האט זיא בעקומען מוטה און האט אויפגעדעקט דיא כלומרשט טויטע. זיא האט איהר געטאַפּט דעם פולס און דיא הארץ, און זיא איז געווען איבערצייגט, אז זיא איז טויט.

א טייפלישער צופריעדענער שמייכעל האט געשוועבט אויף איהר געזיכט. יעצט איז איהר ווערק געווען פארטיג; זיא האט איהר זאך גוט אויסגעפיהרט. פלוצלונג האט זיא געכאפּט א שוידער, אזוי וויא זיא וואָלט זיך דערשראָקען פאר איהר אייגענע ווערק. זיא האט א קוק געטאָן אויפ'ן גלאָז און זיא האט געזעהען, אז דאָרטען איז נאך געווען א פערטעל גלאָז פון איהר גיפט. זיא האט עס שנעל ארויסגעגאָסען אין אויוועז און האט אויסגעווישט דיא גלאָז. באלד נאך דעם איז זיא אריין צו זיך אין צימער.

מיט א האלבע שטונדע שפּעטער האט זיך דיא טהיר פון דער ביבליאָטהעק אויפגעמאכט און מאָנטע קריסטאָ איז וויעדער ערשיענען. ער האט געהאלטען א פלעשעל אין האנד און איז צוגעגאנגען צו דער גלאָז. ער האט אָנגעגאסען א פערטעל גלאָז און האט אריינגעלייגט דיא פלעשעל אין פּאקעט. דאן האט ער א וואָרף געטאָן א פּאָטער־ליכען בליק אויף וואלענטינען און איז ארויסגעגאנגען.

מיט א שטונדע שפּעטער איז אריינגעקומען פון דער אויסען טהיר דיא ווערטערין. זיא האט א קוק געטאָן אויף וואלענטינע און אויפ'ן טיש און האט געפונען אלעס אין אָרדנונג, און זיא האט זיך גאַנץ רוהיג אוועקגעזעצט.

עס האט געשלאָגען אכט א זייגער. יעצט האט זיך דיא ווערטערין ארומגעזעהען, אז דיא קראַנקע שלאָפט עפּעס צו לאַנג. זיא איז צוגעגאנגען צום בעט און האט געוואָלט צורעכט לייגען דער קראַנקער'ס האנד, וועלכע איז אראָפּגעהאנגען פון בעט, אבער דער אָרעם איז געווען שטייף און קאלט. דיא ווערטערין האט ארויסגעשטויסען א שרעקליכען געשריי און איז צוגעלאָפען צו דער טהיר שרייענדיג ניט מיט איהר קול:

— צו הילפע! ראטעוועט! צו הילפע!

— וואָס, צו הילפע? האט דער דאָקטאָר אווריני געשריען פון אונטען.

— ווער שרייט דאָרטען צו הילפע! האט געשריען ווילפאָר ארויסלויפענדיג פון זיין צימער.

— עס איז ביי וואלענטינען, האט אווריני געזאגט, קומט שנעל ארויף!

דערווייל זיינען שוין עטליכע דיענער געווען ביי וואלענטינען אין צימער, און ווען זיי האבען זיא געזעהען טויט האבען זיי געמאכט א שרעקליכען ליארעם.

— רופט מאדאם ווילפאָר! וועקט אויף מאדאם ווילפאָר! האט דער פּראָקוראָר געשריען.

דערווייל איז דער דאָקטאָר אריין אין וואלענטינעס צימער, און ער האט זיא אויפגעהויבען אין זיינע אָרעם.

— דיזע אויך!.... האָט ער געמורמעלט אראָפּלאָזענדיג זיא אין בעט. אָה! ווען וועט עס אויפהערן?

— וואָס זאָגט איהר! האט ווילפאָר אויסגערופען מיט א שרעקליכע שטימע. דאָקטאָר!.... דאָקטאָר!....

— איך זאָג, אז וואלענטינע איז טויט! האט דער דאָקטאָר געענטפערט מיט א קאלטע און טיעפע שטימע.

ווילפאָר האט זיך געגעבען א שאָקעל און איז געפאלען מיט'ן קאָפּ אויף וואלענ־טינעס בעט.

ביי דיא ווערטער פון דאָקטאָר און ביי דעם געשריי פון ווילפאָר, זיינען זיך דיא דיענער צולאָפען פאר שרעק דורך אלע טהירען און האבען פערלאָזען דיא פערפלוכטע הויז.

אין דיזען מאָמענט האט מאדאם ווילפאָר אויפגעמאכט דיא טהיר פון איהר צימער צו וואלענטינעס און האט געפּרופט ארויסקוועטשען א פּאר טרערן. איהרע אויגען זיינען געפאלען אויף דער גלאָז אויפ'ן טיש, אין וועלכער דער גיפט האט זיך געפונען און זיא איז געווען זיכער, אז זיא האט איהם אויסגעגאָסען. אווריני האט בעטראכט דיא גלאָז.

האלב טויט פאר שרעק איז דיא גיפטמישערין אריין צוריק אין איהר צימער.

— טויט! טויט! האט ווילפאָר געשריען אויפשפּרינגענדיג פון בעט, עס קען ניט זיין, דאָקטאָר! מיין טאָכטער איז טויט!....

— טויט! טויט! האט נאָכגעקלונגען אנאנדער שטימע. ביידע מענער האבען זיך אומגעקוקט. מאָרעל איז געשטאנען אויף דער טהיר בלייך, צוטומעלט און שרעקליך אויסזעהענדיג.

— ווער זייט איהר, מיין העדר? האט ווילפאָר אויסגערופען, ווער האט אייך אריינגעלאָזען און וויא קומט איהר אין א פרעמדע הויז.

אָבער מאָרעל האט געשוויגען און האט ניט געקענט אראָפּנעמען דיא אויגען פון דער בלייכער געזיכט אויפ'ן בעט.

— גייט ארויס זאג איך אייך! האט ווילפאָר נאך א מאָל געזאָגט. און אווריני איז צוגעגאנגען איהם ארויסצופיהרען.

מאַרעל האט געקוקט מיט ווילדע אויגען אויפ'ן מת און אויף דיא צוויי מענער; ער האט געוואלט אויפמאכען דעם מויל, דאן, ניט געפינענדיג וואס צו זאגען, האט ער זיך אומגעקעהרט צוריק און האט אריינגעשטעקט דיא הענד אין דיא האָר.

— ער איז משוגע, האט ווילפאָר געזאָגט.

אָבער איידער פינף מינוט זיינען פערגאנגען, האט מען געהערט קנאַקענדיג דיא טרעפּ, און מאַרעל איז ערשיענען מיט דעם אלטען נואַרטיע אויף דיא ארעס, וועלכען ער האט געטראָגען מיט איין איבערמענשליכער קראַפט מיט'ן טשער צוזאמען. ווען ער האט איהם אריינגעבראכט אין צימער האט ער איהם צוגעפיהרט ביז וואלענטינען. וויא שרעקליך איבערהויפּט דער אלטער האט אויסגעזעהען איז שווער צו בעטראַכטען.

— זעהט איהר וואָס מען האט פון איהר געמאכט! האט מאַרעל געשריען צייגענ־דיג אויף וואַלענטינען. זעהט, מיין פאָטער, זעהט!

— ווילפאָר האט צוריקגעטראָטען און האט בעטראכט דעם יונגען מאַן, וועלכער איז איהם געוועזען כמעט אונבעקאַנט, און האט גערופען נואַרטיע פאָטער.

אין דיזען מאָמענט איז דער גאַנצער לעבען פון דעם אלטען אריין אין זיינע אויגען וועלכע האבען זיך אָנגעפילט מיט בלוט און זיין האלז איז געוואָרן בלוי.

אווריני איז צו איהם צוגעלאָפען און האט איהם פריי געמאכט דעם אָטהעם.

— מיין הערר, האט דאן מאַרעל אויסגערופען אָנכאַפּענדיג דעם אלטען'ס האנד, מען פרעגט מיך ווער איך בין און וועלכען רעכט איך האב דאָ צו זיין. אָ, איהר ווייסט עס, זאגט זיי! זאגט זיי! און דיא שטימע פון דעם יונגען מאַן איז פערשטיקט געוואָרן אין א יאָמער. דער אלטער האט קוים געקענט ציהען דעם אָטהעם פאר אויפרעגונג. ענדליך האבען זיך ביי איהם אָנגעפאַנגען צו גיסען טרערן.

— זאגט, האט מאַרעל ווייטער געזאָגט מיט א פערשטיקטע שטימע, זאָגט, אז איך בין געוועזען איהר חתן! זאָגט, אז זיא איז געוועזען מיין טייערער פריינד, מיין איינציגע ליבע אויף דער וועלט! זאָגט, זאָגט, זאגט, אז דיזע לייבע געהערט מיר!

און דער יונגער מאַן איז געפאלען אויף דיא קניע פאר'ן בעט א צובראָכענער.

דיזער שמערץ איז געוועזען אזוי גרויס און שטארק, דאס אווריני איז געוועזען שרעק־ליך געריהרט און ווילפאָר האט דעם יונגען מאַן געריכט דיא האנד.

אָבער מאַרעל האט גארניט געזעהען; ער האט געהאלטען דיא קאלטע האנד וואלענטינען, און ניט קענענדיג וויינען, האט ער געביסען דיא דעקע מיט דיא ציין און האט געברומט.

ענדליך איז ווילפאָר געקומען צו זיך און ער האט געזאגט צו מאַקסימיליאַן:

— איהר ליעבט וואַלענטינען, זאגט איהר: איהר זייט געוועזען איהר חתן; איך האב עס ניט געוואוסט, און פון דעסטוועגען איך, איהר פאָטער, פערצייה עס אייך, דען איך זעה, אז אייער שמערץ איז גרויס און אמת. דערצו איז מיין שמערץ אויך גרויס, איך זאל נאך האבען פלאַץ פאר'ן צאָרן. אָבער איהר זעהט דאָך, אז זיא איז טויט, נעמט אַפּשיעד פון איהר אויף אלע מאָל און לאָזט דעם גייסטליכען טאָן זיינע פליכט.

— איהר האט א טעות מיין הערר! האט מאַרעל אויסגערופען, זיא האט נאך גייטיג א נקמה געמער אויך.

— וואָס ווילט איהר דערמיט זאָגען? האט ווילפאָר געפרעגט מיט שוידערן.

— איך וויל זאָגען, מיין הערר, אז אין אייך איז דאָ צוויי מענשען. דער פאָטער האט אין אייך גענוג געוויינט, יעצט זאָל אין אייך דער קעניגליכער פּראָקוראָר טאָן זיין פליכט.

דיא אויגען פון נוארטיע האבען געבליצט און אווריני האט זיך גענעהענט.

— מיין הערר, האט מאָרעל פאַרטגעזעצט, איך ווייס וואָס איך רייד און איהר ווייסט עס אויך. וואלענטינע איז ערמאָרדעט געוואָרן!

ווילפאָר האט אראָפּגעלאָזען דעם קאָפּ; אווריני איז צוגעגאנגען נאך נעהענטער און דער אלטער האט געזאָגט, יא.

— וועל! האט מאָרעל געזאָגט מיט א שארפערע שטימע, וועל, קעניגליכער פּראָקוראָר, קיין רחמנות, איך צייג אייך אָן דעם פערברעכען, זוכט דעם מערדער!

ווילפאָר האט געקוקט אויף אווריני און זיין פאָטער, אזוי וויא ער וואלט געזוכט א שטיצונג, אָבער אנשטאָט שטיצונג האט ער געפונען אין זייערע אויגען רעכט פאר מאָרעלין.

— מיין הערר, האט ווילפאָר געפּרופט זאָגען, איהר האט א טעות, ביי מיר אין הויז גיעבט ניט קיין פערברעכען....

דיא אויגען פון נוארטיע האבען געשפריצט פייער און דער דאָקטאָר אווריני האט אויפגעמאכט דעם מונד צו ריידען.

מאָרעל האט אויסגעשטרעקט דיא האנד הייסענדיג שווייגען.

— און איך זאָג אייך, אז מען טויטעט דאָ! האט ער אויסגעשריען מיט א שרעק־ליכע שטימע. איך זאג אייך, אז אָט איז דער פערטער קרבן געפאלען אין פיער מאָנאט. איך זאג אייך, אז מען האט מיט פיער טעג צוריק געפּרופט פערגיפטען וואלענטינען און עס איז ניט געלונגען צו ליעב דיא פאָרזיכט פון העררן נוארטיע! איך זאג אייך, אז מען האט דעם מאָל פערדאָפּעלט דיא פּאָרציע גיפט און עס איז דעם מערדער געלונגען זיין ווערק אויסצופיהרען! איך זאג אייך, אז איהר ווייסט עס אלעס אזוי גוט וויא איך, און איך דערצייל עס אייך אלס צו א פריינד און אלס צו א דאָקטאָר.

— איהר זייט אין היץ פיבער, האט ווילפאָר געטרייט ווייטער צו זאָגען.

— איך בין אין היץ פיבער! האט מאָרעל אויסגעשריען; וועל! איך ווענד מיך צו העררן אווריני אליין.

איך מוז אייך זאָגען, אז איך האב געהערט אין יענער נאכט אין גאָרטען וויא איהר האט גערעט איבער דעם טויט פון מאדאם סענט מעראַן. געוויס ווען איך האב געזעהען דיא שוואכקייט פון העררן ווילפאָר, האב איך געדארפט אליין אָנצייגען דיא געשיכטע דעם געריכט; איך האב עס ניט געטאָן; וועל! דעם מאָל וויל איך ניט זיין דער מיטשולדיגער אין דעם טויט פון וואלענטינען! מיין פיעל געליעבטע וואלענטינע! דאָס איז דער פערטער מאָרד אין אלעמעס אויגען, און ווען דיין פאָטער זאל יעצט ניט נעמען נקמה פאר דיר, וואלענטינע, וועל איך עס זיין, איך שוועהר עס דיר, וועלכער וועט פערפאָלגען דעם מערדער.

און דעם מאָל האָבען איהם געשיינט דיא קרעפטען צו פערלאָזען. דיא ווערטער

זיינען איהם אָפּגעשטאָרבען אין האלז. פון זיין ברוסט האט ארויסגעקוואָלען א יאָמער און טרערן האבען זיך א גאָס געטאָן פון זיינע אויגען. ער איז געפאלען אויף דיא קניע און האט ביטער געוויינט לעבען וואלענטינעס בעט.

יעצט האט זיך אויפגעהויבען אווריני אויך.

— און איך אויך, האט ער געזאגט מיט א שרעקליכער שטימע, איך טהייל זיך אויך צו צו הערן מאַרעל, און איך פאָרדער גערעכטיגקייט פאַר'ן פערברעכען; דען מיין הארץ ברענט מיר וואָס איך האב מיט מיין שווייגען געגעבען מוטה דעם מערדער!

ווילפאָר איז געוועזן איינגעבויגען אין דרייען און האט געברומט.

— זעהט, זעהט, דער הערר נוארטיע וויל ריידען! האט מאַרעל אויסגערופען.

יא, האט דער אַלטער געמאכט מיט אזא שרעקליכען אויסדרוק דאס אלע האבען זיך גלייך געווענדט צו איהם.

— איהר קענט דעם מערדער? האט מאַרעל געפרעגט.

— יא, האט דער אַלטער געענטפערט.

— ווילט איהר אונז זאָגען? האט דער יונגער מאַן אויסגערופען. לאָמיר הערן, הערר אווריני, לאָמיר הערן!

נוארטיע האט אָנגעקוקט מאַרעל'ן מיט א טרויעריגען שמייכעל און האט געוויזען מיט דיא אויגען אויף דער טהיר.

— איהר ווילט, אז איך זאל ארויסגיין, מיין הערר? האט מאַרעל שמערצליך אויסגערופען.—יא.—מעג איך וויניגסטענס צוריקקומען? האט מאַרעל געפרעגט.—יא. —זאָל איך ארויסגיין אליין?—ניין.—זאל איך מיטנעמען דעם פּראָקוראָר?—ניין.—מיט דעם דאָקטאָר?—יא.—איהר ווילט בלייבען אליין מיט הערר ווילפאָר—יא.— אָבער וועט ער אייך פערשטיין?—יא.

— אָה, האט ווילפאָר געזאגט, איך פערשטיי גאנץ גוט מיין פאָטער.

דער פּראָקוראָר האט עס געזאגט מיט אזא מין פרייד, דאס דיא ציין האבען ביי איהם געקלאפּט צו הערן פאר א מייל.

אווריני האט גענומען מאַרעל'ס אָרעם און האט איהם אריינגעפיהרט אין אנאנ־דער צימער. אין א פערטעל שעה ארום האבען זיך דערהערט שווערע טריט און ווילפאָר איז אריינגעקומען צו אווריני און מאַרעל'ן.

— קומט, האט ער צו זיי געזאגט. און ער האט זיי אריינגעפיהרט צום אַלטען. מאַרעל האט דאַן אויפמערקזאם בעטראכט ווילפאָר'ן.

דאָס געזיכט פון דעם קעניגליכען פּראָקוראָר איז געוועזן געל וויא וואקס; שווערע טראָפּפען שוויים האבען גערונען פון זיין שטערן און אין האנד האט ער געהאלטען א פעדער צודרייט אויף טויזענד שטיקער.

— מיינע הערערן, האט ער געזאָגט מיט א פערשטיקטער שטימע צו אווריני און מאַרעל'ן, מיינע הערערן, גיט מיר אייער עהרען וואָרט, אז דיא שרעקליכע געהיימניס וועט זיין בעגראָבען צווישען אונז! ביידע מענער האבען איהר איבערראשט אָנגעקוקט.

— אָבער דער מערדער!.... האט מאַרעל אויסגערופען, דער מערדער!....

— זייט רוהיג, מיין הערר, האט ווילפאָר געזאָגט, ער וועט זיין בעשטראָפט.

מיין פאָטער האט מיר אויסגעזאגט זיין נאָמען. מיין פאטער ברענט אויך נאָך ראכע, פון דעסטוועגען בעשווערט ער אייך אזוי וויא איך, אז איהר זאלט האלטען דיא געד הייםנים פון דעם פערברעכען.... ניט אמת, ליעבער פאָטער?

— יא, האט דער אַלטער מיט פעסטקייט געענטפערט.

מאָרעל האט געמאכט איין אונוויליגע בעוועגונג.

— אָ, גלויבט מיר! האט ווילפאָר אויסגערופען אָנכאַפּענדיג מאָרעל׳ס אָרעם. מיין פאָטער קען מיך גאַנץ גוט, און איהם האב איך נעגעבען מיין וואָרט. זייט אלזאָ געדולדיג, מיינע העררען; דריי טעג, איך בעט ביי אייך דריי טעג, און אין דיזע דריי טעג וועל איך נעמען שרעקליכע ראכע פאר דיא ערמאָרדונג פון מיין קינד!.... ניט אמת, מיין פאָטער?

זאָגענדיג דאס, האט ער געקריצט מיט דיא ציין און האט געטרייסעלט דיא אָפּגעשטאָרבענע האנד פון זיין פאָטער.

— וועט עס געטאָן ווערן, וואס העררר ווילפאָר פערשפּרעכט, העררר נוארטיע? האט מאָרעל געפרעגט.

— יא, האט דער אַלטער געמאכט מיט א בליק פון פינסטערער פרייד.

— אַלזאָ, שווערט מיר, מיינע העררען, האט ווילפאָר געזאָגט צוזאמענלייגענדיג אווריני׳ס און מאָרעל׳ס הענד, שווערט מיר, אז איהר וועט האבען מיטלייד מיט דער עהרע פון מיין הויז, און אז איהר וועט מיר איבערלאָזען צו נעמען ראכע.

אווריני האט זיך אָפּגעקעהרט און האט געמורמעלט א שוואכען יא, אבער מאָרעל האט אויסגעריסען זיין האנד פון ווילפאָר׳ס און איז צוגעלאָפען צום בעט; ער האט ארויפגעדריקט זיינע ליפּען אויף וואלענטינעס בלייכע ליפּען און איז ארויסגעלאָפען ברר מענדיג וויא א ווילדער.

מיט א שטונדע שפּעטער איז דער גייסטליכער בוזאָני געררופען געוואָרן צו דער טויטער און דער גייסטליכער האט זיך אונטערהאלטען מיט נוארטיע.

22טער קאפּיטעל.

## דאַנגלאַר׳ס מיליאָנען.

אויף איבערמאָרגען האט מען געמאכט פּאָרברייטונגען צו וואלענטינעס בעערדי־גונג. אזוי וויא דיא דיענער זיינען זיך אלע צולאָפען האט ווילפאָר מיט דאָקטאָר אווריני געמוזט אלעם אליין בעזאָרגען. צום גרויסען וואונדער איז דער אַלטער נוארטיע יעצט געווען גאַנץ רוהיג און האט זאָגאר געשלאָפען מיט א גליקליכען שמייכעל אויף דיא ליפּען. ווילפאָר און אווריני האבען זיך גארניט געקענט אָפּוואונדערן.

ווען אלע בעקאנטע זיינען געווען פערזאמעלט אין ווילפאָר׳ס הויז, האבען אייניגע געפרעגט, פאר וואָס מאָנטע קריסטאָ איז נאָך ניטאָ. שאַטאָ רענאָ האט געענטפערט, אז ער האט איהם ניט לאַנג געזעהען גייענדיג צום באַראָן דאַנגלאַר.

און אין אמת איז טאקע מאָנטע קריסטאָ געווען אין דיזער צייט ביי דאַנגלאַר ער האט דאַנגלאַר׳ן געטרייסט אין זיין אונגליק און האט איהם געזאָגט, אז אזא

גרויסער מיליאָנער וויא ער קען זיך זעהר שנעל טרייסטען, דען מיט געלד איז מען קיין מאל ניט אונגליקליך.

— אייער רייכטהום, האט מאַנטע קריסטאָ געזאָגט איז געגליכען צו דיא פּיראַמידען; ווען מען זאל זיי ועלען צושטערן, וואלט מען זיך ניט אונטערשטיין, און אז מען זאל זיך אונטערשטיין, וואלט מען ניט קענען.

דאַנגלאַר איז געווען צופריעדען מיט דיזער שמייכלונג פון גראַף.

— דאָס דערמאָנט מיך, האט ער געזאָגט, אז ווען איהר זייט אריינגעקומען, האב איך געשריעבען פינף טשעקס; צוויי האב איך שוין געמאכט, ערלויבט מיר צו מאכען דיא איבריגע דריי.

— מאכט, מיין ליעבער באַראָן, מאכט.

דאַנגלאַר האט באלד אויפגעשריעבען דיא דריי טשעקס וועהרענד מאַנטע קריסטאָ האט געקוקט אויף דער וואנד.

— זעהט איהר, האט דאַנגלאַר געזאָגט, איהר זייט דער קייזער פון פינאַנסען און איך בין דער קעניג. האט איהר שוין געזעהען פיעל אזעלכע פּאַפּיערלעך, וועלכע זאָלען ווערט זיין יעדערער א מיליאָן?

מאַנטע קריסטאָ האט גענומען איינעם פון דיזע טשעקס און האט איהם געלעזען:

„איך בעט דיא באנק צו צאָהלען דעם אייגענטהימער פון דיזען טשעק אויף מיין [illegible]נגעלייגטען קאַפּיטאַל דיא סומע פון איין מיליאָן.—באַראָן דאַנגלאַר.“

— און דאָס געלד ווערט אויסגעצאָהלט? האט מאַנטע קריסטאָ געפרעגט.

— איהר קענט זיך איבערצייגען, האט דאַנגלאַר געענטפערט; איך וועל שיקען מיין קאַסירער אין דיא בענק און איהר קענט איהם אליין נאָכגיין, וועט איהר זעהען דיא פינף מיליאָן אין באַר געלד.

— ניין, האט מאַנטע קריסטאָ געזאָגט צופליענדיג דיא פינף בילעטען, ניין, ביי מיין לעבען, דיא זאך איז צו אינטערעסאַנט; וואס דארף איך גיין, איך קען אליין מאכען דיא פּראָבע. מיין קרעדיט איז ביי אייך געווען אויף זעקס מיליאָן, איך האב דערויף גענומען נייען הונדערט, אלזאָ זייט איהר מיר נאך שולדיג פינף מיליאָן און איין הונדערט טויזענד פראַנק. איך נעם דיא פינף שטיקלעך פּאַפּיער, וועלכע זיינען פאַר מיר גענוג גוט מיט אייער אונטערשריפט, און אָט איז א רעסיט אויף דיא גאנצע זעקס מיליאָן, און מיר זיינען קוויט. איך האב שוין געהאט פאַרטיג דעם רעסיט, דען איך מוז אייך זאָגען, אז איך דארף היינט געלד. און זאָגענדיג דאס האט מאַנטע קריסטאָ אריינגעלייגט מיט איין האנד דיא טשעקס אין פּאַקעט און מיט דער אנדערער האט ער איהם דערלאַנגט דעם רעסיט.

ווען א בליץ וואלט געפאלען צו דאַנגלאַר'ס פיס, וואלט אויף איהם ניט געמאכט א שרעקליכערע ווירקונג וויא מאַנטע קריסטאָ מיט דיא טשעקס.

— וויא! האט ער געשטאַמעלט, וויא! העררר גראַף, איהר נעמט צו דאָס געלד? אָבער ערלויבט, דאס געלד געהערט ניט מיר, דאָס געלד איז פאַר דיא שפּיטאָלען, וועלכע איך דארף מאָרגען צאָהלען.

— אזוי! האט מאַנטע קריסטאָ געזאגט, דאן איז עס אנאנדער זאך. איך דארף

ניט דוקה דיא פינף טשעקס, צאָהלט מיר מיט אנדערע ווערטה זאכען; איך האב דיא בילעטען גענומען נאָר דורך נייגעריגקייט, אום צו ווייזען, אז דיא הויז דאנגלאר קען צאָהלען פינף מיליאָן קוראנט אין פינף מינוט צייט! נאָט אייך זיי צוריק און גיט מיר אנדערע זאכען אויף זייער פלאץ.

און ער האט דערלאנגט דיא פינף בילעטען דאנגלאר'ן, וועלכער האט זיך געוואָלט א ווארף טאן אויף זיי וויא א ווילדע חיה, פון וועלכער מען נעמט צו א שטיק פלייש און מען דערלאנגט איהר נאכהער צוריק. ער האט זיך אָבער באלד צוריקגעהאלטען, און א שמייכעל האט בעדעקט זיין פערצעהרטע געזיכט.

— און טאקע, האט ער געזאָגט, אייער רעסיט איז דאך געלד.

— אלזאָ קען איך בעהאלטען דיא טשעקס?

— יאָ, האט דאנגלאר געזאָגט אָפּווישענדיג דעם שוויס, וועלכער האט גערונען פון זיין שטערן, בעהאלט זיי, איהר קענט זיי נעמען.

מאָנטע קריסטאָ האט אריינגעלייגט דיא פינף מיליאָן אין זיין טייסטער מיט דער קאָלטבלוטיגסטער מינע אין דער וועלט.

— יעצט בלייב איך אייך נאך שולדיג הונדערט טויזענד פראנק, האט דאנגלאר געזאגט.

— ווייס איך, וועגען דיזער קלייניגקייט! איך בין אייך שולדיג עפּעס צינזען, זאל זיין קוויט דערמיט.

— גראף, מיינט איהר עס ערנסט?

— איך שפּאס קיין מאל ניט מיט באנקירען, האט מאָנטע'קריסטאָ געענטפערט מיט איין ערנסטען טאָן. און ער האט זיך געלאזען גיין צו דער טהיר, גראדע אין דער צייט ווען א לאקיי האט אָנגעמעלדעט דעם הערן באָוויל.

מאָנטע קריסטאָ האט געגריסט דאנגלאר'ן און איז ארויסגעגאנגען. אויף דער טהיר האט ער בעגעגענט דעם הערן באָוויל, זיי האבען זיך געגריסט און מאָנטע קריסטאָ איז ארונטערגעגאנגען.

באָוויל איז טאקע געקומען נאך דיא פינף מיליאָן, וועלכע זיינען געלעגען ביי דאנגלארן פאר דיא שפּיטאָלען און אנדערע וואָהלטהעטיגע אנשטאלטען.

— מיין ליעבער הערר באָוויל, האט צו איהם דאנגלאר געזאגט, אייערע שפּיטאָלען, אלמנות און יתומים וועלען מוזען ווארטען נאך פיער און צוואנציג שטונדען, ווייל דער גראף מאָנטע קריסטאָ האט ביי מיר יעצט צוגענומען דיא פינף מיליאָן.

— וואס רעט איהר! אָט דיזער מאן, וועלכער איז יעצט ארויסגעגאנגען פון אייך, האט פינף מיליאָן אין פאקעט?

— אָט האט איהר זיין רעסיט אויף דיא הויז טהאָמסאָן און פרענש.

— באָוויל האט גענומען דעם רעסיט און האט איהם דורכגעלעזען.

„ערהאלטען פון הערן באראָן דאנגלאר דיא סומע פון פינף מיליאָן פראנק, וועלכע ער קען קריגען אויסגעצאָהלט צו יעדער צייט אין דער הויז טהאָמסאָן און פרענש, אין רוים."

— קענט איהר דיא הויז טהאָמסאָן און פרענש? האט איהם דאנגלאר געפרעגט.

— יאָ, איך האָב מיט איהר א מאל געהאט א געשעפט אויף צוויי הונדערט טויזענד פראַנק און פון יענער צייט אָן האָב איך פון איהר ניט געהערט.

— דאָס איז איינע פון דיא גרעסטע הייזער אין עראָפּאַ, האט דאַנגלאַר געזאגט.

— אַלזאָ מאָרגען זאגט איהר, וועל איך קריגען דיא פינף מיליאָן?

— מאָרגען צוויי א זייגער נאָך דינער קענט איהר שיקען נאָכ'ן געלד. אדער ווען איהר ווילט גלייך האָבען דאס געלד, נעמט דעם גראַף'ס רעסיט, קריגט איהר אין יעדער באַנק גלייך אויסגעצאָהלט. איהר דאַרפט אָבער אָנוועהרען א פינף, זעקס טויזענד פראַנק צינזען.

— צו וואָס דאַרף איך עס? איך וועל בעסער וואַרטען ביז מאָרגען.

און באַוויל איז באַלד אוועקגעגאַנגען. וויא באַלד דיא טהיר האט זיך הינטער איהם צוגעמאַכט, האט דאַנגלאַר געזאָגט:

— אייזעל! ווען דו וועסט מאָרגען קומען, וועל איך שוין זיין וויים פון דאַנען.

דאַן האט ער פערשלאָסען דיא טהיר און האט אויפגעמאַכט דיא קאַסע; ער האט פון דאַרטען צוזאַמענגעקליבען א פופציג טויזענד פראַנק אין פּאַפּיר געלד, דיא איבריגע פּאַפּירען האט ער פערברענט, און ער האט זיך גענומען שרייבען א בריף. דאַן האט ער אויפגעשריבען דיא אַדרעסע: „אָן דיא באַראָנעסע דאַנגלאַר."

— היינט אָבענד, האט ער געמורמעלט וועל איך עס איהר אליין ארויפלייגען אויפ'ן טיש. דערויף האט ער ארויסגעצויגען א פּאַס פון טיש קעסטעל.

— גוט, האט ער געזאָגט, ער האט נאָך צו דיענען צוויי מאָנאַט.

## 21טער קאַפּיטעל.

## מאָנטע קריסטאָ און מאָרעל.

דער טאָג פון בעערדיגונג איז געקומען. דיא בעערדיגונג איז געווען א גרויסאַרטיגע. ביז הונדערט וועגען און פינף הונדערט מענשען זיינען נאָכגעגאַנגען דיא לויה. ווילפאָר האט געהאַט זיין פאַמיליען קבר אויף דעם בית עולם פּער לאַשעז, וואו דיא גרעסטע לייט פון פּאַריז ווערן בעערדיגט. ווען אַלע זיינען געווען אויפ'ן בית עולם איז מאָנטע קריסטאָ אויך אנגעקומען. דעם גראַף'ס קוקען איז געווען נאָר אויף מאָרעל'ן, וועלכער האט זיך געהאַלטען פון דער ווייטענס און האט אויסגעזעהען שרעקליך. דער גראַף האט פון איהם ניט אַראָפּגעלאָזען דיא אויגען.

נאָך דער בעערדיגונג זיינען זיך אַלע צופאָהרען אַהיים און מאָרעל איז אויך פערשוואונדען. דער גראַף, וועלכער האט איהם געהאַט אין אויג איז איהם באַלד נאָכגעפאָלגט. ער איז אנגעקומען כמעט צוגלייך מיט איהם צו מאָרעל'ס שוועסטער אין מעליי גאַס.

ווען דער גראַף האט זיך דערוואוסט פון מאָרעל'ס שוואָגער און שוועסטער, אַז מאַקסימיליאַן האט זיך איינגעשפּאַרט ביי זיך אין צימער, איז ער גלייך ארויפגעשפּרונגען אויבען. ער האט געטראָפען דיא טהיר פערשלאָסען פון אינעווייניג און ער האט ניט לאַנג געקלערט און האט מיט'ן עלענבויגען אויסגעשטויסען דיא שויב פון טהיר.

— עס איז נאַרניט, מיין פריינד, האט דער גראַף געזאָגט, איך האָב זיך אויס-

געגליטשט און האב אונגערן צובראכען דיא שויב, און ווייל דיא שויב איז צובראכען, וועל איך שוין אריינגיין אין צימער; שטערט זיך ניט, שטערט זיך ניט. און דער גראף האט אריינגעשטעקט דיא האנד דורך דיא צובראכענע שויב און האט אויפגעמאכט דיא טהיר.

מארעל האט זיך אויפגעהויבען ניט א צופריעדענער און איז געגאנגען ענטקעגען מאנטע קריסטא, ניט אזוי איהם צו עמפפאנגען וויא איהם צו שפארען דעם וועג.

— וואס טוט איהר דא, איהר שרייבט? האט מאנטע קריסטא געזאגט.

— יא, איך האב יעצט געשריעבען, האט מאקסימיליאן קאלט געענטפערט. דער גראף האט געקוקט ארום זיך.

— אייערע פיסטאלעטען ליעגען לעבען אייערע שרייב זאכען! האט ער געזאגט צייגענדיג מיט דער האנד אויף דיא פיסטאלעטען אויפ'ן טיש.

— איך מאך א רייזע, האט מארעל געענטפערט.

— מיין פריינד, מיין טייערער מאקסימיליאן, מאכט ניט קיין ווילדע זאכען, איך בעט אייך!

— איך מאך ווילדע זאכען, האט מארעל געזאגט ציהענדיג דיא אקסלען, וואס רעט איהר!

— מארעל, איהר ווילט זיך טויטען!

— טויטען! האט מארעל געענטפערט ציטערנדיג, וואו האט איהר גענומען דיזען געדאנקען, גראף?

— איך זאג אייך, אז איהר ווילט זיך טויטען! האט דער גראף פארטגעזעצט מיט דענזעלבען טאן, און אט איז דער בעוויז.

און צוגייענדיג צום טיש, האט ער אויפגעהויבען דעם ווייסען בויגען פאפיער, מיט וועלכען דער געשריעבענער בויגען פאפיער איז געווען פערדעקט, און ער האט צוגענומען דעם בריעף.

מארעל האט זיך אווארף געטאן ביי איהם אויסצורייסען דעם בריעף. אבער מאנטע קריסטא האט עס פאראויסגעזעהען און האט איהם אנגעבאפט פאר'ן ארעם און האט איהם אפגעהאלטען וויא מיט איין אייזערנער צוואנג.

— זעהט איהר שוין, אז איהט ווילט זיך טויטען, האט מאנטע קריסטא געזאגט: אט איז געשריעבען.

— וועל! האט מארעל אויסגערופען אריינקומענדיג אין צארן, און ווען עס זאל זיין אזוי, ווער וועט מיך אין דעם פערהינדערן? ווער וועט האבען דעם מוטה מיך צו פערהינדערן, ווען איך וועל זאגען: אלע מיינע האפנונגען זיינען פערלארען, מיין הארץ איז צובראכען, מיין לעבען איז פערלאשען, און ארום מיר איז נאר יאמער און עקעל! ווען איך וועל זאגען, אז פאר מיר איז דיא גרעסטע טובה ווען מען וועט מיך לאזען שטארבען. און ווען ניט, וועל איך פערלירען דעם פערשטאנד, איך וועל ווערן משוגע. וויל מען מיך פערהינדערן צו לאזען מיין הארץ בלוטען און ליידען העלען קוואלען? זאגט, וועט איהר האבען דעם מוטה דערצו?

— יאָ, מאַרעל, האט דער גראַף מיט א טיעפער און רוהיגער שטימע געענטפערט, איך וועל אייך פערהינדערן.

— איהר! האט מאַרעל אויסגערופען מיט וואקסענדען צאָרן, איהר, וועלכער האט מיך געווינט מיט א משוגענער האָפנונג, איהר, וועלכער האט מיך געטרייסט מיט פאַלשע פערשפּרעכונגען, ווען איך וואלט זיא אפשר אליין געקענט רעטען אדער זיא גע־זעהען שטארבען וויינינגסטענס אין מיינע הענד; איהר וועלכער מיינט, אז איהר האט אלע קוועלען פון פערשטאַנד, אלע קרעפטע פון דער נאַטור; איהר, וועלכער מאכט גלויבען, אז איהר האט איין איבערנאַטירליכע מאכט, און וועלכער האט אפילו ניט געהאט דיא קראַפט צו געבען געגען פּולווער פאר א פערגיפטעטע יונגע מיידעל! אָה, מיין הערר, איך וואָלט געהאט מיטלייד מיט אייך, ווען איהר וואלט מיך ניט אָפּגעשטויסען!

איך האב אייך געלאָזען קומען ביז אהער, ווייל מיין הארץ איז גוט. אָבער ווייל איהר ערלויבט זיך צו פּיעל, ווייל איהר ברייננגט מיר נייע קוואלען, מיר, וועלכער האט געגלויבט, אז ער האט זיי שוין אלע אויסגעליטען, גראַף פון מאָנטע קריסטאָ, מיין בלומערשטער וואָהלטהעטער; גראַף מאָנטע קריסטאָ, דער וועלט רעטער, זייט צופריע־דען, איהר וועט זעהען שטארבען אייער פריינד....

און מאַרעל האט מיט א שמייכעל פון משוגעת זיך א וואָרף געטאן אויף דיא פּיסטאָלעטען. אָבער מאָנטע קריסטאָ, וועלכער איז געווען בלייך וויא א מת און ביי וועמען דיא אויגען האבען געבליצט האט אויסגעשטרעקט דיא האַנד אויף דיא געוועהר און האט געזאָגט:

— און איך זאג אייך, אז איהר וועט זיך ניט טויטען!

— נו, פערהינדערט מיך! האט מאַרעל אויסגערופען זיך ווארפענדיג מיט דער גאנצער קראַפט אויף ד"א פּיסטאָלעטען. אָבער ער האט זיך ווידער אָפּגעשלאָגען אָן דעם גראַף'ס שטאָהלענעם אָרעם.

— איך וועל אייך פערהינדערן!

— אָבער ווער זייט איהר ענדליך! וואָס איהר נעמט זיך דיא טיראַנישע רעכט איבער אנדערע מענשען? האט מאַקסימיליאַן אויסגערופען.

— ווער איך בין? האט מאָנטע קריסטאָ ערווידערט. הערט: איך בין דער איינ־ציגער מענש אויף דער וועלט, וועלכער האט דאָס רעכט אייך צו זאָגען: מאַרעל, איך וויל ניט, אז דער זון פון דיין פאָטער זאל היינט שטארבען!

און מאָנטע קריסטאָ האט מיט פערלייגטע הענד זיך גענעהענט צו מאַרעל, וועל־כער האט זיך געבויגען אונטער דער געוואלטיגער מאכט פון דיזען מאַן, און האט גע־מאכט א טריט צוריק.

— פאר וואס רעט איהר פון מיין פאָטער? האט ער געשטאַמעלט, צו וואָס דארפט איהר מישען דעם אַנדענקען פון מיין פאָטער צו דעם, וואס מיר פּאַסירט היינט?

— ווייל איך בין דער, וואס האט גערעטעט דיין פאָטער דעם לעבען אין דעם טאָג ווען ער האט זיך געוואָלט שיסען, אזוי וויא דו היינט. ווייל איך בין דער מאַן, וואס האט געשיקט פאר דיין יונגע שוועסטער דעם בייטעל און פאר דעם אַלטען מאַרעל

דעם „פאראָן“, ווייל איך בין עדמאָן דאנטעס, וועלכער האט דיך געוויגט אויף זיינע קניע אלס קינד.

מאָרעל האט געמאכט נאך א טריט צוריק, זיינע קרעפטען האבען איהם פער־לאָזען, ער האט זיך אָנגעפאנגען צו שאָקלען און מיט א גרויסען געשריי איז ער געפאלען צו דיא פיס פון מאָנטע קריסטאָ.

פלוצלונג האט זיך אין דיזע עדעלע נאַטור געמאכט א נייער לעבען: ער איז אויפגעשטאנען, ער האט געגעבען א שפרונג פון צימער און איז אראָפּ דיא טרעפּ מיט א געוואלטיגען געשריי:

— יוליע! יוליע! עמאַנועל! עמאַנועל!

מאָנטע קריסטאָ האט איהם געוואלט נאכלויפען, אָבער מאקסימיליאן האט שנעל פערקלאַפּט הינטער זיך דיא טהיר. אויף דעם געשריי פון מאקסימיליאנען זיינען אָנגע־לאָפען יוליע, עמאַנועל, דער אַלטער פענעלאָן און עטליכע דיענער, אַלע דערשראָקענע.

מאָרעל האט זיי אָנגענומען פאר דיא הענד, און עפענענדיג דיא טהיר האט ער געשריען מיט א פערשטיקטער שטימע פון וויינען:

— אויף דיא קניע! אויף דיא קניע! דאס איז דער וואָהלטהעטער, דאס איז דער רעטער פון אונזער פאָטער! דאס איז....

ער האט געוואָלט זאגען, דאס איז עדמאָן דאנטעס! דער גראף האט איהם אָנגע־כאפּט פאר'ן האנד.

יוליע האט געכאפּט דעם גראף'ס האנד, עמאַנועל האט איהם ארומגעכאפּט וויא דעם טייערסטען פאָטער. מאָרעל איז געפאלען צום צווייטען מאָל אויף דיא קניע און האט געקלאַפּט דיא ערד מיט'ן שטערן.

דאן האט דער מאן פון בראָנז געפיהלט וויא זיין הארץ צוגייט אין זיין ברוסט, א פלאם פייער איז ארויס פון זיין האלז אין דיא אויגען; ער האט איינגעבויגען דעם קאָפּ און האט געוויינט!

אין דעם צימער איז געווען א קורצע צייט א קאָנצערט פון וויינען און קרעכצען.

קוים איז יוליע געקומען צו זיך פון אויפרעגונג, איז זיא ארויסגעלאָפען בריינגען דיא זיידענע בייטעל. וועהרענד דיזער צייט האט עמאַנועל געזאגט מיט א בעוועגטער שטימע:

— אָה! הערר גראף, וויא האט איהר געקענט, אונז הערענדיג אזוי אָפט ריידען פון אונזער וואָהלטהעטער, זיך ניט געבען צו דערקענען? אָה! דאס איז א גרויזאמקייט געגען אונז, און איך וועל נאך זאגען, געגען אייך זעלבסט.

— הערט מיין פריינד, האט דער גראף געזאגט, דיא אויפדעקונג פון דער גע־היימניס איז געקומען פון א גרויסער עראייגניס, וועלכע איהר דארפט ניט וויסען. איך וואלט איהר בעגראָבען טיעף אין מיין הארצען, ווען אייער ברודער וואלט זיא ביי מיר ניט ארויסגעריסען מיט געוואלד.

יוליע איז ארויפגעקומען מיט דער בייטעל. טרערן האבען זיך געקייקעלט פון איהרע אויגען וויא טראָפּפען טוי אויף א ראָזע.

— אָט איז אונזער היילינקייט, האט זיא געזאגט; גלויבט ניט, אז זיא וועט מיר זיין וויינינער טייער, ווען איך קען אויך יעצט אונזער רעטער.

— מיין קינד, האט מאַנטע קריסטאַ געענטפערט, ערלויבט מיר צוריקצונעמען מיין בייטעל, דען יעצט קענט איהר מיין געזיכט און איהר דארפט ניט האבען דיא בייטעל, אום וועגען מיר צו דענקען.

— אָה! האט יוליע אויסגערופען צודריקענדיג דיא בייטעל צו איהר ברוסט; ניין, ניין, נעמט ניט צו פון מיר דיזע היילינגקייט, דען איהר קענט אונז א מאָל פערלאָזען, ניט אמת?

— איהר האט ריכטיג געטראָפען. מאדאם, האט מאַנטע קריסטאַ געזאגט מיט א שמייכעל; אין אכט טאָג וועל איך שוין ניט זיין אין דיזען לאנד, אין וועלכען מענשען וואס האבען געלעבט גליקליך, האבען פערדיענט נקמה, וועהרענד מיין פאָטער איז גע־שטאָרבען פון הונגער און שמערץ.

דאן האט מאַנטע קריסטאַ גענומען דיא האנד פון יוליען און עמאַנועל'ן און האט זיי צוזאמענגעלייגט אין זיינע און ער האט זיי געזאגט מיט א ווייכע פאָטערליכע שטימע:

— מיינע טייערע פריינד, לאָזט מיך אליין מיט מאקסימיליאנען, איך דארף מיט איהם ריידען.

פאר יוליען איז עס געווען זעהר א גוטע זאך; יעצט האט זיא געקענט ארויסטראָגען דיא בייטעל. זיא האט גענומ'ען איהר מאן פאר'ן האנד און האט איהם ארויסגעפיהרט.

ווען דער גראף איז געבליעבען אליין מיט מאָרעל'ן, וועלכער איז געזעסען רוהיג וויא א סטאטוע, האט ער איהם ארויפגעלייגט דיא האנד אויף דיא פלייצע.

— מאקסימיליאן. מאקסימיליאן! גענוג שוין דיר, זיי א מאן! האט ער צו איהם געזאגט.

— זייט רוהיג, גראף, איך בין א מאן, און איך וועל ליידען וויא א מאן.

— פריינד, האט מאַנטע קריסטאַ געזאגט מיט א טרויעריגע שטימע, איין מאָל בין איך אויך געווען אין דיין לאגע און איך האב מיר געוואלט נעמען דעם לעבען; א מאָל האט אויך דיין פאָטער אין פערצווייפלונג זיך געוואלט נעמען דעם לעבען. ווען מען וואלט אין דעם מאָמענט ווען דיין פאָטער האט צוגעשטעלט דעם פיסטאָלעט צו זיין שטערן געזאגט; ווען מען וואלט מ'ר געזאגט אין דעם מאָמענט ווען איך האב מיך געוואלגערט אויפ'ן שטרוי אין געפענגניס און איך האב מיר געוואלט נעמען דאס לעבען: לעבט! עס וועט קומען א טאָג ווען איהר וועט זיין גליקליך און איהר וועט בענשען דעם לעבען, וואלטען מיר פיעלייכט פון יענעם ביטער געלאכט, און פון דעססטוועגען האט דיין פאָטער וויפיעל מאָל געבענשט דעם לעבען; וויא פיעל מאָל האב איך אליין....

— אָה! האט מאָרעל אויסגערופען אונטערברעכענדיג דעם גראף, איהר האט מעהר ניט פערלאָרען וויא אייער פרייהייט, מיין פאָטער האט מעהר ניט פערלאָרען וויא זיין פערמעגען, און איך האב פערלאָרען וואלענטינען.

— בעטראכט מיך, מאָרעל, האט מאַנטע קריסטאַ געזאגט מיט זיין הערליכער שטימע; בעטראכט מיך, איך האב ניט קיין טרערן אין דיא אויגען, און ניט קיין פיבער אין דיא אָדערן, און ניט קיין טרויעריגען קלאפּען אין הארצען; פון דעססטוועגען זעה איך דיך ליידען, דיך מאקסימיליאן, וועלכען איך ליעב, אזוי וויא דו וואלסט געווען מיין

זון. וועל! מאַרעל, ווען איך זאג דיר, אז דו זאלסט לעבען, איז עס מיט דער איבער־ציינונג, אז דו וועסט מיך איין טאָג בעדאנקען דערפאר.

— וואס זאגט איהר מיר דאָ, גראף? האט מאַרעל אויסגערופען. נעמט זיך אין אכט! איהר האט מסתמא קיין מאָל ניט געליעבט.

— קינד! האט דער גראף געענטפערט. איך האב אייך געזאגט, אז איהר זאלט האפען.

— נעמט זיך אין אכט, האט מאַרעל ווידערהאָלט, דען איהט וועט מיך מאכען גלויבען, אז איך וועל ווידערזעהען וואלענטינע, אָדער איהר וועט מיך מאכען משוגע. דער גראף האט געשמייכעלט.

— מיין פריינד, מיין פאָטער! האט מאקסימיליאן אויסגערופען אויסער זיך, נעמט זיך אין אכט, זאג איך אייך צום דריטען מאָל, דען זעהט וויא מיינע אויגען ווערן לע־בעדיג, זעהט וויא מיין הארץ פאנגט אָן צו קלאפען און איך וועל אָנפאנגען צו גלויבען אין איבערנאטירליכע זאכען.

— ווייסטו וואס גראף מאָנטע קריסטאָ איז פעהיג צו טאָן? ווייסטו, אז ער בעד־פעהלט איבער פיעלע מאכטען אויף דער ערד? וווייסטו, אז ער קען אויפהויבען בערג? ווייסטו, אז ער קען מאכען וואונדער? וועל! אָט דיזען וואונדער זאלסטו ערוואַרטען, מאַרעל, אָדער איך וועל דיך רופען אונדאנקבארער.

— האט מיטלייד, מיט מיר, גראף.

— איך האב מיט דיר אזוי פיעל מיטלייד, מאקסימיליאן, דאס ווען איך וועל דיך ניט אויסהיילען אין א מאָנאט, וועל איך דיר אליין געבען דעם זיכערסטען גיפט, אז דו זאלסט זיך טויטען.

— פערשפרעכט איהר מיר דאָס?

— יאָ, וויל איך האב אליין געליטען און איך האב מיר אליין געוואונשען דעם טויט.

— אלזאָ, ווען איך וועל ניט זיין געהיילט אין א מאָנאט ארום וועט איהר מיך לאָזען שטארבען?

— אין א מאָנאט, טאָג פאר טאָג, שעה פאר שעה, און דאס וועט זיין ריכטיג, מאקסימיליאן. מערק דיר דעם דאטום, היינט איז דער פינפטער סעפטעמבער; עס איז היינט אכצעהן יאָהר וויא איך האב געראַטעט דיין פאָטער.

מאַרעל האט געכאפט דעם גראף'ס האנד און האט זיא געקושט. מאָנטע קריסטאָ האט איהם צוגעצויגען צו זיין ברוסט און האט איהם א לאנגע צייט צוגעדריקט צו זיך.

— און יעצט, האט דער גראף געזאגט, וועסטו פון היינט אָן גיין וואוינען צו מיר און דו וועסט פערנעמען האידע'ס צימערן.

האידע'ס! האט מאַרעל אויסגערופען, און וואָס איז מיט איהר?

— זיא איז היינטיגע נאכט אוועקגעפאָהרען און ערוואַרטעט מיך.... יעצט מאך זיך פארטיג און קום מיט מיר אין שאַן־זעליזע.

מאקסימיליאן האט איינגעבויגען דעם קאפ און האט געפאָלגט וויא א קינד.

## 23טער קאַפּיטעל.

# מערסעדעס און אַלבערט.

אין דערזעלבער הויז, אין וועלכער אַלבערט האט געוואוינט מיט זיין מוטער, האט אויך דעבריי, דעם מיניסטערס סעקרעטער געהאט א וואָהנונג, וואו ער פלעגט זיך צוזאמענקומען מיט מאדאם דאנגלאר.

נאך דעם קלאַפּ וואס דאַנגלאַר'ס הויז האט בעקומען, איז מאדאם דאנגלאר געקומען קלאָגען איהר לייד פאר דעבריי. זיא האט איהם געוויזען דעם בריעף פון דאנגלאר אין וועלכען ער זאגט איהר אדיע און ערלויבט איהר צו פיהרען איהר אָרענטליכען לעבען אָהן איהם.

דעבריי האט זיא קאלט אויסגעהערט. מאדאם דאַנגלאַר האט געמיינט, אז ער וועט זיא אויפנעמען מיט אָפענע אָרעם ווען זיא איז פּטור געוואָרן פון איהר מאַן. אָבער עס איז געוועזן פּונקט פערקעהרט, אזוי לאנג וויא זיא איז געוועזן דעם רייכען באַנקיר באַראָן דאַנגלאַר'ס פרוי, איז ער געוועזן א מחותן מיט איהר, אָבער אזוי באלד וויא איהר טאָכטער איז ענטלאָפען און איהר מאַן אויך, איז ביי איהם דיא הייסע ליעבע צו איהר גלייך אָפּגעקיהלט געוואָרן.

דעבריי האט זיא געטרייסט דערמיט, וואָס צייט זיי האבעןביידע געשפּיעלט אויף דער בערזע, איז פון זייערע צוויי הונדערט טויזענד פראנק, וועלכע זיי האבען איינגעלייגט צוזאמען צו שפּיעלען, יעצט אויפגעוואקסען א קאַפּיטאַל פון צוויי מיליאָן זעקס הונדערט טויזענד פראַנק, דאס הייסט, צו דרייצעהן הונדערט טויזענד פראנק אויף א חלק.

דעבריי האט איהר טאקע באלד אויסגעצאָהלט איהר חלק אין באַנק בילעטען און האט איהר געזאגט, אז יעצט קען זיא לעבען גליקליך—אָבער אָהן איהם.

מאדאם דאַנגלאַר האט נאַטירליך צוגענומען דאס געלד און איז אוועקגעגאַנגען—קלערענדיג ארום א נייען געליעבטען.

אין דערזעלבער צייט ווען דיא פערלאָזענע פרוי איז אוועקגעגאנגען מיט איין אוצר געלד אין פּאַקעט, האט אנאנדערע פערלאָזענע פרוי, אין דערזעלבער הויז, זיך אונטערהאלטען מיט איהר זון. דאס איז געוועזן מערסעדעס מיט איהר זון.

דיזע עדעלע צוויי פערזאָנען האבען פערשטאַנען צו טראָגען זייערע ניט פערדיענטע צרות וויא דיא העלדען. דיא אָרימע פרוי איז מעהר ניט געוועזן צו דערקענען. דיא שטאָלצע און שיינע קעניגין איז געוועזן געבויגען און געעלטערט אין דרייען. איהר שיינעם געזיכט איז געוואָרן אויסגעדאַרט און איינגעצויגען און דיא אויגען זיינען געוועזן טרוקען פון וויינען. לעבען איהר איז געזעסען אַלבערט, ניט דער זעלבער לוסטיגער און גליקליבער אַלבערט, וועלכען מיר האבען אזוי גוט געקענט, און ער האט געטרייסט זיין געליעבטע מוטער.

אַלבערט האט איהר דערציילט, אז זיי האבען שוין מעהר קיין געלד ניט, און ווען זיי וואָלטען נאָך לענגער אזוי געוואַרט, וואָלטען זיי געדאַרפט שטאַרבען פון הונגער.

ער האט שוין פערקויפט אלע זיינע זאכען, וועלכע זיינען ביי איהם געוועזן אזוי טייער און יעצט האט ער שוין מעהר ניט וואס צו פערקויפען. ער האט קיין אנדער ברורה ניט געהאט וויא זיך צו פערקויפען אין מיליטער. ער האט עס געטאן פאר צוויי טויזענד פראנק און ער האט שוין דערויף בעקומען טויזענד פראנק. דיא אנדערע טויזענד וועט ער בעקומען נאכ'ן דיענסט. דערויף האט ער ארויסגענומען פון פאקעט טויזענד פראנק און האט זיי ארויפגעלייגט אויפ'ן טיש.

— וועל! ליעבע מוטער, מיט דיזען געלד וועסטו שוין קענען לעבען.

— גלויבסטו דאס? האט מערסעדעס געזאגט.

זיא האט געזאגט דיזע ווערטער מיט אזא וואהרען שמערץ, דאס אלבערט האט פערשטאנען דעם זינען פון זיי. זיין הארץ איז איהם פערקלעמט געוואָרן; ער האט גע־נומען זיין מוטער'ס האנד און האט זיא צערטליך געדריקט.

— יא, דו וועסט לעבען! האט ער געזאגט.

— איך וועל לעבען! האט מערסעדעס אויסגערופען, דאן וועסטו ניט אוועק־פאהרען.

— טייערע מוטער, איך וועל אוועק, האט אלבערט געזאגט מיט א רוהיגע און פעסטע שטימע; דו האסט מיך צו פיעל ליעב, און דו קענסט ניט וועלען, אז איך זאל בלייבען לעבען דיר און פוילענצען; איבריגענס האב איך שוין אונטערגעצייכענט דעם פאפיער.

— דאן טו וויא דו ווילסט, מיין ליעבער זון.

— ניט וויא איך וויל, ליעבע מוטער, אבער וויא דער שכל און דיא נויטווענדיג־קייט הייסען. מיר זיינען צוויי פערוואגעלטע בעשעפעניסען. וואס איז היינט פאר אונז דער לעבען? גארניט. וואס איז מיין לעבען אהן דיר, טייערע מוטער? אה! גלויב מיר, אז גארניט, דען אהן דיר וואלט דיזער לעבען אויפגעהערט צו עקזיסטירען נאך אין דעם טאג ווען איך האב פון זיך אראפגעווארפען דעם פאטערס נאמען. ענדליך, לעב איך ווען דו וועסט מיר פערשפרעכען צו האפען אויף בעסערע צייטען און איך זאל דיך זעהען גליק־ליך. דערמיט וועט מיין קראפט פערדאפעלט ווערן.

ווען איך וועל זיין דארטען, וועל איך גיין צום גובערנאטאר פון אלזשיר, ער האט איין עדעלע הארץ; איך וועל איהם דערציילען מיין טרויעריגע לעבענס געשיכטע. איך וועל איהם בעטען, אז ער זאל מיך האבען אין אויג, און דאן וועל איך זיין אין זעקס מאנאט איין אפיצער, אדער איך וועל זיין טויט. ווען איך וועל ווערן אפיצער, דאן איז דיין עקסיסטענץ פערזיכערט, מיין מוטער, דען איך וועל האבען גענוג געלד פאר אונז ביידען, און מיר וועלען אויך האבען אנאנדער נאמען, דען איך טראג יעצט דיינעם.

ווען איך וועל געטויטעט ווערן.... וועל! ווען איך וועל געטויטעט ווערן, טייערע מוטער, וועסטו שטארבען, דאן וועלען אונזערע ליידען נעמען איין ענדע.

— גוט, האט מערסעדעס געזאגט מיט א ווייכען בליק; דו האסט רעכט מיין קינד. עס געבען מענשען, וועלכע קוקען און ווארטען וואס מיר וועלען טאן; לאמיר זיי צייגען, אז מיר פערלאנגען פון קיינעם קיין מיטלייד ניט.

— קיינע טרויעריגע געדאנקען, ליעבע מוטער! האט אלבערט אויסגערופען,

דען איך האף, אז מיר וועלען נאך זיין גליקליך. אזוי באלד וויא איך בין אין דיענסט בין איך שוין רייך, און אז דו וועסט וואוינען אין עדמאָן דאנטעס הויז, ביזטו צופריעדען. לאָמיר אַלזאָ פּרובּירען, ליעבּע מוטער, לאָמיר פּרובּירען!

— יא, לאָמיר פּרובּירען, מיין זון, דען דו מוזט לעבּען, דו מוזט זיין גליקליך, האט מערסעדעס געענטפערט.

— אַלזאָ, ליעבּע מוטער, מיר האבען בעשלאָסען, האט דער יונגער מאַן געזאָגט מיט א לעבּעדיגע שטימע. יעצט רייזען מיר אָפּ. איך וועל דיך בעגלייטען ביז מארסייל און דארטען וועלען מיר זיך שיידען.

— וועל! לאָמיר גיין! האט מערסעדעס געזאגט איינוויקלענדיג זיך אין שאַל. לאָמיר גיין!

אַלבּערט האט שנעל צוזאַמענגענומען זיינע פּאַפּירען; ער האט אָנגעקלונגען צום דינער און האט איהם בעצאָהלט וואס עס האט געקומט. און דאן האט ער גענומען דער מוטער'ס אָרעם און זיי האבען פערלאָזען דעם האָטעל.

א מאַן, וועלכער איז געוועזען בעהאַלטען הינטער א הויז, האט זיי געזעהעןביידען אריינשטייגענדיג אין וואָגען; ער האט אריבּערגעווישט מיט'ן האנד איבּערן שטערן זאָגענדיג:

— אך! דורך וועלכע מיטלען קען איך אוועקגעבּען דעם גליק דיזע צוויי אונשולדיגע מענשען, וואס איך האב ביי זיי צוגענומען.

## 24טער קאַפּיטעל.

# דער ריכטער.

דער טאָג איז געקומען ווען בענעדעטאָ האט געדארפט געמשפּט ווערן. וועהרענד בענעדעטאָ איז געזעסען אין געפענגניס האט איהם מאַנטע קריסטאָ'ס געשעפטספיהרער, בּעטרוציאָ, א פּאָר מאָל בעזוכט.

דער פּראָקוראָר האט דיא גאנצע נאכט בעפאָר געארבּייט ביי דיא אַקטען און האט פּאָרבּערייטעט דעם משפּט. ווען ער איז פארטיג געוואָרען מיט זיין ארבּייט איז ער אראָפּגעגאנגען א ביסעל אין גאָרטען. ער האט געזעהען פון וויטענס זיצענדיג מאַדאם ווילפאָר, וועלכע האט זיך מיט דער פּריוויליכסטער מינע אין דער וועלט געשפּיעלט מיט איהר זון אין באַל. ניט ווייט פון איהר איז געזעסען אין זיין טשער דער אַלטער נואַרטיע.

דעם אַלטען'ס אויגען האבען געשפּריצט פייער ווען ער האט דערזעהען ווילפאָר. ווען דער פּראָקוראָר האט א קוק געטאָן אויפ'ן אַלטען האט ער פערשטאַנען, וואס ער מיינט, דען ער האט איהם געענטפערט:—בערוהיג זיך פאָטער, איך האב נאָך איין טאָג צייט. פערגעסען האב איך ניט.

מיט א פּאָר שטונדען שפּעטער האט איהם מאַדאם ווילפאָר געשיקט פרעגען, אויב ער גייט שוין אין געריכט, דען זיא וויל אויך גיין בייוואָהנען דיא פערהאנדלונג.

ווילפאָר האט איהר געשיקט זאָגען, אז ער וועט באלד אליין צו איהר אריינגיין. א ווילע שפּעטער איז ער צו איהר אריינגעגאנגען.

מאדאם ווילפאָר איז געזעסען אויף א מערקישע זאָפא און האט זיך גאנץ געמיטהליך געבלעטערט ציימונגען. איהר קליינער עדואַר האט זיך לעבען איהר געשפּיעלט. זיא איז געווען פאָלשטענדיג אָנגעטאָן אויף ארויסצוגיין. זיא האט שוין אפילו געטראָגען דיא הענטשקעס און דער העט איז געלעגען לעבען איהר.

ווען ווילפאָר איז אריינגעקומען האט ער אָהן צערעמאָניעס ארויסגעפיהרט דעם קליינעם עדואר און האט הינטער איהם פערשלאָסען דיא טהיר.

מאדאם ווילפאָר, וועלכע האט דעם ערשטען מאָל געזעהען, אז איהר מאן זאל אזוי בעהאנדלען איהר זון, האט איהם מיט שטוינען און שרעק אָנגעקוקט.

— מאדאם, וואו לייגט איהר דעם גיפט, מיט וועלכען איהר בעדיענט זיך געוויינליך, האט ווילפאָר געזאגט מיט א קאלטען טאָן.

מאדאם ווילפאָר האט ביי דיזע ווערטער בעקומען דעם געפיהל פון א שוואלב, איבער וועלכער א גרויסער רויב פויגעל שוועבט; א צובראָכענער קויל האט זיך ארויסגעריסען פון איהר ברוסט און זיא איז געוואָרען גרין.

— מיין הערר; האט זיא געזאגט, איך.... איך פערשטיי ניט. מעהר האט זיא ניט געקענט זאָגען, זיא איז צוריקגעפאלען אויף דער זאָפא.

— איך האב אייך געפרעגט, האט ווילפאָר פאָרטגעזעצט מיט א גאנץ רוהיגע שטימע, וואו איהר בעהאלט דעם גיפט, מיט וועלכען איהר האט פערגיפטעט מיין שווער סענט מעראן, מיין שוויגער סענט מעראן, בארוא און וואלענטינען?

— אָה, האט מאדאם ווילפאר אויסגערופען צונויפפלייגענדיג דיא הענד, וואָס רעט איהר?

— איהר האט גארניט צו פרעגען, איהר האט צו ענטפערן.

— איז עס פאר'ן מאן, אָדער פאר'ן ריכטער?

— פאר'ן ריכטער, מאדאם! פאר'ן ריכטער!

עס איז געווען א שרעקליכער בילד צו זעהען, וויא דיזע פרוי איז געוואָרען בלייך, וויא איהרע אויגען האבען ארומגעבלאָנזעט און וויא איהר גאנצער קערפּער האט געציטערט.

— אָה, מיין הערר! האט זיא געמורמעלט, אָה, מיין הערר!.... און דאס איז געווען אלעס.

— איהר ענטפערט ניט, מאדאם! האט אויסגערופען ווילפאָר, איהר האט אלזאָ ניט וואס צו ענטפערן! איהר האט אויסגעפיהרט פערשיעדענע פערברעכענס מיט א טייפלישע געשיקטקייט, אָבער וועלכע האבען נאר געקענט פיהרען אין טעות מענשען, וועלכע זיינען געווען פערבלענדעט דורך זייערע צוגעבונדענהייט צו אייך. נאך דעם טויט פון מאדאם סענט מעראן האב איך געוואוסט, אז א גיפטמישער איז דאָ אין הויז; דאָקטאָר אווריני האט מיך דערויף אויפמערקזאם געמאכט. נאך דעם טויט פון בארוא, איז מיין פערדאכט געפאלען אויף איינעם, אויף א מלאך, אבער נאך דעם טויט פון וואָלענטינען, האב איך מעהר ניט געצווייפעלט; און ניט נאר איך, מאדאם, אנדערע

האבען שוין אויך ניט געצווייפעלט, און באלד קען אייער פערברעכען בעקאנט ווערן פאר דער גאנצער וועלט. און דערפאר בין איך יעצט אייער ריכטער!

— מיין הערר, האט דיא מכשפה געמורמעלט; אָה, איך בעט אייך, גלויבט ניט וואס עס שיינט אייך!

— זייט איהר א פייגלינג! האט ווילפאָר אויסגערופען מיט א שטימע פון צאָרן, איהר, וועלכע האט געהאט דעם שרעקליכען מוטה צו זעהען פאר זיך שטארבענדיג צוויי אלטע לייט און א יונגע מיידעל, וועלכע זיינען פון אייך ערמאָרדעט געוואָרן? איהר, וועלכע האט געציילט דיא מינוטען פון פיער שטאַרבענדע! איהר, וועלכע האט דיא מאָרדטהאַטען בערעכענט מיט אזא טייפלישען פלאַן, און האט פון דעסטוועגען פערגעסען, וואוהין דיזע שרעקליכע מערדערייען וועלען אייך פיהרען! אָה! דאס איז אונמעגליך, און איהר האט געמוזט בעהאלטען פאר זיך דעם בעסטען און זיכערסטען גיפט, אום צו פערמיידען דעם עפענטליכען שרעקליכען פסק.... האט איהר דאס געטאָן? איך האָף עס וויינינגסטענס.

— פסק! האט דיא גיפטמישערין אויסגערופען ברעכענדיג דיא הענד, וואס רעט איהר פון פסק?....

— געוויס. איהר האט פיעל מאָל געמאָרדעט, און איהר גלויבט, אז עס וועט אייך אָפּלויפען גלאַט? אָדער האט איהר אפשר גענלויבט, ווייל איהר זייט דיא פרוי פון א פּראָקוראָר, וועט איהר זיך אויסדרייען? ניין, מאַדאַם, ניין! ווער עס מעג זיין, א גיפטמישערין מוז קומען אויפ'ן עשאַפאָט, סיידען, וויא איך האב אייך געזאָגט, איהר האט פאר ז ך בעהאלטען א זיכערן גיפט.

מאַדאַם ווילפאָר האט ארויסגעלאָזען א ווילדען געשריי און זיא איז געוואָרן פון בלייך, געל וויא וואקס.

– האט קיין מורא ניט, מאַדאַם, פאַר'ן עשאַפאָט, איהר וועט שטאַרבען פון אייער אייגענעם גיפט. איך האָף, אז איהר וועט ניט בעפלעקען מיין נאָמען און דעם נאָמען פון אייער קינד מיט'ן עשאַפאָט.

— אָה, ניין, ניין! האט זיא אויסגערופען מיט ווילדע אויגען.

– וואו איז דער גיפט, מאַדאַם, וועלכען איהר האט אָנגעגרייט פאר זיך?

— ניין, ניין, האט זיא געוואָיעט, איהר וועט עס ניט טאָן.

— דאס וואָס איך וויל ניט, איז אז איהר זאלט ניט קומען אויפ'ן עשאַפאָט, פערשטייט איהר מיך?

— אָה, האט מיטלייד, מיין הערר!

— קיין מיטלייד פאר א מערדער, מאַדאַם, איך בין דער ריכטער און א גיפט־מישערין מעג אפילו זיין א קעניגין, מוז זיא קומען אויפ'ן עשאַפאָט. מיט אייך אָבער וועל איך האבען נאַכזיכט. אייך זאָג איך: האט איהר בעהאלטען פאר זיך א גוטען גיפט?

— אָה! האט רחמנות! לאָזט מיך לעבען! פערגעסט ניט, אז איך בין אייער ווייב.

— איהר זייט א גיפטמישערין!

— אין נאָמען פון דער ליעבע, וואָס איהר האט געהאט צו מיר!—ניין! ניין!

— אין נאָמען פון אונזער קינד! אך! נאר וועגען דעם קינד לאזט מיך לעבּען!

— ניין, ניין, זאג איך אייך; עס קען זיין, אז איך וועל אייך לאָזען לעבען וועט איהר איהם נאך אויך פערניפּטען אזוי וויא דיא אנדערע.

— איך! איך וועל טויטען מיין זון, האט אויסגערופען דיזע ווילדע מוטער און זיא האט זיך א וואָרף געטאָן צו ווילפאָר.... איך וועל טויטען מיין עדואר!... הא! הא!

א שרעקליבער לאַבען, א לאַבען פון א טייוועל, א לאַבען פון א משוגענע האט געענדיגט איהרע ווערטער און האט זיך פערלאָרען אין א בלוטיגען קרעכצען. זיא איז געפאלען ווילפאָרן צו דיא פיס. ער האט זיך צו איהר גענעהענט.

— געדענקט, מאדאם, ווען איך וועל קומען צוריק און איך וועל אייך טרעפען לעבעדיג, וועל איך אייך מיט מיין אייגענעם מונד אָנצייגען און איך וועל מיט מיינע אייגענע הענד ארעטירען.

זיא האט צוגעהערט א צובראָכענע; נאָר איהרע אויגען האבען געלעבט און האבען אין זיך געטראָגען א שרעקליכען פייער.

— איהר האט מיך אויסגעהערט, האט ווילפאָר געזאָגט; איך גיי אהין צו בעפעהלען דעם טויט געגען א מערדער.... ווען איך וועל אייך טרעפען נאך ביין לעבען, וועט איהר נאך היינטיגע נאַכט שלאָפען אין קערקער.

מאדאם ווילפאָר האט ארויסגעשטויסען א זיפץ; איהרע גלידער האבען זיך צוּ־ צר־ נויפגעצויגען און זיא איז אנידערגעפאלען אויף'ן ווייכען קאַרפּעט.

דער קעניגליכער פּראָקוראָר האט געשיינט צו האבען מיטלייד מיט איהר. ער האט זיא בעטראכט מיט א ווייניגער שטרענגען בליק, און איינבויגענדיג זיך צו איהר:

— אדיע, מאַדאַם, האט ער לאנגזאַם געזאָגט; אדיע!

דיזער אַדיע איז אויף איהר געפאלען וויא מיט דער האק איבער'ן האלז. זיא איז געבּליעבען חלשות.

דער פּראָקוראָר איז ארויסגעגאנגען און האט גוט פערשלאָסען דיא טהיר הינ־ טער זיך.

25טער קאַפּיטעל.

# דער משפט.

אין דעם טאָג ווען עס האט געדארפט פערהאנדעלט ווערן דער פּראָצעס פון אַנדרעאַ קאוואלקאנטי אדער בענעדעטאָ, איז דער געריכטס זאַל געווען געפּאַקט. איבערהויפּט האט זיך דאָ איינגעפונען דיא אַריסטאָקראַטיע, דען בענעדעטאָ האט געשפּיעלט א ראָלע צווישען זיי, און יעצט זיינען זיי נייגעריג געווען צו זעהען וויא דער מערדער־אריסטאָקראַט וועט זיך פערהאלטען אויף'ן געריכט.

דער פּראָקוראָר איז שוין געזעסען אָנגעגרייט מיט זיין בעשולדיגונגס אקט און דער פּרעזידענט האט געבלעטערט דעם געזעץ בוך. אלע זיינען געווען אין דער גרעסטער שפּאַנונג צו זעהען וויא דער בעשולדיגטער וועט אריינקומען.

— זשאנדארן! האט דער פּרעזידענט אויסגערופען, פיהרט אריין דעם אנגע־קלאגטען.

אלע אויגען האבען זיך געווענדט צו דער טהיר, דורך וועלכער בענעדעטאָ איז באלד אריינגעקומען. ער איז געווען פיין געקליידעט און האט געשמייכעלט וויא ער וואָלט גע־מאכט וואו א וויזיט.

ווען בענעדעטאָ האט גענומען פּלאַץ לעבען דיא זשאנדארן, האט דער פּרעזידענט געהייסען פאָרלעזען דעם בעשולדיגונגס אקט, וועלכען דער פּראָקוראָר ווילפאָר האט אליין געשריבען.

נאך ניעמאלס האט ווילפאָר אזוי שרעקליך געשילדערט א פערברעכען, וויא ער האט איהם געשילדערט אין בענעדעטאָ'ס אקטען. נאך דיזע אקטען נאר אליין איז ער שוין ביים פּובליקום געווען פערמשפּט. אבער אנדרעאָ האט געשיינט גארניט צו הערן וואס מען לעזט און האט געקוקט גלייכגילטיג אזוי וויא ניט איהם מיינט מען דאָס.

— אנגעקלאגטער, האט צו איהם דער פּרעזידענט געזאָגט ווען דער אקט איז דורכגעלעזען געוואָרן, וויא איז אייער ערשטער און צווייטער נאמען. אנדרעאָ האט זיך אויפגעהויבען.

— ענטשולדיגט מיר, הערר פּרעזידענט, האט ער געזאָגט, איך בעט אייך מיר אנדערש צו שטעלען דיא פראגען; איך וועל זיי אלע בעענטפערן נאך דער רייהע נאך.

דער פּרעזידענט און דיא געשוואָרענע זיינען געווען ערשטוינט פון דיזע ווערטער. אָבער אנדרעאָ איז זיך געבליעבען קאלטבליטיג.

— וויא אלט זייט איהר? האט דער פּרעזידענט געפרעגט.

— אין אייניגע טעג ארום וועל איך אלט זיין איין און צוואנציג יאָהר; איך בין געבאָרן צווישען דעם זיבען, אכט און צוואנציגסטען אָקטאָבער, אין 1817.

ווילפאָר, וועלכער האט געהאלטען ביים נאָטירען, האט ביי דיזען דאטום אויפגע־הויבען דעם קאָפּ.

— וואו זייט איהר געבאָרען? האט דער פּרעזידענט ווייטער געפרעגט.

— אין אָטויל, לעבען פּאריז, האט בענעדעטאָ געענטפערט.

ווילפאָר האט א צווייטען מאָל אויפגעהויבען דעם קאָפּ; ער האט בעטראכט בענעדעטאָ און איז געוואָרן געל וויא א וואקס.

— וואָס איז אייער בעשעפטיגונג? האט דער פּרעזידענט געפרעגט.

— צו ערשט בין איך געווען א פעלשער, האט אנדרעאָ מיט א גאַנץ רוהיגע שטימע געענטפערט, דאן בין איך געוואָרן א גנב און דאָ ניט לאַנג בין איך געוואָרן א מערדער.

עס איז געוואָרן א שרעקליכע טרוואָגע אין גאנצען זאַל, ווען מען האט דערהערט דיא פרעכהייט, וועלכע מען האט פון א געוועזענעם אריסטאָקראט ניט ערוואַרטעט.

ווילפאָר איז אויפגעשטאַנען און האט געקוקט ארום זיך מיט צומישטע אויגען: עס האט איהם געפעהלט לופט.

— זוכט איהר עפּעס, הערר קעניגליכער פּראָקוראָר? האט איהם בענעדעטאָ געפרעגט מיט א פיינעם שמייכעל.

ווילפאָר האט ניט געענטפערט און האט זיך אראָפּגעלאָזען אין זיין טשער.

— ווילט איהר יעצט זאגען אייער נאָמען, אנגעקלאַגטער? האט דער פּרעזידענט געפרעגט. איהר האט מיט גענוג פרעכהייט אויסגערעכענט אייערע פערברעכען, וואָס איהר רופט בעשעפטיגונג. ווילט איהר אפשר זאגען אייער נאָמען, נאך דיא טיטלען וואָס איהר ווערט אויסרעכענען?

— עס איז ניט צו גלויבען, הערר פּרעזידענט, האט בענעדעטאָ געזאָגט מיט א פיינעם טאָן, וויא איהר קענט לעזען ביי יענעם אין הארצען; טאקע דערפאר האב איך ביי אייך געבעטען, אז איהר זאלט מיר שטעלען אנדערש דיא פראגען.

— וועל! וויא איז אייער נאָמען?

— איך קען אייך ניט זאָגען מיין נאָמען, ווייל איך קען איהם ניט, אָבער איך קען מיין פאָטער'ס נאָמען און איך וועל איהם אייך זאָגען.

ווילפאָר איז געזעסען אין זיין טשער מעהר טויט וויא לעבעדיג.

— נו, זאגט אייער פאָטער'ס נאָמען, האט דער פּרעזידענט געזאָגט.

— מיין פאָטער איז א קעניגליכער פּראָקוראָר, האט בענעדעטאָ געענטפערט.

— א קעניגליכער פּראָקוראָר! האט דער פּרעזידענט אויסגערופען ערשטוינט ניט בעמערקענדיג דעם שרעקליכען צושטאנד פון ווילפאָר'ן, א קעניגליכער פּראָקוראָר!

— יא, און ווייל איהר ווילט וויסען זיין נאָמען, וועל איך אייך זאָגען: ער הייסט ווילפאָר.

ווען א בליץ וואָלט אריין צווישען דער פערזאמלונג וואלט ער ניט געמאכט אזא שרעקליכע ווירקונג וויא דיזע ווערטער. קיינער האט אין דעם ניט געגלויבט און פון אלע זייטען האבען זיך אויפגעהויבען געשרייען געגען בענעדעטאָ, וועלכער איז פון דעסטוועגען געווען גאנץ רוהיג. אין דיזען געטומעל האט זיך געלאָזען הערן דיא שטימע פון דעם פּרעזידענט.

— האט איהר נאך דיא חוצפה צו לאכען פון דעם געריכט.

— ווייט איז פון מיר דער געדאנקען צו לאכען פון דעם געריכט, האט בענעדעטאָ געזאגט; מען האט מיך געפרעגט וויא אלט איך בין, האב איך געזאגט; מען פרעגט מיך וואו איך בין געבאָרן, איך ענטפער. מען פרעגט מיך מיין נאָמען, און איך קען איהם ניט זאָגען, ווייל מיינע עלטערן האבען מיך פערלאָזען. איך קען אָבער זאגען דעם נאָמען פון מיין פאָטער, און איך זאג נאך א מאָל, אז מיין פאָטער הייסט ווילפאָר, און איך קען עס גלייך בעווייזען.

אין דעם טאָן פון בענעדעטאָ'ס שטימע איז געווען אזוי פיעל זיכערהייט, דאָס אלע האבען געוואָרפען דיא אויגען אויף איהם און דעם פּראָקוראָר.

— אָבער אין דער אונטערזוכונג האט איהר דאך געזאגט, אז איהר הייסט בע־נעדעטאָ און איהר זייט א קאָרסיקאנער. האט דער פּרעזידענט אויסגערופען א צור־טראָגענער.

— ווייל איך האב אין אונטערזוכונג ניט געוואָלט זאָגען דעם אמת. יעצט ווידערהאָל איך, אז איך בין געבאָרן אין אָטויל און בין דער זון פון דעם קעניגליכען פּראָקוראָר ווילפאָר. יעצט, ווילט איהר דיא איינצעלהייטען? איך וועל זיי אייך דערציילען.

איך בין געבאָרן אין נומער 28 פּאָנטיין גאַס, אין א צימער בעצויגען מיט רויטען אַטלעס. מיין פאָטער האָט מיך גענומען אין זיינע אָרעם, און זאָגענדיג צו מיין מוטער, אז איך בין טויט, האָט ער מיך איינגעוויקעלט אין זיין מאַנטעל און האָט מיך אראָפּ־געטראָגען אין גאָרטען און דאָרטען האָט ער מיך בעגראָבען א לעבעדיגען.

א שוידער האָט געכאַפּט דיא גאַנצע פערזאַמלונג ווען זיא האָט געזעהען, אז וואָס מעהר בענעדעטאָ האָט גערעט איז ער אלץ מעהר געוואָרען פעסטער און דער פּראָקוראָר צוברעכענער.

— אָבער פון וואַנען ווייסט איהר דיזע אַלע קליינינקייטען? האָט איהם דער פּרעזידענט געפרעגט.

— איך וועל עס אייך זאָגען, הערר פּרעזידענט. אין דערזעלבער נאַכט, ווען מיין פאָטער האָט מיך בעגראָבען, איז געווען אין גאָרטען בעהאַלטען א קאָרסיקאַנער, וועל־כער האָט געוואָרט צו נעמען איין אַלטע נקמה פון מיין פאָטער. ווען ער האָט געזעהען מיין פאָטער בעגראָבענדיג א קעסטעל האָט ער איהם געשטאָכען און האָט אויסגעגראָבען דיא קעסטעל אין דער מיינונג, אז אין איהר איז דאָ איין אוצר און איז מיט איהר ענטלאָפען. דער מאַן האָט מיך אָפּגעגעבען אין פינדעל הויז אונטער דער נומער 57. דריי טעג שפּעטער איז געקומען זיין שוועסטער און האָט מיך מיטגענומען אין קאָרסיקאַ.

איך וואָלט געווים געווען גליקליך ביי דיזע לייט, דען זיי האָבען מיך פערגע־טערט, אָבער איך האָב געהאַט א ווילדע ערציהונג און איך בין נאָך קינדווייז געוואָרען א פערברעכער. איך האָב שפּעטער ערפאַהרען, אז דיא לייט זיינען ניט מיינע עלטערן און האָב געפלוכט מיין פאָטער, וועלכער האָט מיך געבראַכט, אז איך זאָל ווערן א פערברעכער.

— אָבער אייער מוטער? האָט דער פּרעזידענט געפרעגט.

— מיין מוטער איז ניט שולדיג, דען זיא האָט געגלויבט, אז איך בין טויט. איך האָב ניט געוואָלט וויסען דעם נאָמען פון מיין מוטער, און איך קען זיא ניט.

אין דיזען מאָמענט האָט זיך דערהערט א שרעקליכער געשריי, וועלכער האָט זיך געענדיגט מיט א יאָמער. א פרוי איז געפאַלען חלשות און האָט בעקומען נערוועז קרעמפּף. מען האָט זיא גלייך גענומען מינטערן און מען האָט זיא ארויסגעטראָגען: עס איז געווען מאַדאַם דאַנגלאַר.

טראָץ זיין שרעקליכען צושטאַנד האָט זיא ווילפאָר דערקענט און האָט זיך אויפ־געהויבען.

— בעווייזע! בעווייזע! האָט דער פּרעזידענט געזאָגט, פערגעסט ניט, אז אזא שרעקליכע געשיכטע מוז דייטליך בעוויזען ווערן.

— איהר ווילט בעווייזע? האָט בענעדעטאָ אויסגערופען לאַכענדיג, וועל! בע־טראַכט העררן ווילפאָר און בעט ביי מיר נאָך בעווייזע.

אלע האָבען געקוקט אויף ווילפאָר'ן, וועלכער האָט זיך וויא א שכורער אוועקגע־שאָקעלט אין א ווינקעל און האָט ארייננעגראָבען דיא הענד אין דיא האָר. דיא גאַנצע פערזאַמלונג האָט ארויסגעלאָזען א געמורמעל פון שטוינען.

— מען פערלאנגט פון מיר בעווייזע, פאטער, האט בענעדעטא געזאגט, ווילסט. אז איך זאל זיי געבען?

— ניין, ניין, האט ווילפאר געמורמעלט מיט א פערשטיקטער שטימע; ניין, עס איז ניט נייטיג.

— וואס הייסט ניט נייטיג? האט דער פרעזידענט אויסגערופען; וואס ווילט איהר דען דערמיט זאגען?

— איך וויל זאגען, האט דער פראקוראר אויסגערופען, אז אומזיסט וועל איך קעמפפען געגען דעם טויטעס שיקזאל, וועלכער דערקוועטשט מיך. מיינע הערען, איך בין יעצט אין דיא הענד פון דער נקמה; קיינע בעווייזע! אלעס וואס דער יונגער מאן האט געזאגט איז אמת!

זאגענדיג דאס, איז ער ארויסגעגאנגען פון געריכטס זאל.

דיא גאנצע פערזאמלונג איז געבליעבען פערשטיינערט פון דיזע ווערטער. עס איז געוועזען דער שלוס פון א שרעקליכע דראמא, וועלכע קיינער פון זיי האט נאך ניט בייגעוואהנט.

— נו, האט באשאן געזאגט, זאל מען יעצט זאגען, אז דיא דראמא איז ניט גאנץ נאטירליך!

— ביי מיין ווארט, האט שאטא רענא געזאגט, איך וואלט בעסער וועלען ענדיגען וויא מארסערף; א שאס פון א פיסטאלעט מוז זיין זיס געגען אזא קלאפ.

— דיא זיצונג איז געשלאסען, מיינע הערען, האט דער פרעזידענט געזאגט; זיא וועט זיין אפגעלייגט צו דער צווייטער סעסיאן. דער פראצעס מוז נאך א מאל אנגעפאנגען ווערען און מוז איבערגעגעבען ווערן צו אנאנדער פראקוראר.

וואס אנדרעא אנבעלאנגט, האט ער גאנץ רוהיג פערלאזען דעם זאל, בעגלייטעט פון זשאנדארן.

## 26טער קאפיטעל.

# דיא פערגעלטונג.

ווען ווילפאר איז ארויס פון געריכטס זאל האט ער זיך קוים צוגעשלעפט צו זיין וואגען און האט געהייסען פאהרען וואס שנעלער אהיים. אין וועג האט ער זיך דערמאנט וועגען זיין פרוי און וואס ער האט איהר אנגעזאגט.

ביי דעם געדאנקען, אז ער האט זיין פרוי געהייסען שטארבען, ווערענד ער אליין איז יעצט בעקאנט פאר א פערברעכער און פערדיענט דעם טויט, האט איהם אין גאנצען איבערגעקעהרט דעם צושטערטען מוח. זיינע האר האבען זיך איהם געשטעלט קאפויר. ער האט געשריען צום קוטשער און האט געהייסען וואס שנעלער פאהרען אהיים. ער האט געציטערט, אז ער זאל ניט קומען צו שפעט.

— אה! האט ער אויסגעשריען זיך ארומווארפענדיג אין וואגען, דיזע פרוי איז געווארן א פערברעכערין, ווייל זיא האט מיך אנגעריהרט. איך אטהעם מיט פערברעכען! און זיא האט זיך פון מיר אנגענומען דעם פערברעכען, וויא מען נעמט זיך אן פון טיפוס,

וויא מען נעמט זיך אָן פון דער כאָלערא, וויא מען נעמט זיך אָן פון דער פעסט.... און איך שטראָף זיא!.... איך האב געוואָגט איהר צו זאָגען: האָב חרטה און שטארב.... איך! אָה! ניין! זיא וועט לעבען.... זיא וועט מיט מיר אוועק.... מיר וועלען ענטלויפען, מיר וועלען פערלאָזען פראנקרייך, און מיר וועלען לויפען אזוי לאנג וויא דיא ערד וועט אונז טראָגען. איך האב צו איהר גערעט וועגען עשאפאָט.... וויא האב איך געוואָגט אויסצורעדען דיזען וואָרט!.... אָבער מיר ערוואַרטעט דאָך אויך דער עשאַפאָט!.... יא, מיר וועלען ענטלויפען.... איך וועל איהר דערציילען אלע טאָג, אז איך האב אויך בעגאנגען א פערברעכען.... אָה! פעראייניגונג פון א שלאנג מיט א טיגער!... אָה! ווערטהע פרוי פון א מאַן וויא איך!.... זיא מוז לעבען!.... איהר פערברעכען זאָל זיך ניט שעמען פאר מיינעם!

יא, יא, זיא מוז לעבען. זיא מוז חרטה האבען אויף איהר פערברעכען און ערציעהען מיין קינד. זיא האט איהם ליעב און פאר איהם האט זיא דאָס אלעס געטאָן. מען דאַרף קיין מאָל ניט פערצווייפלען איבער א מוטער, וועלכע האט ליעב איהר קינד; זיא וועט חרטה האבען; קיינער וועט ניט וויסען, אז זיא איז א שולדיגע; איהרע פערברעכען זיינען בעגאנגען געוואָרן אין מיין הויז, קיינער ווייס ניט דערפון און מיט דער צייט וועט עס זיך פערגעסען. זיא וועט נאָך לעבען און וועט נאָך זיין גליקליך, און ווייל זיא האט ליעב איהר זון וועט זיא איהם ניט פערלאָזען. דאס וועט פון מיר זיין א גוטע טהאַט און דאס וועט מיר לייכטער מאכען דיא הארץ.

און דער קעניגליכער פראָקוראָר האט אָנגעפאנגען לייכטער צו אָטהעמען צייט א לאנגער צייט.

דער וואָגען איז אָנגעקומען צו זיין הויז און ווילפאָר איז שנעל אראָפּגעשפרונגען. ער איז דורכגעלאָפען דיא צימערן ביז ער איז געקומען צו זיין פרוי'ס צימער. דער צימער איז געווען פערשלאָסען פון אינעווייניג. ווילפאָר האט אָנגעפאנגען צו קלאפּען און צו שרייען, אז מען זאָל איהם עפענען, און ווען אלעס איז געבליעבען שטיל, האט ער איינגעבראָכען דיא טהיר.

ער איז געבליעבען שטיין אויף דער טהיר וויא א מצבה. מאדאם ווילפאָר איז געשטאנען א בלייכע אין מיטען צימער און האט איהם אָנגעקוקט מיט גלעזערנע אויגען.

— העלאָאיזע, העלאָאיזע! האט ער געשטאמעלט, וואָס איז מיט דיר? זאָג. דיא יונגע פרוי האט צו איהם אויסגעשטרעקט דיא קאַלטע האנד.

— עס איז שוין געטאָן, האט זיא געזאָגט מיט א געבראָכענער שטימע, וואס ווילסט איהר נאך פון מיר? און זיא איז געפאלען אין איהר גאנצער לענג אויף דער ערד.

ווילפאָר איז צוגעלאָפען צו איהר און האט געכאַפּט איהר האנד, אין וועלכער זיא האט געהאלטען דיא פלעשעלע גיפט, וועלכע מאָנטע קריסטאָ האט איהר געגעבען. מאדאם ווילפאָר איז געווען טויט.

שכור פאר שרעק, האט ווילפאָר געגעבען א שפרונג צוריק פון דעם מת.

— מיין זון! האט ער פּלוצלונג געגעבען א געשריי; וואו איז מיין זון? עדוואַר! עדוואַר!

און ווילפאָר איז אריינגעלאָפען אין אנדערן צימער, דארטען איז געלעגען דער באַי און האט געשיינט צו שלאָפען. ווילפאָר איז צו איהם צוגעשפרונגען. ער האט איהם אויפגעהויבען אין זיינע הענד. ער האט איהם געטרייסעלט, געשאָקעלט.

דער באַי איז געווען טויט.

א שטיקעל פּאַפּיער איז ארויסגעפאלען פון עדואַר'ס ברוסט.

וויא פון בליץ געטראָפען האט ווילפאָר אראָפּגעלאָזען דעם טויטען פון דיא הענד און ער האט זיך צוגעקייקעלט ביז צו דער מוטער.

ווילפאָר האט אויפגעהויבען דעם שטיקעל פּאַפּיער און האט דערקענט זיין פרוי'ס האַנדשריפט, און דאס האט ער דארטען געלעזען.

„איהר מוזט וויסען, אז איך בין געווען א גוטע מוטער, דען פאר מיין זון בין איך געוואָרן א פערברעכערין! און א גוטע מוטער גייט ניט אוועק אָהן איהר זון!“

ווילפאָר האט אראָפּגעבויגען דעם קאָפּ אונטער דער שווערער געוויכט פון זיינע שרעקליכע ליידען. ער האט אָפּגעטרייסעלט דיא האָר פון שוויס, און איז געגאַנגען צו זיין פאָטער, פאר איהם אויסצוגיסען זיין הארץ.

ווען ווילפאָר איז אריינגעקומען צום אַלטען, האט ער ביי איהם געפונען דעם גייסטליכען בוזאָני, וועלכער האט איהם עפּעס דערציילט און ער האט אויפמערקזאם צוגעהערט. ווען דער פּראָקוראָר האט דערזעהען בוזאָני, איז ער אריבערגעפאָהרען מיט'ן האַנד איבער'ן פּנים. ער האט זיך דערמאָנט, אז ער האט שוין דעם מאַן עטליכע מאל געזעהען. איין מאל האט ער איהם בעזוכט נאכצופרעגען זיך ביי איהם וועגען מאָנטע קריסטאָ, און דעם צווייטען מאל איז ער געווען ביי איהם ווען וואַלענטינע איז געשטארבען.

— איהר זייט עס דאָ, מיין העהר! האט ער געזאגט; עס שיינט, אז איהר קומט נאר אָהער צו בעגלייטען א מת?

בוזאָני האט זיך שנעל אויפגעהויבען; נאך ווילפאָר'ס אויסזעהען האט ער פערשטאנען, אז דיא סצענע אין געריכט איז אויסגעפיהרט געוואָרן; דאס איבריגע האט ער ניט געוואוסט.

— וואס זייט איהר היינט געקומען אהער? האט איהם ווילפאָר געפרעגט.

— איך בין אייך געקומען זאגען, אז איהר האט מיר שוין ריכטיג בעצאָהלט אייער שולד.

— ווער זייט איהר? האט ווילפאָר אויסגערופען מיט שרעק, דאס איז ניט בוזאָני'ס שטימע!

— ניין, און דער גייסטליכער האט פון זיך אראָפּגעוואָרפען דעם לאנגעל מאַנטעל און האט צושאָקלט זיינע שיינע שווארצע האָר, וועלכע האבען בעדעקט זיינע אַקסעל.

— דאָס איז מאָנטע קריסטאָ'ס פּנים! האט ווילפאָר אויסגעשריען מיט אויסגעגלאָצטע אויגען.

— עס איז נאך ניט דאָס, הערר קעניגליכער פּראָקוראָר; זוכט בעסער און וויטער צוריק.

— דיזע שטימע, דיזע שטימע! וואו האב איך זיא צום ערשטען מאל געהערט?

— איהר האט זיא געהערט צום ערשטען מאָל אין מארסייל מיט דריי און צוואנציג יאָהר צוריק, אין דעם טאָג פון אייער חתונה מיט פריילין סענט מעראָן. זוכט אין אייערע אקטען.

— איהר זייט ניט בוזאָני? איהר זייט ניט מאָנטע קריסטאָ? אה! איהר זייט דער בעהאַלטענער, שרעקליכער, טויטליכער פיינד! איך האב געגען אייך עטוואס געטאָן אין מארסייל, אָה, מיין אונגליק!

— יאָ, דו האסט רעכט, דאָס איז עס, האט דער גראף געזאגט צוזאמענלייגענדיג דיא הענד אויף זיין ברייטער ברוסט; זוך, זוך!

— אָבער וואס האב איך דיר דען געטאָן? האט ווילפאָר אויסגערופען מיט א צומישטען שכל; וואס האב איך דיר דען געטאָן? זאָג! רייד!

— איהר האט מיך פערמשפט צו א לאנגזאמען און שרעקליכען טויט; איהר האט געטויטעט מיין פאָטער; איהר האט ביי מיר צוגענומען דיא ליעבע מיט דער פריי־הייט, און דעם פערמעגען מיט דער ליעבע!

איך בין דער גייסט פון איין אונגליקליכען, וועלכען איהר האט בעגראָבען אין שלאָס פון איף. דיזער גייסט האט אויף זיך אָנגעטאָן דיא מאסקע פון גראף מאָנטע קריסטאָ און האט אויף זיך אָנגעטאָן גאָלד און דיאמאנטען, אום איהר זאלט איהם ערשט היינט דערקענען.

— אָה! איך דערקען דיך, איך דערקען דיך! האט דער פראָקוראָר אויסגערר־פען; דו ביזט....

— איך בין עדמאָן דאנטעס!

— דו ביזט עדמאָן דאנטעס! האט ווילפאָר אויסגערופען אָנכאפענדיג דעם גראף פאר'ן אָרעם; דאן קום! און ער האט איהם אוועקגעצויגען דורך דיא צימערן ביז מאדאם ווילפאָר און איהר זון.

— זעה! עדמאָן דאנטעס, האט ער געזאָגט צום גראף צייג'ענדיג אויף דיא צוויי מתים; זעה! בעטראכט, ביזטו בעצאָהלט?....

מאָנטע קריסטאָ איז בלייך געווארן ביי דיזען שרעקליכען בילד; ער האט פער־שטאנען, אז ער איז איבערגעגאנגען דיא מאָס פון נקמה; ער האט פערשטאנען, אז ער האט מעהר ניט געהאט וואָס צו זאגען.

וויא א ווילדער האט ער זיך א וואָרף געטאָן אויף דעם באָי, ער האט איהם גע־כאפט אין זיינע אָרעם און איז אריין אין וואלענטינעס צימער און האט זיך דאָרטען פער־שלאָסען.

— מיין קינד! האט ווילפאָר אויסגערופען, ער טראָגט אוועק דיא לייבע פון מיין קינד! אָה! פלוך! אונגליק! טויט איבער דיר!

און ער האט זיך ג'עוואָלט א וואָרף טאָן נאך איהם, אָבער דיא פיס האבען זיך ביי איהם אָפגעהאקט, א שטארקער שווייס האט זיך פון איהם א גאָס געטאָן; ער האט אריינגעשטעקט דיא נעגעל אין זיין לייב ביז בלוט איז ארויס; זיינע אויגען זיינען פער־לאָפען מיט בלוט און פון זיין גאָרגעל איז ארויס א מין הירזשענען.

פלוצלונג האט ער ארויסגעשטויסען א גרויסען געשריי, נאך וועלכען עס האט געפאָלגט א שטאַרקער געלעכטער און ער איז אראָפּ דיא טרעפּ.

א פערטעל שטונדע שפּעטער האט זיך דיא מהיר פון וואַלענטינעס צימער אויפגעמאכט און מאַנטע קריסטאָ איז ערשיענען. ער איז געוועזען שרעקליך בלייך און צושטערט פון שמערץ. ער האט דאס קינד ניט געקענט ברייגגען אין לעבען. ער האט אניעדערגעלייגט דאס קינד לעבען דער מוטער און איז אראָפּ אין גאַרטען.

ווען מאַנטע קריסטאָ איז אריין אין גאַרטען האט ער געזעהען וויא ווילפאָר האט געהאַלטען א רידעל אין דיא הענד און האט געגראָבען דיא ערד.

— עס איז נאך ניט דאָ, האט ער געזאגט, עס איז נאך נים דאָ. און האט וויימער געגראָבען.

מאָנטע קריסטאָ איז צו איהם צוגעגאנגען.

— מיין הערר, האט ער צו איהם געזאגט מיט א ווייכע שטימע, איהר האט פערלאָרען א זון; אָבער....

אָה! איך וועל איהם שוין געפינען, האט ווילפאָר געברומט, און ווען איך זאָל אפילו דארפען גראָבען דעם גאנצען לעבען! מאָנטע קריסטאָ איז אָפּגעטראָטען מיט שרעק.

— אָה! האט ער געזאָגט, ער איז משוגע!

און אזוי וויא ער וואָלט מורא געהאַט, אז דיא מויערן פון דער פערפלוכטער הויז זאלען ניט איינפאלען איבער זיין קאָפּ, איז ער ארויסגעשפרונגען אויפ׳ן גאַס.

— אָה! גענוג, גענוג! זאל עס נעמען א סוף, האט ער געמורמעלט, לאָמיר רעטען דעם לעצטען.

ווען מאָנטע קריסטאָ איז געקומען אהיים, האט ער דאָרטען געטראָפען מאָרעל׳ן.

— מאכט זיך פארטיג, מאַקסימיליאַן, האט ער צו איהם געזאגט מיט א שמייכעל, מאָרגען פערלאָזען מיר פּאַריז.

— האט איהר דאָ מעהר גארניט וואָס צו טאָן? האט מאָרעל געפרעגט.

— ניין, האט מאָנטע קריסטאָ געענטפערט; איך האב מורא, אז איך האב שוין צופיעל געטאָן.

## 27טער קאפּיטעל.

# דיא אָפּרייזע.

פאַר דער אָפּרייזע איז מאָנטע קריסטאָ געקומען צו מאָרעל׳ס שוועסטער און עמאַנועל׳ן נעמען אָפּשיעד. מאָרעל איז אויך דארטען געוועזען. דיא פרייד פון דיא יונגע פּאָר פאלק איז געוועזען גרויס, ווען זיי האבען דערזעהען דעם גראַף.

מאָנטע קריסטאָ האט דאָרטען פערבראכט א היפּשע ווייל. פיעלע הערצליכע ווערטער זיינען צווישען זיי געוועקסעלט געוואָרן און טרערן האבען זיך געגאסען ביים אָפּשיעד.

— מאכט מיין ברודער ווידער פריילעך! האט יוליע געזאגט דעם גראף אויפ׳ן אויער.

מאָנטע קריסטאָ האט איהר געדריקט דיא האנד, אזוי וויא ער האט איהר א מאל

געדריקט דיא האנד ווען ער האט איהר געגעבען דעם בריעפעל פון סימבאד דעם מאטראָז.

— האט איהר נאך אלץ פערטרויען אין סימבאד דעם מאטראָז? האט ער זיא נעפרעגט מיט א שמייכעל.

— אָה, יא! האט יוליע געענטפערט.

— וועל! שלאָפט רוהיג און האט פערטרויען אין מיר.

אונטען האבען שוין געוואַרט דיא פערד מיט א וואָגען און מאַנטע קריסטאָ מיט מאָרעל האבען זיך באלד אין איהם אריינגעזעצט און זיינען אוועק וויא דער ווינד.

אין א האלבע שעה ארום האט זיך דער וואָגען אָפּגעשטעלט. דיא נאכט האט געפונקעלט פון דיא שטערן. מען איז געווען אין דער הויך אויפ׳ן בארג פון ווילשוויף, פון וואנען מען האט געקענט איבערזעהען גאנץ פאריז אזוי וויא א פינסטערן ים, וועל־בער בעוועגט זיך פון מיליאָנען ליכט.

דער גראף איז אראָפּגעגאנגען פון וואָגען און האט געגעבען א צייכען, אז דער וואָגען זאָל א ביסעל אָפּפאָהרען.

מיט פערלייגטע אָרעמס האט ער דאן בעטראכט דיזען גרויסען בבל, און אראָפּ־לאָזענדיג דעם קאָפּ האט ער געמורמעלט:

— גרויסע שטאָט! עס איז זעקס מאָנאט וויא איך בין אריין אין דיינע טויערן, און יעצט פערלאָז איך דיך אלס זיעגער. מיין געהיימנים האב איך בעגראבען אין דיינע מויערן, און איך גיי יעצט ארויס אָהן שטאלץ און אָהן נקמה, אבער ניט אָהן בעדויערן. אָה גרויסע שטאָט! אין דיין קלאַפּעדיגער ברוסט האב איך געפונען וואס איך האב געזוכט. אזוי וויא א געדולדיגער מינען גרעבער האב איך איבערגעאַקערט דיינע געדערים און איך האב פון דאָרטען ארויסגעטריבען דאס שלעכטס. יעצט איז מיין ווערק פארטיג, מיין אויפגאבע איז בעענדיגט; יעצט קענסטו מיר ניט געבען ניט קיין פרייד און ניט קיין שמערץ. אדיע, פאריז! אדיע!

זיין בליק האט נאך א מאל בעטראכט דיא פייער שטאָט, ער איז אריבער מיט׳ן האנד איבערן געזיכט און איז אריין אין וואָגען.

מאָרעל איז געזעסען א פערזאָרגטער אין וואָגען, וועלכער האט זיך אלץ מעהר דערווייטערט פון פאריז.

אויף מאָרגען האבען זיי זיך געזעצט אויף א שיף און אין א פּאָר טעג זיינען זיי געווען אין מארסייל. ווען זיי זיינען ארויף אויפ׳ן ברעג, האט מאָרעל גענומען מאָנטע קריסטאָ׳ס אָרעם.

זעהט, האט ער צו איהם געזאגט, אָט איז דער פלאץ, וואו מיין פאָטער איז געשטאנען, ווען דער „פאראאָן" איז אריין אין האפען. אָט דאָ האט דער בראווער מאַן, וועמען איהר האט גערעטעט דעם לעבען, זיך א וואָרף געטאן אין מיינע אָרעם; איך פיהל נאך יעצט זיינע טרערן אויף מיין געזיכט, און ער האט ניט געוויינט אליין, פיעלע לייט האבען אויף אונז קוקענדיג געוויינט. מאָנטע קריסטאָ האט געשמייכעלט.

— איך בין געווען דארטען, האט ער געזאגט צו מאָרעל׳ן צייגענדיג מיט דער האנד אויפ׳ן קאָרנער פון דער גאַס.

אזוי וויא ער האט דאס געזאגט, האט מען דערהערט א שמערצליכען וויינען פון א פרוי, וועלבע האט געקוקט אויף א שיף וואס איז ערשט אפגעגאנגען. דיזע פרוי איז געווען פערשלייערט; מאַנטע קריסטאַ האט זיא בעגלייט מיט דיא אויגען וועהרענד מאָרעל האט געקוקט אויף דיא שיף.

— אָה! האט מאָרעל אויסגערופען, איך האב קיין טעות ניט! דיזער יונגער מאַן, וועלכער מאכט מיט'ן העט, איז אלבערט מאָרסערף!

— יא, האט מאַנטע קריסטאַ געזאגט, איך האב איהם דערקענט.

— וויא אזוי? איהר האט דאך געקוקט אין אַנאנדער זייט.

דער גראף האט געשמייכעלט, אזוי וויא ער פלעגט אלע מאל טאָן, ווען ער האט ניט געוואלט ענטפערן. און זיינע אויגען האבען זיך ווייטער אריבערגעטראגען אויף דיא פערשלייערטע פרוי, וועלכע איז פערשוואונדען אין א קאָרנער פון א גאס. דאן האט ער זיך אומגעדרייט.

— טייערער פריינד, האט ער געזאגט צו מאקסימיליאנען, האט איהר עפּעס צו טאָן אין דיזער געגענד?

— איך האב צו וויינען אויף מיין פאָטערס קבר, האט מאָרעל פינסטער געענטפערט.

— וועל! גייט און ערוואַרטעט מיך דארטען; איך וועל אהין קומען.

— איהר פערלאָזט מיך?

— יא.... איך האב דאָ אויך א וויכטיגע וויזיט צו מאכען.

מאָרעל האט אריינגעלייגט זיין האנד אין דעם גראף'ס האנד, דאן האט ער טרויעריג אומגעדרייט דעם קאָפּ און איז לאנגזאם אוועקגעגאנגען.

מאַנטע קריסטאַ איז געבליעבען שטיין ביז מאקסימיליאן האט זיך דערווייטערט, דאן איז ער אוועק אין מייליהאַן'ס אלעען, וואו זיין פאָטער האט א מאל געוואוינט.

דיא הויז איז געווען ארומגערינגעלט פון בוימער, און אָבוואָהל זיא איז געווען אלט, האט זיא אויסגעזעהען שיין און ליעבליך. יעצט האט דיא הויז אין גאנצען געהערט צו מערסעדעס, וועלבע האט זיא בעקומען פון מאַנטע קריסטאַ.

אין דיזער הויז איז אריינגעקומען דיא פערשלייערטע פרוי, וועלבע מאַנטע קריסטאַ האט געהערט וויינענדיג לעבען האפען.

מאַנטע קריסטאַ איז אויך אריין אין דער הויז. ער איז געגאנגען אין קליינעם גאָרטען, וואו זיין פאָטער האט א מאל געפלאנצט זיין בוים. ווען ער איז צוגעגאנגען צו דיזען פלאַץ, האט ער געהערט א זיפץ, וועלכער האט געגליכען צו א שלוכץ. ער האט זיך ארומגעקוקט און האט דערזעהען מערסעדעס זיצענדיג אויף א באַנק איינגעבויגען און וויינענדיג.

מאַנטע קריסטאַ האט געמאכט עטליכע טריט פארויס; דער זאמד האט געקריצט אונטער זיינע פיס.

מערסעדעס האט אויפגעהויבען דעם קאָפּ און האט ארויסגעשטויסען א געשריי פון שרעק ווען זיא האט דערזעהען פאר זיך א מאַן.

— מאַדאַם, האט דער גראף געזאגט, עס איז ניט מעהר אין מיינער קראפט אייך צו ברייננען גליק, אָבער איך קען אייך אָנבאָטען טרייסטונג; ווילט איהר עס אָננעמען פון א פריינד?

— איך בין ווירקליך זעהר אונגליקליך, האט מערסעדעס געענטפערט, איך בין אליין אויף דער וועלט.... איך האב נאר געהאט מיין זון און ער האט מיך פערלאָזען.

— ער האט גוט געטאָן, האט מאָנטע קריסטאָ געזאָגט. ווען ער וואלט געבליעבען מיט אייך, וואלט פון איהם גארניט געוואָרן. ער וועט ווערן גרויס און מעכטיג ווען ער וועט קעמפפען געגען דיא וועללען אין לעבען. לאָזט איהם זוכען א צוקונפט פאר אייך ביידען, מאדאם; איך קען אייך פערשפרעכען, אז ער איז אין גוטע הענד.

— אָה, האָט דיא אָרימע פרוי געזאגט, איך וועל פון דער צוקונפט ניט געניסען. אזוי פיעל זאכען זיינען צ׳ובראָכען געוואָרן אין מיר און ארום מיר, דאס איך פיהל מיך נאָהענט פון קבר. איהר האט גוט געטאָן, וואס איהר האט מיך געבראכט אויף דעם פלאַץ אויף וועלכען איך בין געוועזען אזוי גליקליך; דארטען וואו מען איז געוועזען גליקליך, דארף מען שטארבען.

— אך! מאדאם, אלע אייערע ווערטער פאלען ביטער און ברענענד אויף מיין הארץ. איך האב אייך געבראכט אלע אייערע אונגליקען: איהר דארפט מיך בעשולדיגען און מיך האסען....

— אייך האסען, אייך בעשולדיגען, עדמאָן.... האסען, בעשולדיגען א מאן, וועל־בער האט געראטעט מיין זון׳ס לעבען? אָה! בעטראכט מיך און זעהט אויב אין מיר איז דאָ א פיינדשאפט געגען אייך.

מאָנטע קריסטאָ האט אויפגעהויבען זיין בליק אויף מערסעדעס, וועלכע האט אויסגעשטרעקט צו איהם דיא הענד.

— אָה! בעטראכט מיך, האט זיא פאָרטגעזעצט מיט א געפיהל פון טיעפען טרויער; מען קען יעצט פערטראָגען דעם קוק פון מיינע אויגען, עס איז ניט מעהר דיא צייט ווען איך בין געקומען שמייכלען צו עדמאָן דאנטעס, וועלכער האט מיך ערוואַרטעט אין פענסטער פון דער דאך שטיבעל וואו זיין פאָטער האט געלעבט.... פון יענער צייט אָן האבען זיך פיעלע שמערצליכע טעג און יאָהרען אוועקגעקייקעלט, וועלכע האבען אויסגעגראָבען א גרויסע גרוב־צווישען מיר און דיזער צייט. איך זאל אייך בעשולדיגען עדמאָן, אייך האסען, מיין פריינד! ניין, מיך האס איך און מיך בעשולדיג איך!

מאָנטע קריסטאָ האט געמאכט א טריט צו איהר און האט איהר שוויינענדיג אויסגעשטרעקט דיא האנד.

— ניין, האט זיא געזאגט לאנגזאם צוריקציהענדיג איהרע הענד, ניין, מיין פריינד, ריהרט מיך ניט אָן. איהר האט מיך געשוינט, פון דעסטוועגען בין איך מעהר שולדיג פאר אלע, וועלכע איהר האט געשלאָגען. אלע יענע האבען געהאנדעלט אויס האס, אויס שלעכטיגקייט, און איך האב געהאנדעלט אויס פיינהייט. ניין, דריקט ניט מיין האנד, עדמאָן; איהר ווילט מיר זאָגען עפּעס א וואָרט צום טרייסט, זאגט עס ניט; בעהאלט עס פאר אנאנדערע, איך בין עס ניט מעהר ווערטה. זעהט, דער אונגליק האט מיינע האָר גראָ געמאכט; מיינע אויגען האבען אזוי פיעל טרערן פערגאָסען, דאס זיי זיינע

ארומגערינגעלט געווארן פון רויט בלויע פלעקען, און מיין שטערן איז פול קנייטשען. איהר, עדמאָן, אין געגענטהייל, זייט נאָך אלץ יונג, אלץ שיין, אלץ שטאָלץ. דאס איז ווייל איהר האט געהאט מוטה, ווייל איהר האט גטהאָפט....

מערסעדעס האט שטארק געוויינט; איהר הארץ האט געשפרונגען פאר שמערץ ביי דיא דערמאָנונגען.

מאָנטע קריסטאָ האט גענומען איהר האנד און האט זיא געקושט מיט רעשפעקט; אבער זיא האט געפיהלט, אז דער קוש איז געווען אָהן היין, אזוי וויא ער וואלט געקושט א מארמאָרנע סטאטוע.

— איך האב געגלויבט, אז איהר זייט טויט, האט זיא פאָרטגעזעצט, האב איך געדארפט שטארבען, דען וואס האט עס מיר גענוצט, אז איך האב וועגען אייך גע־טרויערט אין מיין הארצען דעם גאנצען לעבען? צו מאכען פון א פרוי פון ניין און דרייסיג יאָהר א פופציגערין, דאס איז אלעס. וואס האט עס מיר גענוצט, אז איך איינע האב אייך נאָר דערקענט און האב נאָר גערעטעט מיין זון אליין? האָב איך דען ניט געדארפט רעטען מיין מאן אויך? איז ער דען ניט צוליעב מיר געווארן פערדאָרבען? צו וואָס נוצט עס שליסליך, וואס איך האָב בעגלייטעט מיין זון ביז אהער, אז ער זאָל מיך פערלאָזען און איך זאל איהם לאזען אוועק אליין? אָה! איך בין געווען א פייגלינג! זאג איך אייך; איך האב פערלייקענט מיין ליעבע....

— ניין, מערסעדעס, האט מאָנטע קריסטאָ געזאגט, האט איבער זיך א בעסערע מיינונג. ניין, איהר האט גענוג געליטען. בעטראכט דיא פערגאנגענהייט און בעטראכט דעם יעצט. דיא שרעקליכסטע אונגליקען, דיא שרעקליכסטע ליידען, דיא פערלאסענ־הייט פון אלע דיא וואס האבען מיך געליעבט, דיא פערפאָלגונגען פון דיא וואס האבען מיך געקענט,—אָט דאָס איז דער ערשטער טהייל פון מיין לעבען. פלוצלונג, נאָך אזוי פיעל ליידען, איז מיר געקומען דיא פרייהייט און מיין פערמעגען. דאן האט מיר געשיינט, אז דיזער פערמעגען איז מיר געשיקט געווארן פון שיקזאל און איך זאל איהם בענוצען אלס געוועהר. דאן האב איך וויא א רייזענדער, וועלכער ברייט זיך פאָר אויף א לאנגע רייזע און אויף אלע געפאהרען, מיך אויך פאָרבערייטעט. איך האב גזואמעלט לעבענס מיטלען, איך האב געלאָדען דיא געוועהר, איך האב געזאמעלט מיטלען צו אטאקירען און זיך צו פערטהיידיגען, איך האב געוויינט מיין קערפער צו דיא הארטסטע ליידען, איך האב געוויינט מיין אָרעם צו טויטען, מיינע אויגען צו זעהען יענעמס ליידען, מיין מונד צו שמייכלען ביי דיא שרעקליכסטע אָנבליקען. פון א גוטען מענשען וואס איך בין געווען, האב איך געמאכט פאר א קאלטער מצבה צו אלעס. דאן האב איך מיך א וואָרף געטאָן אין לעבען און בין געקומען צו מיין ציעל. אונגליק צו דיא וואס איך האב בעגעג־נעט אין מיין וועג!

— גענוג! האט מערסעדעס געזאגט, גענוג עדמאָן, איך האב אייך פערשטאנען, און ווען איהר וואלט מיך גע־ראָפען אין וועג און וואלט מיך צובראָכען וויא א גלאָז, וואלט איך אייך בעוואונדערט, עדמאָן! אזוי וויא עס איז דאָ א טיפער גראָבען צווישען מיר און דער פערגאנגענהייט, אזוי איז דאָ א גראָבען צווישען אייך און דיא אנדערע

מענער. עס גיעבט קיין זאך אויף דער וועלט, וועלבע זאל אייך ווערט זיין, וועלבע זאל זיך גלייבען צו אייך. יעצט זאגט מיר אדיע, עדמאָן, און לאָמיר זיך שיידען.

— איידער איך פערלאָז אייך, מערסעדעס, זאגט וואס פערלאנגט איהר ?

— איך פערלאנג נאר איין זאך, עדמאָן, מיין זון זאל זיין גליקליך.

— זאָל ער לעבען, פאר דאס איבריגע וועל איך שוין זאָרגען.

— איך דאנק, עדמאָן.

— אָבער איהר, מערסעדעס ?

— איך דארף גאָרניט. איך לעב צווישען צוויי קברים: איין קבר איז פון עדמאָן דאנטעס, וועלבער איז שוין פון לאנג אָן טויט פאר מיר און וועלבען איך האב געליעבט, מיין הארץ געהערט אויך יעצט צו איהם—און דער אנדערער איז פון דעם מאַן, וועלבען עדמאָן דאנטעס האט געטויטעט. איך שטים איין מיט'ן הארגענען אָבער איך בעקלאָג דעם טויטען.

— אייער זון וועט זיין גליקליך, מאדאם, האט דער גראף נאך א מאָל געזאגט.

— אלזאָ וועל איך זיין גליקליך ווען איך וועל עס קענען זעהען.

— אָבער.... שליסליך.... וואס וועט איהר טאָן?

— איך זאָל אייך זאגען, אז איך וועל לעבען וויא דיא אמאָליגע מערסעדעס, וועט איהר מיר ניט גלויבען, דען איך קען מעהר ניט ארבייטען. איך האב דעם קליינעם קאפיטאל, וועלבען איהר האט פאר מיר פערגראָבען, און דערמיט וועל איך לעבען. זאלען דיא לייטע דענקען איבער מיר וואס זיי ווילען, דיא געהיימניס בלייבט צווישען מיר און אייך.

— ווילט איהר מיר ניט זאָגען, אויף ווידערזעהען, מערסעדעס?

— איך זאג אייך אויף ווידערזעהען, האט מערסעדעס געענטפערט, אָבער וועלען מיר זיך א מאָל זעהען, עדמאָן?

— עס ליעגט זעהר פיעל אין דיא ווערטער; האפען און ווארטען, מערסעדעס.

מערסעדעס האט אָנגעריהרט דעם גראף'ס האנד און איז אריין אין הויז.

מאָנטע קריסטאָ איז לאנגזאם ארויסגעגאנגען פון הויז און האט גענומען דעם וועג צום האפען.

מערסעדעס האט איהם ניט געזעהען אוועקגייענדיג, זיא האט געקוקט אויפ'ן ים און האט געקוקט אויף א שיף, וועלבע איז לאנג אָפגעגאנגען פון ברעג. דאך האט איהר שטימע געגען איהר ווילען געמורמעלט גאנץ שטיל:

— עדמאָן, עדמאָן, עדמאָן!

## 28טער קאפיטעל.

## דיא פערגאנגענהייט.

ווען מאָנטע קריסטאָ איז ארויס פון זיין פאָטער'ס הויז איז ער געגאנגען צום וואסער. ער האט געוואָלט זעהען נאך א מאָל דעם שרעקליכען שלאָס איף, וואו

ער האט אזוי פיעל געליטען. ער האט צוגערופען א שיפעל און האט זיך געהייסע אריבערשיפען צום שלאָס.

פאָהרענדיג אויפ'ן שיפעל, איז איהם פאָרגעקומען דיא גאנצע שרעקליכע סצענע, וויא ער איז דאמאָלס אויך געפאהרען אויף דיעזעלבען פלאַץ בעגלייטעט פון פיעו זשאנדארן און וויא ער האט זיך געוואָלט אריינוואַרפען אין וואסער.

— מיר זיינען אָנגעקומען, האט זיך פלוצלונג דערהערט דיא שטימע פון דעם פישער.

מאָנטע קריסטאָ האט געגעבען א שוידער. פונקט אזוי האט מען אויסגערופען, ווען דיא זשאנדארן האבען איהם אהער געבראכט און האבען איהם געשלאָגען מיט דיא ביקסען, אז ער זאל גיין. דיא שיפעל האט זיך יעצט אויך אָפגעשטעלט אויף דעןזעלבען פלאַץ. מאָנטע קריסטאָ האט בעצאָהלט דעם שיפער און איז אראָפ אויפ'ן ברעג.

דער שלאָס איז איז שוין פון לאנג אָן ניט געווען קיין געפענגניס. ער האט יעצט געדיענט אלס שוי־פלאַץ, וואו יעדערער האט געקענט אריינגיין און איהם בעקוקען. אויך איז שוין קיינער ניט געווען פון דיא וועכטערס, וועלכע זיינען געווען אין דער צייט, ווען מאָנטע קריסטאָ איז דאָרטען געזעסען. דער הויזקיפער פון שלאָס איז אויך געווען ערשט צייט צעהן יאָהר דאָרטען.

ער האט אריינגעפיהרט מאָנטע קריסטאָ אין זיין אייגענע צעלע. ער האט זיא בעטראכט און האט זיא געפונען דיזעלבע וויא ער האט זיי פערלאָזען. אפילו זיין בעטעל איז נאך געשטאנען אויפ'ן זעלבען פלאַץ. נאר דיא לאָך וואס ער האט געגראָבען מיט'ן גייסטליכען פאריא איז געווען פריש פערמויערט.

— דערציילט מיר עפעס איבער דיזע געפענגניס, האט מאָנטע קריסטאָ געזאָגט צום הויזקיפער. האט דער שלאָס אויך עפעס צו דערציילען איבער לעבעדיג פער־גראָבענע?

— יאָ, מיין הערר, האט דער הויזקיפער געענטפערט, און טאקע וועגען דיזער צעלע האט מיר דער שליסער אַנטאָניאָ אזא זאך דערציילט.

מאָנטע קריסטאָ האט א שוידער געגעבען. אַנטאָניאָ איז געווען פערצעהן יאָהר זיין שליסער.

— ווילט איהר, אז איך זאל אייך דערציילען דיא געשיכטע? האט איהם דער הויזקיפער געפרעגט.

— יאָ, האט מאָנטע קריסטאָ געענטפערט, דערציילט.

— דיזע צעלע, האט דער הויזקיפער אָנגעפאנגען, איז געווען בעוואוינט פון זעהר א געפעהרליכען מענשען. אנאנדערער געפאַנגענער איז געווען אין שלאָס אין דערזעלבער צייט מיט איהם; ער איז געווען איין אָרימער משוגענער גייסטליכער.

— א משוגענער? און וואָס איז געווען זיין משוגעת?

— ער האט אָנגעבאָטען מיליאָנען מען זאל איהם בעפרייען.

— האבען זיך דיא געפאנגענע געקענט זעהען?

— ניין, דאס איז געווען שטרענג פערבאָטען, אבער זיי האָבען זיך דורכגעגראָבען איינער צום אנדערן און פלעגען זיך זעהען.

— און ווער פון זיי האט דורכגעגראָבען דעם גאנג?

— אָה, נאַטירליך, דער יונגער. דער אנדערער איז געוועזן אלט און שוואך, און דען איז זיין קאָפּ געווען צו שוואך אויסצוקלערן אזא זאך.

— געוויס, א משוגענער האט א שוואכען קאָפּ, האט מאַנטע קריסטאָ געענטפערט מיט א בייזען שמייכעל.

— וויא לאנג דיא געפאנגענע האבען פערקעהרט צוזאמען, וויים מען ניט, האט דער הויזקיפּער פאָרטגעזעצט, דאך איין טאָג איז דער אלטער געשטאָרבען, און ווייסט איהר וואס דער יונגער האט געטאָן.

— ער איז אויך געשטאָרבען.

— ניין, ער האט אריינגעשלעפּט דעם טויטען צו זיך אין צימער און האט זיך אריינגעלייגט אין זאק פון דעם טויטען אויף זיין פּלאַץ און האט זיך פערנייט פון אינעווייניג. האט איהר שוין א מאָל געהערט אזא זאך?

— צו וואָס האט ער עס געטאָן? האט מאַנטע קריסטאָ געפרעגט.

— ער האט געגלויבט, אז מען בעערדיגט דיא טויטע געפאנגענע אָהן א טרונע; האט ער גערעכענט נאָכהער זיך אויסצוגראָבען און ענטלויפען. ער האט אָבער געהאט א פאַלשע רעכענונג, דען מען פלעגט דאָ דיא טויטע איינניייען אין א זאק און זיי אריינווארפען אין ים. מען האט איהם אלזאָ אריינגעוואָרפען אין ים. אויף מאָרגען האט מען אויף זיין פּלאַץ געפונען דעם טויטען. דאַן האבען דיא אריינוואָרפער ערשט דערציילט, אז זיי האבען געהערט א שרעקליכען געשריי, ווען זיי האבען דעם זאק אריינגעלאָזען אין וואסער.

— האט מען פון דעם געפאנגענעם מעהר גאר ניט געהערט? האט מאַנטע קריסטאָ געפרעגט מיט א פערשטיקטער שטימע.

— קיין מאָל ניט. איהר קענט בעגרייפען, אז אויב ער איז אראָפּגעפאלען פלאך איז ער גלייך געטויטעט געוואָרען, איז ער אריינגעפאלען שטייענדיג, האט איהם דער שווערער שטיין פון זיינע פיס אראָפּגעצויגען צום גרונד.

— בעדויערט איהר איהם?

— אָ, יאָ, אָבוואָהל ער איז געווען א שולדיגער.

— וואָס האט ער דען בעגאַנגען?

— מען דערציילט, אז אין יענער צייט איז דער אונגליקליכער געווען א באָנאַפּאַרטיסטישער אָפיצער.

— האט מען קיין מאָל ניט געפרעגט נאך זיין נאָמען?

— אָ, יאָ, אָבער מען האט איהם אנדערש ניט גערופען וויא נומער 34.

— אָהָ, ווילפאָר! ווילפאָר! דאָס איז דיין ארבייט, האט דער גראף געמורמעלט.

— ווילט איהר זעהען דיא צעלע פון דעם גייסטליכען, מיין הערר? האט איהם דער וועכטער געפרעגט.

— יאָ, אָבער איך וועל נאך בלייבען א ווילע דאָ.

— זעהר גוט, איך וועל דערווייל גיין נאָכ'ן שליסעל.

ווען מאַנטע קריסטאָ איז געבליעבען אליין האט ער אָנגעפאנגען אויפמערקזאם צו בעטראכטען דיא צעלע.

— יא, האט ער געזאגט, אָט איז דער שטיין, אויף וועלכען איך פלעג זיצען! אָט איז דער צייכען פון מיינע אַקסלען, וועלכע האבען איהם אויסגעדריקט! אָט איז דער צייכען פון מיין בלוט, וועלכע האט גערונען פון מיין שטערן, ווען איך האב געוואלט צוקלאַפּען מיין קאָפּ אָן מויער! אָה!.... דיזע ציפערן!.... איך געדיינק זיי נאך.... איך האב מיט זיי איין טאָג גערעכענט דעם אלטער פון מיין פאָטער, אויב איך וועל איהם נאך קענען זעהען לעבעדיגער הייד, און דעם אלטער פון מערסעדעס, אום צו וויסען אויב איך וועל זיא נאך געפינען טריי.... איך האב געהאט א קליינע ווייל־ע האָפנונג, ווען איך האב געמאכט דיזע רעכענונג.... איך האב פערגעסען צו רעכענען דעם הונגער און דיא אונטרייהייט.

און א ביטערער שמייכעל האט זיך בעוויזען אויף זיינע ליפען. ער האט געזעהען וויא דורכ'ן טרוים, וויא זיין פאָטער איז געפיהרט געוואָרן צום קבר און מערסעדעס גייענדיג צו דער חתונה.

דער שליסער איז געקומען און האט איהם אריינגעפיהרט אין דעם גייסטליכען פאַריא'ס צעלע.

— האט איהר עפּעס וועלכען אנדענקען פון דיא געפאנגענע? האט אהים מאַנטע קריסטאָ געפרעגט.

— אָ, יא, איך האב געהאט עטליכע. איך האב א מאָל דורכגעקלאַפּט דיא מויערן, האב איך געפונען אין דיזער צעלע, אָט אין יענעם אוווען....

— שטריק לייטער, ווערקצייג? האט מאַנטע קריסטאָ אויסגערופען.

— פון וואנען ווייסט איהר עס? האט דער הויזקיפּער פערוואונדערט געפרעגט.

— איך וויים עס ניט, אָבער איך טרעף, האט דער גראף געזאגט; געוויינליך געפינט מען נאָר אזעלכע זאכען אין דיא צעלען פון געפאנגענע.

— יא, איך האב טאַקע געפונען אזעלכע זאכען אין אוווען.

— האָסטו זיי נאך? האט איהם מאַנטע קריסטאָ געפרעגט.

— ניין, איך האב זיי פערקויפט, אָבער מיר איז נאך געבליעבען איין ארט בוך אויף שטיקער לייוועגד.

— אָה! האט מאַנטע קריסטאָ אויסגערופען, דו האסט נאך דיזען בוך?

— איך וויים ניט, אויב דאס איז א בוך, מיין הערר, האט דער הויזקיפּער געזאגט, אָבער דאס האב איך.

— לויף, ברייננ מיר איהם, מיין פריינד, און אויב עס איז דאס וואס איך מיין, וועסטו זיין צופריעדען. גיי ברייננ.

— איך לויף. און דער וועכטער איז ארויס.

מאַנטע קריסטאָ איז צוגעגאנגען צום צובראָכענעם בעטעל וואו פאַריא איז א מאָל געלעגען, און אראָפּלאָזענדיג דעם קאָפּ, האט ער געזאגט מיט א געבראָכענע שטימע:

— אָה, מיין צווייטער פאָטער! דו האסט מיר געגעבען דיא פרייהייט, דיא

וויסענשאפט, רייכטהום; דו האסט מיר געגעבען דיא מאכט צו רעכענען זיך מיט מיינע פיינד. ווער קען מיר זאָגען, אז איך האב ניט ריכטיג געהאנדעלט....

— אָט האט איהר, מיין הערר, דעם בוך, האט איהם געזאגט א שטימע.

מאָנטע קריסטאָ האט א ציטער געגעבען און האט זיך אומגעדרייט. דער הויד קיפּער האט איהם דערלאנגט א בינטעל פּאַפּיערען, אויף וועלכע דער גייסטליכער פאריא האט אריינגעלייגט זיינע גאנצע וויסענשאפט און עדמאָן דאנטעס האט דערפון גענאָסען.

דער גראף האט עס ביי איהם שנעל צוגענומען און זיינע אויגען זיינען געפאלען אויף דער אויפשריפט:

„דו וועסט ארויסרייסען דיא ציין ביי דער שלאנג, און דו וועסט טרעטען אונטער דיא פיס דעם לייב.“

— אה! מיין פאָטער, אָט איז דיין ענטפער! איך דאנק דיר מיין פאָטער, איך דאנק דיר!

מאָנטע קריסטאָ האט דאן דערלאנגט דעם וועכטער שיינע עטליכע גאָלדשטיקער און איז ארויסגעגאנגען. דער וועכטער איז געבליעבען א צוטומעלטער פון דער מאסע גאָלד און ביז ער איז געקומען צו זיך, איז שוין מאָנטע קריסטאָ ניט געווען.

מאָנטע קריסטאָ איז ארויף אויפ'ן בית עולם, וואו מאָרעל האט איהם ערוואַרטעט. ער האט געזוכט דעם קבר פון זיין פאָטער, אבער ער האט איהם ניט געפונען. עס איז א מאל געווען א שטיקעל ברעטעל, אָבער עס איז שוין לאנג פערפוילט געוואָרן און דער גרעבער האט עס פערברענט. ער איז דאן צוגעגאנגען צו דעם אלטען מאָרעל'ס גרויסע און שיינע מארמאָרנע מצבה.

מאקסימיליאן איז געשטאנען אָנגעשפּארט לעבען א בוים און האט געקוקט פאר זיך מיט צומישטע אויגען. זיין שמערץ איז געווען טיעף.

— מאקסימיל אן, האט צו איהם דער גראף געזאָגט, איהר האט מיך געבעטען צו בלייבען עטליכע טעג אין מארסייל, ווילט איהר עס איצטער אויך נאָך?

— איך האב מעהר קיין וואונש ניט, גראף, אבער מיר שיינט, אז דאָ וועל איך קענען ווארטען מיט ווייניגער ליידען.

— זעהר גוט, מאקסימיליאן, דען איך פערלאָז אייך, און נעם מיט אייער ווארט, אז איהר וועט ווארטען, ניט אמת?

— אָה, איך וועל עס פערגעסען גראף, איך וועל עס פערגעסען!

— ניין, איהר וועט עס ניט פערגעסען, ווייל איהר זייט איין עהרענמאן, מאָרעל, ווייל איהר האט געשוואָרען, און ווייל איהר וועט מיר נאך א מאל שווערן, אז איהר וועט זיך ניט נעמען דעם לעבען.

— אָה! גראף, האט מיטלייד מיט מיר! גראף, איך בין אזוי אונגליקליך!

— איך האב געקענט א מאן, וועלכער איז געווען אונגליקליכער פאר אייך, מאָרעל.

— וויא קען עס נאך געבען אונגליקליכער פאר מיר, וועלכער האט פערלאָרן דעם איינציגען גליק, וואס איך האב געליעבט אויף דער וועלט?

— הערט מיך אויס, מאַרעל; איך האב געקענט א מאַן, וועלכער האט אויך אזוי וויא איהר געלייגט זיין האָפנונג און זיין גליק אויף א פרוי. דיזער מאַן איז געוועזן יונג, ער האט געהאט איין אלטען פאָטער, וועלכען ער האט געליעבט; ער האט געהאט א כלה, וועלכע ער האט פערגעטערט. פלוצלונג האט מען ביי איהם צוגענומען דיא פרייהייט און מען האט איהם אריינגעוואָרפען אין קערקער.

— אהו! האט מאַרעל געזאגט, מען קומט ארויס פון קערקער אין א וואָך ארום, אין א מאָנאַט, אין א יאָהר.

— ער איז דאָרטען געבליעבען פערצעהן יאָהר, מאַרעל, האט דער גראַף געזאגט ארויפלייגענדיג זיין האַנד אויף דעם יונגען מאַן'ס אָרעם.

— פערצעהן יאָהר! האט מאַקסימיליאַן געמורמעלט שוידערנדיג.

— פערצעהן יאָהר, האט דער גראַף ווידערהאָלט; ער האט אויך גענוג געליטען, מאַרעל; ער האט זיך אויך געוואָלט נעמען דעם לעבען.

— וועל? האט מאַרעל געפרעגט.

— וועל! ער האט געהאט געדולד. דורך א וואונדער איז ער ארויס פון זיין גרוב, רייך, מעכטיג. זיין ערשטער געשריי איז געוועזן פאר זיין פאָטער: זיין פאָטער איז געוועזן טויט!

— מיין פאָטער איז אויך טויט, האט מאַרעל געזאגט.

— יאָ, אָבער אייער פאָטער איז געשטאָרבען אין אייערע אָרעם און האט געהאט א גליקליכען לעבען, אָבער זיין פאָטער איז געשטאָרבען פון פערצווייפלונג, פון הונגער. און ווען זיין זון איז מיט צעהן יאָהר צוריק געקומען זוכען זיין קבר, האט ער איהם ניט געפונען און ער ווייס ניט וואו ער איז.

— אָהו! האט מאַרעל געמורמעלט. אָבער זיין געליעבטע איז איהם דאָך וויניגסטענס געבליבען.

— איהר האט א טעות מאַרעל; דיזע פרוי....

— זיא איז געשטאָרבען? האט מאַרעל אויסגערופען.

— ניין, נאָך ערגער וויא דאס; זיא איז געוועזן אונטריי. זיא האט געהייראַט א פיינד פון איהר חתן. זעהט איהר, מאַרעל, אז דיזער מאַן איז געוועזן אונגליקליכער פאר אייך.

— און דער מאַן האט זיך געטרייסט? האט מאַרעל געפרעגט.

— ער האט זיך וויניגסטענס בערוהיגט.

— און דיזער מאַן קען נאָך א מאָל זיין גליקליך?

— ער האָפט עס, מאַקסימיליאַן.

דער יונגער מאַן האט אראָפּגעלאָזען דעם קאָפּ אויף דער ברוסט.

— איהר האט מיין וואָרט, האט ער געזאגט נאָך א קורצען שווייגען, און האט גערייכט מאָנטע קריסטאָ דיא האַנד; אָבער געדענקט....

— דעם 5טען אָקטאָבער, מאַרעל, וועל איך אייך ערוואַרטען אויפ'ן אינזעל מאָנטע קריסטאָ. דעם 4טען וועט אייך ערוואַרטען א שיף אין האַפען פון באַסטיא; דיא שיף

וועט הייסען עוורוס. איהר וועט זאגען אייער נאָמען פאר'ן קאפּיטאן און ער וועט אייך ברייננען צו מיר. אלזאָ, אָפּגעמאַכט מאקסימיליאן?

— אָפּגעמאַכט, גראף, און איך וועל טאָן וויא עס איז גערעט, אָבער געדענקט דעם 5טען אָקטאָבער....

— קינד, וואס ווייס ניט וואס עס הייסט א וואָרט פון א מאן; איך האב אייך שוין צוואנציג מאל געזאגט, אז ווען איהר וועט נאר חשק האבען צו שטארבען, וועל איך אייך נאך דערצו העלפען, מאָרעל. אדיע.

— איהר פערלאזט מיך שוין?

— יא, דען איך מוז נאך זיין אין איטאליען.

— ווען פאָהרט איהר?

— גלייך. דיא שיף ווארט שוין אויף מיר. אומארמט מיך, מאקסימיליאן.

מאָרעל האט בעגלייטעט דעם גראף ביז דער שיף און דארטען האבען זיי זיך געשיעדען.

## 28טער קאפּיטעל.

## פּ ע פּ י נ אָ.

אין דער צייט ווען מאָנטע קריסטאָ איז אוועק אויפ'ן שיף איז דאנגלאר געפלויגען אין רוים אָפּנעמען דיא פינף מיליאָן אויף דעם גראף'ס רעסיט. ווען ער איז געקומען אין רוים האט ער זיך אָפּגעשטעלט ביי אונזער אלטען בעקאנטען פּאסטריני אין האָטעל. ער האט זיך נאכגעפרעגט אויף דיא הויז טהאָמסאָן און פרענש, און מען האט איהם גלייך געזאגט וואו זיא איז, דען זיא איז געווען זעהר בעקאנט אין דער שטאָט.

דאנגלאר האט גענומען א וואָגען און איז גלייך אוועק אהין. ווען ער איז אריין אין דיא באנק, איז גלייך נאך איהם א מאן אויך אריינגעקומען אהין. דאנגלאר האט גע־פרעגט אויף דעם באנקיר און איין ארט לאקיי האט איהם אריינגעפיהרט אין אנאנדער צימער.

אין דעם ערשטען צימער איז געזעסען א שרייבער און אָן א זייט איז געזעסען דער מאָן.

ווען דאנגלאר איז אריין צום באנקיר האט דער שרייבער אוועקגעלייגט דיא פעדער און האט זיך געווענט צו דעם מאָן.

— אָה, דאס ביסטו פּעפּינאָ?

— דו זעסט דאך. האט דיזער מיט א שמייכעל געענטפערט.

— האסטו שוין עפּעס דערשמעקט ביי דעם גראָבען מאָן, וואָס איז ערשט אריינגעגאנגען.

— ביי דיזען האט מען ניט געדארפט שמעקען, מען האט אונז אָנגעזאָגט, אז ער האט דיא מטבעה.

— אלזאָ ווייסטו צו וואָס ער איז אהער געקומען.

— א פראַגע. ער קומט נאך געלד; יעצט דארף מען נאר וויסען וויפעל.

— דאס קען איך דיר באלד זאגען, מיין פריינד.

— זעהער שיין, אָבער זאלסט מיר ווייטער ניט געבען קיין פאַלשע אויסקונד־שאפט וויא יענעם מאָל.

— רעדסטו פון יענעם ענגלענדער, וועלכער האט ארויסגעטראָגען פון דאַנען דריי טויזענד דוקאטען?

— אָה, ניין, ביי דעם האבען מיר געפונען ריכטיג, אָבער ביי דעם רוסישען פּרינץ האבען מיר נאר געפונען צוויי און צוואנציג טויזענד אַנשטאָט צוויי און דרייסיג, וויא מען האט אָנגעגעבען.

— איהר האָט מסתמא שלעכט געזוכט.

— לוגי האמפּא זוכט אליין.

דער שרייבער איז דערויף אריינגעגאנגען אין אנדערן צימער און איז באלד גע־קומען צוריק.

— עס איז א מטבעה! האט דער שרייבער געזאָגט.

— אודאי פינף מיליאָן, ניט אמת?

— יא; פון וואַנען ווייסטו עס?

— און אודאי נאך אויף א רעסיט פון גראף מאָנטע קריסטאָ?

— גאנץ ריכטיג! האט דער שרייבער אויסגערופען, אָבער פון וואנען ווייסטו עס?

— וויל מען האט אונז דאס פריהער אָנגעזאגט.

— היינט צו וואס האסטו עס ביי מיר געפרעגט?

— אום צו זיין זיכער, אויב דאס איז דער ריכטיגער מאַן, אויף וועלכען מען האט אָנגעצייגט.

— רוהיג! אָט קומט אונזער מאַן.

דאנגלאר איז ארויסגעקומען און זיין פּנים האט געגלאנצט פאר פרייד. ער איז אריינגעשפּרונגען אין וואָגען וויא א יונגער מאַן און האט געהייסען פאָהרען אין האָטעל. ווען ער איז געווען אין דערהיים האט ער זיך איבערלייגט וואָס ער זאל טאָן. עס איז ביי איהם געבליעבען, אז ער זאל פאָהרען אין ווענעדיג און דארטען זאל ער זיך בעזעצען.

ער האט געהייסען פּאסטריני, אז ער זאל איהם בעזארגען אויף מאָרגען פריה א וואָגען מיט פערד אויף אוועקצופאָהרען.

וויא דיא זאך האט זיך געמאכט, אנשטאָט צעהן א זייגער אין דער פריה, איז ערשט דער וואָגען אָנגעקומען אויף מאָרגען דריי א זייגער נאך דיענער. און ער איז ארויסגעפאָהרען נאך דריי.

דאנגלאר איז געשמאַק איינגעשלאָפען אין וואָגען, און ווען ער האט זיך אויפגע־כאפּט איז שוין געווען דונקעל אין דרויסען. ער האט א קוק געטאָן אין דרויסען, און אנשטאָט א פאָסט, וואס ער האט גערעכענט צו זעהען, האט ער געזעהען א וויסטע געגענד מיט גרויסע בערג.

דער געוועזענער באנקיר איז פערוואונדערט געוואָרען דעריבער. ער האט אויפ־געמאכט דיא טהירל פון וואגען און האט געוואלט פרעגען וואו ער געפינט זיך דא.

— נעם צו דעם קאָפּ! האט זיך דערהערט א שטרענגע שטימע.

**דאנגלאר** האט שנעל אריינגענומען זיין קאָפּ צוריק אין וואָגען. ער האט ניט געקענט פערשטיין וואס דאס זאל בעדייטען. ער האט א קוק געטאָן אין דיא פענסטער און האט געזעהען וויא צווי רייטער פאָהרען נאך דעם וואָגען. א קאלטער שווייס איז איהם ארויס אויפ׳ן געזיכט.

— איך בין ארעסטירט, האט ער זיך געזאגט. מען האט אהער טעלעגראפירט פון פאריז. ער האט זיך אריינגעווארפען צוריק אין וואָגען און האט זיך פערטראכט. עס איז ביי איהם גאר קיין ספק ניט געווען, אז מען פיהרט איהם יעצט צוריק אין רוים.

ער האט א קוק געטאָן נאך א מאָל אין פענסטער, און ער האט געזעהען, אז מען פיהרט איהם ניט צוריק אין שטאָט.

אָה, אונגליק! האט ער געמורמעלט, מען פיהרט מיך ניט צוריק אין שטאָט, דאן האט מען מיך ניט ארעטירט פון געריכט.... איז עס אפשר....

דיא האָר האבען זיך איהם געשטעלט קאפויר ביי דעם איינציגען געדאנקען.

ער האט זיך דערמאָנט אָן דיא געשיכטע מיט דיא רוימישע רויבער וועגען וועל־כער אלבערט האט דערציילט פאר מאדאם דאנגלאר און עזשעניען.

— פיעלייכט זיינען דאס גנבים! האט ער געמורמעלט.

פלוצלונג האט זיך דער וואָגען אָפּגעשטעלט. באלד האט מען אויפגעמאכט דיא טהירל און מען האט איהם געהייסען ארויסשטייגען. דאנגלאר איז ארויסגעשטויגען און האט זיך ארומגעקוקט. ער האט זיך געפונען אין דיא רואינען פון הינטער רוים. פיער מאן האבען איהם ארומגערינגעלט און מען האט איהם געהייסען גיין.

דער גאנג האט געדויערט איבער צעהן מינוטען, און א טיעפער שווייגען האט געהערשט צווישען אלעמען. דאנגלאר איז געווען אזוי צושראָקען און צוטומעלט, דאס דער האלז איז איהם געווען וויא צוגעשנירט און ער האט ניט געקענט אויסריידען א וואָרט. זיי זיינען דורכגעגאנגען פיעלע היילען און אונטערערדישע קארידאָרען, ביז זיי זיינען צוגעקומען צו איין האָל. דארטען האט זיך געפונען לוגי וואמפא.

— א גוטער פאנג, אטאמאן, א גוטער פאנג, האט צו איהם פעפינאָ געזאגט.

און אָננעמענדיג דאנגלאר׳ן פאר׳ן קאָלנער פון זיין ראָק האט ער איהם צוגע־שטופט צו לוגי וואמפא.

— איז דאס דער מאן? האט ער געפרעגט.

— ער זעלבסט, אטאמאן, ער זעלבסט.

— זעהר גוט, צייגט מיר איהם.

— אויף דיזען פּראָסטען בעפעהל, האט פעפינאָ אזוי נאָהענט צוגערוקט דעם פלאקער צו דאנגלאר׳ס פנים, דאס דיזער האט זיך געגעבען א וואָרף צוריק, אז ער זאל ניט פערברענען דיא אויגען. זיין געזיכט איז געווען פערצעהרט און ער האט אויסגעזעהען וויא א לעבעדיגער מת.

— פיהרט איהם אריין אין זיין צימער, האט לוגי וואמפא געזאגט.

דער באנקיר האט ארויסגעלאָזען א שטומען קרעכץ און איז מיטגעגאנגען מיט זיין בעגלייטער. מען האט איהם ארויפגעפיהרט אין איין ארט צימער. דער צימער איז געוועזען ליידיג, נאר אין א ווינקעל האט זיך געפונען א בעטעל מיט שטרוי.

דער פיהרער האט איהם אריינגעשטופט אין צימער און האט פערשלאָסען דיא טהיר.

דאנגלאר האט זיך א וואָרף געטאָן אויפ'ן בעטעל און ער איז געוועזן צופריעדען, וואס מען האט איהם נאך געלאזען לעבען. אז דיא באנדיטען האבען איהם ניט געוואלט בעגנבנען, איז איהם געוועזן קלאָר פון דעם, וואס מען האט פון איהם קיין זאך ניט צו־גענומען. ער האט זיך דערמאָנט, אז אלבערט מאָרסערף האט זיך אויך אויסגעלייזט מיט געלד, און ביי איהם איז קיין ספק ניט געווען, אז מען וויל פון איהם אויך אויס־לייזגעלד. מאָרסערף האט זיך אויסגעלייזט מיט אכט און פערציג טויזענד פראנק, וועט איהם אויך געוויס ניט קאָסטען מעהר. וועט איהם נאך בלייבען צוויי טויזענד פראנק געלד אויסער דיא פינף מיליאָן. מיט דעם וועט ער שוין קענען מאכען א לעבען.

און ביי דיזען געדאנקען איז ער פעסט איינגעשלאָפען.

29טער קאַפּיטעל.

## לוגי וואַמפּאַ'ס שפּייזע קאַרטע.

ביי יעדען שלאָף איז דאָ איין אויפוואכען. דאנגלאר האט זיך אויפגעכאפּט.

פאר א פאריזער באנקיר, וועלכער איז געוויינט געווען צו ליגען איז זייד און אין סאמעט און אין וועמעס צימער עס האט געשמעקט מיט דיא בעסטע פּארפומע, איז געווען ניט אזוי געשמאק צו געפינען זיך ביין אויפכאפּען אין א הייל און צו ליגען אויף שטרוי.

דאנגלאר האט זיך ארומגעטאפּט און ער האט געזעהען, אז קיין זאך פעהלט ביי איהם ניט.

— זאָנדערבארע באנדיטען! האט ער געמורמעלט, זיי האבען מיר אלעס געלאָזען, אפילו דעם זייגער אויך. יעצט איז זיכער, אז זיי ווילען אויסלייזגעלד.

דאנגלאר האט געווארט, אז מען זאל אריינקומען צו איהם און ער זאל פרעגען וואס מען וויל פון איהם. ער האט געווארט ביז מיטאָג. אין דיזער צייט האט זיך אומגע־ביטען דיא וואכע לעבען טהיר. ער האט געוואָלט זעהען ווער עס שטייט לעבען זיין טהיר. ער איז צוגעגאנגען צו דער טהיר און האט א קוק געטאָן אין קליינעם לאָך. פון יענער זייט טהיר איז געזעסען א באנדיט און האט געטרונקען שנאפּס און האט געגעסען שווארצען ברויט מיט ציבעלעס.

— פוי! האט ער אויסגערופען, ווען ער האט דערשמעקט דיא ציבעלעס, און איז צוריקגעשפּרונגען אין ווינקעל פון זיין צעלע.

אין א פּאָר שטונדען ארום איז געקומען אנאנדער וואכע. דאנגלאר האט ווידער א קוק געטאָן אין לאָך.

דיזער באנדיט איז געווען א וואהרער ריעז און האט אויסגעזעהן שרעקליך ווילד.

— אָה! אָה! האט דאנגלאר געזאגט, דיזער זעהט אויס וויא א וואהרער מענ־שענפרעסער, אבער איך בין אלט און גראָב; איך טויג ניט צום עסען.

וויא מען זעהט, האט נאך דאנגלאר געהאט חשק צום שפּאסען.

און אזוי וויא אום צו בעווייזען, אז ער איז ניט קיין מענשענפרעסער. האט זיך דער באנדיט אוועקגעזעצט עסען דאס זעלבע וואס דער ערשטער האט געגעסען.

— דער טייוועל זאל מיך נעמען, ווען איך פערשטיי וויא מענשען קענען עסען אזא מיסט, האט דאנגלאר געברומט. און ער איז געגאנגען זיך זעצען אויף זיין בעט אום ניט צו הערן דעם שלעכטען גערוך.

אבער דער הונגער האט פיינט צו שפאסען און דאנגלאר האט אנגעפאנגען צו פיהלען א קיצלען אין מאגען. ער איז צוגעגאנגען צום טהיר און האט געקוקט וויא יענער עסט. דער ברויט האט איהם שוין ניט אויסגעזעהען אזוי שווארץ, דיא ציבעלעס האבען שוין ניט אזוי געשמעקט, און דער מאן איז שוין ניט געווען אזוי העסליך. ער האט זיך אויפגעהויבען און האט אנגעקלאפט אין טהיר. דער באנדיט האט אויפגעהויבען דעם קאפ.

— וואס איז דארטען? האט ער געפרעגט.

— הערט נאר, הערט נאר, פריינד, האט דאנגלאר געזאגט באראבאנענדיג מיט דיא פינגער אן טהיר, עס שיינט מיר, דאס עס איז שוין צייט, אז מען זאל קלערן ארום מיר אויך מיט'ן עסען.

אויב דער ריעז האט פערשטאנען אדער ער האט ניט פערשטאנען, דאס איז א פראגע, אבער אז ער האט אנגעפאנגען רוהיג וויטער צו עסען, איז געווען קלאר.

דאנגלאר האט זיך געפיהלט בעליידיגט אין זיין שטאלץ און ער האט ניט געוואלט זיך מעהר מיאוס מאכען מיט דעם נפש. ער האט זיך אוועקגעזעצט צוריק אויף זיין בעטעל און האט געשוויגען.

נאך פיער שטונדען זיינען אוועקגעגאנגען; דער ריעז איז געווען אפגעלייזט דורך אנאנדער באנדיט. דאנגלאר האט שוין ניט געקענט פערטראגען דעם הונגער. ער איז צוגעגאנגען צו דער טהיר און האט אריינגעשטופט דעם פנים אין לאך פון דער טהיר. ער האט דערקענט אין דעם באנדיט זיין פיהרער.

עס איז טאקע געווען פעפינא, וועלכער איז זיך גאנץ רוהיג געזעסען אויף דער ערד און האט געהאלטען צווישען דיא פיס א פאן און האט פון דארטען געגעסען א פיינעם בראטען. לעבען דער פאן איז געשטאנען א קליינער קארב מיט טייערע וויינטרייבען און א גוטע פלאש וויין.

ווען דאנגלאר האט דערזעהען דיזען דינער איז איהם ארויס שפייעכטס פון מויל. ער האט זיך ניט איינגעהאלטען און האט אנגעקלאפט אין טהיר.

— איך קום גלייך, האט פעפינא געזאגט אין פראצויזיש; ער האט זיך אויפ-געהויבען און האט אויפגעמאכט דיא טהיר.

— זאגט מיר, ליעבער פריינד, קריעג איך גארניט צו עסען?

— וואס הייסט! האט פעפינא אויסגערופען, האט אייער עקסעלענץ אפשר הונגער?

— שיינער אפשר, האט דאנגלאר געמורמעלט; עס איז שוין פיער און צוואנציג שטונדען, וויא איך האב ניט געגעסען. געוויס האב איך הונגער.

— און אייער עקסעלענץ וויל עסען?....

— טאקע גלייך, ווען עס איז מעגליך.

— עס גיבט קיין ליטעראַרישע זאַך וויא דאַס, האָט פּעפּינאַ געזאָגט. דאָ קריעגט מען אַלעס: פאַר בעצאַהלט, נאַטירליך.

— עס פארשטייט זיך! האָט דאַנגלאַר אויסגערופען. כאָטש ווען מען אַרעסטירט איינעם, דאַרף מען איהם געבען עסען.

וואָס וועט איהר עסען? האָט איהם פּעפּינאַ געפרעגט.

— האָט איהר דען דאָ אַ קיך? האָט דער באַנקיר געפרעגט.

— אויב מיר האָבען אַ קיך? איין אויסגעצייכענטע קיך מיט קאָכער'ס!

— וועל! דאַן גיט מיר עוף, פיש, ווילדבראַטען, וואָס ניט איז, אַבי איך זאָל עסען.

— וויא איהר ווילט, עקסעלענץ. אַלזאָ, מיר וועלען זאָגען אַ הינדעל, ניט וואָהר?

— זאָל זיין אַ הינדעל. פּעפּינאָ האָט זיך אויפגעהויבען און האָט געשריען מיט אַלע כחות:

— אַ הינדעל פאַר זיין עקסעלענץ!

פּעפּינאָ'ס שטימע האָט נאָך ניט פערהילכט, וויא אַ שיינער קאָקיי איז ערשיענען און האָט געבראַכט אַ הינדעל אויף אַ זילבערנע פּלאַטע.

— איך וואָלט געקענט גלויבען, אַז איך געפין זיך יעצט אין „קאַפע דע פּאַריז", האָט דאַנגלאַר געמורמעלט.

— אָט איז דיא הינדעל, עקסעלענץ, האָט פּעפּינאָ געזאָגט צונעמענדיג ביי דעם יונגען באַנדיט דיא פּלאַטע און אוועקשטעלענדיג זיא לעבען דאַנגלאַר'ן.

דאַנגלאַר האָט געבעטען אַ מעסער און גאָפּעל.

— אָט האָט איהר עס, עקסעלענץ, האָט פּעפּינאָ געזאָגט, דערלאַנגענדיג דאַנגלאַר'ן אַ קליינעם מעסער מיט אַ גאָפּעל.

דאַנגלאַר האָט גענומען שניידען דיא עוף.

— פערצייהט, עקסעלענץ, האָט פּעפּינאָ געזאָגט אַרויפלייגענדיג דיא האַנד אויף דאַנגלאַר'ס אָרעם. דאָ צאָהלט מען איידער מען עסט, דען אַרויסגייענדיג קען מען ניט זיין צופריעדען.

— עס איז ניט אַזוי וויא אין פּאַריז, האָט דאַנגלאַר געזאָגט. אָט האָט איהר אייער געלד. ער האָט אַ וואָרף געטאָן אַ גאָלד שטיק און האָט זיך ווייטער גענומען שניידען.

— איין מאָמענט, עקסעלענץ, האָט פּעפּינאָ געזאָגט, איין מאָמענט. אייער עקסעלענץ איז מיר נאָך עפּעס שולדיג.

— וואָס ווילט איהר נאָך מעהר פאַר דער שטיקעל הינדעל?

— אייער עקסעלענץ האָט מיר איינגעצאָהלט צוואַנציג פראַנק.

— אַ גאָלדשטיק פאַר אַ הינדעל איז ערשט איינגעצאָהלט?

— געוויס. איהר זייט מיר נאָך שולדיג ניין הונדערט טויזענט ניין הונדערט אַכציג פראַנק.

דאַנגלאַר האָט אויסגעגלאָצט אַ פּאָר שרעקליכע אויגען ביי דיזען גוואַלטיגען שפּאַס.

— אַזאַ שפּאַס האָב איך נאָך אין מיין לעבען ניט געהערט, האָט ער געמורמעלט.

און ער האט זיך ווייטער גענומען שניידען דיא הינדעל. אָבער פּעפּינאָ האט איהם ווייטער ארויפגעלייגט דיא האנד אויפ'ן אָרעם.

— וואָס! איהר לאכט ניט? האט דאנגלאר געזאָגט.

— מיר לאכען קיין מאָל ניט, עקסעלענץ, האט פּעפּינאָ געזאגט מיט איין ערנ־סטען טאָן.

— וויא! הונדערט טויזענד פראנק פאר א הינדעל?

— עקסעלענץ, עס איז ניט צו גלויבען וויא שווער עס קומט אונז אָן צו קריגען אין דיזע היילען א געבראָטענע הינדעל.

— ווייס איך וואָס, גענוג צו שפּאסען, איך האב הונגער. נאט אייך נאך א גאָלד־שטיק, מיין פריינד.

— וועל! דאס מאכט יעצט מיט פערציג פראנק וויינינגער דיא רעכענונג, האט פּעפּינאָ געזאגט מיט א רוהיגע מינע אריינלייגענדיג דעם גאָלדשטיק אין פּאקעט. יעצט גיט דיא איבריגע.

— אָה, אזוי! האט דאנגלאר געזאגט אין בעס ווערענדיג, גייט צום טייפעל; איהר ווייסט ניט מיט וועמען איהר האט צו טאָן.

פּעפּינאָ האט געגעבען א צייכען און דער לאקיי האט צוגענומען דיא הינדעל פון אונטער דאנגלאר'ס נאָז. דאנגלאר האט זיך אנידערגעלייגט אין זיין בעט און פּעפּינאָ איז ארויסגעגאנגען און האט פערשלאָסען דיא טהיר. דאן האט ער זיך ווידער געזעצט רוהיג עסען.

דאנגלאר האט ניט געקענט זעהען וואָס פּעפּינאָ טוט, אָבער ער האט גאנץ דייטליך געהערט וויא ער האט געריבען מיט דיא ציינער וויא א וואָלף.

— פרעסער! האט דאנגלאר געברומט.

פּעפּינאָ האט זיך געמאכט ניט הערענדיג און האט זיך גאנץ רוהיג געקייט ווייטער.

דאנגלאר האט געפיהלט. אז זיין מאָגען רייסט איהם. ער האט געוואַרט נאך א האלבע שעה, אָבער מעהר האט ער שוין ניט געקענט אויסהאלטען. ער האט זיך אויפ־געהויבען און האט ווייטער געקלאפּט אין טהיר.

— זאָגט נאר, וואס דארפט איהר מיך לאנג קוועלען, זאָגט מיר גלייך וואס איהר ווילט פון מיר?

— אָבער. עקסעלענץ, זאגט בעסער וואס איהר ווילט פון אונז.... גיט אייער בעפעהל, ער וועט גלייך אויסגעפיהרט ווערן.

— עפענט פריהער אויף דיא טהיר. פּעפּינאָ האט זיא אויפגעמאכט.

— וואָס איך וויל? איך וויל עסען! האט דאנגלאר געזאָגט.

— וואָס וויל אייער עקסעלענץ עסען?

— א שטיקעל טרוקענע ברויט, ווייל דיא הינדלעך זיינען אויסער פרייז אין דיזע פערפלוכטע היילען.

— האלאָ! ברויט! האט פּעפּינאָ געשריען. דער יונגער מאַן האט געבראכט ברויט.

— אָט איז ברויט, האט פּעפּינאָ געזאגט צו דאנגלאר'ן.

— וואָס קאָסט? האט דאנגלאר געפרעגט.
— ניין הונדערט טויזענד, ניין הונדערט און אכציג פראנק.
— וויא! פאר א ברויט הונדערט טויזענד פראנק?
— הונדערט טויזענד פראנק, האט פעפינאָ געענטפערט.
— אָבער איהר האט דאָך ביי מיר געבעטען פאר א הינדעל דיזע סומע!
— אלעס וואס מען עסט ביי אונז קאָסט הונדערט טויזענד פראנק; מען קען עסען וואס מען וויל.
— מאכט קיין שפאס ניט, זאגט גלייך, אז איהר ווילט מיך פערהונגערן.
— ניין, עקסעלענץ, איהר אליין ווילט זיך פערהונגערן; צאָהלט און עסט.
— מיט וואס צאָהלען, פערדאמטער הונד! האט דאנגלאר אויסגערופען ארויס־גייענדיג פון דיא כלים. גלויבסטו, אז עס וועלגערן זיך ארום הונדערט טויזענד פראנק שטיקער אין דיא פאקעטס?
— איהר האט פינף מיליאָן, פופציג טויזענד פראנק אין אייער פאקעט, עקסע־לענץ, האט פעפינאָ געזאָגט; דאס מאכט פופציג און א האלב הינדלעך.
דאנגלאר האט געשווידערט; דיא אויגען האבען זיך איהם יעצט געעפענט. עס איז געווען א שפאס, אָבער א שפאס וועלכען ער האט פערשטאַנען.
— אָבער ווען איך וועל אייך געבען דיא הונדערט טויזענד פראנק, וועל איך כאָטש האָבען זאט צו עסען? האט דאנגלאר געפרעגט.
— גאנץ געוויס, האט פעפינאָ געענטפערט.
— אָבער וויא זאָל איך זיי געבען?
— גאנץ איינפאך; גיט אהער און מען וועט אייך ברייננגען אויסגאָב. איהר קענט אונז טרויען, דען ווען מיר וואלטען וועלען צונעמען ביי אייך אייער געלד מיט געוואלט, וואָלטען מיר עס געטאָן אָהן צערעמאָניעס.
— אָט האט איהר א באנק בילעט אויף א מיליאָן, האט דאנגלאר געזאָגט ארויסנעמענדיג פון בוזעם פאקעט א באנק בילעט.
— און אָט איז אייער הינדעל.
דאנגלאר האט זיך גענומען צום עסען און פעפינאָ איז ארויסגעגאנגען מיט'ן געלד.

30טער קאפיטעל.

## דיא פערציייהונג.

אויף מאָרגען האט דאנגלאר ווידער געהאט הונגער. פון דעם נעכטיגען עסען האט ער בעהאלטען א שטיקעל ברויט, אָבער ער האט ניט געקלעקט אויף לאנג. און דערצו האט ער פערגעסען נאך א זאך: דעם דורשט. ער האט א צייט געקעמפפט געגען איהם, אָבער ווען זיין צונג האט זיך שוין אָנגעפאנגען צו קלעפען צום גומען, האט ער שוין ניט געקענט אויסהאלטען און האט אָנגעקלאפט אין טהיר. פעפינאָ האט איהם ווידער אויפגעמאכט.
— אָט בין איך, עקסעלענץ, וואס ווינשט איהר?
— צו טרינקען, האט דער געפאנגענער געזאָגט.

— עקסעלענץ, איהר ווייסט, אז דער וויין איז אויסער פרייז ביי אונז.

— דאן גיט מיר וואסער, האט דאנגלאר געזאָגט.

— אָה, עקסעלענץ, וואסער איז נאך טייערער; הייגטיגער יאָהר איז זעהר א טרוקענער.

— זעהט, ליעבער פריינד, האט דאנגלאר געזאָגט, וועלכער האט נעפרופט שמייכלען, גיט מיר א גלאָז וויין; איהר וועט עס מיר דאך ניט ענטזאגען?

— איך האב אייך דאך שוין געזאָגט, עקסעלענץ, אז מיר פערקויפען ניט אויפ'ן גלאָז, האט פעפינאָ געזאגט מיט א וויכטיגער שטימע.

— וועל! גיט מיר אלזאָ א פלאַש, און ניט קיין טייערן.

— אלע ווייגען זיינען ביי אונז איין פרייז.

— וויא טייער זיינען זיי?

— פינף און צוואנציג טויזענד פראנק א פלאש.

— זאָגט, האט דאנגלאר אויסגעשריען מיט איין איבערמענשליכע שטימע, זאָגט, אז איהר ווילט מיך אין גאנצען ארומרייסען, און צאפט פון מיר ניט ביסלעבווייז.

— עס קען זיין, האט פעפינאָ געזאָגט, אזוי איז דער בעפעהל פון דעם בעל הבית.

— קען איך איהם זעהען? איך וויל איהם זעהען.

— דאָס איז ניט שווער.

אין א ווילע ארום איז אריינגעקומען לוגי וואמפא.

— וואָס פערלאנגט איהר פון מיר? האט ער געפרעגט דעם געפאנגענעם.

— זייט איהר דער העדר איבער דיא פערזאָנען, וועלכע האבען מיך אהער געבראכט?

— יא, עקסעלענץ, איך בין עס.

— וויפיעל פערלאנגט איהר פון מיר אויסלייז געלד?

— גאנץ איינפאך, דיא פינף מיליאָן, וועלכע איהר האט ביי זיך.

דאנגלאר האט דערפיהלט א שרעקליכען ברענען אין הארצען.

— איך האב ניט מעהר וויא דאס אויף דער וועלט, מיין העדר, און דאס איז דער רעסט פון א גרויסען פערמעגען; ווען איהר ווילט עס ביי מיר צונעמען, נעמט ביי מיר בעסער צו דעם לעבען.

— מען האט אונז פערבאָטען צו נעמען אייער לעבען, עקסעלענץ.

— און ווער האט עס אייך פערבאָטען, איהר זייט דאך דער העדר פון דאנען?

— איך בין דער העדר פון דיזע פערזאָנען, אבער עס איז דאָ א העכערער איבער מיר.

— און וואָס איז זיין ציעל?

— דאס וויים איך ניט.

— אָבער מיין בייטעל וועט דאך ליידיג ווערן.—עס קען זיין.

— זעהט, ווילט איהר א מיליאָן?—ניין.—צווי מיליאָן?—ניין.

— דריי?.... פיער?.... זעהט, פיער? איך וועל זיי אייך געבען מיט דער בעדינגונג, אז איהר זאלט מיך לאָזען פריי.

— צו וואָס דארפט איהר אונז אָנבאָטען פיער מיליאָן פראנק, וואס איז ווערטה פינף? האט לוגי וואמפא געזאָגט; מיר מאכען ניט אזא האנדעל.

- נעמט צו אין גאנצען! נעמט צו אין גאנצען! זאָג איך אייך, און טויטעט מיך! האט דאנגלאר אויסגעשריען.

— צו וואס דארפט איהר זיך אָפּעסען דיא הארץ, עקסעלענץ; דאס שארפט אייער אפּעטיט און איהר וועט פערצעהרען א מיליאָן א טאָג. זייט דאָך פערנינפטיג, צום טייוועל!

— און ווען איך וועל מעהר ניט האבען קיין געלד? האט דאנגלאר אויסגערופען א פערסאָפּעטער.

— וועט איהר זיין הונגעריג.

— איך וועל זיין הונגעריג? האט דאנגלאר געזאגט שווידערנדיג.

— אָבער איהר זאגט דאך, אז איהר ווילט מיך ניט טויטען?—ניין.

— און איהר ווילט מיך לאָזען שטארבען פאר הונגער?

— דאס איז ניט דיא זעלבע זאך.

— וועל! ניעדערטרעכטיגער! האט דאנגלאר געשריען, איך פערשטיי אייער לומדפינע רעכנונג; שטארבען פאר שטארבען! איהר קענט מיך מאכען ליידען, איהר קענט מיך מארטערן, הארגעט מיך, אבער איהר וועט פון מיר ניט האבען דיא אונטערשריפט אויף מיינע בילעטען.

דאנגלאר האט זיך אריינגעווארפען אין בעט קרעכצענדיג. וואס זיינען דאס געווען פאר א מענשען? וואָס איז זייער ציעל? ווער איז דער בעהאלטענער הערר? וואס האבען זיי פאָר מיט איהם? און פאר וואס קען זיך יעדער מענש אויסקויפען און ער ניט? אָה! געוויס, א שנעלער און זיכערער טויט איז נאר דער איינציגער מיטעל זיך נוקם צו זיין אָן זיינע פיינד, וועלכע שיינען צו האנדלען געגען איהם נאָר אוים ראכע. יא, אָבער שטאַרבען!

דעם ערשטען מאָל אין זיין לעבען האט דאנגלאר יעצט געווינשט צו שטאַרבען און צוגלייכער צייט אויך מורא געהאט פאר'ן טויט. ער איז יעצט געווען אין דער לאַגע פון א ווילדער חיה, וועלכע ווערט געיאָגט און געפינט זיך אין פערצווייפלונג און רעטעט זיך אמאָל דורך דיזער פערצווייפלונג.

דאנגלאר האט געקלערט ארום ענטלויפען. אבער דיא פעלזען פון דער הייל זיינען געווען גראָב און ארום זיין איינציגער טהיר האבען זיך געוויזען שאַ ענם מיט ביקסען.

זיין ענטשלוס ניט אונטערצושרייבען דיא בילעטען האט געדויערט צוויי טעג און דאן האט ער אָנגעבאָטען א מיליאָן, אז מען זאל איהם געבען צו עסען. מען האט איהם געגעבען צו עסען און ער האט ארויסגעגעבען א מיליאָן.

פון דיזער צייט אָן האבען זיך אָנגעפאנגען זיינע שרעקליכסטע ליידען. ער האט ניט געוואלט ארויסגעבען דאס געלד און האט געגעבען נאר דאָ, ווען ער האט געפיהלט, אז ער גייט שוין אוים. אזוי זיינען אוועקגעגאנגען צוועלף טעג. ער האט דאן געמאכט א רעכענונג, און ער האט זיך ארומגעקוקט, אז פון זיין גאנצען קאפּיטאל איז איהם מעהר ניט געבליעבען וויא א פופציג טויזענד פראנק.

יעצט האט ער גענומען דעם פערצווייפעלטען ענטשלוס בעסער צו שטארבען פון הונגער איידער אוועקצוגעבען דיא לעצטע פופציג טויזענד פראנק. ער האט שוין דריי טעג ניט געגעסען און זיין מוח האט זיך איהם שוין אנגעהויבען צו מיש'ן. ער האט בעקומען היץ געדאנקען און אין זיי פלעגט ער זייער אפט זעהען א גרייז גרויען מאן אין א קליינעם צימער שטארבענדיג פאר הונגער. דער אלטער מאן איז געשטארבען פון הונגער וויא ער. דאס איז געווען דער אלטער דאנטעס.

אויפ'ן פערטען טאג איז ער מעהר ניט געווען קיין מענש, ער איז געווען א לעבעדיגער מת. ער האט אויפגעגעסען אלע ברעקלעך וואס איז געבליעבען פון זיין עסען און ער האט שוין געגריזעט דיא ראגזשע פון זיין בעט. דאן האט ער געבעטען רחמים ביי פעפינא, אז ער זאל איהם געבען א שטיקעל ברויט פאר טויזענד פראנק.

פעפינא האט איהם ניט געענטפערט.

אויפ'ן פינפטען טאג האט ער זיך צוגעשלעפט צו דער טהיר. דארטען איז ער געפאלען מיט'ן פנים צו דער ערד. דאן האט ער זיך מיט דער לעצטער קראפט אויפגעהויבען.

— וואו איז דער העדר! האט ער געשריען, וואו איז דער העדר!

— אט בין איך! האט וואמפא געזאגט, וועלכער איז פלוצלונג ערשיענען, וואס ווינשט איהר נאך?

— נעמט צו מיין לעצטעס געלד, האט דאנגלאר געמורמעלט דערלאנגענדיג איהם זיין טייסטער, און לאזט מיך לעבען דא אין דיזער הייל; איך בעט מעהר ניט דיא פרייהייט, איך בעט נאר צו לעבען.

— ליידעט איהר דען זעהר? האט וואמפא געפרעגט.

— אה, יא, איך לייד שרעקליך!

— פון דעסטוועגען איז דא מענשען, וועלכע האבען מעהר געליטען פאר אייך.

— דאנגלאר האט זיך דערמאנט אן דעם אלטען דאנטעס, וועלכען ער האט געזעהען דורכ'ן פענסטער קרעכצענדיג אויף זיין בעט. ער האט געקלאפט מיט'ן קאפ אן דער ערד און האט געקרעכצעט.

— יא, עס איז אמת, עס גיבען אזעלכע, וועלכע האבען מעהר געליטען פאר מיר, אבער דיזע זיינען דאך וויינינגסטענס געווען מארטירערס.

— האט איהר וויינ'גסטענס חרטה? האט געזאגט א פינסטערע און פייערדיגע שטימע, פון וועלכער ביי דאנגלאר'ן האבען זיך געשטעלט דיא האר קאפויר.

זיין פערדונקעלטער בליק האט אנגעפאנגען צו זוכען ארום זיך און ער האט בעמערקט א מאן איינגעוויקעלט אין א מאנטעל, וועלכער איז געשטאנען הינטער וואמפא'ן.

— אויף וואס זאל איך חרטה האבען? האט דאנגלאר געשטאמעלט.

— אויף דיא שלעכטס, וואס איהר האט געטאן, האט געענטפערט דיא זעלבע שטימע.

— אה! יא, איך האב חרטה! האט דאנגלאר אויסגעשריען. און ער האט זיך געקלאפט מיט דיא אפגעמאגערטע קולאקעס אין דיא ברוסט.

— דאן פערצייה איך אייך, האט דער מאן געזאגט אראפווארפענדיג פון זיך דעם מאנטעל און זיך שטעלענדיג אין ליכט.

— דער גראף מאנטע קריסטא! האט דאנגלאר אויסגערופען נאך מעהר בלייך ווערענדיג.

— איהר האט א טעות; איך בין ניט גראף מאנטע קריסטא.

— ווער זייט איהר דען?

— איך בין דער, וועלכען איהר האט פערקויפט און געשענדעט; איך בין דער, וועמעס כלה איהר האט איבערגעליפערט צו אנאנדערן; איך בין דער, דורך וועמעס קערפער איהר האט זיך ארויפגעשוואונגען אויף א פערמעגען; איך בין דער, וועמעס פאטער איהר האט געבראכט צו שטארבען פון הונגער, און פון דעסטוועגען פערצייה

איך אייך: איך בין עדמאָן דאַנטעס.

דאַנגלאַר האט ארויסגעשטויסען א געשריי און איז געפאלען צו דער ערד.

— שטייט אויף, האט דער גראַף געזאָגט, איהר וועט בלייבען לעבען; אייערע צוויי חברים האבען ניט געהאט דיזען גליק: איינער איז משוגע און דער אנדערער איז טויט! בעהאַלט דיא פופציג טויזענד פראַנק וואס איהר האט, איך שיינק זיי אייך. וואָס דיא פינף מיליאָן אָנבעלאַנגט, וועלכע איהר האט צוגענומען פון דיא שפּיטאָלען, זיינען זיי שוין צוריקגעגעבען געוואָרען דורך איין אונבעקאַנטע האַנד. יעצט עסט און טרינקט; היינטיגען אבענד וועט איהר זיין מיין גאַסט.... וואַמפּאַ, ווען ערוועט זיך אָנעסען זאלט איהר איהם פריי לאָזען.

דאַנגלאַר איז געלעגען אויף דער ערד, וועהרענד דער גראַף איז אוועקגעגאַנגען. ווען ער האט אויפגעהויבען דעם קאָפּ האט ער געזעהען זיין געשטאַלט פון וויטען און וויא דיא באַנדיטען האבען זיך פאר איהם געניינט.

אזוי וויא דער גראַף האט בעפעהלען, האט מען איהם געגעבען דעם בעסטען עסען און דאַן האט מען איהם אוועקגעפיהרט אין א וואָגען און מען האט איהם אראָפּגעלאָזען אין מיטען וועג. ער איז געבליעבען אויף איין פּלאַץ ביז טאָג. ער האט ניט געוואוסט וואו ער איז.

ווען עס איז געוואָרען ליכטיג האט ער בעמערקט פון וויטען א טייך, און ער האט זיך צו איהם צוגעשלעפּט, דען ער האט געברענט פאר דורשט.

זיך איינבויגענדיג צום טרינקען, האט ער געזעהען זיין בילד אין וואסער, און ער האט בעמערקט, אז זיינע האָר זיינען געוואָרען ווייס.

31טער קאַפּיטעל.

## דער פינפטער אָקטאָבער.

עס איז געווען געגען זעקס א זייגער אבענד. דער טאָג איז געווען א שיינער און דער ים האט אָפּגעשפּיגעלט דעם שיינעם הימעל. א לייכטע שיינע שיפעל איז געגאַנגען אין דיזער צייט צום אינזעל מאָנטע קריסטאָ.

א שיינער און הויכער יונגער מאַן איז געשטאַנען לעבען באָרד פון שיף און האט געקוקט אויף דער אינזעל, צו וועלכע דיא שיף האט זיך גענעהענט.

— איז דאָס דיא אינזעל מאָנטע קריסטאָ? האט ער געפרעגט מיט א טרויעריגער שטימע.

— יא, עקסעלענץ, האט דער קאַפּיטאַן געענטפערט.

אייניגע מינוטען שפּעטער האט מען בעמערקט אויפ'ן אינזעל א בליץ פון פייער און באַלד נאָך דעם האט מען געהערט א שאָס.

— עקסעלענץ, אָט איז א סיגנאַל פון דער אינזעל, זאָלען מיר ענטפערן? דער יונגער מאַן האט געענטפערט יא.

דער קאַפּיטאַן האט גענומען א ביקס און האט אויסגעשאָסען.

מיט א קורצער צייט שפּעטער זיינען זיי געווען אויפ'ן אינזעל. ווען דער יונגער מאַן איז געווען אויפ'ן ברעג, האט זיך א האַנד ארויפגעלייגט אויף זיין אַקסעל און א שטימע האט צו איהם געזאָגט:

— א גוטען אבענד, מאַקסימיליאַן, איהר זייט פּינקטליך, איך דאַנק.

— דאָס זייט איהר, גראַף! האט מאַקסימיליאַן אויסגערופען מיט פרייד און דריי־קענדיג מיט ביידע הענד דעם גראַף'ס האַנד.

— יא, איהר זעהט דאך, איך בין אויך אזוי פּיקטליך וויא איהר. אָבער איהר זייט דאך גאַנץ נאַס. קומט, עס איז פאר אייך אָנגעגרייט א וואָהנונג, אין וועלכער איהר וועט פערגעסען אייער מידקייט און קעלט.

מאָנטע קריסטאָ האט בעמערקט וויא מאָרעל האט זיך אָפּגעקעהרט.

— איהר זוכט אודאי אייער שיף? האט איהם דער גראַף געפרעגט.

— געוויס, האט מאָרעל געענטפערט מיט איבערראַשונג, איך האב דאך נאָך ניט בעצאהלט פאר מיין רייזע, און מען האט מיך נאָך גארניט געבעטען.

— קימערט אייך ניט וועגען דעם, מאַקסימיליאַן, האט מאָנטע קריסטאָ געזאגט מיט א געלעכטער, דיא שיפען קענען מיך, און איך האב מיט זיי אָפּגעמאכט, אז פון מיינע לייט זאָלען זיי קיין געלד ניט נעמען.

מאָרעל האט בעטראַכט דעם גראַף מיט שטוינען.

— גראַף, האט ער צו איהם געזאגט, איהר זייט ניט דערזעלבער וויא אין פאריז.

— פאר וואָס? האט מאָנטע קריסטאָ געפרעגט.

— ווייל דאָ לאַכט איהר. דעם גראַף'ס געזיכט האט זיך גלייך פערפינסטערט.

— איהר האט רעכט, וואס איהר דערמאָנט מיך, מאַקסימיליאַן, האט ער געזאָגט. איך בין געוועזן דערפרייט וואָס איך האב אייך דערזעהען, און האב פערגעסען, אז דאָס גליק פערשווינט.

— אָה, ניין, ניין! גראַף! האט מאַקסימיליאַן אויסגערופען אָנכאַפּענדיג דעם גראַף'ס האנד, אין געגענטהייל, לאַכט, זייט גליקליך, דען דאס מאכט מיך אויך גליקליך. אדער מאכט איהר אפשר א פרייליכען פנים, אום מיר צו מאכען פערגעניגען?

— איהר האט א טעות, מאָרעל, האט דער גראַף געזאָגט, איך בין אין אמת'ן גליקליך.

— אלזאָ האט איהר מיך וויניג אין זינען?

— פאר וואָס?

— איהר ווייסט דאָך, אז איך וועל באלד נעמען פון אייך עווינגען אָפּשיעד.

— זייט איהר נאָך ניט געטרייסט? האט איהם מאָנטע קריסטאָ געפרעגט מיט א זאָנדערבארען בליק.

— אָה, האט מאָרעל געזאָגט מיט א ביטערן טאָן, האט איהרווירקליך געגלויבט, אז איך קען מיך טרייסטען?

— געוויס, האב איך עס געגלויבט.

— גראַף, האט מאָרעל געזאָגט מיט א ווייכע און ענטשלאָסענע שטימע, הערט מיך צו: איך בין געקומען צו אייך צו שטארבען אין דיא הענד פון א פריינד. עס געבען מענשען, וועלכע איך ליעב; איך ליעב מיין שוועסטער יוליע און איך ליעב מיין שוואָגער עמאנועל; ווען איך וועל זיי זאָגען, אז איך גיי שטארבען, וועלען זיי מיך פעריאָמערן, אָבער איהר גראַף, וועמעס וואָרט איך האב, איהר וואָס זייט מעהר וויא א מענש,— איהר וועט מיך פיהרען אין א לייכטען און זיסען טויט, ניט אמת?

מאָרעל האט אויסגעשפּראָכען דיא לעצטע ווערטער מיט אזא ענערגיע, וואָס האט געמאכט דעם גראַף שוידערן.

— מיין פריינד, האט מאָרעל פאָרטגעזעצט, ווען ער האט געזעהען, אז דער גראַף שווייגט, איהר האט מיר אָנגעגעבען דעם פינפטען אָקטאָבער.... מיין פריינד, היינט איז דער פינפטער אָקטאָבער. עס איז יעצט נייען א זייגער; איך האָב נאָך דריי שטונדען צו לעבען.

— זאָל זיין אזוי, האט דער גראַף געענטפערט, קומט.

מאָרעל איז איהם שטילערהייד נאכגעגאנגען. זיי זיינען שוין געוועזן לעבען דער הייל און מאַקסימיליאַן האט עס נאָך ניט בעמערקט. ער האט דערפיהלט קאַרפּעט אונטער זיינע פיס; א טהיר האט זיך אויפגעמאכט, א פיינער פאַרפום האט איהם ארומגעכאַפּט און א לעבעדיגע ליכט האט איהם א קלאַפּ געטאָן אין דיא אויגען. ער איז געבליעבען שטיין א צוטעמולטער. מאָנטע קריסטאָ האט איהם א לייכטען צופּ געטאָן.

— ווילט איהר ניט פערברייננגען דיא דריי שטונדען וויא א פרינץ? האט איהם מאַנטע קריסטאָ געפרעגט. מאָרעל האט געשמייכעלט.

— וויא איהר ווילט האט ער געענטפערט. דער טויט בלייבט טויט, אָדער ער איז דיא פערגעסענהייט פון ליידען. אָבער לאָמיר רעדען וויא מענער, האט ער אין א ווײלע ארום געזאגט שאַרף אָנקוקענדיג דעם גראַף.

— רעט, האט דיעזער געענטפערט.

— גראַף, האט מאָרעל פאָרטגעזעצט, איהר זייט א מאַן, וועלבער שטייט העכער פון אלע אנדערע מענשען, און עס שיינט, אז איהר זייט אראָפּגעקומען פון א פיעל געבילדעטערע וועלט וויא אונזערע.

— עס איז דאָ עפּעס אמת אין דעם, האט דער גראַף געענטפערט מיט א טרויעריגען שמייכעל. א מאָל, אין טויזענד יאָהר ארום, ווען דיא וועלט וועט זיין מעהר פאָרטגעשריטען און מען וועט ערוואַרטען דעם טויט מיט אזא לוסט וויא איהר, וועט דער טויט זיין זיס, אזוי וויא אין דיא אָרעם פון א היים געליבטע.

— און ווען איהר זאלט וועלען שטאַרבען, גראַף? וואָלט איהר אויך וועלען אזוי שטאָרבען?—יאָ.

מאָרעל האט איהם גערייכט דיא האַנד.

— יעצט פערשטיי איך, האט ער געזאָגט, פאר וואָס איהר האט מיך געבראַכט אהער אויף א קליינעם אינזעל אויפ׳ן מיטען ים און אין א אונטערערדישען פּאַלאַץ. עס איז, ווייל איהר האט מיך ליעב, ניט אמת, גראַף? עס איז, ווייל איהר ווילט מיר געבען א זיסען טויט; איך זאָל פאר׳ן טויט אייך דריקען דיא האַנד, און זאל שטאַרבען מיט וואַלענטינעס נאָמען אויף דיא ליפּען?

— יאָ, איהר האט ריכטיג געטראָפען, מאָרעל, האט דער גראַף איינפאַך געזאָגט, און אזוי מיין איך עס.

— איך דאַנק; דער געדאַנקען, אז איך וועל מאָרגען מעהר ניט ליידען מאַכט מיר זיס דיא האַרץ.

— טוט אייך גארניט באַנק?

— ניין האט מאָרעל געענטפערט.

— וועל, האט מאַנטע קריסטאָ געזאָגט, איהר ווילט עס, מאָרעל, און איהר לאָזט זיך ניט בויגען. איהר זייט זעהר אונגליקליך און איהר זאגט, אז א נס קען אייך רעטען: זעצט זיך, מאָרעל, און וואַרט.

מאָרעל האט געפאָלגט. מאַנטע קריסטאָ האט זיך אויפגעהויבען און איז צוגעגאַנגען צו א שראַנק און האט פון דאָרטען ארויסגענומען א שיינע שוואַרצע קעסטעל. ער האט זיא אוועקגעשטעלט אויפ׳ן טיש און האט זיא אויפגעשלאָסען. ער האט פון איהר ארויסגענומען א קליינע פלעשעלע מיט א גרינע מישונג. ער האט אָנגעגאָסען פון איהר א קליינע לעפעלע.

— אָט דאָס האט איהר ביי מיר געבעטען, האט דער גראַף געזאָגט צו מאָרעל׳ן, און דאָס האב איך אייך פערשפּראָכען.

— איך דאַנק אייך פון גאַנצען האַרצען, האט דער יונגער מאַן געזאָגט צונעמענדיג פון מאָנטע קריסטאָ דיא לעפעלע מיט דער מישונג.

דער גראַף האט גענומען נאָך א לעפעל און האט זיא אויך אָנגעגאָסען מיט דענזעלבען שטאָף.

— וואָס ווילט איהר טאָן, מיין פריינד? האט מאָרעל געפרעגט אָפּהאַלטענדיג דעם גראַף׳ס האַנד.

— מיין ליעבער מאָרעל, האט מאָנטע קריסטאָ געענטפערט מיט א שמייכעל, **איך בין אויך אזוי מיעד פון לעבען וויא איהר. און ווייל איך האָב יעצט דיא געלעגענהייט....**

— זאָל עס זיין וויא דו ווילסט, מיין טייערער ענגעל! האט דער גראף געזאָגט. דאַן ליעב מיך, האידעי! ווער וויס? פיעלייכט וועט מיך דיין ליעבע מאכען פערגעסען וואָס איך דארף פערגעסען.

— וואָס ווילסטו דערמיט זאָגען, מיין גנעדיגער העררר? האט דיא יונגע מיידעל געפרעגט.

— איך זאג, אז איין וואָרט פון דיר האט מיך געמאכט גליקליך. איך האב מעהר ניט וויא דיך אויף דער וועלט, האידעי; דורך דיר בינד איך מיך צום לעבען, דורך דיר קען איך ליידען, דורך דיר קען איך זיין גליקליך.

— הערסטו, וואלענטינע? האט האידעי אויסגערופען; ער זאגט, אז דורך מיר קען ער ליידען! דורך מיר, וועלכע וועט געבען איהר לעבען פאר איהם!

מאָנטע קריסטאָ האט זיך א ווילע צוזאמענגענומען.

— איך האב אלזאָ קיין טעות ניט געהאט. קום, האידעי, קום....

און אַרומנעמענדיג מיט זיין אָרעם דיא טאַליע פון דער יונגער מיידעל האט ער געדריקט וואלענטינען דיא האנד און איז ארויסגעגאנגען.

אונגעפעהר א שטונדע איז פערגאנגען, וועהרענד וועלכער וואלענטינע איז געזעסען לעבען מאָרעל'ן און האט מיט דער גרעסטער שפּאַנונג ערוואַרטעט, אז ער זאָל קומען צו זיך. באלד האט זיין קערפּער בעקומען לעבען און ענדליך האט ער אויפגעמאכט דיא אויגען און איז געקומען אין גאנצען צו זיך.

— אָה! האט ער אויסגערופען אין דער גרעסטער פערצווייפלונג, איך לעב נאָך! דער גראף האט מיך אָפּגענאַרט! און ער האט אויסגעשטרעקט דיא האנד נאך א מעסער אויפ'ן טיש.

— פריינד, האט וואלענטינע געזאָגט מיט איהר זיסען שמייכעל, וואך דאך אויף און קוק אהער.

מאָרעל האט ארויסגעשטויסען א גרויסען געשריי, און צוטומעלט און אין גרויסען צווייפעל איז ער געפאלען אויף דיא קניע....

אויף מאָרגען גאנץ פריה האבען מאָרעל און וואלענטינע געאַרמט שפּאַצירט לעבען ברעג ים. וואלענטינע האט מאָרעל'ן דערציילט וויא אזוי מאָנטע קריסטאָ איז ערשיענען אין איהר צימער, וויא אזוי ער האט איהר אלעס אויפגעדעקט, און שליסליך וויא אזוי ער האט איהר גערעטעט דעם לעבען, ווייזענדיג דער וועלט אז זיא איז טויט. פון דעם פאמיליען קבר איז זיא גלייך ארויסגעגאנגען דורך א הינטער טהיר. דאָרטען האט אויף איהר געוואַרט בעטרוציאָ און האט זיא געבראכט אהער.

גייענדיג האבען זיי בעגעגענט יאַקאָפּאָ, דעם קאַפּיטאַן פון דער שיף, וועלכע האט זיי געדאַרפט ברייגגען אהיים.

— איהר האט אונז עפּעס צו זאָגען? האט איהם מאָרעל געפרעגט.

— איך האב אייך אָפּצוגעבען א בריעף פון הערן גראף.

— פון גראף! האבען ביידע יונגע לייט געמורמעלט, און מאָרעל האט גענומען לעזען דעם בריעף:

„מיין טייערער מאקסימיליאַן,

„א שיף שטייט אויף דער אַנקער. יאַקאָפּאָ וועט אייך פיהרען אין ליוואורן, וואו הערר נוּאַרטיע ערוואַרטעט זיין איניקעל, און ער וועט איהר ווינשען גליק איידער זיא גייט צו דער האָכצייט. אלעס וואָס עס געפינט זיך דאָ אין דער הייל, מיין פריינד, מיין הויז אין שאַנזעליזע, מיין קליינער שלאָס אין טרעפּאָט,—דאס אלעס איז דער נדן, וועלכען עדמאָן דאַנטעס גיט פאר'ן זון פון זיין געוועזעם פרינציפּאל מאָרעל. פרייליין ווילפאָר וועט אזוי גוט זיין און וועט נעמען דיא העלפט דערפון, דען איך בעט זיא זעהר, אז זיא זאָל אָפּגעבען פאר דיא אָרימע פון פאריז איהר גאנצען פערמעגען, וואָס

קומט איהר צו פון איהר פאָטער, וועלכער איז משונה געוואָרן און פון איהר ברודער, וועלכער איז געשטאָרבען מיט זיין מוטער אין לעצטען סעפּטעמבער.

„וואָס אייך אָנבעלאַנגט, מאָרעל, אָט איז דער גאַנצער סעקרעט פון מיין האַנדלונג געגען אייך: עס גיעבט ניט קיין גליק און קיין אונגליק אויף דער וועלט; עס גיעבט נאָר א פערגלייך צווישען איין זאַך און דער אַנדערער, דאָס איז אַלעס. נאָר יענער, וועלכער האָט געפיהלט דעם גרעסטען אונגליק, דער קען פיהלען וואָס גליק איז. מען האָט פריהער געדאַרפט וועלען שטאַרבען, מאַקסימיליאַן, אום צו וויסען וויא גוט עס איז צו לעבען.

„לעבט אַלזאָ און זייט גליקליך, טייערסטע קינדער פון מיין הארצען, און פערגעסט קיין מאָל ניט, אז אַלע קלוגשאַפטען פון דער מענשהייט ליעגט אין דיא צוויי ווערטער:

„וואַרטען און האָפען!"

„אייער פריינד,

„עדמאָן דאַנטעס, גראַף מאָנטע קריסטאָ."

וועהרענד מאָרעל האָט געלעזען, האָט זיך וואַלענטינע שרעקליך געענדערט אין געזיכט, דען זיא האָט ניט געוואוסט דעם שיקזאַל פון איהר פאָטער, פון דיא שטיפמוטער און ברודער. גרויסע טרערן האָבען זיך ביי איהר געגאָסען פון דיא אויגען.

מאָרעל האָט געקוקט ארום זיך מיט אונרוהע.

— וואו איז דער גראַף? האָט ער יאַקאָפאָן געפרעגט. דיזער האָט אויסגעשטרעקט דיא האַנד אויפ'ן ים.

ביידע יונגע לייט האָבען געקוקט אויפ'ן ים און האָבען געזעהען פון וויטען א שיף, וועלכע איז אוועקגעגאַנגען פון ברעג.

— אוועק! האָט מאָרעל אויסגערופען; אוועק! אַדיע, מיין פריינד, מיין פאָטער!

— אוועק! האָט וואַלענטינע געמורמעלט. אַדיע, מיין פריינד, אַדיע מיין שוועסטער!

— ווער וויים אויב מיר וועלען איהם נאָך א מאָל זעהען, האָט מאָרעל געזאָגט אָפּווישענדיג דיא טרערן.

— מיין פריינד, האָט וואַלענטינע געזאָגט, האָט דער גראַף ניט געשריעבען, אז דיא גאַנצע קלוגשאַפט פון דער מענשהייט ליעגט אין דיא צוויי ווערטער:

„וואַרטען און האָפען!"

ע נ ד ע.

## א פּאָאַר ווערטער וועגען מאָנטע קריסטאָ.

ענדליך איז מאָנטע קריסטאָ געענדיגט. ענדליך האָט מאָנטע קריסטאָ דערלעבט צו זיין אין דער אידישער שפּראַך. ווען דער גרויסער פראַנצויזישער ראָמאַניסט אלכסנדר דיומא וואָלט געלעבט, וואָלט ער זיך אויך געפריים גלייך מיט אונז, וואָס זיין ווערק איז יעצט שוין אין אַלע שפּראַכען און ער געפינט זיך ביים אידישען פאָלק אויך.

ווען דער געניאַלער פערפאַסער פון מאָנטע קריסטאָ האָט איהם געשריעבען, האָט ער פריהער בערייזט דיא גאַנצע וועלט און האָט זיך אָנגעזעהען וואונדערבאַרע זאַכען צווישען דיא נאַציאָנען, וועלכע ער האָט בעזוכט. דען, אום אזא ווערק צו שרייבען דאַרף מען זיין אַ מאַן פון וויסענשאַפט און קענען גרינדליך דעם מענשליכען כאַראַקטער.

אלכסנדר דיומא האָט שטודירט דעם מענשליכען כאַראַקטער אין אַלע זיינע ערשיינונגען און ער האָט איהם פאָטאָגראַפירט אין זיין מאָנטע קריסטאָ. און ער קריטיקירט דאָרטען ניט דיא אָרימע קלאַסע, זאָנדערן הויפּטזעכליך דיא פאָרנעהמע און דיא פערטרעטער פון דער געזעלשאַפט.

זיין גאַנצער שטרעבען איז. צו וויזען ווער דיא ריכטער, דיא גראַפען און באַראָנען און איבערהויפּט ווער דיא גרויסאַרטיגע דאַמען זיינען. דערצו האָבען מיר בילדער: ווילפּאָר אלס קעניגליכער פּראָקוראָר, מאָרסערף אלס גראַף, דאַנגלאַר אלס באַראָן און מאַדאַם ווילפּאָר און מאַדאַם דאַנגלאַר אלס געזעלשאַפטליכע דאַמען. ער קריטיקירט אויך קאַדרוס'ן אלס שלעכטען אָרימען שניידער, אבער אלס פערפיהרטען פון אַנדערע און אין גרונד דאָך ניט אַזוי שלעכט. בענעדעטא אלס ווילפּאָרס זון איז אויך א טייערער כאַראַקטער פאָרגעשטעלט.

אין געגענטהייל אבער מאָרעל'ס פאַמיליע, וועלכע זיינען ניט קיין אַריסטאָקראַטען, זיינען פון איהם געמאָלען אין דיא שענסטע בילדער. עדמאָן דאַנטעס וויא זיין פאָטער זיינען פאָרגעשטעלט אלס מלאכים. דער פערפאַסער שטעלט אונז פאָר דאַנטעס'ן אלס גראַף מאָנטע קריסטאָ ניט דערפאַר, אום איהם צו מאַכען אלס פיינעם גראַף, זאָנדערן ווייל דורך דער מאַכט פון מיטעל און געלט קען דער מענש ווערן א גאָט. אין נאָר דורך דיא צוויי זאַכען האָט ער געקענט נעהמען ביטערע נקמה אין זיינע בלוטיגע פיינד. אין דעם בוך צייגט אונז דער פערפאַסער דיא שרעקליכע ליידען, וועלכע א מענש קען פערטראָגען און צו וועלכע שלעכטיגקייטען א מענש איז פעהיג. ביי דער הינריכטונג פון דעם מערדער וויזט ער אונז וויא דער מענש שטעהט אין זיינע ליידענשאַפטען נידריגער פאַר דער חיה רעה, און דער מענש, וועלכער איז געגאַנגען רוהיג אין טוידט, פאַנגט זיך אָן צו בריקענען וויא א ווילדער אָקס, ווען ער זעהט, אַז זיין אַנדערער חבר וועט ניט געטוידטעט ווערן וויא ער.

אין אַלגעמיין איז מאָנטע קריסטאָ א מייסטערווערק און שטעלט פאַר א ריכטיגען בילד פון מענשליכען כאַראַקטער.

אַזא ווערק צו זעהן אין דער אידישער שפּראַך איז א פרייד, און מיר זיינען העכסט צופריעדען וואָס אונז איז אויסגעפאַלען צו דערלאַנגען דעם אידישען לעזער דאָס ווערק, און ער זאָל אונז זיין דערפאַר דאַנקבאַר.

איך אַליין איבערזעצער קען מיט שטאָלץ זאָגען, אַז מאָנטע קריסטא איז אין דער אידישער שפּראַך בעסער וויא אין אַלע אַנדערע שפּראַכען, דען מען מוז ניט פערגעסען, אַז אַלכּסנדר דיומא איז געוועזען א פרומער קריסט און ער האָט אין דיזען זין געשריבען זיין בוך. ניט ווייל איך האָב דאָרטען צוגעגעבען העברעע גערדאַנקען, זאָנדערן וואָס איך האָב אַרויסגעוואָרפען דעם רעליגיעזען שמוץ, וועלכער האָט זיך געפונען אין דיזען ווערק. איך האָב נאַטירליך דעם פערפאַסער געמאַכט פאַר אויס קאַטהאָליק אין זיין בוך — זאָל ער מיר מוחל זיין דאָרטען אין קבר — און האָב דאָס ווערק געמאַכט לויטער וויא גאָלד. דיא אידישע ליטעראַטור האָט יעצט א פּאָלירטען דיאַמאַנט און דער לעזער — בין איך זיכער — וועט מיר זיין דאַנקבאַר פאַר מיין אַרבייט. דערפאַר וועל איך איהם באַלד נאָך מאָנטע קריסטאָ געבען נאָך א גרויסאַרטיגען ווערק און ער וועט אויך פון יענעם האָבען פערגניגען וויא פון דעם.

י. יאפפא.